ה ע נ ר י ק  ש ע נ ק ע ו ו י ט ש

# מיט פייער און שווערד

י י ד י ש :  מ ש ה  ב ל י י ש ט י פ ט




ו ו א ר ש ע  1 9 2 4

# 1. קאַפּיטל.

אין אַ געוויסער העלער נאַכט איז אויפֿן רעכטן ברעג פֿון וואָלאַדינקאַ, אין די ריכטונג פֿון דניעסטער, געפֿאָרן אַ מחנה רייטער, וואָס איז באַשטאַנען פֿון בערך צוואַנציק מאַן.

זיי זענען געפֿאָרן זייער לאַנגזאַם, כּמעט טריט ביי טריט. בראש פֿון דער מחנה, אויף אַ פּאָר צענדליק שריט אָפּגערוקט פֿון די איבעריקע, זענען געריטן צוויי פּאַרשוין, גלייך ווי זיי וואָלטען געהאַלטן די פֿאָדערשטע וואַך, זיי האָבן אָבער אַפּנים נישט געהאַט וואָס צו היטן און איבער וואָס צו וואַכן, ווייל די גאַנצע צייט האָבן זיי געשמועסט צווישן זיך און זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף די אומגעגנט — און פֿאַרהאַלטנדיק יעדע ווייל די פֿערד, האָבן זיי זיך אומגעדרייט צו דער רעשט פֿון דער מחנה, אין דעמאָלט האָט איינער פֿון זיי אויסגערופן:

— פֿאָרזיכטיק דאָרט! פֿאָרזיכטיק!

און די מחנה האָט נאָך לאַנגזאַמער זיך באַוויגן און קוים זיך גערוקט פֿאָראויס.

צום סוף, ווען די מחנה האָט זיך שוין געהאַט אַרויסגערוקט פֿון הינטערן בערגל, וועלכעס האָט זי פֿאַרשטעלט מיט זיין שאָטן, איז זי אַרויף אויף אַ שטח, וואָס איז געווען באַגאָסן מיטן ליכט פֿון דער לבנה, און דעמאָלט האָט מען געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי פֿאָרזיכטיק באַוויגן: אין דער מיט פֿון קאַראַוואַן האָבן צוויי פֿערד, וועלכע זענען געגאַנגען האַרט איינס נעבן צווייטן, געשלעפּט אַ וויגל, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו די זאָטלען, און אין וויגל איז געלעגן עפּעס אַ געשטאַלט.

די זילבערנע שטראַלן האָבן באַלויכטן איר בלייך פּנים און פֿאַרמאַכטע אויגן.

הינטערן וויגל זענען געריטן צען באַוואָפנטע מענטשן. לויט די שפּיזן און פאַנען האָט מען געקאָנט דערקענען, אַז דאָס זענען קאָזאַקן. אַ טייל האָבן געפירט אָנגעלאָדענטע פערד, אַ צווייטער טייל איז געפאָרן פריי, אָן משאות, און בעת די צוויי פאָדערשטע רייטער האָבן נישט געשענקט די מינדעסטע אויפמערקזאַמקייט דער אומגעגנט, האָבן זיי דערפאַר זיך אומרויק אומגעקוקט אויף אַלע זייטן.

אָבער די אומגעגנט איז געווען פּוסט און וויסט, ווי אַ מדבר.

די שטילקייט איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם אָפּהילך פון די פערדישע טריט און דורכן קול פון איינעם פון די צוויי פאָדערשטע רייטער, וועלכער האָט פון צייט צו צייט איבערגעחזרט זיין התראה:

— געלאַסן! פאָרזיכטיק!

צום סוף האָט ער זיך געווענדעט צו זיין באַגלייטער:

— האָרפינאַ, נאָך ווייט? — האָט ער געפרעגט.

דער באַגלייטער, וועלכן מ'האָט גערופן האָרפינאַ, און וועלכער איז אין דער אמתן גאָר געווען אַ ריזיקע מויד, אנגעטון אין קאָזאַקישע בגדים האָט אַ קוק געטון אויפן אויסגעשטערנטן הימל און געענטפערט:

— נישט ווייט. מיר וועלן אָנקומען פאַר האַלבער נאַכט. מיר וועלן פאַרבייגיין ווראַזשע-אוראָטשישטשע, מיר וועלן פאַרבייגיין דעם טאָטערישן שטח, און דאָרט איז שוין באַלד די שדים-הייל. אָ! ס'איז אַ סכנה דאָרט דורכצופאָרן נאָך האַלבער נאַכט, איידער די העגער קרייען. איך קאָן, אָבער פאַר אייך איז עס אַ סכנה, אַ סכנה!

דער ערשטער רייטער האָט געצויגן מיט די אַקסלען.

— כ'ווייס — האָט ער געזאָגט — אַז דער שד איז דיין ברודער, אָבער אַקעגן שד זענען פאַראַן עצות.

— יאָ שד, נישט שד, און קיין עצה איז נישטאָ — האָט האָרפינאַ געענטפערט. — ווען דו, סקאַל, וואָלסט געווען זוכן אויף דער גאַנצער וועלט אַ באַהעלטעניש פאַר דיין פירשטין,

וואָלסטו קיין בעסערן נישט געווען אויסגעפונען. דאָרט וועט שוין קיינער נישט דורכגיין נאָך האַלבער נאַכט, סיידן מיט מיר, און אין הייל האָט נאָך קיין לעבעדיקער מענטש זיין פוס נישט אַוועקגעשטעלט. אַז עמיצער וויל כ׳זאָל אים מאַכן כישוף, שטייט ער פאַר דער הייל און וואַרט, ביז איך גיי אַרויס. האָב דו קיין מורא נישט. עס וועלן דאָרט־אַהין נישט קומען נישט קיין ליאַכן, נישט קיין טאָטערס, קיינער נישט, קיינער נישט. די שדים־הייל איז שרעקלעך, וועסט אַליין זען.

— זאָל זי זיך זיין שרעקלעך, און איך זאָג, אַז כ׳וועל קומען, ווען איך וועל באַר וועלן.

— זע, קום ביי טאָג.

— ווען כ׳וועל וועלן. און אַז אַ שד וועט זיך מיר שטעלן אין וועג, וועל איך אים אָנכאַפּן פאַר די הערנער.

— עי, באָהון! באָהון!

— עי, דאָניעק! דו זאָלסט וועגן מיר נישט דאגהן. עס וועט מיך כאַפּן דער שד, אָדער ער וועט מיך ניט כאַפּן, דאָס איז נישט דיין עסק. אָבער דאָס זאָג איך דיר: טו מיט דיינע שדים וואָס דו ווילסט, אַבי דער פירשטין זאָל קיין שלעכטס נישט געשען, ווייל אויב עס וועט איר עפּעס געשען, וועלן דיך שוין נישט קיין שדים און נישט קיין רוחות פון מיינע הענט נישט מציל זיין.

— איינמאָל האָט מען מיך שוין אין וואַסער געוואָרפן, נאָך ווען איך האָב מיטן ברודער ביים דאָן געוווינט, אַ צווייט מאָל האָט מיר שוין אין יאַמפּאָל דער תלין דעם קאָפּ געגאָלט — און דערפאַר האָב איך פאַר קיין שום זאַך קיין מורא נישט. אָבער דאָס איז עפּעס אַנדערש. איך וועל פון פריינטשאַפט צו דיר זי היטן, אַז די שדים זאָלן איר קיין האָר אויפן קאָפּ נישט אָנרירן, און פאַר מענטשן איז זי ביי מיר באַוואָרנט. זי וועט דיר שוין נישט אַנטרונען ווערן.

— און דו, סאָווע, אויב דו רעדסט אַזוי, פאַרוואָס האָסטו מיר וואָרגעזאָגט שלעכטס, פאַרוואָס האָסטו מיר געהאַקט אין אויער אַריין: „אַ ליאַך איז ביי איר! אַ ליאַך איז ביי איר!״

— נישט איך האָב דאָס געזאָגט, נאָר די רוחות. אָבער עס איז אפשר אַנדערש געוואָרן. מאָרגן וועל איך דיר וואָרזאָגן אויפן וואַסער אין דעם מיל-ראָד. אויפן וואַסער קען מען אַלץ גוט זען, נאָר מען מוז לאַנג קוקן. וועסט אַליין זען. אָבער דו ביסט אַ משוגענער הונט, אַז מ'זאָגט דיר דעם אמת, ווערסטו באַלד אויפגעקאָכט און כאַפּסט זיך צו דער האַק...

דער שמועס איז איבערגעהאַקט געוואָרן, עס האָבן נאָר אָפּגעהילכט דאָס קלאַפּן פון קאָפּיטעס אויף שטיינער און עפּעס שטימען, וואָס זענען געקומען פון דער זייט פון טייך און זענען ענלעך געווען אויפן צישעריי פון פעלד-פערדלעך.

באָהון האָט נישט געשענקט די מינדעסטע אויפמערקזאַמקייט די דאָזיקע שטימען, וועלכע זענען אָבער געווען אַ חידוש אין מיטן דער נאַכט—ער האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים צו דער לבנה און זיך טיף פאַרטראַכט.

— האָריפּנא!—האָט ער געזאָגט אין אַ ווײַלע אַרום.

— וואָס?

— דו ביסט אַ כישוף-מאַכערין, דו מוזסט וויסן: איז אמת, אַ עס איז פאַראַן אַזאַ קרויט, וואָס אַז מען טרינקט זיך אָן מיט זיין זאַפּט מוז מען ליבן? „ליבשאַפּט” הייסט עס, אָדער ווי?

— ליבשאַפּט. אָבער צו דיין אומגליק וועט דיר אויך קיין ליבשאַפּט נישט העלפן. אויב די פירשטין האָט קיין אַנדערן נישט געליבט, איז גענוג איר געבן צו טרינקען און ס'וועט האָבן אַ פּעולה, אויב אָבער זי ליבט אַ צווייטן, ווייסטו וואָס עס וועט אַרויסקומען?

— וואָס?

— זי וועט דעם צווייטן נאָך שטאַרקער ליב באַקומען.

— ווער פאַרכאַפּט מיט דיין ליבשאַפּט צוזאַמען! דו קאָנסט נאָר וואָרזאָגן שלעכטס, אָבער העלפן קאָנסטו נישט.

— אויב אַזוי, הער מיך אויס: איך ווייס פון אַ אַנדערן קרויט, וואָס וואַקסט אין דער ערד. ווער עס טרינקט זיך אָן מיט אים, ליגט צוויי טעג און צוויי נעכט ווי אַ קלאָץ און ווייסט נישט וואָס מיט אים טוט זיך. דאָס דאָזיקע קרויט וועל

איך איר געבן — און דערנאָך...

דער קאָזאַק האָט זיך אַ טרייסל געטון אויפן זאָטל און אַריינגעשפּיזט אין דער כּישוף־מאַכערן זיינע אויגן, וואָס האָבן געלויכטן אין דער פינסטער.

— וואָס בּילסטו? — האָט ער געפרעגט.

— טאָ האָדי! — האָט אויסגערופן די מכשפה און אויס־געשאָסן מיט אַ הילכיקן געלעכטער, וואָס איז געווען ענלעך אויפן הירזשעריי פון אַ קליאַטשע.

דאָס דאָזיקע געלעכטער האָט אָפּגעהילכט מיט אַ אימהדיקן ווידערקול אין די שפּאַלטן פון דער הייל.

— כּלבטע! — האָט דער קאָזאַק אויסגערופן.

דערנאָך האָבן זיך זיינע אויגן בּיסלעכווייז געלאָשן, ער האָט זיך ווידער פאַרטראַכט און צום סוף האָט ער גענומען ריידן ווי צו זיך אַליין:

— ניין, ניין? ווען מיר האָבן גענומען באַר, בין איך דער ערשטער אַריין אין קלויסטער, כּדי זי צו שיצן פאַר שכּורים און צוצוהאַקן דעם קאָפּ יעדן, וואָס וועט זיך צו איר צורירן, און זי האָט זיך געשטאָכן מיט אַ מעסער — און איצט ווייס זי נישט, וואָס עס טוט זיך מיט איר. אַז איך וועל זיך צו איר צורירן מיט אַ האַנט, וועט זי זיך ווידער שטעכן, אָדער אין טייך אַריינשפּרינגען — דו וועסט זי נישט דערהיטן, אומ־גליקלעכער!

— אין דיין נשמה ביסטו אַ ליאַך, נישט אַ קאָזאַק, אויב דו ווילסט נישט ווי אַ קאָזאַק אַ מיידל מאַנס־זיין...

— הלואי וואָלט איך געווען אַ ליאַך! —האָט באָהון אויס־גערופן—הלואי וואָלט איך געווען אַ ליאַך!

און ער האָט זיך מיט ביידע הענט פאַרן היטל צוגעכאַפּט, ווייל עס האָט אים אַליין אַ ווייטאָק אָנגעכאַפּט.

— זי האָט דיר געמוזט אַ כּישוף אָנטון, די דאָזיקע ליאַכקע—האָט האַרפּינאַ אַ ברום געטאָן.

— יאָ, זי האָט מיר אַ כּישוף אָנגעטון—האָט ער געענט־פערט מיט אַ יאָמערלעכן קול—זאָל מיך די ערשטע קויל טרעפן,

זאָל איך זיין היינטיש לעבן ענדיקן אויף דער תליה... איינע באַגער איך אויף דער וועלט, און די איינע וויל מען מיר נישט!..

— שוטה!—האָט האַרפינקא צאָרניק אויסגערופן—דו האָסט זי דאָך!

— האַלט פּיסק! — האָט דער קאָזאַק אויסגעשריגן מיט אַ ווילדן כּעס—און אַז זי וועט זיך דאָס לעבן נעמען, וואָס וועט זיין? איך וועל דיך צורייסן, מיך צורייסן, צוקלאַפּן דעם קאָפּ אויף שטיין, כ׳וועל מענשטן בייסן ווי אַ הונט. איך וואָלט פאַר איר די נשמה אַוועקגעגעבן, כ׳וואָלט פאַר איר דעם קאָזאַקישן רום אַוועקגעגעבן, כ׳וואָלט אַנטלויפן אויף יענע זייט יאהרליק, העט ווייט פון די פּאָלקן, אויף יענער זייט וועלט, אַבי מיט איר, מיט איר צו לעבן, ביי איר צו שטאַרבן... און זי האָט זיך געשטאָכן מיט אַ מעסער, און איבער וועמען? איבער מיר! מיט אַ מעסער האָט זי זיך געשטאָכן, הערסט?

— עס וועט איר גאָרנישט זיין—זי וועט נישט שטאַרבן.

— אַז זי וואָלט געשטאָרבן, וואָלט איך דיך מיט נעגל צו דער טיר צוגעשלאָגן.

— דו האָסט איבער איר קיין שום שליטה נישט.

— כ׳האָב נישט, כ׳האָב נישט. כ׳וואָלט וועלן, אַז זי זאָל מיך שטעכן מיט אַ מעסער — אפילו צום טויט, עס וואָלט שוין בעסער געווען.

— אַ נאַרישע ליאַכקע. זי וואָלט דיך בעסער מיט גוטן ווילן צוגעטוליעט צו זיך: צי וועט זי אַ בעסערן געפינען?

— פּועל דו דאָס, און איך וועל דיר אָנשיטן אַ טאָפּ מיט דוקאַטן, און אַ צווייטן טאָפּ מיט פּערל. מיר האָבן אין באַר נישט ווייניק שלל גענומען, און פריער האָבן מיר אויך גענומען.

— דו ביסט רייך ווי פּירשט יערעמאַ—און באַרימט. פאַר דיר, זאָגט מען, האָט קשיוואָנאָס אַליין אויף מורא.

דער קאָזאַק האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— וואָס האָב איך אָבער דערפון, אַז דאָס האַרץ טוט מיר ווי...

און ווידער איז געוואָרן שטיל. דער ברעג פון טייך איז

געוואָרן וואָס אַמאָל ווילדער, פוסטער. די ווייסע שיין פון דער לבנה האָט צוגעגעבן אַ פאַנטאַסטישע צורה די בוימער און די פעלזן. צום סוף האָט האַרפינע געזאָגט:

— דאָ איז ווראַזשע־אוראָטישטשע. מען דאַרף פאָרן צו־זאַמען.

— פאַרוואָס?

— דאָ שמעקט מיט סכנה.

זיי האָבן פאַרהאַלטן די פערד און אין אַ ווײַלע אַרום האָט די מחנה, וואָס איז געגאַנגען פון הינטן, זיך פאַראייניקט מיט זיי.

באָהון האָט זיך אויפגעהויבן אויפן פערד און אַרײַנגעקוקט אין װיגל.

— זי שלאָפט? — האָט ער געפרעגט.

— שלאָפט — האָט געענטפערט אַן אַלטער קאָזאַק — זיס ווי אַ קינד.

— איך האָב איר אײַנגעגעבן אויף שלאָף — האָט די מכשפה זיך אָנגערופן.

— געלאַסן, פאָרזיכטיק — האָט באָהון געזאָגט און אײַנגע־ביסן זיך מיט זײַן בליק אין דער שלאָפנדיקער — איר זאָלט זי נישט אויפוועקן. די לבנה קוקט איר גלײַך אין פנימל אַרײַן.

— זי שײַנט שטיל, וועט זי נישט אויפוועקן, — האָט געשעפ־טשעט אײנער פון די קאָזאַקן.

און די מחנה איז ווײַטער געגאַנגען. באַלד זענען זיי אָנ־געקומען צו ווראַזשע אוראָטישטשע. דאָס איז געווען אַ באַרג, וואָס איז געלעגן האַרט בײַם טײַך, אַ נידריקער און אַ לענגלעך־קײַלעכדיקער, ווי אַ רונדער פאַנצער, וואָס ליגט אויף דער ערד. די לבנה האָט אים איגנאַנצן באַגאָסן מיט ליכט, אַנטפּלעקנדיק די ווייסע שטיינער, וואָס זענען געווען צוואָרפן איבער זײַן גאַנצן שטח. דאָ און דאָרט זענען זיי געלעגן, צום טייל באַזונ־דער און צום טייל אָנגעהויפנט אַ סך אויף אַן אָרט, ווי די רעשטלעך פון עפעס בנינים, צושטערטע שלעסער און קירכעס.

ערטערוווייז האָבן אַרויסגעשטאַרט שטיינערנע טאָוולען, וואָס זע־
נען מיט זייערע עקן געווען איינגעגראָבן אין דער ערד, ווי
מצבות איבער קברים. דער גאַנצער באַרג איז געווען ענלעך
אויף איין גרויסע חורבה. און אפשר אַמאָל, אַמאָל, פאַר יאָגע־
לאָס צייטן, האָט דאָ געבליט אַ מענטשלעכער ישוב — היינט
אָבער איז דער דאָזיקער באַרג און די גאַנצע סביבה, אַזש ביז
ראַשקווו, געווען אַ וויסטער מדבר, וועלכער איז געווען אַ מקום־
מקלט נאָר פאַר ווילדע חיות און ווו פאַרשאָלטענע רוחות האָבן
אין די נאַכט געפראַוועט זייערע ווילדע אָרגיעס.

קוים האָט די מחנה געהאַט אַרויפגעקלעטערט ביז אין
די העלפט פון דער הויכקייט, איז דאָס לייכטע ווינטל, וואס
האָט ביז איצט געבלאָזן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אמתן
ווינטער, וועלכער האָט גענומען אַרומפליען איבערן באַרג מיט
עפּעס אַ טריבן, אימהדיקן פייפעריי, און דעמאָלט האָט זיך די
קאָזאַקן אויסגעדוכטן, אַז צווישן יענע חורבות רופן זיך אָן
עפּעס שווערע זיפצן, וואָס האָבן זיך ארויסגעריסן ווי פון
פאַרקלעמטע הערצער, עפּעס יאָמערלעכע קרעכצן, עפּעס געלעכ־
טערס, יללות און קוויטשערייען פון קינדער. דער גאַנצער באַרג
איז געוואָרן פול מיט לעבן, ער האָט געדופן מיט פאַרשידענע
קולות. פון הינטער די שטיינער, האָט זיך געדוכטן, קוקן אַרויס
הויכע טונקעלע געשטאַלטן, שאָכנס פון אויסטערלישע ברואים
האָבן זיך שטיל אַדורכגעגליטשט צווישן די פעלזן, אין דער
וו־יטנס, אין דער טונקלקייט האָבן געפינקלט עפּעס פייערלעך,
וואָס זענען געווען ענלעך אויף וועלפישע אויגן, צום סוף האָט
פון צווייטן עק באַרג, פון צווישן די געדיכטסטע שטיינער־הוי־
פנס, זיך אָנגערופן אַ שטיל גאָרגל־געבורום, וועלכן עס האָבן
אָפּגעענטפערט באַלד אַנדערע קולות.

— סיראָמאַכעס? — האָט געשעפטשעט א יונגער קאָזאַק,
ווענדענדיק זיך צום אַלטן עסאַול.

— ניין, דאָס זענען רוחות — האָט דער עסאַול געענט־
פערט באַך שטילער.

— אָ, גאָט, דערבאַרם דיך! — האָבן מיט שרעק אויסגע־

רופן די איבריקע, אַראָפּגענומען די היטלעך און זיך פרום איבערגעצלמט.

די פערד האָבן גענומען אַראָפּלאָזן די אויערן אין כראַ-פּען. האַרפּינא, וועלכע איז געפאָרן אין דער שפּיץ פון דער מחנה, האָט שטיל געברומט אומפאַרשטענדליכע ווערטער, גלייך ווי זי וואָלט געשעפּטשעט עפּעס שטיל אַ שדים-תּפלה. ערשט ווען זיי זענען צוגעקומען צום צווייטן עק פון באַרג, האָט זי זיך אומגעדרייט און געזאָגט:

— נו, שוין. דאָ איז שוין גוט. כ'האָב זיי געמוזט איינ-האַלטן דורך אַ כישוף-שפּרוך, ווייל זיי זענען זייער הונגעריק.

אַ זיפץ פון פאַרלייכטערונג האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלעמענס ברוסטן. באָהין און האַרפּינא האָבן זיך ווידער אָפּגע-ריקט און געריטען בראש פון דער מחנה, און די קאָזאַקן, וועלכע האָבן מיט אַ ווײלע צוריק איינגעהאַלטן דעם אָטעם, האָבן גענומען שושקען זיך און שמועסן. יעדער האָט זיך דער-מאָנט, וואָס עס האָט זיך אים אַמאָל פאַרלאָפן מיט שדים, אָדער רוחות.

— ווען נישט האַרפּינאַ, וואָלטן מיר נישט געווען דורכ-געגאַנגען — האָט איינער געזאָגט.

— אַ געזונטע מכשפה.

— און אונזער אַטאַמאַן האָט פאַר קיין שד אויך קיין מורא נישט. ער האָט נישט געקוקט, האָט נישט געהערט, נאָר בלויז זיך געקוקט אויף זיין מיידל,

— ווען אים וואָלט זיך פאַרלאָפן דאָס, וואָס עס האָט זיך מיר פאַרלאָפן, וואָלט ער נישט געווען אַזאַ בריה — האָט גע-זאָגט דער אַלטער עסאַול.

— און וואָס האָט זיך אייך פאַרלאָפן, פאָטער אָווסיווו?

— כ'בין איינאָל געפאָרן פון רייםענטאַרוווקא קיין הולא-פאַל, און געפאָרן בין איך ביינאַכט צווישן קברים. מיט אַמאָל זע איך, עפּעס גייט פון הינטען אַ שפּרונג פון קבר אויפן זאָטל אַרויף. איך קוק מיך אום: אַ קינד — אַזוי בלוי, אַזוי בלייך!... אַ פּנים, די טאַטערס האָבן עס צוזאַמען מיט דער מוטער גע-

פּירט אין געפּאַנגענשאַפט און עס איז געשטאָרבן אין שמד. די אויגעלעך האָבן ביי אים געברענט ווי ליכטעלעך, און עס האָט געוויינט און געקלאָגט! ס׳איז מיר געשפּרונגען פון זאָטל אויפן קאַרק, און דאָ האָב איך דערשפּירט, אַז עס בייסט מיך אונטערן אויער. אַ, גאָט! אַ רוח. אָבער איך האָב דאָך לאַנג געדינט אין וואַלאַכיען, וווּ עס איז פאַראַן מער רוחות איידער מענטשן און דאָרט זענען אויך פאַראַן עצות אַקעגן זיי. כ׳בין אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און אַריינגעשטאָכן דעם קינזשאַל אין די ערד. קום־אום! ווער פערפאַלען! און דאָס קינד האָט אַ קרעכץ געטון, זיך אָנגעכאַפּט פאַרן הענטל פון קינזשאַל און איבער דער שאַרף זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די ערד. כ׳האָב אויסגעשניטן אין דער ערד אַ צלם און בין מיר אַוועקגעפאָרן.

— זענען אין וואַלאַכיען פאַראַן אַזוי פיל רוחות פאָטער?

— יעדער צווייטער וואָלאַך ווערט נאָכן טויט מגולגל אין אַ רוח — און די וואָלאַכישע רוחות זענען די ערגסטע פון אַלע. דאָרט רופט מען זיי ברוקאָלאַקעס.

— און ווער איז שטאַרקער, פאָטער, דער שד אָדער דער רוח?

— דער שד איז שטאַרקער, אָבער דער רוח איז פאַרביסענער. דער שד, אויב דו וועסט קענען אים איינעמען, וועט ער דיר דינען, אָבער די רוחות טויגן צו גאָרנישט, זיי זוכן באָר בלוט, אָבער דער שד האָט פונדעסטוועגן די שליטה איבער זיי.

— און האָרפּינאַ געוועלטיקט איבער די שדים?

— אודאי. זי לעבט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זי האָט די שליטה איבער זיי. נו, ווען זי וואָלט נישט געהאַט איבער זיי קיין שליטה, וואָלט דער אַטאַמאַן איר נישט אָנפאַרטרויט זיין מיידל, ווייל די ברוקאָלאַקעס זענען די גרעסטע בעלנים אויף מיידעלש בלוט.

— און איך האָב געהערט, אַז צו אַ צניעותדיקער נשמה האָבן זיי נישט קיין צוטריט.

— צו דער נשמה נישט, אָבער צום גוף יאָ.

— אָ, אַ שאָד דאָס שיינע מיידל! דאָס איז בלוט און מילך! אונזער אַטאַמאַן האָט געוווּסט, וואָס צו נעמען אין ביר.

אָווסיִוו האָט אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג.

— מ׳קאָן נישט זאָגן. אַ גאָלדענע ליאַכקע...

— און מיר, פּאָטער, איז אויך איר אַ רחמנות — האָט געזאָגט אַ יונגער קאָזאַק — ווען מיר האָבן זי אַריינגעלייגט אין וויגל, האָט זי צונויפגעלייגט די ווייסע הענטלעך און האָט אַזוי געבעטן אַזוי געבעטען: דערהרגט מיך, האָט זי געזאָגט, דערהרגט מיך, אומגליקלעכע!

— ס׳וועט איר נישט שלעכט זיין.

דער ווייטערדיקער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן דורך האָרפּינאַן, וועלכע איז צו זיי צוגעקומען.

— העי, קאָזאַקן, — האָט די מכשפה געזאָגט — דאָס איז דער טאָטערישער שטח, אָבער איר דאַרפט נישט מורא האָבן, דאָ איז נאָר איין נאַכט אין יאָר שרעקלעך, און די שדים-הייל און מיין הויף איז שוין נאָענט.

באַלד דערויף האָט זיך געלאָזט הערן אַ געביל פון הינט. די מחנה איז אַריין אין די קעל פון הייל, וואָס האָט זיך געצויגען אין איין לענג מיטן טייך און איז געווען אַזוי שמאָל אַז קוים פיר רייטער האָבן געקאָנט אין איר פאָרן אין איין שורה. אויפן באָדן פון דער דאָזיקער טיפעניש האָט געפלאָסן אַ קוואַל, וואָס האָט אין שיין פון דער לבנה געביטן זיינע קאָלירן ווי אַ שלאַנג און איז האַסטיק געלאָפן צום טייך. און וואָס מער די מחנה האָט זיך געריקט פאָראויס, אַלץ ברייטער זענען געוואָרן אירע גלייכע און שטייפע ווענט, וועלכע האָבן געבילדעט אַ גענוג ברייטן שטח, וואָס האָט זיך לייכט געהויבן וואָס אַמאָל העכער און איז געווען פאַרמאַכט פון די זייטן מיט פעלזן. דער באָדען איז דאָ און דאָרט געווען באַדעקט מיט הויכע בוימער, קיין ווינט האָט דא נישט געבלאָזן. לאַנגע שוואַרצע שאָטנס האָבן זיך געצויגן פון די בוימער און זיך אויסגעשפּרייט אויף דער ערד, און אויף די שטחים, וואָס זענען געווען באַ-

גאָסן מיטן שיין פֿון דער לבנה, האָבן שטאַרק געלויכטן עפּע־
ווייסע, קיילעכדיקע אָדער לענגלעכע חפֿצים, אין וועלכע די קאָ־
זאַקן האָבן מיט שרעק דערקענט מענטשלעכע קעפּ און ביינער.
זיי האָבן זיך דערזען אומגעקוקט מיט אומצוטרוי אויף אַלע
זייטן, איבערצלמנדיק פֿון צייט צו צייט די ברוסט און דעם
שטערן. מיט אַמאָל האָט פֿון דערווייטנס, פֿון צווישן די בוימער
אַ פֿינקל געטון אַ ליכטל און אין דער זעלבער צייט זענען אָנ־
געלאָפֿן צוויי מוראדיקע, גרויע, שוואַרצע הינט מיט לייכטנדיקע
אויגן, בילנדיק און היילנדיק אויפֿן אָנבליק פֿון מענטשן און
פֿערד. ווען האַרפּינא האָט צו זיי אַ געשריי געטון, זענען זיי
אַנטשוויגן געוואָרן, גענומען לויפֿן אַרום די רייטער און דערביי
געלראָפּעט און געשנאָרכט.

— נישט קיין פּשוטע הינט — האָבן די קאָזאַקן גע־
שעפּטשעט.

— דאָס זענען נישט קיין הינט — האָט דער אַלטער
אוּסיזוּי געברומט מיט אַ קול, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף אַ
טיפֿער איבערצייגונג.

דערווייל האָט זיך פֿון הינטער די בוימער באַוויזן אַ כאַ־
טע, הינטער איר אַ שטאַל, ווייטער און העכער נאָך אַ טונקע־
לער בנין. די כאַטע איז לויט איר דרויסנדיקן אויסזען געווען
אַ שיינע און אַ גרויסע — אין אירע פֿענסטער האָט זיך גע־
לויכטן.

— דאָס איז מיין דירה — האָט האַרפּינא געזאָגט צו באָהו־
נען — און דאָרט איז די מיל, וואָס מאָלט בלויז אונזער תּבֿואה,
און איך מאַך כּישוף פֿון וואַסער, וואָס אויפֿן ראָד. איך וועל
אויך דיר כּישוף־מאַכן. דאָס מיידל וועט וווינען אין דער גרוי־
סער שטוב, אויב אָבער דו ווילסט די וווּנט באַצירן, דאַרף מען
זי דערווייל אַריבערטראָגן אויף די צווייטע זייט. שטייט און
גייט אַראָפּ פֿון די פֿערד!

די מחנה האָט זיך אָפּגעשטעלט, און האַריפּנא האָט גענו־
מען רופֿן:

— טשערמיס, היקו! הוקו! טשערמיס!

עפּעס אַ געשטאַלט מיט אַ בינטל ברענענדיקן קין אין דער האַנט איז אַרויס פאַר די כאַטע און אויפהויבנדיק דאָס פייער אין די הויך, האָט זי שטילשווייגנדיק זיך גענומען צוקוקן צו די אָנגעקומענע.

דאָס איז געווען אַן אַלטער פאַרשוין, אַ שרעקלעך פאַרזעניש, אַ קליינער, כמעט אַ צווערגל, מיט אַ פלאַטשיקן, פירקאַנטיקן פּנים און משופּעדיקע אויגן, וו״ס זענען געווען ענלעך אויף שפּאַרעס.

— וואָס ביסטו פאַר אַ שד?—האָט אים באָהון געפרעגט.

— דו פרעג אים נישט — האָט די ריזן-מויד געזאָגט--ער האָט אַ אָפּגעשניטענע צונג.

— קום אַהער דאָ נענטער.

— הער — האָט די מויד ווייטער געזאָגט — און אפשר אַוועקטראָגן דאָס מיידל אין די מיל אַריין? דאָ וועלן די קאָזאַקן אויספּוצן די שטוב און טשוועקעס אַריינקלאַפּן, וועט זי זיך אויפכאַפּן.

די קאָזאַקן האָבן זיך אַראָפּגעזעצט פון די פערד און גענומען פאָרזיכטיק אָפּבינדן דאָס וויגל. באָהון אַליין האָט אויף אַלץ אַכטונג געגעבן מיט דער גרעסטער זאָרגפעלטיקייט און אַליין געהאַלטן דעם צוקאָפּנס פון וויגל, ווען מ׳האָט עס אַריבערגעטראָגן אין די מיל. דאָס צווערגל, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס, האָט צוגעלויכטן מיטן קין. די פירשטין, וועלכע האַרפּינא האָט געגעבן צו טרינקען אַ משקה פון איינשלעפערנדיקע קרייטעכצער, האָט זיך גאָרנישט אויפגעכאַפּט, נאָר אירע ברעמען האָבן געציטערט פון דעם קין-פלאַקער. איר פּנים איז געוואָרן באַלעבט פון דער דאָזיקער רויטער שיין. אפשר האָבן וווּנדערלעכע חלומות איינגעוויגט דאָס מיידל, ווייל זי האָט זיס געשמייכלט בעת דעם דאָזיקן גאַנג, וועלכער איז ענלעך געווען אויף אַ לויה. באָהון האָט אויף איר געקוקט און עס האָט זיך אים געדוכטן, אַז דאָס האַרץ וועט אים צעזעצט ווערן אין דער ברוסט. „ליבענקע מיינע, נשמה מיינע!״ — האָט ער שטיל געשעפּטשעט — און דאָס שטרענגע אָבער שיינע פּנים פון קאָזאַק

איז געוואָרן מילד און עס האָט געבריִענט מיט אַ גרויסן פייער פון ליבע, וועלכעס האָט אים אַ כאַפּ געטון און אַרומגעכאַפּט וואָס אַמאָל מער, פונקט ווי אַ פלאַם-פייער, וואָס ווערט פאַרגעסן דורך אַ וואַנדערער, כאַפּט אַרום די ווילדע סטעפּעס.

האַרפינא, וואָס איז געגאַנגען דערנעבן, האָט געזאָגט:

— ווען זי וועט זיך אויפכאַפּן פון דעם דאָזיקן שלאָף, וועט זי זיין געזונט. די ווונד היילט זיך, זי וועט זיין געזונט...

— געלויבט איז גאָט! — האָט דער קאָזאַק געענטפערט.

דערווייל האָבן די קאָזאַקן פאַר דער כאַטע גענומען אַראָפּנעמען די גרויסע לאָדונגען פון זעקס פערד און אויסלאָדענען דעם שלל פון די גאָלד-געשטיקטע שטאָפן, טעפּיכער און אַנדערע טייערע חפצים, וואָס זענען גענומען געוואָרן אין באַר. עס איז אין דער גרויסער שטוב אָנגעצונדן געוואָרן אַ העל פייער און בעת אַ טייל האָט איבעראַל כסדר נייע פוירהאַנגען, האָט דער צווייטער טייל מיט זיי באַהאָנגען די הילצערנע ווענט פון דער שטוב. באָהון האָט נישט בלויז געטראַכט וועגן זיכערער שטייג פאַר זיין פויגל, נאָר ער האָט אויך באַשלאָסן זי אויסצופוצן, כדי די געפאַנגענשאַפט זאָל דעם פויגל נישט צופיל פאַרמיאוסט ווערן. באַלד איז ער אויך אָנגעקומען פון דער מיל און האָט אַליין אַכטונג געגעבן אויף דער אַרבעט. די נאַכט איז פאַרפלאָסן און די לבנה האָט שוין אַראָפּגענומען איר ווייסע שיין פון די פעלזן-שפּיצן, אָבער אין דער גרויסער שטוב האָבן זיך נאָך געהערט איינגעהאַלטענע קלעפּ פון האַמערס. די פשוטע שטוב איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער ענלעך אויף אַ זאַל. צום סוף, ווען די ווענט זענען שוין געווען באַהאָנגען און די פאָדלאָגע אויסגעבעט, האָט מען צוריקגעבראַכט די שלאָפנדיקע פירשטין און זי געלייגט אויף אַ ווייסן געלעגער.

שפּעטער איז אַלץ שטיל געוואָרן. נאָר אין שטאַל האָבן נאָך אין דער שטילקייט אָפּגעהילכט אויסברוכן פון געלעכטער; וואָס זענען ענלעך געווען אויף אַ הירזשעריי פון פערד; — דאָס האָט די יינגע מכשפה געשטיפט אויפן היי מיט די קאָזאַקן און זיי מכבד געווען מיט קלעפּ און קושן.

# 2 קאַפּיטל

די זון איז שוין געשטאַנען הויך אויפֿן הימל, ווען די פֿירשטין האָט צומאָרגנס געעפֿנט אירע אויגן.

איר בליק איז צוערשט געפֿאַלן אויפֿן סופּיט און האָט זיך אויף אים לאַנג אָפּגעשטעלט, שפּעטער איז ער אַרומגעלאָפֿן איבער דער גאַנצער שטוב. דאָס מיידל, וואָס האָט אָנגעהויבן צו קומען צו זיך, האָט זיך נאָך געראַנגלט מיט די רעשטלעך פֿון שלאָף און חלומות. איר פּנים האָט אויסגעדריקט פֿאַרחידושטקייט און אומרויִקייט. ווו איז זי? פֿון וואַנען האָט זי זיך גענומען און אין וועמענס רשות איז זי? צי חלומט זי נאָך, אָדער זי זעט אַלץ אויף דער וואָר? וואָס באַדייט די דאָזיקע פּראַכט, וואָס רינגלט זי אַרום? וואָס האָט זיך מיט איר געטון ביז איצט? אין דער רגע האָבן די שרעקלעכע סצענעס פֿון איינגעמען באַר זיך ווי לעבעדיקע, מיט אַמאָל געשטעלט פֿאַר אירע אויגן. זי האָט זיך אַלץ דערמאָנט: די שחיטה פֿון טויזנטער מענטשן, פֿון שלאַכטשיצעס, שטאָט-לייט, קסיאָנדזן, נאָנעס און קינדער—די מיט בלוט באַשמירטע פּנימער פֿון די המון-לייט, די העלזער און קעפּ, וואָס זענען געוועזן אַרומגעוויקלט מיט געדערם, פֿון וועלכע ס׳האָט נאָך געשלאָגן אַ פּאַרע, די קולות פֿון די שכּורים, דעם יום-הדין פֿון דער שטאָט, וואָס איז אויסגעקוילעט געוואָרן ביז צום לעצטן — צום סוף באָהונס אָנקומען און זיין פֿאַרכאַפּן זי. זי האָט זיך אויך דערמאָנט, ווי אין מאָמענט פֿון יאוש איז זי געפֿאַלן אויפֿן מעסער, וואָס זי האָט אונטערגעשטעלט מיט דער אייגענער האַנט— און אַ קאַלטער שווייס האָט איצט באַפּערלט אירע שלייפֿן. אַפּנים דאָס מעסער האָט זיך איר אַראָפּגעגליטשט איבער איר אָרעם, ווייל זי שפּירט נאָר אַ שוואַכן ווייטאָק, אָבער זי שפּירט אויך צו

דער זעלבער צייט, אַז זי לעבט, אַז זי באַקומט צוריק די כחות און דאָס געזונט, און צום סוף געדענקט זי אויך, אַז לאַנג, לאַנג האָט מען זי געפירט ערגעץ אין אַ וויגל. אָבער ווו איז זי איצט? צי געפינט זי זיך אין עפּיס אַ שלאָס, אָדער זי איז ניצול געוואָרן, אָפּגעשלאָגן, באַוואָרנט? און ווידער האָבן אירע אויגן געבלאָנדזשעט איבער דער שטוב. פענסטערלעך האָט זי ווי אַ פּויערישע כאַטע, קליינע, פיר-קאַנטיקע, מען זעט דורך זיי נישט די דרויסנדיקע וועלט, ווייל אָנשטאָט מיט שויבן זענען זיי פאַרשטעלט מיט ווייסע לעדער-טאָוולען. זאָל דאָס באמת זיין אַ פּויערישע כאַטע? אָבער דאָס קאָן נישט זיין, און אַ ראיה אַקעגן דעם איז די אומגעווייגלעכע פּראַכט אינווייניק אין שטוב. אָנשטאָט אַ סופיט הענגט איבער דעם מיידל איין גרויסע פאָרהאַנג פון פורפור-זייד מיט גאָלדענע שטערנס און לבנות, די ווענט זענען נישט גאָר ברייט, אָבער אינגאַנצן אויסגעפּוצט מיט זיידענע גאָלד-געשטיקטע געוועבן, אויף דער פּאָדלאָגע ליגט אַ געמוסטערטער טעפּיך, ווי אויסגעבעט מיט לעבעדיקע בלומען. דער צודעק פון אויוון איז געווען באַדעקט מיט פּערסישן שטאָף, אומעטום גאָלדענע פראַנזן זיידנוואַרק, סאַמעט, אָנהויבנדיק פון די ווענט אַזש ביז צו די קישנס, אויף וועלכע עס האָט גערוט איר קאָפּ. דאָס העלע טאָג-ליכט, וואָס איז אַריינגעדרונגען דורך די פענסטערלעך, האָט באַלויכטן די שטוב, עס איז אָבער צוּרונען געוואָרן אין די דאָזיקע פורפורס, טונקעלע וויאָלעטן און סאַפּירן פון סאַמעט, און געבילדעט עפּיס אַ באַצויבערנדיקע רעגנבויגנדיקע טונקלקייט. די פירשטין חידושט זיך, גלויבט ניט אירע אייגענע אויגן. צי איז דאָס עפּעס אַ כישוף, אָדער אפשר האָבן גאָר פירשט יערעמיס חיילות זי אַרויסגעריסן פון די קאָזאַקישע הענט און זי געבראַכט אין איינעם פונם פירשטס שלעסער?

דאָס מיידל האָט צוגעפּגעלייגט די הענט.

— היילקע, ריינסטע! — מאַך אַזוי, אַז דאָס ערשטע פנים וואָס וועט זיך באַווייזן אין דער טיר, זאָל זיין דאָס פנים פון אַ באַשיצער און פריינט.

מיט אַמאָל האָבן זיך דורך דער שווערער, גאָלד-דראָטע-נער בעט-פאָרהאַנג דערטראָגן צו איר פון דערווייטנס קלאַנגען פון אַ פלייט, און גלייכצייטיק האָט עפּעס אַ שטים געגומעי צו-זינגען דאָס באַקאַנטע ליד:

„אוי, די ליבע, די הייסע,
ערגער איז זי פון אַ קרענק!
די קרענק גייט אַריבער,
געזונט ווערט מען ווידער,
די ליבע, די טרייע
דויערט אייביק און אימער.“

די פירשטין האָט זיך אויפגעהייבן אויפן בעט, אָבער וואָס מער זי האָט זיך צוגעהערט, אַלץ ברייטער האָבן זיך געעפנט אירע אויגן פון שרעק—צום סוף האָט זי אַ מוראדיקן געשריי געטון און זיך געוואָרפן ווי אַ טוימע אויף די קישנס.

זי האָט דערקענט באָהונס קול.

אָבער איר קול האָט זיך אפּנים דורכגעריסן אויך דורך די ווענט פון דער שטוב, ווייל אין אַ ווײַלע אַרום האָט די שווערע פאָרהאַנג אַ שאָרך געטון און דער קאָזאַק אַליין האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל.

העלענאַ האָט די אויגן פאַרשטעלט מיט די הענט, און אירע בליי-געוואָרענע און ציטערנדיקע ליפּן האָבן איבערגעחזרט ווי אין פיבער:

— יעזוס מאַריאַ! יעזוס מאַריאַ!

אָבעם דער אָנבליק, וואָס האָט אויף איר אָנגעוואָרפן אַזאַ אימה, וואָלט געווען דערפרייט ניט איין האַרץ פון אַ מיידל, ווייל די הלבשה און דאָס פנים פון דאָזיקן קאָזאַק האָבן ממש געשיינט ווי די זון. די דימענטענע קנעפּ פון זיין ראָק האָבן געלויכטן ווי די שטערן אין הימל, דאָס מעסער און די שווערד האָבן געפינקלט פון די טייערע שטיינער, דער אונטער-ראָק פון זילבער-דראָט און דער רויטער אויבער-ראָק האָבן נאָך פאַרטאָ-פלט די שיינקייט פון זיין חנעוודיקן פנים. און אַזוי איז ער געשטאַנען פאַר איר אַ שלאַנקער, אַ שוואַרץ-ברעמיקער, אַ אויס-

געפוצטער, דער שענסטער פון אַלע קאָזאַקן אין אוקראַינע.

אָבער די אויגן זענען ביי אים געווען פאַרנעפּלט, ווי די שטערן וואָס זענען פאַרהילט אין אַ וואָלקן, און ער האָט גע־קוקט אויף איר כמעט מיט הכנעה, און זעענדיק, אַז די שרעק פאַרשווינט נישט פון איר פנים, האָט ער גענומען ריידן מיט אַ נידריקער און אומעטיקער שטים:

— האָב קיין מורא נישט, פירשטין!

— ווו בין איך? ווו בין איך? — האָט זי געפרעגט, קוקנדיק אויף אים דורך די פינגער.

— אין אַ זיכערן אָרט, ווייט פון דער מלחמה. האָב קיין מורא נישט, מיין טייערע נשמה. איך האָב דיך דאָ אַהערגע־בראַכט פון באַר, כדי עס זאָל דיר ניט געשען קיין עולה פון מענטשן, אָדער פון דער מלחמה. דאָרט אין באַר האָבן די קאָ־זאַקן קיינעם נישט געלאָזט לעבן, דו איינע ביסט אַרויס אַ לעבעדיקע.

— וואָס טוט איר דאָ, פאַרוואָס פאַרפאָלגט איר מיך.

— איך פאַרפאָלג דיך! גאָט מיינער! — און דער קאָזאַק האָט צונומען די הענט און גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי אַ מענטש, וועלכן עס ווערט געטון אַ גרויסע עולה.

— איך האָב פאַר אייך שרעקלעך מורא.

— אָבער פאַרוואָס האָסטו מורא — אויב דו הייסט, וועל איך מיך פון דער טיר נישט אָוועקרירן — איך בין דיין קנעכט. איך וויל נאָר דאָ זיצן אויף דער שוועל און דיר קוקן אין די אויגן אַריין. איך מיין נישט דיין רעה, פאַרוואָס האָסטו מיך פיינט? אָ, גאָט מיינער; דערזעענדיק מיך, האָסטו זיך אין באַר געשטאָכן מיט אַ מעסער, הגם דו קענסט מיך שוין פון לאַנג אָן און ווייסט, אַז איך קום דיך שיצן. איך בין דאָך דיר נישט קיין פרעמדער מענטש, נאָר אַ האַרציקער פריינט. און דו האָסט זיך געשטאָכן מיט אַ מעסער, פירשטין!

דער פירשטינס בלאַסע באַקן זענען מיט אַ מאָל באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט.

— ווייל איך האָב בעסער געוואָלט שטאַרבן, איידער

דער־עֶבן אַזאַ שאַנד — האָט זי נעזאָגט — און איך שווער דיר, אַז אויב דו וועסט מיך נישט שוינען, וועל איך זיך דאָס לעבן נעמען, ווען אַפילו איך זאָל דערבײַ אויך די נשמה פאַרשפּילן.

פון דעם מיידלס אויגן האָט געשפּריצט אַ פייער — און דער קאָזאַק האָט איינגעזען, אַז עס גייט נישט אָן קיין ליצנות מיטן בלוט פון די קורצעוויטשעס, מיטן בלוט פון דער פירשטלעכער משפּחה, ווייל אין מאָמענט פון רציחה וועט זי מקיים זיין דאָס, וואָס זי האָט געזאָגט, און אַ צווייט מאָל וועט זי בעסער אונטערשטעלן דאָס מעסער.

ער האָט דעריבער גאָרנישט געענטפערט, נאָר געמאַכט אַ פּאָר שריט צום פענ.טער־צו און אַוועקזעצנדיק זיך אויף דער באַנק, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ גאָלד־דראָטענעם שטאָף, האָט ער אַראָפּגעהאָנגען דעם קאָפּ.

אַ ווײַלע האָט אָנגעהאַלטן דאָס שטילשווייגן.

— זיי רויק — האָט ער געזאָגט — ווי לאַנג איך בין ניכטער, ווי לאַנג דער בראָנפן וועט ניט דערהיצן מיין קאָפּ, אַזוי לאַנג וועסטו פאַר מיר זיין ווי אַ בילד אין דער קירך. און זייט איך האָב דיך געפונען אין באַר, האָב איך אויפגעהערט צו טרינקען. פריער האָב איך געטרונקען, געטרונקען, דעם צער מיינעם האָב איך מיט בראָנפן פאַרטרונקען. וואָס האָב איך געזאָלט טון? אָבער איצט וועל איך אין מויל נישט אַריינגעמען גישט קיין זיסן ווײַן און נישט קיין בראָנפן.

די פירשטין האָט געשוויגן.

— איך וועל אַ קוק טון אויף דיר — האָט ער ווייטער געזאָגט — וועל אָנזעטיקן מיינע אויגן מיטן אָנבליק פון דיין שיינעם פּנימל — און וועל מיר גיין.

— גיב מיר צוריק די פרייהייט — האָט דאָס מיידל געזאָגט.

— ביסטו דען ניט פריי? דו ביסט דאָ האַרין. און ווו ווילסטו גיין? די קורצעוויטשעס זענען אומגעקומען, דאָס פייער האָט פאַרצערט די דערפער און די שטעט, דער פירשט איז אין לובני נישטאָ. ער מאַרשירט אויף כמיעלניצקין, און כמיעלניצקי

אויף אים, אומעטום בושעוועט די מלחמה, ס׳גיסט זיך בלוט, אומעטום איז פול מיט קאזאקן און טאטערס און זעלנער. ווער וועט דיך שוינען? ווער וועט זיך איבער דיר דערבארעמען, ווער וועט דיך באשיצן, אויב נישט איך?

די פירשטין האט אויפגעהויבן די אויגן, ווייל זי האט זיך דערמאנט, אז עס איז דאך פאראן עמיצער אויף דער וועלט, וואס וואלט זיך פאר איר אנגענומען און זי באשיצט — זי האט אבער נישט געוואלט ארויסריידן זיין נאמען, כדי נישט צוצורייצן דעם ווילדן לייב — און צו דער זעלבער צייט האט א טיפער וויטאק פארקלעמט איר הארץ. צי לעבט נאך דער, נאך וועלכן עס בענקט איר נשמה? ווען זי איז געווען אין באר האט זי געוווסט, אז ער לעבט, ווייל באלד אך זאגלאבאס אנטלאפן איז צו אירע אויערן דערגאנגען כקעטוסקיס נאמען צוזאמען מיט ידיעות וועגן די נצחונות פון שרעקלעכן פירשט. א־ער פון דעמאלט אן, וויפיל זענען שוין אריבער טעג און נעכט, וויפיל שלאכטן האבן זיך שוין געקאנט האבן אפגעשפילט, אויף וויפיל סכנות האט ער שוין געקאנט זיין אויסגעשטעלט! די ידיעות וועגן אים האבן צו איר איצט געקאנט אנקומען נאר דורך באהובען, וועלכן זי האט נישט געוואלט און נישט דערוועגט זיך צו פרעגן.

ער קאפ איז איר אראפגעפאלן אויף די קישנס.

— וועל איך דא בלייבן ווי א געפאנגענע? — האט זי געפרעגט מיט א קרעכץ — וואס האב איך אייך געטון, אז איר גייט מיר נאך ווי א אומגליק?

דער קאזאק האט אויפגעהויבן דעם קאפ און גענומען ריידן אזוי, אז מ׳האט אים קוים געהערט:

— וואס דו האסט מיר געטון — ווייס איך נישט, אבער דאס ווייס איך, אז אויב איך בין פאר דיר א אומגליק, ביסטו פאר מיר אויך א אומגליק. ווען איך וואלט דיך נישט ליב באקומען, וואלט אך געווען פריי ווי א ווינט אין פעלד, און אויפן הארץ וואלט מיר פריי געווען, און אויף דער נשמה וואלט מיר פריי געווען און איך וואלט געווען בארימט ווי קא-

נאַסעוויטש סאַהאַידאַטשני אַליין. דיין פּנימל איז מיין אומגליק, דיינע אויגעלעך זענען מיין אומגליק; עס באַקומט מיר נישט קיין פרייהייט, עס באַקומט מיר ניטש קיין רום! וואָס פּאַר אַ ווערט האָבן פאַר מיר געהאַט שיינע מיידלעך, זייט דו ביסט פון אַ קינד אויסגעוואַקסן אַ פריילין. איינמאָל האָב איך פאַר־כאַפּט אַ שיפל מיט די שיינסטע מיידלעך, ווייל מ'האָט זיי גע־פירט צום סולטאַן — אָבער קיין איינע האָט מיין האַרץ נישט געפאַנגען. עס האָבן זיך געשפּילט מיט זיי די קאָזאַקן־ברידער, און דערנאָך האָב איך יעדער געהייסן אַ שטיין אויפן האַלז אָנהענגען און אַראָפּלאָזן אין וואַסער אַריין. איך האָב פאַר קיינעם נישט מורא געהאַט, קיין שום זאַך איז מיך נישט אָנגע־גאַנגען — איך האָב זיך געלאָזט אויף מלחמות מיט די געצן־דינער, האָב שלל פאַרנומען — און ווי אַ פירשט אין זיין שלאָס, אַזוי בין איך געווען אין סטעפּ. און הייַנט? אָט זיץ איך דאָ — און ווי אַ קנעכט בעטל איך ביי דיר אַ גוט וואָרט און קאָן נישט אויסבעטלען — און איך האָב עס נאָך קיינמאָל נישט געהערט, אַפילו דעמאָלט, ווען עס האָבן דיינע ברידער און מומע דיך מיר געשדכנט. אוי, ווען דו, מיידל, וואָלסט צו מיר גוט געווען, ווען דו וואָלסט גוט געווען, וואָלט נישט געשען דאָס, וואָס איז געשען; איך וואָלט נישט געווען הרגענען דיינע קרובים, איך וואָלט זיך נישט געווען באַהעפטן מיט די מורדים און פּויערים; אָבער צוליב דיר האָב איך דעם שכל פאַרלוירן. דו וואָלסט מיך געקאָנט פירן ווו דו ווילסט — איך וואָלט דיר מיין בלוט אָפּגע־געבן, די נשמה וואָלט איך דיר אָפּגעגעבן. איצט בין איך אַזוי גרויס, ווי כ'בין, איינגעטונקען אין פריצישן בלוט, אָבער אַמאָל האָב איך בלויז די טאָטערס געשלאָגן, און דיר האָב איך דעם שלל געבראַכט — כדי דו זאָלסט גיין אין גאָלד און טייערע שטיינער, ווי אַ געטלעכער מלאך — פאַרוואָס האָסטו מיך דעמאָלט נישט געליבט? אוי, שווער, אוי, שווער! עס טוט מיר ווי מיין האַרץ. נישט מיט דיר לעבן קאָן איך, נישט אָן דיר, נישט פון דערווייטנס, נישט פון נאָענט — נישט אויפן באַרג, נישט אין טאָל — טייבעלע דו מיינס, נשמהלע דו מיינס! פאַרגיב מיר וואָס

איך בין צו דיר געקומען קיין ראָזלאָגי ווי אַ קאָזאַק, מיט שווערד און פייער, אָבער איך בין געווען שכור פון כעס אויף די פירשטן און כ'האָב אויפן וועג בראַנפן געטרונקען—אומגליק־לעכער רוצח! און שפּעטער, ווען דו ביסט פון מיר אַנטלאָפן, האָב איך געהיילט פּשוט ווי אַ הונט, און די ווונדן האָבן ווײ־געטון, און עסן האָב איך נישט געוואָלט, און דעם מלאך־המות האָב איך געבעטן, אַז ער זאָל מיך צונעמען — און דו ווילסט, אַז איך זאָל דיך איצט אָפּלאָזן, אַז איך זאָל דיך אויפסניי אָנווערן—טײַבעלע דו מיינס, נשמהלע דו מיינס!

דער קאָזאַק האָט איבערגעהאַקט, ווייל דאָס קול האָט זיך אים איבערגעריסן אין גאָרגל און פון זיין מויל האָבן זיך אַרויסגעריסן נאָר קרעכצן, און העלענאַס פּנים איז געוואָרן אַמאָל רויט און אַמאָל בלייך. וואָס מער הייסע ליבע עס האָט אַרויס־געשלאָגן פון באָהונס ווערטער, אַלץ גרעסער איז געווען דער תהום, וואָס האָט זיך געעפנט פאַרן מיידל, אַ תהום אָן אַ באָדעם, אָן אַ האָפנונג אויף רעטונג.

און דער קאָזאַק האָט אַ ווײלע זיך אָפּגערוט, גובר גע־ווען זיין אויפרעגונג און ווייטער געזאָגט:

— בעט וואָס דו ווילסט. אָט, קוק ווי די שטוב איז אויסגעפּוצט — דאָס איז מיין, דאָס איז שלל פון באַר, אויף 6 פערד האָב איך דאָס פאַר דיר געבראַכט — בעט וואָס דו ווילסט — ריין גאָלד, בלאַנקענדיקע קליידער, ליכטיקע שטיינער, הכנעהדיקע קנעכט. איך בין רייך, כ'האָב גענוג מיינס און כמעלניצקי וועט מיר אויך קיין עשירות נישט קאַרגן, דו וועסט זיין ווי די פירשטין ווישניאָוויעצקא, איך וועל פאַר דיר שלעסער איינגעמען, האַלב אוקראַינע וועל איך דיר אַוועקשענקען — ווייל הגם איך בין אַ קאָזאַק, נישט קיין שלאַכטשיץ, בין איך אָבער אַ גרויסער אַטאַמאַן, מיט מיר גייען צען טויזנט קאָזאַקן, מער ווי מיטן פירשט יערעמאַ. בעט, וואָס דו ווילסט, אַבי נאָר נישט אַנטלויפן פון מיר — אַבי דו זאָלסט ביי מיר בלייבן, טײַבעלע, און מיך ליב האָבן!

די פירשטין האָט זיך אויפגעהויבן אויף די קישנס. זייער

אַ בלייכע — אָבער איר זיס, וווּנדער־שיין פּנים האָט אויסגע־
דרוקט אַזאַ פעסטען ווילן, גאווה און קראַפט, אַז דאָס דאָזיקע טייבעלע איז אין דער רגע גיכער ענלעך געווען אויף אַ אָדלערל.

— אויב איר וואַרט אויף מיין תשובה — האָט זי געזאָגט — טאָ זייט וויסן, אַז ווען איך זאָל אפילו מיין גאַנץ לעבן מוזן איבערקרעכצן אין אייער געפאַנגשאַפט, וועל איך קיינמאָל, קיינמאָל אייך נישט ליב האָבן, זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן!

באָהון האָט אַ ווײַלע זיך געראַנגעלט מיט זיך אַליין.

— דו זאָלסט אַזעלכע ווערטער מיר נישט זאָגן — האָט ער געזאָגט מיט אַ הייזעריקער שטים.

— און דו זאָג מיר נישט וועגן דיין ליבע, ווייל זי איז פאַר מיר אַ חרפה און אַ בושה! איך בין נישט פאַר דיר.

דער קאָזאַק האָט זיך אויפגעשטעלט.

— און פאַר וועמען ביסטו, פּירעש קורצעוויטשעס טאָכטער? און וועמענס וואָלסטו געווען אין באַר, ווען נישט איך?

— ווער עס ראַטעוועט מיין לעבן, כּדי מיך מזכה צו זיין מיט שאַנד און נעפאַנגשאַפט, דער איז מיין שונא און נישט קיין פריינט.

— און דו מיינסט, אָט די פויערן וואָלטן דיך דערהרגעט? אַ שרעק כאַפּט מיך אָן אויפן געדאַנק!

— דאָס מעסער וואָלט מיך דערהרגעט, דו האָסט מיר עס אַרויסגעריסן.

— און איך וועל עס נישט אָפּגעבן, ווייל דו מוזט זיין מיינע — האָט דער קאָזאַק אויסגעשריגן.

— קיינמאָל נישט! כ'וויל בעסער דעם טויט.

— דו מוזט און וועסט זיין.

קיינמאָל נישט!

— נו, ווען דו וואָלסט נישט געווען פאַרוווּנדעט, וואָלט איך נאָכדעם, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, נאָך היינט אַרויסגעשיקט מיינע קאָזאַקן קיין ראַשקוו און זיי געהייסן מיר ברענ־

געון אַהער אַ גלח פֿאַרן קאָפּ, און מאָרגן וואָלט איך געווען דיין מאַן. נו, וואָס? אַ מאַן איז אַן עבירה נישט ליב צו האָבן. העי, דו הויך-וויל-געבוירן פריילין, פֿאַר דיר איז די ליבע פֿון אַ קאָזאַק אַ טרפה און אַ בושה. און ווער ביסטו דאָס אַזוינס, וואָס דו האַלטסט מיך פֿאַר אַ פּויער? ווו זענען דיינע שלעסער, באָיאַרן, חיילות פֿאַרוואָס איז עס דיר אַ חרפּה, פֿאַרוואָס איז עס דיר אַ בושה? איך האָב דיך גענומען אין קאַמף, דו ביסט אַ געפֿאַנגענע. אוי, ווען איך וואָלט געווען אַ פּויער, וואָלט איך דיך געלערנט שכל מיט אַ נאַהייקע איבער די ווייסע פּלייצעס און אָן אַ גלח וואָלט איך מיך אָנגעזעטיקט מיט דיין שיינקייט — ווען איך וואָלט געווען אַ פּויער, נישט קיין ריטער!

— מלאכים אין הימל, ראַטעוועט מיך! — האָט די פֿירשטין געשעפּטשעט.

און דערווייל האָט די רציחה זיך ביי אים וואָס אַמאָל מער צופֿלאַקערט און דער כעס האָט אין אים געקאָכט.

— איך ווייס — האָט ער געזאָגט — פֿאַרוואָס עס איז דיר אַ בושה, פֿאַרוואָס די שטעלסט זיך מיר אַקעגן! פֿאַר אַ צווייטן באַהאַלטסטו דיין מיידעלשע צניעות — אָבער עס וועט דערפֿון גאָרנישט ווערן. ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן, ווי איך בין אַ קאָזאַק! מיאוסער שליאַכטשיץ! פֿאַלשער ליאַך! אַ טויט אים! ער האָט קוים באַוויזן אַ קוק צו טון, קוים זיך אַ דריי געטון אין טאַנץ, און ער איז שוין אינגאַנצן זייגע, און דו, קאָזאַק, ליידָ, שלאָג דיר דעם קאָפּ! אָבער איך וועל אים פּאַקן און פֿון אים הייסן די הויט אַראָפּשינדן, מיט טשוועקעס באַשלאָגן. זיי וויסן, אַז כמיעלניצקי גייט אויף די ליאַכעס, און איך גיי מיט אים — און דיין טייבעלע וועל איך געפֿינען, אפֿילו אינטער דער ערד, און ווען כ'וועל צוריק קומען, וועל איך דיר אַלס מתנה זיין קאָפּ צו די פֿיס וואַרפֿן.

העלענא האָט נישט געהערט דעם אַטאַמאַנס לעצטע ווערטער. דער ווייטאָג, כעס, די ווונדער, די אויפֿרעגונג, שרעק האָבן ביי איר צוגענומען די כוחות — און אַ אומגעהויערע שוואַכקייט האָט זיך צעגאָסן איבער אירע אַלע אבֿרים, די אויגן און גע-

דאַנקען האָבן זיך ביי איר געלאָשן — און זי איז אומגעפאַלן אַ פאַרחלשטע.

דער קאָזאַק איז געשטאַנען אַ געוויסע צייט בלייך פון כעס, מיט אַ שוים אויף די ליפן — מיט אַמאָל האָט ער באַמערקט דעם אַראָפּהענגענדיקען טויטן קאָפּ און פון זיין מויל האָט זיך אַרויסגעריסן כמעט אַן איבערמענטשלעך געשריי.

— זי איז טויט! האַרפּינאַ! האַרפּינאַ! האַרפּינאַ!

און ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד.

די ריזן־מויד איז אין איין אימפּעט אַריינגעפאַלן אין שטוב.

וואָס איז דיר?

— ראַטעווע! ראַטעווע! — האָט באַהון געשריפּען — איך האָב זי דערהרגעט — די נשמה מיינע, די שיין מיינע.

— ביסטו משוגע?

— דערהרגעט, דערהרגעט! — האָט דער קאָזאַק געקרעכצט און זיך געבראָכן די הענט איבערן קאָפּ.

אָבער האַרפּינאַ איז צוגעגאַנגען צו דער פּירשטן און באַלד דערקענט, אַז דאָס איז נישט קיין טויט, נאָר אַ שווערע חלשות און אַרויסשיקענדיק באָהונען פון שטוב, האָט זי גענומען זי מונטערן.

די פירשטין האָט אין אַ ווײַלע אַרום געעפנט די אויגן.

— נו, מיידל, ס'וועט דיר נאָרנישט זיין — האָט די כישוף־מאַכערן געזאָגט — דו האָסט זיך אפנים פאַר אים דערשראָקן און נעפאַלן אין חלשות — אָבער דאָס חלשות וועט פאַרגיין, און דו וועסט ווידער זיין געזונט. דו ביסט אַ מיידל ווי אַ ניס, דו וועסט נאָך לאַנג לעבן אויף דער וועלט און געניסען פיל גליק.

— ווער ביסטו? — האָט די פירשטין געפרעגט מיט אַ שוואַכער שטים.

— איך? דיין דינערין — ווײַל אַזוי האָט ער געהייסן.

— וווּ בין איך?

— אין דער עדים הייל. דאָ איז פוסט און וויסט, ווערסט קיינעם נישט זען, אַ חוץ אים.

— וואונסטו דו דען אויך דאָ?

— דאָ איז אונזער נחלה. איך הייס דאָניעץ, מיין ברודער איז פאָלקאָוויק ביי באָהונען, ער פירט אָן מיט קאָזאַקן, און איך זיץ דאָ — און איך וועל דיך היטן אין דער דאָזיקער באַגילטער שטוב. פון דער כאַטע איז געוואָרן אַ פּאַלאַץ! — אַז עס זעצן אַזש פון איר פלאַמען! דאָס האָט ער פאַר דיר דאָס אַלץ געבראַכט.

העלענא האָט אַ קוק געטון אויפן מונטערן פּנים פון מיילד און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דאָס דאָזיקע פּנים איז פול מיט תמימות.

— און דו וועסט זיין גוט?

די ווייסע ציין פון דער יונגער מכשפה האָבן אַ בלאַנק געטון אין אַ שמייכל.

— כ'וועל זיין גוט, פאַרוואָס זאָל איך נישט גוט זיין? — האָט זי געזאָגט — אָבער אויך דו זאָלסט גוט זיין צום אַטאַמאַן. ער איז אַ סאָקאָל. ער איז אַ באַרימטער קאָזאַק, ער וועט דיך...

דאָ האָט זיך די מכשפה אַראָפּגעבויגן צו העלענאס אויער און געגומעט איר עפּעס איינרוימען, און צום סוף האָט זי אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער.

— אַוועק! — האָט די פירשטין אַ געשריי געטון.

## 3 קאַפּיטל.

באַגינען, מיט צוויי טעג שפּעטער, זענען האָרפּינא און באָהון געזעסן אונטער אַ ווערבע, נעבען מיל-ראָד און געקוקט אויפן וואַסער, וואָס האָט זיך אויף אים געשוימט.

— דו וועסט זי הימען, דו וועסט אויף איר אַכטונג געבן, וועסט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּנעמען, אַז זי זאָל קיינמאָל פון דער הייל נישט אַרויס — האָט באָהון געזאָגט.

— די הייל ביים טייך האָט אַ שמאָלן האַלז, און דאָ איז פאַרהאַן געניג אָרט. הייס דעם האַלז מיט שטיינער פאַרשיטן, און מיר וועלן דאָ זיין ווי אין טעפּל אויפן בוידעם; אַז איך וועל דאַרפן, וועל איך מיר אַן אַרויסגאַנג געפינען.

— מיט וואָס לעבט איר דען דאָ?

טשערעמיס פלאַנצט קוקורוזע אונטער די פעלזן, ער פלאַנצט ווייץ און כאַפּט פייגל. מיט דעם, וואָס דו האָסט דאָ געבראַכט, וועט איר גאָרנישט פעלן, סיידן פויגל-מילך. האָב נישט קיין מורא, זי וועט שוין פון דער הייל נישט אַרויס און קיינער וועט זיך וועגן איר נישט דערוויסן. זע נאָר, אַז דיינע מענטשן זאָלן נישט אויסזאָגן, אַז זי איז דאָ.

— איך האָב זיי געהייסן שווערן. זיי זענען געטרייע קאָזאַקן און וועלען נישט אויסזאָגן, ווען מען וועט פון זיי אפילו די הויט אַראָפּשינדען. אָבער דו האָסט אַליין געזאָגט אַז עס קומען דאָ אַהער צו דיר מענטשן-לאָזן כישוף-מאַכן.

— אַמאָל קומט מען פון ראַשקעוו, און אַמאָל, אַז מען דערוויסט זיך, קומט מען אויך גאָט ווייס פון וואַנען. אָבער זיי בלייבן ביים טייך, אין די הייל קומט קיינער נישט אַריין. ווייל מ'האָט מורא. דו האָסט געזען ביינער: געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט אַריינקומען, ליגן דאָס זייערע ביינער.

— דו האָסט זיי ערמאָרדעט?

— ווער עס האָט ערמאָרדעט, האָט ערמאָרדעט! אַז עמי־צער וויל לאָזן כּישוף־מאַכן, וואַרט ער ביי דער הייל, און איך גיי צום ראָד. וואָס איך זע אין וואַסער, גיי איך און זאָג. נאָר"ד וועל איך אויך פֿאַר דיר קוקן אין וואַסער אַריין, נאָר איך ווייס נישט, צי עס וועט זיך עפּעס באַווייזן, ווייל נישט שטענדיק זעט מען.

— זאָלסט נאָר נישט עפּעס שלעכטס דערזען.

אַז עס וועט זיין עפּעס שלעכטס, וועסטו נישט אַוועק־פֿאָרן. בעסער אַז דו זאָלסט בכלל נישט פֿאָרן.

כ'מוז, כמיעלניצקי האָט מיר געשריבן אַ בריוו קיין באַר, אַז איך זאָל צוריקקערן און קשיוואָנאָס האָט אויך באַפֿוילן. איצט מאַרשירן אויף אונז די ליאַכעס מיט אַ גרויסן חייל, מוזן מיר אויך זאַמלען אונזערע כּוחות.

— און ווען וועסטו צוריקקומען?

— כ'ווייס נישט. ס'וועט זיין אַ גרויסע שלאַכט, וואָס אַ זעלכע איז נאָך נישט געווען. אָדער מיר וועלען אומקומען, אָדער די ליאַכעס וועלען אומקומען. אויב זיי וועלן אונז צו־קלאַפּן, וועל איך אַנטלויפֿן אַהער, אויב מיר וועלן זיי צוקלאַפּן — וועל איך צוריקקומען נאָך מיין טייבעלע און מיט איר אַוועקפֿאָרן קיין קיעוו.

— און אַז דו וועסט אומקומען?

—דערויף בין איך אַ כּישוף־מאַכערין, אַז איך זאָל וויסן.

— און אַז דו וועסט אומקומען?

— איינמאָל האָט די מאַמע געבוירן.

— אָבער וואָס זאָל איך דעמאָלט טון מיטן מיידל? דעם קאָפּ איר אַראָפּדרייען, וואָס?

— פּרוּוו נאָר זיך צורירן צו איר מיט אַ האַנט, און איך וועל מיט אָקסן דיך הייסן שלעפּן צום דראָנג.

דער קאָזאַק האָט זיך אומעטיק פֿאַרטראַכט.

אויב איך וועל אומקומען, זאָלסטו איר זאָגן, אַז זי זאָל מיר מוחל זיין.

— העי, אַ אומדאַנקבאַרע ליאַבקע איז דאָס, אויב זי ענט־
פערט דיר נישט אָפּ מיט ליבע אויף אַזאַ ליבע. ווען עס קומט
אַזוי אָן אויף מיר, וואָלט איך נישט געווען אַזוי איינגעשפּאַרט
— הוי! הי!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זי מיט דער פויסט צוויי
מאָל אַ שטויס געטון דעם קאָזאַק אין די זייט אַריין און זיך
צושמייכעלט, ווייזנדיק אים אַלע ציין.

— גיי דו צום טייוול! — האָט דער קאָזאַק זיך אָנגע־
רופן.

— נו, נו, כ׳ווייס, אַז דו ביסט נישט פאַר מיר.

באַהון האָט זיך פאַרקוקט אויפן שוימיקן וואַסער פון ראָד,
גלייך ווי ער וואָלט אַליין וועלען זיך וואַרזאָגן.

— האָרפּינאַ? — האָט ער געזאָגט אין אַ ווײלע אַרום.

— וואָס?

— אַז איך וועל אַוועקפאָרען, וועט זי בענקען נאָך
מיר?

— אויב דו ווילסט זיך נישט באַגיין מיט איר מיט גע־
וואַלט ווי אַ קאָזאַק, איז אפשר בעסער, אַז דו זאָלסט אַוועק־
פאָרן.

— כ׳וויל נישט, כ׳קאָן נישט, כ׳האָב קיין העזה נישט!
כ׳ווייס, אַז זי וואָלט געשטאָרבן.

— אויב אַזוי, איז אפשר בעסער, אַז דו זאָלסט פאָרן.
כל־זמן זי זעט דיך, וויל זי דיך אַפילו נישט קענען, אָבער אַז
זי וועט זיצן מיט מיר און מיט טשערעמיסן אַ חודש, צוויי —
וועסטו ביי איר באַלד נושא־חן זיין.

— ווען זי וואָלט געווען געזונט, ווייס איך, וואָס כ׳וואָלט
געטון. כ׳וואָלט אַראָפּגעבראַכט אַ פּאָפּ פון ראַשקווו און געהייסן
געבן קידושין, אָבער איצט האָב איך מורא, ווייל אַז זי וועט
זיך איבערשרעקן — וועט זי די נשמה אויסהויכן. האָסט אַליין
געזען.

— לאָז צורו. צו וואָס טויג דיר אַ פּאָפּ מיט קידושין.
ביסט נישט קיין אמתער קאָזאַק—ניין! איך וויל דאָ נישט האָבן

נישט קיין פּאָפּ און נישט קיין קסיאָנדז. אין ראַשקווו שטייען די דאָברוצקער טאָטערס, דו קאָנסט זיי נאָך דאָ אונז אַראָפּברענגען אויפֿן קאַרק, און אַז דו וועסט זיי אַראָפּברענגען, וועסטו שוין די פֿירשטין פֿאַר די אויגן מער נישט אָנזען. וואָס פֿאַלט דיר דען איין? פֿאָר דיר אַוועק און קום צוריק.

— און דו קוק אין וואַסער אַריין און זאָג, וואָס דו וועסט זען. זאָג דעם אמת און פֿאַרלייקן גאָרנישט, ווען דו זאָלסט מיך אַפֿילו דערזען אַ טויטן.

האָרפּינא איז צוגעגאַנגען צו דער מיל-קאָריטע און אויפֿגעהויבן דאָס צווייטע ברעט, וואָס האָט פֿאַרהאַלטן דעם שטראָם פֿון קוואַל-וואַסער; מיט אַמאָל איז אַ האַסטיקע כוואַליע מיט אַ פֿאַרטאָפּלטן אימפּעט אָנגעלאָפֿן דורך דער קאָריטע; דאָס ראָד האָט גענומען זיך שנעלער דרייען, ביז עס איז צום סוף באַדעקט געוואָרן פֿון וואַסער-שטויב; דער אויף פּיצלעך צוקלאַפּטער שוים האָט זיך געקנוילט אונטערן ראָד ווי זידיק וואַסער.

די מכשפֿה האָט איינגעגראָבן אירע שוואַרצע אויגן אין דעם דאָזיקן זידעניש און, אָנכאַפּנדיק זיך פֿאַר די צעפּ ביי די אויערן, האָט זי גענומען רופֿן:

— הוקו! הוקו! באַווייז זיך! אין דעמבענעם ראָד, אין ווייסן שוים, אין העלן נעפּל, אַ בייזער, צי אַ גוטער, באַווייז זיך!

באָהון איז צוגעגאַנגען און זיך געזעצט נעבן איר. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט מורא און ברענענדיקע נייגעריקייט.

— כ׳זע!—האָט די מכשפֿה אויסגעשריגן.

— וואָס זעסטו?

— דעם טויט פֿון מיין ברודער. צוויי אָקסן שלעפּן דאָניעצן אויף אַ דראָנג אַרויף.

— צום טײַוול מיט דיין ברודער! — האָט געוואָרטשעט באָהון, וועלכער האָט עפּעס אַנדערש געוואָלט דערגיין.

אַ ווײַלע האָט מען געהערט בלויז דאָס גערויש פֿון ראָד, וואָס האָט זיך געדרייט מיט אַ אומגעווייגלעכער האַסטיקייט.

— דער קאָפּ ביי מיין ברודער איז בלוי, די האָבן פּיקן אים! — האָט די מכשפה געזאָגט.

— וואָס נאָך זעסטו?

— גאָרנישט. — אָ, ווי בלוי! הוקו! הוקו! אין דעמבענעם ראָד, אין ווייסן שוים, אין העלן נעפּל, בּאַווייזט זיך! — כ׳זע.

— וואָס?

— אַ שלאַכט! די ליאַכעס אַנטלויפן פאַר די קאָזאַקן.

— און איך יאָג?

— כ׳זע אויך דיך. דו ראַנגלסט זיך מיט אַ קליינעם ריטער. הור הור! הור! דו זאָלסט זיך פאַר דעם קליינעם ריטער היטן.

— און די פירשטין?

— זי איז נישטאָ. כ׳זע דיך ווידער, און נעבן דיר עמיצן, וואָס וועט דיר פאַלש זיין. דיין פאַלשער פריינט.

באָהון האָט געפּרו׳ס מיט די אויגן אַמאָל דעם שוים, אַמאָל האָרפּינאַן — און אין דערזעלבער צייט האָט ער געאַרבעט מיטן קאָפּ, ווילנדיק דערגיין דעם זין פון כישוף.

— וואָס פאַר אַ פריינט?

— כ׳זע נישט. כ׳ווייס נישט, אַ אַלטער, צי אַ יונגער?

— אַ, אַלטער! מסתמא אַ, אַלטער!

— און אפשר אַ אַלטער?

— כ׳ווייס, ווער דאָס איז. ער איז מיר שוין אַמאָל פאַלש געווען. דער אַלטער שלאַכטשיץ מיט דער גרויער באָרד און מיטן ווייסן אויג. אַ טויט אים! אָבער ער איז נישט מיין פריינט.

— ער לויערט אויף דיר. כ׳זע ווידער. וואַרט! פאַראַן אויף די פירשטין! פאַראַן, אין אַ רויזן־קראַנץ, אין אַ ווייסן קלייד, איבער איר אַ יאַסטרעב.

— דאָס בין איך.

— אפשר דו. אַ יאַסטרעב... אָדער אַ סאָקאָל? אַ יאַסטרעב.

— דאָס בין איך.

— וואַרט. מ׳זעט שוין נישט... אין דעמבענעם ראָד, אין

ווייסן שוים... אָ! אָ! זעלנער לרוב, קאָזאַקן לרוב, אוי, לרוב, ווי די בוימער אין וואַלד, ווי די דערנער אין סטעפּ, און דו ביסט איבער אַלע, פאַר דיר טראָגט מען דריי פאָנען.

— און די פירשטין איז ביי מיר?

— זי איז נישטאָ דו ביסט אין לאַגער.

ווידער איז אַ ווײַלע געוואָרן שטיל. דאָס ראָד האָט זיך האַסטיק געדרייט, אַז די גאַנצע מיל האָט זיך אַזש געטרייסלט.

— העי, וויפיל בלוט! וויפיל בלוט! וויפיל הרוגים, וועלף איבער זיי, ראָבן איבער זיי! — אַ מגפה איבער זיי. בלויז הרוגים! בלויז הרוגים! אָט! אָט! בלויז הרוגים, מ׳זעט גאָרנישט, נאָר בלוט!

מיט אַמאָל האָט אַ לייכט ווינטל אַראָפּגעבלאָזן דעם נעפּל פון ראָד — און צו דערזעלבער צייט האָט זיך העכער, איבער דער מיל, באַוויזן דער מנוולדיקער טשערעמיס מיט אַ בינטל האָלץ אויף די פּלייצעס.

— טשערעמיס, פאַרלייג דאָס ברעט! — האָט די מויד אויסגערופן.

נאָך די דאָזיקע ווערטער איז זי אַוועק זיך אָפּוואַשן די הענט און דאָס פּנים אין וואַסערל, און דאָס צווערגל האָט דערווייל פאַרהאַלטן דאָס וואַסער.

באָהון איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער. עס האָט אים ערשט אויפגעוועקט האָרפּינאַס אָנקומען.

— דו האָסט מער גאָרנישט געזען? — האָט ער זי געפרעגט.

— דאָס וואָס עס האָט זיך געוויזן, האָט זיך געוויזן, מער וועל איך נישט זען.

— און דו האָסט נישט געלייקנט?

— איך שווער דיר ביים ברודערס קאָפּ, אַז כ׳האָב געזאָגט דעם אמת. אים וועט מען אויפן דראָנג אַרויפזעצן. מיט אָקסן וועט מען אים ביי די פיס שלעפּן. ס׳איז מיר אַ רחמנות אויף אים. העי, נישט אים אַליין איז אָנגעצייכנט דער טויט: וויפיל הרוגים האָבן זיך געוויזן! כ׳האָב נאָך קיינמאָל אַזוי פיל נישט געזען; ס׳וועט זיין אַ גרויסע מלחמה אויף דער וועלט.

— און זי האָסטו געזען מיט אַ יאַסטרעמב איבערן קאָפּ?

— יאָ.

— און זי האָט געטראָגען אַ קראַנץ?

— אַ קראַנץ און אַ ווייס קלייד.

— און פון וואַנען ווייסטו, אַז דער דאָזיגער יאַסטרעב — בין איך? איך האָב דיר דערציילט וועגן דעם יונגען ליאַך דעם שלאַכטשיץ — אפשר איז דאָס ער.

די מויד האָט געקנייטשט די ברעמען און זיך פאַרטראַכט.

— ניין, — האָט זי געזאָגט אין אַ ווילדע צרוּם, שאָקלענדיק מיט'ן קאָפּ: — ווען עס וואָלט געווען אַ ליאַך, וואָלט עס געווען אַ אָדלער.

— געלויבט איז גאָט! געלויבט איז גאָט! איך וועל איצט גיין צו די קאָזאַקן, אַז זיי זאָלן גרייטן די פערד צום וועג. ביינאַכט לאָזען מיר זיך אין וועג אַריין.

— פאָרסטו, הייסט עס, אויף זיכער.

— כמיעל האָט באַפוילן און קשיוואָנאָס האָט באַפוילן. דו האָסט ריכטיק געזען אַז עס וועט זיין אַ גרויסע מלחמה, ווייל איך האָב דאָס זעלבע געלעזן אין באַר, אין אַ בריוו פון כמיעלן.

באָהון האָט אמת נישט געקענט לעזן, ער האָט זיך אָבער געשעמט דערמיט — ווייל ער האָט נישט געוואָלט, אַז מ'זאָל אים האַלטן פאַר אַ גראָבן־יונג.

— אויב אַזוי, פאָר! — האָט די מכשפה געזאָגט — דו ביסט גליקליך — וועסט ווערן אַ העטמאַן, איך האָב געזען איבער דיר דריי פאָנען, אַזוי ווי איך זע מיינע פינגער.

אַ העטמאַן וועל איך ווערן און די פירשטין וועל איך זיך נעמען פאַר אַ ווייבל — אַ פויערטע שטייט מיר נישט אָן.

— מיט אַ פויערטע וואָלסטו געווען אַנדערש ריידן — פאַר איר אָבער שעמסטו זיך. דו דאַרפסט זיין אַ ליאַך.

— איך בין דאָך נישט ערגער.

נאָך די דאָזיגע ווערטער איז באָהון צוריק אין שטאַל,

צו די קאָזאַקן — און האָרפּינאַ איז געגאַנגען קאָכן עסן.

אין אָוונט זענען די פערד געווען גרייט אין וועג אַריין, אָבער באָהון האָט זיך נישט געאײַלט אַוועקצופאָרן. ער איז געזעסן אויף אַ פּאַק טעפּיכער אין דער שטוב, מיט דער פּלייט אין דער האַנט און געקוקט אויף זיין פירשטין, וועלכע האָט זיך שוין אויפגעהויבן פון בעט, אָבער פאַררינקענדיג זיך אין אַ צווייטן עק פון שטוב, האָט זי שטיל געשעפּטשעט אַ תּפֿלה, נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו אויפן קאָזאַק, גלייך ווי ער וואָלט גאָרנישט געווען אין דער שטוב און ער, פאַרקערט, האָט מיט די אויגן נאָכגעשפּירט, איר יעדן ריר האָט ער אויפגעכאַפּט מיט די אויערן איר יעדן זיפץ — און האָט אַליין נישט געוווּסט וואָס ער זאָל מיט זיך טון. יעדע ווײַלע האָט ער געעפנט דאָס מויל צו פאַרפירן אַ שמועס. אָבער די ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין האַלדז! עס האָט ביי אים צוגענומען דאָס לשון דאָס בלאַסע, שטילשווייגנדיקע פּנים מיטן אויסדרוק פון אַ געוויסער קפּדנות אויף די ברעמען און אויף די ליפּן. דעם דאָזיקן אויסדרוק האָט פריער באָהון ביי איר נישט געזען. און נישט ווילנדיק האָט ער זיך דערמאָנט ענלעכע אָוונטן אין ראָזלאָגי, און זיי האָבן, ווי לעבעדיקע, דערוואַכט אין זיין זכרון: ווי אַזוי ער און די קורצעוויטשעס זענען געזעסן אַרום דעם דעמבענעם טיש, די אַלטע פירשטין האָט געשיילט באַניע-קערן, די פירשטן האָבן געוואָרפן ביינדלעך פון בעכער — און ער האָט זיך איינגעקוקט אין די וווּנדער-שיינע העלענאַ, פּונקט אַזוי ווי ער קוקט זיך איצט איין אין איר. אָבער דעמאָלט איז ער געווען גליקלעך, דעמאָלט, ווען ער האָט דערציילט וועגן זיינע עקספּעדיציעס מיט די סיטש-לייט — האָט זי געהאָרכט און אָפט פּלעגן אירע שוואַרצע אויגן זיך אָפּשטעלן אויף זיין פּנים, און איר קוים-געעפנט מויל האָט עדות געזאָגט, מיט וואָס פאַר אַ אינטערעס זי הערט זיך צו. איצט האָט זי אַפילו קיין קוק נישט געטון. דעמאָלט פּלעגט טרעפן, אַז ווען ער האָט געשפּילט אויף דער פּלייט, האָט זי אים געהאָרכט און אים געקוקט, און אין אים איז אַזש דאָס האַרץ צוגאַנגען. און פּלאַי-פּלאָים: ער איז דאָך איצט איר

האַר, ער האָט זי גענומען מיט אַ באַוואָפנטער האַנט, זי איז
אין זיין רשות, זיין געפאַנגענע — ער קאָן איר באַפעלן, אָבער
דעמאָלט האָט ער זיך געפילט נענטער צו איר און פאַר אירס־
גלייכן. די קורצעוויטשעס זענען געווען זיינע ברידער, און זי
זייער שוועסטער, זי איז געווען נישט בלויז זיין טייבעלע, זיין
סאָקאָל, דאָס ליבסטע שוואַרץ־ברעמיקע מיידל, נאָר אויך אַ
קרובה. און איצט זיצט פאַר אים אַ שטאָלצע, אָנגעכמורעטע,
שווייגנדיקע, אומברחמנותדיקע האַרין. עי, דער כעס קאָכט אין
אים. ער וואָלט איר געוויזן, וואָס עס הייסט מבזה זיין אַ קאָ־
זאַק, אָבער ער ליבט די דאָזיקע אומדערבאַרמדיקע האַרין —
דאָס בלוט וואָלט ער זיך געלאָזט פאַר איר אויסצאַפּן, און יעדעס
מאָל ווען דער כעס גיט אים אַ כאַפּ אָן פאַר דער ברוסט—איז
ווי עפּעס אַ געהיימע האַנט וואָלט אים אָנגעכאַפּט פאַר די האָר,
ווי עפּעס אַ קול וואָלט אים אַ האַק געטון אין אויער אַריין:
שטיי! איבעריקנס, ער האָט זיך שוין צופלאַקערט, ווי אַ פלאַם
און שפּעטער מיטן קאָפּ געשלאָגן אין דער ערד. דערמיט האָט
עס זיך אויסגעלאָזט. דער קאָזאַק האָט זיך קיין אָרט נישט גע־
קאָנט געפינען, ווייל ער האָט געשפּירט, אַז ער איז איר צו־
לאַסט אין דער דאָזיקער שטוב. וואָלט זי אַ שמייכל געטון, אַ
גוט וואָרט געזאָגט—וואָלט ער געפאַלן צו אירע פיס און אַוועק־
געפאָרן צום טייוול, כדי זיין גאַנצן ווייטאָק, כעס און בזיון צו
דערטרינקען אין ליאַכישן בלוט. און דאָ זיצט ער ווי אַ גע־
פאַנגענער פאַר דער דאָזיקער פירשטין. ווען ער וואָלט זי נישט
געווען קענען פון לאַנג אָן, ווען דאָס וואָלט געווען אַ ליאַכיקע
פון עפּעס אַ פריצישן הויף, וואָלט ער געהאַט מער דרייסטקייט
—אָבער דאָס איז די פירשטין העלענא, צוליב וועלכער ער האָט
זיך גענייגט פאַר די קורצעוויטשעס, פאַר וועלכער ער האָט גע־
וואָלט אָפּגעבן ראָזלאָגי און אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט.
דעריבער שעמט ער זיך ערשט רעכט צו באַגיין זיך מיט איר
ווי אַ פויער, דעריבער איז ער אַזוי נישט דרייסט צו איר.

די צייט פאַרגייט. עס דערטראָגט זיך אַ גערויש פון די
שמועסן, וואָס עס פירן פאַר דער כאַטע די קאָזאַקן, וועלכע

זיצן שוין צוּדאי אויף די זאָטלען און וואַרטן אויפֿן אַטאַמאַן, און דער אַטאַמאַן זיצט אין יסורים. דער העלער פּלאַם פֿון קין פֿאַלט אויף זיין פּנים, אויפֿן רייכן ראָק און אויף די פּלייט — און זי, זי זאָל כאָטש אַ קוק טון! דער אַטאַמאַן איז אי פֿאַרביטערט, אי בייז, אי פֿאַרבענקט און אי נאַריש־צוטראָגן. ער וואָלט געוואָלט זיך הייס געזעגענען, און ער האָט מורא פֿאַר דעם דאָזיקן געזעגענען־זיך, אַז עס וועט נישט אַרויסקומען אַזוי, ווי עס באַגערט זיין נשמה, ער האָט מורא, אַז ער וועט אַוועקגיין אַ פֿאַרביטערטער, אַ אויפֿגעבראַכטער, אַ פֿאַרקלעמטער.

עי, ווען דאָס וואָלט נישט געווען די פֿירשטין העלענאַ, די פֿירשטין העלענא, וואָס האָט זיך געשטאָכן מיט אַ מעסער, וואָס דראָט זיך אַליין צו נעמען דאָס לעבן, און איז אַזוי ליב, אַזוי ליב! וואָס אכזריותדיקער און וואָס שטאָלצער זי איז, אַלץ ליבער איז זי!...

מיט אַמאָל האָט אַ פֿערד אַ הירזשע געטון אונטערן פֿענסטער.

דער קאָזאַק האָט זיך אָנגענומען מיט מוט.

— פֿירשטין — האָט ער געזאָגט — איך דאַרף זיך שוין לאָזן אין וועג אַריין.

העלענאַ האָט געשוויגן.

— און דו וועסט מיר נישט זאָגן: פֿאָר מיט גאָט?

— פֿאָרט מיט גאָט! — האָט זי ערנסט געזאָגט.

דער קאָזאַקס האַרץ איז פֿאַרקלעמט געוואָרן: זי האָט געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, אָבער ער האָט געוואָלט עפּעס אַנדערש.

— נו, כ׳ווייס — האָט ער געזאָגט — אַז דו ביסט אויף מיר בייז, אַז דו האָסט מיך פֿיינט, אָבער איך מוז דיר זאָגן, אַז אַ צווייטער וואָלט צו דיר ערגער געווען פֿון מיר. איך האָב דיך דאָ אַהערגעבראַכט, ווייל כ׳האָב אַנדערש נישט געקאָנט, אָבער וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָב איך דיר געטון? בין איך זיך דען נישט באַגאַנגען מיט דיר, ווי מיט אַ בת־מלכּה?

זאָג אַליין, בין איך דען אַזאַ רוצח, אַז דו ווילכסט מיר קיין גוט וואָרט נישט זאָגן? און דו ביסט דאָך אין מיין רשות.

— איך בין אין גאָטס רשות — האָט זי געזאָגט מיט דער זעלבער ערנסטקייט וואָס פריער — אָבער דער־פאַר וואָס איר האַלט זיך איין ווען איר זענט מיט מיר, דאַנק איך אייך...

— איצט וועל איך שוין אַוועקפאָרן, נאָכדעם ווי כ׳האָב כאָטש דאָס געהערט פון דיר. אפשר וועסטו זיך מיישב זיין, אפשר וועסטו בענקען!

העלענא האָט געשוויגן.

— אַ שאָד דיך צו לאָזן דאָ אליין — האָט באַהון גע־זאָגט — אַ שאָד אַוועקצופאָרן, אָבער כ׳מוז. לייכטער וואָלט גע־ווען, ווען דו וואָלסט אַ שמייכל געטון, ווען די וואָלסט מיר געגעבן אַ ברכה פון גאַנצן האַרץ. וואָס זאָל איך טון, כדי צו געווינען דיין צוגעגעטקייט?

— גיב מיר צוריק די פרייהייט, און גאָט וועט דיר אַלץ מוחל זיין, און איך וועל דיר מוחל זיין און וועל דיך בענטשן.

— נו אפשר וועסטו מיך נאָך בענטשן — האָט דער קאָ־זאַק געזאָגט — אפשר וועסטו נאָך חרטה האָבן, וואָס דו ביסט צו מיר אַזוי שטרענג געווען.

באַהון האָט געוואָלט זיך אויסקויפן דעם מאָמענט פון גע־זעגענען־זיך כאָטש פאַר אַ שטיקל הבטחה, וועלכע ער האָט גאָר־נישט בדעה געהאַט מקיים צו זיין — און ער האָט דאָס זיי־ניקע אויסגעפירט, ווייל אַ פונק פון האָפנונג האָט אַ בליץ גע־טון אין העלענאָס אויגן און די שטרענגקייט איז פאַרשוואונדען פון איר פנים. זי האָט צונויפגעפלאָכטן די פינגער ביי דער ברוסט און אָנגעשטעלט אויף אים אַ קלאָרן בליק.

— ווען דו וואָלסט...

— נו, כ׳ווייס נישט — האָט דער קאָזאַק שטיל געזאָגט — ווייל אי אַ בישה און אי אַ רחמנות האָבן אים צו דער זעלבער צייט אָנגעכאַפּט פאַרן גאָרגל — איצט קאָן איך נישט, איך קאָן נישט — די טאָטערס ליגן אייף די ווילדע פעלדער! זיי־

ערע מחנות שלעפּן זיך אומעטום אַרום — פון ראַשקווו קומען דאָברוזשער טאַטערס — איך קאָן ניִשט, ווייל ס׳איז אַסכּנה, אָבער אַז כ׳וועל צוריקקומען... איך בין ביי דיר ווי אַ קינד. דו וועסט מיט מיר מאַכן וואָס דו ווילסט. כווייס ניִשט... כ׳ווייס ניִשט!..

— זאָל דיך גאָט באַהיטן מיט זיין גייסט, זאָל דיך די הייליגע ריינסטע באַהיטן מיט איר גייסט... פּאַר מיט גאָט.

און זי האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט. באַהון האָט אַ שפּרונג געטון און זיך איינגעזויגן אין איר מיט זיינע ליפּן — מיט אַמאָל האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט זיך אָנגעשטויסן אויף איר ערנסטן בליק — און אָפּגעלאָזט די האַנט, און ווען ער איז צוריקגעגאַנגען צו דער טיר, האָט ער זיך געבייגט ביזן גאַרטל אויפן קאָזאַקישן שטייגער, האָט זיך פאַרנייגט, נאָך שטייענדיק אין דער טיר, און צום סוף איז ער נעלם געוואָרן הינטער דער פּאָרהאַנג.

באַלד האָבן זיך דורך די פענסטער דערטראָגן קולות, אַ געקלאַנג פון כּלי־זין און שפּעטער די ווערטער פון אַ ליד, וואָס איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון צענדליקער שטימען:

ס׳וועט זיין אַ שמחה אַ גרויסע
צווישן קאָזאַקן,
צווישן חברים,
אויף לאַנגע יאָרן,
אויף אייביגע דורות...

די קולות און די שריט האָבן זיך דערווייטערט און זענען ביסלעכווייז אנטשוויגן געוואָרן.

## 4 קאַפּיטל.

— גאָט האָט שוין איינמאָל מיט איר געטון אַ גרויסן נס — האָט הער זאַגלאָבא געזאָגט צו וואָלאָדיאָווסקין און פּאָד־ביפּיענטאַן, זיצנדיק אין סקשעטוסקיס קוואַרטיר — אַ גרויסן נס, זאָג איך, וואָס ער האָט מיר דערלויבט זי אַרויסצורייסן פון די דאָזיגע הינטישע הענט און זי צו באַשיצן איבערן גאַנצן וועג — לאָמיר האָפן, אַז ער וועט זיך נאָך איבער איר און איבער אונז דערבאַרמען. אַבי זי זאָל נאָר זיין לעבן געבליבן. דאָס האַרץ זאָגט מיר עפּעס, אַז ער האָט זי ווידער פאַרכאַפּט. באַטראַכט נאָר, גנעדיקס הערן: ווי די געפּאַנגענע האָבן אונז דערציילט, איז ער דאָך נאָך פוליאָנען געוואָרן ביי קשיוואָנאָסן דער צווייטער פירער — אַז דער טייוול זאָל מיט אים אָנפירן! — אויב אַזוי האָט ער געמוזט זיין ביים פאַרנעמען באַר.

— ער האָט געקאָנט זי נישט געפינען אין דער מאַסע פון די אומגליקליכע; דאָרט זענען דאָך ביז צוואַנציג טויזנט נפשות אויסגעקוילעט געוואָרן — האָט הער וואָליאָדאָווקי זיך אָנגערופן.

—אויב אַזוי, קענט איר אים נישט. און איך וואָלט געשוואוירן, אַז ער האָט געוואוסט, דאָס זי איז אין באַר. עס קאָן אַנדערש נישט זיין, נאָר אַז ער האָט זי מציל געווען פון דער שחיטה און ערגיץ אַוועקגעפירט.

— איר האָט אונז דערמיט קיין גרויסע נחמה נישט פאַרשאַפט, ווייל ווען איך וואָלט געווען הער סקשעטוסקי, וואָלט איך בעסער געוואָלט, אַז זי זאָל אומקומען, איידער זי זאָל בלייבן אין זיינע שמוציגע הענט,

— און דאָס איז נישט קיין נחמה, ווייל אויב זי איז אומגעקומען, איז זי געשענדעט...

— שרעקלעך! — האָט וואָלאַדיאָווסקי אויסגערופֿן.

— אָך, שרעקלעך! — האָט ער לאָנגינוס איבערגעחזרט.

זאַגלאָבא האָט גענומען ציפּן די וואָנסעס און די באָרד און צום סוף האָט ער אויסגערופֿן:

— אַז דער פּאַרך זאָל זיי אויפֿפֿרעסן, דאָס דאָזיגע גאַנצע כּלבים געזונטל! — אַז די געצן־דינער זאָלן פֿון זיי די בעבעכעס אַרויסציען! גאָט האָט באַשאַפֿן אַלע אומות, אָבער זיי האָט דער טייוול באַשאַפֿן, זיי, די דאָזיקע סדום־לייט, אַז אַלע זייערע חזירישע נקבות זאָלן ווערן עקרות!

— איך האָב נישט געקענט דאָס דאָזיקע זיסע מיידל — האָט ער וואָלאָדיאָווסקי אומעטיק געזאָגט — אָבער איך וואָלט בעסער וועלן, אַז דאָס אומגליק זאָל מיך אַליין האָבן געטראָפֿן.

— איינמאָל האָב איך זי אין מיין לעבן געזען, אָבער ווען איך דערמאָן זי, ווערט פֿון צער דאָס לעבן נמאס! — האָט ער לאָנגינוס געזאָגט.

— דאָס זאָגט איר־האָט ער זאַגלאָבא זיך אָנגערופֿן — ערשט וואָס זאָל איך זאָגן, איך, וואָס האָב זי ליב באַקומען, ווי אַ פֿאָטער און זי אַרויסגעראַטעוועט פֿון אַזאַ צרה — וואָס זאָל איך זאָגן?

— און וואָס זאָל ערשט זאָגן ער סקשעטוסקי — האָט וואָלאָדיאָווסקי געפֿרעגט.

און אַזוי האָבן די ריטערס געקלאָגט און דערנאָך זיך פֿאַרזונקען אין אַ שטילשווייגן.

דער ערשטער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט ער זאַגלאָבא.

— איז דען שוין טאַקע נישטאָ קיין עצה? — האָט ער געפֿרעגט.

— אויב עס איז נישטאָ קיין עצה, ליגט אָבער אויף אונז אַ חוב צו נעמען נקמה — האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפֿערט.

— הלוואי זאָל וואָס גיכער זיין אַ גענעראַל־שלאַכט! — האָט ער לאָנגינוס געזיפֿצט. — מ׳זאָגט וועגן די טאָטערס, אַז זיי

זענען שוין אַריבער דעם טייך און פאַרלייגט זייער לאַגער אויף די פעלדער.

דערויף האָט הער זאַגלאָבא זיך אָנגערופן:

— עס קאָן ניט זיין, אַז מיר זאָלן זי, די אומגליקליכע, אַזוי איבערלאָזן און גאָרנישט אונטערנעמען זי צו ראַטעווען. גענוג האָב איך זיך שוין מיט מיינע אַלטע ביינער ארומגעשלעפט איבער דער וועלט, ס׳וואָלט שוין צייט געווען פאַר מיר זיך במנוחה ערגיץ אין אַ בעקעריי צו ליגן אין וואַרעמען זיך. אָבער פאַר דעם דאָזיקן אומגליקליכן מיידל וועל איך נאָך גיין אפילו קיין סטאַמבול, וועט איך זאָל אפילו דאַרפן ווידער אָנטון אַ פויערשן קיטל און נעמען אין די הענט אַריין אַ לירע, אויף וועלכע איך קאָן אָן עקל נישט אַ קוק־טון.

— איר זייט דאָך אַזוי רייך אין המצאות, טראַכט עפּעס אויס — האָט הער פּאָדביפּיענטא געזאָגט.

— א סך המצאות זענען מיר שוין געקומען אין קאָפּ אַריין. ווען פּירשט דאָמיניק וואָלט נאָר געפאַלן אויף אַ העלפט פון זיינ׳ס וואָלט כמיעלניצקי אַ אויסגעפּאַשעטער שוין געהאָנגען פאַר די הינטערשטע פיס אויף דער תליה. כ׳האָב וועגן דעם שוין גערעט אויך מיט סקשעטוסקין, אָבער מיט אים קאָן מען זיך איצט נישט צונויפריידן. דער ווייטאָק האָט זיך אויף אים איינגעבאַקן אין האַרץ און נאָגט אים ערגער ווי אַ קרענק. איר היט אים, אַז ער זאָל פון זינען נישט אַראָפּ. אָפּט טרעפט, אַז פון גרויסע יסורים ווערט דער מוח אַזוי ווי ווײַן, ביז ער ווערט צום סוף זויער.

— ס׳טרעפט, ס׳טרעפט! — האָט הער לאָנגינוס געזאָגט.

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט אומגעדולדיק זיך אַ ריר געטון אויפן אָרט און געפרעגט.

— וואָס אייגנטלעך איז אייך איינגעפאַלן?

— וואָס מיר איז איינגעפאַלן? אָט וואָס: קודם־כל מוזן מיר דערגיין צי דאָס אומגליקליכע ליבסטע מיידל — זאָלן זי די מלאכים שומר מצל זיין פון אַלדאָס־בייז — לעבט נאָך, און דערגיין קאָן מען דאָס אויף צווייערליי אופנים: אָדער מיר וועלן

געפינען צווישן דעם פּרשנ'ס קאָזאַקן געטרייע און זיכערע מענטשן, וואָס וועלן זיך אונטערנעמען כלומרשט צו אַנטלויפן צו די קאָזאַקן, זיך אויסצומישן צווישן באָהונס מענטשן און פון זיי עפּיס דערגיין...

— איך האָב דראַגונער רוטענער! — האָט וואָלאָדיאָווסקי איבערגעהאַקט — איך וועל אַזעלכע מענטשן געפינען:

— וואַרט צו, מיין הער... אָדער כאַפּן עמיצן פון די הולטאַיעס, וואָס האָבן פאַרנומען באַר, און אים אויספרעגן, צי ער ווייס נישט עפּעס. אַלע קוקן זיי אויף באָהונען ווי אויף אַ רעגן־בויגן, ווייל עס געפעלט זיי זיין טייוולאָנישע גבורה: זיי זינגען לידער וועגן אים — אַז די גאָרגלען זאָלן זיי געשוואָלן ווערן! — און איינער דעם צווייטן דערציילט באָבע־מעשיות וועגן דעם, וואָס ער האָט געטון, און וועגן דעם, וואָס ער האָט נישט געטון. אויב ער האָט אונזער אומגליקלעך מיידל פאַרכאַפּט, איז דאָס פאַר זיי נישט געבליבן פאַרהוילן.

— קאָן מען דאָך ביידע זאַכן טון: אי שיקן מענטשן און אי זיך באַמיען וועגן אַ געפאַנגענעם — האָט באַמערקט הער פּאָד־ביפּיענטאַ.

— איר האָט רעכט. אויב מיר וועלן זיך דערוויסן, אַז זי לעבט — און דאָס איז דער עיקר — וועט איר דעמאָלט, אויב איר מיינט באמת צו העלפן סקשעטוסקין, זיך אָפּגעבן אונטער מיין קאָמאַנדע, ווייל איך בין מער בעל־נסיון פאַר אייך אַלע. מיר וועלן זיך פאַרשטעלן פאַר פויערים און זיך באַמיען צו דערגיין, וווּ ער האָט זי באַהאַלטן — און אַז מיר וועלן שוין דאָס וויסן, איז שוין דערויף דאָ מיין קאָפּ זי אַרויסצוקריגן. מער פון אַלעמען מוזן איך און סקשעטוסקי זיין געוואָרנט, ווייל באָהון קען אונז, און אַז ער וועט אונז דערקענען — נו, וועלן שוין אונזערע לייבלעכע מאַמעס אונז שפּעטער נישט דערקענען, אָ־ער אייך ביידן האָט ער נישט געזען.

— מיך האָט ער געזען — האָט הער פּאָדביפּיענטאַ געזאָגט — אָבער דאָס איז נישט וויכטיק.

— אפשר וועט גאָט אים איבערגעבן אין אונזערע הענט!— האָט הער וואָלאָדיאָווסקי אויסגערופן.

— איך האָב נישט קיין חשק אים צו זען—האָט זאַגלאָבא ווייטער געזאָגט — זאָל דאָרט דער תלין זיך מיט אים זען. מ׳דאַרף זיין פּאָרזיכטיק, אַז די גאַנצע אונטערנעמונג זאָל נישט קאַליע־ווערן. עס קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז נאָר ער איינער זאָל וויסן וועגן איר באַהעלטעניש, און איך זאָג אייך גוט, מיינע הערן, אַז עס איז בעסער צו פרעגן אַ צווייטן, איידער אים.

— אפשר וועלן זיך טאַקע אונזערע שליחים דערוויסן. אויב דער פּירשט וועט נאָר דערלויבן, וועל איך אויסקלויבן די בעסטע און אַרויסשיקן אפילו שוין מאָרגן.

— דער פּירשט וועט דערלויבן, אָדער צי זיי וועלן זיך דערוויסן, איז א ספק. הערט, מיינע הערן: עס קומט מיר אין קאָפּ אַריין אַ צווייטער איינפאַל, אַז אָנשטאָט אַרויסצושיקן מענטשן, אָדער כאָטש געפאַנגענע, זאָלן מיר זיך אַליין פאַר־שטעלן פאַר פּויערים און אָן שהיות זיך לאָזן אין וועג אַריין.

— אָ, דאָס קאָן נישט זיין! — האָט הער וואָליאָדאָווסקי אויסגעשריגן.

— פאַרוואָס קאָן דאָס נישט זיין?

— איר מוזט אפּנים נישט קענען די מלחמה־דינסט. ווען די פאָלקן שטייען אַלע גרייט צום קאַמף, איז דאָס אַ הייליגע זאַך. ווען אפילו עס האַלט ביי יציאת־נשמה פון אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע, וועט קיין שום זעלנער נישט גיין דעמאָלט בעטן אַ דערלויבעניש אָפּצופאָרן, ווייל פאַר דער שלאַכט איז דאָס דער גרעסטער אומכבוד, וואָס אַ זעלנער קען זיך פאַרשאַפן. נאָך דער גענעראַל־שלאַכט, ווען דער שונא איז צוטריבן, קאָן מען, אָבער פריער נישט. און באַטראַכט נאָר, מיין הער: סקשעטוסקי האָט דעם ערשטער געוואָלט זיך אָפּרייסן און לויפן ראַטעווען, אָבער ער האָט אַפילו די פאַרע פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט. אַ שם האָט ער שוין, דער פירשט האָט אים ליב, אָבער ער האָט זיך אפילו נישט אָנגערופן, ווייל ער קען זיין פליכט. דאָס

איז, זעט איר, אַ כּלל־זאַך, און יענץ איז אַ פּריוואַט־זאַך. כ'ווייס נישט, ווי אַנדערשוואו, הגם איך האַלט, אַז אומעטום איז אַזוי, אָבער ביי אונזער פירשט וואָיעוואָדא האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז עמיצער, און מכּל־שכּן אַ אָפיציר, זאָל בעטן אַזאַ דערלויבניש פאַר אַ שלאַכט! ווען אפילו סקשעטוסקיס האַרץ וואָלט צוריסן געוואָרן אויף שטיקער, וואָלט ער אויך נישט געגאַנגען מיט אַזאַ פאָרשלאַג צום פירשט.

— ער איז אַ רוימער און אַ קפּדן, כ'ווייס עס — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט — ז ב ר ווען עמיצער זאָל אַזוי דעם פירשט אונטערזאָגן, וואָלט ער אפשר אים און אייך אַליין געגעבן אַ דערלויבניש.

— אַזאַ זאַך וועט אים אפילו נישט איינפאַלן. דער פירשט האָט די גאַנצע רעפּובליק אויף זיין קאָפּ. וואָס ווילט איר, אַז איצט, ווען עס דאַרפן פאַרענטפערט ווערן די וויכטיגסטע פראַגן, וואָס זענען נוגע דעם גאַנצן פאָלק, זאָל ער זיך פאַרנעמען מיט וועמענס עס איז פּריוואַטע ענינים? און ווען אפילו עס לאָזט זיך גאָרנישט גלויבן, ער זאָל אומגעבעטענערהייט געבן אַ דערלויבניש, וועט אויך דעמאָלט, ווי גאָט איז אין הימל, קיינער צוון אונז זיך נישט אַרויסרירן פון לאַגער, ווייל אויך מיר זענען קודם־כּל מחויב צו דינען דעם אומגליקלעכן פאָטערלאַנד, און נישט זיך אַליין.

— איך ווייס דאָס, כ'ווייס און איך קען די דינסט פון לאַנגע צייטן אָן, דערפאַר טאַקע האָב איך אייך געזאָגט, אַז דער דאָזיקער איינפאַל איז מיר נור דורכגעפלויגן דורכן קאָפּ, אָבער כ'האָב נישט געזאָגט, אַז ער האָט זיך אין אים אָפּגעשטעלט. איבעריקנס, כּל־זמן די חיילות פון די רשעים שטייען נאָך אומבאַרירט, וואָלטן מיר, דעם אמת געזאָגט, סיי־ווי־סיי קיין סך נישט געקאָנט אויפטון, אָבער אַז זיי וועלן זיין צוקלאַפּט, געטריבן, אַז זיי וועלן נאָר טראַכטן ווי אַזוי מציל צו זיין זייער אייגן לעבן, דעמאָלט וועלן מיר דרייסט קאָנען אַריינדרינגען אין זייערע מחנות און לייכט פון זיי צרויסקריגען ידיעות. זאָל נאָר וואָס גיכער אָנקומען די רעשט חיילות, אַ נישט וועלן מיר

דאָ אין דאָזיקן טשאָלהאַנסקי־קאַמיען וואָס גיכער דערוואַרטן דעם טויט. ווען אונזער פּירשט וואָלט געווען קאָמענדאַנט, וואָלטן מיר שוין געווען אין וועג, אָבער פּירשט דאָמיניק איילט זיך אַפּנים נישט זייער שטאַרק, אויב ער איז נאָך ביז איצט נישטאָ.

— אין דריי טעג אַרום, ריכט מען זיך וועט ער שוין דאָ זיין.

— הלואי זאָל ער וואָס גיכער קומען! איז אמת, אַז דער הער קרוין־שענקער קומט היינט אָן?

— יאָ, אמת.

אין דער רגע האָט זיך די טיר געעפנט און סקשע־טוסקי איז אַריינגעקומען.

דאָס פּנים זיינס, וואָלסטו געמיינט, האָט דער וויִטאָק פון שטיין אויסגעשמיט, אַזאַ קעלט און רואיקייט האָט פון אים גע־שלאָגן.

אויסטערליש האָט איצט אויסגעזען דאָס דאָזיקע יונגע, אָבער אַזוי שטרייַנגע און ערנסטע פּנים, גלייך ווי קיין שמייכל וואָלט קיינמאָל אויף אים נישט גערוט — און פאַר אַלע איז קלאָר געווען, אַז ווען דאָס דאָזיקע פּנים וועט שוין ליגן אין קבר, וועט שוין קיין גרויסער שנוי אין אים נישט פאָרקומען. דעם הער יאַן איז די באָרד אָנגעוואַקסן ביז אין די העלפט פון דער ברוסט, אין אין דער דאָזיקער באָרד האָט זיך צווישן די האָר, שוואַרץ ווי די פעדערן פון אַ ראָב, געוויקעלט דאָ און דאָרט זילבערנע פעדעמלעך.

די הברים און טרייע פריינט האָבן דערקענט אין אים זיין ווייטאָק, הגם ער האָט אים נישט אַרויסגעוויזן. ער איז געווען מיושבדיק און לפנים רואיק, אין זיין זעלנערישער דינסט כמעט נאָך פלייסיגער ווי תמיד און בראשו־ורובו איז ער געווען אַריינ־געטון אין דער נאָנטער מלחמה.

— מיר האָבן דאָ גערעט וועגן אייער צרה, וועלכע איז אויך אונזער צרה — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט — וואָרום גאָט איז א עדות, אַז מיר קאָנען זיך גאָרנישט טרייסטן. אונזער מיטגע־

פֿיל וואָלט אָבער קיין ממשות נישט געהאַט ווען מיר וואָלטן אייך בלויז געהאָלפֿן צו פֿאַרגיסן טרערן. מיר האָבן דעריבער בעשלאָסן אויך צו פֿאַרגיסן אונזער בלוט, כּדי דאָס אָרימע מיידל, אויב עס דרייט זיך נאָך אַרום אויף דער ערד, אַרויסצורייסן פֿון דער געפֿאַנגשאַפֿט.

— אַ דאַנק — האָט האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

— מיר וועלען מיט דיר גיין אַפֿילו אין כמיעלניצקיס לאַגער — האָט האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט, קוקנדיק אומרואיק אויף זיין פֿריינט.

— אַ דאַנק — האָט האָט יאַן איבערגעחזרט.

— מיר ווייסן — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט — אַז איר האָט אַ שבועה געטון זי אויפֿצוזוכן אַ לעבעדיקע אָדער אַ טויטע, דערפֿאַר זענען מיר גרייט אַפֿילו היינט...

סקשעטוסקי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק, האָט איינגעגראָבן די אויגן אין די ערד און גאָרנישט געענטפֿערט — אַז די רציחה האָט אַזש אָנגעכאַפּט דעם האָט זאַגלאָבאַן. שוינזשע האָט ער בדעה אַן איר צו פֿאַרגעסן? — האָט ער געטראַכט — אויב אַזוי, זאָל גאָט זיין אין זיין הילף! נישטאָ, ווייזט אויס, קיין יושר און קיין זכרון אויף דער וועלט. אָבער עס וועלן זיך געפֿינען אַזעלכע, וואָס וועלן זי נאָך מציל זיין, סיידן איך וועל פֿריער די נשמה אויסהויכן.

אין דער שטוב האָט געהערשט אַ שטילקייט, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן נור דורך האָט לאָנגינס זיפֿצן. דערווייל איז דער קליינער וואָלאָדיאָווסקי צוגעגאַנגען צו סקשעטוסקי און אים אַ ריר געטון אין אַקסל.

— פֿון וואַנען קומסטו? — האָט ער אים געפֿרעגט.

— פֿון פֿירשט.

— נו, וואָס?

— ביי נאַכט גיי איך אַרויס אויף אַ אויסשפּירונג.

— ווייט?

— אַזש ביז יאַרמאָלינעץ אויב עס וועט זיין אַ פֿרייער וועג.

וואָלאָדיאָווסקי האָט אַ קוק געטון אויף זאַגלאָבאן און זיי האָבן זיך באַלד פֿאַרשטאַנען.

— הייסט עס, צו באַר־צו? — האָט זאַגלאָבא אַ ברום געטון.

— מיר וועלן גיין מיט דיר.

— מוזט גיין נאָך אַ דערלויבניש און פֿרעגן, צי דער פֿירשט האָט פֿאַר דיר נישט באַשטימט אַ אַנדערע אַרבייט.

— אויב אַזוי, לאָמיר גיין צוזאַמען. כ'דאַרף נאָך וועגן עפּעס אַנדערש פֿרעגן.

— מיר גייען אויך מיט אייך — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

זיי האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און זענען אַוועק. דעם פֿירשטס קוואַרטיר איז געווען גענוג ווייט, אין צווייטן עק פֿון לאַגער. די פֿאָדערשטע שטוב איז געווען פֿול מיט אָפֿיצירן פֿון פֿאַרשיידענע פּאָלקן, ווייל פֿון אומעטום זענען אָנגעקומען חיילות קיין טשאָלהאַנסקן־קאַמיען פֿאָרלייגן דעם פֿירשט זייער דינסט. הער וואָלאָדיאָווסקי האָט געמוזט גענוג לאַנג וואַרטן, ביז ער האָט צוזאַמען מיטן הער פּאָדביפּיענטאַ זיך געקאָנט שטעלן פֿאַרן פֿירשט. דערפֿאַר אָבער האָט דער פֿירשט דערלויבט אי זיי אַליין צו פֿאָרן און אי אַרויסצושיקן אַפּאָר דראַגונער־רוטענער, וואָס זאָלן כלומרשט אַנטלויפֿן פֿון לאַגער צו באָהונס קאָזאַקן און דאָרט זיך אויספֿרעגן וועגן דער פֿירשטין.

און צו וואָלאָדיאָווסקין האָט ער געזאָגט:

— איך זוך אַליין אויס פֿאַרשיידענע פֿונקציעס פֿאַר סקשעטוסקין, ווייל כ'זע, אַז דער ווייטאָק האָט זיך אין אים פֿאַרבאָרגן און נאָגט אים, און ס'איז מיר זיך אים אַגרויסער שאָד. האָט ער אייך גאָרנישט געזאָגט וועגן איר?

— זייער ווייניק. אין דער ערשטער רגע האָט ער זיך אַ ריס געטון און געוואָלט בלינדערהייט זיך לאָזן צווישן די קאָזאַקן, ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז אַלע פּאָלקן שטייען איצט גרייט צום קאַמף און אַז מיר דינען דעם פֿאָטערלאַנד, וועלכעס מען דאַרף קודם כל ראַטעווען און ער איז ביים גנעדיקן הער פֿירשט גאָרנישט געווען. איין גאָט ווייס, וואָס אין אים טוט זיך.

— און ער פּרובט אים אויך שווער אויס. גיט אַכטונג אויף אים, ווייל כ'זע, אַז איר זענט אים אַ טרייער פריינט.

הער וואָלאדיאָווסקי האָט זיך נידריג פאַרנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען, ווייל אין דער רגע איז אַריינגעקומען צום פירשט דער קיעווער וואָיעוואָדאָ מיטן הער סטאָבניצער סטאַראָסטע, מיטן הער דינהאָף, דעם סאָקאַלער סטאַראָסטע מיט אַפּאָר אַנדערע מיליטערישע בעאַמטע.

— נו וואָס? — האָט סקשעטוסקי אים געפרעגט.

— איך פאָר מיט דיר, אָבער צו ערשט מוז איך גיין צו מיין פּאָלק, ווייל כ'מוז אַ פּאָר מענטשן עדגיץ אַרויסשיקן.

— לאָמיר גיין צוזאַמען.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען און צוזאַמען מיט זיי זענען אויך מיטגעגאַנגען הער פּאַדביפּיענטא, זאַגלאבא און דער אַלטער זאַטשווילכאָווסקי, וועלכער איז געגאַנגען צו זיין פּאָלק. נישט ווייט פון די געצעלטן פון וואָלאָדיאָווסקיס דראַגונער-פּאָלק האָבן זיי באַגעגנט דעם הער לאשטש, וועלכער איז געגאַנגען, אָדער ריכטיגער, וועלכער האָט זיך געוואַקעלט בראש פון אַ גרופּע שלאַכטשיצעס, ווייל סיי ער און סיי זיינע חברים זענען געווען טויט-שכור. דערזעעודיק דאָס, האָט הער זאַגלאבא אָפּגעזיפצט. ער מיטן קרוין-וועכטער האָבן זיך ליב באַקומען נאָך ביי קאָנסטאַנטינאָוו, ווייל אין אַ געוויסער הינזיכט זענען זייערע נאַטורן געווען ענלעך ווי צוויי טראָפּענס וואַסער. הער לאשטש איז אַפילו געווען אַ שרעקליכער ריטער און האָט אָנגעוואָרפן אַ מוראָ אויף די געצן-דינער, דערביי האָט ער אָבער ליב געהאַט צו הוליען, צו פּראַווען סעודות און צו שפּילן איןביינדלעך, אין די פרייע צייט פון מלחמות, תפלות, איבערפאַלן און רציחות האָט ער מער פון אַלץ ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין קרייז פון אַזעלכע מענטשן, ווי הער זאַגלאָבא, צו שיכורן אָן אַ שיעור און צו הערן וויצקעס מעשיות. דאָס איז געווען אַ גרויסער מחלוקת-אָנמאַכער וועלכער האָט איינער אַליין אַזוי פיל מאָל אַרויסגערופן מהומות, האָט אזוי פיל מאָל עובר געווען אויפן געזעץ, אַז אין יעדער אַנדער מלוכה וואָלט ער שוין לאַנג נישט געהאַט דעם

קאָפּ אויף זיך. נישט איין פּסק־דין איז שוין קעגען אים אַרויסגעטראָגן געוואָרן, אָבער ער האָט זיך דאָס אַפילו אין דער שלום־צייט נישט גענומען צום האַרצן, אַפּשיטא־שוין איצט אין דער מלחמה־צייט, איז אַוודאי אַלץ פֿאַרגעסן געוואָרן. מיטן פֿירשט האָט ער זיך פֿאַרייניקט נאָך ביי ראָסלאָוויצע און נישט ווייניק פֿאַרדינסטן האָט ער געהאַט ביי קאָנסטאַנטינאָוו, אָבער זייט דעם אָפּרו אין זבאַראַזש איז ער געוואָרן כמעט נישט צום אָריבערטראָגן צוליב דעם טומל, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט. עס האָט גאָר קיין שיעור און קיין ערך נישט, וויפֿיל ווין הער זאַגלאָבא האָט ביי אים אויסגעטרונקען, וויפֿיל ער האָט אָנגעפּלוידערט און זיך אָנדערציילט צום גרויסן נחת פֿון בעל־הבית, וועלכער האָט אים יעדן טאָג פֿאַרבעטן צו זיך.

זייט אָבער ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז באַר איז פֿאַרנומען, איז הער זאַגלאָבאַן באַפֿאַלן אַ עצבות, ער האָט פֿאַרלוירן דעם הומאָר, דעם מוט און מער דעם הער וועכטער נישט באַזוכט. הער לאַשטש האָט שוין אַפֿילו געמיינט, אַז דער דאָזיקער לוסטיקער שלאַכטשיץ איז ערגיץ אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער אַרמיי, און דאָ האָט ער אים מיט אַמאָל דערזען פֿאַר זיך.

ער האָט צו אים אויסגעשטרעקט די הענט און געזאָגט:

— זייט באַגריסט, מיין הער. פֿאַרוואָס קומט איר צו מיר נישט אַריין? וואָס מאַכט איר?

— איך פֿאַרקער מיטן הער סקשעטוסקי! — האָט דער שלאַכטשיץ אומעטיק געענטפֿערט.

דער הער וועכטער האָט נישט ליב געהאַט סקשעטוסקין פֿאַר זיין געזעצטקייט און ערנסטקייט, אָבער וועגן זיין אומגליק האָט ער גוט געוווסט, ווייל ער איז ביי געווען אויף יענעם באַל אין זבאַראַזש, בעת וועלכן ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז באַר איז גענומען. אַזוי אָבער ווי ער איז בטבע געווען אַ נישט איינגעהאַלטערנער און צולאָזטער מענטש, און דערצו נאָך איז ער אין דער רגע געווען שכור, האָט ער נישט געשוינט דעם מענטשלעכן צער און אָנכאַפּענדיק דעם פּאָרוטשניק פֿאַרן קנאָפּ פֿון ראָק, האָט ער געפֿרעגט:

— דאָס ווייַנט איר, מיין הער, נאָך דעם מיידל? — אין זי איז געווען אַ שיינע — וואָס?

— לאָזט מיך אָפּ, מיין הער! — האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

— וואַרט.

— איך גיי אין דינסט-ענינים און קאָן זיך נישט אונטער-געבן אייערע באַפעלן, גנעדיקער הער.

— וואַרט! — האָט לאַשטש געזאָגט מיט דער איינגע-שפּאַרטקייט פון אַ אָנגעשיכּורטן מענטש — איר דינט, נישט איך. דאָ קאָן מיר קיינער גאָרנישט באַפעלן.

דערנאָך האָט ער שטילער איבערגעחזרט די פראַגע:

— זי איז געווען אַ שיינע, וואָס?

דעם פּאָרוטשניקס ברעמען האָבן זיך צוזאַמען געצויגן.

— איך מוז אייך זאָגן, גנעדיקער הער, אַז עס איז בע-סער זיך נישט צוצורירן צו אַ אָנגעווייטאָקטן אָרט.

— זיך נישט צוצורירען? האָט נישט קיין מורא. אויב זי איז געווען אַ שיינע, לעבט זי.

סקשעטוסקיס פּנים האָט זיך באַצויגן מיט אַ טויט-בלאַס-קייט, אָבער ער האָט זיך באַוועלטיקט און געזאָגט:

— גנעדיקער הער... כּדי כ׳זאָל נישט פאַרגעסן, מיט וועמען כ׳רייד...

לאַשטש האָט אויסגעגלאָצט די אויגן.

— וואָס סטראַשעט איר, מיין הער? מיך סטראַשעט איר?.. צוליב איין זונה?

— גייט-זיך, הער וועכטער, אין אייער וועג — האָ-דער אַלטער זאַטשווילכאָווסקי אַ געשריי געטון טרייסלענדיק זיך פון רציחה.

— איר, קבצנים, דלפנים, משרתים! — האָט דער וועכ-טער געשריגן — גנעדיקע הערן, צו די שווערדן!

און ארויסציענדיק זיין שווערד, האָט ער אַ שפּרונג געטון מיט איר צו סקשעטוסקין אָבער אין דער זעלבער רגע האָט דאָס אייזן אַ בליץ געטון אין הער יאַנס האַנט און דעם וועכ-

טערס שווערד האָט אַ פֿלי געטון ווי אַ פֿויגל אין דער לופֿט, און ער אַליין האָט זיך אַ וואַקל געטון פֿון דעם פֿאַרמעסטן זיך מיט דער שווערד און, אַזוי גרויס ווי ער איז, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד.

העד סקשעטוסקי האָט מער נישט געשלאָגן, נאָר ער איז געשטאַנען בלייך ווי אַ מת, ווי אַ צוטומלטער, און דערווייל איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. פֿון איין זייט זענען געשפּרונגען דעם וועכטערס זעלנער, פֿון דער אַנדערער זייט האָבן זיך וואָלאָדיאָווסקיס דראַגונער אַ שאָט געטון ווי די בינען פֿון אַ בין־שטאָק. עס האָבן אָפּגעהילכט געשרייען: „שלאָג! שלאָג!” אַ סך מענטשן זענען אָנגעלאָפֿן, נישט וויסנדיק וועגן וואָס עס האַנדעלט זיך. די שווערדן האָבן גענומען קלינגען, די מהומה האָט אַ ליאַדע רגע געקאָנט פֿאַרוואַנדעלט ווערן אין אַ אמתע שלאַכט. צום גליק האָבן לאַשטשס חברים, זעענדיק אַז עס קומען אָן וואָס אַמאָל מער ווישניאָוויעצקיס מענטשן און אויסניכטערנדיק זיך פֿון דער שרעק, אַ כאַפּ געטון דעם העד וועכטער און גענומען מיט אים אַוועקגיין.

און ווען דער העד וועכטער וואָלט געהאַט צו טון מיט אַ צווייטער, ווייניקער דיסציפּלינירטער אַרמיי, וואָלטן זיי אים זיכער געוועזן צוהאַקט מיט די שווערדן אויף קליינע שטיקלעך, אָבער דער אַלטער זאַטשוויליכאַווסקי איז געקומען צו זיך און ווי נאָר ער האָט אַ געשריי געטון: „שטיי!” זענען די שווערדן צוריק אַריינגעלייגט געוואָרן אין די שיידן.

ביי דעם אַלעם איז דער גאַנצער לאַגער אויפֿגערודערט געוואָרן און דער אָפּקלאַנג פֿון דער מהומה האָט אויך דערגרייכט ביז צו די אויערן פֿון פֿירשט, בפֿרט, אַז העד קושעל, וועלכער האָט גראָד דערפֿילט זיין דינסט, איז אַריינגעפֿאַלן אין די שטוב, אין וועלכער דער פֿירשט האָט זיך באַראַטן מיטן קיעווער וואָיעוואָדע, מיטן סטאָבניצער סטאַראָסטע און העד דענהאָף — און האָט אויסגעשריגן:

— גנעדיקער העד פֿירשט, די זעלנער שלאָגן זיך מיט די שווערדן!

אין דער רגע איז דער הער קרוין־וו כטער, אַ בלייכער און פֿערחלשטער פֿון רציחה, אָבער שוין אַ ניכטערער, צוריי־געפֿלויגן צום פֿירשט ווי אַ באָמבע.

— גנעדיקער הער פֿירשט, גערעכטיגקייט! — האָט ער אויסגערופֿן — אין דעם דאָזיקן לאַגער, פּונקט ווי ביי כמיעל־ניצקין, איז מען נישט חס נישט אויף יחוס און נישט אויף אָנ־זען! מיט די שווערדן שלאָגט מען קרוין־באַאַמטע! אויב דער גנעדיקער פֿירשט וועט קיין גערעכטיקייט נישט אָנווענדען, וועט נישט פֿאַרמשפּטן צום טויט, וועל איך זי אַליין אָנווענדן.

דער פֿירשט האָט זיך אַריס געטון פֿון הינטערן טיש.

— וואָס איז געשען? ווער איז אייך, גנעדיקער הער, באַ־פֿאַלן?

— אייער אָפֿיציער — סקשעטוסקי.

אַ אמתע פֿאַרבליפֿטקייט האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויפֿן פֿירשטס פּנים.

— סקשעטוסקי?

מיט אַמאָל האָט זיך די טיר געעפֿענט און ס'איז אַריינ־געקומען זאַטשוויליכאָווסקי.

— גנעדיקער הער פֿירשט, איך בין געווען אַ עדות — האָט ער געזאָגט.

— איך בין דאָ נישט געקומען אַהער זיך רעכטפֿערטיקן, נאָר פֿאָדערן אַ שטראָף — האָט לאַשטש זיך אָנגערופֿן.

דער פֿירשט האָט זיך צו אים אויסגעדרייט און אויף אים אָנגעשטעלט זיינע אויגן.

— געלאַסן, געלאַסן! — האָט ער געזאָגט שטיל און דייט־לעך.

געווען עפּיס אַזויפֿיל מוראדיקס אין זיינע אויגן און אין זיין שטילער שטום, אַז דער וועכטער, הגם ער האָט געשמט מיט זיין חוצפּא, איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן, גלייך ווי ער וואָלט דאָס לשון פֿאַרלוירן, און די הערן, וואָס זענען געווען דערביי, זענען אַזש בלייך געוואָרן.

— רעט, גנעדיקער הער! — האָט דער פּירשט געזאָגט צו זאַטשווילכאָווסקין.

זאַטשווילכאָווסקי האָט דערציילט די גאַנצע זאַך, ווי אַזוי דער הער וועכטער האָט אויף אַ אופן, וואָס איז אַ פּחיתות־הכּבוד נישט בלויז פאַר אַ הויכן באַאַמטן, נאָר אפילו פאַר אַ שלאַכטשיץ, גענומען חוזק־מאַכן פון הער סקשעטוסקיס יסורים און שפּעטער זיך געוואָרפן אויף אים מיט דער שווערד; וואָס פאַר אַ אומגעוויינלעכע איינגעהאַלטנקייט דער נאַמיעסטניק האָט אַרויסגעוויזן; באַגנוגנדיק זיך בלויז מיט אַרויסוואַרפן דאָס געווער פון אָנפאַלערס האַנט — צום סוף האָט דער זקן אַזוי געזאָגט:

דער גנעדיקער הער פּירשט קען מיך, אַז ביז צום 70־טן יאָר פון מיין לעבן האָב איך מיין מויל מיט קיין שקר נישט מטמא געווען און וועל עס אַזוי לאַנג ווי כ'וועל לעבן, נישט מטמא זיין און אויף איצט וועל איך אונטער אַ שבועה קיין איין וואָרט אין מיין בעריכט נישט ענדערן.

דער פּירשט האָט געוווסט, אַז זאַטשווילכאָווסקיס וואָרט איז ריין ווי גאָלד. און דערביי האָט ער לאַשטשן זייער גוט געקענט. אָבער ער האָט גאָרנישט אָפּגענטפערט, ער האָט נאָר גענומען די פען און זיך געזעצט שרייבן.

אַז ער האָט געענדיקט, האָט ער אַ קוק געטון אויפן הער וועכטער.

— די גערעכטיקייט וועט לגבּי אייך אויסגעפירט ווערן— גנעדיקער הער — האָט ער געזאָגט.

דער הער וועכטער האָט אויפגעמאַכט דאָס מויל און געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט עפּעס נישט געפונען קיין ווערטער, ער האָט זיך דעריבער אָנגעשפּאַרט אויף אַ זייט, זיך פאַרנייגט און גאוהדיק אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב.

— זשעלענסקי — האָט דער פּירשט געזאָגט — וועסט דעם דאָזיקן בריוו אָפּגעבן דעם הער סקשעטוסקי.

הער וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער איז נישט אָפּגעטרעטן פון נאַמיעסטניק, איז געוואָרן אַביסל אומעטיק, זעענדיק דעם פּירשטס

יונגל אַריינקומען, ווייל ער איז געווען זיכער, אַז זיי וועלן זיך דאַרפֿן באַלד שטעלן פֿאַרן פּירשט. דערווייל האָט דאָס יונגל איבערגעלאָזט דעם בריוו און איז גאָרנישט זאָגנדיק, אַרויסגע-גאַנגען. סקשעטוסקי האָט אים איבערגעלייענט און דערלאַנגט דעם פֿריינט.

— לייען — האָט ער געזאָגט.

הער וואָלאָדיִאָווסקי האָט אַ קוק געטון און אויסגעשריִען:

— אַ נאָמינאַציע אויף פּאָרוטשניק!

און אַרומכאַפּנדיק סקשעטוסקין פֿאַרן האַלז, האָט ער אים געקושט אין ביידע באַקן.

דער פּולער אַמט פֿון אַ פּאָרוטשניק אין הוזאַרן-פּאָלק האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ הויכן מיליטערישן ראַנג. ריטמייסטער פֿון דעם פּאָלק, אין וועלכן הער סקשעטוסקי האָט געדינט, איז גע-ווען דער פּירשט אַליין, און נאָמינאַלער פּאָרוטשניק איז געווען הער סופּטשינסקי פֿון סיענטשא, שוין אַ מענטש אין די יאָרן, וואָס איז שוין לאַנג נישט געווען מסוגל צו קיין אַקטיווער דינסט. הער יאַן האָט שוין זייט לאַנג פֿאַקטיש דערפֿילט די פֿליכטן סיי פֿון ערשטן און סיי פֿון צווייטן, וואָס פֿלעגט איבעריקנס אָפֿט טרעפֿן אין אַזעלכע פּאָלקן, אין וועלכע די צוויי ערשטע מדרגות זענען אָפֿט געווען בלויז טיטולאַרע כּיבודים. ריטמייסטער פֿון קיניגלעכן פּאָלק פֿלעגט זיין דער קיניג אַליין, פֿון פּרימאַס-פּאָלק—דער פּרימאַס, פּאָרוטשניקעס אין ביידע פּאָלקן זענען געווען הויכע חויף-באַאַמטע — אָבער אָנגעפֿירט מיט די פּאָלקן האָבן באמת די נאָמיעָסטניקעס, וועלכע מ'האָט מהאי טעמא געוויינלעך גערופֿן פּאָרוטשניקעס און פּאָלקאָווניקעס. אַזאַ פֿאַקטישער פּאָרוטשניק, אָדער פּאָלקאָווניק, איז אויך געווען הער יאַן. אָבער צווישן דער פֿאַקטישער אויספֿירונג פֿון אַ אַמט, צווישן דעם ראַנג, וואָס ווערט געגעבן נאָר אין דער טאָג-טעגלעכער שפּראַך, און דעם ווירקלעכן טיטול, איז פֿונדעסט-וועגן געווען אַ גרויסער חילוק. איצט איז הער סקשעטוסקי, אויפֿן סמך פֿון אַ נאָמינאַציע, געוואָרן איינער פֿון די ערשטע אָפֿיצירן פֿון פּירשט וואָיעוואָדא פֿון רוס.

אָבער בעת זײַנע פּרײַנט האָבן געקוואָלן פֿון נחת און אים באַגריסט צו זײַן נײַעם ראַנג, האָט זיך זײַן פּנים נישט פֿאַרענדערט אַפֿילו אויף אַ רגע און ס׳איז װײַטער געבליבן אַזױ שטרענג און קאַלט, װײַל עס זענען שױן נישט געװען אױף דער װעלט אַזעלכע כּיבודים און טיטולען, װאָס זאָלן קאָנען פֿאַרטרײַבן דעם אומעט פֿון דעם דאָזיקן פּנים.

ער האָט זיך פֿונדעסטװעגן אױפֿגעשטעלט און איז אַװעק דאַנקן דעם פֿירשט, און דערװײַל האָט דער קלײנער װאָלאָדיאָװסקי געשפּאַנט איבער זײַן קװאַרטיר און זיך געריבן די הענט.

— נו, נו! — האָט ער געזאָגט — נאָמינירטער פּאָרוטשניק אין הוזאַרן־פּאָלק! אין אַזעלכע יונגע יאָרן האָט דאָס דוכט זיך נאָך קײנעם נישט געטראָפֿן.

— גאָט זאָל אים נאָר צוריקגעבן זײַן גליק! — האָט זאַגלאָבא געזאָגט.

— אָט, דאָס איז דער עיקר! איר האָט געזען, ער האָט אַפֿילו קײן ציטער נישט געטון.

— ער װאָלט גערן דערױף מוותּר געװען — האָט הער לאָנגינוס געזאָגט.

— גנעדיקער הער — האָט זאַגלאָבא אָפּגעזיפֿצט — ס׳איז גאָר קײן חידוש נישט! איך װאָלט פֿאַר איר אָפּגעגעבן מײַנע פֿינף פֿינגער, הגם איך האָב מיט זײ אַ פּאָן פֿאַרכאַפּט.

— יאָ! יאָ!

— אָבער הער סופּטשינסקי איז משמעות געשטאָרבן? — האָט װאָלאָדיאָװסקי באַמערקט.

— װײַזט אױס, אַז ער איז טאַקע געשטאָרבן.

— אױב אַזױ, װער װעט באַשטימט װערן פֿאַר נאַמיעסטניק? דער כאָראַנזשי איז נאָך גאָר יונג און ער פֿירט אױס זײַנע פֿונקציעס ערשט פֿון קאָנסטאַנטינאָװ אָן.

די דאָזיקע פֿראַגע איז פֿאַרענטפֿערט געװאָרן — אָבער אַ תּשובה אױף איר האָט צוריקגעבראַכט פּאָרוטשניק סקשעטוסקי אַלײן.

— גנעדיקער הער — האָט ער געזאָגט צום הער פּאָדבי־

פיענטא—דער פּירשט האָט אייך באַשטימט פאַר נאַמיעסטניק.

— אָ, גאָט! גאָט!—האָט הער לאָנגינוס געקרעכצט, צונויפ־לייגנדיק די הענט ווי צו אַ תפלה.

— פונקט אַזוי האָט ער אויך געקאָנט באַשטימען זיין ליפּלענדישע קאָבילע—האָט זאַגלאָבאַ אַ ברום געטון.

— נו, און די אויסשפּירונג? — האָט הער וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

— מיר פאָרן אָן שום שהיות—האָט הער סקשעטוסקי גע־ענטפערט.

— אַ סך מענטשן האָט דער פירשט געהייסן נעמען?

— איין קאָזאַקישן און איין וואָלאַכישן פּאָלק, צוזאַמען פינף הונדערט מאַן.

— העי, דאָס איז דאָך אַ עקספּעדיציע און נישט קיין אויסשפּירונג, אָבער אויב אַזוי, איז צייט זיך צו לאָזן אין וועג אריין.

— אין וועג אַריין, אין וועג אַריין!—האָט חער זאַגלאָבאַ איבערגעחזרט — אפשר וועט גאָט אונז טאָקע העלפן און מיר וועלן באַקומען וועלכע עס איז ידיעות.

מיט צוויי שעה שפּעטער, צוגלייך מיטן זון־אונטערגאַנג, זענען די פיר פריינט אַרויסגעפאָרן פון טשאַלהאַנסקי־קאַמיען צו דרום־צו, און כמעט אין דער זעלבער צייט האָט פאַרלאָזט דעם לאַגער צוזאַמען מיט זיינע מענטשן אויך דער הער קרוין־וועכטער. פיל ריטער פון פאַרשיידענע פּאָלקן האָבן געקוקט אויף דעם דאָזיקן אָפּפאָר, נישט קאַרגנדיק קיין אויסרופן און זלזולים; די אָפיצירן האָבן זיך געשטופּט אַרום דעם הער קושעל, וועל־כער האָט דערציילט צוליב וועלכע סבות דער הער וועכטער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן און ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען.

— איך האָב אים אַוועקגעטראָגן דעם פירשטס באַפעל — האָט הער קושעל געזאָגט—און גלויבט מיר, מיינע הערן, אַז די דאָזיקע שליחות האָט געשמעקט מיט סכנת־נפשות, וואָרום ווען איך האָב אים פאָרגעלייענט דעם באַפעל, האָט ער גענומען ריטשען ווי אַ אָקס, בעת מען צייכנט אים מיט אַ גליענדיקן

אײַזן. ער האָט זיך צו מיר אויך געכאַפּט מיט דער שווערד, און ס'איז אַ חידוש, וואָס ער האָט מיך נישט געשלאָגן, אָבער עס דוכט זיך מיר, אַז ער האָט דורכן פֿענסטער דערזען הער קאָריצקיס דײַטשן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די קוואַרטיר, און מײַנע דראַגונער מיט די ביקסן אין די הענט. ערשט דעמאָלט האָט ער גענומען שרײַען: „גוט! גוט! כ'וועל אַוועקגיין, אויב מען טרײַבט מיך! כ'וועל גיין צום פֿירשט דאָמיניק, וועלכער וועט מיך בעסער מקבל-פּנים זײַן! כ'וועל נישט (זאָגט ער) דינען מיט זיידעס, אָבער כ'וועל מיך נוקם-זײַן (האָט ער געשריגן), ווי איך בין לאַשטש! ווי איך בין לאַשטש! — און פֿון דעם דאָזיקן דלפֿן (האָט ער ווײַטער געזאָגט) מוז איך האָבן אַ סאַטיספֿאַקציע!" כ'האָב געמיינט, אַז דער כּעס עסט אים אויף — פֿון גרויס רציחה האָט ער מיט דער שווערד כּסדר געבויערט דעם טיש. און כ'מוז אײַך זאָגן, מײַנע הערן, אַז כ'בין נישט זיכער, צי ס'וועט דעם הער סקשעטוסקי נישט טרעפֿן עפּעס אַן אומגליק, ווײַל מיטן וועלכער גייט נישט אָן קיין קיין ליצנות. דאָס איז אַ פֿאַרביסענער מענטש און אַ בעל-גאווה, וועלכער האָט נאָך נישט געשענקט קיינעם, וואָס האָט אים פּוגע-בכּבֿוד געווען, ער איז אויך אַ אומדערשראָקענער און דערצו נאָך פֿאַרנעמט ער אַ הויכן אַמט.

— וואָס קאָן טרעפֿן דעם הער סקשעטוסקין אונטערן שוץ פֿון הער פֿירשט? — האָט איינער פֿון די אָפֿיצירן זיך אָנגערופֿן — אויך דער הער וועכטער, הגם ער איז גרייט אויף אַלץ, וועט זיך רעכנען מיט אַזאַ האַנט.

בינו-לבינו האָט דער פּאָרוטשניק, וועלכער האָט נישט געוווּסט, אַז דער הער וועכטער האָט אַ נדר געטון נקמה צו נעמען פֿון אים, זיך דערווײַטערט וואָס אַמאָל מער פֿון לאַגער בראש פֿון זײַן מחנה, גייענדיק אין די ריכטונג פֿון אָזשיגאָווצע אין די זײַט פֿון באָהאַ און מיעדוויעדוווקאַ. הגם ס'איז שוין געווען סעפּטעמבער און די בלעטער אויף די ביימער האָבן שוין גענומען וועלקן, איז די נאַכט געווען אַ העלע און אַ וואַרעמע ווי אין יולי. אַזוי האָט אויך אויסגעזען דאָס גאַנצע דעמאָלטיקע

יאָר, אין וועלכן ס׳איז כמעט נישט געווען קיין ווינטער, און אין פרילינג האָט אַלץ געבליט שוין דעמאָלט, ווען אין די פאַר־גאַנגענע יאָרן איז נאָך אַ טיפער שניי געלעגן אויף די סטעפּעס. נאָך אַ גענוג פייכטן זומער זענען די ערשטע חדשים פון הערבסט געווען טרוקן און מילד, מיט ווייסע טעג און ליכטיקע לבנה־נעכט. און אַזוי זענען זיי געפאָרן איבערן לייכטן וועג, נישט אומקוקנדיק זיך קיין סך, ווייל זיי זענען נאָך געווען צו נאָענט פון לאַגער, אַז זיי זאָלן מורא האָבן פאַר עפּעס אַ אי־בערפאַל — זיי זענען געפאָרן מונטער: דער נאַמיעסטניק מיט אַ צוואַנציק רייטער בראש, און נאָך אים וואָלאָדיאָווסקי, זאַגלאָבאַ און הער לאָנגינוס.

— גיט נאָר אַ קוק, מיינע הערן, ווי דער שיין פון דער לבנה לייגט זיך אויף יענעם בערגעל — האָט הער זאַגלאָבאַ געשעפּטשעט — וואָלסט געשווירן, אַז ס׳איז טאָג. מ׳זאָגט, אַז נאָר אין מלחמה־צייט זענען די נעכט אַ זעלכע, כּדי די נשמות וואָס פאַרלאָזן די גופים, זאָלן זיך אין דער פינסטער די קעפּ נישט צו קלאַפּן אין די בוימער, ווי די פייגל אין שייער, און לייכטער דעם וועג געפינען. היינט איז אויך פרייטאָק, דער טאָג פון אויסלייזער, אין וועלכן די זלידנע כּוחות גייען נישט אַרויס פון דער ערד און די בייזע רוחות האָבן אויפן מענטש קיין שליטה נישט. איך שפּיר, אַז ס׳איז מיר עפּיס גרינגער און אַז אַ האָפנונג באַלעבט מיך.

— מיר זענען דאָך שוין אַרויסגעפאָרן און נעמען אונטער מיטלען צו ראַטעווען — אָט דאָס איז דער עיקר! — האָט וואָ־ליאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן.

— אַמערגסטן איז צו זיצן פאַרצווייפלט אויף אַן אָרט — האָט זאַגלאָבאַ ווייטער געזאָגט — ווען דו זעצסט דיך אויפן פערד, טרייסלט זיך די פאַרצווייפלונג פון דיר איינציקווייז אַרויס, און צום סוף ווערסטו אינגאַנצן פּטור פון איר.

— איך גלויב נישט — האָט וואָלאָדיאָווסקי געשעפּטשעט — אַז מ׳זאָל אַזוי אַלץ קאָנען אַרויסטרייסלען — אַ שטייגער: די ליבע, וועלכע קלעמט זיך אַריין אין האַרץ ווי אַ צוואַנג.

— אַז זי איז אויפֿריכטיק — האָט הער לאַנגינוס זיך אָנ־געדופֿן — זאָלסטו זיך אפֿילו ראַנגלען מיט איר ווי מיט אַ בער, וועט זי דיך בייקומען.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער פֿאַרלייכטערט זיין אי־בערפֿולטע ברוסט מיט אַ זיפֿץ, וועלכער איז ענלעך געווען אויפֿן סאָפּן פֿון אַ בלאָז־זאַק, און דער קליינער וואָלאָדיאָווסקי האָט אויפֿגעהויבן די אויגן צום הימל, גלייך ווי ער וואָלט דאָרט גע־זוכט דעם שטערן, וואָס לייכט דער פֿירשטין באַרבאַראַ.

די פֿערד האָבן גענומען ניסן אין גאַנצן פֿאָלק און די רייטער האָבן זיי אָפּגעענטפֿערט: „צום געזונט! צום געזונט!" — דערנאָך איז אַלץ שטיל געוואָרן, ביז עפּעס אַ פֿאַרבענקטע שטים האָט גענומען זינגען אין די הינטערשטע רייען:

„פֿאָרסט, אומגליקלעכער, זיך שלאָגן
פֿאָרסט זיך שלאָגן!
ווו גענעכטיקסט, וועסט נישט טאָגן
וועסט נישט טאָגן..."

. . . . . . . . . . . . . . .

— די אַלטע זעלנער זאָגן, אַז ווען די פֿערד ניסן, איז עס אַ גוטער סימן—דאָס האָט מיר נאָך מיין פֿאַרשטאָרבענער טאַטע געזאָגט — האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופֿן.

— עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז מיר פֿאָרן נישט אומ־זיסט — האָט זאַגלאָבאַ געענטפֿערט.

— הלוואי זאָל אויך דעם פֿאָרוטשניקס האַרץ פֿול ווערן מיט מוט — האָט הער לאָנגינוס געזיפֿצט.

זאַגלאָבאַ האָט גענומען שאָקלען און דרייען מיטן קאָפּ, ווי אַ מענטש, וועלכער קאָן זיך נישט קיין עצה געבן מיט עפּעס אַ געדאַנק, און צום סוף האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— גאָר עפּעס אַנדערש ליגט מיר אין קאָפּ און איך מוז אייך דעם דאָזיקן געדאַנק איבערגעבן, ווייל איך קאָן אים מער נישט אריבערטראָגן: צי האָט איר נישט, מיינע הערן, באַמערקט, אַז זייט אַ געוויסער צייט, איז סקשעטוסקי — כ'ווייס נישט,

אפשר מאַכט ער נאַר אַ אָנשטעל — אָדער עס זעט אַזוי אויס, גלייך ווי ער וואָלט ווייניקער פון אונז אַלע געטראַכט וועגן ראַטעווען דאָס אָרימע מיידל.

— וואָס פאַלט אייך איין? — האָט וואָלאָדיאָווסקי גע־ענטפערט — אַזאַ טבע האָט ער שוין, אַז ער דערציילט קיינעם נישט וועגן זיינע יסורים. ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין אַנדערער.

— דאָס איז אַ באַזונדערע זאַך; אָבער דערמאָנט זיך נאָך, מיין הער: ווען מיר האָבן ביי אים געוועקט אַ האָפנונג, האָט ער געזאָגט: „אַ דאַנק!" אי מיר און אי אייך אַזוי גלייכגילטיק, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגן עפעס אַ נישט וויכ־טיקן ענין, און גאָט איז אַ עדות, וואָס פאַר אַ אומדאַנקבאַרקייט דאָס איז פון זיין זייט. ווייל וויפיל האָט דאָס מיידל נעבעך זיך אָנגעווייגט און אָנגעבענקט נאָך אים — אויף אַ אָקסענער פעל וואָלט מען דאָס נישט געקאָנט אָנשרייבן. כ'האָב דאָס מיט מיינע אייגענע אויגן געזען.

וואָלאָדאָווסקי האָט אַ שאָקל געטון מיט'ן קאָפ.

— עס קאָן נישט זיין, אַז ער זאָל זי פאַרגעסן — האָט ער געזאָגט — הגם ס'איז אמת, אַז דאָס ערשטע מאָל, ווען יענער טייוול האָט זי אים אַרויסגעריסן פון ראָזלאָגי, האָט ער זיך עס אַזוי גענומען צום האַרץ, אַז מיר האָבן מורא געהאַט פאַר זיין לעבן, און איצט האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סך מער ישוב־הדעת. און אויב גאָט האָט אים אַריינגעגאָסן רואיקייט אין די נשמה און צוגעגעבן כוח, איז דאָך אַוודאי גוט. אַלס אמתע פריינט, דאַרפן מיר זיך פרייען דערמיט.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט וואָלאָדיִיווסקי זיך אַ לאָז געטון אויף זיין פערד צו סקשעטוסקין, און זאַגלאָבא איז אַ געוויסע צייט געפאָרן שטילשווייגנדיק נעבן הער פאַדביפיענ־טאָן.

— מיינט איר נישט אַזוי ווי איך, אַז ווען נישט די ליבע, וואָלט די וועלט פאַרשפאָרט אַ סך צרות?

— וואָס איינעם איז פון גאָט באַשערט, וועט אים סיי־

ווי־סיי נישט מיידן — האָט דער ליטווינער געענטפערט.

— און איר וועט קיינמאָל נישט ענטפערן צו דער זאַך. יענץ איז עפּעס אנדערש, און דאָס איז אויך עפּעס אַנדערש. פאַרוואָס איז טראָיאַ חרוב געוואָרן? האַ? צי איז נישט אויך די איצטיקע מלחמה געקומען צוליב אַ רויטן צאָפּ? כמיעל האָט זיך פאַרליבט אין טשאַפּליצקאַ; אָדער גאָר טשאַפּלינסקי אין כמיעלניצקא, און מיר מוזן פאַר זייערע זינדיקע תאוות באַצאָלן מיט אונזערע קעפּ.

— ווייל דאָס איז אַ נישט ערלעכע ליבע, אָבער עס איז פאַראַן אויך אַ אַנשטענדיקע ליבע, וועלכע איז נאָר אַ ברכה פאַר גאָט און פאַר לייטן.

— איצט האָט איר בעסער געטראָפן. וועט איר בקרוב אָנהויבן ארבייטן אין יענעם ווייגאָרטן? כ'האָב געהערט, אַז גייעגדיק אין די מלחמה, האָט מען אייך צו געבונדען אַ שאַרף.

— ברודערל!.. ברודערל!..

— אָבער די דריי קעפּ שטייען אין וועג. וואָס?

— אך! אַזוי איז עס!

— ווייל איך אייך אָט וואָס זאָגען: פאַרמעסט זיך גוט און האַקט אָפּ די קעפּ מיט אַמאָל: כמיעלניצקין, דעם כאַן און באָהונען.

— ווען זיי וואָלטן זיך נאָר וועלן אויסשטעלן! — האָט הער לאָנגין געענטפערט מיט אַ וויינעדיקער שטים, אויפהויבנדיק די אויגן פון הימל.

דערווייל איז וואָלאָדיאָווסקי לאַנג געריטן נעבן סקשע־טוסקין און פון אונטערן היטל שטילשווייגנדיק געקוקט אויף זיין טויטן פנים, ביז ער האָט צום סוף אָנגעקלאַפּט מיט'ן פוס אין זיין פוס.

— יאַן — האָט ער געזאָגט — נישט גוט, וואָס דו ביסט אַזוי פאַרצווייפלט.

— איך בין נישט פאַרצווייפלט, נאָר איך בין מתפלל — האָט סקשעטוסקי געענטפערט.

— דאָס איז זייער אַ הייליקע און שיינע זאַך, אָבער דו

ביסט דאָך נישט קיין נזיר, אַז דו זאָלסט זיך באַגניגענען בלויז מיט תפלות.

הער יאַן האָט לאַנגזאַם אויסגעדרייט זיין פנים, וואָס האָט אויסגעדריקט יסורים, צו וואָלאָדיאָווסקין און געפרעגט מיט אַ געדעמפטער און יאושפולער שטים:

— זאָג, אדרבא, מיכאל, וואָס בלייבט מיר איבער מער צו טון, ווי צו ווערן אַ נזיר?

— עס בלייבט דיר איבער זי צו ראַטעווען — האָט וואָליאָדאָווסקי געענטפערט.

— אַזוי וועל איך טאַקי טון — ביז לעצטן אָטעם-צוג. אָבער אַז אַז איך וועל זי אפילו אויסגעפינען אַ לעבעדיקע — צי וועט עס שוין נישט זיין צו שפעט? זאָל מיך גאָט היטן, ווייל וועגן אַלץ טאָר איך טראַכטן, נאָר נישט וועגן דעם, זאָל מיך גאָט שומר ומציל זיין! איך וויל שוין גאָר נישט מער, נאָר זי אַרויסרייסן פון די דאָזיקע שמוציקע הענט, און שפעטער זאָל זי זיך געפינען דעם זעלבן מקום-מנוחה, וואָס איך וועל פאַר מיר זוכן. גאָט האָט אַ פנים נישט געוואָלט... לאָז מיך מתפלל זיין, מיכאל, און צו דער בלוטיקער וווּנד ריר זיך נישט צו...

וואָלאָדיאָווסקין האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ; ער האָט בדעה געהאַט נאָך צו טרייסטן, ריידן וועגן האָפנונג, אָבער די ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין האַלז. זיי זענען ווייטער געפאָרן שטיל-שווייגנדיק, בלויז הער סקשעטוסקיס ליפן האָבן זיך שנעל באַוועגן אין אַ תפלה, דורך וועלכער ער האָט אַ פנים געוואָלט פאַרטרייבן די שוידערלעכע געדאַנקען, און דער קליינער ריטער, ווען ער האָט אַ קוק געטון ביי דער שיין פון דער לבנה אויף דעם דאָזיקן פנים, האָט אים אַזש אַ שרעק אָנגעכאַפט, ווייל עס האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז דאָס איז באמת אַ פנים פון אַ נזיר, אַזוי שטרענג, אַזוי אָבגעדאַרט און בלאַס איז עס געווען פון פייניגן זיך אין די תעניתים און ליידן.

מיט אַ מאָל האָט יענע שטום ווידער גענומען זינגען אין די הינטערשטע רייען:

און אַז דו וועסט קומען אַהיים,
פֿון דער מלחמה אַהיים,
וועסטו טרעפֿן דאָס קעמערל פּוסט,
פֿול וווּנדן דער גוף און אַ ווייטאָק אין ברוסט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

# 5 קאַפּיטל.

הער סקשעטוסקי איז געגאַנגען מיט זיין פאָרפּאָסטן אויף אַזאַ אופן, אַז בייטאָג האָט ער גערוט אין די וועלדער און היילן, אויסשטעלענדיק גוט די שמירה, און נאָר ביינאַכט איז ער געפאָרן ווייטער. צוקומענדיק צו עפּעס אַ דערפל, האָט ער געווײַנלעך עס ארומגערינגעלט אַזוי, אַז קיין איין מענטש זאָל ניט אַנטרונען ווערן, ער האָט גענומען שפּייז, פּאַשע פאַר פערד, און קודם־כל האָט ער צונויפגעקליבן ידיעות וועגן שונא, דערנאָך איז ער אַרויסגעגאַנגען, ניט טוענדיק די מענטשן קיין שום שלעכטס, אָבער נאָכדעם ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער באַלד געענדערט דעם וועג, כּדי דער שונא זאָל אין דאָרף זיך ניט קאָנען דערוויסן, אין וועלכע זייט דער פאָרפּאָסטן איז אַוועק. דער צוועק פון דער אויסשפּירונג איז געווען צו דערגיין, צי קשיוואָנאָס מיט זיינע פיר הונדערט טויזנט מענטשן באַלאַגערט נאָך ביז איצט קאַמיעניעץ. אָדער ער האָט אויפגעגעבן די אומזיסטע באַלאַגערונג און איז געגאַנגען כמיעלניצקין צו הילף, כּדי צוזאַמען מיט אים זיך צו שטעלן צו דער גענעראַל־שלאַכט. אַ חוץ דעם האָט סקשעטוסקי זיך געוואָלט דערוויסן, וואָס עס טוען די דאָברוצקער טאָטערס? — צי זענען זיי שוין אַריבער דעם דניעסטער און זיך פאַראייניקט מיט קשיוואָנאָסן — אָדער זיי ליגן נאָך פון יענער זייט. די דאָזיקע ידיעות זענען פאַרן פּוילישן לאַגער געווען זייער וויכטיק, און אייגנטלעך האָבן די קאָמענדאַנטן אליין זיך געדאַרפט וועגן זיי באַמיען, אַזוי אָבער ווי זיי זענען ניט געווען קיין בעלי־נסיון איז דאָס זיי גאָרניט איינגעפאַלן, און דעריבער האָט דער פירשט וואָיעוואָדא פון ריס גענומען אויף זיך דעם דאָזיקן עול. ווען עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קשיוואָנאָס האָט צוזאַמען מיט די

יאַלאגראָדער און דאָבּרוצקער טאַטערישע מחנות אַוועקגעוואָרפן די באַלאַגערונג פון קאַמיעניעץ און זיך אַוועקגעלאָזט צו כמיעלניצקין, וואָלט מען דעמאָלט געדאַרפט וואָס גיכער דעם לעצטן איבערפאַלן און נישט דערלאָזן, אַז זיין מאַכט זאָל געוואַלדיק אויסוואַקסן. דערווייל האָט דער הויפט־קאָמענדאַנט, פירשט דאָמיניק זאַסלאַווסקי־אָסטראָגסקי, זיך נישט געאיילט און בעת סקשעטוסקיס אָפּפאָרן האָט מען זיך אויף אים געריכט אין לאַגער ערשט אין צוויי אָדער דריי טעג אַרום. אַ פּנים, ער האָט ווי זיין שטייגער איז, געפּראַוועט סעודות אויפן וועג און זיך געלאָזט ווילגיין, און דערווייל איז אַריבער דער שעת־הכושר אויף צוצוברעכן כמיעלניצקיס מאַכט, און דער פירשט יערעמי איז אַריינגעפאַלן אין אַ יאוש אויפן געדאַנק, אַז אויב די מלחמה וועט ווייטער אַזוי געפירט ווערן, וועלן נישט בלויז קשיוואָנאָס און די טאָטערישע מחנות פון יענער זייט דניעפּר צו דער רעכטער צייט אָנקומען צו כמיעלניצקין, נאָר אויך דער כאַן גופא בראש פון אַלע פערעקאָפּער, נאָהאַיער און אַזאָווער מהנות.

און אין לאַגער זענען טאַקע געווען ידיעות, אַז דער כאַן איז שוין אַריבער דעם דניעפּר און אַז מיט צוויי הונדערט טויזענט רייטער לאָזט ער זיך טאָג און נאַכט אויף מערב, און דער פירשט דאָמיניק איז נישט געקומען און נישט געקומען.

ס׳איז געוואָרן וואָס אַמאָל קלאָרער, אַז די חיילות, וואָס שטייען ביי טשאָלהאַנסקי־קאַמיען וועלן זיך מוזן שטעלן צו אַ שלאַכט מיט אַ פינפפאַך גרעסערער אַרמיי און אַז אויב די קאָמענדאַנטן וועלן ליידן אַ מפּלה, וועט דעם שונא שוין קיין שום זאַך נישט שטערן זיך אַריינצורייסן אין הארץ פון דער רעפּובליק, קיין קראָקא און קיין וואַרשא.

קשיוואָנאָס איז בעיונדערס געווען געפערלעך דערפאַר, וואָס אין פאַל, ווען די קאָמענדאַנטען וואָלטן וועלן אַריינדרינגען טיף אין אוקראַינע, וואָלט ער, גייענדיק פון קאַמיעניעץ גלייך קיין צפון, אַזש ביז קאָנסטאַנטינאָוו, געקאָנט זיי פאַרשטעלן דעם צוריקצוג, און זיי וואָלטן דעמאָלט פאַר יעדן פאַל געווען אַרומ־

נענומען פֿון צוויי פּייערס, דעריבער האָט הער סקשעטוסקי באַשלאָסן ניט בלויז חוקר־ודורש צו זיין וועגן קשיוואָנאָסן, נאָר אים אויך צוריקצוהאַלטן. דורכגעדרונגען פֿון דער וויכטיקייט פֿון זיין שליחות, וואָס פֿון איר אויספֿירונג איז צום טייל געווען אָפּהענגיק דער גורל פֿון גאַנצן חייל, האָט דער פּאָרוטשניק חס געווען אויף זיין אייגן לייב און אויפֿן לעבן פֿון זיינע זעלנער; פֿונדעסטוועגן וואָלט מען די דאָזיקע אונטערנעמונג געקאָנט האַלטן פֿאַר אַ משוגעת, ווען דער יונגער ריטער וואָלט בדעה געהאַט מיט פֿינף הונדערט מאַן צוריקצוהאַלטן קשיוואָנאָסן מיט זיין פֿערציק־טויזנט־קעפּיקער מחנה, וועלכע איז פֿערשטאַרקט געוואָרן דורך די ביאַלאָגראָדער און דאָברוצקער טאָטערישע מחנות. אָבער אַ צו גרויסער בעל־נסיון איז סקשעטוסקי געווען, אַז ער זאָל זיך אַריינלאָזן אין אַ משוגעת — און ער האָט זייער גוט געוווסט, אַז אין פֿאַל פֿון אַ שלאַכט וועט אין משך פֿון אַ שעה די כוואַליע אַריבער איבער זיין קערפּער און איבער די קערפּערס פֿון זיינע חברים — ער האָט זיך דעריבער געכאַפּט צו אַנדערע מיטלען. קודם־כּל האָט ער פֿאַרשפּרייט די ידיעה צווישן די אייגענע זעלנער, אַז זיי גייען נאָר אַלס פֿאָדערשטע וואַך פֿון אַ גאַנצער דיוויזיע פֿון שרעקלעכן פּירשט, און די דאָזיקע ידיעה האָט ער פֿאַרשפּרייט אומעטום, אין אַלע חוטאָרס, דערפֿער און שטעטלעך, וועלכע ס'איז זיי אויסגעקומען דורכצוגיין. און זי האָט זיך טאַקע פֿאַנאַנדערגעטראָגן מיט דער שנעלקייט פֿון אַ בליץ אין דער לענג פֿון זברוטש, סמאָטריטש, סטודזשעניצאַ, אושקאַ, קאַלושיק, און צוזאַמען מיט זייער לויף האָט זי אָנגעשפּאַרט ביז צום דניעסטער און איז געלאָפֿן ווייטער, ווי געטריבן פֿון ווינט, פֿון קאַמיעניעץ ביז צום יאַהאָרליק. עס האָבן זי איבערגעחזרט די טערקישע פּאַשאַס אין כאָטשים און די זאַפּאָראָזשער אין יאַמפּאָל און די טאָטערס אין ראַשקוו. און ווידער האָט זיך פֿאַרנאַנדערגעטראָגן יענס באַקאַנטע אויסגעשריי: „יערעמאַ גייט!”, פֿון וועלכן עס איז אָנגעפֿאַלן אַ טויט־שרעק אויפֿן צעבונטעוועטן המון און ער איז ווילד געוואָרן פֿון אימה, זייענדיק יעדן טאָג, יעדע שעה אויסגעשטעלט אויף די סכנה אומצוקומען.

און קיינער איז נישט געווען מסופק אין דער ריכטיקייט פון דער ידיעה. די קאָמענדאַנטען וועלן באַפאַלן כמיעלן, און יערעמא קשיוואָנאָסאָן — דאָס האָט זיך געלייגט אויפן שכל. קשיוואָנאָס אַליין האָט דערין געגלויבט און ער איז געוואָרן אָפּ־הענדיק. וואָס האָט ער געזאָלט טון? מאַרשירן אַקעגן פירשט? ביי קאָנסטאַנטינאָוו איז דער המון געווען באַהערשט פון אַ אַנ־דערן גייסט און די כוהות זענען געווען גרעסער, און פונדעסט־וועגן זענען זיי געוואָרן צוקלאַפּט. צוריבן, און זיי זענען קוים מיטן לעבן אַרויס. קשיוואָנאָס איז געווען זיכער, אַז זיינע קאָ־זאַקן וועלן זיך שלאָגן ווי די משוגעים מיט יעדן אַנדערן חייל פון דער רעפּובליק און מיט יעדן אַנדערן פירער, אָבער אַז יאַרעמא וועט זיך דערנענטערן, וועלן זיי זיך ציפּליען ווי אַ סטאַדע שוואַנען פאַר אַ אָדלער, ווי דער שטויב פאַר אַ ווינט.

אָפּוואַרטן דעם פירשט ביי קאַמיעניעץ איז געווען נאָך ערגער. קשיוואָנאָס האָט באַשלאָסן זיך צו וואַרפן אויף מזרח, אַזש העט צו בראַצלאַוו־צו, און אויסמיידנדיק זיין מחבל, זיך צו לאָזן צו כמיעלניצקין. ער איז אמת געווען זיכער, אַז ביי אַזעלכע אומוועגן וועט ער נישט באַווייזן אָנצוקומען צו דער רעכטער צייט, אָבער ער וועט לכל־הפּחות צו דער רעכטער צייט זיך דערוויסן וועגן רעזולטאַט און אַ טראַכט טון וועגן זיין אייגענער רעטונג.

און מיט אַמאָל זענען מיטן ווינט אָנגעפלויגן נייע ידיעות, אַז כמיעלניצקי איז שוין צוקלאַפּט — פּונקט ווי די פריערדיקע, האָט אויף די דאָזיקע ידיעות סקשעטוסקי מיט אַ כיון אַרויסגע־לאָזט; דאָ האָט דער אומגליקלעכער קאָזאַק אין דער ערשטער רגע שוין גאָרנישט געוווסט וואָס צו טון.

שפּעטער האָט ער באַשלאָסן ערשט רעכט זיך צו לאָזן קיין מזרח, וואָס ווייטער זיך אַריינצולאָזן אין די סטעפּעס — אפשר וועט ער באַגעגנען די טאָטערס און געפינען ביי זיי שוץ.

און קודם־כל האָט ער זיך געוואָלט באַוואָרנען, ערפאַר האָט ער געזוכט צווישן זיינע פּאָלקאָווניקעס איינעם, וואָס זאָל

זיין גרייט אויף אַלץ און זיכער, כדי ער זאָל אים קענען אַרויס־שיקן מיט אַפּאָרפּאָסטן נאָך געפאַנגענע. ס׳איז אָבער שווער גע־ווען אַ זעלכן אויסצוקלויבן, ווייל בעלנים האָבן געפעלט און מ׳האָט געמוזט געפינען דוקא אַזאַ מענטש, וואָס אויב ער וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון שונא, זאָל ער נישט אויסגעבן דעם פּלאַן פון אַנטלויפן, אַפילו אַז מ׳וועט אים בראָטן אויפן פייער, אָדער אַרויפציִען אויף אַ דראָנג, אָדער ברעכן די ביינער מיט אַ ראָד.

צום סוף האָט קשיוואָנאָס געפונען.

אין איין נאַכט האָט ער געהייסן רופן צו זיך באָהונען און ער האָט אים געזאָגט:

— דו הערסט, יורעק, מיין פריינט! יאַרעמא גייט אויף אונז מיט אַ גרויסער מאַכט — מיר וועלן מוזן אומקומען!

— איך האָב אויך געהערט, אַז ער גייס. מיר האָבן מיט אייך, פאָטערל, וועגן דעם שוין גערעט — אָבער פאַרוואָס וועלן מיר מוזן אומקומען?

— מיר וועלן נישט אויסהאַלטן. אַן אַנדערן וואָלטן מיר ביי־געקומען, און יאַרעמאַן נישט. די קאָזאַקן האָבן פאַר אים מורא.

— און איך האָב פאַר אים קיין מורא נישט — איך האָב אין וואַסילווקא אויף יענער זייט דניעפּר זיינס אַ פּולק אויסגעקוילעט.

— איך ווייס טאַקע, אַז דו האָסט פאַר אים קיין מורא נישט. דיין קאָזאַקישע רום קאָן זיך פאַרגלייכן מיט זיין פירשט־לעכער רום, אָבער איך קאָן מיט אים קיין שלאַכט נישט פאַר־פירן, ווייל די קאָזאַקן וועלן נישט גיין... דערמאָן זיך, וואָס זיי האָבן געזאָגט אויף דער אסיפה, ווי זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף מיר מיט די שווערדן און שפיזן און געשריגן, אַז איך וויל זיי פירן צו דער שחיטה.

— אויב אַזוי, לאָמיר גיין צו כמיעלן, דאָרט וועלן מיר זיך אָנזעטיקן מיט בלוט און שלל.

— מ׳זאָגט, אַז כמיעל איז דורך די קאָמענדאַנטן שוין צוקלאַפּט געוואָרן.

— דערין גלויב איך נישט, פּאָטער מאַקסים. כמיעל איז אַ פוקס, אָן טאָטערס וועט ער די לאַכן נישט באַפאַלן.

— אַזוי מיין איך אויך, אָבער מ׳דאַרף דאָס וויסן. דעמאָלט וואָלטן מיר אויסגעמיטן יאַרעמאַן און זיך פאַראייניקט מיט כמיעלן, אָבער מ׳דאַרף וויסן! אָט, ווען עס געפינט זיך אַזוי עמיצער, וואָס זאָל פאַר יאַרעמאַן קיין מורא נישט האָבן און זיך אַוועקלאָזן מיט אַ פּאָרפאָסטן און כאַפּן געפאַנגענע, וואָלט איך אים אָנגעשאָטן אַ היטל מיט רויטע גילדנס.

— איך וועל גיין, פּאָטער מאַקסים, נישט זוכן גילדנס, נאָר קאָזאַקישע רום.

— דו ביסט נאָך מיר דער צווייטער אַטאַמאַן, און דו ווילסט גיין? דו וועסט נאָך זיין דער ערשטער אַטאַמאַן איבער די קאָזאַקן, איבער די גבורים, ווייל דו האָסט פאַר יעראמאן קיין מורא נישט. גיי דו, סאָקאָל, און שפּעטער וועסטו פאָדערן וואָס דו וועסט וועלן. אָבער איך זאָג דיר, אַז אויב דו וואָלסט נישט געגאַנגען, וואָלט איך אַליין געגאַנגען, אָבער איך טאָר נישט.

— איר טאָרט נישט, ווייל אויב איר, פּאָטער, וועט אַוועקגיין, וועלן די קאָזאַקן שרייען, אַז איר לויפט זיך אַליין ראַטעווען און זיי וועלן זיך צופליִען איבער דער גאַנצער וועלט; און אויב איך וועל גיין, וועלן זייערע הערצער געשטאַרקט ווערן.

— און וויפיל מענטשן זאָל איך דיר געבן?

כ׳וועל קיין סך נישט מיטנעמען, מיט אַ קליינער מחנה איז לייכטער זיך אויסצובאַהאַלטן און זיך אונטערצוגנבענען — אָבער אַ פינף הונדערט גוטע קאָזאַקן קאָנט איר מיר מיטגעבן, און איך לייג איין מיין קאָפּ, אַז איך וועל אייך ברענגען געפאַנגענע און נישט פשוטע זעלנער, נאָר אָפיצירן, פון וועלכע איר וועט אַלץ געוויר־ווערן.

— אויב אַזוי, פאָר באַלד. פון קאַמיעניעץ שיסט מען שוין

פון האַרמאַטן צום צייכן פון פרייד און ישועה פאַר די ליאַכן און צום צייכן פון טויט פאַר אונז אומגליקלעכע.

באַהון איז אַוועקגעגאַנגען און באַלד גענומען זיך גרייט אין וועג אַריין. זיינע קאָזאַקן, ווי שטענדיק ביי אַזעלכע געלעגנהייטן, האָבן געטרונקען און געשיכורט „איידער די מאַמע־טויט וועט זיי צונעמען", און ער אַליין האָט מיט זיי געטרונקען, אַז דער בראָנפן איז אים אַזש פון האַלז געקראָכן. ער האָט געווילדעוועט, געהוליעט, שפּעטער האָט ער זיך געהייסן ברענגען אַ פעסל דזשעגעטש, און אַזוי ווי ער איז געווען אָנגעטון אין גאָלד און אין זייד האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין אים, זיך טובל געווען איין מאָל, אַ צווייט מאָל צוזאַמען מיטן קאָפּ—און האָט אויסגעשריגן:

— איך בין איצט שוואַרץ, ווי די מאַמע־נאַכט, די ליאַכישע אויגן וועלן מיך נישט דערזען

און נאָך דעם ווי ער האָט זיך אויסגעוואַלגערט אויף די גערויבטע פערסישע טעפּיכער, איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויפן פערד און אַוועקגעפאָרן און נאָך אים זענען נאָכגעריטן אין דער נאַכט־טונקלקייט די געטרייע קאָזאַקן, וואָס זענען באַגלייט געוואָרן מיט די אויסרופן:

— צום רום! צום גליק!

ביני־לביני האָט הער סקשעטוסקי שוין געהאט אָנגעשפּאַרט ביז יאַרמאָליניעץ. דאָרט האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד, איינגעאָרדנט די שטאָט־לייט אַ בלוט־באָד און אָנזאָגנדיק, אַז פּירשט יאַרעמאַ וועט צומאָרגנס אָנקומען, האָט ער געלאָזט אויסרוען זיינע פאַרמאַטערטע פערד און זעלנער.

דערנאָך האָט ער צונויפגערופן די חברים אויף אַ באַראַטונג און צו זיי געזאָגט:

— ביז איצט האָבן מיר אַ דאַנק גאָט מצליח געווען. פון דער אימה, וואָס האָט אַרומגענומען די פויערים, שטויס איך מיך אָן, אַז זיי האַלטן אונז טאַקע פאַר דעם פּירשטס אַ פאָדערשטע וואַך און גלויבן, אַז די גאַנצע מאַכט גייט נאָך

אונז. מיר מוזן אָבער אַ טראַכט טון, אַז זיי זאָלן זיך נישט כאַפּן זעענדיק, אַז איין גרופּע גייט אומעטום.

— און לאַנג וועלן מיר אַזוי גיין? — האָט הער זאַגלאָבא געפרעגט.

— אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן נישט וויסן וועגן קשיוואָנאָסן, וואָס ער האָט באַשלאָסן.

— אויב אַזוי, וועלן מיר אפשר נישט באַווייזן צו קומען אין לאַגער צו דער שלאַכט.

— עס קאָן זיין—האָט הער סקשעטוסקי געענטפערט.

— גנעדיקער הער, שטאַרק צופרידן דערפון בין איך נישט — האָט דער שלאַכטשיץ געזאָגט — מיר האָבן שוין אַביסל זיך אָנגעוואַרעמט די הענט אויף די רשעים ביי קאָנסטאַנטינאָוו, און עפּעס שלל אויך פאַרכאַפּט ביי זיי. אָבער דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט! די פינגער שווענדזשען...

— איר וועט אפשר דאָ האָבן מער שלאַכטן, ווי איר מיינט—האָט הער סקשעטוסקי ערנסט געענטפערט.

— אָ! ווי אַזוי דען? — האָט זאַגלאָבא גענוג אומרואיק געפרעגט.

— ווייל אַ ליאַדע טאָג קאָנען מיר זיך אָנשטויסן אויפן שונא, און הגם אונזער עובדא איז דאָ נישט צו פאַרשטעלן אים דעם וועג מיט געווער, וועלן מיר אָבער מוזן זיך פאַרטיידיקן. אָבער איך קער צוריק צום ענין: מיר מוזן זיך אויסשפּרייטן איבער אַ וואָס גרעסערן שטח, כדי מען זאָל וועגן אונז וויסן אין אַ פּאָר ערטער אויף אַמאָל, דאָ און דאָרט מוזן מיר די ווידערשפּעניקע אויסקוילן, כדי די אימה זאָל זיך וואָס מער פאַנאַנדערטראָגן, און אומעטום מוזן מיר אַרויסלאָזן ידיעות, דערפאַר מיין איך, אַז מיר וועלן זיך מוזן צוטיילן.

— איך מיין אויך אַזוי — האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן — מיר וועלן זיך מערן אין זייערע אויגן און די, וואָס וועלן אַנטלויפן צו קשיוואָנאָסן, וועלן דערציילן וועגן צענדליקער טויזנטער.

— גנעדיקער הער פּאָרוטשניק, איר זענט דאָ אונזער

פּירער, און איר קאָנט באַפעלן — האָט פּאָדבּיפּיענטא געזאָגט.

— איך וועל גיין דורך זינקאָוו קיין סאָלאָדקאָוויצע און אַז איך וועל קאָנען — נאָך ווייטער — האָט סקשעטוסקי געזאָגט — איר, גנעדיקער הער נאַמיעסטניק פּאָדבּיפּיענטא, גייט גלייך אַראָפּ צו טאַטאַזשיסקי — דו, מיכאַל, פאָר קיין קופּין, און הער זאַגלאָבּא וועט זיך אַוועקלאָזן צום זברוטש נעבן סאַטאַנאָוו.

— איך? — האָט הער זאַגלאָבּא זיך אָנגערופן.

— יאָ. איר זענט אַ מענטש מיט המצאות און איינפאַלן; איך האָב געמיינט, אַז איר וועט גערן אָננעמען די דאָזיקע שליחות, און אויב נישט וועט די פערטע אָפּטיילונג איבערנעמען קאָסמאַטש, דער וואַכמייסטער.

— ער וועט איבערנעמען, אָבער אונטער מיין אָנפירונג — האָט אויסגערופן זאַגלאָבּא, וועלכער איז מיט אַמאָל נתפעל געוואָרן פון געדאַנק, אַז ער וועט זיין דער פירער פון אַ באַזונדערער אָבטיילונג. — אויב כ׳האָב געפרעגט איז עס נאָר דערפאַר, וואָס עס איז מיר געווען אַ שאָד זיך מיט אייך צו שיידן.

— צו זענט איר אָבער אַ בעל־נסיון אין מיליטערישע ענינים? — האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

— צי איך בין אַ בעל־נסיון? ווען קיין שום באָטשאַן האָט נאָך נישט געקראַכט צו מאַכן פון אייך אַ געשאַנק פאַר אייער פאָטער און מוטער, האָב איך שוין געהאַט אָנגעפירט מיט גרעסערע פּאַרפּאָסטענס, ווי דער. אַ גאַנץ לעבן האָב איך אָפּגעדינט אין דער אַרמיי און איך וואָלט נאָך געווען ביז איצט דינען, ווען נישט דאָס, וואָס אַ פערשימעלטער סיכאַר האָט זיך מיר אַוועקגעשטעלט אין בויך און איז דאָרט נעבליבן שטעקן דריי יאָר. כ׳האָב געמוזט פאָרן קיין גאַלאָטא נאָך רפואות און וועגן דער דאָזיקער נסיעה וועל איך אייך אַמאָל דערציילן אויספירלעך, ווייל איצט אייל איך מיך אין וועג אַריין.

— אויב אַזוי, פאָרט מיין הער, און לאָזט אַרויס קלאַנגען

זאַ כמיעלניצקי איז שוין צוקלאַפּט און אַז דער פּירשט האָט שוין פּראָסקוראָוו געמיטן — האָט הער סקשעטוסקי געזאָגט — ביים פאַרנעמען געפאַנגענע זאָלט איר שטאַרק איערבקלויבן, אויב אָבער איר וועט באַגעגנען פאָרפּאָסטענס פון קאַמיעניעץ, זאָלט איר זיך באַמיִען צו פאַרכאַפּן אַ זעלכע, וואָס זאָלן קאָנען געבן ידיעות וועגן קשיוואָנאָסן, ווייל די, וואָס מיר האָבן, געבן אָפּ באַריכטן פול מיט סתירות.

— הלואי זאָל איך באַגעגענען קשיוואָנאָסן אליין, זאָל איִם נאָר אָננעמען אַ חשק אַרויסצופאָרן אויף אַ אויסשפּירונג, וועל איך אים געבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון פּעפּער און אימבער! האָט קיין מורא נישט, מיינע הערן, איך וועל די רשעים אויס־לערנען זינגען — יאָ, אפילו טאַנצן וועל איך זיי לערנען!

— אין דריי טעג אַרום וועלן מיר זיך ווידער טרעפן אין יאַרמאָלניצע, און איצט יעדער אין זיין וועג! — האָט סקשע־טוסקי געזאָגט. — און די מענטשן בעט איך אייך, מיינע הערן, זאָלט איר שוינען.

— אין דריי טעג אַרום אין יאַרמאָלינצע! — האָבן איבער־געחזרט זאַגלאָבא, וואָלאָדיאָווסקי און פּאָדביפּיענטא.

## 6. קאַפּיטל

ווען הער זאַגלאָבאַ איז געבליבן אַליין, בראש פון זיין אָפּטיילונג, איז אים עפּעס מיט אַמאָל געוואָרן קאַלאַמוטנע, אַפילו אַ פּחד האָט אים באַהערשט, און אַ סך וואָלט ער געוועזן געבן, אַז ער זאָל נעבן זיך האָבן סקשעטוסקין, וואָלאָדיאָווסקין, אָדער דעם הער לאָנגגין, וועלכע ער האָט אין האַרצן אַממערסטן באַוווּנדערט און ביי וועלכע ער האָט זיך געפילט אינגאַנצן זיכער, אַזוי בלינד האָט ער געגלויבט אין זייער געשיקטקייט און גבורה.

ער איז דעריבער תחילת געריטן געגוג אומעטיק בראש פון זיין אָפּטיילונג און אומקוקנדיק זיך מיט השד אויף אַלע זייטן, האָט ער אין דער מחשבה זיך משער געווען די סכנות, אויף וועלכע ער האָט זיך געקענט אָנשטויסן, און געברומט:

— ס'וואָלט פאָרט בעסער געווען, ווען עמיצער פון זיי וואָלט דאָ געווען. צו וואָס גאָט האָט איינעם באַשטימט, צו דעם האָט ער אים באַשאַפן, און די דאָזיקע דריי האָבן געדאַרפט געבוירן ווערן אַלס פּיאַווקעס, ווייל זיי האָבן ליב צו זויגן בלוט. זיי פילן זיך אין דער מלחמה, ווי אַנדערע ביי דער פלאַש, אָדער ווי די פיש אין וואַסער. בייכער האָבן זיי לייכטע, אָבער הענט שווערע. סקשעטוסקין האָב איך געזען ביי דער אַרבעט און כ'ווייס וואָס פאַר אַ בריה דאָס איז. ער האַקט מענטשן, ווי אַנדער תפילות. דאָס איז זיין באַליבטע מלאָכה. יענער ליטווינער, וואָס האָט קיין אייגענעם קאָפּ נישט און זוכט דריי פרעמדע קעפּ, שטעלט גאָרנישט אין קאָן: אַמווייניקסטן קען איך דעם קליינעם נפש, אָבער דאָס מוז אויך זיין נישט קיין ליאַדע פויגל, ווען איך זאָל בלויז דרינגען פון דעם, וואָס כ'האָב געזען ביי קאָנסטאַנטינאָוו און וואָס סקשעטוסקי האָט מיר

יעגן אים דערציילט — אַ פֿויגל מוז דאָס זיין! צום גליק פֿאָרט ער נישט ווייט פֿון מיר און איך טראַכט מיר, אַז אַמבעסטן וועל איך טון, אויב איך וועל מיך מיט אים פֿאַריינִיקן, ווייל די קאַטשקעס זאָלן מיך אַזוי צוט־עטן, צי איך ווייס וווּ צו גיין.

דער זאַגלאַבאַ האָט זיך דערפֿילט זייער איינזאַם אויף דער וועלט — אַז עס האָט אים אַזש אָנגענומען אַ רחמנות אויף זיך אַליין.

— יאָ, יאָ! — האָט ער געברומט — יעדער האָט אויף וועמען זיך אומצוקוקן, און איך וואָס? נישט קיין חבר, נישט קיין טאַטע, נישט קיין מאַמע. אַ יתום בין איך — און פּטור!

אין דער רגע האָט וואַכמייסטער קאָסמאַטש זיך דערנענטערט צו אים:

— גנעדיקער הער קאָמענדאַנט, וווּהין גייען מיר?

— וווּהין מיר גייען? — האָט דער זאַגלאַבאַ איבערגעחזרט — וואָס? — מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעגלייכט אויפֿן זאָטל און אַ דריי געטון די וואָנסעס.

— קיין קאַמיעניעץ, אויב מיר וועט אַזוי ווילגעפעלן! — פֿאַרשטייסט, הער וואַכמייסטער?

דער וואַכמייסטער האָט זיך פֿאַרנייגט און שטילשווייגנדיק זיך צוריקגעצויגן אין די רייען, נישט פֿאַרשטייענדיק פֿאַרוואָס דער קאָמענדאַנט האָט זיך געבייזערט, און הער זאַגלאַבאַ האָט נאָך געוואָרפֿן אַרום זיך אַ פּאָר צאָרנדיקע בליקן, שפּעטער האָט ער זיך באַרואיקט און ווייטער געברומט:

— אויב איך וועל פֿאָרן קיין קאַמיעניעץ, וועל איך מיר לאָזן געבן הונדערט מלקות אין די פּיאַטעס, אויפֿן טערקישן שטייגער. טפֿו! טפֿו! ווען עמיצער פֿון זיי וואָלט געוועזן נעבן מיר, וואָלט איך מער מוט אין זיך געשפּירט. וואָס וועל איך טון מיט הונדערט מענטשן? כ'וואָלט שוין בעסער געוואָלט זיין אַליין, ווייל דעמאָלט האָט דער מענטש בטחון אין זיין שכל. אָבער איצט זענען מיר צופֿיל, אַז מיר זאָלן קענען קעמפֿן מיט המצאות און צו ווייניק אויף צו פֿאַרטיידיקן זיך, אַ זייער שלימזלדיקער געדאַנק איז סקשעטוסקין איינגעפֿאַלן צו צוטיילן דעם פֿאָרפּאָסטן.

און ווו וועל איך גיין? כ׳ווייס וואָס פֿאַר מיר טוט זיך, אָבער ווער וועט מיר זאָגן, וואָס עס טוט זיך הינטער מיר, און ווער וועט מיר ערב זיין, צי די שדים האָבן דאָרט נישט אונטערגעשטעלט עפּעס אַ נעץ? קשיוואָנאָס און באָהון! אַ פֿיינע חברה! אַז דער טייוול זאָל זיי נעמען! גאָט, היט מיך לכל-הפּחות פֿון באָהונען. סקשעטוסקי ווינטשט זיך מיט אים צו טרעפֿן — טו אים צוליב, גאָטעניו! איך ווינטש אים דאָס, וואָס ער ווינטשט זיך אַליין, ווייל כ׳בין זיין פֿריינט — אמן! כ׳וועל אָנשפּאַרן ביז צום זברוטש און צוריקקערן קיין יאַרמאָלינצע, און געפֿאַנגענע וועל איך זיי ברענגען מער, ווי פֿיל זיי ווילן אַליין. דאָס איז אַ קלייניקייט.

מיט אַמאָל איז קאָסמאַטש צוגעגאַנגען צו אים.

— גנעדיקער הער קאָמענדאַנט, עפּעס רייטער זעט מען הינטערן בערגל.

— זאָלן זיי פֿאָרן צום טייוול! ווו? ווו?

— אָט דאָרט, הינטערן באַרג. כ׳האָב געזען סימנים.

— מיליטער?

— דוכט זיך, מיליטער.

— זאָלן זיי די הינט בייסן. און אַ סך זענען זיי?

— כ׳ווייס נישט, ווייל ס׳איז ווייט. אַז מיר וועלן זיך דאָ באַהאַלטן הינטער די פֿעלזן, וועלן מיר זיי באַפֿאַלן אומגעריכטערהייט, ווייל זיי גייען דאָ-אַרום. אויב דאָס איז אַ צו גרויסע מאכט, איז הער וואָלאָדיאָווסקי נישט ווייט, ער וועט דערהערן אַ שיסעריי, וועט ער קומען צו הילף.

דעם הער זאַגלאָבאַ האָט דער מוט פּלוצלינג אַ שלאָג געטון אין קאָפּ אַריין, ווי ווייַן. אפֿשר האָט די פֿאַרצווייפֿלונג אים געגעבן אַזאַ שטויס צו מעשים, און אפֿשר די האָפֿנונג, אַז וואָלאָדיאָווסקי איז נאָך נאָענט, גענוג, אַז ער האָט אַ בליק געטון מיט דער הוילער שווערד, האָט מוראדיק געקוקט מיט די אויגן און אויסגעשריגן:

— באַהאַלטן זיך הינטער די פֿעלזן! — מיר וועלן זיי באַפֿאַלן אומגעריכטערהייט! מיר וועלן ווייזן די רשעים...

דעם פֿירשטס פֿלינקע זעלנער האָבן זיך געלאָזט צו די פֿעלזן און כהרף־עין האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט, גרייט צום אומגעריכטן איבערפֿאַל.

עס איז אַריבער אַ שעה; צום סוף האָט זיך געלאָזט הערן אַ געפּילדער פֿון אָנקומענדיקע מענטשן, דער ווידערקול האָט אָנגעטראָגן טענער פֿון פֿריילעכע לידער און מיט אַ ווילדע שפּעטער האָבן אין די אויערן פֿון די זעלנער, וואָס האָבן געלויערט אין באַהעלטעניש, אָפּגעהילכט קלאַנגען פֿון פֿידלען, פּייפֿעלעך און דודלזעק. דער וואַכמייסטער איז ווידער צוגעגאַנגען צום הער זאַגלאָבאַ און האָט געזאָגט:

— דאָס איז נישט קיין מיליטער, הער קאָמענדאַנט, נישט קיין קאָזאַקן, דאָס איז אַ חתונה.

— אַ חתונה? — האָט זאַגלאַבאַ געזאָגט — איך וועל זיי אָפּשפּילן, זאָלן זיי וואַרטן!

ביי די דאָזיקע ווערטער איז ער אַוועקגעריטן אויפֿן פֿערד, נאָך אים זענען נאָכגעריטן די זעלנער און זיך אויסגעשטעלט אויפֿן וועג אין אַ שורה.

— נאָך מיר! — האָט זאַגלאַבאַ מוראדיק אויסגעשריגן.

די זעלנער זענען געריטן צוערשט געשלאָסן, שפּעטער גאַלאָפּ און אַרומרינגלענדיק דעם פֿעלז, האָבן זיי זיך מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט האַרט פֿאַר דער גרופּע מענטשן, וואָס זענען צומישט און צוטומעלט געוואָרן צוליב דעם אומגעריכטן באַגעגעניש.

— שטיי! שטיי! — האָט מען גערופֿן פֿון ביידע זייטן.

דאָס איז באמת געווען אַ פּויערישע חתונה. בראש זענען געריטן אויף פֿערד דעם דודלזאַק־פּייפֿער, דער פֿלייטיסט, דער פֿידלער און צוויי פּויקער, וועלכע האָבן כמעט שוין בגילופֿינדיקערהייט געשפּילט טאַנץ־ניגונים, נאָך זיי האָט געריטן די כלה. אַ מונטער מיידל אין אַ טונקעלעם ראָק און מיט צולאָזטע האָר אויף די אַקסלען. עס האָבן זי אַרומגערינגלט די כלה־מיידלעך וועלכע האָבן געזונגען לידער און געטראָגן קרענץ, אָנגעצויגן אויף די הענט — אַלע מיידלעך האָבן געריטן, זענען געזעסן

אויף די פערד מעשה מאַנסבילן, אויסגעפּוצטע, פאַציִרטע מיט פעלד־בלימעלעך און האָבן אויסגעזעהן פון דער ווייטנס ווי אַ מחנה רויטע קאָזאַקן. אין דער צווייטער שורה איז אויף אַ טיכטיק פערד געריטן דער חתן אינמיטן פון די אונטערפירערס מיט קרענץ אויף לאַנגע שטעקנס, וואָס זענען ענלעך געווען אויף שפּיזן — צום סוף זענען געריטן די עלטערן פון התן־כלה און די געסט; אויף די לייכטע, מיט שטרוי אויסגעבעטע, וועגעלעך זענען געלעגן פעסלעך מיט בראָנפן, מעד און ביר, וועלכע האָבן זיך געשמאַק געקאָלערט, פאָרנדיק איבער דעם נישט גלייכן שטייניקן וועג.

— שטיי! שטיי! — האָט מען גערופן פון ביידע זייטן; צווישן דעם חתונה־עולם איז אַנטשטאַנען אַ צומישעניש. די מיידלעך האָבן גענומען אימהדיק שרייען און צוריקציען זיך, און די בחורים און עלטערע אונטערפירערס זענען אַוועקגעשפּרינגען, כדי מיט די ברוסטן צו באַשיצן די מיידלעך פאַר דעם אומגעריכטן איבערפאַל.

הער זאַגלאָבאַ איז צו זיי צוגעשפּרונגען און פאָכנדיק מיט דער שווערד פאַר די אויגן פון די איבערגעשראָקענע פויערים, האָט ער גענומען מאַכן קולות:

— האַ! אָקסן, היגטישע עקן, מורדים! צו דער מרידה האָט זיך איך פאַרגליסט צוצושטיין! מיט קשיוואָנאָסן האַלט איר, ליידאַקעס! איר פאָרט אויף אויסשפּירונגען? איר שטעלט זיך דעם חייל אין וועג? איר הויבט אויף אייער האַנט אויף די שלאַכטע? כ'וועל אייך געבן, שמציקע היגטישע נשמות! אין קייטן וועל איך אייך הייסן שמידן, אויף די תליה אַרויפציִען, אָ, רשעים! אָ, געצנדינער! איצט וועט איר פאַר אַלע פאַרברעכנס באַצאָלן!

אַ, אַלטער אונטערפירער, גרוי ווי אַ טויב, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד, איז צוגעגאַנגען צום שלאַכטשיץ און אָנכאַפּנדיק אים הכנעהדיק פאַרן פוס, האָט ער גענומען זיך בוקן פאַר אים און בעטן רחמים:

— דערבאַרעמס זיך, הויך־וווילגעבוירענער ריטער, ברענגט

נישט אום קיין אָרעמע מענטשן. גאָט איז אונזער עדות, מיר זענען אומשולדיק, נישט צו די מורדים גייען מיר, מיר גייען פון דער קירך, פון הוסיאַטין, אונזער קרוב דימיטר דעם שמיד האָבן מיר געפירט צו זיין חתונה מיט קסעניען, דעם בעדנערס טאָכטער. מיר גייען אויף אַ חתונה, אויף אַ מאָלצייט.

— דאָס זענען אומשולדיקע מענטשן, מיין הער—האָט דער וואַכמייסטער געשעפטשעט.

— אַוועק פון דאַנע! דאָס זענען רשעים! פון קשיוואָנאָסן זענען זיי געקומען אויף די חתונה—האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן.

— זאָל ער אַ מיתה־משונה איינגעמען! — האָט דער זקן אויסגערופן — מיר האָבן אים פאַר די אויגן נישט געזען, מיר זענען אָרעמע מענטשן. האָט רחמנות, הויך־וווילגעבוירענער האַר, לאָזט אונז דורך, מיר טוען קיינעם נישט קיין שלעכטס, און וואָס אונזער פליכט איז ווייסן מיר.

— קיין יארמאָלינצע אין קייטן וועט איר גיין!...

— מיר וועלן גיין ווו איר וועט הייסן, האַר! איר וועט באַפעלן, און מיר וועלן פאָלגן! אָבער טוט מיט אונז אַ חסד, גנעדיקער ריטער! הייסט די הערן זעלנער, אַז זיי זאָלן אונז קיין שלעכטס נישט טון, און מיר אַליין — זייט אונז מוחל — אָט נויען מיר זיך הכנעהדיק; טרינקט אויס מיט אונז צום גליק פון חתן־כלה... טרינקט, גנעדיקער האַר, צו דער פרייד פון פראָסטע מענטשן, אַזוי ווי גאָט און די הייליקע שריפטן האָבן געבאָטן.

— איר זאָלט אָבער נישט מיינען, אַז איך וועל מיט אייך חסדים טון, אויב איך וועל טרינקען!—האָט הער זאַגלאָבאַ שאַרף געזאָגט.

— ניין, האַר!—האָט דער זקן אויסגעשריגן מיט שמחה— מיר וועלן נישט מיינען! העי, כלי־זמרים! — האָט ער אַ געשריי געטון—שפילט לכבוד דעם גנעדיקן ריטער, ווייל דער גנעדיקער ריטער איז אַ גוטער, און איר, בחורים, גיט אַ שפרינג נאָך מעדן נאָך זיסן מעד פאַרן גנעדיקן ריטער; ער וועט אָרעמע מענטש, נישט טון קיין עולה. גיכער, בחורים, גיכער! מיר דאַנקען, האַר!

די בחורים זענען געלאָפן אין איין אימפעט צו די פעס־

לעך, און דערווייל האָבן געכּוּקט די פּייקלעך, עס האָבן גע־פּישטשעט די פידלען, דער דודלזאַק־פּייפער האָט אָנגעבלאָזן די באַקן און גענומען קנייטשן דעם דודלזאַק אונטערן אָרעם, די אונטערפירערס האָבן געשאָקלט מיט די קרענץ אויף די שטעקנס. זעענדיק דאָס, האָבן די זעלנער זיך גענומען וואָס אַמאָל מער צורוקן, דרייען די וואָנסעס, שמייכלען און קוקן אויף די מיידלעך דורך די פּלייצעס פון די בחורים. עס האָבן אויפסניי אָפּגעקלונגען לידער — און די שרעק איז אַריבער, און דאָ און דאָרט האָבן אַפילו אָפּגעהילכט פריידיקע „אוי־האָ! אוי־האַ!״־אויסגעשרייען.

אָבער הער זאַגלאָבאַ האָט זיין גרימצאָרן מיט אַמאָל נישט איינגעהאַלטן — אַפילו ווען מ׳האָט אים געגעבן אַ קוואָרט מעד, האָט ער נאָך געבורמעט אין דער שטיל: „איר, רשעים, איר, ליידאַקעס!״ אַפילו ווען ער האָט שוין געהאַט איינגעטונקט די וואָנסעס אין דער טונקעלער אויבערפלאַך פון דער משקה, האָבן זיינע ברעמען זיך נאָך נישט פאַנאַנדער־געצויגן; ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פינטלענדיק מיט די אויגן, האָט ער געקלאַפּט מיט די ליפּן ווי איינער, וואָס וויל דערגיין דעם טעם פון געטראַנק—שפּעטער האָט זיין פּנים אויסגעדריקט פאַרחידושטקייט און אויפרעגונג אינאיינעם.

— שיינע צייטן דערלעבט! — האָט ער געבורמעט — כאָמעסטרינקן אַזאַ מעד. גאָט, דו זעסט דאָס צו און שווייגסט?

נאָך די דאָזיקע ווערטער האָט ער צוגעלייגט די קוואָרט צום מויל און זי אויסגעליידיקט ביז צום באָדעם.

דערווייל איז דער גאַנצער חתונה־עולם אים געקומען בעטן, אַז ער זאָל זיי נישט טון קיין שלעכטס און אָפּלאָזן פריי. עס איז מיט זיי אויך געקומען די כלה, קסעניאַ, אַ נישט דרייסטע, אַ ציטערנדיקע, מיט טרערן אין די אויגן, אָבער אַ צופלאַמטע און שיינע ווי דער מאָרגנשטערן. צוקומענדיק, האָט זי צונויפגעלייגט די הענט: „האָט רחמנות, האַר!״ און געקושט הער זאַגלאָבאַס געלן שטיוול—דעם שלאַכטשיצס האַרץ איז מיט אַמאָל ווי וואַקס אין אים צוגאַנגען.

אויפלייזנדיק די לעדערנע גאַרטל, האָט ער גענומען אין איר גראַבלען און אַרויסגראַבלענדיק די לעצטע רויטע גילדן, וואָס דער פּירשט האָט אַנומלט אים געהאַט געגעבן, האָט ער געזאָגט צו קסעניאַן:

— נאַדיר! זאָל גאָט בענטשן דיך ווי אויך אַלע צנועות.

דאָ האָט דער שלאַכטשיץ פון גערירטקייט נישט געקאָנט מער רעדן, ווייל די דאָזיקע שלאַנקע, שוואַרץ-ברעמיקע קסעניא האָט אים דערמאָנט די פירשטין, יועלכע הער זאַגלאָבא האָט געליבט אויף זיין שטייגער. „ווו איז זי איצט נעבעך און צי היטן זי דאָרט די הייליקע מלאָכים?" האָט ער געטראַכט — און ער איז אינגאַנצן שוין געווען איבערפולט פון רחמנות-געפילן און גרייט געווען זיך מיט יעדן צו האַלזן און צו קושן.

און דער חתונה-עולם, זעענדיק זיין גוטסקייט, האָט גענומען שרייען פון שמחה און זינגען און שטופן זיך צו אים און קושן די פּאָלעס. „ער איז אַ גוטער!—האָט מען כסדר אויסגעשריען צווישן עולם—אַ גאָלדענער ליאַך! רויטע גילדן גיט ער—ער טוט נישט קיין בייז, אַ גוטער האַר! אַ ליוב אים! אַ גליק אויף אים!" דער פידלער האָט זיך אַזש געטרייסלט, אַזוי שטאַרק האָט ער געשפּילט, דעם דודלזאַק-פייפער זענען אַזש די אויגן אַרויסגעקראָכן, ביי די פּויקער זענען די הענט אָפּגעשטאַנען. דער אַלטער בעדנער, אַפּנים אַ גרויסער בעל-פחדן, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען הינטער דעם עולם, האָט זיך איצט אַרויסגערוקט פאָרנט און צוזאַמען מיטן ווייב דער בעדנערין און מיט דער אַלטער קאָוואַליכע, דעם חתנס מאַמע, האָט ער זיך גענומען נייגן און פאַרבעטן אַהיים אויף די חתונה, ווייל ס'איז אַ כבוד צו האָבן אַזאַ אורח און פאַר חתן-כלה — אַ סימן-מזל, און אויב ער וועט זיי נישט צוליב טון, וועלן זיי דאָס האַלטן פאַר אַ עולה. הינטער זיי האָט זיך גענייגט דער חתן און די שוואַרץ-ברעמיקע קסעניאַ, וואָס הגם זי איז געווען אַ פּראָסט מיידל, האָט זי אָבער באַלד דערקענט, אַז זי וועט אַממערסטן פועלן. און די אונטערפירער האָבן געשריגן, אַז דער חוטאָר איז נישט ווייט, אַז דער ריטער וועט נישט דאַרפן קיין וועג אָנ-

לייגן, און אַז דער אַלטער בעדנער איז רייך און וועט מכבד זיין מיט אַ נאָך בעסערן מעד. הער זאַגלאָבאַ האָט אַ קוק געטון אויף די זעלנער: ביי אַלעמען האָבן די וואָנסעס זיך באַוויגן ווי ביי די האָזן, ווייל זיי האָבן זיך שוין פאָרגעשטעלט די תענוגים פון די טענץ און משקאות, און הגם זיי האָבן זיך נישט דערוועגט צו בעטן מיטפאָרן, האָט הער זאַגלאָבאַ זיך דערבאַרעמט איבער זיי — און אין אַ ווײַלע אַרום האָבן ער, די אונטערפירערס, די מיידלעך און די זעלנער זיך געלאָזט אין דער בעסטער שטימונג צו דער פאַרם.

דער הוטאָר איז טאַקע געווען נישט ווייט, און דער אַלטער בעדנער איז געווען רייך, דערפאַר איז די חתונה געווען אַ טומלדיקע, אַלע האָבן זיך גוט אָנגעשיכורט און הער זאַגלאָבאַ איז געווען אַזוי באַשמחהט, אַז צו אַלעם איז ער געווען ד ר ערשטער. עס האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן די משונהדיקע צערעמאָניעס, די אַלטע באַבעס האָבן אַוועקגעפירט קסעניאַן אין אַ קאַמער און זיך דאָרט מיט איר פאַרמאַכט; זיי האָבן זיך לאַנג געראַנגלט, שפּעטער זענען זיי אַרויס און דערקלערט, אַז די כּלה איז ווי אַ טייבעלע, ווי אַ ליליע! דעמאָלט איז צווישן עולם געוואָרן אַ גרויסע שמחה און עס האָט זיך געהערט אַ געשריי: „צו מזל! צו גליק!“ — די ווייבער האָבן גענומען פּאַטשן אין די הענט און שרייען: „נו, וואָס? האָבן מיר נישט געזאָגט?“ — די בחורים ווידער האָבן געטופּעט מיט די פיס און יעדער האָט געטאַנצט ביחידות מיט אַ קוואָרט אין דער האַנט, וועלכע ער האָט אויסגעטרונקן מיטן ווונטש „צו מזל“ פאַר דער טיר פון דער קאַמער. געטאַנצט האָט אויך הער זאַגלאָבאַ, כּדי אָבער נישט מבזה צו זיין זיין בכבודע אָפּשטאַמונג, האָט ער געטרונקן פאַר דער טיר נישט מיט אַ קוואָרט, נאָר מיט אַ האַלבן גאַרניץ. שפּעטער האָבן דאָס בעדנער-פּאָרל און די קאָוואַליכע אַריינגעפירט דעם יונגן דימיטר אין די קאַמער — און אַזוי ווי דער יונגער דימיטר האָט נישט געהאַט קיין פאָטער, האָט מען גע·ע·ן דעם הער זאַגלאָבאַ, אַז ער זאָל אים פאַרטרעטן — און ער · אָ · מסכים געווען און איז מיט זיי געגאַנגען. אין משך פון דער

דאָזיקער צייט איז שטיל געוואָרן אין שטוב, נאָר די זעלנער, וואָס האָבן געטרונקען אויפֿן פּלאַץ פֿאַר דער כאַטע, האָבן געמאַכט קולות מיט זייערע פריידיקע אַללאַ-אויסרופֿן. אויפֿן טאָטערישן שטייגער און מיט זייער שיסן פֿון די ביקסן. אָבער די אמתע שמחה און דאָס אמתע הוליען האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דעמאָלט, ווען די מחותּנים האָבן זיך ווידער באַוויזן אין שטוב. דער אַלטער בעדנער האָט פֿון גרויס שמחה אַרומגענומען די קאָוואַלעכע, די בחורים זענען צוגעגאַנגען צו דער בעדנערקע און זי אונטערגעהויבן ביי די פֿיס, און די מיידלעך האָבן זי געלויבט, אַז זי האָט אַזוי אָפּגעהיטן דאָס טעכטערל, ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווי אַ טייבעלע און אַ ליליע *), דערנאָך האָט זיך הער זאַגלאָבאַ געלאָזט מיט איר טאַנצן. זיי האָבן גענומען שפּרינגען איינער אַקעגן צווייטן, און ער האָט געפּאַטשט אין די הענט אַריין און זיצנדיק אונטערגעטאַנצט און אַזוי אונטערגעשפּרונגען, און אַזוי געקלאַפּט מיט די פּאָדקאָוועס אין דער פּאָדלאָגע, אַז שפּענער זענען אַזש געפלויגן פֿון די ברעטער און דיקע שווייס-טראָפּנס האָבן אים אַראָפּגערונען פֿון שטערן.

עס האָבן זיי נאָכגעטון אויך די איבריקע, ווער עס האָט געקאָנט—אין שטוב, ווער עס האָט נישט געקאָנט — אויפֿן הויף, די מיידלעך מיט די בחורים און זעלנער. דער בעדנער האָט געהייסן כסדר ברענגען נייע פֿעסלעך. צום סוף איז די גאַנצע חתונה אַרויסגעטראָגן געוואָרן פֿון שטוב אויפֿן פּלאַץ — מ׳האָט אָנגעצונדן שטויסן פֿון טרוקענע דערנער און קין, ווייל ס׳איז שוין צוגעפֿאַלן אַ טיפֿע נאַכט און דאָס הוליען איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שכורן ביז צום פֿאַרגעסן זיך, די זעלנער האָבן געשאָסן פֿון די ביקסן און רעוואָלווערן, ווי בעת אַ שלאַכט.

אַ רויטער, אַ פֿאַרשוויצטער, אַ זיך וואַקלענדיקער אויף די פֿיס האָט הער זאַגלאָבאַ פֿאַרגעסן, וואָס עס טוט זיך מיט אים, ווו ער איז; דורך דער פּאַרע, וואָס האָט געשלאָגן פֿון זיין טשופּרינע, האָט ער געזען די פּנימער פֿון די געסט, וואָס האָ-

*) אַ פּויערישע חתונה פֿון יענע צייטן שילדערט דער עד-ראיה באָפּלאַן.

בען מיט אים געטרונקען, אָבער ווען מען וואָלט אים אַפילו אַרויפגע־ צויגן אויף אַ תליה, וואָלט ער נישט געקאָנט זאָגן ווער זיי זע־ נען. ער האָט געדענקט, אַז ער איז אויף אַ חתונה — אָבער אויף וועמענס? האַ? מסתמא אויף דער חתונה פון הער סקשע־ טוסקי מיטן פריילין־פירשטין! דער דאָזיקער געדאַנק האָט זיך אים מער פון אַלץ געלייגט אויפן שכל און איז אים צום סוף געבליבן שטעקן, ווי אַ טשוואָק אין קאָפּ און האָט אים אָנגעפילט מיט אַזאַ שמחה, אַז ער האָט גענומען מאַכן קולות ווי אַ מטורף: „זאָלן זיי לעבן! ברידער, לאָמיר זיך ליבן!" און ער האָט כסדר אָנגעגאָסן נייע האַלבע גאַרניעצן: „אין דיינע הענט, ברודער! צום געזונט פון אונזער האַר פירשט! לאָמיר מצליח זיין! הלוואי זאָל דאָס פאָטערלאַנד ניצול ווערן פון צרות!" — דאָ האָט ער זיך באַגאָסן מיט טרערן און איז געשטרויכלט געוואָרן ווען ער איז צוגעגאַנגען צום פעסל — און ער איז כסדר געשטרויכלט גע־ וואָרן, ווייל אויף דער ערד זענען ווי אויף אַ שלאַכט־פעלד גע־ לעגן פיל אומבאַוועגלעכע גופים. „גאָט! — האָט הער זאַגלאָבא אויסגערופן — נישטא מער קיין גבורים אין דער דאָזיקער רע־ פובליק. איין הער לאַשטש קען טרינקען, און זאַגלאָבא איז דער צווייטער — און די איבריקע! גאָט! גאָט!" און ער האָט אַ פאַרטרויערטער אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל. דאָ האָט ער באַמערקט, אַז די שטערן שטעקן שוין נישט אַזוי רואיק ווי גאָל־ דענע נעגל אין הימל, נאָר אַ טייל טרייסלט זיך, גלייך ווי ער וואָלט וועלן פון דער ראַם אַרויסשפרינגען, אַ צווייטער טייל דרייט זיך ווי אַ ראָד, אַ דריטער טייל טאַנצט אַ קאָזאַק — האָט זיך הער זאַגלאָבא שטאַרק פאַרחידושט און געזאָגט צו זיך אַליין:

— בין איך נאָר איינער אַליין נישט שיכור אויף דער גאַנצער וועלט?

אָבער מיט אַמאָל האָט אויך די ערד פונקט ווי די שטערן זיך גענומען טרייסלען און שווינדלדיק דרייען און הער זאַגלאָבא איז אַזוי גרויס ווי ער איז אומגעפאַלן אויף דער ערד. באַלד זענען אים אויף באַפאַלן שרעקלעכע חלומות. ס'האָט

זיך אים אויסגעדוכט, אַז ע-עס אַ שווערע משא האָט זיך אים אַוועקגעלייגט אויף דער ברוסט, אַז זי דריקט אים און קוועטשט אים צו צו דער ערד, אַז זי בינדט אים די הענט און די פיס. אינאיינעם דערמיט האָט אין זיינע אויערן אָפּגעהילכט אַ געפּיפּדער און אַ שיסעריי; עפּעס אַ העל ליכט איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר זיינע פאַרמאַכטע אויגן-לידער און אים געבלענדט אין די אויגן מיט זיין שיין. ער האָט געוואָלט זיך אויפכאַפּן, די אויגן אויפמאַכן און האָט נישט געקענט. ער האָט געשפּירט, אַז מיט אים קומט פאָר עפּעס אומגעוויינלעכעס, אַז דער קאָפּ הענגט אים אַראָפּ פון הינטן, גלייך ווי מ׳וואָלט אים געטראָגן פאַר די הענט און פאַר די פיס... דערנאָך האָט אים אָנגעכאַפּט עפּעס אַ פחד; ס׳איז אים געווען שלעכט, זייער שלעכט, זייער שווער. ער איז עטוואָס געקומען צו זיך, אָבער אַ פלא: צוזאַמען דערמיט האָט ער זיך געשפּירט אַזוי שוואַך, ווי ער האָט זיך נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געשפּירט. און נאָך אַמאָל האָט ער געפּרוווט זיך צו רירן, אָבער ווען עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, איז ער געוואָרן נאָך וואַכעדיקער און געעפנט די אויגן.

דעמאָלט האָט זיין בליק זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט אַ פּאָר אויגן, וועלכע האָבן גיריק זיך איינגעביסן אין אים, און געווען זענען דאָס אויגן, שוואַרצע ווי קויל און אַזעלכע אימהדיק-בייזע, אַז דער שוין אינגאַנצן וואַכדיקער הער זאַגלאָבאַ האָט געטראַכט אין דער ערשטער רגע, אַז דער טייוול קוקט דאָס אַזוי אויף אים — און ער האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן און ווידער זיי שנעל אויפגעמאַכט. יענע אויגן האָבן אַלץ געקוקט עקשנותדיק — און דאָס פּנים האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין באַקאַנט:

מיט אַמאָל איז הער זאַגלאָבאַ פאַרציטערט געוואָרן ביזן מאַרך פון די ביינער, עס האָט אים באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס און איבערן גאַנצן קערפּער אַזש ביז צו די פיס זענען אים דורכגעלאָפן טויזנטער ווערעמלעך.

ער האָט דערקענט באָהונס פּנים,

# 7 קאַפּיטל.

זאַגלאָבא איז געלעגן אַ געבונדענער צו זיין אייגענער שווערד אין דערזעלבער שטוב, אין וועלכער ס'איז פאָרגעקומען די חתונה, און דער שרעקלעכער קאָזאַק איז געזעסן פון דערווייטנס אויף אַ בענקעלע און געקליבן נחת פון דער אימה, וואָס איז באַפאַלן דעם געפאַנגענעם.

— אַ גוטן אָוונט אייך, מיין הער! — האָט ער געזאָגט זענענדיק, אַז זיין קרבן מאַכט־אויף די אויגן.

הער זאַגלאָבא האָט גאָרנישט געענטפערט, אָבער אין איין אויגנבליק איז ער געקומען צו זיך. גלייך ווי ער וואָלט קיין איין טראָפּן וויין אין זיין מויל נישט געהאַט, נאָר די ווערעמלעך, אַז זיי זענען צוגעקומען צו די פּיאַטעס, זענען זיי צוריק געגאַנגען אַרויף אַזש ביז צום קאָפּ און דער מאַרך אין די ביינער איז געוואָרן קאַלט ווי אייז. מ'זאָגט, אַז דער מענטש, וואָס טרינקט זיך, זע. קלאָר אין דער לעצטער רגע זיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, אַז ער דערמאָנט זיך אַלץ און גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון פון עם, וואָס עס קומט מיט אים פאָר; אַזוי קלאָר געזען און געדענקט האָט אין דער רגע אויך הער זאַגלאָבא, און דאָס לעצטע וואָרט פון די דאָזיקע קלאָרקייט איז געווען אַ שטילער מיטן מויל נישט דערזאָגטער אויסגעשריי:

— ער וועט מיך דאָס איצט אָנלערנען!

און דער קאָזאַק האָט איבערגעחזרט מיט אַ רויקער שטים:

— אַ גוטן אָוונט אייך, מיין הער.

— בררר! — האָט זאַגלאָבא געטראַכט — כ'וואָלט בעסער געוואָלט, אַז ער זאָל אַריינפאַלן אין אַ רציחה!

— איר דערקענט מיך נישט, הער שלאַכטשיץ?

— איך בויג זיך! איך בויג זיך! וואָס מאַכט איר?

— נישקשה. און פאַר אייער געזונט וועל איך שוין אַליין דאַגהן.

— איך האָב נישט געבעטן גאָט וועגן אַזאַ דאָקטאָר, און כ׳בין מסופק, צי איך וועל קענען פאַרדייען דייגע רפואות, אָבער זאָל געשען גאָטס רצון.

— נו, דו האָסט מיך קורירט, איצט וועל איך דיר אָפּדינען. מיר זענען אַלטע ידידים. געדענקסט, ווי דו האָסט מיר דעם קאָפּ אַרומגעבונדן אין ראָזלאָגי — וואָס?

באָהונס אויגן האָבן גענומען לייכטן ווי צוויי רויטע רובינען און די וואָנסעס האָבן זיך אויסגעצויגן אין אַ שרעקלעכן שמייכל.

— כ׳געדענק — האָט זאַגלאָבא געזאָגט — אַז כ׳האָב דיך געקענט שטעכן מיט אַ מעסער — און האָב דיך נישט געשטאָכן.

— און איך האָב דיך דען געשטאָכן? אָדער כ׳האָב דיך בדעה צו שטעכן? ניין! דו ביסט מיר ליב, טייער; איך וועל דיך היטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

— כ׳האָב שטענדיק געזאָגט, אַז דו ביסט אַ פיינער מענטש—האָט זאַגלאָבא געזאָגט, מאַכנדיק אַן אָנשטעל, אַז ער נעמט אָן פאַר אַ גוטע מטבע באָהונס ווערטער, און אין דער זעלבער צייט איז אים אין קאָפּ דורכגעפלויגן אַ געדאַנק: — אַ פנים, ער האָט פאַר מיר שוין צוגעטראַכט עפּעס אַ גוטע זאַך; כ׳וועל אַזוי פשוט נישט שטאַרבן.

—דו האָסט גוט געזאָגט — האָט באָהון ווייטער גערעדט — דו ביסט אויך אַ פיינער מענטש; מיר האָבן זיך געזוכט און געפונען.

— דעם אמת געזאָגט, האָב איך דיך נישט געזוכט, אָבער איך דאַנק פאַרן גוטן וואָרט.

— דו וועסט מיר בקרוב נאָך בעסער דאַנקען, און איך וועל דיר אויך דאַנקען דערפאַר, וואָס דו האָסט דאָס מיידל אַרויסגעפירט פון ראָזלאָגי קיין באַר, דאָרט האָב איך זי טאַקע

געפֿונען, און איצט, אָט! איך וואָלט דיך פֿאַרבעטן אויף דער חתונה, אָבער עס וועט זיין נישט היינט און נישט מאָרגן — איצט איז מלחמה, און דו ביסט אַן אַלטער מענטש, דו וועסט אפֿשר נישט דערלעבן.

נישט קוקנדיק אויף זער שרעקלעכער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפֿונען, האָט זאַגלאָבאַ אויפֿגעשפּיצט די אויערן.

— אויף אַ חתונה? — האָט ער אַ ברום געטון.

— און וואָס דען האָסטו געמיינט? — האָט באָהון געזאָגט — בין איך דען אַ פּויער, אַז איך זאָל זי אָן אַ גלח מאַנס זיין, אָדער איך קאָן מיר נישט פֿאַרגינען זי מקדש צו זיין אין קיעוו? נישט פֿאַר אַ פּויער האָסטו זי געבראַכט קיין באַר, נאָר פֿאַר אַן אַטאַמאַן און העטמאַן...

— גוט! — האָט זאַגלאָבאַ געטראַכט.

דערנאָך האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו באָהינען.

— הייס מיך אויפֿבינדן — האָט ער געזאָגט.

— ליג אַביסל, ליג אַביסל, דו וועסט זיך לאָזן אין וועג אַריין, און דו ביסט אַלט, דאַרפֿסט האָבן מנוחה פֿאַר דער נסיעה.

— דו ביכט מיין פֿריינט, וועל איך דיך אָוועקפֿירן צו מיין צווייטן פֿריינט, צו קשיוואָנאָסן. מיר וועלן שוין ביידע זאָרגן, אַז עס זאָל דיר דאָרט גוט זיין.

— ס'וועט מיר זיין וואַרעם! — האָט דער שלאַכטשיץ אַ ברום געטון און ווידער האָבן ווערעמלעך גענומען קריכן איבער זיין רוקן.

— כ'ווייס, אַז דו טראָגסט אויף מיר אַ שנאה, אָבער אָן רעכט, אָן רעכט — גאָט איז אַן עדות. מיר האָבן געלעבט צוזאַמען און אין טשעכרין האָבן מיר נישט איין פֿלאַש אויסגעטרונקען, ווייל כ'האָב דיך האָלד געהאַט ווי אַ פֿאָטער פֿאַר דיין ריטערלעכן מוט, וואָס האָט זיין גלייכן נישט אין גאַנץ אוקראַינע. יאָ, יאָ! בין איך דיר דען געגאַנגען אין וועג אַריין? ווען איך וואָלט דעמאָלט מיט דיר נישט געפֿאָרן קיין ראָזלאָגי, וואָלטן מיר נאָך עד־היום געווען גוטע פֿריינט — און פֿאַרוואָס

בין איך געפאָרן, אויב נישט צוליב מיין פריינטשאַפט צו דיר? און אַז דו וואָלסט נישט געווען אַריינפאַלן אין אַ רציחה, אַז דו וואָלסט נישט געווען אומברענגען יענע אומגליקלעכע מענטשן — גאָט איז מיין עדות — וואָלט איך דיר נישט געגאַנגען אין וועג אַריין. וואָס גייען מיך אָן פרעמדע ענינים! כ׳וואָלט בעסער וועלן, אַז דאָס מיידל זאָל זיין דיין, איידער אַן אַנדערנס. אָבער דיינע טאָטערישע געגנג האָבן אין מיר געוועקט דאָס געוויסן, אַז דאָס איז דאָך פאָרט אַ שלאַכעצקע הויז. דו אַליין וואָלסט אויך נישט אַנדערש זיך נוהג געווען. כ׳האָב דאָך געהאַט די ברירה דיך אָפּצורוימען פון דער דאָזיקער וועלט, וואָס וואָלט פאַר מיר געווען אַ גרעסערע טובה — און פונדעסטוועגן האָב איך דאָס נישט געטון! ווייל כ׳בין אַ שלאַכטשיץ און עס איז מיר געווען אַ בושה. האָב־זשע דו אויך בושה. כ׳ווייס, אַז דו ווילסט מיר אָנטון צרות. דאָס מיידל איז דאָך סיי־ווי־סיי אין דיינע הענט — וואָס ווילסטו פון מיר? האָב איך זי דען נישט געהיטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ — זי, דיין אוצר? דאָס, וואָס דו האָסט זי געשוינט איז אַ סימן, אַז אויך דו פאַר מאָגסט אַ ריטערלעך ערן־געפיל און געוויסן. אָבער ווי אַזוי וועסטו איר דערלאַנגען אַ האַנט, וואָס וועט זיין בענעצט מיט מיין אונשולדיקן בלוט? ווי אַזוי וועסטו איר זאָגן: דעם מענטש, וואָס האָט דיך דורכגעפירט דורך פויערן און טאָטערס, האָב איך געלאָזט אָנטון עינויים? שעם זשע דיך בעסער און באַפריי מיך פון די דאָזיקע קייטן און פון דער דאָזיקער געפאַנגשאַפט, אין וועלכע דו האָסט מיך אַריינגעכאַפּט דורך אַ בגידה! דו ביסט יונג און ווייסט נישט, וואָס עס קען דיך טרעפן — און פאַר מיין טויט וועט דיך גאָט שטראָפן דערמיט, וואָס איז דיר אַמטייערסטן.

באָהון איז אויפגעשטאַנען פון בענקעלע, אַ בלאַסער פון רציחה, און צוגייענדיק צו זאַגלאָבאן האָט ער גענומען רעדן מיט אַ פון כעס געשטיקטער שטים:

— קרעציקער חזיר, כ׳וועל הייסן פון דיר רייסן שטיקער, כ׳וועל דיך פאַרברענען אויפן פייער, מיט נעגל וועל

איך דיך באַשלאָגן, אויף שמאַטעס צופּליקן!

און אַ ווילד־אויפגעבראַכטער האָט ער געכאַפּט דאָס מע־סער, וואָס האָט געהאָנגען ביי דער גאַרטל — אַ ווײַלע האָט ער עס קאָנווולסיוו געדריקט אין דער פויסט — אָט, אָט האָט די שאַרף אַ בלאַנק געטין דעם הער זאַגלאָבאַ אין די אויגן, אָבער דער קאָזאַק האָט זיך צוריקגעהאַלטן, האָט דאָס מעסער צוריק אַרײַנגעשטעקט אין די שייד און אַ געשריי געטון:

— קאָזאַקן!

זעקס זאַפּאָראָזשער זענען אַרײַנגעפאַלן אין שטוב.

— נעמט די דאָזיקע ליאַכישע נבלה און וואַרפט זי אין שטאַל אַרײַן, אָבער איר זאָלט זי היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ.

די קאָזאַקן האָבן געכאַפּט דעם הער זאַגלאָבאַן, צוויי פאַ־די הענט און פאַר די פיס, איינער פון הינטן פאַר דער טשופּ־רינע — און אַרויסטראָגנדיק אים פון דער שטוב, האָבן זיי אים געטראָגן דורכן גאַנצן פּלאַץ, צום סוף האָבן זיי אים אַוועקגע־וואָרפן אויפן מיסט אין דעם שטאַל, וואָס איז געשטאַנען פון דערוויטנס. דערנאָך האָבן זיי פאַרמאַכט די טיר און אַרום דעם געפאַנגענעם איז געוואָרן שטאָק־פינסטער — בלויז דורך די שפּאַ־רעס צווישן די בעלקעס און דורך די לעכער אין שטרוי־דאַך האָט זיך דאָ און דאָרט דורכגעריסן אַ בלאַ נאַכט־שיין. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זאַגלאָבאַס אויגן זיך צוגעוווינט צו דער טונקלקייט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אז אין שטאַל זענען נישטאָ נישט קיין חזירים און נישט קיין קאָזאַקן. די שמועסן פון די קאָזאַקן האָבן זיך איבעריקנס דייטלעך צו אים דערטראָגן דורך אַלע פיר ווענט. אַפּנים, דער גאַנצער בנין איז געווען שטאַרק באַוואַכט, אָבער נישט קוקנדיק אויף די דאָ־זיקע שמירה האָט זאַגלאָבאַ לייכטער אָפּגעעטעמט.

קודם־כל האָט ער געלעבט. ווען באָהון האָט איבער אים אַ בליץ געטון מיטן מעסער, איז ער געווען זיכער, אַז עס האָט שוין געשלאָגן זיין לעצטע שעה — און ער האָט, אמת, מיט דער גרעסטער שרעק, אָפּגעגעבן זיין נשמה צו גאָט. באָהון האָט אָבער, אַפּנים, באַשלאָסן לעת־עתה אים צו לאָזן לעבן כדי פאַר

אים צוצוטראַכטן אַן אַנדערע, מער קוינציקע מיתה־משונה. ער האָט געוואָלט נישט בלויז זיך נוקם זיין, נאָר אויך זיך אָנזעטיקן מיט נקמה איבער דעם, וואָס האָט אים אַרויסגעריסן דאָס מיידל, און זיין קאָזאַקישן שם מבזה געווען, און פֿון אים גופֿא חוזק געמאַכט, איינוויקלענדיק אים ווי אַ קינד. טרויעריק זענען געווען די אויסזיכטן פֿאַרן הער זאַגלאָבאַ, דערווייל אָבער איז פֿאַר אים געווען אַ נחמה דער געדאַנק, אַז ער לעבט נאָך, אַז מען וועט אים מסתמא אַוועקפֿירן צו קשיוואָנאָסן און דאָרט ערשט אים נעמען פּייניקן — אַז ער האָט, הייסט עס, אַ פּאָר און אפֿשר נאָך מער טעג פֿאַר זיך, און ביז וואָס־ווען ליגט ער זיך דא אין שטאַל איינער אַליין, און קאָן אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט אַ טראַכט טון וועגן המצאות.

דאָס איז געווען איין גוטע זייט פֿון זיין מצב, ווען ער האָט אָבער אַ טראַכט געטון וועגן די שלעכטע זייטן, האָבן ווידער די ווערעמלעך אין די טויזנטער גענומען אים קריכן איבערן רוקן,

המצאות!...

— ווען אַ חזיר וואָלט דאָ געלעגן אין דעם דאָזיקן שטאַל — האָט הער זאַגלאָבאַ געברומט — וואָלט ער געהאַט מער איינפֿאַלן פֿאַר מיר, ווייל ער וואָלט דאָך נישט געווען צוגע־בונדן צו דער אייגענער שווערד. ווען מ׳וואָלט שלמה המלכן געווען אַזוי בינדן, וואָלט ער נישט געווען קליגער פֿון מיינע הויזן, אָדער פֿון מיין אָפּצאַס. אָ, גאָט, גאָט, פֿאַרוואָס שטראָפֿסטו מיך אַזוי! פֿון אַזוי פֿיל מענטשן אויף דער וועלט, האָב איך מיך פֿאַר דעם דאָזיקן איינעם גזלן אַממערסטן געהיטן — און אַזאַ מזל האָב איך שוין, אַז כ׳האָב מיך דווקא פֿון אים נישט געקאָנט דערהיטן. כ׳וועל האָבן אַ צוקראַצטע הויט, ווי סוויעבאָדינער טוך. ווען עס וואָלט מיך אַזוי אַן אַנדערער געווען געכאַפּט, וואָלט איך דערקלערט, אַז איך שטיי צו צו דער מרידה און שפּעטער וואָלט איך אַנטלאָפֿן. אָבער אַ צווייטער וואָלט אויך נישט געגלויבט, אַפּשיטא־שוין ער. כ׳שפּיר, אַז דאָס האַרץ שטאַרבט אין מיר אָפּ. דער טייוול האָט מיך דאָ אַהער געבראַכט

— אָ, גאָט, ג..ט, כ׳קאָן נישט ריִרן נישט מיט קיין האַנט און נישט מיט קיין פֿוס, אָ, גאָט! גאָט!

אין אַ ווײַלע אַרום האָט אָבער הער זאַגלאָבאַ געטראַכט, אַז ווען ער וואָלט געהאַט פֿרײַע הענט און פֿיס, וואָלט ער לײַכטער געקאָנט זיך באַנוצן מיט וועלכע עס איז המצאות. און אפֿשר זאָל ער טאַקע פּרווון? ווען ער וואָלט נאָר קאָנען די שווערד פֿון אונטער די קני אַרויסרוקן, וואָלט דאָס איבעריקע שוין לײַכטער אָנגעקומען. אָבער ווי אַזוי רוקט מען זי דאָ אַרויס? ער האָט זיך אויסגעדרייט אויף אַ זײַט — שלעכט — הער זאַגלאָבאַ האָט זיך טיף פֿאַרטראַכט.

שפּעטער האָט ער גענומען זיך וויגן אויפֿן אייגענעם רוקן וואָס אַמאָל גיכער און גיכער — און בײַ יעדער באַוועגונג האָט ער זיך גערוקט ווײַטער אויף אַ האַלבן צאָל. ס׳איז אים געוואָרן הייס, די טשופּריִנע זײַנע איז געוואָרן נאַס פֿון שווייס נאָך מער ווי בעתן טאַנצן און ווײַלנווייז איז ער אָפּגעשטאַנען און אָפּגערוט, ווײַלנווייז האָט ע איבערגעריסן די אַרבעט, ווײַל ס׳האָט זיך אים געדוכטן, אַז עמיצער פֿון די קאָזאַקן גייט־צו צו דער טיר — און ווידער האָט ער זיך גענומען וויגן מיט נאָך מער ברען ביז ער האָט זיך צום סוף צוגערוקט צו דער וואַנט.

דעמאָלט האָט ער זיך גענומען שאָקלען אַנדערש, שוין נישט פֿון קאָפּ צו די פֿיס, נאָר פֿון איין זײַט אויף די צווייטע אַזוי, אַז יעדעס מאָל האָט ער לײַכט אַ קלאַפּ געטון אין די וואַנט מיטן עק פֿון דער שווערד, וועלכער האָט זיך דורכדעם אַרויסגערוקט פֿון אונטער די קני, אויסבויגנדיק זיך וואָס אַמאָל מער אינווייניק אַרײַן, אויף די זײַט פֿון הענטל.

דאָס האַרץ האָט אין הער זאַגלאָבאַן גענומען קלאַפּען ווי אַ האַמער, ווײַל ער האָט אײַנגעזען, אַז דאָס דאָזיקע מיטל קאָן האָבן א פּעולה.

און ער האָט ווײַטער געאַרבייט, באַמיִענדיק זיך וואָס שטילער אָנצוקלאַפּן און נאָר דעמאָלט, ווען די...ר שמועס פֿון די קאָזאַקן האָט פֿאַרהילכט די לײַכטע קלעפּ. צ ם סוף האָט דער עק פֿון דער שייד זיך געפֿונען אויף איין ליניע מיטן עלנבויגן

און מיט דער קני און דאָס ווייטערדיקע שאָקלען־זיך צו דער וואַנט־צו האָט אים שוין נישט געקענט אַרויסשטופּן.

יאָ, דערפאַר אָבער האָט פון דער צווייטער זייט שוין אַראָפּגעהאַנגען אַ גרעסערער טייל פון דער שווערד, און דאָס דער שווערערער טייל, ווייל ער איז געווען צוזאַמען מיטן הענטל.

אויפן הענטל איז, ווי געוויינלעך געווען אַ צלמל; הער זאַגלאָבא האָט גערעכנט אויף דעם דאָזיקן צלמל.

און צום דריטן מאָל האָט ער זיך גענומען וויגן אָבער דאָס מאָל איז דער צוועק פון זיינע אָנשטרענגונגען געווען זיך אומצודרייען מיט די פיס צו דער וואַנט. אַז ער האָט שוין דאָס געהאַט אויסגעפירט, האָט ער זיך גענומען רוקן אין דער לענג. די שווערד האָט נאָך געשטעקט צווישן די קני־געלענקען און די הענט, אָבער דאָס הענטל האָט זיך יעדע וויילע פאַר־טשעפּעט אין דער נישט גלייכער ערד, צום סוף האָט דאָס צלמל זיך פעסטער פאַרטשעפּעט — הער זאַגלאָבא האָט זיך אַ שאָקל געטון צום לעצטן מאָל און אַ וויילע איז ער פון שמחה צוגענאָגלט געוואָרן אויפן אָרט.

די שווערד האָט זיך אינגאַנצן אַרויסגערוקט.

דער שלאַכטשיץ האָט דעמאָלט אַראָפּגענומען די הענט פון די קני, און הגם זיי זענען נאָך געווען געבונדן האָט ער מיט זיי אָנגעכאַפּט די שווערד. די שייד האָט ער צוגעהאַלטן מיט די פיס און ער האָט אַרויסגעצויגן די קלינג.

אין אַ וויילע אַרום זענען די שטריק אויף די פיס געווען דורכגעשניטן.

שווערער איז געווען מיט די הענט. הער זאַגלאָבא האָט געמוזט אויסלייגן די שווערד אויפן מיסט מיטן רוקן פון אונטן, מיט דער שאַרף פון אויבן, און רייבן אויף דער דאָזיקער שאַרף די שטריק אַזוי לאַנג ביז ער האָט זיי נישט דורכ־געשניטן.

אַז ער האָט דאָס שוין געהאַט אָפּגעטון, איז ער געווען נישט בלויז אויפגעבונדן, נאָר אויך באַוואָפנט.

ער האָט טיפער אָפּגעעטעמט, דערנאָך האָט ער זיך אײַ־בערגעצלמט און גענומען אָפּגעבן אַ לויב צו גאָט.

אָבער פון אָפּשניידן די שטריק ביז צום באַפרייען זיך פון באָהונס העגט איז נאָך געווען אַ זייער ווייטער מהלך.

— וואָס טוט מען ווייטער? — האָט הער זאַגלאָבא זיך אַליין געפרעגט.

און ער האָט נישט געפונען קיין ענטפער. די שטאַל איז אַרום און אַרום געווען אַרומגעשטעלט מיט קאָזאַקן; ב סך־הכל זענען זיי געווען אַ מאַן הונדערט, אַ מייזל וואָלט נישט גע־קאָנט אומבאַמערקט דורכקריכן, אַפשיטא־שוין אַזאַ פעט־לייביקער מענטש, ווי הער זאַגלאָבא.

— כ׳זע, אַז דער שכל טוט זיך אָפּ פון מיר — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין — און מיין גאַנצע חכמה איז ווערט, אַז מען זאָל מיט איר די שטיוול אויסשמירן, הגם אויפן מאַרק קאָן מען אַפילו בעסערן שמירעכץ קויפן. אויב גאָט וועט מיר נישט אַריינגעבן אין מוח עפּעס אַ געדאַנק, וועט מען פון מיר מאַכן אַ געבראָטנס פאַר די וראָגעס, אויב אָבער יאָ, טו איך אַ נדר צו לעבן אין פרישות, ווי הער לאָנגינוס.

אַ העכערער שמועס פון די קאָזאַקן הינטער דער וואַנט האָט איבערגעהאַקט זיינע מחשבות, ער איז באַלד צוגעשפרונגען און צוגעלייגט אַן אויער צו דער שפּאַרע פון צווישן די בעלקעס.

די אויסגעטריקנטע סאָסנאָווע ברעטער האָבן אָפּגעשלאָגן די שטימען ווי די שאַכטעל פון אַ לירע — די ווערטער האָבן זיך דערטראָגן דייטלעך.

— און ווהין וועלן מיר גיין פון דאַנען, פאָטער אָוו־סיווו? — האָט איין שטים געפרעגט:

— כ׳ווייס נישט, מסתמא קיין קאַמעניעץ — האָט אַ צווייטע געענטפערט.

— אָבער די פערד שלעפן זיך דאָך קוים אויף די פיס — זיי וועלן נישט דערגיין.

— דערפֿאַר טאַקע שטייען מיר דאָ: ביז אין דער פֿרי וועלן זיי זיך אויסרוען.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל, דערנאָך האָט די ערשטע שטים זיך אָנגערופֿן נאָך שטילער ווי פֿריער:

— און מיר דוכט זיך, פֿאָטער, אַז דער אַטאַמאַן וועט פֿון קאַמיעניעץ זיך אַוועקלאָזן הינטער יאַמפּאָל.

זאַגלאָבא האָט פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם אין דער ברוסט.

— שווײַג, אויב דײַן יונגער קאָפּ איז דיר ליב! — האָט זיך געהערט אַ תּשובֿה.

אַ ווײַלע האָט אָנגעהאַלטן אַ שטילשווײַגן, נאָר פֿון הינטער די איבעריקע ווענט האָט זיך דערטראָגן אַ שושקערײַ.

— אומעטום זענען זיי, אומעטום היטן זיי! — האָט זאַ-גלאָבא אַ ברום געטון.

און ער איז צוגעגאַנגען צו דער אַקעגנאיבערדיקער וואַנט.

דאָס מאָל האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ גערויש פֿון געקײַטע פּאַשע און אַ כראָפּערײַ פֿון פֿערד, וועלכע זענען משמעות געשטאַנען האַרט דערנעבן, און צווישן זיי האָבן די קאָזאַקן געשמועסט ליגנדיקערהייט, ווײַל די שטימען האָבן זיך געטראָגן פֿון דער נידער.

— העי — האָט איינער געזאָגט — מיר זענען געפֿאָרן אַ הער נישט שלאָפֿנדיק, נישט עסנדיק, די פֿערד קיין פּאַשע נישט געבנדיק נאָר דערצו, אַז מיר זאָלן גיין אויף די תּליה אין יאַרעמאָס לאַגער.

— איז עס דען שוין זיכער, אַז ער איז דאָ?

— מענטשן, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון יאַרמאָליניצע, האָבן אים געזען, אַזוי ווי איך זע דיך. אַ שרעק וואָס זיי דערציילן: גרויס איז ער ווי אַ סאָסנע, אין שטערן האָט ער צוויי פֿלאַקערס און דאָס פֿערד אונטער אים — ממש אַ פֿײַערדיקער שלאַנג.

— גאָט, דערבאַרם דיך!

— מיר מוזן נעמען דעם דאָזיקן ליאַך מיט די זעלנער אין אַנטלויפֿן.

— ווי אַזוי אַנטלויפן? די פערד פגרן אַזוי אויך.

— שלעכט, גוטע ברידער. ווען איך וואָלט געווען אַן אַטאַמאַן וואָלט איך דעם דאָזיקן ליאַך דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט און וואָלט קיין קאַמיעניעץ אפילו צופוסנס צוריקגעקערט.

— אים וועלן מיר מיט זיך מיטנעמען קיין קאַמיעניעץ. דאָרט וועלן אונזערע אַטאַמאַנעס מיט אים זיך אַ ביסל שפּילן.

— פריער וועלן די שדים מיט אייך זיך שפּילן — האָט זאַגלאָבאַ געברומט.

ניט געקוקט אויף זיין גאַנצער מורא פאַר באָהונען, און אפשר טאַקע דוקא דערפאַר, האָט ער אַ שבועה געטון, אַז לעבעדי־קערהייט וועט ער זיך נישט לאָזן נעמען. ער איז אויפגעבונדן, אַ שווערד האָט ער אין דער האַנט — וועט ער זיך פאַר־טיידיקן. אַז מען וועט אים צוהאַקן, וועט מען אים צוהאַקן; אָבער לעבעדיקערהייט וועט מען אים נישט נעמען.

דערווייל האָט דאָס כראָפּען און קרעכצן פון די פערד, וועלכע זענען אַ פנים געווען אומגעוויינלעך פאַרמאַטערט, פאַר־טויבט דעם ווייטערדיקן שמועס, דערפאַר אָבער האָט עס דער־וועקט ביי זאַגלאָבאַן אַ נייעם געדאַנק.

— ווען איך וואָלט קאָנען זיך אַזוי אַדורכקריכן דורך דער דאָזיקער וואַנט אין מיט אַ מאָל אַ שפּרינג־אַרויף־טון אויף אַ פערד! — האָט ער געטראַכט — ס'איז נאַכט — איידער זיי וואָלטן זיך אומגעקוקט, וואָס עס איז געשען, וואָלט איך זיי נעלם געוואָרן פון די אויגן. איבער די דאָזיקע היילן און ווייטע שטחים איז אפילו אין מיטן העלן טאָג שווער נאָכצויאָגן, אַ פשיטא־שוין אין דער פינסטער. גיב מיר, גאָט, אַ מיטל דאָס אויסצופירן!

אָבער קיין מיטל איז אַזוי לייכט נישט געווען צו געפי־נען. סיידן מען וואָלט אַ וואַנט אומגעוואָרפן אָבער דערצו האָט מען געמוזט פאַרמאָגן די גבורה פון אַ הער פּאָדביפּיענטאַ — אָדער ער וואָלט זיך אונטערגעגראָבן ווי אַ פוקס — אָבער אויך דעמאָלט וואָלטן זיי זיכער דערהערט, דערזען און געכאַפּט

אים, נאָך איידער ער וואָלט זיין פוס אין זאָטל אַריינגעשטעקט.

אין הער זאַגלאָבאס קאָפּ האָבן זיך געראָיעט טויזנטער המצאות, אָבער דוקא דערפאַר, וואָס ער האָט זיי געהאַט אַזוי פיל, איז קיין איין המצאה פאַר אים נישט קלאָר געוואָרן.

— פאַרפאַלן. איך וועל שוין מוזן מיט מיין לעבן באַצאָלן — האָט ער זיך געטראַכט.

און ער איז אַוועק צו דער דריטער וואַנט.

מיט אַמאָל האָט ער מיטן קאָפּ אָנגעקלאַפּט אויף עפּעס האַרטעס. ער האָט אָנגעטאַפּט: ס׳איז געווען אַ לייטערל. ס׳איז געווען נישט קיין חזירים שטאַל, נאָר אַן אָקסן־שטאַל, און איבער אַ העלפט פון זיין לענג האָט זיך געצויגן אַ בוידעם, וועלכער האָט געדינט אַלס לאַגער פאַר שטרוי און היי. הער זאַגלאָבא האָט זיך גאָרנישט מיישב געווען און איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם.

דאָרט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, האָט אָפּגעסעטעמט און גענומען שטיל אַרויפציען דאָס לייטערל.

— נו, בין איך שוין אין אַ פעסטונג אויך! — האָט ער אַ ברום געטון — אויב אַפילו זיי וועלן געפינען אַ צווייטן לייטער, וועלן זיי אַזוי גיך אַ הער נישט קומען. אויב איך וועל דעם ערשטן קאָפּ, וואָס וועט דאָ אַריינשטעקן, נישט צושפּאַלטן אויף צוויי, וועל איך זיך לאָזן אָפּרויכערן אויף אַ ריפּן־שטיק. אָ, צום טייוול! — האָט ער מיט אַמאָל אויסגערופן — אין דער אמתן וועלן זיי מיך קאָנען נישט בלויז אָפּרויכערן, נאָר אויך אָפּבראָטן און אויף חלב אויסלאָזן. אָבער וואָס זאָל איך טון! זיי וועלן דעם שטאַל פאַרברענען — גוט! וועלן זיי מיך לעבעדיקערהייט שוין אַודאי נישט נעמען, און מיר איז ווידער קיין חילוק נישט, צי די ראָבן וועלן מיך צופּיקן אַ רויען, אָדער אַ געבראָטענעם, אַבי איך זאָל ניצול ווערן פון די דאָזיקע רוציחישע הענט, דאָס איבעריקע גייט מיך נישט אָן, און איך האָף, אַז עפּעס וועט זיך מיר איינגעבן.

הער זאַגלאָבא איז אַ פּנים לייכט אַריבער פון יאוש צו

האָפֿנונג. ער האָט אין זיך עפּעס מיט אַ מאָל דערשפּירט אַזאַ בטחון, גלייך ווי ער וואָלט שוין געווען אין פֿירשט יערעמיס לאַגער, אָבער זיין מצב האָט זיך אויף קיין סך נישט פֿאַרבעסערט. ער איז געזעסן אויפֿן בוידעם און האַלטנדיק די שווערד אין דער פֿויסט וואָלט ער טאַקע געקאָנט לאַנג פֿאַרטיידיקן דעם צוטריט צום בוידעם. דאָס איז אַלץ. אָבער פֿון בוידעם ביז צו דער פֿרייהייט איז נאָך געווען אַ מרחק, ווי פֿון אַ הויכן באַרג אין אַ טיפֿן טאָל — נאָך מיט דעם אונטערשייד, וואָס אונטען האָבן געוואַרט די שווערדן און שפּיזן פֿון די קאָזאַקן, וועלכע האָבן געלויערט הינטער די ווענט.

— מען וועט שוין געפֿינען אַן עצה! — האָט הער זאַגלאָבא אַ ברום געטון און צוגייענדיק צום דאַך, האָט ער גענומען לייכט פֿאַנאַנדערררייסן דעם שטרוי-דאַך, כּדי זיך צו עפֿענען אַ פֿענסטערל אויף די וועלט אַרויס.

דאָס איז אים זייער לייכט אָנגעקומען, ווייל די קאָזאַקן האָבן נאָך אַלץ געשמועסט הינטער די ווענט, כּדי צו פֿאַרטרייבן די לאַנגווייליקייט פֿון אויף-זיין, און דערצו נאָך האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ שטאַרקער ווינט, וועלכער האָט מיטן גערויש צווישן די נאָענטע בוימער פֿאַרהילכט דאָס גערודער פֿון די אַוועקגעריסענע שטרוי-בינטלעך.

אין אַ געוויסע צייט אַרום איז דאָס לאָך געווען פֿאַרטיק — הער זאַגלאָבא האָט אין אים אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ און גענומען זיך אַרומקוקן אויף אַלע זייטן.

די נאַכט האָט שוין גענומען אָפּטרעטן און אויף דער מזרח-זייט פֿון הימל האָבן זיך שוין באַוויזן די ערשטע שטראַלן פֿון מאָרגנשטערן. ביי דער בלאַסער שיין האָט הער זאַגלאָבא דערזען דעם גאַנצן פּלאַץ פֿול מיט פֿערד, פֿאַר דער כאַטע האָט ער געזען רייען פֿון שלאָפֿנדיקע קאָזאַקן, וואָס האָבן זיך אויסגעצויגן אין לאַנגע אומדייטלעכע ליניעס, ווייטער דעם ברונעם און די קאָריטע, אין וועלכער עס האָט געבלאַנקט וואַסער, און נעבן זיי ווידער אַ שורה פֿון שלאָפֿנדיקע מענטשן און בערך צוואַנציק קאָזאַקן מיט הוילע שווערדן אין די הענט זע-

נען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ אין דער לענג פון דער דאָזי־קער שורה.

— דאָס זענען מיינע מענטשן, וועלכע מ׳האָט געבונדן די הענט און די פיס — האָט דער שלאַכטשיץ געברומט. — יאָ! — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן — ווען דאָס וואָלטן כאָטש געווען מיינע מענטשן, אָבער דאָס זענען דאָך דעם פירשטס מענטשן. אַ גוטער פירער בין איך פאַר זיי געווען, נישטא וואָס צו זאָגן! כ׳האָב זיי פאַרפירט צום הונט גלייך אין די קעל אַריין. ס׳וועט זיין אַ חרפה זיך צו ווייזן אין די אויגן, אויב גאָט וועט מיר די פרייהייט אומקערן. און דאָס איז צוליב וואָס? צוליב אַ מיידל און צוליב משקה. וואָס האָט מיך געדאַרפט אָנגיין, אַז כאַמעס האָבן חתונה? כ׳בין אויף דער דאָזיקער חתונה געווען פונקט אַזאַ מחותן, ווי אויף אַ חתונה פון הינט. איך שאָקל מיך אָפּ פון דעם דאָזיקן מעד דעם בוגד, וואָס קריכט אין די פיס, און נישט אין קאָפּ אַריין. אַלדאָס בייז אויף דער וועלט קומט פון שכרות, וואָרום ווען זיי וואָלטן אונז באַפאַלן ניכטערע, וואָלט איך זיכער אָפּגעהאַלטן אַ נצחון און באַהונען וואָלט איך אין שטאַל פאַרשלאָסן.

דאָ איז הער זאַגלאָבאס בליק ווידער געפאַלן אויף די כאַטע, אין וועלכער דער קאָזאַק איז געשלאָפן, און זיך אָפּגע־שטעלט אויף איר טיר.

— אָ, שלאָף, גולן — האָט ער געברומט — שלאָף! זאָל זיך דיר חלומען, אַז די שדים שינדן פון דיר די הויט אַראָפּ, וואָס וועט דיך סיי ווי סיי נישט מיידן. האָסט געוואָלט פון מיין הויט אַ זיפּ מאַכן; פרווו נאָר אַרויפצוקריכן צו מיר, וועלן מיר זען, צי איך וועל דיין הויט נישט אַזוי צוהאַקן, אַז זי וועט אַפילו פאַר די הינט אויף שטיוול נישט טויגן. ווען איך וואָלט זיך נאָר געקאָנט פון דאַנען אַרויסרייסן, ווען איך וואָלט נאָר געקאָנט זיך אַרויסרייסן. אָבער ווי אַזוי?

דאָס איז באמת געווען אַן אויפגאָב נישט צום אויספירן. דער גאַנצער פלאַץ איז געווען אַזוי אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן און פערד, אַז ווען אַפילו הער זאַגלאָבא וואָלט באַוויזן זיך

אַרויסצוקריגן פֿון שטאַל, ווען אפֿילו ער וואָלט זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון דאַך און אַרויפֿגעשפּרונגען אויף איינעם פֿון די פֿערד, וואָס זענען געשטאַנען האַרט ביים שטאַל, וואָלט ער בשום אופֿן נישט באַוויזן אַפֿילו צוצוקומען צום טויער, אַפּשיטא־שוין זיך אַרויסצוקריגן אויף יענער זייט טויער.

און פֿונדעסטוועגן האָט זיך אים געדוכטן, אַז ער האָט אויסגעפֿירט די גרעסטע העלפֿט פֿון דעם אויפֿגאַב: ער איז געווען פֿריי, באַוואָפֿנט און איז געזעסן אויפֿן בוידעם ווי אין אַ פֿעסטונג.

— וואָס, צום טייוול? — האָט ער געטראַכט — דערצו האָב איך אים באַפֿרייט פֿון די שטריק, אַז איך זאָל מיך אויף זיי אויפֿהענגען?

און ווידער האָבן די המצאות גענומען זיך ראָיען אין זיין מוח, אָבער זייער צאָל איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן, אין וועלכע ער זאָל זיך אָנכאַפּן.

דערווייל האָט געשאַריעט וואָס אַמאָל מער. די סביבה פֿון דער כאַטע האָט זיך גענומען אַרויסרוקן פֿון שאָטן, דער דאַך פֿון דער כאַטע האָט זיך באַצויגן ווי מיט אַ זילבער. הער זאַגלאָבא האָט שוין געקאָנט דייטלעכער פֿאַנאַנדערשיידן די איינצלנע גרופּן אויפֿן פּלאַץ, ער האָט שוין דערזען די קאָליר פֿון זיינע מענטשן, וואָס ליגן ביים ברונעם — און די שפּעטנע פּעלצלעך, אונטער וועלכע די קאָזאַקן זענען געשלאָפֿן ביי דער כאַטע.

מיט אַמאָל האָט עפּעס אַ געשטאַלט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ריי שלאָפֿנדיקע און גענומען גיין מיט געלאַסענע טריט דורכן פּלאַץ, פֿאַרהאַלטנדיק זיך דאָ און דאָרט נעבן די מענטשן און פֿערד; אַ ווײַלע האָט זי געשמועסט מיט די קאָזאַקן, וואָס היטן די געפֿאַנגענע, און צום סוף איז זי צוגעגאַנגען צום שטאַל. הער זאַגלאָבאַ האָט אין דער ערשטער רגע געמיינט, אַז דאָס איז באָהון, ווייל ער האָט באַמערקט, אַז די שומרים האָבן גערעט מיט דער דאָזיקער געשטאַלט, ווי מיט אַ עלטסטן.

— עי! — האָט ער אַ ברום געטון — ווען איך וואָלט איצט געהאַט אַ ביקס אין דער האַנט, וואָלט איך אים געלערנט, ווי אַזוי זיך צו באַדעקן מיט די פיס.

אין דער רגע האָט די דאָזיקע געשטאַלט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויף איר פנים איז געפאַלן די גרויע שיין פון מאָרגנשטערן — דאָס איז ניט געווען באָהון, נאָר דער סאָט־ניק האָלאדי, וועלכן הער זאַגלאָבא האָט תיכּף דערקענט, ווייל ער האָט אים זייער גוט געקענט נאָך פון יענע צייטן, ווען ער האָט זיך געחברט מיט באָהונען אין טשעכרין.

— יונגען! — האָט האָלאָדי נעזאָגט — איר שלאָפט ניט?

— ניין, פאָטערל, הגם עס ווילט זיך שלאָפן. שוין צייט אונז צו בייטן.

— באַלד וועט מען אייך בייטן. און דער שדים־זון איז ניט אַנטלאָפן?

— אוי, אוי! סיידן די נשמה איז פון אים אַנטלאָפן, פאָ־טער, ווייל ער אַליין האָט זיך אפילו ריִרן ניט געקאָנט.

— דאָס איז אַ כיטרע פיקסל. גיט נאָר אַ קוק, וואָס ער מאַכט דאָרט, ווייל ער איז מסוגל אין דער ערד פאַרפאַלן צו ווערן.

— באַלד! — האָבן געענטפערט אַ פּאָר קאָזאַקן, וועלכע זענען צו געגאַנגען צו דער טיר פון שטאַל.

— שלעפט אויך אַראָפּ היי פון בוידעם. די פערד אויס־רייבן. באַגינען לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין.

— גוט, פאָטערל.

הער זאַגלאָבא איז אין דער גרעסטער איילעניש אַוועק פון לאָך אין דאַך און איז צוגעקראָכן צו דער עפנונג אין בוי־דעם. אינאיינעם דערמיט האָט ער דערהערט אַ סקריפּן פון דער הילצערנער ריגל און אַ גערויש פון שטרוי אונטער די פיס פון די קאָזאַקן. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער אין דער ברוסט. און מיט דער האַנט האָט ער געדריקט דאָס הענטל פון דער שווערד, געבנדיק זיך אויפסניי אין האַרצן די

שבועה, אַז ער וועט זיך גיכער לאָזן פֿערברענען צוזאַמען מיטן שטאַל, אָדער זיך צוהאַקן אויף שטיקער, איידער זיך לאָזן נעמען לעבעדיקערהייט. ער האָט זיך אויך גערינכט, אַז אַ ליאַדע רגע וועלן די קאָזאַקן אָנמאַכן אַ מוראדיקן טומעל, אָבער ער האָט געהאַט אַ טעות. אַ געוויסע צייט האָט מען געהערט, ווי זיי גייען וואָס אַמאָל שנעלער איבערן גאַנצן שטאַל, און צום סוף האָט זיך איינער אָנגערופֿן:

— עפּעס מעשה־שטן. איך קאָן אים נישט דערטאַפּן! מיר האָבן אים דאָ אַוועקגעוואָרפֿן.

— אַ מכשף, אָדער וואָס? רייב־אָן פֿייער וואַסיל, ס'איז פֿינסטער דאָ ווי אין אַ וואַלד.

אַ ווײַלע האָט אָנגעהאַלטן אַ שטילשווייגן; וואַסיל, האָט אַ פּנים געזוכט דעם פֿייער־שוואָם און פֿייער־שטאָל, און אַ צווייטער קאָזאַק האָט גענומען רופֿן אין דער שטיל:

— הער שלאַכטשיטש, רופֿט זיך אָן!

— קוש אַ הונט אין אויער! — האָט זאַגלאָבאַ אַ ברום געטאָן.

דאָ האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן פֿון אייזן אין קיזלשטיין, עס האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ סנאָפּ פֿונקען און באַלויכטן דעם פֿינסטערן חלל פֿון שטאַל און די קעפּ פֿון די קאָזאַקן, וואָס זענען געווען באַדעקט מיט קאַפּוזעס, דערנאָך האָט זיך איבערן שטאַל צולייגט אַ נאָך טיפערע פֿינסטערניש.

— גישטאָ! — נישטאָ! — האָבן אייניקע שטימען פֿיבערהאַפֿט גערופֿן.

דעמאָלט האָט איינער פֿון די קאָזאַקן אַ שפּרונג געטאָן צו דער טיר.

— פּאָטער האָלאָדי! פּאָטער האָלאָדי!

— וואָס איז? — האָט געפֿרעגט דער סאָטניק, באַוויזנדיק זיך אין דער טיר.

— דער ליאַך איז נישטאָ!

— וואָס הייסט ער איז נישטאָ?

— אין דער ערד פֿאַרפֿאַלן געוואָרן! אין ערגיץ נישטאָ.

אָ, דערבאַרעמדיקער גאָט! מיר האָבן פייער אָנגעצונדען — ישטאָ!

— ס'קאָן נישט זיין. אוי, ווען איר כאַפּן פון אַטאַמאַן! אנטלאָפן, אָדער וואָס? איר זענט געשלאָפן?

— ניין, פּאָטערל. מיר זענען נישט געשלאָפן. פון שט ל איז ער נישט אַרויס דורך אונזער זייט.

— שטיל! וועקט נישט דעם אַטאַמאַן — אויב ער איז נישט אַרויס, מוז ער ערגיץ זיין. און איר האָט אומעטום גע־זוכט?

— אומעטום.

— און אויפן בוידעם?

— ווי אַזוי האָט ער געקאָנט קריכן אויפן בוי עם. אַז ער איז נעווען געבונדן?

— ביסט אַ שוטה! ווען ער וואָלט זיך נישט נעווען אויפ־געבונדען וואָלט ער דאָ געווען. זוכן אויפן בוידעם. אָנרייבן פייער!

עס האָבן זיך ווידער אַ שאָט געטון פונקען. די ידיעה האָט זיך באַלד פאַרשפרייט צווישן אַלע וואַכן. ס'האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ שטופעניש צום שטאַל און אַ איילעניש, ווי געוויינ־לעך בעת אַ זעלכע אומגעריכטע סיבות; עס האָבן זיך געהערט גיכע טריט, גיכע פראַגען און נאָך גיכערע תשובות. די עצות האָבן זיך געקרייצט, ווי די שווערדן אין אַ שלאַכט.

— אויפן בוידעם! אויפן בוידעם!

— היט נאָר פון דרויסן!

— נישט וועקן דעם אַטאַמאַן, ווייל ס'וועט שלעכט זיין!

— נישטאָ קיין לייטער!

— ברענגען אַ צווייטן!

— נישטאָ אין ערגיץ!

— אַ שפּרינג טון צו דער כאַטע, אפשר איז דאָרט פאַר האַן?

— אָ, פאַרשאָלטענער ליאַך!

— קריכן איבער די עקן אויפן דאַך אַרויף, דורכן דאַך זיך אַריינקריכן.

— מ'קאָן נישט, דער דאַך איז אַרויסגערוקט און אונטערגעקלאַפּט מיט ברעטער.

— ברענגען שפּיזן. איבער די שפּיזן וועלן מיר דאָרט אַרייגקומען. אָ, הונט! דעם לייטער האָט ער אַרויפגעצויגן.

— ברענגען שפּיזן! — האָט אָפּגעקלונגען האָלאָדיס קול.

אַ פּאָר קאָזאַקן זענען געשפּרונגען נאָך שפּיזן, די איבעריקע האָבן אויפגעהויבן די קעפּ צום בוידעם. אַ שוואַך ליכט האָט שוין אַריינגעדרונגען דורך דער אָפענער טיר אויך אין שטאַל אַריין, און ביי זיין נישט זיכערער שיין האָט מען געזען די שוואַרצע און שטילע פיר־קאַנטיקע עפנונג פון בוידעם.

אונטן האָבן זיך אָנגערופן מילדע שטימען.

— נו, הער שלאַכטשיץ! לאָז אַראָפּ דעם לייטער און קריך אַראָפּ. דו וועסט סיי ווי סיי נישט אַנטקומען, צו וואָס אומזיסט מענטשן פאַרמאַטערן. קריך אַראָפּ, קריך אַראָפּ!

אַ שטילקייט.

— דו, חכם איינער! ווען עס וואָלט דיר געהאָלפן, וואָלסטו נעזעסן, אָבער עס וועט דאָך דיר גאָר נישט העלפן, קריך־זשע בעסער אַראָפּ מיט גוטן — דו ביסט דאָך אַ גוטער!

אַ שטילקייט.

— קריך אַראָפּ, אַ נישט וועלן מיר דיר די הויט פון קאָפּ אַראָפּשינדן, מיטן קאָפּ אַראָפּ וועלן מיר דיך אין מיסט אַראָפּוואַרפן!

הער זאַגלאָבא האָט פאַרשטאָפּט זיינע אויערן אויף די דראָונגען ווי אויף די חניפות, און ער איז געזעסן אין דער פינסטער ווי אַ דאַקס אין גרוב, גרייטנדיק זיך צו אַ פאַרביסענער פאַרטיידיקונג. ער האָט נאָר געדריקט וואָס אַמאָל פעסטער די שווערד און געסאַפּעט אַביסל און אין האַרצן האָט ער געשעפּטשעט אַ תפלה.

דערווייל האָט מען געבראַכט שפּיזן, צוזאַמענגעבונדן דריי אויף אַ מאָל און אַוועקגעשטעלט מיט די שאַרפן צו דער

עפנונג. דעם הער זאַגלאָבאַ איז דורכן קאָפּ דורכגעפלויגן אַ געדאַנק, צי ער זאָל זיי נישט כאַפּן און אַרויפציִען — ער האָט זיך אָבער אויף געטראַכט, אַז דער דאַך קאָן זיין צו נידעריק און אַז ער וועט זיי נישט אַרויפציען איינגאַנצן. איבעריקנס וואָלט מען תּיכּף ומיד געבראַכט אַנדערע.

דערווייל איז דער גאַנצער שטאָל פול געוואָרן מיט קאָזאַקן. אַ טייל האָט געלויכטן מיט קין, אַנדערע האָבן צוזאַמענגעשלעפּט די פאַרשיידענסטע בוילן און לייטערס פון וועגנס, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו קורץ, האָט מען זיי איין דער גרעסטער איילעניש צוזאַמענגעבונדן מיט רימענס, ווייל אויף די שפּיזן איז טאַקע שווער געווען זיך אַרויפצודראַפּן. פונדעסטוועגן האָבן זיך געפונען בעלנים.

— איך וויל גיין — האָבן אַ פּאָר שטימען אויסגערופן.

— וואַרטן אויפן לייטער! — האָט האָלאָדי געזאָגט.

— און וואָס שאַט, פּאַטערל, צו פּרוון אויף די שפּיזן?

— וואָסיל וועט אַרויפקריכן! — ער גייט ווי אַ קאַץ.

— אויב אַזוי פּרווו.

און די איבעריקע האָבן באַלד גענומען טרייבן ליצנות:

— עי פאַרזיכטיק! ער האָט אַ שווערד, ער וועט דעם קאָפּ אָפּהאַקן — וועסט זען.

— ער וועט דיך אַליין פאַרן קאָפּ אָנכאַפּן און אַריינציִען, און דאָרט וועט ער דיך צורעכט מאַכן ווי אַ בער.

וואָסיל איז פון דעם אַלעם נישט נתפעל געוואָרן.

— ער ווייס — האָט ער געזאָגט — אַז אויב ער וועט מיך נאָר מיט אַ פינגער אָנרירן, וועט אים דער אַטאַמאַן אָרנטלעך מקיים־פּסק־זיין און איר, ברידער, וועט אים אויך נישט שוינען.

דאָס איז געווען אַ התראה פאַרן הער זאַגלאָבאַ, וועלכער איז געזעסן שטיל און האָט אַפילו זיך אַ ריר נישט געטון.

אָבער די קאָזאַקן, ווי געוויינלעך צווישן זעלנער, זענען שוין געוואָרן אויפגערוימט, ווייל די גאַנצע מעשה האָט זיי

פאַרשאַפט אַ נחת־רוח און זיי האָבן ווייטער גענומען חוזק מאַכן פון וואַסילן.

— וועט זיין מיט איין שוטה ווייניקער אויף דער וועלט.

— ער וועט דאָרט נישט באַרעכנען, ווי אַזוי מיר וועלן אים באַצאָלן פאַר דיין קאָפּ. ער איז אַ דרייסטער מענטש.

— האָ, האָ! דאָס איז נישט קיין פשוטער בשר־ודם. דער טייוול ווייס, אין וואָס ער איז שוין דאָרט מגולגל געוואָרן — דאָס איז אַ מכשף! דו, וואסיל, קאָנסט נאָך מי־יודע וועמען דאָרט געפינען אין לאָך.

וואַסיל, וועלכער האָט שוין אַ שפּיי געטון אין די הענט אַריין און גראָד געהאַט אַרומגענומען מיט זיי די שפּיזן, האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט.

— אַקעגן אַ לאָך וועל איך גיין — האָט ער געזאָגט — אַקעגן אַ שד נישט.

דערווייל אָבער האָט מען צונויפגעבונדן די לייטערס און זיי צוגעשטעלט צו דער עפנונג. אויך אויף זיי איז געווען שלעכט צו גיין, ווייל זיי האָבן זיך באַלד אויסגעבויגן אויפן אָרט, וווּ זיי זענען געווען צונויפגעבונדן, און די דינע שטאַפּלען האָבן געקנאַקט אונטער די פיס, וועלכע האָבן זיך אויף אַ פּרווו אַוועקגעשטעלט אויפן נידריקסטן שטאַפּל. אָבער האָלאָדי גופא האָט גענומען אַרויפגיין און אַרויפגייענדיק האָט ער געזאָגט:

— דו, הער שלאַכטשיץ, זעסט, אַז דאָס איז נישט קיין שפּאַס. האָסט זיך אײַנגעעקשנט צו זיצן אויבן, טאָ זיץ, אָבער דו זאָלסט זיך נישט ווערן, ווייל מיר וועלן דיך סיי־ווי־סיי קריגן, ווען אַפילו מיר זאָלן מוזן דעם גאַנצן שטאַל צונעמען. נעם דיר דאָס אין זין אַריין!

צום סוף האָט זיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט ביז צו דער עפנונג און זיך לאַנגזאַם אין איר אַריינגערוקט. מיט אַמאָל האָט זיך געלאָזט הערן אַ פּייף פון אַ שווערד, דער קאָזאַק האָט אַרויסגעלאָזט אַ מוראדיקן געשריי, האָט זיך אַ וואַקל געטון און איז אַראָפּגעפאַלן צווישן די קאָזאַקן מיט אַ קאָפּ, צושפּאָלטן אויף צוויי העלפטן.

— שטעך! שטעך! — האָבן די קאָזאַקן געמאַכט קולות.

אינגאַנצן שטאַל איז געוואָרן אַ שרעקלעך צומישעניש, עס האָבן געהילכט געשרייען און אויסרופן, וועלכע זענען פאַרטויבט געוואָרן דורך הער זאַגלאָבאס שטים:

— האַ, גנבים, מענטשן־פרעסער, האַ רוצחים! ביז צו אײנעם וועל איך אייך אויסראָטן, קרעציקע ברואים! באַקענט זיך מיט אַ ריטערלעכער האַנט. אָרנטלעכע מענטשן וועט איר אין דער נאַכט באַפאַלן! אַ שלאַכטשיץ וועט איר פאַרמאַכן אין שטאַל — האַ גזלנים! איינציקווייז קומט זיך שלאָגן מיט מיר, איינציקווייז, אָדער אַפילו צו צוויי! קומט נאָר אַליין! אָבער די קעפ לאָזט איבער אין מיסט, ווייל איך וועל זיי אָפּהאַקן, איך שווער ביי מיין לעבן!

— שטעך! שטעך! — האָבן די קאָזאַקן געשריגן.

— מיר וועלן דעם שטאַל פאַרברענען!

— איך וועל אַליין פאַרברענען, אָקסן־עקן, אַבי מיט אייך אינאיינעם!

— אַ פּאָר! אַ פּאָר אויף אַמאָל — האָט געשריגן אַן אַלטער קאָזאַק — האַלטן די לייטערס, אונטערשפּאַרן מיט שפּיזן, ברענגען בינטלעך שטרוי. אויף די קעפ און ווייטער... מיר מוזן אים קריגן!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער גענומען אַרויפגיין, נאָך אים האָבן זיך געלאָזט צוויי חברים, די שטאַפּלען האָבן גענומען זיך ברעכן, די לייטערס האָבן זיך נאָך שטאַרקער אויסגעבויגן, אָבער אַ צוואַנציק געזונטע הענט האָבן זיי צוגעהאַלטן פאַר די דרענגער, אין דער הויך האָט מען זיי אונטערגעשפּאַרט מיט שפּיזן. אַנדערע האָבן אַריינגעשטעקט די שאַרפן פון שפּיזן אין די עפענונג, כדי איינצוהאַלטן הער זאַגלאָבאס שווערד.

אין אַפּאָר מינוטן אַרום זענען דריי פרישע קערפּערס אַראָפּגעפאַלן אויף די קעפ פון די קאָזאַקן, וואָס זענען אונטן געשטאַנען.

הער זאַגלאָבא, אַ דערהיצטער פון נצחון, האָט געריטשעט ווי אַן אָקס און געהאָגלט אויף זיי מיט קללות און חרמות, וואָס

אַ זעלכע האָט די וועלט נאָך נישט געהערט און פֿון וועלכע די נשמות פֿון די קאָזאַקן וואָלטן זיכער אויסגעגאַנגען, ווען נישט דאָס, וואָס אַ ווילדע רציחה האָט זיי אַרומגעכאַפּט. מאַנכע האָבן מיט די שפּיזן געשטאָכן דעם בוידעם, אַנדערע האָבן זיך גע־ריסן צום לייטער, הגם עס האָט אין דער עפֿנונג געוואָרט אויף זיי אַ זיכערער טויט. מיט אַמאָל איז געוואָרן אַ טומל ביי דער טיר און אין שטאַל איז אַרייגעפֿאַלן באָהון גופֿא.

ער איז געווען אָן היטל, נאָר אין די הויזן און אין העמד. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בלויזע שווערד, פֿון די אויגן האָט געשלאָגן אַ פֿלאַם־פֿייער.

— דורכן דאַך, היבטישע זלויבנס! — האָט ער אַ געשריי געטון — דאָס שטרוי צורייסן און לעבעדיקערהייט אים נע־מען.

און זאַגלאָבאַ, אַז ער האָט אים דערזען, האָט געמאַכט קולות.

— כאַם איינער, קום נאָר דאָ אַהער. די נאָז און די אויערן וועל איך דיר אָפּשניידן, דעם גאָרגל וועל איך נישט נעמען, ווייל עס איז דעם תּלינס אַן אייגנטום. נו, וואָס? האָסט זיך דערשראָקן? האָסט מורא, פּויערן־יונג? בינט מיר דעם דאָזיקן נפֿש, און איך וועל אייך דערפֿאַר חסדים טון. נו, וואָס, געהאָנגענער, וואָס, יודישע פּופּע? קום נאָר אַליין אַהער! שטעק נאָר אַריין דעם קאָפּ אין בוידעם. קום, קום, כ׳וועל זיך פֿרייען מיט דיר — כ׳וועל דיך אַזוי מכבד זיין, אַז עס וועט זיך דיר דערמאָנען, אי דיין טאַטע דער טייוול און אי דיין מאַמע די זונה.

דערווייל האָבן די ברעטער פֿון דאַך געגומען קנאַקן־אַפּנים, די קאָזאַקן האָבן זיך אויף אים אַרויפֿגעקריגן און איצט שוין געריסן דאָס שטרוי.

זאַגלאָבאַ האָט דערהערט, אָבער דער פּחד האָט ביי אים נישט צוגענומען די כחות. ער איז געווען ווי פֿאַרשכורט פֿון דער שלאַכט און פֿון בלוט.

— כ'וועל אַראָפּשפּרינגען אין ווינקל און דאָרט אומקומען — האָט ער געטראַכט.

אָבער אין דערזעלבער רגע האָט אויפֿן גאַנצן פּלאַץ אָפּגעהילכט אַ שיסערייַ און אינאיינעם דערמיט זענען בערך צוואַנציק קאָזאַקן אַריינגעפֿאַלן אין שטאַל.

— פּאָטער! פּאָטער!—האָבן זיי הויך געשריגן.

הער זאַגלאָבאַ האָט אין פֿלוג נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען—און ער איז געוואָרן פֿאַרחידושט. ער האָט אַראָפּגעקוקט דורכן לאָך אין שטאַל אַריין — אָבער דאָרט איז שוין קיינער נישט געווען. די ברעטער פֿון דאַך קנאַקן נישט מער.

— וואָס איז דאָס? וואָס איז געשען? — האָט ער הויך אויסגערופֿן — האַ! כ'פֿאַרשטיי. זיי ווילן דעם שטאַל פֿאַרברענען און שיסן אויפֿן דאַך פֿון פּיסטאָלעטן.

דערווייל האָבן זיך פֿון דרויסן דערטראָגן וואָס אַמאָל מוראדיקער מענטשלעכע קולות, פֿערדישע טריט, אַ שיסערייַ אויסגעמישט מיט אַ געהייל, אַ געקלאַנג פֿון אייזן. גאָט! דאָס איז דאָך גאָר אַ שלאַכט!—האָט הער זאַגלאָבאַ געטראַכט און איז צוגעשפּרונגען צו זיין לאָך אין דאַך.

ער האָט אַ קוק געטון — און די פּיס האָבן זיך אונטער אים אויסגעבויגן פֿון שמחה.

אויפֿן פּלאַץ האָט געקאָכט אַ שלאַכט און הער זאַגלאָבאַ האָט פֿאַר זיך דערזען אַ שרעקלעכן פּאָגראָם פֿון באָהונס קאָזאַקן. באַפֿאַלן אומגעריכטערהייט, געטראָפֿן פֿון פּיסטאָלעטן, וואָס מ'האָט זיי צוגעלייגט צו די קעפּ און ברוסטן, צוגעשפּאַרט צו די פּלויטן, צו דער כאַטע און צום שייער, געשטאָכן מיט שווערדן, געשטויסן פֿון אַ כוואַליע פֿון פֿערדישע ברוסטן, צוריבן מיט די קאָפּיטעס, זענען די קאָזאַקן אומגעקומען כמעט אָן אַ ווידערשטאַנד. רייען פֿון זעלנער, אָנגעטון אין רויטע קאָלירן, האָבן געהאַקט בלינדערהייט און נאָכיאָגנדיק די אַנטלויפֿנדיקע, האָבן זיי נישט דערלויבט זיי זיך צו פֿאָרמירן, אויפֿצוהויבן אַ שווערד, אָפּצועטעמען, זיך אַרויפֿצוכאַפּן אויף די פֿערד. פֿאַרטיידיקט האָבן זיך בלויז איינצלנע קופּעס; אַנדערע

האָבן אין טומל, תּוהו־ובוהו און רויך זיך צוגעכאַפּט צו די אויפגעלאָזטע זאָטל־גאַרטלען און זענען אומגעקומען נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן זיך צוצורירן מיט אַ פוס צום זאָטל — אַ צווייטער טייל האָט אַוועקגעוואָרפן די שפּיזן און שווערדן, איז אַנטלאָפן אונטער די פלויטן און אַריבערגעשפּרונגען אויף יענע זייט, שרייענדיק און הײלנדיק מיט אוממענטשלעכע קולות. די אומגליקלעכע האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז דער פּירשט יערעמי גופא איז אויף זיי אַראָפּגעפאַלן ווי אַן אָדלער און אַז זיין גאַנץ חייל שטיקט זיי. זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו זיך צו קומען, זיך אַרומצוקוקן; די אויסגעשרייען פון די זיגער, דאָס געפייף פון די שווערדן און קנאַלן פון די שאָסן האָבן זיי געטריבן ווי אַ שטורם־ווינט, דער הייסער אָטעם פון די פערד האָט געבריט זייערע קאַרקן. „מענטשן, ראַטעוועט זיך!" — האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן — „שלאָג, הרגע!" — האָבן אָפּגעענטפערט די אָנפאַלער.

און הער זאַגלאָבא האָט צום סוף דערזען דעם קליינעם הער וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער איז געשטאַנען ביים טויער בראש פון אַ צוואַנציק זעלנער, האָט מיטן מויל און דורכן שטאַב אַרויסגעגעבן באַפעלן און אָפט זיך אַליין געוואָרפן אויף זיין ברוינעם פערד אין טומל אַריין און דעמאָלט איז ביי דעם מינדעסטן ריר מיט דער שווערד, ביי דעם מינדעסטן קער זיינעם שוין געפאַלן אַ מענטש, נישט באַווייזנדיק אַפילו אַ הויך אַרויסצולאָזן פון מויל. אָ, הער וואָלאָדיאָווסקי איז געווען אַ גבור איבער אַלע גבורים און אַ זעלנער אין בלוט און אין ביין. ער האָט דעריבער נישט אַרויסגעלאָזט די שלאַכט פון זיין אויג און אָפּטוענדיק דאָס זייניקע דאָ און דאָרט, איז ער ווידער צוריקגעקומען אויף זיין אָרט און ווידער געקוקט און ווידער זיך אַליין אַריינגעמישט פונקט ווי אַ מענטש, וואָס פירט אָן מיט אַ קאַפּעלע, נעמט זיך אַמאָל אַליין שפּילן, אַמאָל הערט ער אויף און האָט דערביי השגחה איבער אַלע, אַז יעדער זאָל דאָס זייניקע אָפּשפּילן.

זעענדיק דאָס אַלץ, האָט הער זאַגלאָבאַ גענומען טופּען

מיט די פּיס אין די ברעטער פון בוידעם, אַז עס האָבן זיך אַזש קנוילן פון שטויב אויפגעהויבן, פּאַטשן אין די הענט אַריין און שרייען מיט אַלע כּחות:

— שלאָג די הינטישע ברידער, שלאָג. הרגע, שינד די הויט! האַק, בראָק, שנייד, שעכט, הרגע! לאָז זיי נישט אָפּ, לאָז נישט אָפּ! פּאַרטיליק זיי מיט דער שווערד;

אַזוי האָט הער זאַגלאָבאַ געשריגן און זיך געוואָרפן, די אויגן זענען אים פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט פון פאַרמאַטערט־קייט און ער האָט אַ ווײַלע די שיין פאַר די אויגן נישט געזען, ווען אָבער ער האָט צוריקבאַקומען די ראיה, האָט ער דערזען נאָך אַ שענער בילד: אין אַ קופּע פון אַ פּאָר צענדליק קאָ־זאַקן איז באָהון, אָן היטל, בלויז אין העמד און אין די הויזן געפלויגן אויפן פערד ווי אַ בליץ, און נאָך אים האָט זיך בראָש פון די זעלנער געיאָגט דער קליינער הער וואָלאַדיאָווסקי.

„שלאָג"! — האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן — „דאָס איז באָהון!"

— אָבער זיין קול איז דאָרט־אַהין נישט דערגאַנגען; דערווייל איז באָהון מיט די קאָזאַקן אריבער דעם פלויט, הער וואָלאַ־דיאָווסקי איז אויך אַריבער דעם פלויט, אַ פּאָר זענען געבליבן, ביי אַ צווייטן טייל זענען די פערד געשטרויכלט געוואָרן ביים שפּרינגען. זאַגלאָבאַ האָט אַ קוק געטון: באָהון פליט אויפן פעלד, הער וואָלאַדיאָווסקי אויפן פעלד. באַלד האָבן זיך אויך די קאָזאַקן צושפּרייט און געגומען אַנטלויפן, זענען אויך די זעלנער זיך צולאָפן — ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאָגעניש פון יחידים נאָך יחידים. זאַגלאָבאַן איז דער אָטעם פאַרשפּאַרט גע־וואָרן אין דער ברוסט, די אויגן זענען אים שיער נישט אַרויס־געקראָכן פון די לעכער, ווייל ער האָט דערזען, ווי וואָלאַדי־אָווסקי רייט שוין אויף באָהונס קאַרק ווי אַ יאַגד־הונט אויף אַ ווילדן חזיר, דער קאָזאַק דרייט אויס דעם קאָפּ, פאַרמעסט זיך מיט דער שווערד — „זיי שלאָגן זיך!" — שרייט זאַגלאָבאַ — נאָך אַ ווײַלע און באָהון פאַלט צוזאַמען מיטן פערד, און הער וואָלאַדיאָווסקי טרעט איבער אים און לאָזט זיך יאָגן נאָך אַנדערע.

אָבער באָהון לעבט; אָט שפּרינגט ער אויף פון דער ערד און לויפט צו די מיט דערנער פאַרוואָקסענע פעלזן.

— האַלט! האַלט!—שרייט זאַגלאָבאַ—דאָס איז באָהון!

מיט אַמאָל לויפט אָן אַ נייע מחנה פון קאָזאַקן, וועלכע האָט ביז איצט זיך דורכגעגנבעט פון יענער זייט פעלזן, איצט אָבער, אַז זי איז אויפגעדעקט געוואָרן, זוכט זי אַ נייעם וועג צו אַנטלויפן. נאָך איר אויף אַ מרחק פון אַ פּאָר צענדליק שריט יאָגן זיך די זעלנער. די קאָזאַקן-מחנה דעריאָגט באָהונען, נעמט אים אַרום, כאַפּט אים און פירט אים אַוועק מיט זיך. צום סוף ווערט זי נעלם פון די אויגן אין די פאַרדרייעניש פון דער הייל און צוזאַמען מיט איר ווערן אויך נעלם די זעלנער.

אויפן פּלאַץ איז געוואָרן שטיל און פּוסט, ווייל אַפילו העד זאַגלאָבאַס זעלנער, וואָס זענען אָפּגעשלאָגן געווארן דירך וואָלאָדיאָווסקין, האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די פערד, וואָס די קאָזאַקן האָבן איבערגעלאָזט, און צוזאַמען מיט די איבעריקע זיך געלאָזט נאָכיאָגן דעם צוזייטן און צושפּרייטן שונא.

הער זאַגלאָבאַ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם לייטער, איז אַראָפּגעקראָכן פון בוידעם און אַרויסגייענדיק פון שטאַל אויפן פּלאַץ, האָט ער געזאָגט:

— כ'בין פריי...

דערנאָך האָט ער זיך גענומען אַרומקוקן אויף אַלע זייטן. אויפן פּלאַץ זענען געלעגן אַ סך זאַפּאָראָזשער הרוגים און בערך צוואַנציק טויטע זעלנער. דער שלאַכטשיץ איז געלאַסן זיך דורכגעגאַנגען צווישן זיי און יעדן גוט באקוקט, צום סוף האָט ער ביי איינעם פון זיי אַנידערגעקניט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אויפגעשטעלט מיט אַ בלעכענער פעלד-פלאַש אין דער האַנט.

— זי איז פול—האָט ער אַ ברום געטון.

און צולייגנדיק זי צום מויל האָט ער פאַרריסן דעם קאָפּ:

— נישט שלעכט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און ווידער איבערגעחזרט, אָבער שוין אַ סך מונטערער:

— כ'בין פריי.

דערנאָך איז ער אַוועק אין די כאַטע, אויף דער שוועל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויפן טויטן גוף פון אַלטן בעדנער, וועלכן די קאָזאַקן האָבן דערהרגעט, און ער איז פאַרשוווּנדן אינעווייניק. ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען האָט זיינע לענדן, אויפן ראָק, וואָס איז געווען פאַרשמוצט פון מיסט, געפינקלט באַהונס גאַרטל, וואָס איז געדיכט געווען אויסגעשטיקט מיט גאָלד, און אונטער דער גאַרטל האָט געשטעקט אַ מעסער מיט אַ גרויסן רובין אין הענטל.

— גאָט האָט באַלוינט מיין גבורה — האָט ער געברומט — ווייל דער בייטל איז אויך פול. הא, עקלדיקער רוצח! כ'האָף, אַז דו וועסט זיך נישט אַרויסדרייען. אָבער דער קליי- נער פויגל! זאָלן אים די קוילן טרעפן. אָט דאָס הייסט אַ מזיק. כ'האָב געוווּסט, אַז ער איז אַ גוטער זעלנער, אָבער, אַז ער זאָל זיך אַזוי רייטן אויף באַהונען, ווי אויף אַן אויסגעקראַ- כענער קאָבילע, דאָס האָב איך זיך אויף אים נישט גערעכנט. אין אַזאַ קליינעם גוף זאָל זיך קאָנען געפינען אַזוי פיל גבורה און כוח. באַהון וואָלט דאָך אים געקאָנט טראָגן אויף אַ שנירל ביי דער גאַרטל, ווי ער טראָגט אַ שלאַכט-מעסער. זאָלן אים די קוילן טרעפן! — אָדער בעסער זאָל אים גאָט געבן הצלחה! ער האָט באַהונען געמוזט נישט דערקענען, ווייל ער וואָלט מיט אים געוווען אַ סוף-מאַכן. פוי! ווי עס שמעקט דאָ מיט פולווער, אַז עס קיצלט אַזש אין די נאָז-לעכער. אָבער איך האָב זיך פאַרט אַרויסגעדרייט פון אַזאַ סכנה, אין וועלכער איך בין נאָך קיינמאָל נישט געווען. געלויבט ביסטו גאָט! נו, נו, אָבער אַזוי צו רייטן אויף באַהונען! איך מוז נאָך דעם דאָזיקן וואָלאָדיאָווס- קין גוט באַקוקן, ווייל נישט אַנדערש, נאָר אַ טייוול מוז אין אים זיצן.

אַזוי ריידנדיק צו זיך האָט הער זאַגלאָבאַ זיך אַוועקגע- זעצט אויף דער שוועל פון שטאַל און געוואַרט.

דערווייל האָבן זיך פון דערווייטנס באַוויזן די זעלנער, וואָס האָבן צוריקגעקערט פון פאָגראָם, און בראש איז געריטן הער וואָלאָדיאָווסקי. דערזעענדיק זאַגלאָבאַן האָט ער גענומען שנעלער רייטן און אַראָפּשפּרינגנדיק פון פערד איז ער צוגע־גאַנגען צו אים.

— זענט איר דאָס, מיין הער? — האָט ער געפרעגט פון דערווייטנס.

— איך בכבודי ובעצמי — האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט — גאָט וועט אייך באַלוינען, וואָס איר זענט געקומען צו הילף.

— מ׳דאַרף דאַנקען גאָט, וואָס כ׳בין געקומען צו דער רעכטער צייט—האָט געענטפערט דער קליינער ריטער, דריקנדיק מיט שמחה הער זאַגלאָבאַס האַנט.

— אָבער ווי אַזוי האָט איר זיך דערוווסט וועגן דעם אומגליק, וואָס האָט מיך געטראָפן?

— פויערים פון דער דאָזיקער פאַרם האָבן צוויסן גע־געבן.

— אָ! און איך האָב געמיינט, אַז זיי האָבן מיך אויס־געגעבן.

— וואָס פעלט אייך איין? דאָס זענען גוטע מענטשן. קוים מיטן לעבן זענען אַנטקומען אַ יונגעל און אַ מיידל און וואָס מיטן איבריקן חתונה־עולם איז געוואָרן, ווייסן זיי נישט.

— אויב זיי זענען נישט קיין בוגדים, האָבן די קאָזאַקן זיי אומגעבראַכט. דער בעל־הבית פון דער פאַרם ליגט נעבן דער כאַטע. אָבער גענוג וועגן דעם. זאָגט־זשע מיר בעסער, צי באָהון לעבט? איז ער אַנטלאָפן?

— איז דען דאָס געווען באָהון?

— דער אָן היטל, אין העמד און אין די הויזן, וועלכן איר האָט געהאַט צוזאַמען מיטן פערד אומגעוואָרפן.

— איך האָב אים געשטאָכן אין די האַנט אַריין; כאַפּט עס דער טייוול! איך האָב אים נישט דערקענט. אָבער איר, איר הער זאַגלאָבאַ, וואָס האָט איר עפּעס גוטס אויפגעטאָן?

— וואָס איך האָב אויפגעטון? — האָט הער זאַגלאָבא איבערגעחזרט — קומט הער מיכאַל -- און זעט!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אַריינגעפירט אין שטאַל.

— קוקט — האָט ער געזאָגט.

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט אַ ווײַלע גאָרנישט געזען, ווייל ער איז אַריין פון ליכטיקן דרויסן, אָבער ווען זיינע אויגן האָבן זיך שוין געהאַט צוגעוווינט אַביסל צו דער פינסטערניש, האָט ער דערזען די קערפּער, וואָס זענען געלעגן אומבאַוועגלעך אויפן מיסט.

— און די דאָזיקע מענטשען ווער האָט געקוילעט? — האָט ער געפרעגט אַ פאַרחידושטער.

— איך! — האָט זאַגלאָבא געזאָגט — איר האָט געפרעגט, וואָס כ׳האָב אויפגעטון? — אָט האָט איר!

— נו! — האָט געזאָגט דער יונגער אָפיציר, דרייענדיק מיטן קאָפּ — אָבער אויף וואָס פאַר אַן אופן?

— דאָרט האָב איך זיך פאַרטיידיקט אויפן בוידעם, און זיי האָבן מיך געשטורמט פון אונטן און דורכן דאַך. כ׳ווייס נישט ווי לאַנג דאָס האָט אָנגעהאַלטן, ווייל אין דער שלאַכט באַרעכנט דער מענטש נישט די צייט. באָהון איז דאָס געווען, באָהון מיט זיין מוראדיקער מאכט און מיט די בעסטע מענטשן. ער וועט האָבן צו געדענקן אויף מיך! א צווייט מאָל וועל איך אייך דערציילן, ווי אַזוי כ׳בין אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, וואָס איך האָב אַריבערגעטראָגן און ווי אַזוי איך האָב פון באָהונען חוזק געמאכט, וואָרום מיר האָבן זיך אויך מיט די ציגנער פאַרמאָסטן. אָבער היינט בין איך אַזוי מיד, אז איך האַלט זיך קוים אויף די פיס.

— נו! — האָט הער וואָלאָדיאָווסקי איבערגעחזרט — נישטאָ וואָס צו זאָגן, איר האָט זיך העלדיש פאַרטיידיקט; נאָר דאָס מוז איך אייך זאָגן, אַז איר האָט מער סיגול צו האַקן מיט דער שווערד, ווי אָנצופירן מיט חייל.

— הער מיכאַל -- האָט דער שלאַכטשיץ זיך אָנגערופן —

ס'איז איצט קיין צייט ניִשט זיִך אויסצוטענהן. לאָמיִר בעסער דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט אונז ביידען היינט געגעבן אַ נצחון, וואָס וועט אַזוי שנעל ניִשט פאַרגעסען ווערן צוויִשן דיִ מענטשן.

הער וואָלאָדיאָווסקיִ האָט אַ פאַרחיִדושטער אַ קוק געטון אויף זאַגלאָבאַן. ביִז איִצט האָט זיִך איִם עפּעס אויסגעדוכט, אַז ער אַליין האָט דאָס אָנגעהאַלטען יענעם נצחון, צו וועלכן הער זאַגלאָבא האָט אַ פּניִם צו איִם געוואָלט צושטיין פאַר אַ שותף.

אָבער ער האָט בלויז אַ קוק געטון אויפן שלאַכטשיץ, אַ דריי געטון מיִטן קאָפּ און געזאָגט:

— זאָל זיין אַזוי.

מיִט אַ שעה שפּעטער האָבן ביידע פריינט, בראש פון דיִ פאַרייניִקטע אָפּטיילונגען, זיִך געלאָזט קיין יאַרמאָליִנצע.

פון זאַגלאָבאס מענטשן האָט כמעט קיינער ניִשט געפעלט, ווייל זיי זענען באַפאַלן געוואָרן איִן שלאָף און דעריִבער ניִשט געשטעלט קיין וויִדערשטאַנד. באָהון וויִדער, וועלכן מ'האָט אַרויסגעשיִקט דער עיִקר נאָך געפאַנגענע, האָט געהייסן זיי נעמען לעבן דיקערהייט און נישט טויטן.

# 8. קאַפּיטל.

באָהון, הגם ער איז געווען אַ העלדישער און פאַרזיכטיקער פירער, האָט ער נישט געהאַט קיין מזל אין דער עקספּעדיציע, וואָס ער האָט אונטערגענומען אַ קעגן דער כלומרשטער דיוויזיע פון פירשט יערעמי. ער האָט זיך נאָך פעסטער איבערצייגט, אַז דער פירשט האָט אויף אַן אמת אַרויסמאַרשירט מיטן גאַנצן חייל אַ קעגן קשיוואָנאָסן, ווייל אַזוי האָבן אים געזאָגט הער זאַגלאָבאס זעלנער, וואָס ער האָט גענומען אין געפאַנגענשאַפט און וועלכע האָבן אַליין הייליק געגלויבט, אַז דער פירשט גייט נאָך זיי. דער אומגליקליכער אַטאַמאַן האָט דעריבער נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי וואָס שנעלער זיך צוריקצוציען צו קשיוואָנאָסן, אָבער דער אויפגאָב איז נישט געווען קיין לייכטער. ערשט דעם דריטן טאָג האָט זיך אַרום אים צונויפגעקליבן אַ מחנה פון העכער צווייהונדערט קאָזאַקן; די איבעריקע אָדער זיי זענען געפאַלן אין דער שלאַכט, אָדער זיי זענען פאַרוואונדעט געוואָרן אויפן קאַמפּס-פעלד, אָדער זיי האָבן נאָך ארומגעבלאָנדזשעט צווישן די היילן און געוויקסן, נישט וויסנדיק וואָס צו טון, ווו זיך צו קערן און ווענדן. אָבער אויך די דאָזיקע קופּע ביי באָהונען איז קיין סך נישט ווערט געווען, ווייל זי איז געווען נידערגעשלאָגן, ביי יעדן אַלאַרם נוטה צו אַנטלויפן, דעמאָראַליזירט, איבערגעשראָקן. און דאָס זענען דאָך געווען די געקליבענסטע קאָזאַקן, בעסערע זעלנער וואָלט מען אין גאַנץ סיטש נישט געקאָנט געפינען. אָבער די קאָזאַקן האָבן נישט געוווסט, מיט וואָס פאַר אַ קליינער קראַפט העד וואָלאָדיאָווסקי איז זיי באַפאַלן און אַז נאָר אַ דאַנק דעם אומגעריכטן איבערפאַל אויף שלאָפנדיקע און נישט צוגעגרייטע, האָט ער געקאָנט זיי פאַרשאַפן אַזאַ מפּלה, און זיי האָבן הייליק גע-

גלויבט, אַז זיי האָבן געהאַט צו טון אויב נישט מיטן פּירשט גופא איז לכל־הפּחות מיט אַ מעכטיקן, פּילפּאַך גרעסערן פאָר־פּאָסטן. באָהון האָט געברענט ווי אַ פייער; געשטאָכן אין דער האַנט, צוטרעטן מיט די פּיס, אַ קראַנקער, אַ צוקלאַפּטער, און אַ פאַרביסנעם שונא פון די הענט אַרויסגעלאָזט און בזיונות גע־ליטן, ווייל די דאָזיקע קאָזאַקן, וועלכע וואָלטן ערב דער מפּלה געגאַנגען מיט אים בלינדערהייט קיין קרים, אין גיהנום אַריין און אַקעגן דעם פּירשט גופא, האָבן שוין איצט פאַרלוירן דעם גלויבן, פאַרלוירן דעם מוט און געטראַכט נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי זיי זאָלן אַרויס מיט גאַנצע ביינער פון דעם דאָזיקן פּאָגראָם. און באָהון האָט דאָך געטון אַלץ, וואָס אַ פירער איז מחויב צו טון, ער האָט גאָרנישט פאַרנאַכלעסיקט, האָט אַרויס־געשטעלט אַ שמירה אַרום דעם פאַרם און גערוט נאָר דערפאַר, וואָס די פערד, וועלכע זענען כמעט אין איין אָטעם געקומען פון קאַמיעניעץ, האָבן לחלוטין נישט געקאָנט זיך רירן אין וועג אַריין. אָבער הער וואָלאָדיאָווסקי, וואָס האָט זיין גאַנץ יונג לעבן פאַרבראַכט אין הינטערגענג און געיעגן אויף טאָטערס, האָט זיך ווי אַ וואָלף אונטערגעגנבעט ביינאַכט צו די וואַכן, האָט זיי געכאַפּט, נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן אַ געשריי צו טון אָדער אויסצושיסן — און איז אָנגעפאַלן אַזוי, אַז ער, באָהון, האָט באַוויזן צו אַנטקומען בלויז אין די הויזן און אין העמד. ווען דער קאָזאַק האָט וועגן דעם געטראַכט, איז אים די וועלט פינסטער געוואָרן אין די אויגן, אין קאָפּ האָט אים געשווינדלט און דער יאוש האָט אים געביסן די נשמה, ווי אַ משוגענער הונט. ער, וועלכער האָט אויפן שוואַרצן ים זיך געוואָרפן אויף טערקישע שיפן; ער, וועלכער איז אַזש ביז פערעקאָפּ צוגעפאָרן אויף די טאָטערישע רוקנס און פאַר דעם כאַן אין די אויגן שרפות אונטערגעצונדן; ער, וועלכער האָט אין דער נאָענט פון פירשט, האַרט ביי לובני, אויסגעקוילעט אַ רעגימענט אין וואַ־סילווקא, האָט געמוזט אַנטלויפן אין העמד און אָן היטל — און אָן דער שווערד, ווייל אויך זי האָט ער אין באַגעגעניש מיטן קליינעם ריטער אָנגעווירן. און דעריבער, ווען קיינער האָט ניט

געזען, בעת ער האָט גערוט און געפּאַשעט די פֿערד, פֿלעגט זיך דער קאָזאַק כאַפּן פֿאַרן קאָפּ און שרייען: „ווו איז מיין קאָזאַקישער שם, ווו איז מיין שווערד, מיין פֿריינט?״ און ווען ער האָט אַזוי געשריגן, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ ווילד משוגעת און ער פֿלעגט זיך אָנשכּורן ביז צום פֿאַרגעסן זיך, און דערנאָך פֿלעגט אים אָנכאַפּן אַ חשק זיך צו לאָזן אַקעגן פּירשט, צו באַפֿאַלן זיין גאַנצן חייל—און אומצוקומען און פֿאַרפֿאַלן צו ווערן אויף אייביק.

ער האָט געוואָלט—אָבער די קאָזאַקן האָבן נישט געוואָלט. „דערהרגע, פּאָטערל, מיר וועלן נישט גיין!״ — האָבן זיי טרוקן געענטפֿערט אויף זיינע ווילדע איינפֿאַלן—און אומזיסט האָט ער אין די מינוטן פֿון משוגעת זיי געהאַקט מיט דער שווערד, פֿאַרסמאַליעט די פּנימער מיט די פּיסטאָלעטן — זיי האָבן נישט געוואָלט, זיי זענען נישט געגאַנגען.

וואָלסט געמיינט, די ערד האָט זיך אַפֿוירגערוקט פֿון אונטער דעם אַטאַמאַנס פֿיס, ווייל דערמיט דאָבען זיך נאָך זיינע צרות נישט געענדיקט. ריכטנדיק זיך, אַז מ׳וועט אים נאָכיאָגן האָט ער מורא געהאַט צו אַנטלויפֿן אין דרום-זייט, און רעכענענדיק, אַז קשיוואָנאָס האָט שוין אפשר אויפֿגעגעבן די באַלאַגערונג, האָט ער זיך אַליין געלאָזט צו מזרח-צו און זיך אָנגעשטויסן אויף הער פּאָדביפּיענטאס אָפּטיילונג. אָבער דער שטענדיק וואַכעדיקער הער לאָגינוס האָט זיך מקדים געווען און איז דער ערשטער באַפֿאַלן דעם קאָזאַק, האָט אים צוקלאַפּ זייער לייכט טוין דערפֿאַר, וואָס די קאָזאַקן האָבן זיך נישט געוואָלט שלאָגן — און איבערגעגעבן דעם הער סקשעטוסקין אין די הענט, און הער סקשעטוסקי האָט פֿון אים געמאַכט אַ תּל-עולם, אַזוי אַז נאָך אַ לאַנגען בלאָנדזשען אין די סטעפּעס האָט באָהון קוים מיט אַ צוואַנציק רייטער, אַ דערנידריקטער, אָן קאָזאַקן, אָן שלל און אָן געפֿאַנגענע אָנגעשפּאַרט ביז צו קשיוואָנאָסן.

אָבער דער ווילדער קשיוואָנאָס, וואָס פֿלעגט זיך תּמיד אַזוי אַכזריותדיק באַגיין מיט זיינע אונטערוואָרפֿענע, וועלכע די

הצלחה האָט נישט צוגעשפּילט, האָט דאָס מאָל זיך גאָרנישט דערבײַזערט. ער האָט געוווּסט פֿון דער אייגענער פּראַקטיק, וואָס עס הייסט צו האָבן צו טון מיט י.רעמין, און דערצוּ האָט ער באַהוּנען נאָך געצערטלט, געטרייסט און באַרוּיקט, און ווען דער קאָזאַק איז קראַנק געוואָרן און האָט געפֿיבערט, האָט ער געהייסן אויף אים אַכטונג געבן און היילן און היטן אים ווי אַן אויג אין קאָפּ.

דערווײַל זענען דעם פֿירשטס פֿיר ריטער, נאָכדעם ווי זיי האָבן אויפֿן גאַנצן לאַנד אָנגעוואָרפֿן אַן אימה און אַ טויט־שרעק, בשלום זיך ווידער צונויפֿגעקומען אין יאַרמאָלינצע, ווו זיי האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אויף אַ פּאָר טעג, כּדי די מענטשן און די פֿערד זאָלן זיך קאָנען אויסרוען. דאָרט, ווען זיי האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן אין איין קוואַרטיר, האָט יעדער נאָך דער ריי נאָך אָפּגעגעבן דעם הער סקשעטוסקין אַ באַריכט פֿון דעם וואָס עס האָט אים געטראָפֿן און וואָס ער האָט אויפֿגעטון — דערנאָך האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ פֿלאַש, כּדי זיך צו אונטערהאַלטן בײַ אַ פֿרײַנטלעכן שמועס און צו באַפֿרידיקן די קעגנזײַטיקע נײַגעריקייט.

אָבער דעמאָלט האָט הער זאַגלאָבאַ כּמעט קיינעם נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. ער האָט קיינעם נישט געוואָלט הערן, נאָר געוואָלט, אַז מ'זאָל נאָר אים אַליין אויסהערן, און עס האָט זיך טאַקי אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געהאַט מער פֿון אַלע וואָס צו דערציילן.

— גנעדיקע הערן! — האָט ער געזאָגט — איך בין אַרײַנגעפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט — אמת — אָבער דאָס מזל דרייט זיך ווי אַ ראָד. באָהון האָט דאָס גאַנצע לעבן געשלאָגן, און היינט האָבן מיר אים געשלאָגן. יאָ, אַזוי איז שוין דער סדר־העולם בעת אַ מלחמה! היינט שינדסט דו די הויט, און מאָרגן שינדט מען פֿון דיר די הויט. אָבער באָהונען האָט גאָט באַשטראָפֿט דערפֿאַר, וואָס ער איז אונדז באַפֿאַלן ווען מיר זענען געשמאַק געשלאָפֿן ווי די צדיקים און אונדז אויף אַ גראָבן אופֿן אויפֿגעוועקט. הא, הא! ער האָט געמיינט, אַז ער וועט

מיך איבערשרעקן מיט זיין שמוציקער צונג, איך האָב אים אָבער זאָג איך אייך, אַזוי צוגעדריקט, אַז ער איז באַלד געוואָרן אויס מענטש, איז מבולבל געוואָרן און האָט אויסגעפּלאַפּלט דאָס, וואָס ער האָט נישט געוואָלט. אָבער וואָס זאָל איך דאָ מאריך זיין, ווען איך וואָלט נישט געווען אריינפּאַלן אין געפּאַנגנשאַפט, וואָלטן מיר ביידע, איך און הער מיכאַל, נישט געווען אים פאַרשאַפט די מפּלה, איך זאָג: ביידע, ווייל, אַז איך האָב אַ חלק אין דעם דאָזיקן נצחון, וועל איך ניט אויפהערן צו טענהן ביז צום טויט. זאָל מיר גאָט אַזוי געבן געזונט! הערט ווייטער מיי-נע טענות: ווען איך און הער מיכאַל וואָלטן אים נישט גע-ווען צושלאָגן, וואָלט אים הער פּיאַטע-שלעגער (פּאָדביפּיענטא) נישט געווען צו שלאָגען די פּיאַטעס און נאָך אים הער סקשעטוסקי; און צום סוף, ווען מיר וואָלטן פון אים נישט געווען אַ תּל מאַכן פון אונז — און אַז דאָס איז נישט געשען, וועמען איז עס צו פאַרדאַנקען?

— מיט אייך איז פונקט ווי מיט אַ פוקס — האָט הער לאָנגינוס זיך אָנגערופן — דאָ גיט ער אַ דריי מיטן וויינדל, דאָרט אַנטלויפט איר און תּמיד דרייט איר זיך אַרויס.

— אַ שוטה איז דער יאַגד-הונט, וואָס יאָגט זיך נאָכן וויינדל, ווייל אי ער וועט אים נישט אָניאָגען און אי ער וועט זיך צו עפּעס פיינעס נישט דערשמעקן, און צום סוף וועט דער ווינט דאָס אויך פערטרייבן. וויפיל מענטשן האָט איר פאַר-לוירן?

— בסך-הכל א מאַן צוואַנציק, און אַ פּאָר פאַ ווונדעטע, מ׳האָט אונז נישט זייער שטאַרק געשלאָגן.

— און איר הער מיכאַל?

— אַ מאַן דרייסיק, ווייל איך בין זיי באַפאַלן אומגע-ריכטערהייט.

— און איר, הער פּאָרוטשניק?

— אַזוי פיל, וויפיל הער לאָנגינוס.

— און איך צוויי. זאָגט, אַדרבא, אַליין, ווער עס איז אַ בעסערער פירער? צו וואָס אייגנטלעך זענען מיר אַהערגעקומען?

אין דינסט-ענינים פאַרן פירשט, אויפצוכאַפּן ידיעות וועגן קשיוואַנאָסן און אָט זייט וויסן, מיינע הערן, אַז איך האָב זיך דער ערשטער וועגן אים דערוווּסט און דאָס פון דעם בעסטי עדות, פון באַהונען אַליין, און איך ווייס, אַז ער שטייט ביי קאַמיעניעץ, אַז ער האָט אָבער בדעה די באַלאַגערונג אויפצו- געבן, ווייל עס איז אים באַפאַלן אַ פחד. דאָס ווייס איך קלאָר, אָבער איך ווייס נאָך עפּעס, פון וואָס איר וועט ווערן מלא שמחה און וועגן וואָס איך האָב ביז איצט נישט גערעט דער- פאַר, וואָס איך האָב געוואָלט, אַז מיר זאָלען אַלע אינאיינעם וועגן דעם זיך שואל-עצה-זיין; איך בין אויך ביז איצט נישט געזונט געווען, ווייל די מאַטערנישן האָבן מיך אָפּגעשוואַכט און פון דעם מערדערישן געבונדן-זיין האָבן זיך די בעבעכעס אין מיר צעבונטעוועט. כ'האָב געמיינט, אַז כ'וועל אָפּגיין מיט בלוט.

— זאָגט-זשע, מיין הער, געדענקט אין גאָט! — האָט וואָלאָדיאָווסקי אויסגערופן — האָט איר עפּעס געהערט וועגן אומגליקלעכן מיידל?

— יאָ, גאָט זאָל איר שענקען מזל און ברכה — האָט זאַגלאָבא געזאָגט.

הער סקשעטוסקי האָט זיך אויפגעשטעלט אַזוי גרויס ווי ער איז און באַלד זיך אַוועקגעזעצט — און ס'איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט דאָס זשומען פון די מיקן אויפן פענסטערל, ביז הער זאַגלאָבא האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט:

— זי לעבט, איך ווייס דאָס געוויס און זי איז אין באָ- הונס הענט. מיינע הערן, דאָס זענען שרעקלעכע הענט, אָבער גאָט האָט נישט דערלאָזט, אַז עס זאָל איר געשען אַן עולה אָדער אַ שאַנד. מיינע הערן, באַהון אַליין האָט מיר דאָס געזאָגט, און ער וועט זיך גיכער מיט עפּעס אַנדערש באַרימען.

— ווי אַזוי קאָן דאָס זיין? ווי אַזוי קאָן דאָס זיין? — האָט סקשעטוסקי פיבערהאַפּט געפרעגט.

— אויב איך זאָג ליגן, זאָל מיך אַ דונער טרעפן —

האָט זאַגלאָבאַ ערנסט געענטפֿערט — ווייל דאָס איז אַ הייליקע זאַך. הערט, וואָס באָהון האָט מיר געזאָגט, ווען ער האָט גע־וואָלט זיך מיט מיר רייצן, איידער איך האָב אים ביז גאָר צו געדריקט: „וואָס האָסטו דען געמיינט (זאָגט ער), אַז דו האָסט זי פאַר אַ פויער געבראַכט קיין באַר? וואָס בין איך דען אַ פויער (זאָגט ער), אַז איך זאָל זי מיט געוואַלט מאַנס־זיין? קאָן איך מיר דען ניט פֿאַרגינען זי מקדש צו זיין אין אַ צערקווע אין קיעוו, אַז נזירים (זאָגט ער) זאָלן מיר צו זינגען און אַז דריי הונדערט ליכט זאָלן מיר לייכטן — מיר, דעם אַטאַמאַן! דעם העטמאַן!" — און ער האָט דערביי איבער מיר מיט די פיס געטופעט און מיטן מעסער מיך געסטראַשעט, ווייל ער האָט געמיינט, אַז ער וועט מיך איבערשרעקן, אָבער איך האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל סטראַשען די הינט.

סקשעטוסקי איז שוין געקומען צו זיך, זיין בלייך פּנים האָט אויפגעשיינט, און עס האָט ווידער אויסגעדריקט מורא, האָפענונג, שמחה און אומזיכערקייט.

— ווו איז זי דען? ווו איז זי? — האָט ער האַסטיק געפרעגט — אויב איר האָט זיך דאָס אויך דערוווּסט, זענט איר פּשוט אַ מלאך.

— דאָס האָט ער מיר ניט געזאָגט, אָבער אַז מ'האָט שכל אין מוח, פֿאַרשטייט מען זיך אויפן ווינק אויך. ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, האָט ער זיך כּסדר מיט מיר גערייצט, איידער איך האָב אים צוגעדריקט, און זאָגט צו מיר ווידער אַזוי: „צוערשט, זאָגט ער, וועל איך דיך אַוועקפירן צו קשיוואָ־נאָסן, און דערנאָך וואָלט איך דיך געוווען פֿאַרבעטן אויף אַ חתונה, אָבער איצט איז מלחמה, וועט דאָס נאָך אַזוי גיך נישט זיין". באַטראַכט נאָר, מיינע הערן: נאָך נישט אַזוי גיך — האָבן מיר היסט עס, צייט! און אַ חוץ דעם באַטראַכט נאָר אויך: צוערשט צו קשיוואָנאָסן, דערנאָך אויף אַ חתונה. הייסט עס, אַז זי איז ניט ביי קשיוואָנאָסן, נאָר ערגיץ ווייטער, ווו די מלחמה האָט ניט אָנגעשפּאַרט.

— איר זענט אַ גאָלדענער מענטש! — האָט וואָלאָדיאָווסקי אויסגערופן.

— לכתחילה האָב איך געמיינט — האָט דער צופרידן אונטערגעהנפּעטער זאַגלאָבאַ געזאָגט — אַז ער האָט זי אפשר אַוועקגעשיקט קיין קיעוו, באַלד אָבער האָב איך מיר איבערגעלייגט, אַז דאָס איז נישט מעגליך, ווייל ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט אויף די חתונה פאָרן קיין קיעוו; אויב פאָרן, הייסט עס, אַז זי איז דאָרט נישטאָ, און אַ חוץ דעם איז ער צו קלוג, אַז ער זאָל זי דאָרט אַוועקפירן, ווייל ווען כמיעלניצקי וואָלט זיך צוגערוקט צום רויטן רוס, וואָלטן די ליטווישע חיילות לייכט געקאָנט קיעוו פאַרנעמען.

— אמת! אמת! — האָט הער לאָנגינוס אויסגעשריגען — אוי, ווי גאָט איז מיר ליב, נישט איינער וואָלט זיך געמעגט כּווישן מיט אייך מיטן שכל.

— נאָר איך וואָלט מיך נישט מיט יעדן געטיישט, ווייל כ'וואָלט מורא געהאַט, אַז איך זאָל אָנשטאָט שכל נישט איינהאַנדלען קיין גראָז, וואָס וואָלט אין ליטא זייער לייכט געקאָנט טרעפן.

— ער הויבט שוין ווידער אָן — האָט לאָנגינוס זיך אָנגערופן.

— לאָזט־זשע מיך ענדיקן. איז זי, הייסט עס, נישט ביי קשיוואָנאָסן, נישט אין קיעוו, וווּ־זשע דען איז זי?

— אַדרבא, ווּ איז זי?

— אויב איר ווייסט זיך אָן, טאָ זאָגט וואָס גיכער, ווייל עס ברענט אין מיר אַ פייער! — האָט סקשעטוסקי אויסגעשריגען.

— הינטער יאַמפּאָל! — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט און נצחונדיק זיך אַרומגעקוקט מיט זיין געזונטן אויג.

— פון וואַנען ווייסט איר? — האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

— פון וואנען כ'ווייס? אָט פון וואַנען: כ'בין געזעסן אין שטאַל, ווייל יענער רוצח האָט מיך געהייסן אין שטאַל פאַר־

שפּאַרען, אַז די חזירים זאָלן אים דערפאַר צופרעסן! און אַרום דעם שטאַל האָבן צווישן זיך געשמועסט די קאָזאַקן. איך האָב דעמאָלט צוגעלייגט אַן אויער צו דער וואַנט און אָט וואָס כ'האָב געהערט: איינער זאָגט „איצט וועט דער אַטאַמאַן אודאי פאָרן הינטער יאַמפּאָל" — און אַ צווייטער רופט זיך דערויף אָן! „שווייג, אויב דיין יונגער קאָפּ איז דיר ליב". — איך לייג איין מיין קאָפּ, אַז זי געפינט זיך הינטער יאַמפּאָל.

— אָ! ווי גאָט איז אין הימל! — האָט וואָלאָדיאָווסקי אויסגעשריגן.

— אויף די ווילדע פעלדער האָט ער דאָך זי נישט אַוועקגעפירט, דעריבער האָט ער לויט מיין שכל זי געמוזט באַהאַלטן ערגיץ צווישן יאַמפּאָל און יאַהאָרליק. איך בין אויך איינמאָל געווען אין יענע מקומות, ווען די שופטים פון קעניג און כאַן פאָרן זיך צונויף, ווייל אין יאַהאָרליק, ווי איר ווייסט, ווערן געמשפט סכסוכים צווישן די גרעניץ-לייט איבער פאַרכאַפּטע סטאַדעס, און אַזעלכע זאַכען זענען דאָרט אָפט שכיח. איבער דעם גאַנצן דניעפּר איז דאָרט פול מיט היילן און פאַרבאָרגענע ערטער און פאַרשידענע געוויקסן, ווו עס לעבן אין די פאַרמעס מענטשן, וואָס ווייסן נישט פון קיין שום אויבערמאַכט, ווייל זיי וווינען אין מדבר און האָבן נישט קיין מגעומשא מיט מענטשן. ביי אַזעלכע מדבר-לייט האָט ער זי מסתמא באַהאַלטן, ווייל דאָרט האָט ער מיט איר געקאָנט זיכער זיין.

— גוט, אָבער ווי אַזוי קומט מען דאָרט אַהין, אז קשיוואָנאָס פאַרשטעלט דעם וועג — האָט הער לאָנגינוס זיך אָגגערופן. — יאַמפּאָל איז אויך, ווי כ'האָב געהערט, אַ רויבערנעסט.

דערויף האָט זיך סקשעטוסקי אָנגערופן:

— ווען אַפילו איך זאָל צען מאָל מיין קאָפּ פאַרלירן, וועל איך זי ראַטעווען. כ'וועל גיין פאַרשטעלטערהייט און וועל זוכן — גאָט וועט מיר העלפן און כ'וועל געפינען.

— איך גיי-מיט מיט דיר, יאַן! — האָט הער וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

— און איך אויך ווי אַ בעטלער מיט אַ לירע, גלויבט מיר, מיינע, הערן, אַז צווישן אייך בין איך דער גרעסטער בעל־נסיון, און אַזוי ווי די לירע איז מיר נמאס געוואָרן ביז גאָר, וועל איך נעמען אַ דודלזאַק.

— און איך וועל אויך צו עפּעס צו־נוץ קומען, ברידערלעך? — האָט הער לאַנגינוס געזאָגט.

— אודאי — האָט הער זאַגלאָבאַ געענטפֿערט. — אַז מיר וועלן דאַרפֿן אַריבערגיין דורכן דניעסטר, וועט איר אונז אַריבערטראָגן, ווי דער הייליקער קשישטאָף.

— אַ דאַנק אייך, מיינע הערן, פֿון טיפֿן האַרצן — האָט סקשעטוסקי געזאָגט — און אייער גרייטקייט מיר צו העלפֿן נעם איך אָן זייער גערן. נישטאָ אין אַ עת־צרה עפּעס בעסערס ווי געטרייע פֿריינט, און מיט אַ זעלכע, ווי איך זע, האָט די השגחה מיך מזכה געווען. הלוואי, גרויסער גאָט, זאָל איך אייך קענען אָפּדינען מיט מיין געזונט און פֿאַרמעגנס.

— מיר אַלע ווי איין מענטש! — האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן. — גאָט באַגליקט די אחדות און איר וועט זען, אַז אויף די פּירות פֿון אונדזער אַרבייט וועלן מיר לאַנג נישט דאַרפֿן וואַרטן.

— אויב אַזוי בלייבט מיר שוין נישט עפּעס אַנדערש צו טון — האָט סקשעטוסקי געזאָגט נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן — ווי אָפּצופֿירן דעם פּאָלק צום פֿירשט און באַלד מיט אייך צוזאַמען זיך צולאָזן אין וועג אַריין. מיר וועלן גיין מיטן דניעסטער, העט איבער יאַמפּאָל, אַזש ביזן יאַהאָרליק און אומעטום וועלן מיר זוכן. און אויב, ווי איך האָף, כמיעלניצקי איז שוין צוקלאַפּט, אָדער ער וועט זיין צוקלאַפּט נאָך איידער מיר וועלן אָנקומען צום פֿירשט, וועט דאָך אויך די עפּענטלעכע דינסט נישט זיין קיין מניעה פֿאַר אונז. דאָס חייל וועט מסתמא מאַרשירן קיין אוקראַינע, כדי דאָרט צו דערשטיקן די מרידה, אָבער דאָרט וועט מען זיך שוין אָן אונז באַגיין.

— וואַרט נאָר, מיינע הערן — האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופֿן — נאָך כמיעלניצקין וועט מסתמא קומען די ריי אויף

קשיוואָנאָסן, אויב אַזוי וועלן מיר אפשר צוזאַמען מיטן חייל מאַרשירען צו יאַמפּאָל־צו.

— ניין, מיר מוזן דאָרט פֿריער זיין — האָט זאַגלאָבאַ געענטפֿערט — אָבער קודם־כּל מוזן מיר אָפּפֿירן די פֿאָלקן, כּדי מיר זאָלן האָבן פֿרייע הענט. איך האָף אויך, אַז דער פֿירשט וועט פֿון אונז זיין צופֿרידן.

— באַזונדערס פֿון אייך.

— יאָ, ווייל איך ברענג אים די בעסטע ידיעות. גלויבט מיר, אַז איך ריכט זיך אויף אַ באַלוינונג.

— לאָזן מיר זיך, הייסט עס, אין וועג אַריין?

— ביז מאָרגן מוזן מיר רוען — האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט. — איבעריקנס זאָל סקשעטוסקי באַפֿעלן. ער איז דאָ דער פֿירער, אָבער איך בין מתרה, אַז אויב מיר וועלן היינט אַרויספֿאָרן, וועלן ביי מיר אַלע פֿערד אויספּגרן.

— כ׳ווייס, אַז איר האָט רעכט — האָט סקשעטוסקי זיך אָנגערופֿן — אָבער כ׳מיין, אַז נאָך אַ גוטער פּאַשע וועלן מיר מאָרגן זיך קאָנען לאָזן אין וועג אַריין.

צומאָרגנס האָט מען זיך טאַקי געלאָזט אין וועג אַריין. לויט די באַפֿעלן פֿון פֿירשט האָבן זיי געדאַרפֿט צוריקקערן קיין זבאַראַזש און דאָרט וואַרטן אויף ווייטערדיקע באַפֿעלן. זיי זענען דעריבער געגאַנגען דורך קוזשמין, אין די זייט פֿון פֿעלשטין צו וואָלאָטשיסק־צו, פֿון דאָרט האָט אַן אַלטער שליאַך געפֿירט דורך כּלעבאַנווקאַ קיין זבאַראַזש. דער וועג איז געווען אַ נישט אָנגענעמער, ווייל עס זענען געפֿאַלן רעגנס, אָבער אַ רויִקער און נאָר הער לאָנגינוס, וועלכער איז מיט הונדערט רייטער געגאַנגען פֿאָרויס, האָט צעקלאַפּט אַ פּאָר גרופּעס פֿון הפקר־לייט, וועלכע האָבן זיך צונויפֿגעקליבן הינטער די חיילות פֿון די קרוין־קאָמענדאַנטען. ערשט אין וואָלאָטשיסק האָבן זיי זיך ווידער אָפּגעשטעלט אויף נאַכט־אָפּרו.

אָבער קוים זענען זיי געשמאַק איינגעשלאָפֿן נאָך דער לאַנגער נסיעה, האָט זיי אויפֿגעוועקט אַן אַלאַרם — און די וואַכן האָבן אָנגעזאָגט, אַז עפּעס אַ רייטער אָפּטיילונג דערנענ־

טערט זיך. באַלד אָבער איז געקומען די ידיעה, אַז דאָס איז ווייערשולס טאָטעריש פּאָלק — הייסט עס, משלנודיקע. זאַגלאַבא, הער לאָנגינוס און דער קליינער וואָלאָדיאָוווסקי זענען זיך באַלד צונויפגעקומען אין סקשעטוסקיס שטוב, און באַלד נאָך זיי איז ווי אַ ווינטער אריינגעפאַלן אַ אָפיציר פון אַ לייכטן רייטער-פּאָלק, אַ פאַרמאַטערטער, אַ באַדעקטער אינגאַנצן מיט בלאָטע. ווי סקשעטוסקי האָט אויף אים אַ קוק געטון האָט ער אויסגעשריגן:

— ווייערשול!

— איך... בין עס! — האָט געזאָגט דער אָנגעקומענער, נישט קאָנענדיק דעם אָטעם כאַפּן.

— פון פירשט?

— יאָ!... אָ לופט! לופט!

— וועלכע ידיעות ברענגסטו? שוין נאָך כמיעלניצקין?

— שוין... נאָך... דער רעפּובליק!

— אָבער וואָס רעדסטו? אַ מפּלה?

— אַ מפּלה, אַ חרפּה, אַ שאַנד!.. אָן אַ שלאַכט... אַ מהומה!.. אָ! אָ!

— עס ווילט זיך די אויערן נישט גלויבן. זאָג-זשע, זאָג, גערעדט אין גאָט!.. די קאָמענדאַנטן?..

— זענען אַנטלאָפן.

— ווו איז אונזער פירשט?

— ער אַנטלויפט... אָן חייל... איך קום דאָ פון פירשט... אַ באַפעל... קיין לוווו תכיף-ומיד... זיי גייען הינטער אונז.

— ווער? ווייערשול, ווייערשול! קום צו זיך, מענטש! ווער?

— כמיעלניצקי, די טאָטערס.

— אין נאָמען פון גאָט און זון און הייליקן גייסט! — האָט זאַגלאַבא אויסגערופן — די ערד שפּאַלט זיך!

אָבער סקשעטוסקי האָט שוין פערשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדעלט זיך.

— אויף שפּעטער די שאלות — האָט ער געזאָגט — איצט אויף די פּערד!

— אויף די פּערד! אויף די פּערד!

די קאַפּיטעס פון די פּערד אונטער וויערשולס טאַטערס האָבן שוין געסקריפּעט פאַר די פּענסטער; די איינוואוינער, וואָס זענען אויפגעוועקט געוואָרן דורכן אָנקומען פון חייל, זענען אַרויסגעגאַנגען פון די הייזער מיט לעמפּלעך און פלאַקערס אין די הענט. די ידיעה וועגן דער מפּלה איז דורכגעפלויגן די גאַנצע שטאָט ווי אַ בליץ. באַלד האָט מען געקלונגען אין די גלאָקן אויף אַן אַלאַרם. דאָס מיט אַ ווייַלע צוריק שטילע שטעטל איז פול געוואָרן מיט רעש, פערדישע טריט, קאָמאַנדע־געשרייען און יידישע יעלות. די איינוואוינער האָבן געוואָלט אַוועקגיין צוזאַמען מיטן חייל, מ׳האָט געשפּאַנט וועגנס, אָנגעלאָדן אויף זיי די קינדער, די ווייבער, דאָס בעטגעוואַנט; דער ראש פון דער שטאָט צוזאַמען מיט אַ פּאָר בירגער איז געקומען בעטן רחמים סקשעטוסקין, אַז ער זאָל פריער נישט אַוועקפאָרן און אָפּפירן די איינוואוינער וויניקסטענס ביז טאַרנאָפּאָל, אָבער הער סקשעטוסקי האָט אפילו הערן נישט געוואָלט, ווייל ער האָט געהאַט אַ בפירושן באַפעל זיך אָן שום שהיות צו לאָזן קיין לוואָוו.

זיי האָבן אַרויסגעמאַרשירט און ערשט אויפן וועג האָט וויערשול, וועלכער האָט זיך דערווייל באַרויקט, דערציילט, ווי אַזוי און וואָס עס איז געשען.

— אַזוי לאַנג ווי די רעפּובליק איז רעפּובליק — האָט ער געזאָגט — האָט זי נאָך אַזאַ מפּלה נישט געהאַט. צעצאָרען די געלע וואַסערן, קאָרסון זיינען גאָרנישט אַקעגן דעם!

און סקשעטוסקי, וואָלאָדיאָווסקי, הער לאָנגינוס פּאָדבי־פּיענטאַ האָבן זיך אַזש נעלייגט אויף די קאַרקן פון די פערד, דאָ זיך געכאַפּט פאַר די קעפּ, דאָ די הענט צום הימל אויפגעהויבן.

— עס שטייגט אַריבער יעדן מענטשלעכן גלויבן — האָבן זיי געזאָגט—און ווו איז געווען דער פירשט?

— פאַרלאָזט, מיט אַ כּין פון אַלץ באַזייטיקט, האָט ער

אַפילו אויף זיין דיוויזיע קיין שליטה נישט געהאַט.

— און ווער האָט געהאַט די קאָמאַנדע?

— קיינער נישט און אַלע. איך דין שוין לאַנג, איך האָב אויף דער מלחמה די ציין אויפגעגעסן, אָבער אזעלכע חיילות און אַזעלכע מנהיגים האָב איך נאָכנישט געזען.

זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט ויערשולן נישט שטאַרק ליב געהאַט און האָט אים וויניק געקענט, האָט גענומען דרייען מיטן קאָפּ און קנאַקן מיט דער צונג—צום סוף האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיין גנעדיקער הער, האָט אייך נישט אַמאָל געשווינדלט אין די אויגן, אָדער צי האָט איר נישט אַ טיילוויזן קלאַפּ אָנגענומען פאַר אַן אַלגעמיינע מפּלה, ווייל דאָס, וואָס איר דערציילט, שטייגט דאָך ממש אַריבער יעדע פאַנטאַזיע.

— אַז עס שטייגט אַריבער יעדע פאַנטאַזיע, בין איך מודה, און כ׳וועל אייך נאָך מער זאָגן, אַז כ׳וואָלט מיט שמחה געלאָזט מיר דעם קאָפּ אָפּהאַקן, ווען דורך עפּעס אַ נס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב אַ טעות.

— אָבער אויף וואָס פאַר אַ אופן זענט איר דער ערשטער נאָך דער מפּלה געקומען קיין וואָלאָטשיסק? איך וויל נישט אָננעמען, אַז איר האָט דער ערשטער געמאַכט פּליטה? אויב אַזוי ווו זענען די חיילות? וווּ־אַרום אַנטלויפן זיי? וואָס איז מיט זיי געשען? פאַרוואָס האָבן די אַנטלויפנדיקע אייך נישט מקדים געווען? אויף די דאָזיקע אַלע קשיות זוך איך אומזיסט אַ תירוץ!

ויערשול וואָלט אין יעדער אַנדערער צייט נישט געשענקט אַזעלכע שאלות, אָבער אין דער רגע האט ער נישט געקענט טראַכטן וועגן עפּעס אנדערש ווי וועגן דער מפּלה, און דעריבער האָט ער נאָר געענטפערט:

איך בין דער ערשטער אָנגעקומען קיין וואָלאָטשיסק, ווייל די איבעריקע זענען אַוועק דורך אָזשיגאָווצע, און מיך האָט דער פירשט בכיוון געשיקט דאָרט ווו ער האָט זיך גערעכט אייך צו טרעפן, כדי דער פייער־שטורם זאָל אייך נישט ארומכאַפּן, ווען איר וואָלט זיך צו שפּעט דערוווסט, און צוווייטנס דער־

פֿאַר, וואָס די פֿינף־הונדערט פֿערד, וואָס איר האָט, זענען איצט פֿאַר אים נישט קיין קליינע נחמה, ווייל די דיוויזיע איז צום גרעסטן טייל אומגעקומען, אָבער זיך צושאָטן.

— פּלאַדיקע זאַכן! — האָט זאַגלאָבע אַ ברום געטון.

— אַ שרעק צוטראַכטן, אַ יאוש כאַפּט אָן, דאָס האַרץ ווערט צושניטן, טרערן גיסן זיך פֿון די אויגן! — האָט וואָלאָ־דיאָווסקי געזאָגט. ברעכנדיק זיך די הענט! — דאָס פֿאָטער־לאַנד גייט־אונטער, בזיונות נאָכן טויט — אַ זעלכע חיילות צו־שפּרייט!... פֿאַרלוירן! עס קאָן נישט זיין אַנדערש, נאָר עק־וועלט און דער יום־הדין גייט!

— האַקט אים נישט איבער — האָט סקשעטוסקי געזאָגט — לאָזט אים אַלץ דערציילן.

ווירשול איז אַנטשוויגן געוואָרן, גלייך ווי ער וואָלט געזאַמלט כּוחות, אַ ווײַלע האָט זיך נאָר געהערט דאָס פּליעס־קען פֿון קאַפּיטעס אין דער בלאָטע, ווייל עס איז געפֿאַלן אַ רעגן. ס'איז נאָך געווען נאַכט און שטאַרק פֿינסטער, ווייל דער הימל איז געווען פֿאַרכמאַרעט, און אין דער דאָזיקער פֿינסטער־ניש, אין דעם דאָזיקן רעגן האָבן מאָדנע אימהדיק געקלונגען ווירשולס ווערטער:

— ווען איך וואָלט זיך נישט גערייכט, אַז איך וועל אין דער מלחמה אומקומען, וואָלט איך אַוודאי משוגע געוואָרן. איר האָט גערעט, מיינע הערן, וועגן יום־הדין — אויך איך מיין, אַז ער וועט בקרוב שוין קומען — ווייל אַלץ ווערט שוין הפקר, דאָס רשעות באַקומט די אויבער־האַנט איבער די ערלעכקייט און דער אַנטי־קריסט דרייט זיך שוין אַרום אויף דער וועלט. איר האָט נישט געזען דאָס, וואָס איז געשען — אויב אָבער איר קאָנט אפֿילו דעם באַרייכט וועגן דעם נישט אַריבערטראָגן, הייגט וואָס זאָל איך ערשט זאָגן, איך, וואָס האָב די מפּלה אין דעם מוראדיקן בזיון געזען מיט די אייגענע אויגן! גאָט האָט אונדז געגעבן אַ גוטע התחלה אין דער דאָזיקער מלחמה. אונזער פּירשט, נאָכדעם ווי ער האָט ביי טשאָלהאַנסקי־קאַמיען באַשטראָפֿט דעם הער לאַטששי האָט אַלע עולות פֿאַרגעסן און שלום געמאַכט

מיטן פֿירשט דאָמיניק. מיר האָבן זיך אַלע געפֿרייט מיט דעם דאָזיקן שלום — און גאָט האָט טאַקע אויך געגעבן זיין ברכה. דער פֿירשט האָט אַ צווייטמאָל צוקלאַפּט דעם שונא ביי קאָנסטאַנטינאָווו און גענומען די שטאָט גופֿא, ווייל דער שונא האָט זי נאָכן ערשטן שטורם פֿאַרלאָזט. שפּעטער האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט אין די ריכטונג פֿון פּילאַווצע, הגם דער פֿירשט האָט דערפֿון אָפּגערעט, אָבער באַלד אין וועג האָט מען באַמערקט פֿאַרשיידענע הינטער־גענג, בייזע כּוונות, קנאה־שנאה און אָפֿענע אינטריגעס אַ קעגן פֿירשט. מען האָט אים נישט געהאָרכט אויף די אסיפֿות, מ׳האָט נישט גענומען אין אַכט דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, און קודם־כּל האָט מען זיך באַמיט צוצוטיילן אונזער דיוויזיע, כּדי זי זאָל נישט זיין אַ גאַנצע אין פֿירשטס הענט.

ווען ער וואָלט זיך געווען אַ קעגנשטעלן, וואָלט מען אים געמאַכט פֿאַר דעם חייב אין דער מפּלה, און דעריבער האָט ער געשוויגן, געליטן, אַריבערגעטראָגן. עס זענען אַזוי־אַרום אויפֿן באַפֿעל פֿון גענעראַל־קאָמענדאַנט געבליבן אין קאָנסטאַנטינאָווו די לייכטע פּאָלקן צוזאַמען מיט ווורצלען, מיט די האַרמאַטן און מיט מאַכניצקין; מ׳האָט אָפּגעטיילט פֿון פֿירשט דעם ליטווישן לאַגער־שיף אָשינסקין אין קאָריצקיס פּאָלק, אַזוי אַז ביים פֿירשט זענען געבליבן בלויז די הוזאַרן אונטער זאַטשוויליכאָווסקיס פֿירונג צוויי דראַגונער־פּאָלקן — און איך מיט אַ טייל פֿון מיין פּאָלק. אַרום און אַרום זענען מיר געווען 2,000 מאַן. און דעמאָלט האָט מען זיך צו אים שוין בעצויגען מיט ביטול און כ׳האָב אַליין געהערט, ווי דעם פֿירשט דאָמיניקס פֿריינט האָבן געזאָגט: „איצט וועט מען שוין נישט זאָגן נאָכן נצחון, אַז מ׳האָט אים ווישניאָוויעצקין אַליין צו פֿאַרדאַנקען. און אויף אַ קול האָט מען געטענהט, אַז ווען דער פֿירשט וואָלט זיך געווען פֿאַרשאַפֿט אַזאַ ג־ויסן שם, וואָלט אויך בעת די וואַלן דורכגעגאַנגען זיין קאַנדידאַט דער קרוין־פּרינץ קאַראל, און זיי ווילן קאָזשמיעזשן. זיי האָבן אויך אָנגעשטעקט דאָס גאַנצע חייל אַזוי, אַז עס האָט זיך געשפּאָלטן אויף קרייזלעך, אין וועלכע

מען האָט געפֿירט וכּוחים, פּונקט ווי אין סיים, און עס האָט אויף אַרויסגעשיקט דעלעגאַטן — און וועגן אַלץ האָט מען דאָרט געטראַכט, אַ הוץ וועגן דער שלאַכט, גלייך ווי דער שונא־וואָלט שוין געווען צוקלאַפּט. און ווער שמועסט נאָך ווען איך זאָל זיך נעמען דערציילן אייך וועגן די סעודות און בעלער, וועגן דער פּראַכט לוקסוס, וואָלט איר זיכער מיר נישט וועלן גלויבן. אַ גאָרגישט זענען געווען פּירוסעס מחנות אַ קעגן די דאָזיקע חיילות, וואָס זענען פֿון קאָפּ ביז צו די פּיס געווען באַקליידט מיט גאָלד, טייערע שטיינער און שטרויס־פּעדערן. זענען דאָך צוויי הונדערט טויזנט דינער און אָן אַ שיעור וועגס געגאַנגען הינטער אונז, די פּערד זענען געפֿאַלן אונטער זייער משא פֿון די גאָלדענע און זילבערנע געוועבן אין זיידענע געצעלטן, די וועגנס האָבן זיך געבראָכן אונטער די קרעדענסן. עמיצער וואָלט געמיינט, אַז מיר גייען דאָ איינגעמען די גאַנצע וועלט. די שלאַכטע פֿון די נאַר וואָס גערופֿענע פֿאָלקען האָט גאַנצע טעג און נעכט געקנאַקט מיט די בייטשן: „אָט (האָבן זיי געזאָגט) מיט וואָס מיר וועלן באַרויקן די כאַמעס, און מיר וועלן אפילו די שווערד נישט אַרויסציען". און מיר, די אַלטע זעלנער, וואָס זענען געוווינט געווען זיך צו שלאָגן, און נישט צו טענהן, האָבן שוין צוקוקנדיק זיך צו דער דאָזיקער אומדערהערטער גאווה, דערשפּירט אַ צרה דאָ ערשט האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַמפּערניש צוליבן הער קישעל. אַ טייל האָבן געטענהט, אַז ער איז אַ בוגד, אַ צווייטער טייל — אַז ער איז אַ ווילער סענאַטאָר. מ'האָט זיך געהאַקט מיט די שווערדן ווי די שכּורים. קיין לאַגער־וועכטער איז נישט געווען, קיינער האָט נישט אַכטונג געגעבן אויף די אָרדנונג, קיינער האָט נישט אָנגעפֿירט, יעדער האָט געטון וואָס ער האָט געוואָלט, איז געגאַנגען ווו עס איז אים געווען בעסער, איז געשטאַנען ווו ס'איז אים געווען ניחא, די דינערשאַפֿט האָט געפּילדערט און געטומלט—אָ דערבאַרמדיקער גאָט! דאָס איז דאָך געווען אַ פֿאַרווײלונג און נישט קיין מלחמה־עקספּעדיציע, אַ פֿאַרווײלונג, אויף וועלכער מ'האָט דעם גורל פֿון דער רעפּובליק פֿאַרטאַנצט, פֿאַרשכּורט, פֿאַרפֿרעסן און צום

סוף אויך פאַרשאַכערט.

— מיר לעבן נאָך! — האָט וואָלאָדיאָווסקי אויסגערופן.

— און אַ גאָט איז נאָך דאָ אין הימל — האָט סקשעטוסקי צוגעגעבן.

ווידער איז אויף אַ ווײַלע געוואָרן שטיל, און דערנאָך האָט ווירשול ווײַטער געזאָגט:

— מיר וועלן אַלע אומקומען, סײַדן גאָט וועט באַווײַזן אַ נס, וועט אונדז אויפהערן צו שטראָפן פאַר די זינד און טון מיט אונדז אומפאַרדינטע חסדים. ווײַלנווײַז גלויב איך אַליין נישט אין דעם, וואָס איך האָב מיט די אייגענע אויגן געזען און עס דוכט זיך מיר, אַז איך האָב געזען עפּעס אַ בײַזן חלום...

— דערצייל ווײַטער — האָט זאַגלאָבאַ ווײַטער געזאָגט — איר זענט, הייסט עס, אָנגעקומען קיין פּילאַווצע און ווײַטער?

— און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. וועגן וואָס די קאָמענדאַנטן האָבן זיך דאָרט באַראַטן, ווייס איך נישט; — אין יום־הדין וועלן זיי אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, ווײַל ווען זיי וואָלטן באַלד באַפאַלן כמיעלניצקין, וואָלט ער אָן שום ספק צושלאָגן און צוקלאַפּט געוואָרן, נישט געקוקט אויף דעם כאַאָס, הפקרות, אַרומרײַסענישן און פעלן פון אַ פירער. דאָרט האָט שוין געהאַט אויסגעבראָכן אַ מהומה צווישן המון, מ'האָט זיך שוין געהאַט באַראַטן ווי אַזוי אַרויסצוגעבן כמיעלניצקין און די אַטאַמאַנעס, און ער אַליין האָט שוין געפּלאַנט צו אַנטלויפן. אונזער פירשט איז געפאָרן פון געצעלט צו געצעלט, האָט געבעטן רחמים, געסטראַשעט: „לאָמיר זיי באַפאַלן, איידער די טאָטערס קומען אָן, לאָמיר באַפאַלן!" — און די האָר פון קאָפּ האָט ער זיך אויסגעריסן — און דאָרט האָט איינער אויפן צווייטן זיך אומגעקוקט — און גאָרנישט. זיי האָבן געטרונקען, אָפּגעהאַלטן אַסיפות... עס זענען אָנגעקומען קלאַנגען, אַז די טאָטערס גייען — דער כאַן מיט צוויי הונדערט טויזנט רײַטער — זיי האָבן זיך באַראַטן און באַראַטן. דער פירשט האָט זיך פאַרמאַכט אין געצעלט, ווײַל זיי האָבן אים אינגאַנצן מבטל געמאַכט. אין חייל האָט מען גענומען זאָגן, אַז דער קאַנצלער האָט

געמסרט דעם פירשט דאָמיניק צו פאַרפירן אַ מלחמה, אַז עס ווערן געפירט אונטערהאַנדלונגען—דאָס צומישעניש איז געוואָרן נאָך גרעסער — צום סוף זענען די טאָטערס אָנגעקומען, אָבער גאָט האָט אונז מצליח געווען צום ערשטן טאָג, עס האָט געקעמפט דער פירשט און הער אָשינסקי און הער לאַשטש האָט זיך זייער גוט געשלאָגן — זיי האָבן פאַרטריבן די טאָטערס פון פעלד, אַ גרויסן טייל אומגעבראַכט—און דערנאָך...

דאָ האָט וויערשול פון אויפרעגונג ווייטער ניט געקאָנט רעדן.

— און דערנאָך?—האָט געפרעגט הער זאַגלאָבאַ.

— ס׳איז געקומען אַ מוראדיקע, אומפאַרשטענדלעכע נאַכט. כ׳געדענק, כ׳בין געשטאַנען אויף דער וואַך מיט מיינע מענטשן, נעבן טייך, ווען כ׳האָב מיט אַמאָל דערהערט, ווי מען שיסט אַזש אין קאָזאַקישן לאַגער פון הארמאַטן ווי צום צייכן פון שמחה און עס הערן זיך געשרייען. דאָ איז מיר געקומען אויפן זכרון, וואָס מ׳האָט נעכטן געזאָגט אין לאַגער, אַז אַלע טאָטערישע חיילות האָבן זיך נאָכנישט געשטעלט צום קאַמף, נאָר טוהאַיבעי מיט אַ טייל פון די טאָטערס. כ׳האָב זיך דעריבער געטראַכט: אויב מען שיסט דאָרט פון שמחה, האָט שוין דער כאַן גופא אויך געמוזט אַריינטרעטן אין קאַמף. אָבער דאָ איז אויך אין אונזער לאַגער געוואָרן אַ טומל. איך בין צוגעשפרונגען אַליין מיט אַ פאָר מענטשן. — וואָס איז געשען?—שרייט מען צו מיר: „די קאָמענדאַנטן זענען אַוועק!" איך לויף צום פירשט דאָמיניק — ער איז נישטאָ! צום קרוין-שענקער — נישטאָ! צום קרוין-כאָראָנזשי—נישטאָ! יעזוס-קריסטוס! די זעלנער לויפן איבערן פלאַץ, אַ געשריי, אַ געפילדער, אַ מהומה, אַ פאָכעניש מיט די שווערדן: ווו זענען די קאָמענדאַנטן? ווו זענען די קאָמענדאַנטן? און אַנדערע רופן: „די פערד! די פערד!" און נאָך אַנדערע: ברידער, ראַטעוועט זיך! אַ בגידה! אַ בגידה! מ׳הויבט די הענט אין די הויך, די פנימער ווי ביי משוגעים, די אויגן אויסגעגלאָצט, מען שטופט זיך, מען טרעט זיך, מען שטיקט זיך, מ׳זעצט זיך אויף די פערד, מ׳פליט בלינדערהייט אָן כלי-זיין

דאָ הויבט זיך אָן אַ וואַרפעניש פון די העלמען, פאַנצערס,

געווער, געצעלטן! און אָט פֿאָרט דער פֿירשט בראש פֿון די הוזאַרן אין זילבערנעם פּאַנצער: זעקס פֿאָקעלס טראָגט מען אַרום אים, און ער שטייט אויפֿן זאָטל און שרייט: „גנעדיקע הערן! איך בין געבליבן, זאַמלט זיך אַרום מיר!" אָבער אומזיסט! מע הערט אים נישט, מען זעט אים נישט, מען פֿליִט אויף די הוזאַרן, מען מישט זיך צונויף, מען קערט איבער מענטשן און פֿערד. מיר האָבן קוים דעם פֿירשט אַליין אָפּגעראַטעוועט — שפּעטער איז איבער די צוטרעטענע פֿייער־הויפֿנס, אין דער פֿינסטער, דאָס גאַנצע חייל ווי אַ איבערפֿולטער שטראָם, ווי אַ טייך, אין אַ ווילדער מהומה אַרויס פֿון לאַגער, זיך צושפּרייט, צוזייט, אַנטלאָפֿן... נישטאָ שוין קיין חיילות, נישטאָ קיין פֿירער, נישטאָ קיין רעפּובליק, פֿאַראַן נאָר אַ אייביקע שאַנד און אַ קאָזאַקישער פּוס אויפֿן האַלז...

דאָ האָט הער ווערשול געטומען קרעכצן און רייסן דאָס פֿערד, ווייל אַ ווילדער יאוש האָט אים אָנגעכאַפּט; דער דאָזיקער יאוש האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן צו די איבעריקע חברים און זיי זענען געפֿאָרן אין רעגן און אין דער נאַכט ווי די משוגעים.

זיי זענען לאַנג געפֿאָרן — דער ערשטער האָט זאַגלאָבא זיך אָנגערופֿן:

— אָן שלאַכט — אָ חצופים! געדענקט איר, וואָס פֿאַר אַ גאוהדיקן אָנשטעל זיי האָבן געמאַכט אין זבאַראַזש? ווי זיי האָבן זיך באַרימט, אַז זיי וועלן כמיעלניצקין אָן פֿעפֿער און אָן זאַלץ אויפֿעסן? אָ חצופים!

— וואָס רעדט איר! — האָט ווערשול אויסגעשריגן — זיי זענען אַנטלאָפֿן נאָך דער ערשטער שלאַכט, וואָס זיי האָבן געוווּנען איבער די טאָטערס און קאָזאַקן, נאָך דער שלאַכט, אין וועלכער אפֿילו די ניי־גערופֿענע פּאָלקן האָבן זיך געשלאָגן ווי די לייבן.

— פֿאַראַן דערין אַ אצבע־אלהים — האָט סקשעטוסקי געזאָגט — אָבער ס'שטעקט דאָ אויך עפּעס אַ סוד, וועלכער מוז אויפֿגעקלערט ווערן...

— ווייל אויב דאָס מיליטער וואָלט אַנטלאָפֿן — טרעפֿט

אַזעלכעס אויף דער וועלט — האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט — אָבער דאָ האָבן די פירער די ערשטע פאַרלאָזט דעם לאַגער, גלייך ווי זיי וואָלטן בכיון וועלן דעם שונא פאַרלייכטערן דעם נצחון און דאָס חייל איבערגעבן צו דער שחיטה.

— יאָ! יאָ! — האָט וויערשול געזאָגט — מ׳זאָגט טאַקע, אַז זיי האָבן בכיון דאָס געטון.

— בכיון? — אָבער דאָס קאָן דאָך נישט זיין!

— מ׳זאָגט, אַז בכיון — און פאַרוואָס — ווער קאָן דערגיין? ווער קאָן וויסן!

— אַז די קברים זאָלן זיי פאַרשיטן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיי אויסשטאַרבן, און בלויז אַ שענדלעכער זכר זאָל נאָך זיי בלייבן! — האָט זאַגלאָבא געזאָגט.

— אָמן! — האָט געזאָגט סקשעטוסקי.

— אָמן! — האָט געזאָגט וואָלאָדיאָווסקי.

— אָמן! — האָט נאָכגעזאָגט הער לאָנגינוס.

— נאָר איין מענטש איז דאָ, וואָס קאָן נאָך דאָס פאָטערלאַנד מציל זיין, אויב מען וועט אים איבערגעבן די פירונג און די רעשט פון דער רעפובליקס כחות. איינער איז דאָ, ווייל וועגן אַ צווייטן וועט שוין סיי דאָס חייל, סיי די שלאַכטע נישט וועלן הערן.

— דער פירשט! — האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

— יאָ.

— מיט אים וועלן מיר גיין, מיט אים וועלן מיר אומקומען. — זאָל לעבן יערעמי וווישניאָוויעצקי! — האָט זאַגלאָבא אויסגעשריגן.

— זאָל לעבן! — האָבן איבערגעחזרט אַ פאָר צענדליק אומזיכערע שטימען; אָבער דער אויסגעשריי איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל אין מאָמענט, ווען די ערד האָט זיך געשפאָלטן אונטער די פיס און דער הימל האָט זיך ווי אַראָפּגעלאָזט אויף די קעפּ, איז נישט געווען קיין צייט אויף אויסגעשרייען.

דערווייל האָט אָנגעהויבן צו טאָגן און פון דערווייטנס האָבן זיך באַוויזן די מויערן פון טאַרנאָפּאָל.

# 9. קאַפּיטל

די ערשטע רעשטלעך, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון פּילאַווצע, זענען אָנגעקומען קיין לוווו מיטן זון-אויפֿגאַנג דעם 26. סעפּטעמבער און ווי נאָר עס האָבן זיך געעפֿנט די שטאָטישע טויערן האָט די שרעקלעכע ידיעה ווי אַ דונער זיך צופֿלויגן איבער דער גאַנצער שטאָט. אַ טייל האָט פּשוט נישט געגלייבט, ביי אַ צווייטן טייל האָט זי אַרויסגערופֿן אַ מהומה און ביי די איבריקע אַ פֿאַרצווייפֿלטע גרייטקייט צו פֿאַרטיידיקן זיך. הער סקשעטוסקי מיט זיין אָפּטיילונג איז אָנגעקומען מיט צוויי טעג שפּעטער, ווען די גאַנצע שטאָט איז שוין געווען פֿול-געפּאַקט מיט אַנטלאָפֿענע זעלנער, שלאַכטע און באַוואָפֿנטע שטאָט-לייט. מ׳האָט שוין געטראַכט וועגן פֿאַרטיידיקונג, ווייל אַ ליאַדע מינוט האָט מען זיך געריכט אויף די טאָטערס, מ׳האָט אָבער נאָך נישט געוווסט, ווער עס וועט זיך שטעלן בראש און ווי אַזוי ער וועט זיך דערצו גרייטן, דערפֿאַר האָט אומעטום געהערשט אַ תוהו-ובוהו און אַ מהומה. אַ טייל איז אַנטלאָפֿן פֿון דער שטאָט, אַרויספֿירנדיק די משפּחות און דאָס פֿאַרמעגנס, די ארומיקע איינוווינער ווידער האָבן דוקא דאָרט געזוכט אַ מקום-מקלט; די אַרויספֿאָרנדיקע און די אַריינפֿאָרנדיקע האָבן אָנגעפּאַקט די גאַסן און אָנגעמאַכט אַ רעש צוליב אַ פֿרייען דורכפֿאָר; אומעטום איז געווען פֿול מיט וועגנס, פּעק, טלומאָקעס און פֿערד, זעלנער פֿון די פֿאַרשיידנסטע פּאָלקן; אויף אַלעמענס פּנימער האָט געקאָנט לעזן אומזיכערקייט, פֿיבערהאַפֿטע דערוואַרטונג, יאוש אָדער אָפּהענטיקייט. יעדע ווײַלע האָט ווי אַ וויכער זיך אומגעריכט דורכגעטראָגן אַ בהלה — עס האָבן זיך געהערט קולות: „זיי פֿאָרן! זיי פֿאָרן!" און דער המון האָט זיך באַוועגן ווי אַ כוואַליע, אָפּט איז ער געלאָפֿן בלינדערהייט פֿאַר זיך, געטריבן

פון שרעק און מורא, ביז עס האָט זיך נישט אַרויסגעשטעלט, אַז עס פּאָרט נאָר אָן עפּעס אַ נייע יתר־הפּליטה־אָפּטיילונג. און אַזעלכע אָפּטיילונגען האָט זיך צונויפגעזאַמעלט וואָס אַמאָל מער — אָבער וואָס פאַר אַ נעבעכדיקע מראה האָבן געהאַט די דאָזיקע זעלנער, וועלכע זענען ערשט נישט לאַנג אין גאָלד און אין פעדערן, מיט געזאַנג אין מויל און מיט אַ גדלות אין די אויגן געגאַנגען אין די מלחמה מיט די פויערן! איצט זענען זיי גע־ווען אָפּגעריסן, אויסגעהונגערט, אָפּגעמאָגערט, באַדעקט מיט בלאָטע, אויף אויסגעדאַרטע פערד, מיט אַ שאַנד־פלעק אויף די פּנימער, און זיי זענען גיכער ענלעך געווען אויף בעטלערס, איידער אויף ריטערס, זיי האָבן נור געקאָנט וועקן רחמנות, ווען עס וואָלט געווען צייט אויף רחמנות אין דער דאָזיקער שטאָט, וואָס אויף אירע מויערן האָט זיך אַ ליאַדע רגע געקאָנט וואַרפן די גאַנצע מאַכט פון שונא. און יעדער פון די דאָזיקע געשענ־דעטע ריטער האָט זיך געטרייסט בלויז דערמיט, וואָס ער האָט געהאַט אַזוי פיל טויזנטער אַחים־לצרה; אַלע האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אין דער ערשטער שעה און ערשט שפּעטער, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך באַרויקט, האָבן זיי גענומען זיך קלאָגן, האָבן טענות, שיטן מיט קללות און חרמות, שלעפּן זיך איבער די גאַסן, שפּורן אין די שענקען און נאָר פאַרגרעסערן די מהומה און די בהלה..

וואָרום יעדער האָט אַלע מאָל אויסגערופן: „די טאָטערס זענען שוין דאָ, שוין דאָ!" — אַ טייל האָט געזען שרפות הינטער זיך, אַ צווייטער טייל האָט געשוווירן באַ אַלע הייליקייטן, אַז ער האָט זיך שוין געמוזט אָפּוערן, די גרופּעס, וואָס האָבן אַרומגערינגעלט די זעלנער, האָבן מיט אַ געשפּאַנטן אינ־טערעס אויסגעהערט די דאָזיקע מעשיות. די דעכער און די טורעמס פון די קירכעס זענען געווען באַזעצט מיט טויזנטער בייגערקע; די גלאָקן האָבן געקלונגען — און מאַסן פון ווייבער און קינדער האָבן זיך געשטיקט אין די קירכעס.

הער סקשעטוסקי האָט זיך פון האַליטש־טויער ביסלעכ־ווייז דורכגעשטופּט מיט זיין אָפּטיילונג דורך די צונויפגעפּרעסטע

מאַסן פון פערד, וועגנס, זעלנער, דורך די בירגערלעכע צעכן, וואָס זענען געשטאַנען אונטער זייערע פאָנען, און דורך דעם המון, וועלכער האָט מיט פאַרחידושטקייט געקוקט אויף דעם דאָזיקן פאָלק, וועלכעס איז אַריינגעקומען אין די שטאָט נישט צו שאָטענערהייט, נאָר אין דער פולער אָרדנונג. מ'האָט גענומען שרייען, אַז הי"ף קומט אָן! און ווידער האָט אַן אומזיסטע שמחה באַהערשט דעם המון, וועלכער האָט זיך גענומען שטופן און אָנכאַפן פאַר העך סקשעטוסקיס זאָטל. עס זענען זיך אויך צונויפגעלאָפן די זעלנער, וועלכע האָבן געשריגן: „דאָס זענעןווישנאָוויעצקיס מענטשן! זאָל לעבן פירשט יערעמי!" ס'איז געוואָרן אַזאַ געשטופ, אַז דער פאָלק האָט קוים געקאָנט טריט ביי טריט זיך דורכברעכן אַ וועג.

צום סוף איז זיי אַ קעגנגעקומען אַן אָפטיילונג דראַגונער מיט אַן אָפיציר אין דער שפיץ. די זעלנער האָבן צוטריבן דעם המון און דער אָפיציר האָט געשריגן: „פון וועג! פון וועג!" — און געשלאָגן די, וועלכע האָבן נישט גענוג שנעל אָפּגעטרעטן.

סקשעטוסקי האָט דערקענט קושלען.

דער יונגער אָפיציר האָט הערצלעך באַגריסט די באַקאַנטע.

— וואָס פאַר אַ צייט! וואָס פאַר אַ צייט! — האָט ער געזאָגט.

— ווו איז דער פירשט? האָט סקשעטוסקי געפרעגט.

— ער וואָלט פון דאגות און קלערעניש אומגעקומען, ווען דו וואָלסט דיך געוועזן נאָך לענגער זוימען. ער האָט זיך דאָ זייער שטאַרק אויסגעקוקט אויף אייך און אויף אייערע מענטשן. ער איז איצט אין דער בערנאַרדינער-קירך; מיך האָט מען אַרויסגעשיקט אָפּצוהיטן די אָרדנונג אין דער שטאָט, אָבער גראָזוואַיער האָט זיך דערמיט שוין פאַרנומען. איך וועל מיט דיר צוזאַמען פאָרן אין די קירך: דאָרט קומט פאָר אַ באַראַטונג.

— אין דער קירך?

— יאָ, זיי וועלן דעם פֿירשט פֿאָרלייגן דעם קאָמאַנדע־שטאַב, ווייל די זעלנער דערקלערן, אַז מיט אַן אַנדערן פֿירער וועלן זיי די שטאָט נישט פֿאַרטיידיקן.

— לאָמיר פֿאָרן. איך אייל מיך אויך צום פֿירשט.

די פֿאַרייניקטע אָפּטיילונגען זענען ווייטער געפֿאָרן. אויפֿן וועג האָט סקשעטוסקי זיך אויסגעפֿרעגט וועגן אַלץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין לוואָוו, און צי עס איז שוין באַשלאָסן געוואָרן די שטאָט צו פֿאַרטיידיקן.

— איצט טאַקע ווערט דער ענין באַטראַכט — האָט קושעל געענטפֿערט. — די בירגער וועלן זיך פֿאַרטיידיקן. שיינע צייטן דערלעבט! מענטשן פֿון נידריקן שטאַנד ווייזן אַרויס מער גבורה, איידער די שלאַכטע און זעלנער.

און די קאָמענדאַנטן? וואָס איז מיט זיי געוואָרן? זענען זיי אין דער שטאָט און צי וועלן זיי דעם פֿירשט נישט מאַכן קיין שטערונגען?

— הלואי פֿון אים אַליין זאָל נישט זיין קיין מניעה! געווען אַ בעסערע צייט אויף איבערצוגעבן אים די קאָמאַנדע, איצט איז צו שפּעט. די קאָמענדאַנטן דערוועגן זיך נישט צו ווייזן אין די אויגן. פֿירשט דאָמיניק האָט זיך נאָר אָפּגערוט אין פּאַלאַץ פֿון אַרצי־בּיסקופּ און באַלד זיך אָפּגעטראָגן. און ער האָט גוט געטון, ווייל דו וועסט נישט גלויבן, וואָס פֿאַר אַ פֿאַרביסענע שנאה די זעלנער טראָגן אויף אים. ער איז שוין נישטאָ און נאָך אַלץ שרייען זיי: „גיט אים נאָר אַהער, מיר וועלן אים באַלד צוהאַקן!" — ער וואָלט אַוודאי נישט ניצול געוואָרן פֿון עפּעס אַ סבה. דער הער קרוין־שענקער איז דער ערשטער דאָ אָנגעקומען. ער האָט תּחילת אַפֿילו גענומען ריידן לשון־הרע אויפֿן פֿירשט, אָבער איצט זיצט ער שטיל, ווייל אויך אויף אים איז מען אויפֿגעבראַכט. מ'רעכנט אים אויס אין די אויגן אַלע חטאים, און ער שלינגט בלויז די טרערן. בכלל טוען זיך אָפּ שרעקלעכע זאַכן. וואָסערע צייטן מיר האָבן דערלעבט! איך זאָג דיר: דאַנק גאָט, וואָס דו ביסט נישט געווען ביי פּילאַווצע, וואָס דו האָסט פֿון דאָרט נישט געמוזט אַנטלויפֿן, ווייל אויב מיר,

וואָס זענען דאָרט געווען, זענען נישט פֿון זיך אַראָפּ — איז עס פּשוט אַ נס פֿון גאָט.

— און אונזער דיוויזיע?

— זי איז שוין נישטאָ — קוים עפּעס איז געבליבן. וואָרצעל איז נישטאָ, יאַבלאָניצקי איז נישטאָ, זאַטשווילינאָווסקי איז נישטאָ, וואָרצעל און מאַכניצקי זענען נישט געווען ביי פּילאַווצע, ווייל זיי זענען געבליבן אין קאָנסטאַנטינאָוו. דאָרט האָט זיי דער שוטה פֿירשט־דאָמינזיק איבערגעלאָזט, כדי אויף אַזאַ אופֿן אָפּצושוואַכן די מאַכט פֿון אונזער פֿירשט. מ'ווייס נישט צי זיי זענען אַנטלאָפֿן, אָדער זיי זענען אַריינגעפֿאַלן אין שונאס הענט. דער אַלטער זאַטשווילינאָווסקי איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן ווי אַ שטיין אין וואַסער, הלוואַי ער זאָל נישט זיין אומגעקומען.

— און וויפֿיל זעלנער אַרום און אַרום האָט זיך דאָ צונויפֿגעקליבן?

— פֿאַראַן גענוג — אָבער וואָס האָט מען פֿון זיי? איין פֿירשט וואָלט זיך מיט זיי געקאָנט אַן עצה געבן. ווען ער וואָלט וועלן איבערנעמען די הויפּט־קאָמאַנדע, ווייל קיין אַנדערן זיי וועלן נישט האָרכן. דער פֿירשט האָט זייער שטאַרק געדאַגהט וועגן דיר און וועגן די זעלנער. דאָס איז דאָך דער איינציקער גאַנצער פּאַלק. מיר האָבן דיך שוין געהאַט באַוויינט.

— איצט איז ווייל דעם וועמען מען באַוויינט.

אַ געוויסע צייט זענען זיי געפֿאָרן שטילשווייגנדיק, אומקוקנדיק זיך אויפֿן המון, הערנדיק דעם געפּילדער און די געשרייען: „טאָטערס! טאָטערס!" אין איין אָרט האָבן זיי געזען דאָס שרעקלעכע בילד, ווי דער המון האָט צופּליקט אויף שטיקער אַ מענטש, וועלכן ער האָט חושד געווען אין שפּיאָנאַזש — די גלאָקן האָבן כסדר געקלונגען.

— וועט דאָס טאָטערישע חייל שנעל קומען אַהער? — האָט זאַגלאָבאַ געפֿרעגט.

— דער טייוול ווייס זיי, אפֿשר נאָך היינט. די דאָזיקע שטאָט וועט לאַנג זיך נישט פֿאַרטיידיקן, ווייל זי וועט נישט אויסהאַלטן. כמיעלניצקי גייט מיט צוויי הונדערט טויזנט קאָזאַקן, אַ חוץ טאָטערס

— מיר זענען פערלוירן! — האָט דער שלאַכטשיץ געַ
ענטפערט — בעסער וואָלטן מיר געפאָרן צו אַלדע רוחות. צו
וואָס האָבן מיר אַזוי פיל נצחונות אָפגעהאַלטן?

— איבער וועמען?

— איבער קשיוואָנאָסן, איבער באָהונען, דער טייוול ווייס
איבער וועמען נישט!

— אָבער — האָט קושעל געזאָגט און ווענדנדיק זיך צו
סקשעטוסקין האָט ער געפרעגט מיט אַ שטילער שטים: און דיך
יאַן האָט גאָט מיט גאָרנישט געטרייסט? האָסט נישט געפונען
דאָס, וואָס דו האָסט געזוכט? ביסטו לכל הפחות עפּעס דער
גאַנגען?

— ס'איז איצט נישט קיין צייט וועגן דעם צו טראַכטן —
האָט סקשעטוסקי זיך אָנגערופן — וואָס פאַר אַ חשיבות האָב
איך אין מיינע ענינים לגבי דעם וואָס איז געשען. אַלץ איז
הבל־הבלים און לאָזט זיך אויס מיטן טויט.

— מיר דוכט זיך עפּעס אויך, אַז בקרוב וועט זיין עק
וועלט — האָט קושעל געזאָגט.

בינו־לבינו זענען זיי צוגעפאָרן צו דער בערנאַרדינער־קירך,
וועלכע איז אינווייניק געווען העל באַלויכטן. גרויסע מענטשן־
מאַסן זענען געשטאַנען פאַר דער קירך, אָבער זיי האָבן אינווייַ
ניק זיך נישט געקאָנט אַריינקריגן, ווייל אַ שנור פון העלעבאַר־
דירן האָט פאַרמאַכט דעם אַריינגאַנג, דורכלאָזנדיק נאָר די
חשובים, די עלטסטע מיליטער־לייט.

סקשעטוסקי האָט זיינע מענטשן געהייסן אויסציִען אַ צווייטע
שנור.

— לאָמיר אַריינגיין — האָט קושעל געזאָגט — אַ האַלבע
רעפּובליק איז אין דער דאָזיקער קירך.

זיי זענען אַריינגעגאַנגען. קושעל האָט קיין סך נישט מגזם
געווען. די גאַנצע פני פון מיליטער און פון דער שטאָט איז
זיך צונויפגעקומען צו דער אַסיפה: די וואָיעוואָדעס, די קאַשַ
טעלאַנעס, די פּאָלקאָווניקעס, די ריטמייסטערס, די אָפיצירן פון
די אויסלענדישע פּאָלקן, די גייסטלעכקייט, אַזוי פיל שלאַכטע

ווייל די קירך האָט געקאָנט אַריינגעמען, אַ סך מיליטער-לייט פֿון די נידריקערע מדרגות און אַ פּאָר צענדליק שטעטישע ראַטגעבערס מיט גראָזוואַטע בראש, וועלכער האָט געזאָלט אָנפֿירן מיט די שטאָט-לייט. ס'איז אויך בייגעווען דער פֿירשט, און דער הער קרוין-שענקער, איינער פֿון די קאָמענדאַנטן—און דער קיעווער וואָיעוואָדע, און דער סטאָבניצער סטאַראָסטע, און ווערסעל, און אַרצישעווסקי און דער ליטווישער לאַגער-שעף הער אָשינסקי — זיי אַלע זענען געזעסן פֿאַרן הויך-אַלטאַר אַזוי, אַז דאָס פּובליקום זאָל זיי קאָנען זען. מ'האָט זיך באַראַטן אייליק, היציק, ווי תּמיד אין אַזעלכע פֿאַלן: די רעדנערס זענען אַרויף אויף די בענק און באַשווירן די עלטסטע, אַז זיי זאָלן אָן פֿאַרטיידיקונג נישט איבערגעבן די שטאָט אין שונאס הענט. ווען אַפֿילו עס זאָל אויסקומען זיך מוסר נפֿש צו זיין; ווען אָבער די שטאָט צוריקהאַלטן דעם שונא און די רעפּובליק וועט ביני-לביני צו זיך קומען. וואָס פֿעלט דען צו דער פֿאַרטיידיקונג? פֿאַראַן מויערן, פֿאַראַן חיילות, פֿאַראַן אַ פֿעסטער רצון—נאָר אַ מנהיג איז נישטאָ. און ווען מ'האָט אַזוי גערעדט, האָט זיך צווישן עולם דערהערט אַ שאָרך, וועלכער איז באַלד איבערגעגאַנגען אין הילכיקע אויסגעשרייען—אַ התלהבות האָט אַרומגענומען די פֿאַרזאַמלטע. מיר ווילן אומקומען! מיר ווילן גערן אומקומען!—האָט מען אויסגערופֿן—דעם שאַנד-פֿלעק פֿון פּילאַווצע מוזן מיר אָפּוואַשן, דאָס פֿאָטערלאַנד באַשיצן!—און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געקלאַפּעריי מיט די שווערדן און די בלויזע שאַרפֿן האָבן געפֿינקלט ביי דער שיין פֿון די ליכט. און אַנדערע האָבן גערופֿן: שטיל זאָל ווערן! די אַסיפֿה ווערט ווייטער געפֿירט! פֿאַרטיידיקן זיך, אָדער נישט פֿאַרטיידיקן?—פֿאַרטיידיקן! פֿאַרטיידיקן!! האָט דער עולם געמאַכט קולות, אַז דאָס ווידער-קול וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן פֿון די געוועלבן האָט אַזש איבערגעחזרט: פֿאַרטיידיקן זיך. ווער זאָל זיין דער פֿירער? פֿירשט יערעמי — ער זאָל זיין דער פֿירער! ער איז אַ גבור! זאָל ער פֿאַרטיידיקן די שטאָט, די רעפּובליק—זאָל מען אים איבערגעבן די הויפּט-קאָמאַנדע און זאָל ער לעבן!

דעמאָלט האָט פֿון טויזנט ברוסטן זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי, אַזאַ הילכיקס, אַז די ווענט האָבן זיך אַזש אַ טרייסל געטון און די שויבן האָבן געקלינגען אין די פֿענסטער פֿון דער קירך.

— פּירשט יערעמי! פּירשט יערעמי! זאָל ער לעבן! זאָל ער לעבן! זאָל ער מצליח זיין!

עס האָבן אַ בליץ געטון טויזנטער שווערדן — אַלעמענס אויגן האָבן זיך אַ קער געטון צום פּירשט, און ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ רויִקער, מיט צונויפֿגעקניטשטע ברעמען. עס איז באַלד שטיל געוואָרן, ווי אויף אַ בית-הקברות.

— גנעדיקע הערן! — האָט דער פּירשט געזאָגט מיט אַ קלינגנדיקער שטים, וועלכע איז אין דער דאָזיקער שטילקייט דערגאַנגען צו אַלעמענס אויערן. — ווען די קימבאָרן און טויטאַנער זענען באַפֿאַלן די רוימישע רעפּובליק, האָט קיינער נישט געוואָלט איבערנעמען די מאַכט, ביז עס האָט זי איבערגענומען מאַריוס. אָבער מאַריוס האָט געהאַט רעכט זי איבערצונעמען, ווייל עס איז נישט געווען קיין מנהיגים, באַשטימט דורכ'ן סענאַט... און איך וואָלט אויך אין דער איצטיקער צרה זיך נישט אָפּגעזאָגט פֿון דער מאַכט, ווילנדיק מיין לעבן מקריב זיין פֿאַרן ליבן פֿאָטערלאַנד — אָבער די הויפּט-קאָמאַנדע קאָן איך נישט אָננעמען, ווייל איך וואָלט דערמיט פּוגע-בכּבֿוד געווען דאָס פֿאָטערלאַנד, דעם סענאַט, די העכסטע מאַכט — און פֿאַרכאַפּן די מאַכט וויל איך נישט. פֿאַראַן צווישן אונז דער, וועמען די רעפּובליק האָט די הויפּט-קאָמאַנדע איבערגעגעבן — פֿאַראַן דער הער קרוין-שענקער...

דאָ האָט דער פּירשט ווייטער נישט געקאָנט ריידן, ווייל קוים האָט ער דערמאָנט דעם הער קרוין-שענקער, איז געוואָרן אַ מוראדיקער טומל און עס האָט זיך געהערט אַ געקלאַנג פֿון די שווערדן; די מאַסע האָט זיך אַ וויג-געטון און האָט אויסגעבראָכן ווי פּולווער, ווען עס פֿאַלט אויף אים אַ פֿונק. „אַוועק! צום טויט! ער מוז שטאַרבן!" — האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען — „ער מוז שטאַרבן! ער מוז שטאַרבן! — האָט וואָס

אַמאָל מעכטיקער אָפּגעהילכט. דער קרוין־שענקער איז אויפגעש־ שפּרונגען פון שטול אַ בלייכער, מיט טראָפּנס קאַלטן שוויס אויפן שטערן, און דערווייל האָבן זיך בייזע געשטאַלטן דער־ נענטערט צום אַלטאַר און עס האָט זיך שוין געהערט דאָס אימהדיקע: „גיט אים!" זעענדיק מיט וואָס עס שמעקט! האָט דער פירשט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט.

די מאַסע האָט זיך צוריקגעהאַלטן, מיינענדיק, אַז ער וויל ריידן; ס'איז כהרף־עין שטיל געוואָרן.

אָבער דער פירשט האָט נאָר געוואָלט איינשטילן דעם שטורם און דעם טומל, נישט דערלאָזן צו שפיכת־דמים אין דער קירך, און ווען ער האָט באַמערקט, אַז דער געפערלעכסטער מאָמענט איז אַריבער, האָט ער זיך ווידער אַוועקגעזעצט.

מיט צוויי שטולן ווייטער, פאַרשטעלט נאָר דורכן קיעווער וואָיעוואָדע, איז געזעסן דער אומגליקלעכער קרוין־שענקער: זיין גרויער קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט! די הענט האָבן אים אַראָפּגעהאַנגען, און פון מויל האָבן זיך אַרויסגע־ ריסן ווערטער, וועלכע זענען איבערגעהאַקט געוואָרן דורך אַ שלוכצן:

— גאָט! פאַר מיינע זינד בין איך מקבל באהבה די יסורים.

דער זקן האָט געקאָנט וועקן רחמנות אפילו אין אַ שטיי־ נערנעם האַרץ, אָבער דער המון איז בטבע אומברחמנותדיק, און דעריבער איז אויפסניי אַנטשטאַנען אַ רעש, אָבער מיט אַמאָל האָט דער קיעווער וואָיעוואָדע זיך אויפגעשטעלט, געבנדיק מיט דער האַנט אַ צייכן, אַז ער וויל ריידן.

געווען איז דאָס יערעמיס באַגלייטער אין זיינע נצחונות און דערפאַר האָט מען אים גערן אויסגעהערט.

דער קיעווער וואָיעוואָדע האָט זיך געווענדעט צום פירשט און מיט די וואַרעמסטע ווערטער אים באַשווירן, אַז ער זאָל פון דער הויפּט־קאָמאַנדע זיך נישט אָפּזאָגן און אָן אַ לאַנגען ישוב־הדעת זיך נעמען מציל־זיין דאָס פאָטערלאַנד. ווען די רע־

פּובליק גייט אונטער מיט די געזעצן שווייגן, זאָל זי געראַטעוועט ווערן ניט דורך אַ באַשטימטן פירער, נור דורך דעם, וואָס איז מער פון אַלע מסוגל זי צו ראַטעווען — „נעם-זשע דו איבער די הויפּט-קאָמאַנדע, אומבאַזיגבאַרער פירער! נעם, ראַטעווע! ניט בלויז די שטאָט, נאָר די גאַנצע רעפּובליק. אָט בעט איך דיך אין איר נאָמען, איך, דער זקן, אינאיינעם מיט מיר אויך אַלע שטאַנדן, אַלע מאַנסבילן, פרויען און קינדער — ראַטעווע! ראַטעווע!"

דאָ האָט געטראָפן אַ פאַל, וועלכער האָט גערירט אַלעמענס הערצער: אַ פרוי אין טרויער איז צוגעגאַנגען צום אַלטאַר, וואַרפנדיק אונטער דעם פירשטס פיס גאָלדענע צירונג און טייערע שטיינער, האָט זי אַנידערגעקניט פאַר אים און כליפּנדיק הויך האָט זי אויסגערופן:

— אונזער האָב און גוטס ברענגען מיר דיר! אונזער לעבן גיבן מיר איבער אין דיינע הענט, ראַטעווע! ראַטעווע! — ווייל מיר קומען-אום!

אויף דעם דאָזיקן אָנבליק האָבן די סענאַטאָרן, די מיליטער לייט און נאָך זיי אויך אַלע מאַסן זיך צוויינט אין אַ הויכן געוויין און נאָר איין קול האָט געהילכט אין דער קירך:

— ראַטעווע!

דער פירשט האָט פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט — און ווען ער האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים און אין זיינע שוואַרץ-אַפּלען האָבן געפינקלט טרערן — האָט ער פונדעסטוועגן זיך נאָך געשלאָגן מיט דער דעה. — וואָס וועט זיין מיטן אָנזען פון דער רעפּובליק, אויב ער וועט אָננעמען די הויפּט-קאָמאַנדע?!

דאָ האָט זיך אויפגעשטעלט דער קרוין שענקער.

— איך בין אַלט — האָט ער געזאָגט — אומגליקלעך און נידערגעשלאָגן. איך האָב דאָס רעכט זיך אָפּצוזאָגן פון דעם עול, וואָס שטייגט אַריבער מיינע כוחות, און אים אַרויפצולייגן אויף יונגערע פּלייצעס. אַ קעגן געקרייצטן גאָט און אַלע ריטער גיב איך דיר איבער דעם קאָמאַנדע שטאַב — נעם אים.

און ער האָט דעם שטאַב דערלאַנגט ווישניאָוויעצקין. אַ ווײַלע האָט אָנגעהאַלטן אַזאַ שטילקייט, אַז מ'האָט געקאָנט הערן אַ פֿליִג דורכפֿליִען, צום סוף האָט אָפּגעהילכט יערעמיס פֿײַערלעכע שטים:

— פֿאַר מײַנע חטאים — נעם איך אָן.

דעמאָלט איז דער עולם ווי משוגע געוואָרן פֿון שמחה. דער המון האָט צובראָכן די באַריער, איז צוגעפֿאַלן צו ווישניאָוויעצקיס פֿיס, האָט געוואָרפֿן טײַערע חפֿצים און געלד. די ידיעה האָט זיך מיט דער שנעלקייט פֿון אַ בליץ צוטראָגן איבער דער גאַנצער שטאָט — די זעלנער זענען פֿון שמחה שיער ניט משוגע געוואָרן און זיי האָבן געשריגן, אַז זיי ווילן גיין אַקעגן כמיעלניצקין, אַ קבֿר די טאָטערס און דעם סולטאַן! — די שטאָט־לײַט האָבן שוין ניט געטראַכט וועגן אונטערגעבן־זיך, נאָר וועגן פֿאַרטיידיקן זיך ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט; די אַרמענער האָבן געגנוויליק געבראַכט געלד אין ראָטהויז נאָך איידער מ'האָט זיי דערצו אויפֿגעפֿאָדערט; די יידן אין שול האָבן אָפּגעריכט דאַנק־תּפֿלות — די האַרמאַטן אויף די מויערן האָבן מיט אַ דונער אָנגעזאָגט די פֿריילעכע בשׂורה; איבער די גאַסן האָט מען געשאָסן פֿון ביקסן און פּיסטאָלעטן. די אויסגעשרייען: „זאָל לעבן!" האָבן ניט אויפֿגעהערט די גאַנצע נאַכט. עמיצער, אַ נישט באַהאַוונטער, וואָלט געמיינט, אַז די שטאָט פֿייערט עפּעס אַ נצחון, אָדער אַ גרויסן יום־טובֿ.

און פֿונדעסטוועגן האָבן דרײַ הונדערט טויזנט שונאים — אַן אַרמיי נאָך אַ גרעסערע פֿון די, וואָס דער דײַטשער קייזער אָדער פֿראַנצויזישער קעניג האָבן געקאָנט אַרויסשטעלן און נאָך אַ ווילדערע פֿון טאַמערלאַנס מחנות — אַ ליאַדע רגע געזאָלט באַלאַגערן די מויערן פֿון דער דאָזיקער שטאָט.

# 10 קאַפּיטל

מיט אַ וואָך שפּעטער, דעם 6 אָקטאָבער באַגינען, האָט זיך איבער לוווו צוטראָגן די אומגעריכטע און גלייך אָבער אויך שרעקלעכע ידיעה, אַז דער פּירעט יערעמי האָט צוזאַמען מיט אַ גרעסערן טייל פון די חיילות פאַרלאָזט די שטאָט בסוד־סודות און איז אַוועק אין אַן אומבאַקאַנטע ריכטונג.

די מאַסן האָבן זיך פאַרזאַמעלט פאַרן אַרציבישקופס פּאַלאַץ — זיי האָבן תחילת נישט געוואָלט גלויבן. די זעלנער האָבן געטענהט, אַז אויב דער פּירשט איז אַרויסגעפאָרן בראש פון אַ מעכטיקן פאָרפּאָסטן, כּדי צו באַקוקן די סביבה. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט (האָט מען געטענהט), אַז די אַנטלאָפענע האָבן פאַרשפּרייט פאַלשע ידיעות אַנזאָגנדיק, אַז כמיעלניצקי און די טאָטערס וועלן אַ ליאַדע רגע אָנקומען, וואָרום אַט זענען שוין זייט דעם 26 סעפּטעמבער אַריבער 10 טעג און דעם שונא זעט מען נאָך נישט. דער פּירשט האָט מסתמא געוואָלט אַליין זיך איבערצייגן וועגן דער סכּנה און נאָכדעם ווי ער וועט חוקר־ודורש זיין, צי די ידיעות זענען ריכטיק וועט ער בלי ספק צוריקקומען. איבעריקנס האָט ער איבערגעלאָזט אַ פּאָר רעגימענטן און צו דער פאַרטיידיקונג איז אַלץ צוגעגרייט.

און אַזוי איז טאַקע באמת געווען. אַלע פאַראָרדנונגען זענען געווען אַרויסגעגעבן, די ערטער באַשטימט, די האַרמאַטן אויסגעשטעלט אויף די שוץ־מויערן. אין אָוונט איז אָנגעקומען דער ריטמייסטער טשיכאָצקי בראש פון פופציק טויזנט דראַגונער, באַלד זענען אים באַפאַלן די גייגעריקע, אָבער ער האָט מיטן המון נישט געוואָלט רעדן — און ער איז גלייך אַוועק צום גענעראַל אַרצישעווסקי; ביידע האָבן גערופן צו זיך גראָזוואַיערן און נאָך אַ באַראַטונג זענען זיי אַוועק אין ראָטהויז. דאָרט האָט

טשיכאָצקי דערקלערט די איבערגעשראָקענע ראַטגעבער, אַז דער פּירשט איז אָפּגעפאָרן און וועט מער נישט צוריקקומען.

אין דער ערשטער רגע זענען אַלע צוטומלט געוואָרן און איין חוצפּהדיק מויל האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „בוגדו!" דעמאָלט אָבער האָט אַרצישעווסקי, אַן אַלטער פּירער, וועלכער האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיינע העלדישע מעשים אין האָלענדישער דינסט, זיך אויפגעשטעלט און זיך געווענדעט צו די מיליטער־לייט און ראַטגעבער מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

— כ'האָב געהערט אַ וואָרט פון לעסטערונג, וואָס הלואי עס וואָלט דאָ דורך קיינעם נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן, ווייל אַפילו די פאַרצווייפלונג קאָן אים אויך נישט רעכטפערטיקן. דער פּירשט איז אַרויסגעפאָרן און וועט נישט צוריקקומען—אַזוי איז עס! אָבער וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר צו פאַרלאַנגען פון פּירער, אויף ווען ס'ליגט דער עול פון ראַטעווען דאָס גאַנצע פאָטערלאַנד, אַז ער זאָל פאַרטיידיקן בלויז אייער שטאָט? וואָס וואָלט געשען, ווען דער יתר־הפליטה פון דער רעפּובליקס כחות וואָלט דאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורכן שונא? סיי לעבנמיטלען און סיי געווער איז דאָ נישט פאַראַן גענוג פאַר אַזאַ גרויסער אַרמיי—און איך מוז אייך זאָגן, און איר מעגט מיר, דעם בעל־נסיון גלויבן, אַז וואָס מער חיילות עס וואָלטן דאָ געווען פאַרשפּאַרט, אַלץ וויניקער צייט וואָלט די פאַרטיידיקונג געקאָנט אָנהאַלטן, ווייל דער הונגער וואָלט אונז גיכער בייגעקומען ווי דער שונא. פאַר כמיעלניצקין איז וויכטיקער די פּערזאָן פון פּירשט, איידער אייער שטאָט, און ווען ער וועט געוואויר־ווערן, אַז דער פּירשט איז דאָ נישטאָ, אַז ער זאַמלט נייע כחות און קאָן קומען צו הילף, וועט ער זיך מיט אייך אַזוי שטרענג נישט באַגיין און מסכים זיין צו פירן מיט אייך אונטערהאַנדלונגען. היינט מורמלט איר, און איך זאָג אייך, אַז פאַרלאָזנדיק די דאָזיקע שטאָט און דראָענדיק כמיעלניצקין פון דרויסן, האָט דער פּירשט מציל געווען אייך און אייערע קינדער. האַלט זיך, פאַרטיידיקט זיך, האַלט־אויף דעם שונא אַ געוויסע צייט און איר וועט אי די שטאָט קאָנען מציל זיין און אי דער רעפּו-

בליק אַ אומפֿערגעסלעכע טובה טון. ווייל דער פּירשט וועט אין משך פֿון דער דאָזיקער צייט צונויפֿקלייבן די כּוחות, די איבעריקע פֿעסטונגען פֿאַרזען, אויפֿדעקן די פֿאַרשטאַרטע רעפּובליק און איילן אייך צו הילף. ער האָט אויסגעקליבן דעם איינציקן וועג צו רעטונג ווייל אויב ער וואָלט דאָ געפֿאַלן צוזאַמען מיטן חייל פֿון הונגער־נויט, וואָלט שוין קיינער מער נישט צוריקגעהאַלטן דעם שונא, וועלכער וואָלט זיך אַוועקגעלאָזט קיין קראָקא, קיין וואַרשא און וואָלט דאָס גאַנצע פֿאָטערלאַנד פֿאַרפֿלייצט און קיינער וואָלט זיך אין ערגיץ אים נישט אַקעגנגעשטעלט. און דערביי, אַנשטאָט צו מורמלען, איילט זיך אויף די מויערן צו פֿאַרטיידיקן זיך אַליין אייערע קינדער, די שטעט און די רעפּובליק.

— אויף די מויערן! אויף די מויערן! — האָבן אַ פּאָר דרייסטערע שטימען איבערגעחזרט.

גראָזוואַיער, אַן ענערגישער און מוטיקער מענטש, האָט זיך אָנגערופֿן:

— עס פֿרייט מיך אייער אַנטשלאָסנקייט און זייט וויסן, אַז דער פּירשט האָט פֿאַר זיין אָפּפֿאָרן אָרגאַניזירט די פֿאַרטיידיקונג יעדער וויס דאָ, וואָס ער האָט צו טון און עס איז געשען דאָס וואָס האָט געמוזט געשען. די פֿאַרטיידיקונג האָב איך אין די הענט און איך וועל זיך פֿאַרטיידיקן ביז צום טויט.

די האָפֿנונג האָט אויפֿסניי באַלעבט די פֿון שרעק פֿאַרשטאַרטע הערצער — און זעענדיק דאָס, האָט טשיכאָצקי צום סוף זיך אָנגערופֿן:

— דער גנעדיקער הער פּירשט לאָזט אייך מודיע זיין, אַז דער שונא איז נאָענט. פּאָרוטשניק סקשעטוסקי האָט מיט זיין פֿליגל זיך אָנגעשטויסן אויף אַ צוויי־טויזנט־קעפּיקע קאָזאַקן מחנה, וועלכע ער האָט צוקלאַפּט. די געפֿאַנגענע זאָגן, אַז אַ מוראדיקע מאַכט גייט הינטער זיי.

די דאָזיקע ידיעה האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם; אַ ווייַלע איז געווען שטיל, אַלעמענס הערצער האָבן גענומען שטאַרקער קלאַפּן.

— אויף די מויערן! אויף די מויערן! — האָבן איבער־געחזרט די אָפיצירן און שטאָט־לייט.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ ליאַרם פון דרויסן; עס האָט זיך דערטראָגן אַ געמיש פון טויזנטער קולות, וועלכע האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין אומפערשטענדליכן רעש, וואָס איז געווען ענלעך אויפן גערויש פון ים־כוואַליעס — מיט אַמאָל האָט זיך די טיר פון זאַל אויפגעפראַלט מיט אַ געפילדער, עס זענען אריינגעפאַלן אַ פאָר צענדליק שטאָט־לייט און נאָך איידער די פאַרזאַמלטע האָבן געהאַט צייט צו פרעגן, וואָס עס איז גע־שען — האָבן זיך דערהערט אויסרופן:

— פלאַמען אויפן הימל! פלאַמען אויפן הימל!

— ס׳איז געשען! — האָט גראַזאַיער געזאָגט — אויף די מויערן!

דער זאַל איז פוסט געוואָרן — אין אַ ווייל אַרום האָט דאָס קנאַלן פון די האַרמאַטן אויפגעטרייסלט די מויערן פון דער שטאָט, אָנזאָגנדיק די איינוואוינער פון דער שטאָט גופא, פון די פאָרשטעט און אַרומיקע דערפלעך, אַז דער שונא איז אָנגעקומען.

אויפן מזרח איז דער הימל געווען באַדעקט מיט אַ רויט־קייט אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט — וואָלסט גע־מיינט: אַ ים פון פייער האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט.

דער פירשט האָט דערוויייל זיך געלאָזט קיין זאַמאָשטש און נאָכדעם ווי ער האָט אויפן וועג צוקלאַפּט די קאָזאַקן־מחנה, וועגן וועלכער טשיכאָצקי האָט דערציילט די שטאָט־לייט, האָט ער זיך פאַרנומען מיט דער פאַרבעסערונג און פאַרזאָרגונג פון דער דאָזיקער פון נאַטור מעכטיקער פעסטונג, וועלכע ער האָט טאַקע אין משך פון אַ קורצער צייט באַפעסטיקט נישט צום בייקומען. סקשעטוסקי, צוזאַמען מיטן הער לאָנגין און אַ טייל פון פאָלק, איז געבליבן אין דער פעסטונג, ביים הער ווייהער, און דער פירשט האָט זיך געלאָזט קיין וואַרשע, כּדי צו באַ־קומען פון סיים מיטלען אויף צו פאַרזאָרגן זיך מיט פרישע חיילות און צו דער זעלבער צייט צו באַטייליקן זיך אין די

וואַלן פֿון אַ מלך. ווייל אויב דער קרוין־פּרינץ קאַראָל וואָלט אויסגעקליבן געוואָרן וואָלט דעמאָלט די מלחמה־פּאַרטיי באַקומען די אויבער־האַנט — דער פּירשט אואָלט געקריגן די הויפּט־קאָמאַנדע פֿון אַלע חיילות פֿון דער רעפּובליק און עס וואָלט געמוזט קומען צו אַ גענעראַל־שלאַכט אויף טויט און אויף לעבן מיט כמיעלניצקין. דעם קרוין־פּרינץ קאַזשימיערזש, הגם ער האָט געהאַט אַ שם פֿון אַ גבור און מלחמה־מאַן, האָט מען מיט רעכט געהאַלטן פֿאַר אַן אָנהענגער פֿון קאַנצלער אָסאָלינסקיס פּאָליטיק, פֿון דער פּאָליטיק פֿון אונטערהאַנדלונגען מיט די קאָזאַקן און באַדייטנדיקע הנחות פֿאַר זיי. ביידע ברידער האָבן נישט געקאַרגט קיין הבטחות און זיך באַמיט צו געווינען אָנהענגער — און אַזוי ווי די כּחות פֿון ביידע פּאַרטייען זענען געווען גלייך האָט קיינער נישט געקאָנט פֿאָרויסזען דעם רעזולטאַט פֿון די וואַלן. די אָנהענגער פֿון קאַנצלער האָבן מורא געהאַט, אַז ווישניאָוויעצקי זאָל אַ דאַנק זיין כּסדר וואַקסנדיקן שם און ליבע, וואָס די ריטער און שלאַכטע האָבן צו אים געפֿילט, ניט מכריע זיין לטובת קאַראָלן, און דער פּירשט האָט טאַקע דעריבער געוואָלט פּערזענלעך אונטערשטיצן זיין קאַנדידאַט. דערפֿאַר האָט ער זיך אין אַ איילנדיקן מאַרש געלאָזט קיין וואַרשע, שוין אַ זיכערער, אַז זאַמאָשטש וועט בכּח זיין לאַנג זיך אַקעגנצושטעלן כמיעלניצקיס און דעם קרימער כאַנס גאַנצער מאַכט. לוווו האָט מען כמעט אָן שום ספק געקאָנט האַלטן פֿאַר גערעטעט, ווייל כמיעלניצקי האָט בשום אופֿן נישט געקאָנט לאַנג פֿאַרברענגען ביים איינגעמען די דאָזיקע שטאָט, האָבנדיק פֿאַר זיך דאָס מעכטיקערע זאַמאָשטש, וועלכעס האָט אים פֿאַרשטעלט דעם וועג צום האַרץ פֿון דער רעפּובליק. די דאָזיקע געדאַנקען האָבן אויפֿגעמונטערט דעם פּירשטס געמיט און אַריינגעטריפֿט מוט אין זיין האַרץ, וועלכעס איז געווען פֿאַרוויסטיקט צוליב די שרעקלעכע קלעפּ, וואָס דאָס לאַנד האָט געליטן. ער איז אויך געווען זיכער, אַז ווען אַפֿילו קאַזשימיערזש וועט אויסגעקליבן ווערן, איז שוין די מלחמה אוממײַדלעך און די שרעקלעכע מרידה וועט מוזן דערטרונקען ווערן אין אַ ים בלוט. ער האָט

געהאָפֿט, אַז די רעפּובליק וועט נאָך אַמאָל אַרויסשטעלן אַ מעכ־טיקע אַרמײ — ווייל די אונטערהאַנדלונגען וואָלטן אויך געווען באַר אויף אַזוי פֿיל מעגלעך, אויף וויפֿיל עס וואָלט זיי אונטער־שטיצט אַ מעכטיקע אַרמײ.

איינגעוויגט דורך די דאָזיקע געדאַנקען איז דער פֿירשט געפֿאָרן אונטערן שוץ פֿון אַ פּאָר פּאָלקן, האָבנדיק ביי זיך זאַגלאָבאַן און הער וואָלאָדיאָווסקין. דער ערשטער האָט געשווירן מיט אַלע שבועות, אַז ער וועט דורכפֿירן די וואַל פֿון פֿירשט קאַראָל, ווייל ער קאָן רעדן צו די ברידער שלאַכטשיצעס און ווייס ווי אַזוי זיי צוצוציִען—און דער צווייטער האָט אָנגעפֿירט מיט די פּאָלקן, וואָס האָבן באַגלייט דעם פֿירשט. אין שעבעזשצא, נישט ווייט פֿון מינסק, האָט געוואַרט אויפֿן פירשט אַ אומגע־ריכטע, אָבער אָנגענעמע באַגעגניש, ער האָט זיך דאָרט צונויפֿ־געטראָפֿן מיט דער פֿירשטין גריזעלדאַ, וועלכע איז פֿון בריסק דליטא געפֿאָרן קיין וואַרשע זיך באַוואָרנען, ריכטנדיק זיך דער־ביי מיט רעכט, אַז אויך דער פֿירשט וועט דאָרט אַראָפּקומען. זיי האָבן זיך דעריבער האַרציק באַגריסט נאָך דעם לאַנגען נישט זען זיך. די פֿירשטין, הגם זי האָט געהאַט אַ פֿאַרהאַרטעוועטע נשמה, האָט זיך געוואָרפֿן מיט אַזאַ געוויין אין די אָרעמס פֿון מאַן, אַז זי האָט שעהן־לאַנג נישט געקאָנט זיך באַרויִקן. אַך! ווי אָפֿט זענען געווען אַזעלכע מאָמענטן, אַז זי האָט זיך שוין נישט געריכט אים מער צו דערזען, און דערווייל האָט גאָט גע־האָלפֿן, אַז ער איז צוריקגעקומען נאָך מער באַרימט ווי ווען עס איז, אַרומגערינגלט פֿון אַזאַ קליִנגנדיקן שם, וועלכער האָט נאָך קיינעם פֿון זיין משפּחה נישט באַשטראַלט, דער גרעסטער פֿון אַלע פֿירער, די איינציקע האָפֿנונג פֿון דער גאַנצער רעפּובּ־ליק. אָפּרייסנדיק זיך יעדע ווייַלע פֿון זיין ברוסט, האָט די פירשטין דורך טרערן געקוקט אויף דעם דאָזיקן דאַרן, פֿאַר־שוואַרצטן פּנים, אויף דעם דאָזיקן הויכן שטערן, אין וועלכן די דאגות און די מי האָבן אויסגעאַקערט טיפֿע קנייטשן, אויף די פֿון נישט שלאָפֿן רויט־געוואָרענע אויגן, און זי האָט זיך אויפֿס־ניי באַגאָסן מיט טרערן, און אַלע הויף־דאַמען האָבן מיט איר

מיטגעווייַנט פון טיפער געריַרטקייט. — ערשט נאָכדעם ווי דאָס פירשטלעכע פּאָר האָט זיך ביסלעכווייַז באַרויִקט זענען זיי אַוועק אין די אָרטיִקע קירך און דאָרט האָט מען זיך געגומען אויס־פרעגן וועגן פריינט, הויף־לייט און ריטער, וועלכע האָבן ווי געהערט צו דער משפחה און מיט וועלכע ד״ר אָנדענק וועגן לובני איז געווען אַזוי ענג פאַרקניפּט. קודם־כל האָט דער פירשט באַרויִקט די פירשטין, וועלכע האָט צוערשט זיך נאָכגעפרעגט וועגן הער סקשעטוסקין, דערקלערנדיק, אַז ער איז נאָר דערפאַר פאַרבליבן אין זאַמאָשטש, ווייל ער האָט איִן די צרות, וואָס גאָט האָט איִם באַשערט, נישט געהאָלט זיך אַריינוואַרפן אין טומל פון דער הויפּט־שטאָט און בעסער געוואָלט היילן די ווונדן פון זיין האַרץ דורך דער האַרבער מלחמה־דיִנסט און דורך אַרבעט. דערנאָך האָט דער פירשט פאָרגעשטעלט דעם הער זאַגלאָבאַ און דערציילט וועגן זיינע מעשים. „דאָס איז אַ מענטש, וואָס האָט גאָר קיין גלייכן נישט, האָט ער געזאָגט, ער האָט נישט בלויז דאָס פריילין קורצעוויטש אַרויסגעריִסן פון באָהונס הענט, נאָר זי אויך דורכגעפיִרט דורך די לאַגערס פון כמיעל־ניצקין און די טאָטערס, און דערנאָך האָט ער צוזאַמען מיט אונז מיט דער גרעסטער העלדישקייט זיך געשלאָגן ביי קאָנס־טאַנטינוֹוו״.—הערנדיִק דאָס האָט די פירשטין נישט געקאַרגט קיין לויב־ווערטער דעם הער זאַגלאָבאַ, האָט אים אַ פּאָר מאָל דער־לאַנגט די האַנט צום קושן און צוגעזאָגט אין אַ פּאַסיקער צייט נאָך אַ בעסערע באַפרידיקונג. — און „דער מענטש, וואָס האָט נאָר זיין גלייכן נישט״ האָט זיך פאַרנייגט, ג״מאַכט אַן אָנשטעל פון אַ ענו, דאָ ווידער פון זיך געבלאָזן אין געוואָרפן אַן אויג אויף די הויף־דאַמען, ווייל הגם ער איז געווען אַלט און האָט אויף קיין סך נחת פון ווייסן מין זיך נישט געריכט, איז אים פונדעסטוועגן אָנגענעם געווען, וואָס די דאַמען האָבן אַזוי־פיל געהערט וועגן זיינע גבורות און מעשים. עס האָט אָבער אויך נישט געפעלט קיין צער אין דעם דאָזיקן פריילעכן קבלת־פנים, ווייל שוין אָפּגערעט דערפון, וואָס דאָס פאָטערלאַנד האָט אי־בערגעלעבט אַזעלכע שווערע צייטן, האָט דער פירשט אַזוי פיל

מאָל, אויף די פראַגן פון דער פירשטין וועגן פאַרשיידענע באַקאַנטע ריטער, געגעבן אַ תשובה: „דערהרגעט, דערהרגעט, אומגעקומען" — דערביי האָבן אויף די פריילינס געקליפּעט, ווייל נישט איין טייערער נאָמען איז צווישן די אומגעקומענע אויסגערעכנט געוואָרן.

אַזוי האָט זיך שמחה געמישט מיט צער, טרערן מיט געלעכטער. אָבער פון אַלע איז געווען פאַראומערט דער קליינער הער וואָלאָדיאָווסקי, ווייל אומזיסט האָט ער זיך אומגעקוקט און אויף אַלע זייטן די אויגן געוואָרפן — דאָס פריילין־פירשטין באַרבאַראַ איז אין ערגיץ נישט געווען. אמת, אין דער מלחמה, אין די שטענדיקע שלאַכטן, צוזאַמענשטויסן און מאַרשן האָט דער דאָזיקער ריטער שוין געהאַט זי אַביסל פאַרגעסן, ווייל בטבע איז ער געווען עלול פונקט אַזוי לייכט צו פאַרגעסן זיין ליבע ווי לייכט ער איז געווען עלול זיך צו פאַרליבן, אָבער איצט, אַז ער האָט ווידער דערזען די הויף־דאַמען, ווען עס האָט זיך פאַר זיינע אויגן ווי לעבעדיק געשטעלט דאָס לובניער לעבן, האָט ער זיך געטראַכט, אַז עס וואָלט אים ליבער געווען איצט, אין דער אָפּרו־צייט, ווידער דערפרייען דאָס האַרץ מיטן אָנבליק פון זיין געליבטער. ווען אָבער דאָס איז נישט געשען און דאָס ליבע־געפיל האָט ווי אויף להכעיס אין אים אויפסניי דערוואַכט, האָט זיך הער וואָלאָדיאָווסקי דאָס שטאַרק גענומען צום האַרצן און געהאַט אַ פּנים פון אַ מענטש, וואָס אַ גאָס־רעגן האָט אים אָפּגעצוואָגן. דעם קאָפּ האָט ער אַראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט, די וואָנסעלעך, וועלכע זענען געווײנלעך געווען אַרויפגעדרייט, אַז זיי האָבן אַזש געגרייכט ביז צו די נאָז־לעכער, ווי ביי אַ כראַבאָנטש, האָבן איצט אויך אַראָפּגעהאַנגען, די פאַרריסענע נאָז האָט זיך אויסגעצויגן, פון פּנים איז פאַרשוווּנדן די געווײנלעכע לוסטערקייט און ער איז געשטאַנען אַ שטילשווייגנדיקער און האָט זיך אפילו נישט גערירט, ווען דער פירשט האָט גענומען לויבן זיין גבורה און אומגעווײנלעכע מעלות. וואָרום וואָס פאַר

אַ חשבֿות האָבן געהאַט פֿ ר אים אַלע לויב-רייד, אויב זי האָט זיי נישט געקאָנט הערן?

ביז עס האָט זיך איבער אים דערבאַרעמט אַנושאַ באַזשאַ-באַהאַטאַ און הגם זיי זענען צווישן זיך געווען קדער-חידער, האָט זי באַשלאָסן אים צו טרייסטן. צו דעם צוועק האָט זי, וואָרפֿנדיק מיט די אויגן צו דער פֿירשטין, זיך געלאָזן צוגע-רוקט צום ריטער און צום סוף איז זי געשטאַנען האַרט נעבן אים.

— אַ גוטן מאָרגן אייך, מיין הער — האָט זי געזאָגט — מיר האָבן זיך שוין לאַנג נישט געזען.

— אַ, פֿריילין אַננאַ — האָט הער מיכאַל מרה-שחורה-דיק געענטפֿערט — אַ סך וואַסער איז אָפּגעפֿלאָסן און איך נישט פֿריילעכע צייטן זענען מיר זיך ווידער — און נישט אַלע.

— אַוודאי נישט אַלע, אַזוי פֿיל ריטערס זענען געפֿאַלן!

דאָ האָט אַנושא אָפּגעזיפֿצט, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי ווייטער געזאָגט:

— אויך פֿון אונדז פֿעלן אַ פּאָר, ווייל פֿריילייך סיענטעט האָט חתונה געהאַט, און די פֿירשטין באַרבאַרא איז געבליבן ביי דער פֿרוי פֿון ווילנער וואָיעוואָדע.

— און וועט מסתּמא אויך חתונה-האָבן?

— ניין, זי טראַכט וועגן דעם נישט אַזוי שטאַרק. אָבער פֿאַרוואָס פֿרעגט איר וועגן דעם?

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט אַנושא האַלב-פֿאַרמאַכט אירע שוואַרצע אויגעלעך, אַזוי, אַז עס זענען געבליבן אָפֿן נאָר שמאָלע שפּאַרעלעך או זי האָט טיף פֿון הינטער די ווימערן געקוקט אויפֿן ריטער.

— צוליב פֿריינטשאַפֿט צו דער פֿאַמיליע — האָט הער מיכאַל געענטפֿערט.

און אַנושאַ האָט זיך דערויף אָנגערופֿן:

— און איר האָט רעכט, ווייל הער מיכאַל האָט טאַקע איין דער פֿירשטין באַרבאַרא אַ גרויסע פֿריינטין. נישט איינמאָל האָט זי געפֿרעגט, ווו איז ער מיין ריטער, וועלכער האָט אויפֿן טורניר

אין לובני: אַממערסטן טערקישע קעפּ אַראָפּגעוואָרפן, פּאַרוואָס איך האָב אים געגעבן אַ מתּנה? — וואָס מאַכט ער? צי לעבט ער נאָך און צי געדענקט ער נאָך אונז?

הער מיכאַל האָט מיט דאַנק אויפגעהויבן די אויגן אויף אַנושאן און זיך דערפרייט, דערביי האָט ער אָבער אויך באַמערקט, אַז אַנושא איז זייער שיין געוואָרן.

— האָט די פירשטין באַרבאַרא באמת אַזוי געזאָגט? — האָט ער געפרעגט.

— ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקע — און זי האָט נאָך דערמאָנט, ווי אַזוי איר זענט צוליב איר איבערן גראָבן געשפּרונגען, דעמאָלט, ווען איר זענט אין וואַסער אַריינגעפאַלן.

— און וווּ איז איצט די פרוי פון ווילנער וואָיעוואָדע?

— זי איז געווען מיט אונז אין בריסק, און מיט אַ וואָך צוריק איז זי געפאָרן קיין ביעלסק, פון וואַנען זי וועט אָנקומען קיין וואַרשע.

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט אַ צווייט מאָל אַ קוק געטון אויף אַנושאן און שוין נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן.

— און פריילין אַננאַ — האָט ער געזאָגט — איז שוין אַזוי שיין געוואָרן, אַז די אויגן טוען אַזש וויי קוקנדיק אויף איר.

דאָס מיידל האָט מיט דאַנק אַ שמייכל געטון.

— הער מיכאַל זאָגט נאָר אַזוי, כּדי מיך צו חנפענען.

— כ'האָב אַנומעלט געוואָלט — האָט געזאָגט דער ריטער, בויגנדיק מיט די אַקסלען — גאָט איז אַ עדות, כ'האָב געוואָלט און נישט געקאָנט, און איצט ווינטש איך דעם הער פּאָדביפּיענטאַ, אַז ער זאָל האָבן מער מזל.

— און וווּ איז הער פּאָדביפּיענטאַ — האָט אַנושאַ שטיל געפרעגט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגעלעך.

— אין זאַמאָשטש מיט סקשעטוסקין; ער איז שוין געוואָרן נאַמיעסטניק אין פּאָלק און מוז דערפילן זיין דינסט, אָבער ווען ער וואָלט געוווסט וועמען ער וועט דאָ דערזען, אָ! ווי אַ גאָט איז אין הימל, ער וואָלט גענומען אַ דערלויבניש און צו־

זאַמען מיט אונז געאײַלט אַהער מיט גרויסע שריט. דאָס איז אַ גרויסער ריטער, וואָס פאַרדינט די גרעסטע צוגענייגטקייט.

— און אין דער מלחמה... איז אים גאָרנישט געשען?

— עס דוכט זיך מיר, אַז נישט וועגן דעם ווילט איר פרעגן, נאָר וועגן די דריי קעפ, וואָס ער האָט בדעה געהאַט אָפּצוהאַקן?

כ'גלויב נישט, אַז ער האָט באמת דאָס בדעה געהאַט.

— און פונדעסטוועגן זאָלט איר גלויבן, פרײַליין, ווײַל אָן דעם וועט גאָרנישט זײַן. און ער פילט זיך טאַקע נישט צו זוכן אַ שעת־הכושר, קיין מאָכנאָווקא זענען מיר אַזש געפאָרן באַ־קיקען דאָס אָרט, ווו ער האָט זיך געשלאָגן צווישן המון, און דער פירשט גופא איז אויך מיט אונז געפאָרן, און איך מוז אײַך זאָגן, פרײַליין, אַ סך שלאַכטן האָב איך געזען, אָבער אַ־זעלכע יאַטקעס וועל איך שוין אין מײַן לעבן קיינמאָל מער נישט זען. ווען ער גאַרטלט זיך אַרום מיט אײַער באַנד צו דער שלאַכט, איז אַ מורא צוצוקוקן, וואָס ער טוט אָפּ. ער וועט געפינען זײַנע דריי קעפ, זײַט רויק, פרײַליין.

— זאָל יעדער געפינען, וואָס ער זוכט — האָט אַנושא געזאָגט מיט אַ זיפץ.

נאָך איר האָט הער וואָלאָדיאָווסקי אָפּגעזיפצט און אויפ־געהויבן די אויגן אין דער הויך, דאָ אָבער האָט ער מיט פאַר־וווּנדערונג אַ קוק געטון אין אַ ווינקל פון שטוב.

פון דעם דאָזיקן ווינקל האָט געקוקט אויף אים עפּעס אַ פײַן דערהיצט פנים, וועלכעס איז אים געווען אינגאַנצן אומ־באַקאַנט. באַוואָפנט איז דאָס פנים געווען מיט אַ געוואַלדיקער נאָז און לאַנגע געדיכטע וואָנסעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי 2 בעזימס און האָבן זיך שנעל באַוועגט ווי פון אַ דערשטיקטן כעס.

די דאָזיקע נאָז, די דאָזיקע אויגן און וואָנסעס האָבן גע־קאָנט אָנוואַרפן אַן אימה, אָבער דער קליינער הער וואָלאָדיאָווו־סקי האָט זיך אַזוי לײַכט נישט געלאָזט פאַרטומלען, האָט־

נאָר ווי געזאָגט, זיך פֿאַרחידושט און ווענדנדיק זיך צו אַנושאַן געפֿרעגט.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַנפּש, אָט דאָרט אין ווינקל, וואָס קוקט אויף מיר אַזוי, גלייך ווי זי וואָלט מיך וועלן איינשלינגען אַזוי גרויס ווי איך בין, און באַוועגט מיט די וואָנסעס פונקט ווי אַן אַלטע קאַץ בעת דער תּפֿלה.

— יענער? — האָט אַנושא געזאָגט, אַנטפּלעקנדיק די ווייסע ציינדלעך — דאָס איז הער כאַרלאַמפּ?

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ געצן-דינער?

— דאָס איז ניִשט קיין געצן-דינער. נאָר אַ פּעטיאָהאָרסקער ריטמייסטער פֿון הער ווילנער וואָיעוואָדעס פּאָלק, וועלכער באַגלייט אונז אַזש ביז וואַרשא און דאָרט זאָל ער וואַרטן אויפֿן וואָיעוואָדע. זאָל הער מיכאַל אים ניִשט קריכן אין וועג אַריין, ווייל דאָס איז אַ גרויסער מענטשן-פֿרעסער.

— כ׳זע דאָס, כ׳זע. אָבער קוים איז דאָס אַ מענטשן-פֿרעסער — זענען דאָך פֿאַראַן פֿעטערע פֿון מיר, פֿאַרוואָס שאַרפֿט ער די ציין אויף מיר און ניִשט אויף אַנדערע?

— ווייל... — האָט אַנושא געזאָגט און זיך אין דער שטיל צולאַכט.

— ווייל וואָס?

— ווייל ער איז אין מיר פֿאַרליבט און האָט מיר אַליין געזאגט, אַז יעדן, וואָס וועט צו מיר צוגיין, וועט ער צוהאַקן אויף שטיקער, און איצט גלויבט מיר, אַז נאָר צוליב די פּירשטין, וואָס געפֿינען זיך דאָ, האַלט ער זיך צוריק, אַנדערש וואָלט ער באַלד געזוכט אַ תּירוץ זיך צוצוטשעפּן.

— האָסטו דיר!—האָט הער וואָלאָדיאָווסקי פֿריילעך אויסגערופֿן — אַזוי גאָר, פֿריילין אַננאַ? אַ! ניִשט בחנם, ווי כ׳זע, האָבן מיר געזונגען: „ווי אַ טאָטערישע מחנה נעמסטו די הערצער געפֿאַנגען!” געדענקט איר, פֿריילין? קאָנט איר, הייסט עס, זיך ניִשט היִרן, אַז עמיצער זאָל זיך אין אייך באַלד ניִשט פֿאַרליבן!

— אזוי איז שוין מיין של־ממזלו! — האָט אַנושאַ געענטפערט, פאַרפלאָנדיק די אויגעלעך.

— ע, פריילין אַננאַ, איר זענט אַ צבועה! און וואָס וועט דערצו זאָגן הער לאַנגינוס?

וואָס בין איך דען שולדיק, וואָס דער דאָזיקער הער כאַרלאַמפּ פאַרפאָלגט מיך; איך לייד אים נישט און קאָן אויף אים נישט קוקן!

— נו, נו! זעט פריילין, אַז עס זאָל זיך צוליב אייך קיין בלוט נישט גיסן. פאָדביפּיענטאַ — איז כאָטש לייג אים צו צו אַ כּכּה, אָבער אין זאַכן פון געפיל איז אַ סכּנה מיט אים צו טרייבן קאַטאָוועס.

— זאָל ער אים די אויערן אָפּשניידן, כ׳וועל נאָך זיין צופרידן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זי זיך אַ דריי־אום געטון ווי אַ טרינדערל און האָט זיך אַ לאָז געטון אין די צווייטע זייט פון שטוב צום הער קאַרבאָני, דער פירשטינס דאָקטאָר, מיט וועלכן זי האָט גענומען עפּעס לעבעדיק זיך שושקען און שמועסן, און דער איטאַליענער האָט אַריינגעשטעקט די אויגן אין סופיט, גלייך ווי ער וואָלט באַקומען עלית־נשמה.

דערווייל איז זאַגלאָבאַ צוגעגאַנגען צו וואָלאָדיאָווסקין און גענומען לוסטיק פינטלען מיט זיין געזונטן אויג.

— הער מיכאַל — האָט ער געפרעגט — און וואָס איז דאָס פאַר אַ פויגל?

— פריילין אַננאַ באָזשאָבאָהאַטאַ־קראַשענסקאַ, ערן־דאַמע פון דער פירשטין.

— אַ שיין בעסטיעלע, די אויגן ווי שאַרפע פיילן, דאָס פיסקל ווי געמאָלט, און דאָס העלדזל — אוף!

— נישקשה, נישקשה!

— מזל־טוב אייך, מיין הער!

— לאָזט בעסער צרו. דאָס איז הער פאָדביפּיענטאַס כּלה, אָדער כמעט אַ כּלה.

— הער פאָדביפּיענטאַס? וואָס רעט איר? ער האָט דאָך אַ

נדר געטון צו לעבן אין פּרישות. און אַ חוץ דעם, איז דאָך אַזאַ גרויסער חילוק אין זייער וווקס, סיידן ער וועט זי פּראָגן אונטערן קאָלנער; אויף די וואָנסעס וואָלט זי זיך אים געקאָ:ט זעצן—וואָס פֿאַלט אייך איין?

— עי, זי וועט אים נאָך בייקומען. הערקולעס איז געווען שטאַרקער, און פונדעסטוועגן האָט אים אַ פרוי געפאַנגען אין איר נעץ.

— זי זאָל אים נאָר קיין צונג נישט אַרויסשטעקן, הגם איך וועל דער ערשטער זיך וועגן דעם באַמיען, ווי מיין נאָמען איז זאַגלאָבאַ.

— עס וועלן נאָך זיין אַ סך אַזעלכע ווי איר, הגם אי תּוך גענומען איז דאָס אַ לייטיש מיידל און פון אַ יחוסדיקער אָפּשטאַמונג. זי איז לייכטזיניק, ווייל זי איז יונג און שיין.

— איר זענט אַ פיינער ריטער און דערפאַר לויבט איר זי. אָבער דאָס איז שוין איינמאָל אַ פייגעלע.

— די שיינקייט צ:ט-צו דעם מענטשן, אָט דער דאָזיקער ר:טמייסטער, למשל, זאָגט מען, איז א:ן א:ר שרעקלעך פאַר־ל:בט.

— אַזוי? אָבער ג:ט נאָר אַ קוק אויף דעם דאָז:קן ראָב, מ:ט וועלכן ז: שמועסט — וואָס א:ז דאָס פאַר אַ שד?

— דאָס א:ז דער א:טאַליענער קאַרבאָנ:, דער פ:רשט:נס דאָקטאָר.

— באַטראַכט נאָר, הער מ:כאַל, וו: ד: לאַמטערן האָט ז:ך א:בם צופלאַמט און וו: ער דרייט מ:ט ד: של:פּעס, וו: א:ן קדחת. עי! שלעכט מ:טן הער לאָנג:ן? איך ב:ן דערויף אַ שט:־קעל מב:ן, ווייל א:ן דער יוגנט ב:ן א:ך נ:שט איינמאָל דערמ:ט געפּרווט געוואָרן. א:ן אַן אַנדערער צייט מוז א:ך אייך דערציי־לן אַלע מיינע א:בערלעבענ:שן, אָבער אויב א:ר האָט חשק טאָ הערט מ:ך שוין א:צט אויס.

הער זאַגלאָבא האָט גענומען עפּעס שעפּטשען דעם קליי־נעם ריטער א:ן אויער אַריין און פ:נטלען מ:ט ד: אויגן שטאַר־קער וו: געוויינלעך, אָבער ב:ני-לב:נ: א:ז געקומען ד: צייט אָפּ־

צופֿאָרן. דער פֿירשט האָט זיך אַריינגעזעצט מיט דער פֿירשטין אין די קאַרעטע, כדי צו קאָנען אויפֿן וועג זיך פֿריי אויסשמועסן מיט איר נאָך דעם לאַנגן ניט-זען-זיך; די פֿריילײַטס האָבן פֿאַרנומען די קאָטשן און די ריטערס האָבן זיך געזעצט אויף די פֿערד — און מען האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. צוערשט זיינען געפֿאָרן די הויף-לייט, און דאָס חייל איז געפֿאָרן פֿון דער ווייטנס פֿון הינטן, ווייל דאָס לאַנד איז דאָ געווען רויק און די פֿאָלקן זענען נויטיק געווען פֿון כבוד וועגן, און ניט פֿון זיכערקייט-וועגן. זיי זענען געפֿאָרן פֿון שענניצא קיין מינסק, און פֿון דאָרט קיין וואַרשע, ווי דער מנהג איז דעמאָלט געווען, זיך אָפּט אָפּגעשטעלט אויף פּאַשע. דער שליאַך איז געווען אַזוי פֿול-געפּאַקט, אַז מ'האָט קוים געקאָנט שריט ביי שריט זיך רוקן ווייטער. אַלץ איז געפֿאָרן צו די וואַלן — פֿון די אַרומיקע געגנטן און פֿון דער ווייטער ליטע; דאָ אין דאָרט האָט מען דעריבער באַגעגנט שררהשע הויפֿן, גאַנצע מחנות פֿון באַגילטע קאַרעטעס, אַרומגערינגעלט מיט הייידוקעס, ריזיקע פּאַיוקעס, אין טערקישע הלבשות, הינטער זיי האָבן מאַרשירט די הויף-ראָטעס, דאָ אונגאַרישע, דאָ דייטשע, דאָ יאַנטשאַרישע, דאָ קאָזאַקישע אָפּטיילונגען, דאָ צום סוף פֿאָלקן פֿון די אומפֿאַרגלייכלעכע פּוילישע רייטער. יעדער פֿון די חשובים האָט זיך באַמיט צו באַווייזן אין דער גרעסטער פּראַכט און מיט אַ וואָס גרעסערער באַגלייטונג נעבן די גרויסע רייטער-פֿאָלקן פֿון די מאַגנאַטן, האָבן אויך מאַרשירט די קלענערע פֿאָלקן פֿון די פּאָוויאַטאָווע באַאַמטע. יעדע ווילע האָבן זיך פֿון די שטויב-וואָלקנס אַרויסגערוקט קאַרעטעס פֿון די שלאַכטשיצעס, באַשלאָגן מיט שוואַרצן לעדער, געשפּאַנט אין צוויי אָדער פֿיר פֿערד, און אין יעדער קאַרעטע איז געזעסן אַ שלאַכטשיץ מיט אַ קרוציפֿיקס אָדער אַ בילד פֿון דעם הייליקסטן פֿריילין, וואָס האָט געהאָנגען אויף אַ זיידענעם באַנד ביים האַלז, אַלע זענען געווען באַוואָפֿנט: אַ ביקס אויף איין זייט פֿון געזעס, אַ שווערד אויף דער צווייטער זייט, און ביי די ווירקלעכע, אָדער געוועזענע מיליטער-לייט האָט הינטערן געזעס אַרויסגעשטעקט אויך אַ

שפּיז פֿון צוויי איילן די הויך. הינטער די קאַרעטעס זענען נאָכגעגאַנגען וואָך-הינט אָדער יאַגד-הינט, נישט ווייל מ'האָט זיי געדאַרפֿט, וואָרום מען איז דאָך נישט געפֿאָרן אויף אַ געיעג, נאָר אויף צו פֿאַרווײַלן זייערע האַרן. פֿון הינטן האָבן קנעכט געפֿירט רייט-פֿערד, וואָס זענען געווען באַדעקט מיט דעקן צו שיצן די טייערע געזעסן פֿון רעגן אָדער שטויב, ווייטער האָבן זיך געצויגן סקריפּנדיקע וועגנס מיט רעדער, וואָס זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט געפֿלעכטן, און די וועגנס זענען געווען אָנגעלאָדנט מיט געצעלטן און עסנוואַרג פֿאַר די דינער און האַרן. ווען דער ווינט האָט ווײַלנווייז אַוועקגעבלאָזן דעם שטויב פֿון שליאַך אויף די פֿעלדער האָט זיך דער גאַנצער וועג אַנטפּלעקט און געביטן, ווי אַ הונדערט פֿאַרביקער שלאַנג אָדער ווי אַ באַנד, וואָס איז מייסטערהאַפֿט געוועבט פֿון גאָלד און זיידנס. דאָ און דאָרט האָבן אויפֿן דאָזיקן וועג געשפּילט איטאַליענישע אָדער יאַנטשאַרישע קאַפּעלעס, באַזונדערס פֿאַר די קרוין-חיילות אָדער פֿאַר די ליטווישע פּאָלקן, וועלכע האָבן אויך נישט געפֿעלט אין דעם דאָזיקן המון, און אומעטום איז געווען פֿול מיט געשרייען, טומל, אויסרופֿן, פֿראַגן און קריגערייען, ווען איינע האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פֿאַר די צווייטע.

פֿון צייט צו צייט זענען ריטער און דינער צוגעשפּרונגען אויך צום פֿירשטס מחנה, אויפֿפֿאָדערנדיק אָפּצוטרעטן אָן אַ זייט פֿאַר אַזאַ און אַזאַ זשדון, אָדער פּרעגנדיק ווער עס פֿאָרט. ווען אָבער זיי האָבן באַקומען די תשובה: דער וואָיעוואָדע פֿון רוס! האָבן זיי באַלד צו וויסן געגעבן זייערע האַרן, וועלכע האָבן געלאָזט אַ פֿרייען וועג, אָדער אויב זיי זענען געווען פֿון פֿאָרנט זענען זיי אַראָפּגעפֿאָרן אין אַ זייט, כּדי צו זען די דורכפֿאָרנדיקע מחנה. אויף די פּאַשע-ערטער האָבן זיך צונויפֿגעקליבן די שלאַכטשיצעס און זעלנער, ווילנדיק אָנזעטיקן זייערע נייגעריקע אויגן מיטן אָנבליק פֿון גרעסטן מלחמה-מאַן אין דער רעפּובליק. ס'האָבן נישט געפֿעלט אויך קיין באַגריסונגען, אויף וועלכע דער פֿירשט האָט מיט דאַנק אָפּגעענטפֿערט, איינמאָל צוליב בטבעדיקער מענטשלעכקייט, און צווייטנס ווייל ער האָט מיט דערדאָזיקער

מענטשלעכקייט געוואָלט געווינען אָנהענגער פֿאַרן קרוין-פּרינץ קאַראָל, וועלכע ער האָט טאַקע נישט ווייניק צוגעצויגן בלויז מיט זיין אָנבליק.

מיט דער זעלבער נייגעריקייט האָט מען געקוקט אויפֿן פֿירשטס פֿאָלקן, אויף די „רוטענער״ ווי מ׳האָט זיי גערופֿן, זיי זענען שוין נישט געווען אַזוי אָפּגעריסן און האָבן שוין נישט אַזוי נעבעכדיק אויסגעזען, ווי נאָך דער קאָנסטאַנטינאָווער שלאַכט, ווייל דער פֿירשט האָט איז זאַמאָשטש געגעבן די פֿאָלקן נייע הלבשות. מ׳האָט אָבער אַלץ געקוקט אויף זיי ווי אויף עפּעס אויסטערלישע מעבר-לימדיקע בריאָים, ווייל די איינוווינער פֿון די נאָענטע געגנטן פֿון דער זאַמאָשטשער פֿירשט האָבן געמיינט, אַז זיי זענען געקומען פֿון עק וועלט. און מ׳האָט זיך טאַקע אָנדערציילט נסים-ונפֿלאות וועגן די סודותפֿולע סטעפּעס און וועלדער, אין וועלכע עס ווערן געבוירן אַזעלכע ריטער, מ׳האָט באַוווּנדערט זייער טונקל-ברוינע הויט וואָס איז אָפּגעברענט געוואָרן פֿון די ווינטן פֿון שוואַרצן ים, די גדלות פֿון זייער בליק און די ווילדקייט פֿון זייער ב נ מען-זיך, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פֿון די ווילדע שכנים.

אָבער מער פֿון אַלע, נאָכן פֿירשט, האָט צו זיך צוגעצויגן די אויגן הער זאַגלאָבאַ. און זעענדיק, ווי ער ווערט פֿון אַלעמען באַוווּנדערט, האָט ער געקוקט מיט אַזאַ גאווה און גדלות, האָט אַזוי אימהדיק געדרייט מיט די אויגן, אַז מ׳האָט באַלד גענומען שושקען זיך אין המון: „אָט דער מוז זיין דער השובסטער ריטער צווישן זיי״ און אַנדערע האָבן געזאָגט. „ווער ווייס וויפֿיל נשמות ער האָט שוין אַרויסגעטריבן פֿון די קערפּערס, אַזאַ בייזער שלאַנג״ — און ווען אַזעלכע ווערטער זענען דערגאַנגען צו הער זאַגלאָבאַס אויערן האָט ער זיך באַמיט מיט אַ נאָך גרעסערער בייזקייט צו פֿאַרדעקן זיין אינערליכן נחת-רוח.

פֿון צייט צו צייט האָט ער זיך אָנגערופֿן צום המון אָדער חוזק געמאַכט. און אַממייסטן פֿון די רעגיסטרירטע ליטווישע פֿאָלקן, נישט איין זעלנער האָט געסאַפּעט פֿון כעס, געקריצט מיט די ציין, זיך געכאַפּט צו דער שווערד, איבערלייגנדיק זיך

אָבער, אַ זעלנער פֿון פֿירשט יערעמיע׳ס פּאָלק דערלויבט זיך דאָס, האָט ער באַין ברירה אַ שפּיי געטון און פֿאַרשוויגן דעם בזיון.

נעענטער צו וואַרשע זענען די מאַסן געוואָרן אַזוי געדיכט, אַז נאָר טריט ביי טריט האָט מען געקאָנט זיך רירן ווייטער. מ׳האָט זיך שוין געקאָנט משער זיין, אַז די צאָל ווייל ער וועט דאָס מאָל זיין גרעסער ווי תמיד, ווייל אַפֿילו די שלאַכטע פֿון די ווייטערע געגנטן אין רוס און ליטע, וועלכע וואָלט מחמת דער ווייטקייט נישט געוועזן קומען בלויז צוליב די וואַלן, איז איצט אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע כדי צו באַוואָרנען דאָס לעבן. און דער טאָג פֿון די וואַלן איז דאָך געוועזן נאָך ווייט, ווייל עס האָבן זיך קוים אָנגעהויבן די ערשטע זיצונגען פֿון סיים; אָבער מען איז געקומען מיט אַ חודש און צוויי חדשים פֿריִער, כדי זיך איינצוואָרדנען אין דער שטאָט, זיך צו ווייזן פֿאַר דעם און יענעם, זיך משתדל צו זיין דאָ און דאָרט וועגן אַ גרעסערן פּאָסטן, צו עסן און צו טרינקען אין די שררהשע הויפֿן און נאָך שניט זיך צו לאָזן ווילגיין אין דער הויפּט-שטאָט.

דער פֿירשט האָט דורך די שויבן פֿון דער קאַרעטע גע-קוקט מיט פֿאַרדרוס אויף די דאָזיקע מאַסן פֿון ריטער, זעלנער און שלאַכטשיצעס, אויף דעם דאָזיקן עשירות און פּראַכט פֿון די מלבושות, טראַכטנדיק זיך, וואָס פֿאַר אַ כוח מ׳וואָלט געקאָנט פֿון זיי שאַפֿן—ווי פֿיל חיילות אַרויסשטעלן! די דאָזיקע רעפּובליק איז דאָך אַזוי שטאַרק, אַזוי גרויס און אַזוי רייך, פֿאַרמאָגט אַזאַ שפֿע פֿון טיכטיקע ריטערס, פֿאַרוואָס איז זי צו דער זעלבער צייט אַזוי אומבאַהאָלפֿן, אַז זי קאָן זיך קיין עצה נישט געבן מיט איין כמיעלניצקין און מיט די טאָטערישע פּרא-אָדמס? פֿאַרוואָס? אויף כמיעלניצקיס הונדערטער טויזנטער וואָלט מען דאָך געקאָנט אַקעגנשטעלן הונדערטער טויזנטער, ווען די דאָזיקע שלאַכטשיצעס, די דאָזיקע זעלנער, די דאָזיקע עשירות און שפֿע, די דאָזיקע פּאָלקן און מחנות וואָלטן וועלן אַזוי דינען דעם כלל, ווי זיי האָבן געדינט דעם פּרט. די גוטע מדות אין דער רעפּובליק גייען-אונטער!—האָט דער פֿירשט געטראַכט—און דער

גרויסער גוף הויבט אָן קאַליע צו ווערן; די אַמאָליקע מסירת־נפש פאַרשווינדט, און דאָס חייל און די שלאַכטע זענען להוט נאָך תענוגים און ווילן זיך מיט מלחמה־ענינים נישט אָפּגעבן! דער פּירשט איז טאַקע געווען גערעכט, אָבער וועגן די חסרונות פון דער רעפּובליק האָט ער געטראַכט נאָר אַלס מלחמה־מאַן און פירער, וועלכער וואָלט אַלע מענטשן וועלן איבערמאַכן אויף זעלנער און מיט זיי מאַרשירן אַקעגן שונא. מסירת־נפש האָט זיך געקאָנט געפינען און האָט זיך טאַקע געפונען, ווען הונדערט מאָל גרעסערע מלחמות האָבן באַדראָט איינגיכן די רעפּובליק. ס'האָט איר נאָך געפעלט עפּעס מער, וואָס דער פירשט־זעלנער האָט אין דער רגע נישט באַמערקט. דערפאַר האָט עס אָבער געזען זיין שונא, דער קרוין־קאַנצלער, וועלכער איז אין מלוכה־ענינים געווען אַ גרעסערער בקי ווי יערעמי.

אָבער אָט האָבן אין דער גרויער און בלוילעכער ווייטקייט אַ בלענד־געטון די שפּיציקע טורעמס פון וואַרשע, די מחשבות פון פירשט זענען דעריבער צופלאָסן געוואָרן. דערפאַר אָבער האָט ער אַרויסגעגעבן באַפעלן, וועלכע דער דינסט־אָפיציר האָט באַלד אַוועקגעטראָגן צו וואָלאָדיאָווסקין, דעם קאָמענדאַנט פון דער באַגלייטונג. הער וואָלאָדיאָווסקי איז צוליב די דאָזיקע באַפעלן אָפּגעשפּרונגען פון אַנושאַס קאָטש, ביי וועלכער ער האָט זיך ביז איצט געדרייט מיטן פערד, און זיך געלאָזט צו די פּאָלקן, וואָס האָבן מאַרשירט פון הינטן, כדי זיי אויסצושטעלן אין געהעריקן סדר און אַזוי ווייטער מאַרשירן. קוים אָבער איז ער אָפּגעפאָרן בערך צוואַנציק שריט, האָט ער דערהערט, אַז עמיצער יאָגט אים אָן—ער האָט זיך אומגעקוקט: דאָס איז געווען הער כאַרלאַמפּ, ריטמייסטער פון ווילנער וואָיעוואָדאַס לייכטער קאַוואַלעריע און אַנושאַס אַדאָראַטאָר.

וואָלאָדיאָווסקי האָט איינגעהאַלטן דאָס פערד, ווייל ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס וועט מסתמא קומען צו עפּעס אַ סכסוך, און הער מיכאַל האָט אַזעלכע זאַכן שטאַרק ליב געהאַט; הער כאַרלאַמפּ ווידער האָט זיך מיט אים אויסגעגליכן און תהילת גאָרנישט געזאָגט, ער האָט בלויז געסאָפּעט און באַוויגן

ביז מיט די וואָנסעס, זוכנדיק אַפּנים ווערטער — צום סוף האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך נויג זיך, איך נויג זיך, הער דראַגונער!

— איך נויג זיך, הער וועכטער.

— ווי אַזוי דערוועגט איר זיך מיך צו רופן וועכטער — האָט הער כאַרלאַמפּ געפרעגט, קריצנדיק מיט די ציין — מיך, דעם אָפיציר און ריטמייסטער? האַ?

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט גענומען זיך שפּילן מיטן העקל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, עס געוואָרפן אין די הויך און זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט כלומרשט בלויז דערויף, אַז יעדעס מאָל ביים אַראָפּפאַלן זאָל ער עס כאַפּן פאַרן הענטל — און ער האָט געענטפערט אָן חשק:

— ווייל איך קאָן לויט דעם באַנד נישט דערקענען דעם ראַנג.

— איר זענט פוגע-בכבוד אַלע חברים, צווישן וועלכע איר זענט נישט ראוי זיך צו געפינען.

— פאַרוואָס עפּעס? — האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך געמאַכט תמעוואַטע.

— ווייל איר דינט אין אַ אויסלענדישן פּאָלק.

— באַרויִקט זיך, מיין הער — האָט הער מיכאַל גע-זאָגט — הגם איך בין אין דראַגונער-פּאָלק, בין איך פונדעסט-וועגן אַ חבר-אָפיציר און נישט דער לייכטער, נאָר דוקא פון דער וואָיעוואָדעס שווערער קאַוואַלעריע — איר קאָנט דערי-בער מיט מיר ריידן ווי מיט אַ גלייכן, אָדער ווי מיט אַ העכערן. *)

הער כאַרלאַמפּ האָט אַביסל גובר געווען זיין כעס, ווייל

---

*) אַ אָפיציר פון דער שווערער קאַוואַלעריע האָט נישט געקאָנט גיין אונטער די קאָמאַנדע אַפילו פון אַ גענעראַל פון אויסלענדישן חיל. פאַרקערט אָבער, האָט אַפילו אַ גענעראַל אָפט געדינט אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ חבר-אָפיצור; כדי דאָס צו פאַרמייַדן, האָבן זיך די גענעראַלן און אָפיצירן פון די אויסלענדישע פּאָלקן באמת צו זיין צו דער זעלבער צייט חברים פון די פוילישע פּאָלקן. אַזאַ חבר איז אויך געווען הער וואָלאָדיאָווסקי

ער האָט איינגעזען, אַז ער האָט דאָ נישט צו טון מיט אַזאַ לייכטן בעל־דבר, ווי ער האָט לכתחילה געמיינט, אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט צו קריצן מיט די ציין, ווייל הער מיכאַלס קאַלטבלוטיקייט האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ נאָך גרעסערע רציחה — ער האָט דעריבער געזאָגט:

— ווי אַזוי דערוועגט איר זיך, מיין הער, מיר צו קריכן אין וועג אַריין?

— עי, כ'זע, אַז איר זוכט אַ תירוץ זיך צוצושטעפן!

אפשר זוך איך טאַקע און איך זאָג אייך (דאָ האָט הער כאַרלאַמפּ זיך אַראָפּגעבויגן צו הער מיכאַלס אויער און אויסגעלאָזט שטילערהייט), אַז כ'וועל אייך די אויערן אָפּשניידן, אויב איר וועט מיר פאַרשטעלן דעם וועג ביים פריילין אננאַ.

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט ווידער גענומען זייער פלייסיק וואַרפן דאָס העקל, גלייך ווי ס'וואָלט גראָד איצט געווען די צייט אויף צו שפילן זיך, און ער האָט זיך אָנגערופן מיט אַ בעטנדיקער שטים:

— עי, גוטער מענטש, לאָזט מיך נאָך אַביסל לעבן — טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר!

— אָ ניין! כ'וועל אייך דאָס נישט צוליב טון! איר וועט זיך נישט אַרויסדרייען! — האָט הער מיכאַל בנעימותדיק געזאָגט — אָבער איצט בין איך אויף דינסט און איך פאָר מיט אַ באַפעל פון מיין האַר דעם פירשט. לאָזט־אָפּ דעם אַרבל, לאָזט־אָפּ, כ'בעט אייך, ווייל אַנדערש וועל איך קיין אַנדערע ברירה נעבעך נישט האָבן, ווי צו דערלאַנגען אייך מיטן דאָזיקן העקל אין קאָפּ און אַראָפּצושליידערן פון פערד.

דאָ האָט וואָלאָדיאָווסקיס שטים, וועלכע איז לכתחילה געווען הכנעהדיק, אַזוי גיפטיק אַ צישע געטון, אַז הער כאַרלאַמפּ האָט נישט ווילנדיק פאַרחידושט אַ קוק געטון אויפן קליינעם ריטער און אָפּגעלאָזט דעם אַרבל.

— אָ! אַלץ איינס! — האָט ער געזאָגט — אין וואַרשע וועלן מיר זיך טרעפן, איך וועל דיך אָפּהיטן!

—איך וועל זיך נישט אויסבאַהאַלטן, אָבער ווי אַזוי וועלן מיר זיך שלאָגן אין וואַרשאַ? אַדרבא אפשר וועט איר מיר די זאַך קלאָר מאַכן? איך בין נאָך דאָרט אין מיין לעבן קיינמאָל נישט געווען, איך בין אַ פּשוטער זעלנער, אָבער כ׳האָב געהערט וועגן די מאַרשאַלעק־געריכטן, וועלכע באַשטראָפן מיט טויט פאַר אַרויסציען די שווערד ביי דער זייט פון קיניג אָדער פון זיין צייטווייליקן פאַרטרעטער.

— מען דערקענט, אַז איר זענט נאָך אין וואַרשאַ נישט געווען און אַז איר זענט אַ הדיוט, אויב איר האָט מורא פאַר מאַרשאַלעק־געריכטן און ווייסט נישט אַז אין דער צייט, ווען קיין מלך איז נישטאָ, משפט דער קאַפּטור, *) וועלכער איז אין אַזעלכע זאַכן נישט אַזוי שטאַרק מקפּיד. און איר קאָנט זיכער זיין, אַז צוליב אייערע אויערן וועט מען מיר דעם קאָפּ נישט אָפּהאַקן.

— אַ דאַנק פאַר דער לעקציע און איך וועל טאַקע אָפט ביי אייך פרעגן עצות, ווייל כ׳זע, אַז איר זענט אַ גרויסער בעל־נסיון און געלערנטער מענטש, און איך בין אַ קליינער בקי אין אַזעלכע זאַכן, קוים וואָס איך קען צונויפפּאָרן אַ אייגנשאַפטס־וואָרט מיט אַ הויפּט־וואָרט אין לאַטיין, און ווען כ׳וואָלט חס וחלילה, וועלן אייך אָנרופן אויף לאַטיין שוטה, „ווייס איך נאָר אַזויפיל, אַז איך וואָלט געזאָגט: „סטולטוס” אין לשון־זכר און נישט „סטולטא” אין לשון־נקבה.

דאָ האָט הער וואָלאָדיאָווסקי ווידער גענומען זיך שפּילן מיטן העקל, הער כאַרלאַמפּ ווידער האָט זיך אַזש פאַרחידושט, דערנאָך האָט אים דאָס בלוט אַ זעץ געטון אין פּנים אַריין און ער האָט אַרויסגעצויגן די שווערד פון דער שייד, אָבער אין דער זעלבער רגע האָט אויך דער קליינער ריטער אַריינגעשטעקט דאָס העקל אונטער די קני און אַ בליץ געטון מיט זיין שווערד. אַ ווײַלע האָבן זיי געקוקט אויף זיך ווי די ווילדע חיות מיט פאַנאַנדערגעבלאָזענע נאָז־לעכער און מיט פלאַמענדיקע

*) דאָס געריכט אין אַמאָליקן פּוילן אין אַ צייט, ווען דער קיניג לעבט נישט און קיין נייער איז נאָך נישט געוויילט געוואָרן.

אויגן — אָבער הער כאַרלאמפּ האָט דער ערשטער זיך געכאַפּט, אַז ער וואָלט געמוזט האָבן צו מון מיִטן וואָיעוואָדע בכבודו ובעצמו, ווען ער וואָלט באַפֿאַלן .זיינס אַן אָפֿיציר, וואָס פֿאָרט מיִט אַ באַפֿעל — און דערפֿאַר טאַקע האָט ער אויִך דער ערשטער צוריִק אַריינגעשטעקט זיין שווערד איִן שייד.

— אָ! כ׳וועל דיִך שוין געפינען! — האָט דער קליינער רייִטער געזאָגט.

און זיי זענען זיך פֿאַנאַנדערגעפֿאָרן, איינער צו די רייִטער און דער צווייטער צו די פֿאָלקן, וועלכע האָבן זיך איִן משך פֿון דער דאָזיקער צייט געהאַט שטאַרק דערנענטערט, אַזוי אַז עס איז שוין פֿון די שטויב-קנוילן דערגאַנגען דער אָפּהיִלך פֿון די פֿערדישע טריט אויפֿן האַרטן שליאַך. הער מיִכאַל האָט באַלד אויסגעשטעלט די רייטער און די פֿוס-גייער איִן געהעריקן סדר צום מאַרש און בראש פֿון זיינע אָפּטיילונגען זיִך ווייטער געלאָזט איִן וועג אַריין. איִן אַ ווײַלע אַרום איִז צו איִם צוגעריִטן הער זאַגלאָבא.

— וואָס האָט פֿון דיִר געוואָלט יענער ים-קאָטער? — האָט ער וואָלאָדיאָווסקיִן געפֿרעגט.

— הער כאַרלאמפּ? ע׳, גאָרניִשט. ער האָט מיִך אַרויסגערופֿן אויף אַ קאַמף.

— האָסטו דיִר! — האָט זאַגלאָבא אויסגערופֿן — ער וועט דיִך מיִט דיין נאָז דורכפּיִקן דורך און דורך. זע, הער מיִכאַל, אַז איר וועט זיִך שלאָגן, זאָלסטו ניִשט אָפּהאַקן די גרעסטע נאָז איִן דער רעפּובליִק, ווייל מ׳וועט מוזן אויסגראָבן פֿאַר איִר אַ ספּעציעלן קבר. גליִקליִכער וואָיעוואָדע פֿון וויִלנע! אַנדערע מוזן שיִקן אויסשפּיִרער צום שונא, און זיין אָפֿיציר דערשנאַפּט איִם פֿון דערווייטנס. אָבער פֿאַרוואָס האָט ער דיִך אַרויסגערופֿן?

— דערפֿאַר, וואָס איך ביִן געריטן ביי דער קאָטש פֿון פֿריילין אַננאַ באָזשאָבאָהאַטאַ.

— אַזוי גאָר? האָסט איִם געדאַרפֿט זאָגן, אַז ער זאָל זיך ווענדן צום הער לאָנגין איִן זאַמאָשטש. יענער וואָלט איִם מכבד געווען מיִט פֿעפֿער און אימבער. ער האָט שלעכט געטראָפֿן דער

דאָזיקער נפש. אפּנים, אַז זיין מזל אין קלענער פון זיין האַז

— כ'האָב אים גאָרנישט געזאָגט וועגן הער פּאָדביפּיענטא— האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט — ווייל כ'האָב מורא געהאַט, אַז ער וועט זיך פון מיר אָפּטשעפּען. כ'וועל איצט, אים אויף צופּיקע־ניש, זיך נאָך מיט מער עקשנות צושאַרן צו אַנושאַן, כ'וויל אויך האָבן אַ ביסל נחת. און וואָס וועלן מיר מער האָבן צו טון אין דער דאָזיקער וואַרשע?

— מיר וועלן געפינען, מיר וועלן געפינען, הער מיכאַל — האָט געזאָגט זאַגלאָבא, פינטלענדיק מיט די אויגן. — ווען כ'בין אין די יונגע יאָרן געשיקט געוואָרן אויף אינקאַסאָ דורך מיין זאָלק, אין וועלכן כ'האָב געדינט, בין איך אויסגעפאָרן דאָס גאַנצע לאַנד, אָבער אַזאַ לעבן ווי אין וואַרשע האָב איך אין ערגיץ נישט געפינען.

— זאָגסטו, אַז דער לעבנס־שטייגער איז דאָרט אַן אַנדערער ווי ביי אונז אויף יענער זייט דניעפּר?

— ע', גאָר קיין דמיון נישט.

— כ'בין זייער נייגעריק — האָט הער מיכאַל געזאָגט.

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— און דעם דאָזיקן נפש וועל איך די וואָנסעס אונטערהאַקן, ווייל זיי זענען צו לאַנג.

## 11. קאַפּיטל

עס זײַנען אַריבער 6 פּאָר וואָכן, וואָס אַמאָל מער שלאַכטשיצעס זענען זיך צונויפגעפאָרן צו די וואַלן. אין דער שטאָט האָט זיך די באַפעלקערונג צענפאַך פאַרמערט, ווייל צוזאַמען מיט די מאַסן פון דער שלאַכטע האָבן אויך צוגעשטראָמט טויזנטער סוחרים און קרעמער פון דער גאַנצער וועלט, אָנהויבנדיק פון דער ווייטער פּערסיע, אַזש ביז צום מעבר־לימדיקן ענגלאַנד. אין וואָליע איז אויסגעבויט געוואָרן אַ שאָפּע פאַרן סענאַט, און אַרום און אַרום האָבן זיך שוין געווייסלט טויזנטער געצעלטן, מיט וועלכע די רחבותדיקע פעלדער זענען באַדעקט געוואָרן. קיינער האָט נאָכנישט געקאָנט זאָגן, ווער פון ביידע קאַנדידאַטן, דער קרוין־פּרינץ קאַזשימיערזש, דער קאַרדינאַל, אָדער קאַראָל פערדינאַנד, דער פּלאָצקער ביסקופּ, וועט אויסגעקליבן ווערן. פון ביידע צדדים זענען געמאַכט געוואָרן גרויסע באַמיִונגען און אָנשטרענגונגען. מ׳האָט אַרויסגעלאָזט טויזנטער פלוג־בלעטער, וועלכע האָבן אויסגערעכנט די מעלות און חסרונות פון די פּרעטענדענטן—ביידע האָבן געהאַט גרויסע און מעכטיקע פּאַרטייען הינטער זיך. אויף קאַראָלס זייט איז, ווי באַוווּסט, געשטאַנען פּירשט יערעמי, וועלכער איז באַזונדערס געווען געפערלעך פאַר די קעגנער דערפאַר, ווייל עס איז פאַר אַלעמען באַמעט קלאָר געווען, אַז ער וועט צוציִען צו זיך די שלאַכטע, וועלכע האָט פון אים געהאַלטן אַ עולם־ומלואו און פון וועלכער אַלץ איז סוף כּל סוף געווען אָפּהענגיק. אָבער אויך קאַזשימיערזשן האָבן קיין כּחות נישט געפעלט. קודם־כּל איז ער געווען דער בכור, ווייטער האָט ער געהאַט אויף זיין זייט די השפעות פון קאַנצלער, צו אים איז אויך נוטה געווען דער פּרימאַס, פאַר אים האָט געהאַלטן דער גרעסטער טייל פון די מאַגנאַטן, וואָס

יעדער פֿון זיי האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל פֿריינט, צווישן די דאָזיקע מאַגנאַטן איז אויך געווען פֿירשט דאָמיניק זאַסלאַווסקי־אָסטראָגסקי, דער וואָיעוואָדע פֿון סאַנדאָמיערזש, וואָס נאָך פּילאַווצע איז אַפֿילו זיין נאָמען שטאַרק באַפֿלעקט געוואָרן און עס האָט אים אויך דערוואַרט אַ משפּט, אָבער ער איז אַלץ געווען דער גרעסטער תּקיף אין דער גאַנצער רעפּובליק, יאָ, אַפֿילו אין גאַנץ אייראָפּע, און צו יעדער צייט איז ער בכּוח געווען צו וואַרפֿן אומגעהויערע געלט־אוצרות אויף די וואָגשאָל פֿון זיין קאַנדידאַט.

פֿונדעסטוועגן האָבן קאַזשימיערזשס אָנהענגער נישט איינמאָל איבערגעלעבט מינוטן פֿון ביטערע ספֿקות, ווייל ווי געזאָגט, איז אַלץ געווען אָפּהענגיק פֿון דער שלאַכטע, וועלכע האָט שוין זייט דעם 4. אָקטאָבער מאַסנווייז געלאַגערט הינטער וואַרשע און איז נאָך אין די טויזנטער אָנגעקומען פֿון אַלע זייטן פֿון דער רעפּובליק. אין איר גרויסער מערהייט איז די דאָזיקע שלאַכטע געשטאַנען אויף דער זייט פֿון פּרינץ קאַראָל, ווייל עס האָט זי צוגעצויגן דער צויבער פֿון ווישניאָוויעצקיס נאָמען און דעם קרוין־פּרינצס נדבֿות לטובֿת־הכּלל. ווייל דער קרוין־פּרינץ, אַ באַזיצער פֿון גרויסע נחלות און פֿאַרמעגלעכער האַר, האָט זיך אין דעם מאָמענט נישט געקווענקלט אויסצוגעבן גרעסערע סכומים אויף צו פֿאַרמירן נייע פּאָלקן, וועלכע האָבן געזאָלט אָפּגעגעבן ווערן אונטער ווישניאָוויעצקיס קאָמאַנדע. קאַזשימיערזש וואָלט גערן אים נאָכגעטון און נישט די קאַרגשאַפֿט האָט אים דערפֿון אָפּגעהאַלטן, נאָר גראָד פֿאַרקערט, די צו ברייטע האַנט, וואָס דער דירעקטער פּועל־יוצא דערפֿון איז געווען אַ דוחק און אייביקער מאַנגל פֿון געלט אין דער קאַסע.

דערווייל האָבן ביידע געפֿירט לעבהאַפֿטע אונטערהאַנדלונגען. יעדן טאָג זענען געפֿלויגן שלוחים צווישן ניעפּאָרענט און יאַדלאָנאַ. קאַזשימיערז האָט אין נאָמען פֿון זיין בכורה־רעכט און ברודער־ליבע באַשווירן קאַראָלן, אַז ער זאָל אָפּטרעטן — און דער ביסקאָפּ האָט זיך פֿאַרעקשנט, האָט אָפּגעענטפֿערט, אַז אים שטייט נישט אָן אָפּצוּוואַרפֿן דאָס גליק, וואָס קאָן אים טרעפֿן,

„ווייל דאָס איז אַ גליק, וואָס די פרייע וואל אין דער רעפּו־בליק קאָן איינעם באַשערן און וואָס איז אָנגעצייכענט פון גאָט״
— און ביני־לביני איז די צייט אַריבער, דער זעקס־וואָ־כנדיקער טערמין האָט אָנגערוקט און צוזאַמען מיט אים האָט אויך אָנגערוקט די קאָזאַקישע סכנה, ווייל עס זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז כמיעלניצקי האָט אויפגעהערט צו באַלאַגערן לעמבערג, וועלכע האָט נאָך אַ פּאָר שטורמען זיך אויסגעקויפט, אַז ער האָט זיך געשטעלט ביי זאַמאָשטש און טאָג און נאַכט שטורמט ער די דאָזיקע לעצטע שוץ־פעסטונג פון דער רעפּובליק.

מ׳האָט אויך געזאָגט, אַז אַ חוץ די שלוחים, וועלכע כמיעל־ניצקי האָט אַרויסגעשיקט קיין וואַרשא מיט אַ בריוו און מיט אַ דערקלערונג, אַז אַלס פּוילישער שלאַכטשיץ גיט ער זיין שטים פאַר קאַזשימיערזשן, האָבן זיך צווישן די מאַסן פון דער שלאַכטע און אין דער שטאָט גופא באַהאַלטן פאַרשטעלטערהייט אַ סך קאָזאַקישע מיליטערלייט, וועלכע קיינער האָט נישט גע־קאָנט דערקענען, ווייל זיי זענען אָנגעקומען אַלס לייטישע און פאַרמעגלעכע שלאַכטשיצעס, נישט אונטערשיידנדיק זיך מיט גאָר־נישט פון די איבעריקע וויילער, בפרט פון די רוטענישע קאַנטן — אַפילו נישט מיטן לשון. אַ טייל, ווי מ׳האָט געזאָגט, האָבן זיך אַ דורכגעגנבעט נאָר פון נייגעריגקייט־וועגן, כדי זיך צוצו־קוקן צו די וואַלן און צו וואַרשע, אַנדערע זענען געקומען אויף אויסשפּירונגען, כדי צו דערגיין, וואָס מען רעט וועגן דער קומנ־דיקער מלחמה, וויפיל חיילות די רעפּובליק האָט בדעה אַרויס־צושטעלן און וועלכע סכומים זי וועט אויסגעבן אויף מיליטע־רישע צוועקן? אפשר איז טאַקע געווען אַ סך אמת אין דעם, וואָס מ׳האָט געזאָגט וועגן יענע געסט, ווייל צווישן די זאַפּאָ־ראָזשער מיליטער־לייט זענען געווען אַ סך שלאַכטשיצעס, וואָס האָבן זיך איבערגעאַנדערשט אויף קאָזאַקן און האָבן אויך גע־קאָנט אַ ביסל לאַטיין, און דערפאַר איז נישט געווען און וואָס זיי צו דערקענען, איבעריקנס איז אויף די ווייטע סטעפּעס לאַ־טיין בכלל נישט געווען פאַרשפּרייט און די פירשטין קורצעוויטש

למשל, האָבן דאָס דאָזיקע לשון נישט געקענט פונקט אַזוי גוט ווי באַהון און די איבריקע אַטאַמאַנעס.

אָבער אַזעלכע פלוידערייען, מיט וועלכע ס׳איז פול געווען אי דאָס וואַל-פעלד און אי די שטאָט, און דערצו נאָך די ידיעות וועגן כמיעלניצקיס נצחונות און קאָזאַקיש-טאָטערישע פאַרפאַסטנס, וועלכע זאָלן שוין האָבן אָנגעשפאַרט אזש ביז איבער די ווייסל, האָבן אָנגעוואָרפן אַ אימה און אַ אומרו אויף די מענטשלעכע נשמות, און אָפט אויך גורם געווען מהומות. ס׳איז גענוג געווען צווישן פאַרזאַמעלטע שלאַכטשיצעס צו וואַרפן אויף איינעם דעם חשד, אַז ער איז אַ פאַרשטעלטער זאַפּאָראָזשער, אַז מ׳זאָל אים אין איין רגע, נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיך צו רעכטפערטיקן, צוהאַקן מיט די שווערדן אויף קליינע שטיקער. אויף אַזאַ אופן האָבן געקאָנט אומקומען אומשולדיקע מענטשן, און דער כבוד פון די אַסיפות איז פאַרשוועכט געוואָרן, בפרט, אַז לויט די דעמאָלטיקע מנהגים האָט מען נישט שטאַרק מדקדק געווען אויף ניכטערקייט. דער קאַפּטור, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף אָפּצוהיטן די רו און אָרדנונג, האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די כסדרדיקע סכסוכים, בעת וועלכע מ׳האָט זיך געשלאָגן מיט די שווערדן צוליב אַ ליאַדע סבה. אויב אָבער די געזעצטע מענטשן, וועלכע זענען געווען דורכגעדרונגען מיט ליבע צו רו און אָרדנונג, און האָבן אין זין געהאַט די סכנה, וואָס דראָט דער רעפּובליק, האָבן געהאַט צער פון די דאָזיקע מהומות, רציחות און שכרות, האָבן דערפאַר די היץ־קעפּ, ווערפל-שפּילער און די רכילות-טרייבער זיך געשפּילט ווי אין זייער עלעמענט, זיי האָבן געהאַלטן, אַז איצט איז זייער צייט, זייער שניט — און דערפאַר זיך ערשט רעכט דערלויבט פאַרשידענע מעשים-תעתועים.

און עס דאַרף נישט ערשט געזאָגט ווערן, אַז דעם אויבנאָן צווישן זיי האָט פאַרנומען הער זאַגלאָבאַ. די דאָזיקע העגעמאָניע האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען אי זיין גרויסן ריטערליכן שם, אי זיין נישט געזעטיקטן דורשט און בריהשקייט אין טרינקען, אי זיין חתוך-הדבור, אין וועלכן ער האָט צו זיך קיין

גלייכן נישט געהאַט, אי זיין גרויסער זעלבסטזיכערקייט, וועלכע האָט זיך פאַר קיין שום זאַך נישט אפגעשראָקן. פון צייט צו צייט פלעגט אים אָבער באפאַלן אַ מרה־שחורה — דעמאָלט האָט ער זיך פאַרמאַכט אין שטוב אָדער אין געצעלט און איז נישט אַרויסגעגאַנגען, און אויב ער איז אַרויסגעגאַנגען איז ער געווען בייז און אנגעכמורעט, נוטה זיך צוצוטשעפן און צו שלאָגן זיך אויף אַ רעכטן אמת. ס'האָט אַפילו געטראָפן, אַז אין אַזאַ שטימונג האָט ער איינמאָל שטאַרק צוגיזוקט דעם הער דונטשעווסקי פון ראַווע נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרבייגייענדיק זיך פאַרטשעפעט אין זיין שווערד. נאָר מיטן הער מיכאַל האָט ער דעמאָלט געקאָנט פאַרברענגען און ער פלעגט זיך פאַר אים קלאָגן, אַז עס מאַטערט אים די בענקעניש נאָכן הער סקשעטוסקי און נאָך דעם „אָרימען מיידל". „מיר האָבן זי פאַרלאָזט, הער מיכאַל — פלעגט ער טענהן — מיר האָבן זי ווי בוגדים איבערגעלאָזט אויף הפקר אין געצנדינערישע הענט — איר פרווט זיך נאָר נישט צו פאַרענטפערן מיט אייער טענה וועגן „הכרח" און „באין־ברירה"! וואָס טוט זיך מיט איר, הער מיכאַל — זאָג?"

אומזיסט האָט הער מיכאַל אים דערקלערט, אַז ווען נישט פילאַווצע, וואָלטן זיי געווען זוכן דאָס „אָרימע מיידל", אָבער איצט, ווען כמיעלניצקיס גאַנצע מאַכט האָט פאַרשטעלט דעם וועג צו איר, קאָן דאָס גאָרנישט געמאָלט זיין. דער שלאַכטשיץ האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן, נאָר דער כעס האָט אין אים זיך נאָך מער צופלאַקערט און ער האָט געהאַלטן אין איין שיטן מיט די ביטערסטע קללות און חרמות.

אָבער די דאָזיקע מינוטן פון צער האָבן נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. שפעטער פלעגט הער זאַגלאָבא, גלייך ווי ער וואָלט זיך וועלן אָפנעמען פאַר דער פאַרלוירענער צייט, הוליען און טרינקען נאָך מער ווי תמיד; די צייט האָט ער פאַרבראַכט אין די שענקען, און חברותא מיט די גרעסטע שכורים אָדער מיט די זונות פון דער הויפט־שטאָט, און הער מיכאַל האָט אים שטענדיק באַגלייט ווי אַ געטרייער חבר:

הער מיכאַל, הגם אַן אויסגעצייכנטער זעלנער און אָפיציר, האָט אָבער נישט פֿאַרמאָגט פֿאַר קיין פּרוטה יענע ערנסטקייט, וועלכע די צרות און יסורים האָבן אויסגעאַרבעט אין הער טקשעטושקין, למשל. זיין חוב לגבי דער רעפּובליק האָט וואָלאָדיאָווסקי פֿאַרשטאַנען אויף דעם אופֿן, אַז ער האָט געשלאָגן וועמען מ׳האָט אים געהייסן — ווייטער איז אים קיין שום זאַך נישט אָנגעגאַנגען, אין כלל־ענינים האָט ער קיין שום השגה נישט געהאַט; אַ מיליטערישע מפּלה איז ער שטענדיק גרייט געווען צו באַוויינען, אָבער ס׳איז אים קיינמאָל גאָרנישט איינגעפֿאַלן, אַז מחלוקתן און מהומות זענען פּונקט אַזאַ צרה פֿאַר דעם פֿאָטערלאַנד, ווי מפּלות. דאָס איז מיט איין וואָרט געווען אַ יונגערמאַן אַ הפקר־מענטש, וועלכער האָט זיך, נאָכדעם ווי ער איז אַריינגעפֿאַלן אין טומל פֿון דער הויפּט־שטאָט, פֿאַרזונקען אין אים ביז איבער די אויערן און זיך צוגעטשעפּעט ווי אַ קאָלטן צו זאַגלאָבאַן, ווייל ער איז געווען זיין רבי אין שטיפֿערייען. און אַזוי איז ער געפֿאָרן מיט אים צו די שלאַכטשיצעס, וועלכע זאַגלאָבאַ האָט ביי אַ כוסע דערציילט נישט געשטויגענע און נישט געפֿלויגענע זאַכן, געוויינענדיק צו דער זעלבער צייט אָנהענגער פֿאַרן פּרינץ קאַראָל, ער האָט געטרונקען מיט אים צוזאַמען, האָט אים באַשיצט אין אַ נויט, זיי האָבן זיך ביידע געדרייט אי איבערן וואַל־פֿעלד, אי אין דער שטאָט ווי די פֿליגן אין אַ זודיקן קעסל — און ס׳איז נישט געווען קיין ווינקל, ווי זיי זאָלן נישט האָבן פֿאַרקראָכן. זיי זענען אויך געווען אין ניעפּאָרענט, און אין יאַבלאָננאַ און אויף אַלע סעודות, מאָלצייטן ביי מאַגנאַטן און אין די שענקן, זיי זענען געווען אומעטום און האָבן זיך אין אַלץ באַטייליקט.

דעם הער מיכאַל האָט געסווענדזשעט די יונגע האַנט, ער האָט זיך געוואָלט ווייזן און צו דער זעלבער צייט באַווייזן, אַז די אוקראַינישע שלאַכטע איז אַ בעסערע איידער די אַנדערע, און אַז דעם פֿירשטס זעלנער האָבן צו זיך גאָר קיין גלייכן נישט. זיי זענען דעריבער בכיון געפֿאָרן זוכן אַוואַנטורעס צווישן די לענטשיצער לייט, וועלכע האָבן געגאָלטן פֿאַר גבורים, און

דער עיקר צווישן פֿירשט דאָמיניק זאַסלאַווסקיס מענטשן, צו וועלכע זיי האָבן ביידע געפֿילט אַ באַזונדערע שנאה. זיי האָבן זיך געטשעפּעט נאָר צו די באַרימטסטע קעמפֿער, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַ פֿעסטן אויף זיכערן שם, און זיי האָבן פֿאָרויס באַשטימט דעם פּלאַן פֿון געשלעג. „איר וועט זיך צוטשעפּען און געבן אַ געלעגנהייט, האָט הער מיכאַל געזאָגט, און איך וועל שפּעטער אַרויסטרעטן". זאַגלאָבאַ, זייער אַ געשיקטער קעמפֿער און גאָרנישט קיין פּחדן אויף צו שלאָגן זיך מיט אַ ברודער-שלאַכטשיץ, האָט נישט שטענדיק מסכּים געווען אָפּצוטרעטן וואָלאָדיאָווסקין, באַזונדערס אין די צוזאַמענשטויסן מיט זאַס-לאַווסקיס מענטשן, אָבער ווען עס איז אויסגעקומען צו האָבן צו טון מיט אַ לענטשיצער חברה-מאַן, האָט ער זיך באַגנוגנט מיטן געבן אַ געלעגנהייט, און ווען דער שלאַכטשיץ האָט זיך שוין געריסן צו דער שווערד און געזידלט, פֿלעגט הער זאַגלאָבאַ זיך אָנרופֿן: „מיין הער! איך וואָלט דאָך געמוזט זיין אָן אַ געוויסן, ווען איך וואָלט אייך געשטעלט אין דער סכּנה פֿון אַ באַשיינ-פּערלעכן טויט, שלאָגנדיק זיך אַליין מיט אייך; פֿאַרמעסט זיך בעסער מיט דעם דאָזיקן זונדל און תּלמיד מיינעם, ווייל איך ווייס נישט, צי איר וועט כאָטש אים בייקומען". נאָך אַזעלכע דיבורים האָט זיך הער וואָלאָדיאָווסקי אַרויסגערוקט מיט זיינע אַרויפֿגעדרייטע וואָנסעלעך, פֿאַרריסענע נאָז און תּמעוואַטע מינע און צי מ'האָט אָנגענומען, צי נישט, האָט ער זיך געלאָזט אין טאַנץ, און אַזוי ווי דאָס איז באמת געווען אַ בריה איבער אַלע בריות, האָט ער געוויינלעך אָן לאַנגע שהיות אַוועקגעלייגט דעם קעגנער. אָט אַזעלכע פֿאַרווײַלונגען האָבן זיי זיך ביידע אויס-געטראַכט און זייער שם צווישן די אומרויִקע גייסטער און צווישן דער שלאַכטע איז געוואַקסן, באַזונדערס אָבער האָט זיך קונה-שם געווען הער זאַגלאָבאַ, ווייל מ'האָט געזאָגט: „אויב דער תּלמיד איז אַזעלכער, וואָס איז ערשט דער רבי?" נאָר איין הער כאַרלאַמפּן האָט וואָלאָדיאָווסקי אין ערגעץ אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט אויסגעפֿינען — ער האָט אַפֿילו געמיינט, אַז מ'האָט אים אפֿשר אין וועלכע עס איז ענינים צוריקגעשיקט קיין ליטע.

אויף אַזאַ אופֿן זענען אַריבערגעגאַנגען כּמעט זעקס וואָכן, בעת וועלכע אויף די מלוכה=ענינים האָבן געמאַכט באַדייטנדיקע פֿאָרטשריט. דער שאַרפֿער קאַמף צווישן די ברידער=קאַנדידאַטן, די אָנשטרענגונגען פֿון זייערע אָנהענגער, די היציקייט און צורייצטע לײַדנשאַפֿטן פֿון די פּאַרטיזאַנער, דאָס אַלץ איז אַריבער כּמעט אָן שפּור און זכר. אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז יאַן קאַזשימיערזש וועט אויסגעקליבן ווערן, ווײַל דער פּרינץ קאַראָל האָט אָפּגעטרעטן דעם ברודער און גערנוויליק מוותּר געווען אויף זײַן קאַנדידאַטור. אַ פּלא איז דאָס, וואָס אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָט דווקא כמיעלניצקיס שטים אַ סך מכריע געווען, ווײַל אַלע האָבן זיך גערעכנט, אַז ער וועט נושא פּנים זײַן דעם מלך, בפֿרט אַזעלכן, וואָס איז געוויילט געוואָרן לויט זײַן רצון. און די דאָזיקע האָפֿנונגען זענען אין אַ גרויסער מאָס טאַקע מקוים געוואָרן. דערפֿאַר אָבער פֿאַר ווישניאָוויעצקין, וועלכער האָט אויף קיין איין רגע, ווי קאַטאָ בשעתו, נישט אויפֿגעהערט צו פֿאָדערן, אַז דאָס דאָזיקע זאַפּאָראָזשער קאַרטאַגאָ זאָל צושטערט ווערן—איז אַזאַ שנוי=הענינים געווען אַ פֿרישער קלאַפּ. איצט האָט שוין געמוזט קומען אויפֿן טיש די פֿראַגע וועגן אונטערהאַנדלונגען. דער פֿירשט האָט אמת געוווּסט, אַז די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען, אָדער זיי וועלן לכתּחילה זיך אויסלאָזן מיט גאָרנישט, אָדער זיי וועלן אינגיכן ממילא איבערגעריסן ווערן, און ער האָט געזען די מלחמה אין דער צוקונפֿט, אָבער אַ שרעק איז אים באַפֿאַלן אויפֿן געדאַנק, וואָס עס וועט זײַן דער גורל פֿון דער דאָזיקער מלחמה. נאָך די אונטערהאַנדלונגען וועט דער דורכן געזעץ געשטיצטער כמיעלניצקי זײַן נאָך שטאַרקער, און די רעפּובליק — שוואַכער. און ווער וועט אַרויספֿירן אירע חיילות צום קאַמף מיט אַזאַ באַרימטן פֿירער, ווי כמיעלניצקי? צי וועלן נישט קומען נײַע מפּלות, נײַע פּאָגראָמען, וואָס וועלן די רעפּובליק אָפּשוואַכן ביז גאָר? ווײַל דער פֿירשט האָט זיך נישט גענאַרט און געוווּסט, אַז אים, דעם הייסעסטן אָנהענגער פֿון קאַראָלן, וועט מען נישט איבערגעבן די הויפּטקאָמאַנדע. קאַזשימיערזש האָט אמת צוגעזאָגט דעם ברודער, אַז

זיינע אָנהענגער וועט ער ליב־האָבן פונקט ווי זיינע אייגענע מענטשן. קאַזשימיערזש האָט געהאַט אַ גרויסע נשמה, אָבער קאַזשימיערזש איז געווען אַ אָנהענגער פון קאַנצלערס פּאָליטיק, אַ אַנדערער וועט, הייסט עס, איבערנעמען די הויפּט־קאָמאַנדע, נישט דער פירשט—און ווי וועט זיין צו דער רעפּובליק, אויב דאָס וועט נישט זיין אַ פירער, וואָס זאָל כמיעלניצקין איבער־שטייגן מיט זיין געשיקטקייט. אויף דעם דאָזיקן געדאַנק האָט אַ טאָפּלטער ווייטאָק פאַרקלעמט יערעמיס האַרץ — אי די מורא פאַר דער צוקונפט פון פאָטערלאַנד און אי דאָס שווערע געפיל, וואָס עס האָט דער מענטש, וועלכער זעט, אַז זיינע פאַרדינסטן ווערן פאַרגעסן, אַז עס ווערן אַקעגן אים באַגאַנגען עוולות און אַז אַנדערע הויבן אויף די קעפּ איבער אים. ער וואָלט נישט געווען יערעמי ווישניאָוויעצקי, ווען ער וואָלט נישט שטאָלץ געווען. ער האָט זיך געשפּירט בכח צו טראָגן דעם עול פון דער הויפּט־קאָמאַנדע, און ער איז דערצו אויך ראוי געווען—דערפאַר האָט ער טאָפּלט געליטן.

מ׳האָט אפילו געזאָגט צווישן די אָפיצירן, אַז דער פירשט וועט נישט וואַרטן אויפן סוף פון די וואַלן און אַז ער וועט אָפּפאָרן פון וואַרשע — אָבער דאָס איז נישט אמת געווען. דער פירשט איז נישט בלויז נישט אָפּגעפאָרן, נאָר ער האָט אפילו באַזוכט דעם פּרינץ קאַזשמיערזש אין ניעפּאָרענט, וועלכער האָט אים אויפגענומען מיטן גרעסטן כבוד. און דערנאָך איז ער צו־ריקגעקומען אין די שטאָט אויף אַ לענגערע צייט, וועלכע עס האָבן געפאָדערט די מיליטערישע ענינים. עס האָט זיך געהאַנ־דעלט וועגן מיטלען פאַרן חייל וועלכע דער פירשט האָט פאַר־עקשנט געפאָדערט. דערביי האָבן זיך אויף קאַראָלס חשבון גע־שאַפן נייע רעגימענטן מיט דראַגונער און פוס־גייער. אַ טייל זענען שוין אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין רוס, אַ צווייטן טייל האָט מען ערשט געדאַרפט אויסבילדן. צו דעם צוועק האָט דער פירשט פאַנאַנדערגעשיקט אויף אַלע זייטן אָפיצירן, וואָס זענען בקי אין ענינים פון מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, אַז זיי זאָלן די דאָזיקע פאָלקן ווי געהעריק אויסבילדן. עס זענען אַרויס גע־

שיקט געוואָרן קושעל און ווירשיל, און צום סוף איז אויך געקומען די ריי אויף וואָלאָדיאָווסקין.

איינמאָל האָט מען אים געהייסן זיך צו שטעלן פאַרן פירשט וועלכער האָט אים געגעבן אַזאַ באַפעל:

— איר וועט פאָרן דורך באַביצע און ליפקוו קיין זאַבאָראָוו, ווו עס וואַרטן פערד, וואָס זענען באַשטימט פאַר אַ רעגימענט; דאָרט וועט איר זיי באַקוקן, אויסבראַקירן און באַצאָלן דעם הער טשאַסקאָווסקי, און דערנאָך וועט איר זיי ברענגען אַהער פאַר די זעלנער. געלד וועט איר אויף דעם דאָזיקן קוויט מיינעם באַקומען דאָ אין וואַרשא פון צאָל־מייסטער.

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט, האָט אָפּגענומען דאָס געלד. זיי זענען געפאָרן געלאַסן, ווייל די גאַנצע סביבה פון יענער זייט וואַרשא האָט געווימלט פון שלאַכטשיצעס, דינער, וועגנס און פערד; די דערפלעך אַזש ביז באַביצע זענען געווען אַזוי פול־געפּאַקט, אַז אין אַלע כאַלופּעס האָבן געוווינט געסט. צווישן אַ געדראַנג פון מענטשן פון פאַרשידענע נאַטורן איז אַ צוזאַמענשטויס נישט געווען פון די שווערע זאַכן — און נישט קוקנדיק אויף די גרעסטע באַמיִונגען און באַשיידענעם פאַרהאַלטן־זיך האָט עס טאַקע די ביידע פריינט נישט געמיטן.

צופאָרנדיק ביז באַביצע, האָבן זיי פאַר דער קרעטשמע דערזעהן בערך צוואַנציק שלאַכטיצעס, וועלכע האָבן זיך גראָד געזעצט אויף די פערד און זיך געזאָלט לאָזן אין וועג אַריין. נאָך דעם ווי ביידע אָפּטיילונגען האָבן זיך קעגנזייטיק באַגריסט, האָבן זיי שוין געזאָלט זיך מיידן, דאָ אָבער האָט איינער פון די רייטער אַ קוק געטון אויפן הער וואָלאָדיאָווסקי און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, איז ער שנעל צו אים צוגעריטן.

— איך האָב דיך, ברודער! — האָט ער אויסגעשריגן — האָסט זיך באַהאַלטן, אָבער איך האָב דיך געפונען — דו וועסט זיך מיר איצט נישט אַרויסדרייען! העי! גנעדיקע הערן! — האָט ער אַ געשריי געטון אויף זיינע חברים — וואַרט נאָר צו אַביסל!

איך דאַרף דעם דאָזיקן אָפּיצירל עפּעס זאָגן און כ׳וואָלט וועלן, אַז איר זאָלט זיין עדות פון מיינע ווערטער.

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט אַ שמייכל געטון מיט פופריידנ-הייט ווייל ער האָט דערקענט דעם הער כאַשלאַמפּ.

— גאָט איז מיין עדות. אַז איך האָב זיך נישט אויס-באַהאַלטן — האָט ער געזאָגט — אדרבא, כ׳האָב אים אַליין געזוכט און געוואָלט פרעגן, צי איר האָט נאָך אויף מיר תרעו-מות. אָבער מיר האָבן זיך נישט געקאָנט באַגעגנען.

— הער מיכאל — האָט זאַגלאָבא אַ שעפּטשע געטון — איר פאָרט אין דינסט-ענינים.

— כ׳געדענק — האָט וואָלאָדיאָווסקי אַ ברום געטון.

— מאַך דיך גרייט! — האָט כאַרלאַמפּ געשריגן — גנע-דיקער הערן! כ׳האָב צוגעזאָגט דעם דאָזיקן צוציק, דעם דאָזיקן שנעק, אַז כ׳וועל אים די אויערן אָפּשניידן — און כ׳וועל אָפּ-שניידען ווי כ׳בין כאַ לאַמפּ! ביידע, ווי כ׳בין כאַרלאַמפּ! זייט עדות, מיינע הערן, און דו, צוציק, מאַך דיך גרייט!

— כ׳קאָן נישט, ווי גאָט איז מיר ליב, כ׳האָב נישט! — האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט — לאָז מיך אָפּ כאָטש אויף אַ פּאָר טעג.

— ס׳טייטש, די קאָנסט נישט? אַ פּחד איז דיך באַפאַלן? אויב דו וועסט דיך אין דער רגע נישט שטעלן, וועל איך דיך מקיים-פּסק זיין, אַז דו וועסט זען די עלטער-באָבע פאַר די אויגן. אָ גיפּטיקער שלאַנג, אין וועג אַריינגיין קאָנסטו, צרות אָנטון קאָנסטו, בייסן מיט דער צונג קאָנסטו, און אַז עס קומט צו דער שווערד ביסטו נישטאָ!

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט הער זאַגלאָבא.

כ׳זע, אַז איר מאַכט זיך צום נאַרן — האָט ער געזאָגט צו כאַרלאַמפּן — און זעט, אַז דער דאָזיקער שלאַנג זאָל אויף אויף אַן אמת נישט אַ ביס טון, ווייל דעמאָלט וועלן אייך קיין שום פלאַסטערס נישט העלפן. טפו! צום טייוול, זעט איר דען נישט, אַז דער דאָזיקער אָפּיציר פאָרט אין דינסט-ענינים? גיט אַ קוק אויף די דאָזיקע פור מיט געלד, וואָס מיר פירן צום רעגי-

מענט, און פאַרשטייט, צו אַלדע רוחות, אַז האָבנדיק די וואַך איבער דער קאַסע, האָט דער דאָזיקער אָפיציר נישט קיין שליטה אויף זיין פערזאָן און קאָן זיך מיט אייך נישט שלאָגן. ווער עס פאַרשטייט דאָס נישט, דער איז אַ שוטהאון נישט קיין זעל-נער. מיר דינען ביים וואָיעוואָדע פון רוס און מיר האָבן שוין געשלאָגן גרעסערע בריות פון אייך, אָבער היינט טאָר מען נישט, און איר מעגט מיר גלויבן, אַז עס וועט אייך נישט אוועקקומען.

— זיי זענען דאָך גערעכט; אויב זיי פאָרן מיט געלד, קאָנען זי זיך טאַקע נישט שלאָגן — האָט געזאָגט איינער פון כאַרלאַמפּס חברים.

— אָבער וואָס גייט מיך אָן זייער געלד! — האָט גע-שריגן דער הער כאַרלאַמפּ — זאָל ער זיך מיט מיר שלאָגן, אַ נישט וועל איך נעמען האַקן מיט דער שווערד.

— שלאָגן היינט וועל איך מיך נישט, אָבער אַ ריטער-לעך וואָרט וועל איך געבן — האָט הער מיכאַל געזאָגט — אַז איך וועל מיך שטעלן אין דריי אָדער פיר טעג אַרום ווו איר ווילט, ווי נאָר איך וועל האָבן דערפילט מיינע פליכטן. און אויב איר וועט זיך נישט צופרידנשטעלן מיט דער דאָזיקער הבטחה, וועל איך הייסן אָנשטעלן דאָס געווער, ווייל איך וועל מיר קראַכטן, אַז איך האָב צו טון נישט מיט שלאַכטשיצעס, נישט מיט זענער, נאָר מיט גזלנים. קלויבט אייך דעריבער אויס, צו אַלדע רוחות, ווייל איך האָב נישט קיין צייט דאָ צו שטיין!

דערהערנדיק דאָס, האָבן די באַגלייטענדיקע דראַגונער באַלד געוועגדעט די רוירן פון די ביקסן אויף די אָנפאַלער, און די דאָזיקע באַוועגונג, ווי אויך הער מיכאַלס אַנטשלאָסענע ווער-טער, האָבן אַ פּנים געמאַכט אַ רושם אויף הער כאַרלאַמפּס חברים. „לאָז שוין אָפּ, האָבן זיי אים געזאָגט, ביסט אַליין אַ זעלנער, דו ווייסט וואָס עס הייסט דינסט, און עס איז דאָך זיכער, אַז דו וועסט באַקומען אַ סאַטיספאַקציע, ווייל דאָס איז עפּעס אַ דרייסטער פאַרשוין, ווי אַלע זעלנער פון די רוטענישע פאָלקן. האַלט זיך צוריק — מיר בעטן דיך".

הער כאַרלאַמפּ האָט זיך אַ ווײַלע נאָך געוואָרפֿן, צום סוף האָט ער זיך אָבער געכאַפּט, אַז אָדער ער וועט די חברים דערבייזערן, אָדער ער וועט זיי אויסשטעלן אויף אַ אומזיכערן קאַמף מיט די דראַגונער—ער האָט זיך דעריבער געווענדט צו וואָלאָדיאָווסקין און געזאָגט:

—אויב אַזוי גיט אײַער וואָרט, אַז איר וועט זיך שטעלן.

—איך וועל אײַך אַליין אויסזוכן שוין דערפֿאַר אַליין, וואָס איר פֿרעגט זיך וועגן דעם צווײ מאָל. איך וועל זיך שטעלן אין פֿיר טעג אַרום; הײַנט האָבן מיר מיטוואָך, זאָל זײַן שבת נאָכמיטאָג, צווײ אַ זייגער. באַשטימט אַן אָרט.

—דאָ אין באַביצע איז פֿאַראַן אַ סך געסט—האָט כאַרלאַמפּ געזאָגט—עס קאָן קומען צו מניעות. זאָל שוין זײַן דאָ דערנעבן אין ליפּקווו, דאָרט איז שוין רואיקער און פֿאַר מיר נישט ווײַט, ווײַל אונזערע קוואַרטירן געפֿינען זיך אין באַביצע.

—און אײַער קאָמפּאַניע וועט זײַן אַזוי גרויס, ווי הײַנט?—האָט געפֿרעגט דער פּיפּיקער זאַגלאָבאַ.

—אָ, ניין!—האָט כאַרלאַמפּ געזאָגט—נאָר איך וועל קומען און די הערן שעליצקיע, מײַנע קרובים. און איר, האָף איך, וועט זיך אויך שטעלן אָן דראַגונער.

—אפשר גייט מען ביי אייך צו אַ דועל אין מיליטערישער באַגלייטונג—האָט הער מיכאַל געזאָגט—ביי אונז גילט נישט אַזאַ מאָדע.

—הייסט עס, אין פֿיר טעג אַרום, שבת, אין ליפּקווו?—האָט כאַרלאַמפּ געזאָגט—מיר וועלן זיך טרעפֿן פֿאַר דער קרעטשמע, און איצט פֿאָרט מיט גאָט!

מיט גאָט!—האָבן וואָלאָדיאָווסקי און זאַגלאָבאַ געזאָגט.

די געגנער זענען זיך רויִק צעפֿאָרן. הער מיכאַל האָט שוין באַצייטנס זיך געפֿילט גליקלעך פֿון דער קומענדיקער פֿאַרווייַלונג און זיך געריכט צו ברענגען אַ מתנה דעם הער לאָנגין פֿון די וואָנסעס, וואָס ער וועט אָפּשניידן ביים פּעטיהאָרסקער נפֿש. ער איז דעריבער אַן אויפגערוימטער געפֿאָרן קיין

זאַבאָראָוו, ווו ער האָט אויך געטראָפן דעם פּרינץ קאָזשימיעזש, וועלכער איז געקומען אַהין אויף געיעג. אָבער דער הער מ-כאַל האָט נאָר פון דער ווייטנס געזען דעם קינפּטיקן מושל, ווייל ער האָט זיך געאיילט. אין משך פון צוויי טעג האָט ער אַלץ אויסגעפירט, באַקוקט די פערד, באַצאָלט דעם הער טשאַס-קאָווסקין, צוריקגעקערט קיין וואַרשע און צום טערמין, אפילו נאָך מיט אַ שעה פריער, איז ער געקומען קיין ליפּקוו, צוזאַ-מען מיט זאַגלאָבאַן און הער קושעל, וועלכן ער האָט פאַר-בעטן פאַר אַ צווייטן עדות.

פאַרפאָרנדיק אין אַ קרעטשמע, וועלכע עס האָט געהאַלטן אַ ייד, זענען זיי אַריין אין שטוב, כדי זיך אַ ביסל דורכצו-שווענקען דעם גאָרגל מיט מעד און צו פאַרברענגען מיט אַ שמועס ביי אַ כוסע.

—פאַרך, דער האַר איז אין דער היים?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט דעם קרעטשמער.

—דער האַר איז אין שטאָט.

—אַ סך שלאַכטשיצעס שטייען אין ליפּקווו?

—ביי אונז איז פּוסט. נאָר איין האַר האָט זיך אָפּגע-שטעלט ביי מיר און זיצט אין אַלקיר—אַ רייכער האַר מיט די-נער און פערד.

—און פאַרוואָס עפּעס איז ער אין הויף נישט פאַרפאָרן?

—ווייל ער קען אפנים נישט אונזער האַר. איבעריקנס איז דער הויף זייט אַ חודש פאַרמאַכט.

—און אפשר איז דאָס כאַרלאַמפּ?—האָט זאַגלאָבאַ גע-זאָגט.

—ניין—האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט.

—עי, הער מיכאַל, מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז ער

—וואָס פאַלט אייך איין?

—כ׳וועל גיין אַ קוק טון, ווער דאָס איז. ייד, שוין לאַנג שטייט דאָ דער דאָזיקער האַר?

—היינט איז ער געקומען, נאָך קיין צוויי שעה נישט.

—און דו ווייסט נישט, פון וואַנען ער איז?

—כ'ווייס נישט, אָבער ער מוז קומען פון מרחקים, ווייל די פערד זענען ביי אים געווען פאַרמאַטערט; מענטשן האָבן געזאָגט, אַז אַזש פון יענער זייט ווייסל.

—אויב אַזוי, פאַרוואָס האָט ער זיך עפּעס אַזש דאָ אָפּגעשטעלט?

—ווער ווייס?

—כ'וועל גיין און אַ קוק טון—האָט זאַגלאָבאַ ווידער געזאָגט—אפשר עפּעס אַ באַקאַנטער.

און צוגייענדיק צו דער פאַרמאַכטער טיר פון אַלקיר, האָט ער אין איר אָנגעקלאַפּט מיטן הענטל פון דער שווערד און געפרעגט:

—גנעדיקער הער, מ'קאָן אַריין?

—און ווער איז דאָרט?—האָט זיך אָנגערופן אַ שטים פון אינעווייניק.

—אַן אייגענער—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט, אויפמאַכנדיק די טיר.—זייט מיר מוחל, מיין הער, אפשר נישט צו דער ריכטיקער צייט?—האָט ער צוגעגעבן, אַריינשטעקנדיק דעם קאָפּ אין אַלקיר.

מיטאַמאָל האָט ער זיך צוריקגעצויגן, פאַרהאַקט די טיר, גלייך ווי ער וואָלט דעם טויט דערזען פאַר די אויגן. דאָס פּנים זיינס האָט אויסגעדריקט אַן אימה צוזאַמען מיט דער גרעסטער פאַרחידושטקייט, ער האָט געעפנט דאָס מויל און מיט אַ שגעון אין די אויגן געקוקט אויף וואָלאָדיאָווסקין און קושעלן.

—וואָס איז אייך?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

—שטיל!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—דאָרט... איז באָהון!

—ווער? וואָס איז אייך געשען?

—דאָרט... באָהון!

ביידע אָפיצירן זענען אויפגעשפרונגען פון די ערטער.

—איר זענט חסר-דעה געוואָרן? לייגט אייך איבער: ווער?

—באָהון! באָהון!

—ס'קאָן נישט זיין!

—ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן! ווי איך שטיי דאָ פאַר

אייך, איך שווער ביי גאָט און ביי אַלע הייליקע.

—און וואָס זענט איר אַזוי צעטומלט געוואָרן?—האָט וואָ־לאָדיאָווסקי געזאָגט.—אויב ער איז דאָרט דאָ, האָט אים גאָט איבערגעגעבן אין אונזערע הענט. באַרואיקט זיך. איר זענט זי־כער, אַז דאָס איז ער?

—אַזוי זיכער, ווי איך רעד מיט אײַך. כ'האָב אים גע־זען, ער טוט זיך איבער.

—און ער האָט אייך געזען?

—כ'ווייס נישט, דוכט זיך, אַז ניין.

וואָלאָדיאָווסקיס אויגן האָבן געשפריצט מיט פונקען ווי ברענענדיקע קוילן.

—יוד!—האָט ער געזאָגט אין דער שטיל, שאָקלענדיק שטאַרק מיט דער האַנט—קום אַהער! איז פאַראַן אַ טיר פון אַלקיר?

—נישטאָ, נאָר דורך דער דאָזיקער שטוב.

—קושעל הינטערן פענסטער!—האָט הער מיכאַל אַ שעפּטשע געטון.—ער וועט שוין איצט נישט אַנטקומען!

קושעל איז נישט רעדנדיק קיין וואָרט אַרויסגעלאָפן פון דער שטוב.

—באַרואיקט זיך—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—נישט אי־בער אייך, נאָר איבער זיין קאָפּ שוועבט דער טויט. וואָס קאָן ער אייך טון?—גאָרנישט!

—איך קאָן נאָר פון פאַרווּונדערונג נישט קומען צו זיך!—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט, און אין האַרצן האָט ער געטראַכט:

—אמת! וואָס האָב איך מורא צו האָבן? הער מיכאַל איז מיט מיר—זאָל באָהון מורא האָבן!

און אָנשטעלנדיק אַ בייז-אימהדיק פּנים האָט ער זיך גע־כאַפּט צום הענטל פון דער שווערד.

—הער מיכאַל, ער טאָר זיך איצט פון אונזערע הענט נישט אַרויסדרייען!

—אָבער צי איז דאָס נאָר ער? ווייל מיר ווילט זיך נאָך אַלץ נישט גלויבן. וואָס האָט ער דאָ צו טון?

—כמעלניצקי האָט אים אַהערגעשיקט אויף אויסשפּירונגען. דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג! וואַרט, הער מיכאַל. מיר וועלן אים כאַפּן און שטעלן אַ תּנאַי: אָדער ער וועט אָפּגעבן די פּירשטין, אָדער מיר וועלן אים סטראַשען, אַז מיר וועלן אים איבערגעבן דער גערעכטיקייט.

—אַפילו ער וועט אָפּגעבן די פירשטין, זאָל ער גיין צום טייוול!

—גוט, אָבער צי זענען מיר נישט צו וויי‌ניק? צוויי און קושעל דער דריטער? ער וועט זיך פאַרטיידיקן, ווי אַ חיה רעה. און אַ פּאָר מענטשן האָט ער אויך.

—כאַרלאַמפּ וועט קומען מיט צוויי מענטשן—וועלן מיר זיין זעקס! גענוג!—שאַ!

אין דער רגע האָט זיך די טיר געעפנט און באָהון איז אַריין און שטוב.

ער האָט פריער נישט געמוזט באַמערקן זאַגלאָבאַן, בעת ער האָט אַריינגעקוקט אין אַלקיר, ווייל איצט האָט ער דערזעענדיק אים אַ ציטער געטון, דאָס פּנים האָט זיך אים באַדעקט מיט אַ פלאַמיקער רויטקייט און מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ האָט זיין האַנט אַ כאַפּ געטון צום הענטל פון דער שווערד—אָבער דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ רגע-כמימרא. באַלד האָט זיך פאַרלאָשן דער פלאַם אויף זיין פּנים, וועלכעס איז אַ ביסל בלאַס געוואָרן.

זאַגלאָבאַ האָט אויף אים געקוקט און גאָרנישט געזאָגט—דער אַטאַמאַן איז אויך געשטאַנען אַ שטיל-שווייגנדיקער; אין שטוב וואָלסטו געקאָנט הערן אַ פליג דורכפליען—און די דאָזיקע צוויי מענטשן, וואָס זייערע גורלס האָבן זיך צונויפגעפּאָנטערט אויף אַזאַ משונהדיקן אופן, האָבן איצט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי קענען זיך גאָרנישט.

דאָס האָט גענוג לאַנג געדויערט. דעם הער מיכאַל האָט זיך געדוכטן, אַז עס דויערט אַן אייביקייט.

—ייד—האָט באָהון מיטאַמאָל געזאָגט—ווייט איז פון דאָנען קיין זאַבאָראָוו!

—נישט ווייט—האָט דער ייד געענטפערט—דער גנעדיקער הער פּאָרט באַלד?

—יאָ—האָט באָהון געזאָגט און זיך אַ קער געטון צו דער טיר פון שטוב, וואָס פירט אין פאָדער-הויז.

—זייט מוחל—האָט אָפּגעקלונגען זאַגלאָבאַס שטים.

דער קאָזאַק האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט, גלייך ווי ער וואָלט אין דער ערד אַריינגעוואַקסן, און ווענדנדיק זיך צו זאַגלאָבאַן, האָט ער אין אים איינגעשפּיזט זיינע שוואַרצע, אימהדיקע שוואַרץ־אַפּלען.

—וואָס ווילט איר?—האָט ער קורץ געפרעגט.

—עפּעס דוכט זיך מיר, אַז מיר קענען זיך פון ערגעץ. האָבן מיר זיך נישט אַמאָל געזען אויף דער חתונה אין דער פּאַרם, אין רוס?

—יאָ, אמת!—האָט דער קאָזאַק גאַוהדיק געענטפערט, לייגנ-דיק ווידער די האַנט אויף דער שווערד.

—וואָס מאַכט איר עפּעס מיטן געזונט?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט—מחמת איר זענט דעמאָלט עפּעס אַזוי פּלוצלינג אַרויס-געפאָרן פון דער פּאַרם, אַז איך האָב אפילו נישט קיין צייט געהאַט זיך צו געזעגענען.

—און איר האָט דערפון געהאַט עגמת-נפש?

—אודאי האָב איך געהאַט עגמת-נפש, מיר וואָלטן גע-מאַכט אַ רקידהלע; דער עולם האָט זיך פאַרגרעסערט (דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ אָנגעוויזן אויף וואָלאָדיאָווסקין). אָט דער דאָזי-קער ריטער איז גראָד אָנגעפאָרן און ער וואָלט זיך געפרייט מיט אייך נענטער זיך צו באַקענען.

—גענוג!—האָט הער מיכאַל אַ געשריי געטון, אויפשטעלנ-דיק זיך מיטאַמאַל—בוגד, איך אַרעסטיר דיך!

—מיט וואָס פאַר אַ רעכט?—האָט געפרעגט דער אַטאַמאַן, אויפהייבנדיק שטאָלץ דעם קאָפּ.

—ווייל דו ביזט אַ מורד, אַ שונא פון דער רעפּובליק און דו ביזט געקומען אַהער אויף אויסשפּירונגען.

—און איר—ווער זענט איר דאָס צווינס?

—אָ! איך וועל זיך מיט דיר נישט אויסטענהן, אָבער דו וועסט זיך פון מיר נישט אַרויסדרייען!

—מיר וועלן זען!—האָט באָהון געזאָגט—איך וואָלט זיך אויך מיט אייך נישט אויסגעטענהט, ווער איך בין, ווען דו וואָלסט מיך אַלס זעלנער אַרויסגערופן אויף אַ קאַמף מיט שווערדן, קוים אָבער סטראַשעסטו מיט אַרעסט, וועל איך זיך פאַר דיר פאָרשטעלן: אָט איז דער בריוו, וועלכן איך פיר פון זאַפּאָראָ-זשער העטמאַן צום פרינץ קאָזשימיעזש און נישט געפינענדיק אים אין ניעפּאָרענט, פאָר איך מיט אים קיין זאַבאָראָוו. ווי אַזוי וועסטו מיך איצט אַרעסטירן?

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט באָהון אַ קוק געטון גדלות-דיק און חוצפּהדיק אויף וואָלאָדיאָווסקין, און הער מיכאַל איז זייער מבולבל־געוואָרן, ווי אַ יאַגד-הונט, וועלכער שפּירט, אַז די חיה אַנטקומט אים, און נישט וויסנדיק וואָס צו טון, האָט ער געווענדט אַ פרעגנדיקן בליק אויף זאַגלאָבאַן. אַ ווײַלע האָט אָנגעהאַלטן אַ שווערע שטילקייט.

—האַ!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—פאַרפאַלן! קוים ביזטו אַ שליח, קאָנען מיר דיך שוין נישט אַרעסטירן, אָבער מיט דער שווערד זאָלסטו דעם דאָזיקן ריטער נישט סטראַשען, ווייל דו ביזט שוין איינמאָל פאַר אים אַנטלאָפן, אַז די ערד האָט זיך אַזש געטרייסלט.

באָהונס פנים האָט זיך באַצויגן מיט אַ פּורפּור-רויטקייט, ווייל אין דער רגע האָט ער דערקענט וואָלאָדיאָווסקין. די חרפּה און דער געשענדעטער שטאָלץ האָבן זיך איצט צעשפּילט אין דעם אומדערשראָקענעם קאָזאַק. דער אָנדענק וועגן מאָמענט פון אַנטלויפן האָט אים געבערענט, ווי אַ פייער. דאָס איז געווען דער איינציקער נישט אָפּגעווישטער פלעק אויף זיין קאָזאַקישן שם, וועלכן ער האָט ליב געהאַט מער ווי דאָס לעבן, מער ווי אַלץ.

און דער אומדערבאַרמדיקער זאַגלאָבאַ האָט ווייטער קאַלט-בלוטיק געזאָגט:

—דו האָסט שיער די הייזעלעך נישט פאַרלוירן, אַז אַ

רחמנות האָט אַזש אָנגענומען דעם דאָזיקן ריטער און ער הָ… דיר געשענקט דאָס לעבן. טפו! גנעדיקער הער קאָזאַק, דו האָסט אַ ווייבעריש פנים, אָבער אויך אַ ווייבעריש האַרץ. ביזט געוועזן אַ בריה מיט דער אַלטער פירשטין און מיט דעם קינדישן פירשט, אָבער מיט אַ ריטער ביזטו אויס פלאָקנשיסער! בריוו צו פירן טויגסטו, מיידלעך צו פאַרכאַפּן, אָבער נישט צו האַלטן מלחמה! ווי גאָט איז מיר ליב, כ'האָב מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי די הייועלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. טפו! אָט רעדסטו איצט אויך וועגן שווערדן, ווייל דו פירסט אַ בריוו. ווי אַזוי זאָלן מיר זיך מיט דיר שלאָגן, אַז דו באַשיצסט זיך מיט דעם דאָזיקן בריוו? זאַמד אין די אויגן, זאַמד אין ז… אויגן, גנעדיקער הער קאָזאַק! כמיעל איז אַ גוטער זעלנער, קשיוואָנאָס איז אויך גוט, אָבער פאַראַן צווישן די קאָזאַקן אַ… סך פחדנים!

באַהון האָט זיך מיטאַמאָל צוגערוקט צום הער זאַגלאָבאַ, און הער זאַגלאָבאַ האָט זיך אויך גיך אָפּגערוקט הינטער הער וואָלאָדיאָווסקין אַזוי, אַזביידע יונגע ריטערס האָבן זיך געפונען פנים אל פנים.

—נישט פון שרעק בין איך פאַר אייך אַנטלאָפן, נאָר כדי די מענטשן צו ראַטעווען.

—כ'ווייס נישט צוליב וועלכע טעמים דו ביזט אַנטלאָפן, אָבער כ'ווייס, אַז דו ביזט אַנטלאָפן—האָט הער מיכאַל געזאָגט.

—אומעטום וועל איך זיך מיט אייך שלאָגן, אפילו שוין דאָ איצט.

—רופסט מיך אַרויס?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט, פאַרזשמורנדיק די אויגן.

—דו האָסט דערנידריקט מיין קאָזאַקישן שם, דו האָסט מיך מבזה געווען! איך דאַרף האָבן דיין בלוט.

—גוט—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—אַז אייך איז ליב איז אונז ניחא—האָט זאַגלאָבאַ צוגעגעבן—אָבער ווער וועט צום פרינץ דעם בריוו אָפּגעבן?

—זאָל איך דער קאָפּ וועגן דעם נישט ווײ טון; דאָס איז מײַן זאַך!

—אויב אַזוי שלאָגט זיך, אַז איר ווילט דוקא—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—און אויב דו וועסט אַרויס בשלום, גנעדיקער הער קאָזאַק, פֿון געראַנגל מיט דעם דאָזיקן ריטער—זאָלסטו געדענקען, אַז איך שטעל מיך דער צווייטער. און איצט קומט אַרויס, הער מיכאַל, פֿאַרן פֿאָדער-הויז, כ'האָב אײַך עפּעס וויכטיקעס צו זאָגן.

די צוויי פֿרײַנט זענען אַרויסגעגאַנגען און אַוועקגערופֿן קושעלן פֿון הינטערן פֿענסטער פֿון אַלקיר, דערנאָך האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט:

—גנעדיקער הער, אונזער ענין שטייט נישט גוט. ער האָט אויף אַן אמת אַ בריוו צום פּרינץ—ווען מיר אים דערהרגענען, זענען מיר פֿאַרברעכער. געדענקט, אַז דער קאַפּטור, וואָס זײַן עובדא איז אָפּצוהיטן די אָרדנונג, משפּט אויף צוויי מײַל פֿון וואַל-פֿעלד—און ער איז דאָך לפֿנים פֿאָרט אַ שליח! אַ שווערער ענין! סײַדן מיר וועלן זיך שפּעטער ערגעץ-ווו באַהאַלטן, אָדער דער פֿירשט וועט אונז אפֿשר באַשיצן—אַ נישט קאָן זײַן בעסער. און ווידער אָפּלאָזן אים פֿרײַ—איז נאָך ביטערער. ס'איז דאָס אייניציקע מיטל צו באַפֿרייען אונזער אָרעם מיידל. אַז ער וועט נישט זײַן אויף דער וועלט, וועלן מיר זי לײַכטער אויסגעפֿינען. גאָט אַליין וויל אפֿנים העלפֿן איר און סקשעטוסקין. גיט אַן עצה, גנעדיקע הערן.

—איר וועט דאָך מסתמא שוין פֿאַלן אויף עפּעס אַ המצאה?—האָט קישעל זיך אָנגערופֿן.

—איך האָב שוין מיט מײַן המצאה אויפֿגעטון דאָס, אַז ער האָט אונז אַליין אַרויסגערופֿן. אָבער מען מוז האָבן עדות, פֿרעמדע מענטשן. מײַן עצה איז, אַז מ'זאָל צוּוואַרטן אויף כאַרלאַמפּן. איך נעם זיך אונטער צו פּועלן בײַ אים, אַז ער זאָל אָפּרעטן און אַז עס וועט נויטיק זײַן זאָל ער עדות-זאָגן, אַז מיר זענען אַרויסגערופֿן געוואָרן און געמוזט זיך פֿאַרטיידיקן. מ'דאַרף אויך אַרויסקריגן פֿון באָהונען, ווי ער האָט דאָך

מיידל באַהאַלטן. אויב ער וועט אומקומען, גייט זי דאָך אים מער נישט אָן—אפשר וועט ער זאָגן, אַז מיר ווילן אים באַשווערן. וועט ער נישט זאָגן, איז דאָך אודאי בעסער, אַז ער זאָל נישט לעבן. מ׳דאַרף אַלץ טון מיט שׂכל און מיט ישוב-הדעת. דער קאָפּ פּלאַצט, גנעדיקע הערן.

—און ווער וועט זיך מיט אים שלאָגן?—האָט קושעל געפרעגט.

—הער מיכאַל דער ערשטער, און איך דער צווייטער—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—און איך דער דריטער

—ס׳קאָן נישט זיין—האָט הער מיכאַל איבערגעריסן—איך אַליין וועל זיך שלאָגן און אַן עק. וועט ער מיך אַוועקלייגן, איז זיין גליק—זאָל ער זיך פאָרן געזונטערהייט.

—אָ! איך האָב אים שוין אַרויסגערופן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—אָבער אויב איר וועט אַזוי באַשליסן, וועל איך אָפּטרעטן.

—יו, ס׳איז אָפּהענגיק פון אים צי ער וועט זיך מיט אייך יאָ שלאָגן, אָבער ווייטער מיט קיינעם נישט.

—אויב אַזוי לאָמיר גיין צו אים.

—לאָמיר גיין.

זיי זענען אַוועק—און געטראָפן באָהוּנען אין דער הויפּט-שטוב טרינקנדיק מעד. דער קאָזאַק איז שוין געווען אינגאַנצן רואיק.

—הערט נאָר, מיין הער—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—וויל מיר ווילן מיט אייך רעדן וועגן זייער וויכטיקע זאַכן. איר האָט אַרויסגערופן דעם דאָזיקן ריטער—גוט, אָבער איר דאַרפט וויסן, אַז קוים זענט איר אַ שליח, שיצט אייך דאָס געזעץ, ווייל איר זענט געקומען צו אַ פּאָליטיש פּאָלק, און נישט צו ווילדע בעסטיעס. און דעריבער קאָנען מיר זיך מיט אייך נישט שלאָגן, סיידן איר וועט ביי עדות מעיד זיין, אַז איר האָט אַליין גערנוויליק אַרויסגערופן. עס ווילן קומען אַהער אַ פּאָר שלאַכטשיצעס, מיט וועלכע מיר האָבן געזאָלט דועלירן—פּאַר זיי וועט

איר דאָס דערקלערן—און מיר ווידער וועלן אייך געבן אַ ריי- טערלעך וואָרט, אַז אויב די הצלחה וועט אייך צושפּילן מיטן הער וואָלאָדיאָווסקין, וועט איר פריי אַוועקפאָרן און קיינער וועט אייך נישט מאַכן קיין מניעות, סיידן איר וועט זיך וועלן נאָך מיט מיר פאַרמעסטן.

—מסכּים—האָט באָהון געזאָגט—איך וועל זאָגן פאַר יענע שלאַכטשיצעס און וועל אָנזאָגן מיינע מענטשן, אַז אויב כ'וועל אומקומען זאָלן זיי אַוועקפירן דעם בריוו און כמעלניצקין זאָגן, אַז איך אַליין האָב אַרויסגערופן. און אויב גאָט וועט מיר געבן הצלחה און כ'וועל ביי דעם דאָזיקן ריטער מיין קאָזאַקישן שם צוריקגעווינען, וועל איך אייך נאָך שפּעטער פאַרבעטן אויף שווערדן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער אַ קוק געטון זאַגלאָבאַן אין די אויגן אַריין. און זאַגלאָבאַ איז אַ ביסל צעמישט גע- וואָרן, האָט אַ הוסט געטון, אַ שפּיי געטון און געזאָגט:

—מסכּים. אַז דו וועסט פּרוּוון דיינע כּחות מיט דעם דאָ- זיקן תּלמיד מיינעם, וועסטו געוווּיר ווערן, וואָס פאַר אַן אַרבעט די וועסט מיט מיר האָבן. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. פאַ- ראַן אַ צווייטער וויכטיקערער פּונקט, אין וועלכן מיר אַפּעלירן צו דיין געוויסן, ווייל הגם דו ביזט אַ קאָזאַק, ווילן מיר זיך מיט דיר נוהג זיין ווי מיט אַ ריטער. דו האָסט פאַרכאַפּט די פריילין-פירשטין העלענאַ קורצעוויטש, די כּלה פון אונזער חבר און פריינט, און האָסט זי פאַרבאָרגן. זיי וויסן, אַז אויב מיר וואָלטן דיך דערפאַר גערופן צום משפּט, וואָלט דיר גאָרנישט געהאָלפן דאָס, וואָס כמעלניצקי האָט דיך געמאַכט פאַר זיין שליח, ווייל דאָס איז אַ שווערער חטא, פאַר וועלכן מען וואָלט דיך דאָ באַלד געמשפּט. אָבער דו גייסט צו אַ קאַמף און קאָנסט אומקומען, און דעריבער דאַרפסטו עס דיר איבערלייגן, וואָס וועט ווערן מיט דעם אומגליקלעכן מיידל, אַז דו וועסט אומ- קומען? ווילסטו דען, אַז זי זאָל ליידן און אומקומען, דו, וואָס דו האָסט זי ליב? ווילסטו דען, אַז זי זאָל בלייבן אָן שוץ, אַז זי זאָל זיין אויסגעשטעלט אויף שאַנד און צרות? ווילסטו אויך

באָכן טויט זיין איר תּלין?

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַס שטים געקלונגען אומגעווײנלעך ערנסט, און באַהון איז בלאַס געוואָרן—און האָט געפרעגט:

—וואָס ווילט איר פון מיר?

—גיב אונז אויס דאָס אָרט פון איר באַהעלטעניש, כּדי מיר זאָלן אין פאַל פון דיין טויט קענען זי אויסגעפינען און אָפּגעבן איר חתן. גאָט וועט זיך דערבאַרעמען איבער דיין נשמה, אויב דו וועסט דאָס טון.

דער קאָזאַק האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט און זיך טיף פאַרטראַכט, און די דריי חברים האָבן זיך שטאַרק צוגעקוקט צו די שנויים אויף דעם דאָזיקן באַוועגלעכן פּנים, וועלכעס האָט מיטאַמאָל זיך באַוויזן מיט אַזאַ רירנדיקער עצבות, גלייך ווי כּעס, רציחה, און אַנדערע שטורמישע געפילן וואָלטן זיך קיינמאָל נישט געמאָלט אויף אים און גלייך ווי דער דאָזיקער מענטש וואָלט נאָר באַשאַפן געוואָרן צו ליבע און בענקעניש. אַ לאַנגע צייט האָט אָנגעהאַלטן דאָס שטילשווייגן, צום סוף איז עס אָבער איבערגעריסן געוואָרן דורך זאַגלאָבאַס שטים, וועלכע האָט געציטערט, אַרויסזאָגנדיק פאָלגנדיקע ווערטער:

—און אויב איר האָט זי געשענדט, זאָל אייך גאָט דערפאַר באַצאָלן, און זי זאָל כאָטש אין אַ קלויסטער געפינען אַ נחמה...

באַהון האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן, פייכטע, פאַרבענקטע, און האָט אַזוי געזאָגט:

—אויב איך האָב זי געשענדט? איך ווייס נישט ווי אַזוי איר ליבט, איר הערן שלאַכטשיצעס און ריטערס, אָבער איך בין אַ קאָזאַק, איך האָב זי אין באַר מציל געווען פון טויט און שאַנד, און דערנאָך אין מדבר אַרויסגעפירט—און דאָרט ווי אַן אויג אין קאָפּ געהיטן, מיט קיין פינגער זי נישט אָנגערירט, צו די פיס איר געפאַלן און זיך געבוקט מיטן פּנים צו דער ערד, ווי פאַר אַ בילד. זי האָט געהייסן אַוועקגיין, בין איך אַוועקגעגאַנגען—און זי מער נישט געזען, ווייל די מאַמע-מלחמה האָט מיך פאַרהאַלטן.

—דער דאָזיקער זכות וועט אייך אין יום-הדין ביישטיין!—
האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט, טיף אָפּעטעמענדיק.—אָבער צי איז זי
דאָרט באַוואָרנט? דאָרט איז קשיוואָנאָס און די טאָטערס!

—קשיוואָנאָס ליגט ביי קאַמענעץ, און מיך האָט ער גע-
שיקט צו כמיעלניצקין פרעגן, צי ער זאָל גיין קיין קודאַק—און
ער איז מסתמא שוין געגאַנגען, און דאָרט, ווו זי איז, זענען
נישטאָ נישט קיין קאָזאַקן, נישט קיין ליאַכעס, נישט קיין טאָ-
טערס—זי איז דאָרט זיכער.

—און ווו איז זי?

—הערט, הערן ליאַכעס! זאָל זיין ווי איר ווילט—איך וועל
אייך זאָגן, ווו זי איז און וועל זי הייסן אַרויסגעבן, אָבער
דערפאַר זאָלט איר מיר געבן אייער ריטערלעך וואָרט, אַז אויב
גאָט וועט מיר געבן הצלחה, וועט איר זי שוין מער נישט זוכן.
איר וועט צוזאָגן פאַר זיך און פאַרן הער סקשעטוסקי, און איך
וועל אייך זאָגן.

די דריי פריינט האָבן זיך אומגעקוקט איינער אויפן
צווייטן:

—מיר קאָנען דאָס נישט טון!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט

—אָ מיר קאָנען בשום אופן נישט!—האָבן קושעל און וואָ-
לאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן.

—אַזוי?—האָט באָהון געזאָגט און די ברעמען זיינע האָבן
זיך אים צוזאַמענגעצויגן און די אויגן האָבן געפינקלט.—פאַר-
וואָס עפּעס קאָנט איר, הערן ליאַכעס, דאָס נישט טון?

—ווייל הער סקשעטוסקי איז דערביי נישטאָ, און אַ חוץ
דעם זייט וויסן, אַז קיינער פון אונז וועט זי נישט אויפהערן
צו זוכן, ווען אפילו דו זאָלסט זי האָבן אונטער דער ערד
באַהאַלטן.

—הייסט עס, איר וואָלט מיט מיר אַזאַ געשעפט געמאַכט:
דו קאָזאַק גיב אַוועק די נשמה, און מיר וועלן דיר אָפּצאָלן
מיט דער שווערד! אָ איר וועט דאָס נישט דערלעבן! און וואָס
מיינט איר זיך, אַז מיין קאָזאַקישע שווערד איז נישט פון
שטאָל?—אַז איר קראַקעט שוין איבער מיר, ווי ראָבן איבער אַ

כלה?—און ווער זאָגט עפּעס, אַז איך וועל אומקומען, און נישט איר? איר דאַרפט האָבן מיין בלוט, און איך אייערס! מיר וועלן זען ווער עס וועט וועמענס באַקומען?

—ווּעסטו, הייסט עס, נישט זאָגן?

—און צו וואָס זאָל איך זאָגן?—אַ טויט אייך אַלע!

—אַ טויט דיר! ביזט ווערט, אַז מ'זאָל דיך אויף די שווערדן צעטראָגן.

—פּרווט—האָט דער קאָזאַק געזאָגט, אויפשטעלנדיק זיך מיטאַמאָל.

קושעל און וואָלאָדיאָווסקי זענען אויך אויפגעשפרונגען פון די ערטער. אימה-אָנוואַרפנדיקע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, די הערצער האָבן פון רציחה געגומען שטאַרקער קלאַפּן און ווער ווייס וואָס דער סוף דערפון וואָלט געווען, ווען נישט זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט אַ קוק טוענדיק אין פענסטער אויס-געשריגן:

—כאַרלאַמפּ מיט די עדות איז געקומען!

אין אַ ווײַלע אַרום איז טאַקע דער פּיעטיהאָרסקער ריט-מייסטער צוזאַמען מיט צוויי חברים, די הערן שעליצקי, אַריין אין שטוב. נאָך די ערשטע באַגריסונגען האָט זיי זאַגלאָבאַ אַוועקגערופן אין אַ זייט און געגומען זיי מסביר זיין דעם ענין.

און ער האָט אַזוי גוט מיט זיי איינגעטענהט, אַז ער האָט זיי באַלד איבערצייגט, בפרט, אַז ער האָט פאַרזיכערט, דאָס הער וואָלאָדיאָווסקי בעט נאָר אָפּצולייגן דעם דועל אויף אַ קור-צע צייט און אַז באַלד נאָכן קאַמף מיטן קאָזאַק איז ער גרייט זיך צו שטעלן צום דועל. דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ געגומען דערציילן, ווי אַלט און ווי שרעקלעך עס איז די שנאה פון פירשטס זעלנער צו באָהונען, אַז ער איז אַ שונא פון דער גאַנצער רעפּובליק און איינער פון די שרעקלעכסטע מורדים, און צום סוף ווי אַזוי ער האָט פאַרכאַפּט די פירשטין, אַ פרײַליין פון אַ שררהשן הויז און די כלה פון אַ שלאַכטשיץ, וועלכער איז כולל אין זיך אַלע ריטערלעכע מדות. „און אויב איר, מיינע הערן, זענט שלאַכטשיצעס און האַלט זיך פאַר ברי-

דער פון ריטערלעכן שטאַנד מוזט איר באַטראַכטן די עולה פאַר אַ בשותפותדיקע, ווייל זי איז באַגאַנגען געוואָרן אַקעגן גאַנצן שטאַנד אין דער פּערזאָן פון אַ יחיד—וועט איר נאָך דעם אַלעם דערלאַזן, אַז עס זאָל פאַר איר קיין נקמה נישט גענומען ווערן?"

הער כאַרלאַמפּ האָט תחילת געמאַכט שוועריקייטן און געזאָגט, אַז אויב אַזוי דאַרף מען באָהונען תיכף צעהאַקן אויף שטיקער, „און הער וואָלאָדיאָווסקי זאָל זיך מיט מיר גיין שלאָגן". האָט אים הער זאַגלאָבאַ אויפסניי געמוזט דערקלערן, פאַרוואָס עס קאָן אַזוי נישט זיין און אַז עס פּאַסט נישט פאַר ריטער, אַז זיי זאָלן אין אַזאַ גרויסער צאָל אָנפאַלן אויף איינעם. צום גליק האָבן אים צוגעהאָלפן די הערן שעליצקי, ביידע קלוגע און איבערגעלייגטע מענטשן, ביז דער פאַרעקשנטער ליטווינער האָט זיך צום סוף געלאָזט איבערצייגן און מכפּר געווען אָפּצוּוואַרטן.

דערווייל איז באָהון אַוועק צו זיינע מענטשן און צוריקגעקומען מיטן עסאַול עליאַשענקאָ, וועלכן ער האָט דערקלערט, אַז ער האָט צוויי שלאַכטשיצעס אַרויסגערופן אויף אַ קאַמף, דערנאָך האָט ער דאָסזעלבע הויך איבערגעחזרט פאַרן הער כאַרלאַמפּ און די הערן שעליצקי.

—און מיר ווידער דערקלערן—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—אַז אויב דו וועסט מנצח זיין אין קאַמף מיט מיר, וועט עס דעמאָלט זיין אָפּהענגיק פון דיין רצון, צי דו וועסט זיך נאָך וועלן שלאָגן מיטן הער זאַגלאָבאַ, אין קיין פאַל אָבער וועט קיינער דיך מער נישט אַרויסרופן און קיין שום גרופּע וועט דיך אויך נישט באַפאַלן און דו וועסט דיר אָפּפאָרן וווּ דו וועסט וועלן—אויף וואָס מיר געבן דאָס ריטערלעכע וואָרט און אייך מיינע הערן, וואָס איר זענט איצט געקומען, בעטן מיר, אַז איר זאָלט פון אייער זייט אויך דאָס צוזאָגן.

—מיר זאָגן צו—האָט כאַרלאַמפּ און ביידע שעליצקיס געזאָגט אין אַ פייערלעכן טאָן.

דעמאָלט האָט באָהון איבערגעגעבן עליאַשענקאָן כמיעל-

ביצקיס בריוו צום פרינץ קאַזשימיעזש און אַזוי געזאָגט:

—דו וועסט דעם דאָזיקן בריוו אָפּגעבן דעם פרינץ און אויב איך וועל אומקומען, וועסטו זאָגן אים און כמיעלניצקין, אַז דאָס איז געווען מיין שולד און אַז איך בין נישט דער-הרגעט געוואָרן דורך אַ בוגד.

זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט זיך צו אַלץ גוט צוגעקוקט, האָט באַמערקט, אַז אויף עליאַשענקאָס טריבן פּנים האָט זיך נישט אָפּגעשלאָגן די מינדסטע אומרואיקייט—אַפּנים, ער איז געווען צו זיכער אין זיין אַטאַמאַן.

דערווייל האָט באָהון גאוהדיק זיך געווענדט צו די שלאַב-טשיצעס.

—נו, וועמען ס'איז באַשערט צו שטאַרבן און וועמען צו לעבן—האָט ער געזאָגט.—מיר קאָנען גיין.

—שוין צייט, צייט!—האָבן זיך אַלע אָנגערופן, פאַר-קאַטשענדיק די פּאָלעס פון די רעק הינטער די גאַרטלען און בעמענדיק די שווערדן אונטער די אָרעמס.

זיי זענען אַרויס פאַר דער קרעטשמע און זיך אַ קער געטון צום טייכל, וועלכעס האָט געפלאָסן צווישן ווייסע דער-נער, ווילדע רויזן און געדיכטע ווילדע שטעכעדיקע געוויקסן. דער האַרבסט האָט אמת שוין אַראָפּגעוואָרפן דאָס געבלעטער פון די ביימער, אָבער די געוויקסן זענען געווען אַזוי געדיכט צונויפגעפרעסט, אַז זיי האָבן זיך געצויגן ווי אַ באַנד פון שוואַרצער גאַזע העט דורך די פוסטע פעלדער אַזש ביז צו די וועלדער. דער טאָג איז אמת געווען אַ בלייכער, אָבער אַ לוי-טערער מיט יענער מרה-שחורהדיקער האַרבסט-לויטערקייט, וואָס איז פול מיט מתיקות. די זון האָט מילד אַרומגעזוימט מיט גאָלד די נאַקעטע צווייגן פון די ביימער און באַגאָסן מיט ליכט די געלע זאַמד-שטחים, וואָס האָבן זיך געצויגן אַ ביסל אָן אַ זייט פון רעכטן ברעג פון טייכל. די קעמפער און זייערע עדות זע-נען גראָד געגאַנגען צו יענע זאַמד-שטחים.

—דאָרט וועלן מיר זיך אָפּשטעלן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—גוט—האָבן אַלע געענטפערט.

זאַגלאָבאַ איז געוואָרן וואָס אַמאָל אומרואיקער, צום סוף איז ער צוגעגאַנגען צו וואָלאָדיאָווסקין און אים איינגערוימט:

—הער מיכאַל...

—וואָס?

—געדענק אין גאָט, הער מיכאַל, און טו דיין זאַך בשלמות! אין דיין האַנט ליגט איצט סקשעטוסקיס גורל, די פרייהייט פון דער פירשטין, דיין אייגן און מיין לעבן, ווייל אויב, חלילה, עס וועט דיר נישט געראָטן, וועל איך זיך מיט דעם דאָגיקן רוצח נישט קאָנען קיין עצה געבן.

—אויב אַזוי פאַרוואָס האָט איר אים אַרויסגערופן?

—איך האָב געזאָגט אַ וואָרט. כ'האָב געהאַט בטחון אין דיר, הער מיכאַל, אָבער איך בין שוין אַלט, אַ אָטעם האָב איך אַ קורצן, ער פאַרהאַלט זיך, און דער דאָזיקער תּכשיט קאָן שפּרינגען ווי אַ באַלעם. דאָס איז אַן אמתער מזיק, הער מיכאַל.

—איך וועל זיך באַמיִען—האָט געזאָגט דער קליינער ריטער.

—זאָל דיר גאָט העלפן. פאַרליר נישט דעם מוט!

—האָב נישט קיין מורא!

אין דער רגע איז צו אים צוגעגאַנגען איינער פון די הערן שעליצקי.

—אַ גרויסער מחבל איז דער דאָזיקער קאָזאַק אייערער—האָט ער שטיל געזאָגט—ער באַגייט זיך מיט אונז, ווי אַ גלייכער, אויב נישט ווי אַ בעסערער. הו! וואָס פאַר אַ גבורה! זיין מאַמע האָט זיך געמוזט פאַרקוקן אויף עפּעס אַ שלאַכטשיץ.

—עס!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—גיכער האָט זיך עפּעס אַ שלאַכטשיץ פאַרקוקט אויף זיין מאַמע.

—איך מיין אויך אַזוי—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—לאָמיר זיך שטעלן!—האָט באָהון מיטאַמאָל אויסגערופן.

—לאָמיר זיך שטעלן, לאָמיר זיך שטעלן!

זיי האָבן זיך געשטעלט. די שלאַכטשיצעס אין אַ האַלבעיגול. וואָלאָדיאָווסקי און באָהון איינער אַקעגן צווייטן.

וואָלאָדיאָווסקי אַלס מענטש, וואָס איז שוין אויסגעפּרוווט

אין אַזעלכע זאַכן, הגם ער איז נאָך ייִנג, האָט צעוערשט אַ טאַפּ געטון מיטן פּוס דאָס זאַמד, צי ס'איז האַרט, דערנאָך האָט ער זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן, ווילנדיק באַמערקן אַלע אומגלייכקייטן פון באָדן, און ס'איז קענטיק געווען, אַז ער האָט די זאַך גאָרנישט גרינגגעשעצט. ס'איז דאָך אים אויסגעקומען צו האָבן צו טון מיט אַ ריטער, וואָס זיין שם קלינגט איבער גאַנץ אוקראַינע, וועגן וועלכן דאָס פאָלק האָט געזונגען לידער און וועמענס נאָמען עס איז געווען באַקאַנט אין גאַנץ רוס, אַזוי גרויס און ברייט ווי זי איז, אַזש ביז קרים. הער מיכאַל, אַ פּשוטער פּאָרוטשניק פון די דראַגונער, האָט פאַרבונדן גרויסע האָפנונגען מיט דעם דאָזיקן קאַמף: אָדער אַ רומפולן טויט, אָדער אויך אַ רומפולן נצחון, און דעריבער האָט ער גאָרנישט פאַרנאַכלעסיקט, כדי צו ווייזן, אַז ער איז ראוי צו האָבן צו טון מיט אַזאַ קעגנער. דערפאַר האָט אויך זיין פּנים אויסגעדריקט אַן אומגעוויינלעכע ערנסטקייט, וואָס אַז זאַגלאָבאַ האָט זי באַמערקט, האָט ער זיך אַזש דערשראָקן: „ער פאַרלירט דעם מוט—האָט ער אַ טראַכט געטון—ער איז פאַרלוירן, און צוזאַמען מיט אים בין אויך איך פאַרלוירן!”

דערווייל האָט וואָלאָדיאָווסקי, נאָכדעם ווי ער האָט גוט באַטראַכט דעם באָדן, גענומען אויפקנעפּלען דעם ראָק.

—ס'איז קאַלט—האָט ער געזאָגט—אָבער מיר וועלן זיך דערוואַרעמען.

באָהון האָט אים אויך נאָכגעטון און ביידע האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די אויבערשטע מלבושים, אַזוי אַז זיי זענען געבליבן נאָר אין די הויזן און אין די העמדער—שפּעטער האָבן זיי גענומען אויף דער רעכטער האַנט פאַרקאַטשען די אַרבל.

אָבער ווי נעבעכדיק האָט אויסגעזען דער קליינער הער מיכאַל ביי דעם געוויקסיקן און שטאַרקן אַטאַמאַן! מ'האָט אים כמעט נישט אַרויסגעזען! די עדות האָבן מיט מורא געקוקט אויף דעם קאָזאַקס ברייטער ברוסט, אויף די געוואַלדיקע מוסקולן, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט פון הינטער דעם פאַרקאַטשעטן אַרבל און האָבן געהאַט אַ פּנים פון קניפּן און סענקען.

עס האָט אויסגעזען, אַז אַ קליין העַנטל שטעלט זיך צום קאַמף מיט אַ מעלכטיקן סטעפּ-אָדלער. באָהונס נאָזלעכער האָבן זיך פּו- נאַנדערגעבלאָזן; גלייך ווי ער וואָלט באַצייטנס דערשנאַפּט בלוט, דאָס פּנים האָט זיך אים אַזוי צונויפגעשרומפּט, אַז די שוואַרצע שפּרינגע האָט זיך אויסגעוויזן צו גרייכן ביז צו די ברעמען, און די שווערד האָט אים געציטערט אין די הענט—ער האָט זיינע גיריקע אויגן אַריינגעשפּיזט אין קעגנער און געוואַרט אויף אַ קאָמאַנדע.

און הער וואָלאָדיאָווסקי האָט ביים ליכט נאָך בודק גע- ווען די שאַרף פון דער שווערד, האָט באַוויגן מיט די געלע וואָנסעלעך און זיך געשטעלט אין דער פּאָזיציע.

—אַן אמתע יאַטקע וועט דאָ זיין!—האָט כאַרלאַמפּ אַ ברום געטון צו שעליצקין.

דאָ האָט אָפּגעקלונגען זאַגלאָבאַס שטים, וועלכע האָט אַ ביסל געציטערט:

—אין גאָטס נאָמען, הייבט אָן!

# 12 קאַפּיטל.

עס האָבן אַ בליץ געטון די שווערדן און אַ שאַרף האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ שאַרף. דער קאַמפּס-פּלאַץ האָט זיך באַלד געענדערט, ווייל באָהון האָט אָנגעגריפן מיט אַזאַ ווילדער רציחה, אַז הער וואָלאָדיאָווסקי איז צוריקגעשפּרונגען אויף אַ פּאָר שריט און די עדות האָבן זיך אויך געמוזט צוריקציִען. די בליציקע זיגזאַגן פון באָהונס שווערד זענען געפלויגן אַזוי גיך, אַז די איבערגעשראָקענע אויגן פון די עדות האָבן זיי נישט געקאָנט נאָכיאָגן—עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז הער מיכאַל איז אינגאַנצן פון זיי אַרומגענומען, באַדעקט און אַז נאָר איין גאָט וועט בכּוח זיין אים אַרויסצערייסן פון הינטער דעם דאָזיקן שטורם פון קלעפּ. די קלעפּ האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין אומאויפהערלעכן געפייף, דער ווירבל פון דער אויפגערודערטער לופט האָט געקלאַפּט אין די פּנימער. די רציחה פון קאָזאַק איז געוואַקסן: עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ ווילדער קאַמפּס-שגעון און ער האָט געשטויסן פאַר זיך וואָלאָדיאָווסקין ווי אַ שטורם-ווינט— און דער קליינער ריטער האָט זיך כּסדר צוריקגעצויגן און בלויז זיך פאַרטיידיקט: זיין אויסגעשטרעקטע רעכטע האַנט האָט זיך כמעט גאָרנישט גערירט, בלויז מיט די פינגער האָט ער צוריק-געקלאַפּט די ווי אַ געדאַנק שנעלע האַלב-עיגולכ און אויפגע-כאַפּט באָהונס ווילדע פאַרמעסטונגען, די שאַרף אונטערגעשטעלט אונטער אַ שאַרף, אָפּגעשלאָגן און ווידער זיך באַשיצט און זיך נאָך צוריקגעצויגן, אַריינגעשטעקט די אויגן אין די אויגן פון קאָזאַק און צווישן די זיגזאַגדיקע בליצן האָט ער אויסגעוויזן צו זיין רואיק, נאָר אויף די באַקן זענען אים אַרויסגעטרעטן רויטע פלעקן.

זאַגלאָבאַ האָט צוגעמאַכט די אויגן—און ער האָט נאָר געהערט אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ, אַ קריץ נאָך אַ קריץ.

—ער פאַרטיידיקט זיך נאָך!—האָט ער געטראַכט.

—ער פאַרטיידיקט זיך נאָך!—האָבן געשעפּטשעט די הערן שעליצקי און כאַרלאַמפּ.

—ער איז שוין צוגעשפּאַרט צום זאַמד—האָט קושעל שטיל צוגעגעבן.

זאַגלאָבאַ האָט ווידער געעפנט אַן אויג און אַ קוק גע-טון.

וואָלאָדיאָווסקיס פּלייצעס האָבן זיך כמעט אָנגעשפּאַרט אויפן זאַמד, אָבער ער איז אפּנים ביז איצט נאָך נישט געווען פאַרווונדעט, נאָר די רויטע פלעקן אויף זיין פּנים זענען גע-וואָרן שאַרפער און אויפן שטערן האָבן אים אַרויסגעשלאָגן אַ פּאָר שווייס-טראָפּנס.

זאַגלאָבאַס האַרץ האָט אַ קלאַפּ געטון מיט האָפענונג.

—הער מיכאַל איז דאָך עפּעס אויך אַ גרויסער בריה—האָט ער געטראַכט—און יענער וועט דאָך סוף כל סוף אָפּשטיין.

באָהונס פּנים איז טאַקע געוואָרן בלאַס, אַ שווייס האָט אים אויך באַפּערלט דעם שטערן, אָבער דער ווידערשטאַנד האָט נאָר נאָך מער צערייצט זיין ווילדן כעס: די ווייסע ציין האָבן אים געבלאַנקט פון הינטער די וואָנסעס און פון דער ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ווילד כראָפּען.

וואָלאָדיאָווסקי האָט אים נישט אַרויסגעלאָזט פון אויג און כסדר זיך פאַרטיידיקט.

מיטאַמאָל, ווען ער האָט דערשפּירט הינטער זיך דאָס זאַמד, האָט ער זיך צונויפגעקאָרטשעט—די צוקוקער האָט זיך געדוכטן, אַז ער איז געפאַלן, און ער האָט זיך דערוויי‍ל איינ-געבויגן, צונויפגעקאָרטשעט, זיך צוגעזעצט—און דעם גאַנצן גוף אַ וואָרף-געטון, ווי אַ שטיין, אין דער ברוסט פון קאָזאַק.

—ער אַטאַקירט!- האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן.

—ער אַטאַקירט!—האָבן די איבעריקע איבערגעהזרט.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען: דער קאָזאַק האָט זיך

איצט צוריקגעצויגן, און דער קליינער ריטער, וועלכער האָט שוין דערקענט דעם גאַנצן כּוח פון קעגנער, האָט אַזוי מעכטיק אָנגעגריפן, אַז ביי די עדות האָט זיך דער אָטעם פאַרהאַלטן אין דער ברוסט; אפנים, ער האָט זיך אָנגעהויבן דערוואַרעמען— פו די קליינע אויגעלעך האָבן זיך פונקען געשאָטן; ער האָט זיך צוגעזעצט און איז אויפגעשפּרונגען, האָט אין אַ כהרף-עין געביטן די פּאָזיציעס, האָט געפּאָכעט מיט דער שווערד אַרום דעם קאָזאַק און אים געצוווּנגען זיך אויסצודרייען אויפן אָרט.

—אָ אַ מייסטער! אָ אַ מייסטער!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגע-רופן.

—וועסט אומקומען!—האָט באָהון מיטאַמאָל זיך אָנגערופן.

—וועסט אומקומען!—האָט וואָלאָדיאָווסקי ווי אַ ווידער-קול אָפּגעענטפערט.

דאָ האָט דער קאָזאַק מיט אַ קונץ, וואָס איז באַקאַנט נאָר די פלינקסטע קעמפער, מיטאַמאָל איבערגעוואָרפן די שווערד פון דער רעכטער האַנט אין די לינקע און געגעבן מיט דער לינ-קער האַנט אַזאַ שרעקלעכן קלאַפּ, אַז הער מיכאַל איז ווי גע-טראָפן פון אַ דונער געפאַלן אויף דער ערד.

—יעזוס מאַריאַ!—האָט זאַגלאָבאַ אַ געשריי געטון.

אָבער הער מיכאַל איז בכיון געפאַלן און דערפאַר טאַקע האָט באָהונס שווערד נאָר דורכגעשניטן די לופט, דער קליינער ריטער איז אויפגעשפּרונגען ווי אַ ווילדע קאַץ און כמעט מיט דער גאַנצער לענג פון דער שאַרף אַ מוראדיקן זעץ געטון אין דעם קאָזאַקס אָפּגעדעקטער ברוסט.

באָהון האָט זיך אַ וואַקל געטון, געמאַכט אַ שריט, און מיט די לעצטע כּוחות געגעבן דעם לעצטן שטויס; הער וואָלאָ-דיאָווסקי האָט אים לייכט אָפּגעשלאָגן, האָט נאָך צוויי מאָל אַ קלאַפּ געטון אין איינגעבויגענעם קאָפּ—די שווערד האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון באָהונס מאַכטלאָזע הענט און דער קאָזאַק איז געפאַלן מיטן פּנים אויפן זאַמד, וועלכער איז באַלד אונ-טער אים רויט באַפאַרבט געוואָרן דורך אַ ברייטער קאַלוזשע בלוט.

עליאַשענקאָ, וועלכער איז בייגעווען ביים קאַמף, האָט זיך געוואָרפן אויפן גוף פון אַטאַמאַן.

די עדות האָבן אַ געוויסע צייט נישט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסרעדן, און הער מיכאַל האָט אויך געשוויגן; ער האָט זיך מיט ביידע הענט אָנגעשפּאַרט אויפן שווערדל און שווער גע-עטעמט.

זאַגלאָבאַ האָט דער ערשטער איבערגעריסן דאָס שטיל-שווייגן:

—הער מיכאַל, לאָמיך דיך אַרומנעמען—האָט ער געזאָגט אַ גערירטער.

מ׳האָט אים באַלד אַרומגערינגלט.

—איר זענט אַ קעמפער פון דער ערשטער מדרגה! זאָלן אייך קוילן טרעפן!—האָבן די הערן שעליצקי געזאָגט.

—ווי איך זע, זענט איר אַ באַהאַלטענער גבור!—האָט כאַר-לאַמפּ געזאָגט—איך וועל זיך שלאָגן מיט אייך, כדי מ׳זאָל נישט זאָגן, אַז איך האָב זיך דערשראָקן, אָבער ווען אפילו איר זאָלט מיך אויך אַזוי מקיים-פסק זיין, גראַטוליר איך אייך, איך גראַ-טוליר אייך!

—עס, לאָזט בעסער צ׳רו, ווייל אין תּוך גענומען האָט איר נישט צוליב וואָס זיך צו שלאָגן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—עס קאָן נישט זיין, ווייל דאָ האַנדלט זיך וועגן מיין ר׳עפּוטאַציע—האָט דער פּיעטיהאָרסקער ריטמייסטער געענטפערט—פאַר וועלכער כ׳וועל גערן מיין קאָפּ אַוועקגעבן.

—איך דאַרף אייער קאָפּ נישט האָבן, לאָמיר בעסער אָפּ-לאָזן—האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן—ווייל דעם אמת זאָגנ-דיק, בין איך אייך דאָרט, ווו איך מיינט, גאָרנישט אַריינגעע-גאַנגען אין וועג אַריין. עס וועט אייך דאָרט אַריינגיין אַן אַנ-דערער, אַ בעסערער פון מיר, אָבער נישט איך.

—ס׳הייסט?

—איך גיב אייך מיין ריטערלעך וואָרט.

—אויב אַזוי זאָל שוין זיין שלום צווישן אייך—האָבן די שעליצקיס און קושעל אויסגערופן.

—זאָל שוין זיין אַזוי—האָט כאַרלאַמפּ געזאָגט, עפּענענדיק די אָרעמס.

הער וואָלאָדיאָווסקי איז אין זיי אַריינגעפאַלן און זיי האָבן גענומען זיך קושן, אַז ס'האָט אַזש אָפּגעהילכט איבער די זאַמד-שטחים—און הער כאַרלאַמפּ האָט געזאָגט:

—איך האָב אייך אפילו נישט געקענט, אָבער אַז איר וועט אַזוי מקיים-פּסק-זיין אַזאַ ריז! אָבער מיט דער שווערד האָט ער אויך געקענט זיך אומגיין!

—ס'איז מיר אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז ער איז אַזאַ פעכטמייסטער, און ווו האָט ער זיך דאָס געקאָנט אויסלערנען?

דאָ האָט זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט געווענדט אויף דעם ליגנדיקן קאָזאַק, וועלכן עליאַשענקאָ האָט פאַר דער דאָזיקער צייט איבערגעדרייט מיטן פּנים אַרויף און מיט אַ געוויין געזוכט אין אים סימנים פון לעבן. באָהונס פּנים איז נישט מעגלעך געווען צו דערקענען, ווייל עס איז געווען באַדעקט מיט צאַפּנס בלוט, וואָס האָט אַרויסגעפלאָסן פון די ווונדן, וועלכע ער האָט באַקומען אין קאָפּ, און איז באַלד פאַרגליווערט געוואָרן אויף דער קאַלטער לופט. דאס העמד אויף דער ברוסט איז אויך געווען אינגאַנצן באַנעצט מיט בלוט, אבער באָהון האט נאָך אַרויסגעוויזן סימנים פון לעבן. אפּנים ער האט געהאַט גסיסה-קאָנוווולסיעס, די פיס זיינע האבן געציטערט, און די אויסגעקרומטע פינגער האבן געריסן דאס זאַמד. זאַגלאָבאַ האט אַ קוק געטון און געמאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט.

—ער האט גענוג!—האט ער געזאגט—ער געזעגנט זיך שוין מיט דער וועלט.

—אַי!—האט געזאָגט איינער פון די שעליצקיס קוקנדיק אויפן קערפער—דאס איז שוין אַ מת.

—ער איז כמעט אויף שטיקער צעשניטן.

—דאס איז שוין איינמאָל געווען אַ ריטער—האט וואָלאָדיאָווסקי אַ ברום געטון שאקלענדיק, מיטן קאפּ.

עפּעס ווייס איך אויך וועגן אים—האט זאַגלאָבאַ צוגעגעבן.

דערווייל האָט עליאַשענקאָ געוואָלט שלעפן און אַוועק-טראָגן דעם אומגליקלעכֿן אַטאַמאַן, אַזוי אָבֿער ווי ער איז גע-ווען אַ געבוירן שוואַכֿער און נישט יונגער מענטש, און באַהון איז כמעט געווען אַ ריז — האָט ער דעריבער נישט געקאָנט. ביז דער קרעטשמע איז געווען אַ שפּאָר שטיק וועג, און באַהון האָט אַ ליאַדע רגע געקאָנט שטאַרבֿן. זעענדיק דאָס האָט דער עסאַ-אול זיך געווענדט צו די שלאַכֿטשיצעס:

— הערן — האָט ער געזאָגט, צונייפלייגנדיק די הענט — אין נאָמען פון דערלייזער און דער הייליקסטער-ריינסטער, העלפט! לאָזט נישט, אַז ער זאָל דאָ שטאַרבֿן ווי אַ הונט. איך בין אַלט און קאָן אים נישט טראָגן, און אַ מענטשלעכֿער ישוב איז ווייט...

די שלאַכֿטשיצעס האָבֿן זיך אַ מגעקוקט. די פאַרביסנקייט קעגן באַהונען איז שוין פאַרשוונדן אין אַלעמענס הערצער.

— אודאי קאָן מען אים דאָ נישט איבערלאָזן ווי אַ הונט — האָט זאַגלאָבאַ דער ערשטער אַ ברום געטון. — קוים האָבֿן מיר זיך געשטעלט אויף אַ דועל מיט אים, איז ער שוין פאַר אונז נישט קיין פייער, נאָר אַ זעלנער, וועלכֿן עס קומט אַזאַ הילף. ווער וועט מיר אים העלפן טראָגן, מיינע הערן?

— אויב אַזוי טראָגט אים אויף מיין בורקע — האָט כאַר-לאַמפ צוגעגעבֿן.

— אין אַ ווײַלע אַרום איז באַהון שוין געלעגן אויף דער בורקע, וואָס אירע עקן האָבֿן אָנגעכאַפט זאַגלאָבאַ, וואָלאָדיאָוו-סקי, קושעל און עליאַשענקאָ — און די גאַנצע חברה, אין באַגליי-טונג פון כאַרלאַמפ און די הערן שעליצקי איז אַוועק מיט פאַ-מעלעכֿע שריט צו דער קרעטשמע.

— אַ שווער לעבן האט ער — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט — ער רירט זיך נאָך. מיין גאָט, ווען עמיצער וואָלט מיר געזאָגט, אַז איך וועל נאָך אַמאָל זיין זיין אַם און וועל אים אַזוי טראָגן, וואָלט איך געמיינט, אַז ער מאַכֿט פון מיר חוזק. כ'האָב אַ צו ווייך האַרץ, איך ווייס דאָס אַליין, אָבֿער פאַרפאַלן. כ'וועל אים נאָך די וונדן פאַרבינדן. איך האָף, אַז אויף דער וועלט וועלן

מיר זיך שוין מער נישט באַגעגענען, זאָל ער זשע מיך דערמאַגען צום גוטן אויף יענער וועלט.

—מיינט איר, הייסט עס, אַז ער וועט שוין באין אופן נישט בלייבן לעבן?—האָט כאַרלאַמפּ געפרעגט.

—ער? כ׳וואָלט פאַר זיין לעבן נישט געגעבן קיין אַלטן שטרוי-וויש. אַזוי איז אים שוין באַשערט געווען און ס׳האָט אים נישט געקאָנט מיידן, ווייל ווען אפילו די הצלחה וואָלט אים צוגעשפּילט מיט הער וואָלאָדיאָווסקין, וואָלט ער אָבער פון מיינע הענט נישט ניצול געוואָרן. אָבער כ׳בין צופרידן, וואָס עס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט, ווייל מ׳שרייט שוין אַזוי אויך אויף מיר, אַז כ׳בין אַ רוצח אָן רחמנות. און וואָס דען זאָל איך טון, ווען עמיצער קריכט מיר אין וועג אַריין? דעם הער דונטשעווסקי האָב איך געמוזט באַצאָלן פינף הונדערט גילדן קנס, און איר ווייסט דאָך, מיינע הערן, אַז די גיטער אין רוס ברענגען איצט נישט קיין שום הכנסה.

—יאָ, מ׳האָט דאָרט געמאַכט אַ תל-עולם פון אייערע גיטער!—האָט כאַרלאַמפּ געזאָגט.

—אוף!—אַ שווערער בעל-דבר דער דאָזיקער קאָזאַק—האט זאַגלאָבאַ ווייטער געזאגט—ס׳האָט מיר אַזש דעם אטעם פאַרכאַפּט! אודאי איז פון אַלץ אַ תל געוואָרן, אבער איך האָף, אַז דער סיים וועט אונז געבן עפּעס אַ פּראָוויזיע—אַנישט וועלן מיר אויסגיין פון הונגער. אַ ווי שווער ער איז, ווי שווער! גיט אַ קוק, מיינע הערן, ער הייבט שוין ווידער אָן אפּצוגיין מיט בלוט; גיט נאר אַ שפּרינג, הער כאַרלאַמפּ, אין דער קרעטשמע, אַז דער ייד זאל קנעטן ברויט מיט שפּינוועבעכץ. קיין סך וועט דאס נישט העלפן דעם דאזיקן מת, אבער אַ באַנדאַזש איז אַ קריסטלעכער חוב און ס׳וועט אים לייכטער זיין צו שטאַרבן. גיך, הער כאַרלאַמפּ!

הער כאַרלאַמפּ איז געלאָפן פארויס און ווען מ׳האט צום סוף אַריינגעטראגן דעם קאָזאַק אין שטוב, האט זאַגלאבאַ זיך באַלד גענומען מיט אַ גרויסער זאַך-קענטעניש און רגילות צו פאַרבינדן אים די ווונדן. ער האָט פאַרהאַלטן דאס בלוט, פאַר-

קלעבט די ווונדן און דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו ע[illegible]-שענקאָן:

—און דו, זיידע, ביזט דאָ נישט נויטיק—האָט ער געזאָגט—פאָר וואס גיכער קיין זאַבאָראָוו, בעט, אַז מ'זאָל דיך שטעלן פאַרן פרינץ און גיב אָפּ דעם בריוו און דערצייל וואָס דו האָסט געזען, אַלץ אַזוי ווי ס'איז געווען. אויב דו וועסט זאָגן ל'גן, וועל איך וויסן, ווייל איך בין דעם פרינצס אַ מקורב, און כ'וועל דיר הייסן דעם קאָפּ אָפּשניידן. כמיעלניצקין גיב אויך אָפּ אַ גרוס פון מיר, ווייל ער קען מיך און האָט מיך האָלד. אַ לויה וועלן מיר מאַכן דיין אַטאַמאַן אַן אָנשטענדיקע, און דו טו דאָס דייניקע, שלעפּ דיך נישט אַרום איבער די ווינקלען, ווייל מ'קאָן דיך נאָך ערגעץ מקיים-פּסק זיין נאָך איידער עס וועט זיך דיר איינגעבן אויפצוווייזן וועד די ביזט. פאָר געזינטערהייט! פאָר, פאָר!

—דערלויבט מיר, האַר, צו בלייבן כאָטש אַזוי לאַנג, ביז ער וועט אָפּגעקילט ווערן.

—פאָר, זאָג איך דיר!—האָט זאַגלאָבאַ בייז געזאָגט—אַ נישט, וועל איך הייסן די פויערן דיך צושטעלן קיין זאַבאָראָוו. און געב אָפּ אַ גרוס כמעלניצקין.

עליאַשענקאָ האָט זיך טיף פאַרנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען, און זאַגלאָבאַ האָט ווייטער געזאָגט צו כאַרלאַמפּן און צו די שעליצקיס:

—כ'האָב משלח געווען דעם דאָזיקן קאָזאַק, ווייל וואָס האָט ער דען נאָך דאָ צו טאָן, און אויב מ'וועט אים טאַקע ערגעץ צעברעכן די ביינער, וואָס עס קאָן זייער לייכט געשען, וועט מען אויף אונז אַרויפוואַרפן די שולד. די ערשטע וועלן זאַסלאַווסקיס מענטשן און דעם קאַנצלערס משרתים מאַכן קולות, אַז די מענטשן פון פירשט וואָיעוואָדאַ האָבן אויסגעהרגעט, אַקעגן די געטלעכע געזעצן, די גאַנצע קאָזאַקישע דעפּוטאַציע. אָבער אַ קלוגער קאָפּ געפינט אויף אַלץ אַן עצה. מיר וועלן זיך נישט לאָזן פון די דאָזיקע פראַגנטן, פון די דאָזיקע זוללוסובאַס, פון די דאָזיקע פרויען-יעגער בלאָזן אין דער קאַשע,

און איר, מיינע הערן, וועט דאָך, אז מ'וועט דאַרפן, עדות-זאָגן, ווי אַזוי אַלץ איז פאָרגעקומען און אַז ער אַליין האָט אונז אַרויסגערופן. כ'מוז נאָך דעם היגן וואָיט אָנזאָגן, אַז ער זאָל אים דאָרט ווי עס איז קובר-זיין. זיי ווייסן דאָ נישט ווער ער איז, זיי וועלן מיינען, אַז דאָס איז אַ שלאַכטשיץ און אים אָנשטענדיק קובר זיין. מיר מוזן זיך אויך לאָזן אין וועג אַריין, הער מיכאַל, ווייל מיר דאַרפן נאָך דעם פירשט וואָיעוואָדאַ אַ באַריכט אָפגעבן.

באָהונס כאָרבלענדיק עטעמען האָט איבערגעריסן דעם הער זאַגלאָבאַס ווייטערדיקע ווערטער.

—אָהאָ, די נשמה זוכט זיך שוין אַ וועג—האָט דער שלאַכ-טשיץ געזאָגט—ס'ווערט שוין אויך פינסטער; טאַפּנדיק וועט ער גיין אויף יענע וועלט. קוים אָבער האָט ער אונזער אומגליקלעך מיידל נישט געשענדט, זאָל אים גאָט געבן אַן אייביקע מנוחה—אמן! לאָמיר פאָרן, הער מיכאַל. מיטן גאַנצן האַרץ בין איך אים מוחל אַלע חטאים, הגם דעם אמת געזאָגט, בין איך אים מער געקראָכן אין וועג אַריין, איידער ער מיר. אָבער איצט איז אַלץ אויס. זייט מיר, מיינע הערן, געזונט, ס'איז מיר ליב גע-ווען זיך צו באַקענען מיט אַזעלכע פיינע ריטער. געדענקט נאָר עדות צו זאָגן, אַז מ'וועט דאַרפן.

# 13 קאַפּיטל.

פּירשט יערעמי האָט די ידיעה וועגן באַהונס סוף אויפ־גענומען געגוג גלייכגילטיק, בפרט אַז ער האָט זיך דערוווּסט, דאָס עס זענען פאַראַן מענטשן, נישט פון זיינע פּאָלקן, וואָס זענען צו יעדער רגע גרייט מעיד צו זיין, אַז וואָלאָדיאָווסקי איז אַרויסגערופן געוואָרן. ווען די זאַך וואָלט נישט געשען אַ פּאָר טעג פאַרן פאַרעפענטלעכן די וואַל פון יאַן קאַזשימיעזש, ווען דער קאַמף פון די קאַנדידאַטן וואָלט נאָך אָנגעהאַלטן, וואָלטן יערעמיס קעגנער, מיטן קאַנצלער און פּירשט דאָמיניק בראַש, זיכער נישט פאַרזוימט אויסצושמידן קעגן אים אַ כּלי־זיין פון דעם דאָזיקן פּאָרפאַל, נישט קוקנדיק אויף אַלע עדות און ראיות. נאָכדעם אָבער ווי קאַראָל האָט אָפּגעטרעטן זענען די געמיטער געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש און מ׳האָט לייכט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז דער גאַנצער ענין וועט פאַר־שוויגן ווערן.

עס האָט אים אפשר געקאָנט אויסנוצן נאָר כמעלניצקי. כּדי צו באַווייזן, וואָס פאַר אַ נייע עוולות עס ווערן קעגן אים באַגאַנגען, דער פּירשט האָט אָבער מיט רעכט געהאָפט, אַז אי־בערשיקנדיק די תשובה, וועט דער פּירשט דערמאַנען, אָדער לאָזן פון זיך זאָגן, אויף וואָס פאַר אַן אופן דער שליח איז אומגעקומען, און כמעלניצקי וועט זיך נישט דערוועגן מסופק צו זיין אין דער ריכטיקייט פון מלכּס ווערטער.

וואָרום דעם פּירשט איז נאָר געגאַנגען וועגן דעם, אַז מען זאָל נישט אָנמאַכן קיין פּאָליטישן טומל צוליב זיינע זעל־נער. פון דער צווייטער זייט האָט דער פּירשט, צוליב סקשע־טוסקין, אפילו אַ הנאה געהאַט דערפון, וואָס איז געשען, ווייל איצט איז די מעגלעכקייט אָפּצוזוכן דאָס פריילין קורצעוויטש

אַ סך גרעסער געוואָרן. מ'האָט זי געקאָנט אויסגעפּינען, אָפּ־שלאָגן אָדער אויסקויפן — און קיין הוצאות, אפילו די גרעסטע, וואָלט דער פירשט זיכער נישט געקאַרגט, אַבי דעם באַליבטן ריטער אויסצולייזן פון צער און אים אומצוקערן זיין גליק.

הער וואָלאָדיאָווסקי איז געגאַנגען אין איין שרעק צום פירשט, ווייל הגם ער איז בכלל נישט געווען קיין בעל־פּחדן, האָט ער אָבער מורא געהאַט פאַר יעדן קנייטש פון וואָיעוואָ־דעס ברעמען, ווי פאַר פייער. ווי גרויס איז אָבער געווען זיין פאַרוווּנדערונג און שמחה, ווען דער פירשט האָט, אויסהערנדיק דעם באַריכט און פאַרטראַכטנדיק זיך אַ ווײַלע איבער דעם, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן, אַראָפּגענומען דאָס טייערע פינגערל פון פינגער און געזאָגט:

—איך לויב אייער איינגעהאַלטנקייט, וואָס איר זענט די ערשטע אים נישט באַפאַלן, ווייל דאָס וואָלט געקאָנט אַרויסרופן אַ גרויסן און שעדלעכן טומל אין סיים. אָבער אויב די פירש־טין וועט אָפּגעזוכט ווערן, וועט סקשעטוסקי אייך שולדיק זיין אַ דאַנק אייף זיין גאַנץ לעבן אַרויס. עס זענען צו מיר דער־גאַנגען קלאַנגען, הער וואָלאָדיאָווסקי, אַז פונקט ווי אַנדערע קאָנען זייער צונג אין מויל נישט איינהאַלטן, אַזוי קאָנט איר דאָס שווערדל אין דער שייד נישט איינהאַלטן, פאַרוואָס איר וואָלט פאַרדינט אַ שטראָף. קוים אָבער האָט איר זיך געשלאָגן פאַר אַ פריינט און אָפּגעהיט דעם כבוד פון אונזערע פּאָלקן אין קאַמף מיט אַזאַ באַרימטן גבור, שענק איך אייך אַוועק דאָס דאָזיקע פינגערל, כדי איר זאָלט האָבן עפּעס אַן אָנדענק פון דאָזיקן טאָג. כ'האָב געוווּסט, אַז איר זענט אַ גוטער זעלנער און אַ מזיק אויף שלאָגן זיך מיט שווערדן, אָבער איר זענט דאָך, ווי איך הער, אַ מייסטער איבער אַלע מייסטערס.

—ער?—האָט זאַגלאָבאַ זיך אָנגערופן — ער וואָלט דעם טייוול אַליין ביים דריטן קלאַפּ די הערנער אַראָפּגעשניטן. אויב איר, גנעדיקער הער פירשט, וועט אַמאָל מיר הייסן דעם האַלז אָפּשניידן, בעט איך, אַז נישט קיין אַנדערער, נאָר ער זאָל אים אָפּהאַקן, ווייל כ'וועל ווייניקסטנס מיטאַמאָל גיין אויף יענע

װעלט. ער האָט באַהונען אויף דער העלפט דורך דער פּרוסט דורכגעשניטן, און שפּעטער האָט ער אים נאָך צװײ מאָל דורכן מוח דורכגעפּאָרן.

דער פירשט האָט ליב געהאַט ריטערלעכע ענינים און גוטע זעלנער, ער האָט דעריבער אַ שמײכל געטון מיט צופרידנקײט און געפרעגט:

—האָט איר געפונען עמיצן, װאָס זאָל זיך קאָנען גלײכן צו אײך אויף שװערדן?

—מיך האָט נאָר אײנמאָל סקשעטוסקי אַ ביסל צעניזיקט, אָבער איך אים אויך, דעמאָלט, װען איר, גנעדיקער הער פירשט, האָט אונז בײדע אַרײנגעזעצט אונטערן טויער—און פון די איבעריקע װאָלט אפשר אויך הער פּאָדבּיפּיענטאַ מיך אויסגעהאַלטן, װײל ער פאַרמאָגט אַן איבערמענטשלעכן כוח—און שיער נישט אויך קושעל, װען ער װאָלט געהאַט בעסערע אויגן.

—דער גנעדיקער הער פירשט זאָל אים נישט גלויבן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—אים װעט קײנער נישט בײקומען.

—און באַהון האָט זיך לאַנג פאַרטײדיקט?

—אַ שװער שטיקל אַרבעט האָב איך געהאַט—האָט הער מיכאַל געזאָגט—ער האָט אויך געקענט אַריבערװאַרפן אין דער לינקער האַנט.

—באַהון פלעגט מיר אַלײן דערצײלן—האָט זאַגלאָבאַ איבערגעהאַקט—אַז ער פלעגט צוליב רגילות גאַנצע טעג זיך שלאָגן מיט די קורצעװיטשעס, און כ'האָב אַלײן געזען אין טשעכרין, אַז ער האָט מיט אַנדערע דאָס געטון.

—איר װײסט װאָס, הער װאָלאָדיאָװסקי—האָט דער פירשט געזאָגט מיט אַ געמאַכטער ערנסטקײט—פאָרט קײן זבאַראַזש, רופט אַרויס כמעלניצקין אויף אַ קאַמף און מיט אײן קלאַפּ באַפרײט די רעפּובליק פון אַלע צרות און שלעק.

—אויף אײער באַפעל, גנעדיקער הער פירשט, װעל איך פאָרן, זאָל נאָר כמעלניצקי װעלן זיך שלאָגן מיט מיר.

דערויף האָט דער פירשט זיך אָנגערופן:

—מיר טרייבן דאָ קאַטאָוועס, און די וועלט גייט-אונטער!

אָבער קיין זבאַראַזש מוזט איר, מיינע הערן, אויף אַן אמת פאָרן. כ'האָב באַקומען ידיעות פון קאָזאַקישן לאַגער, אַז ווי נאָר קרוין-פרינץ קאַזשימיעזש וועט געווילט ווערן, וועט כמעל-ניצקי אָפּטרעטן פון דער באַלאַגערונג און זיך צוריקציִען אַזש ביז רוס, וואָס ער וועט טון פון אמתער אָדער אָנגעשטעלטער ליבע צום קיניג קאַזשימיעזש, אָדער אפשר אויך דערפאַר, וואָס ביי זאַמאָשטש וואָלט זיין מאַכט לייכט געקאָנט געבראָכן ווערן. איר מוזט דעריבער פאָרן דערציילן סקשעטוסקין וואָס עס איז געשען, כדי ער זאָל זיך לאָזן זוכן די פירשטין. זאָגט אים, אַז ער זאָל זיך פון מיינע פאָלקן ביים וואַלקער סטאַראָסטע אויס-קלייבן אַזויפיל מענטשן, וויפיל ער וועט דאַרפן פאַר דער עקס-פּעדיציע. איבעריקנס וועל איך אים דורך אייך איבערשיקן אַ דערלויבעניש און געבן אַ בריוו, ווייל זיין גליק ליגט מיר זייער נאָענט צום האַרץ.

—איר, גנעדיקער הער פירשט, זענט אונזער אַלעמענס טאַטע—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—דערפאַר ווילן מיר אונזער גאַנץ לעבן אייך געטריי דינען.

—כ'ווייס, צי מיינע זעלנער וועט אינגיכן נישט אויסקומען צו הונגערן ביי מיר—האָט דער פירשט געזאָגט—אויב מיין גאַנץ פאַרמעגנס אויף יענער זייט דניעפּר וועט גיין לאיבוד, אָבער כל-זמן עס וועט קלעקן, וועט מיינס זיין אייער.

—אָ!—האָט הער מיכאַל אויסגעשריגן—אונזער אָרעם האָב און גוטס וועט שטענדיק געהערן צו אייך, גנעדיקער הער פירשט.

—און מיינס אויך!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—דאָס איז נאָך לעת-עתה נישט נויטיק—האָט דער פירשט געענטפערט.—איך האָף, אַז אויב איך וועל אַלץ פאַרלירן, וועט די רעפּובליק ווייניקסטנס געדענקען וועגן מיינע קינדער.

זאָגנדיק דאָס, האָט אַ־פּן פירשט אפּנים אין דער רגע געערוט די רוח-הנבואה. וואָרום מיט אַ געוויסער צייט שפּעטער האָט די רעפּובליק טאַקע געשענקט זיין איינציקן זון דאָס בעסטע

וואָס זי האָט פאַרמאָגט,—דאָס הייסט די קווין, דערוויילע אָבער איז יערעמיס ריזן-פאַרמעגנס באמת געווען אין אַ סכנה.

—האָבן מיר זיך אַרויסגעדרייט—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט, ווען ער איז צוזאַמען מיט וואָלאָדיאָווסקין אַרויסגעגאַנגען פון פירשט.—הער מיכאַל, דו קאָנסט זיכער זיין, אַז דו וועסט עולה זיין לגדולה. ווייז נאָר דאָס פינגערל. בנאמנות, עס איז ווערט אַ הונדערט גילדן, ווייל דער שטיין איז זייער אַ שיינער. גיב אַ פרעג מאָרגן עפעס אַן אַרמענער אויפן מאַרק. פאַר אַזאַ סומע קאָן מען זיך מחיה זיין מיט אַ ביסל אכילה, משקאות און אַנדערע מעדנים. וואָס מיינסטו, הער מיכאַל? דער זעלנער האַלט פון כלל: היינט לעב איך, מאָרגן שטאַרב איך, און דער תוך דערפון איז דער, אַז אויף מאָרגן איז נישט כדאי צו זאָרגן. קורץ איז דעם מענטשנס לעבן, קורץ, הער מיכאַל. דער עיקר איז דאָס, וואָס דער פירשט וועק דיך שוין פון איצט אין זין האָבן. ער וואָלט דיר געווען צען מאָל אַזוי פיל געבן, אַז דו זאָלסט סקשעטוסקין פון-באַהונען אַ געשענק מאַכן, און דו האָסט דאָס געטון. דו קאָנסט זיך ריכטן אויף גרויסע חסדים, גלויב מיר. וויניק דערפער האָט דער פירשט אַוועקגעגעבן ריטער אויף זייער גאַנץ לעבן אַרויס, אָדער גאָר אינגאַנצן אַוועקגעשענקט? וואָס פאַר אַ חשיבות האָט אַזאַ פינגערל! מסתמא וועסטו נאָך אויך זוכה זיין צו עפעס אַ נחלה, און צום סוף וועט דיך נאָך דער פירשט חתונה מאַכן מיט איינער פון זיינע קרובות.

הער מיכאַל איז אַזש אויפגעשפרונגען פון אָרט.

—פון וואַנען ווייסט איר, אַז...

—אַז וואָס?

—כ'האָב געוואָלט זאָגן: וואָס פלאָנטערט זיך אייך אין מוח? ווי אַזוי קאָן אַזאַ זאַך געשען?

—טרעפן דען נישט אַזעלכע זאַכן? ביזטו דען נישט אַ שלאַכטשיץ? זענען דען נישט אַלע שלאַכטשיצעס גלייכע יחסנים? האָט דען יעדער מאַגנאַט וויניק וויטע קרובים און קרובות צווישן דער שלאַכטע און מאַכט ער דען נישט שפּעטער חתונה די דאָזיקע קרובות זיינע מיט זיינע חשובסטע הויף-לייט? מ'זאָגט

דאָך, אַז אויך סופּטשינסקי פון שינטשאַ האָט עפּעס אַ ווייטע קרובה פון דיווישניאָוויעצקיס פאַר אַ ווייב. מיר אַלע זענען ברידער, הער מיכאַל, מיר אַלע זענען ברידער, הגם מיר דינען איינער דעם צווייטן, ווייל אַלע שטאַמען מיר פון יפתן און דער גאַנצער חילוק ליגט אין די פאַרמעגנס און אין די אַמטן, צו וועלכע יעדער קאָן זיך דערשלאָגן. מ׳זאָגט, אַז אַנזערשווו הערשן באַדייטנדיקע דיפערענצן צווישן די שלאַכטשיצעס, אָבער אַזעלכע שלאַכטשיצעס זענען פאַרכעס! איך פאַרשטיי דיפערענצן צווישן הינט, ווייל עס זענען פאַראַן היימישע הינט, ווינט-הינט, אָדער יאַגד-הינט, וואָס יאָגן מיט דער שטים, אָבער, הער מי-כאַל, ביי דער שלאַכטע קאָן דאָך אַזוי נישט זיין, אנישט וואָלטן מיר דאָך געווען הינטישע ברידער און נישט שלאַכטשי-צעס, און איך בעט גאָט, אַז ער זאָל צו אַזאַ בושה פאַרן איי-דעלן שטאַנד נישט צולאָזן!

—איר האָט רעכט—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—אָבער די ווישניאָוויעצקיס זענען דאָך כמעט אַ קיניגלעכע משפחה.

—און דו, הער מיכאַל, קאָנסטו דען נישט געווילט ווערן פאַר אַ קיניג? איך, אַז איך וואָלט זיך איינגעשפּאַרט, וואָלט איך דער ערשטער פאַר דיר אָפּגעגעבן מיין שטים, פּונקט ווי הער זיגמונט סקאַרשעווסקי, וועלכער שווערט, אַז ער וועט פאַר זיך אַליין שטימען, אויב ער וועט זיך נאָר נישט פאַרשפּילן אין ביינדלעך. ביי אונז איז, אַ דאַנק גאָט, פרייהייט פון וואַלן—און אונזער אָרעמקייט, אָבער נישט אונזער יחוס שטייט אונז אין וועג.

—אָט דאָס איז עס טאַקע!—האָט הער מיכאַל אָפּגעזיפצט.

—וואָס זאָל מען מאַכן! מ׳האָט צעראַבירט אונזער האָב און גוטס און מיר וועלן אומקומען, אויב די רעפּובליק וועט פאַר אונז נישט באַשטימען וועלכע עס איז הכנסות—מיאוס אומ-קומען! קיין חידוש נישט, וואָס אַ מענטש, ווען ער איז אפילו בטבע אַן איינגעהאַלטענער, האָט ליב זיך אָנצוטרינקען אין אַזעלכע צרות! לאָמיר טאַקע גיין, הער מיכאַל, אַריינכאַפּן צו גלעזלעך ביר, אפשר וועט אונז אַ ביסל לייכטער ווערן.

אַזוי שמועסנדיק זענען זיי צוגעקומען צו דער אַלטער שטאָט און זיי זענען אַריין אין אַ ווײַן-שענק, פאַר וועלכער בערך צוואַנציק יונגלעך האָבן געהאַלטן די שובעס און בורקעס פון די שלאַכטשיצעס, וואָס האָבן געטרונקען אינעווייניק. זעצנ-דיק זיך דאָרט צום טיש, האָבן זיי זיך געהייסן דערלאַנגען אַ פלעשל און גענומען זיך באַראַטן, וואָס זיי דאַרפן איצט טון נאָכדעם, ווי זיי האָבן באַהונען דערהרגעט.

—אויב עס וועט זיך אַרויסשטעלן פאַר אַן אמת, אַז כמעל-ניצקי וועט אָפּטרעטן פון זאַמאָשטש און עס וועט ווערן שלום, איז דעמאָלט די פירשטין אונזער—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—מיר מוזן וואָס גיכער אַוועק צו סקשעטוסקין. מיר וועלן שוין אים נישט פאַרלאָזן, ביז מיר וועלן דאָס מיידל נישט אויסגעפינען.

—אודאי וועלן מיר צוזאַמען פאָרן. אָבער איצט איז נישט מעגלעך אַרײַנצוקריגן זיך אין זאַמאָשטש.

—דאָס איז שוין קיין נפקא-מינה נישט, אַבי גאָט זאָל אונז שפּעטער געבן הצלחה.

זאַגלאָבאַ האָט אויסגעטרונקען אַ גלעזל.

—ער וועט אונז געבן הצלחה, ער וועט אונז געבן הצלחה!—האָט ער געזאָגט—ווייסט, הער מיכאַל, וואָס איך וועל דיר זאָגן?

—וואָס?

—באַהון איז טויט?

וואָלאָדיאָווסקי האָט אַ קיק געטון מיט פאַרוווּנדערונג:

—ווער ווייסט דאָס דען בעסער פון מיר?

—אַז די הענט זאָלן דיר געבענטשט ווערן, הער מיכאַל! דו ווייסט און איך ווייס: כ'האָב געקוקט, ווי אַזוי איר האָט זיך געשלאָגן, כ'קוק איצט אויף דיר—און כ'מוז זיך דאָס כסדר איבערחזרן, ווייל אָפּטמאָל דוכט זיך מיר, אַז איך האָב דאָס אַלץ נאָר געזען אין חלום. פון וואָס פאַר אַ דאגה זענען מיר פּטור געוואָרן, וואָס פאַר אַ פּלאָנטער האָט דיין שווערד דורכ-געהאַקט! זאָלן-זשע דיך די קוילן טרעפן! ווייל איך שווער דיר ביי גאָט, דאָס לאָזט זיך אפילו מיט ווערטער נישט אויסדריקן!

ניין, איך קאָן נישט אויסהאַלטן! קום, לאָמיך דיך נאָכאַמאָל אַרומנעמען, הער מיכאַל! דו וועסט עס אפילו נישט גלויבן, אַז ווען איך האָב דיך דערקענט, האָב איך זיך געטראַכט: עט! עפּעס אַ נעבעכדיקער נפש!—און אָט האָט דאָס דאָזיקע נעבעכל באַהונען געממיתט. נישטאָ שוין באַהון, קיין שפּור, קיין זכר, דערהרגעט געוואָרן צום טויט, לעולם ועד אמן!

דאָ האָט זאַגלאָבאַ גענומען האַלזן און קושן וואָלאָדיאָוו-סקין, און הער מיכאַלס האַרץ איז ווייך געוואָרן, גלייך ווי ער וואָלט רחמנות באַקומען אויף באַהונען—צום סוף האָט ער זיך אָבער באַפרייט פון הער זאַגלאָבאַס אָרעמס און געזאָגט:

—מיר זענען נישט בייגעווען ביי זיין טויט, און דאָס איז אַ געזונטער בעל-דבר—אפשר וועט ער גאָר בלייבן לעבן?

—אָבער וואָס רעדט איר?—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—כ'בין גרייט מאָרגן צו פאָרן קיין ליפּקווו און אים איינצואָרדענען די שענסטע לויה, אַבי נאָר ער זאָל זיין געשטאָרבן.

—און צו וואָס וועט איר פאָרן? איר וועט דאָך אים אַ פאַרוווּנדעטן נישט צעהרגענען. און מיט דער שווערד טרעפט עס אַזוי: ווער עס הויכט נישט אויס די נשמה מיטאַמאָל, דער גייט אָפּט אַרויס בשלום. אַ שווערד איז נישט אַ קויל.

—ניין, ס'קאָן נישט זיין! ער האָט דאָך שוין אָנגעהויבן צו כאָרכלען, ווען מיר זענען אַרויסגעפאָרן. אָ, דאָס קאָן בשום אופן נישט זיין! כ'האָב אים אַליין די ווונדן פאַרבונדן. די ברוסט איז ביי אים געווען אויפגעפּראַלט ווי אַ טויער. לאָמיר אים שוין לאָזן צורו, דו האָסט דאָך אים צורעכט-געמאַכט ווי אַ האָז. מיר מוזן וואָס גיכער אַוועק צו סקשעטוסקי, אים העלפן, אים טרייסטן, ווייל ער וועט פון עגמת-נפש או סגיין.

—אָדער ווערן אַ נזיר—ער האָט מיר דאָס אַליין געזאָגט.

—ס'איז גאָר קיין חידוש נישט. איך אויף זיין אָרט וואָלט עס אויך געטון. איך קען נישט נאָך אַזאַ פיינעם ריטער, איך קען אָבער אויך נישט נאָך אַזאַ אומגליקלעכן ריטער. אוי, שווער פרווט אים גאָט, שווער!

—הערט שוין אויף—האָט געזאָגט דער אַ ביסל שכורער

וואָלאָדיאָווסקי—ווייל איך קאָן שוין די טרערן נישט איינהאַלטן.

—און איך קאָן דען יאָ?—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט—אַזאַ פיינער ריטער, אַזאַ זעלנער... און זי! איר קענט זי נישט... דאָס איז אַזאַ ליב באַשעפעניש!

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ זיך צעכליפעט מיט אַ נידריקן באַס, ווייל ער האָט באמת זייער ליב געהאַט די פירשטין, און הער מיכאַל האָט מיט אים שטיל מיטגעוויינט—און זיי האָבן געטרונקען וויין צונויפגעמישט, און דערנאָך, אַראָפּלאָזנדיק די קעפּ אויף די ברוסט, זענען זיי אַ געוויסע צייט געזעסן אָנגע-כמורעט, ביז זאַגלאָבאַ האָט צום סוף אַ זעץ געטון מיט דער פויסט אין טיש.

—הער מיכאַל, פאַרוואָס וויינען מיר? באָהון איז טויט!

—אמת טאַקע—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—מיר דאַרפן זיך בעסער פרייען. שוטים וועלן מיר זיין, אויב מיר וועלן זי איצט נישט אויסזוכן.

—לאָמיר פאָרן—האָט הער מיכאַל געזאָגט, אויפשטעלנדיק זיך פון אָרט.

—לאָמיר זיך אָנטרינקען!—האָט זאַגלאָבאַ פאַרבעסערט—גאָט וועט העלפן און מיר וועלן נאָך זיין די טויף-פאָטערס פון זיי-ערע קינדער, און אַלץ דערפאַר, וואָס מיר האָבן באָהונען צע-האַקט.

—גוט אַזוי אויף אים!—האָט וואָלאָדיאָווסקי צוגעגעבן, נישט באַמערקנדיק, אַז הער זאַגלאָבאַ האַלט זיך שוין פאַר אַ שותף צום פאַרדינסט פון אומברענגען באָהונען.

## 14 קאַפּיטל

צום סוף האָט אין דער וואַרשאָווער קאַטעדרע אָפּגעקלונ־גען דאָס לויב־געזאַנג צו גאָט און „דער האַר האָט זיך געזעצט אויפן טראָן", עס האָבן געדונערט די האַרמאַטן, עס האָבן גע־קלונגען די גלאָקן — און אַ מוט האָט גענומען אַריינטרעטן אין אַלעמענס הערצער. עס איז דאָך געקומען אַ סוף צו דער צייט פון הפקרות, צו דער צייט פון מהומות און אומרוען, וועלכע איז געווען אַ סכנה פאַר דער רעפּובליק באַזונדערס דערפאַר, וואָס זי איז אויסגעפאַלן אין אַ מאָמענט פון דער אַלגעמיינער צרה. די, וואָס האָבן געציטערט אויפן געדאַנק פון די אָנרוקנ־דיקע סכנות, האָבן איצט, נאָכדעם ווי די וואַלן זענען אַריבער בשלום, טיף אָפּגעעטעמט. אַ סך האָבן געמיינט, אַז די בירגער־מלחמה, וואָס האָט איר גלייכן נישט, איז שוין איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַריבער און דעם ניי־אויסגעקליבענעם האַר בלייבט נאָר צו משפּטן די שולדיקע. די דאָזיקע האָפענונג איז אויך אונטער־געהאַלטן געוואָרן דורך כמעלניצקיס אויפפירונג גופא. די קאָ־זאַקן ביי זאַמאָשטש, וועלכע האָבן פאַרביסן געשטורמט דאָס שלאָס, האָבן הויך זיך דערקלערט פאַר יאַן קאַזשימיעזשן. כמעל־ניצקי האָט דורכן קסיאָנדז הונצעל מאָקרסקי געשיקט בריוו פול מיט אונטערטעניקער טרייהייט, און דורך אַנדערע שלוחים הכנעהדיקע בקשות וועגן גנאָד פאַר זיך און פאַרן זאַפּאָראָזשער חייל. מ׳האָט אויך געוווסט, אַז דער קיניג שטרעבט, אין הסכם מיט דער פּאָליטיק פון קאַנצלער אָסאָלינסקי, צו מאַכן די קאָ־זאַקן באַדייטנדיקע הנחות. פּונקט ווי אַמאָל די מלחמה פאַר דער מפּלה אין פּילאַווצע, אַזוי האָט אויך איצט דער שלום געשוועבט אויף אַלעמענס מיילער. מ׳האָט זיך געריכט, אַז נאָך אַזויפיל

מפלות וועט די רעפּובליק אָפּטעמען און אונטער דער נייער ממשלה זיך אויסהיילן פון אַלע וואונדן.

צום סוף איז שניאַראָווסקי אַרויסגעפאָרן מיט אַ קיניגלעכן בריוו צו כמעלניצקין און באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט די פריי־לעכע בשורה, אַז די קאָזאַקן טרעטן־אָפּ פון זאַמאָשטש, אַז זיי מאַרשירן אויך אָפּ קיין אוקראַינע, ווו זיי וועלן רואיק וואַרטן אויף די קיניגלעכע באַפעלן און אויף די קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט באַטראַכטן זייערע עולות. עס האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז נאָכן שטורם איז איבערן לאַנד געבליבן הענ־גען דער זיבן־קאָליריקער רעגנבויגן, וועלכער זאָגט־אָן מנוחה און שלום.

עס האָבן אמת נישט געפעלט קיין שלעכטע סימנים און נבואות, אָבער צוליב דער גינסטיקער ווירקלעכקייט האָט מען זיי קיין גרויסע וויכטיקייט נישט צוגעגעבן. דער קיניג איז גע־פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, כדי צוערשט אָפּצוגעבן אַ שבח דער געטלעכער באַשיצערין דערפאַר, וואָס ער איז אויסגעקליבן גע־וואָרן, און זיך אָפּצוגעבן אונטערן ווייטערדיקן שוץ, און דער־נאָך קיין קראַקאָ צו דער קאָראָנאַציע. נאָך אים זענען נאָכגע־פאָרן די הויכע שרים, וואַרשע איז געוואָרן פוסט, עס איז אין איר נאָר פאַרבליבן דער שריד ופליט פון רוס, וועלכע האָבן זיך נאָך נישט דערוועגט צוריקצוקערן אין זייערע רואינירטע בחלות, אָדער זיי האָבן נישט געהאַט נאָך וואָס.

פירשט יערעמי, אַלס סענאַטאָר פון דער רעפּובליק, האָט געמוזט מיטפאָרן מיטן קיניג, און וואָלאָדיאָווסקי און זאַגלאָבאַ האָבן זיך בראש פון אַ דראַגונער־פּאָלק געלאָזט אין אַ אייליקן מאַרש קיין זאַמאָשטש, כדי אָנצוזאָגן סקשעטוסקין די גליקלעכע בשורה וועגן באַהונס מפּלה און דערנאָך צוזאַמען זיך לאָזן אין וועג אַריין זוכן די פירשטין.

הער זאַגלאָבאַ האָט פאַרלאָזט וואַרשע נישט מיט קיין גרויסן חשק, ווייל אין דעם דאָזיקן געדיכטן צוזאַמענלויף פון שלאַכטשיצעס, אין דעם וואָל־גומל, אין די שטענדיקע הוליע־נישן און רייסענישן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן בשותפות מיט

וואָלאָדיאָווסקין, איז אים געווען אַזוי גוט, ווי אַ פיש אין וואַסער. אָבער ער האָט זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז ער קערט צוריק אין לעבן פון מעשים, צו זוכענישן, פאַסירונגען און המצאות, וועלכע ער האָט זיך געגעבן אַ וואָרט נישט צו קאַרגן. איבעריקנס, האָט ער זיך געהאַט זיין מיינונג וועגן די סכנות פון דער הויפּט-שטאָט און די דאָזיקע סכנות האָט ער וואָלאָדיאָווסקין מסביר געווען אויף פאָלגנדיקן אופן:

—אמת איז, הער מיכאַל—האָט ער געזאָגט—אַז מיר האָבן אויפגעטון גרויסע זאַכן אין וואַרשע, אָבער ווען מיר וואָלטן הלילה לענגער זיך דאָרט אויפגעהאַלטן, וואָלטן מיר, זאָג איך אייך, אַזוי פאַרבאַביעט געוואָרן, ווי יענער באַרימטער מענטש פון קאַרטאַגאָ, וועלכן די מתיקות פון דער לופט אין קאַפּואַ האָט אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט. און דאָס ערגסטע פון אַלץ זענען די ווייבער. זיי זענען יעדן בכוח אומצוברענגען, וואָרום דו מוזט וויסן, אַז עפּעס פאַלשערס פון אַ פרוי איז נישטאָ. דער מענטש ווערט אַלט און פונדעסטוועגן האָבן זיי נאָך אויף אים אַ שליטה...

—עט! לאָזט בעסער צורו—האָט וואָלאָדיאָווסקי איבערגעריסן.

—איך אַליין חזר זיך דאָס אָפּט איין, ווייל ס'וואָלט שוין צייט געווען צו ווערן אַ ביסל געזעצט—אָבער מיין בלוט איז נאָך צו הייס. דו ווייזט אַרויס מער קאַלטקייט, אָבער מיך וואַרפט עס ווי אין אַ קדחת. אָבער גענוג שוין וועגן דעם. מיר וועלן איצט אָנהייבן אַ נייַ לעבן. ס'האָט שוין געטראָפן, נישט איינמאָל איז מיר נמאס געוואָרן דאָס לעבן אָן אַ מלחמה. אונזער פאָלק איז גוט באַקליידט, און דאָרט ביי זאַמאָשטש הוליען נאָך די הפקר-מחנות, וועלן מיר זיך מיט זיי, אויפן וועג נאָך די פירשטין, אַ ביסל שפּילן. מיר וועלן אויך זען סקשעטוסקין, און יענעם ריז, יענעם ליטווישן דראָנג, יענע האָפן-שטעקעלע, דעם הער לאָנגין, ווייל מיר האָבן שוין אים טאַקע אַ לאַנגע צייט נישט געזען.

—איר בענקט נאָך אים, און אַז איר זעט אים, דערגייט איר אים די יאָרן.

—ווייל אַז ער רופט זיך עפּעס אָן, האָט ער אַ פּנים אַקוראַט ווי דיין פערד, בעת ער גיט אַ ריר מיטן ווידל; און יעדעס וואָרט ציט ער אַזוי אויס, ווי דער שוסטער דאָס לע־דער. אַלץ איז ביי אים אַריין אין כוח און נישט אין מוח. אַז ער נעמט עמיצן אין זיינע אָרעמס, קוועטשט ער אים דורך דער הויט די זשעבערעס אַרויס, און דו ווערסט אין דער רעפּו־בליק נישט געפינען אַזאַ קינד, וואָס זאָל אים נישט זייער לייכט קאָנען אַרויפנאַרן אויף אַ תליה. ווי איז עס געהערט געוואָרן, אַז אַ מענטש מיט אַזאַ עשירות זאָל זיין אַזאַ שוטה?

—פאַרמאָגט ער דען באמת אַזאַ עשירות?

—ער? ווען כ׳האָב אים דערקענט, האָט ער געהאַט אַזאַ אָנגעפּאַקטן געלט־גאַרטל, אַז ער האָט זיך מיט אים נישט גע־קאָנט אַרומגאַרטלען און האָט אים אַזוי געטראָגן ווי געריכערטע ווורשט. מ׳האָט מיט אים געקאָנט פּאָכן ווי מיט אַ שטעקן, האָט ער זיך אַלץ נישט איינגעבויגן. ער האָט מיר אַליין געזאָגט, וויפיל דערפער ער האָט: מישיקישקי, פשיקישקי, פיגווישקי, סי־רוטשאַני, טשאַפּוטשאַני, קאַפּושטשאַני, באַלטופיע—ווער קאָן דאָס געדענקען די דאָזיקע אַלע געצנדינערישע נעמען! ביז אַ האַל־בער פּאָוויאַט געהערט צו אים. די פּאָדביפּיענטאַס זענען אַ גרויסע פּריצים־משפחה.

—און איר זענט נישט מגזם אַ ביסל וועגן יענע נחלות?

—איך בין נישט מגזם, ווייל איך חזר־איבער דאָס, וואָס כ׳האָב פון אים געהערט, און ער האָט דאָך זיין גאַנץ לעבן נישט געליגט, ווייל ער איז דערויף אויך אַ צו־גרויסער טפש.

—נו, אויב אַזוי וועט אַנושאַ זיין אַ מאַדאַם מיטן פולן מויל. אָבער דאָס, וואָס איר זאָגט וועגן אים, אַז ער איז אַ נאַר, קאָן איך דערויף בשום־אופן נישט מסכים־זיין. דאָס איז אַ געזעצטער מענטש און אַזאַ געשיקטער, אַז אין אַ נויט וועט זיך קיינער קיין בעסערע עצה נישט געבן, און אויב ער איז נישט קיין פראַנט, איז פאַרפאַלן. נישט יעדן האָט גאָט מזכה־

געווען מיט אַזאַ געשליפענער צונג, ווי אייך. וואָס איז ד... פאַראַן צו רעדן: דאָס איז אַ גרויסער ריטער און דער פיינ... סטער מענטש, והא ראיה: איר אַליין האָט אים ליב און ווילט גערן אים זען.

—דאָס איז אַן אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען—האָט זאַגלאָבאַ געבּרומט—איך וויל דערפאַר אים גערן זען, וואָס איך וועל אים קאָנען דערגיין די יאָרן מיטן פריילין אַננאַ.

—דאָס זאָלט איר נישט טון, ווייל ס'איז אַ געפערלעכע זאַך. ער איז אַזאַ גוטער, אַז כאָטש נעם און לייג אים צו צו אַ מכה, אָבער אין אַזאַ פאַל, וועט אים זיכער פּלאַצן דאָס געדולד.

—זאָל זי פּלאַצן. כ'וואָלט אים די אויערן אָפּגעשניטן, ווי דעם הער דונטשעווסקי.

—לאָזט בעסער צורו. כ'וואָלט אַ שונא נישט געווונטשן פרווון.

—נו, נו, לאָמיך אים נאָר זען.

הער זאַגלאָבאַס דאָזיקער ווונטש איז מקוים געוואָרן נאָך פריער, ווי ער האָט זיך גערעכנט. צופאָרנדיק ביז קאָנסקאָוואָליאַ, האָט וואָלאָדיאָווסקי באַשלאָסן אָפּצושטעלן זיך אויף אָפּרו, ווייל די פערד זענען שוין געווען שטאַרק פאַרמאַטערט. ווער וועט באַשרייבן די פאַרוווּנדערונג פון ביידע פריינט, ווען אַריינגייענדיק אין פינסטערן קאָרידאָר פון אַריינפאָר-הויז, האָבן זיי אין ערשטן שלאַכטשיץ, וואָס זיי האָבן באַגעגנט, דערקענט דעם הער פּאָדבּיפּיענטאַ.

—וואָס מאַכט איר, מיין הער? אַזאַ לאַנגע צייט זיך נישט געזען! אַזאַ לאַנגע צייט!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגערופן—האָבן דיך די קאָזאַקן נישט געממיתט אין זאַמאָשטש!

הער פּאָדבּיפּיענטאַ האָט ביידע אַרומגענומען און זיך מיט זיי צעקושט אויף די באַקן.

—האָבן מיר זיך באַגעגנט, וואָס?—האָט ער איבערגעחזרט מיט שמחה.

—וווהין פאָרט איר?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

—קיין וואַרשע, צום הער פירשט.

—דער פירשט איז אין וואַרשע נישטאָ. ער איז געפאָרן קיין קראָקע מיטן האַר קיניג, פאַר וועלכן ער וועט טראָגן אַן עפל בעת דער קאָראָנאַציע.

—און מיך האָט הער ווייער געשיקט קיין וואַרשע מיט אַ בריוו און מיט אַן אָנפרעג, וווהין עס זאָלן גיין דעם פירשטס רעגימענטן, ווייל זיי זענען אין זאַמאָשטש, אַ דאַנק גאָט, שוין נישט נייטיק.

—אויב אַזוי דאַרפט איר אין ערגעץ נישט פאָרן, ווייל מיר פירן די באַפעלן.

דעם הער לאָנגין איז געוואָרן קאַלאַמוטנע, ווייל אין האַרצן האָט ער זיך געווונטשן אָנצוקומען צום פירשט, זען דעם הויף און באַזונדערס איין קליינע פערזאָן אין דאָזיקן הויף.

זאַגלאָבאַ האָט גענומען באַדייטונגפול פינטלען מיטן אויג אויף וואָלאָדיאָווסקין.

—אויב אַזוי וועל איך אויך פאָרן קיין קראָקע—האָט דער ליטווינער געזאָגט נאָך אַ ווײַלע פון ישוב-הדעת—מ'האָט מיך געהייסן דעם בריוו אָפּגעבן, וועל איך אָפּגעבן.

—לאָמיר אַריינגיין אין שטוב, מיר וועלן זיך הייסן ביר אָנוואַרעמען—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—און וווהין פאָרט איר?—האָט לאָנגינוס געפרעגט אויפן וועג.

—קיין זאַמאָשטש, צו סקשעטוסקין.

—דער פּאָרוטשניק איז אין זאַמאָשטש נישטאָ.

—אָט האָסטו דיר אַן עסק! ווו-זשע איז ער?

—ערגעץ נעבן כאָכאָשטשין, קוילעט-אויס רוצחים-גרופּעס. כמעלניצקי האָט זיך צוריקגעצויגן, אָבער זיינע פּאָלקאָווניקעס ברענען אויפן וועג, ראַבעווען און שעכטן. דער סטאַראָסטע פון וואַלקי האָט אַרויסגעשיקט דעם הער יאַקוב רעגאָווסקי זיי צו פאַרטיליקן.

—און סקשעטוסקי איז אויך מיט אים?

—יאָ. אָבער זיי גייען יעדער באַזונדער, ווייל די סכסוכים

צווישן זיי זענען זייער גרויס, אָבער וועגן דעם וועל איך אייך שפּעטער דערציילן.

בינו-לבינו זענען זיי אַריין אין שטוב. זאַגלאָבאַ האָט גע-הייסן אָנוואַרעמען דריי טעפּ ביר און דערנאָך איז ער צוגע-גאַנגען צום טיש, ביי וועלכן וואָלאָדיאָווסקי מיטן הער לאָנגין האָבן זיך שוין געהאַט אָוועקגעזעצט, און געזאָגט:

—אָבער איר, הער פּאָדביפּיענטאַ, האָט נאָך נישט געהערט די גרעסטע און גליקלעכע בשורה, אַז איך און הער מיכאַל האָבן באַהונען דערהרגעט צום טויט.

דער ליטווינער איז אַזש פון דער באַנק אויפגעשפּרונגען.

—ברידער טייערע, איז דאָס מעגלעך?

—אַזוי ווי איר זעט אונז דאָ לעבעדיקע.

—און איר האָט אים טאַקע אין צווייען דערהרגעט?

—יאָ.

—אָט דאָס הייסט אַ בשורה! אָ גאָט, גאָט!—האָט דער ליטווינער אויסגערופן, פּאַטשנדיק מיט די הענט—איר זאָגט: אין צווייען!—ווי אַזוי עפּעס אין צווייען?

—ווייל איך האָב אים צוערשט דורך המצאות דערפירט דערצו, אַז ער האָט אונז אַרויסגערופן—איר פאַרשטייט?—דער-נאָך האָט הער מיכאַל זיך געשלאָגן מיט אים דער ערשטער און האָט אים אַזוי, זאָג איך אייך, צעשניטן, ווי אַ פּסחדיק חזירל, ער האָט אים צענומען ווי אַ געבראָטענעם קאַפּהאָן—איר פאַרשטייט?

—האָט איר זיך, הייסט עס, דער צווייטער נישט גע-שלאָגן?

—אָבער וואָס זאָגט איר נישט צו אים?—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—ווי איך זע, האָט איר זיך געמוזט לאָזן בלוט און פון שוואַכקייט הינקט איר אונטער אויפן שכל. לויט אייער פאַר-שטאַנד קומט אויס, אַז איך וועל מיך שלאָגן מיט אַ מת, אָדער אַז איך וועל אַ ליגנדיקן שוין גיין צוהרגענען מיט דער שווערד?

—ווייל איר האָט געזאָגט, אַז איר האָט אים אין צווייען דערהרגעט.

הער זאַגלאָבאַ האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.
—אַן אייזערנע געדולד מוז מען האָבן צו דעם דאָזיקן מענטש. הער מיכאַל, האָט באַהון נישט אַרויסגערופן אונז ביידע?
—יאָ—האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן.
—האָט איר שוין איצט פאַרשטאַנען?
—זאָל זיין אַזוי—האָט לאָנגינוס געענטפערט—און הער סקשעטוסקי האָט געזוכט באָהונען ביי זאַמאָשטש, אָבער ער איז שוין דאָרט נישט געווען.
—ווי אַזוי האָט סקשעטוסקי אים געזוכט?
—ווי איך זע, מוז איך שוין אייך אַלץ דערציילן פון אָנהויב, אַקוראַט אַזוי, ווי ס'איז פאָרגעקומען—האָט הער לאָנגינוס געזאָגט—זענען מיר, הייסט עס, ווי איר ווייסט, געבליבן אין זאַמאָשטש, און איר זענט אַוועק קיין וואַרשע. אויף די קאָזאַקן האָבן מיר לאַנג נישט געוואַרט. זיי זענען אָנגעקומען אין געוואַלדיקע מחנות פון לוווו, אַז מ'האָט זיי פון די מויערן מיטן אויג נישט געקאָנט אַרומנעמען. אָבער אונזער פירשט האָט זאַמאָשטש אַזוי פאַרזאָרגט, אַז זיי וואָלטן הינטער איר צוויי יאָר געשטאַנען. מיר האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן לגמרי נישט שטורמען און גרויס איז צוליב דעם געווען אונזער צער, ווייל יע-דער האָט שוין באַצייטנס געקליבן נחת פון זייער מפּלה, און היות ווי מיט זיי זענען אויך געווען טאָטערס, האָב איך אויך געהאָפט, אַז דער באַרמהאַרציקער האַר גאָט וועט מיר אויך צו-שיקן מיינע דריי קעפּ...
—בעט אים וועגן איין קאָפּ, בעט אים וועגן איינעם, אָבער אַ גוטן—האט זאַגלאָבאַ איבערגעהאַקט.
—און איר זענט שטענדיק דער אייגענער—מיאוס צו הערן—האָט דער ליטווינער געזאָגט.—מיר האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן נישט שטורמען, זיי אָבער, ווי משוגעים אין זייער פאַרהאַרטעוועטקייט, האָבן תיכּף אָנגעהויבן צו בויען מאַשינען און דערנאָך זיך גענומען שטורמען! ס'האָט זיך שפּעטער אַרויס-געשטעלט, אַז כמעלניצקי האָט אַליין נישט געוואָלט, נאָר טשאַר-

נאטאַ, זייער לאַגער-שעף, האָט זיך גענומען אויף אים אָנוּאַלן און טענהן, אַז אַ פּחד איז אים באַפאַלן—אַז ער האָט שוין בדעה צו מאַכן יד-אחת מיט די ליאַכעס—כמעלניצקי האָט דע-ריבער דערלויבט און טשאַרנאָטאַן געשיקט דעם ערשטן. וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון, ברידערלעך, בין איך נישט בכוח אייך צו שילדערן. פון דעם רויך און פייער איז די ליכטיקע שיין פון דער וועלט פאַרשטעלט געוואָרן. זיי זענען תחילת געגאַנ-גען מוטיק, זיי האָבן פאַרשאָטן דעם גראָבן, זיך געריסן אויף די מויערן; אָבער מיר האָבן זיי אַזוי אָנגעוואַרעמט, אַז זיי זע-נען שפּעטער אַנטלאָפן אי פון די מויערן און אי פון די איי-גענע מאַשינען; דאָ ערשט האָבן מיר זיך אין פיר פּאָלקן גע-לאָזט זיי נאָכיאָגן און זיי אויסגעקוילעט ווי די בהמות.

וואָלאדיאָווסקי האָט זיך געריבן די הענט.

—אוך! אַ שאָד, וואָס איך בין נישט געווען אויף דער דאָזיקער שמחה!—האָט ער אויסגעשריגן אין התפּעלות.

—און איך וואָלט אויך דאָרט צונויף געקומען—האָט זאַ-גלאבאַ געזאגט מיט אַ רואיקער זיכערקייט.

—און דעמאָלט האבן מער פון אַלע געאַרבעט מעשים הער סקשעטוסקי און הער יאַקוב רעגאָווסקי—האט דער ליטווינער ווייטער געזאגט—ביידע גרויסע ריטער, אבער זיי זענען זיך פשוט שונאים. באַזונדערס האט הער רעגאָווסקי קרום געקוקט אויף סקשעטוסקין און עס וואלט זיכער דערגאַנגען צו אַ דועל, ווען נישט דאס, וואס הער ווייער האט געאסרט דועלן אונטער דער דראָונג פון אַ טויט-שטראָף. מיר האבן תחילת נישט פאַר-שטאַנען, וואס הער רעגאווסקי וויל, ביז עס האט זיך אַרויס-געשטעלט, אַז דאס איז אַ קרוב פון הער לאַשטש, וועלכן דער-פירשט האט צוליבן הער סקשעטוסקי, ווי איר געדענקט, פאַר-טריבן פון לאַגער. דערפון שטאַמט רעגאווסקיס שנאה צום פירשט, צו אונז אַלע, און באַזונדערס צום פאַרוטשניק, דערפון שטאַמט אויך די קאנקורענץ צווישן זיי, וועלכע האט זיי ביידן בעת דער דאזיקער באַלאַגערונג באַדעקט מיט אַ גרויסן רום, ווייל איינער האט געוואלט אַריבערשטייגן דעם צווייטן. ביידע

זענען געווען די ערשטע סיי אויף די מויערן, סיי בעת די אי־בערפאַלן, ביז עס איז כמעלניצקין סוף־כל־סוף נמאס געוואָרן צו שטורמען און ער האָט אָנגעהויבן אַ רעגולערע באַלאַגערונג, נישט פאַרנאַכלעסיקנדיק דערביי אויך קיין המצאות, וועלכע זאָלן אים קאָנען מיטהעלפן איינצונעמען די שטאָט.

—נישט בלויז ער, נאָר אויך אַנדערע פאַרלאָזן זיך אויף המצאות!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—אַ משוגענער מענטש, און דערביי אויך אַ פינסטערע בריאה—האָט פּאָדביפּיענטאַ ווייטער געזאָגט—ער האָט געמיינט, אַז ווייער איז אַ דייטש, ער האָט אפנים נישט געהערט וועגן די וואָיעוואָדעס פון פּאָמערן מיט אַזאַ פאַמיליען־נאָמען, ווייל ער האָט אנגעשריבן אַ בריוו, ווילנדיק אנרעדן דעם סטאַראָסטע, אַלס אויסלענדער און געדונגענעם פאַר געלט, צו בגידה. האָט אים אָבער הער ווייער אפגעשריבן, ווער ער איז און אַז ער איז מיאוס אַריינגעפאַלן מיט זיין פאָרשלאָג צו אים. כדי בעסער צו באַווייזן זיין ווערט, האָט דער סטאַראָסטע דעם דאָזיקן בריוו געוואָלט שיקן דוקא דורך עפּעס אַ חשובן מענטש, און נישט דורך אַ טראָמפּייטער, און אַזוי ווי דאָס גיין צו אַזעלכע חיות ריעות שמעקט ממש מיט סכנת־נפשות, האָבן זיך דערויף נישט געפונען קיין בעלנים צווישן די חברים. אַנדערע האָבן זיך עס אויך געהאַלטן פאַר אַן אומכּבוד, אָבער איך האָב מיך אונטער־גענומען אויסצופירן די דאָזיקע שליחות—און דאָ הערט, ווייל דאָס אינטערעסאַנטסטע הייבט זיך ערשט אָן.

—מיר הערן—האָבן ביידע פריינט געזאָגט.

—בין איך הייסט עס געפאָרן און געטראָפן דעם העטמאַן אַ שיכּורן. ער האָט מיך אויפגענומען גיפטיק, באַזונדערס נאָכ־דעם ווי ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, און ער האָט גע־דראָט מיטן שטאַב—און איך האָב הכנעהדיק איבערגעגעבן גאָט די נשמה און זיך אַזוי געטראַכט: אויב ער וועט מיך נאָר אָנ־רירן, וועל איך אים מיט דער פויסט דעם קאָפּ צעהאַקן. וואָס האָבן מיר געזאָלט טון, ליבע ברידערלעך—וואָס?

—זייער גוט האט איר געטראַכט—האט זאַגלאָבאַ געזאגט מיט אַ געוויסער גערירטקייט.

—אבער די פּאָלקאָווניקעס האבן אים איינגעהאַלטן און אים פארשטעלט דעם וועג צו מיר—האט הער לאָנגינוס געזאָגט—און מער פון אַלע איין יונגערמאַן, וועלכער איז געווען אַזוי דרייסט, אַז ער האט אים אָנגענומען און אַוועקגעשלעפּט, זאָגנדיק: „וועסט נישט גיין, פּאָטערל, ביזט שכּור". איך גיב אַ קוק ווער עס שיצט מיך אַזוי און איך חידוש מיך איבער זיין דרייסטקייט, וואָס ער איז מיט כּמעלניצקין אַזאַ נאָנטער מקורב— שטעלט זיך אַרויס, אַז דאָס איז באָהון.

—באָהון?—האט וואָלאָדיאָווסקי און זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן.

—יאָ. כ'האב אים דערקענט, ווייל כ'האָב אים געזען אין ראָזלאָגי—און ער מיך אויך. כ'הער: ער זאגט צו כּמעלניצקין: „דאָס איז מיין באַקאַנטער". און אַזוי ווי שכּורים האבן נישט קיין טבע לאַנג צו קלערן, האט כּמעלניצקי געענטפערט: „אויב ער איז דיין באַקאַנטער, זונדל, זאָל מען אים געבן פינפהונ- דערט טאָלער—און איך וועל אים געבן אַ תּשובה". און ער האָט מיר געגעבן אַ תּשובה, און וואָס שייך די טאָלערס האב איך, כּדי נישט צו רייצן די בעסטיעס, געזאָגט, אַז ער זאָל זיי באַ- האַלטן פאַר די דינער, ווייל די חברים-אָפיצירן האָבן נישט די רגילות צו נעמען מתּנות. זיי האָבן מיך משלח געווען פון גע- צעלט גענוג אָנשטענדיק—קוים אָבער בין איך אַרויסגעגאַנגען, קומט-צו צו מיר באָהון: „מיר האָבן זיך געזען אין ראָזלאָגי", זאָגט ער. „יאָ (זאָג איך), נאר כ'האב מיך דעמאָלט נישט גע- ריכט, ברודערל, אַז איך וועל דיך דערזען אין דעם דאָזיקן לאַגער".—און ער ענטפערט מיר דערויף: „נישט מיין אייגענער ווילן, נאָר דאָס אומגליק האָט מיך געטריבן אַהער!" אין גע- שפּרעך האָב איך אים געזאָגט, ווי אַזוי מיר האָבן אים צע- קלאַפּט הינטער יאַרמאָלינצע. „איך האָב נישט געוווּסט, מיט וועמען איך האָב צו טון (האָט ער מיר דערויף געענטפערט) און איך האָב בעהאַט אַ צעשניטענע האַנט, און די מענטשן מיינע האָבן בעטויגט צו גאָרנישט, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז

דער פירשט יאַרעמאַ אַליין שלאָגט זיי". און מיר האָבן אויך נישט געוווסט (זאָג איך), ווייל ווען הער סקשעטוסקי וואָלט געוווסט, אַז דו ביזט עס, וואָלט קיין איינער פון אייך שוין נישט געלעבט.

—אודאי וואָלט עס אַזוי געווען, אָבער וואָס האָט ער דערצו געזאָגט?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

—ער איז געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט און פאַרקערעוועט דאָס געשפּרעך אויף אַן אַנדערן ענין. ער האָט מיר דערציילט, אַז קשיוואָנאָס האָט אים אַרויסגעשיקט מיט בריוו צו כמעלניצ-קין ביי לוווו, אַז ער זאָל זיך אַ ביסל אָפּרוען, און כמעלניצקי האָט אים נישט געוואָלט צוריקשיקן, ווייל ער האָט בדעה גע-האַט אים צו באַנוצן פאַר אַנדערע שליחותן, ווייל ער איז אַ מענטש מיט אַ הדרת-פנים. צום סוף האָט ער געפרעגט: „און ווו איז הער סקשעטוסקי?" און ווען כ'האָב אים געענטפערט, אַז אין זאַמאָשטש, האָט ער געזאָגט: „אויב אַזוי וועלן מיר זיך אפשר טרעפן"—און דערמיט האָב איך זיך מיט אים גע-זעגנט.

—איך שטויס מיך שוין אָן, אַז כמעלניצקי האָט אים באַלד דערנאָך אַרויסגעשיקט קיין וואַרשע—האָט זאַגלאָבאַ גע-זאָגט.

—יאָ, אָבער וואַרט-צו, מיין הער. איך בין אַוועק צוריק אין דער פעסטונג און אָפּגעגעבן דעם הער ווייער אַ באַריכט פון דער שליחות. ס'איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. צומאָרגנס האָבן די קאָזאַקן ווידער גענומען שטורמען, אָבער דאָס מאָל מיט אַ נאָך גרעסערער פאַרביסנקייט ווי צום ערשטן מאָל. כ'האָב נישט געהאַט קיין צייט זיך צו זען מיטן הער סקשעטוסקי, ערשט צום דריטן טאָג האָב איך אים געזאָגט, אַז כ'האָב גע-זען באָהונען און מיט אים גערעדט. עס זענען דערביי געווען אַ סך אָפיצירן און דערונטער אויך הער רעגאָווסקי. דערהערנ-דיק מיינע ווערטער, האָט דער לעצטער זיך אָנגערופן מיט אַ בייסנדיקן טאָן: „איך ווייס, אַז עס גייט דאָרט וועגן אַ מיידל; אויב איר זענט, מיין הער, אַזאַ ריטער, ווי מען רימט אייך,

האָט איר באָהונען: רופט אים אַרויס אויף אַ גערעַנגל מיט שווערדן, און איר קאָנט שוין זיכער זיין, אַז דער דאָזיקער רוצח וועט זיך נישט אָפּזאָגן. מיר וועלן פון די מויערן זיך צוקוקן צו אַ שיינער פאָרשטעלונג. אָבער וועגן אייך,ווישניאָ-וויעצקיס מענטשן, זאָגט מען מער (גיט ער צו), ווי עס איז באמת". דערויף האָט הער סקשעטוסקי אַ קוק געטון אויף הער רעגאָווסקי, אַז יענער איז געבליבן שטיין אַ פאַרבליפטער. „אַ־אַ עצה גיט איר? (האָט ער געפרעגט)—זייער גוט! כ׳ווייס נאָר נישט, צי איר, וואָס מאַכט חוזק פון אונז, וואָלט געהאַט דעם מוט צו גיין צום קאָזאַקן-המון און אַרויסרופן אין מיין נאָמען באָהונען". און רעגאָווסקי האָט דערויף זיך אָנגערופן: מוט האָב איך, אָבער כ׳בין אייך נישט קיין קרוב, און נישט קיין גואל—כ׳וועל נישט גיין! דאָ האָבן אַלע אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער פון הער רעגאָווסקין. אָ! (האָבן זיי געטענהט) איצט האָסטו מורא, אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פרעמדער הויט, ביזטו געווען אַ גבור!" רעגאָווסקין האָט עס אָבער אַריינגעבראַכט אין אַמביציע, האָט ער זיך מיישב געווען און דערקלערט, אַז ער גייט. צומאָרגנס איז ער געגאַנגען אַרויסרופן באָהונען—אָבער ער האט שוין באָהונען נישט געטראָפן. מיר האָבן דעמאלט נישט געגלויבט זיינע ווערטער, און ערשט איצט, נאָכדעם, וואָס איך האב געהערט פון אייך, זע איך, אַז ס׳איז אמת. באָהונען האָט כמעלניצקי באמת געמוזט אַרויסשיקן און דאָרט האט איר אים דערהרגעט.

—אַזוי איז עס טאַקע געווען—האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן.

—זאגט-זשע אונז—האט זאַגלאָבאַ געפרעגט—ווו וועלן מיר איצט געפינען סקשעטוסקין, ווייל געפינען מוזן מיר אים, כדי מיר זאָלן באַלד מיט אים זיך לאָזן זוכן דאס מיידל.

—איר וועט דאס לייכט דערגיין הינטער זאַמאָשטש, ווייל דאָרט איז ער אַ שם-דבר. קאַלינאַן, דעם קאָזאַקישן פאלקאווניק, האט ער צוזאַמען מיט רעגאָווסקין, דערלאַנגנדיק זיך די הענט, באַרטיליקט, נישט איבערלאָזנדיק פון זיין מחנה קיין שריד-

ופליט. שפעטער האָט סקשעטוסקי אויף אייגענער האַנט צוויי מאָל צעקלאַפּט טאָטערישע מחנות, בורלאַין פאַרטיליקט און אַ פּאָר קופּעס צעשלאָגן.

—און כמעלניצקי לאָזט דאָס אַלץ צו?

—כמעלניצקי שאָקלט זיך פון זיי אָפּ און זאָגט, אַז זיי רויבן אַקעגן זיינע באַפעלן. אַנדערש וואָלט קיינער נישט גע־גלויבט אין זיין טרייקייט און הכנעה פאַרן האַר קיניג.

—זייער שלעכט ביר אין דער דאָזיקער קאָנסקאַוואָליאַ! — האָט הער זאַגלאָבאַ באַמערקט.

—הינטער לובלין וועט איר, מיינע הערן, שוין גיין אי־בער חורבות—האָט דער ליטווינער ווייטער געזאָגט—ווייל די פּאַרפּאָסטנס זענען דערגאַנגען אַזש ביז הינטער לובלין און די טאָטערס האָבן אומעטום גענומען געפאַנגענע, און וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט ביי זאַמאָשטש און הרוביעשאָוו, האָט גאָר קיין שיעור און קיין ערך נישט. אפשר טויזנט אָפּגעשלאָגענע געפאַנגענע האָט סקשעטוסקי שוין אָפּגעשיקט אין דער פעסטונג. ער אַרבעט דאָרט מיט אַלע כוחות, נישט חס־זייענדיק אויפן אייגענעם גע־זונט.

דאָ האָט הער לאָנגינוס אָפּגעזיפצט און אַ פאַרטראַכטער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווײַ־טער אַזוי געזאָגט:

—איך מיין, אַז גאָט וועט אין זיינע גרויסע רחמים אָן ספק טרייסטן דעם הער סקשעטוסקי און אים געבן דאָס, וואָס ער האָט זיך אויסדערוויילט פאַר זיין גליק, ווייל גרויס זענען די פאַרדינסטן פון דאָזיקן ריטער. אין די דאָזיקע צייטן פון פאַרדאָרבנקייט און אייגננוציקייט, ווען יעדער טראַכט נאָר וועגן זיך, האָט ער וועגן זיך פאַרגעסן. ער האָט דאָך, ברידערלעך, שוין לאַנג געקאָנט באַקומען אַ דערלויבעניש פון האַר פירשט צו פאָרן זוכן די פירשטין, אָבער אָנשטאָט דעם, ווען עס איז אויפן פאָטערלאַנד געקומען אַ עת־צרה, האָט ער אויף קיין איין רגע נישט אַוועקגעוואָרפן זיין דינסט, צערבעטנדיק ווייטער אָן אויפהער מיט אַ ווייטאָק אין האַרץ.

ער האָט אַ נשמה פון אַ רוימער, נישטאָ וואָס צו זאָגן!— האָט זאַגלאָבאַ זיך אָנגערופן.

—מיר דאַרפן זיך נעמען אַ ביישפיל פון אים.

—בפרט איר, הער פּאָדביפּיענטאַ, וועלכער איז אויסן אין דער מלחמה נישט די טובה פון פאָטערלאַנד, נאָר די דריי קעפּ.

—גאָט קוקט אַריין אין מיין נשמה!—האָט הער לאָנגינוס געזאָגט, אויפהייבנדיק די אויגן צום הימל.

—סקשעטוסקין האָט שוין גאָט באַלוינט מיט באָהונס טויט—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—און דערמיט, וואָס ער האָט גע-געבן אַ רגע מנוחה דער רעפּובליק, ווייל איצט איז געקומען די צייט פאַר אים אַ טראַכט צו טון וועגן אָפּזוכן די אבדה.

—איר וועט מיט אים פאָרן?—האָט דער ליטווינער גע-פרעגט.

—און איר פאָרט נישט מיט?

—איך וואָלט געפאָרן מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, אָבער וואָס וועט זיין מיט די בריוו? איינעם פיר איך פון סטאַראָסטע פון וואלקי צום האַר קיניג, אַ צווייטן צום פירשט, און אַ דריטן טאַקע פון הער סקשעטוסקין אויך צום פירשט מיט אַ בקשה וועגן אַ דערלויבעניש.

—אַ דערלויבעניש ברענגען מיר אים.

—אבער ווי אַזוי קאָן איך די בריוו נישט אָוועקפירן?

—איר מוזט פארן קיין קראָקע, עס קאָן אַנדערש נישט זיין. איבעריקנס וויל איך אייך זאגן גאַנץ אויפריכטיק: איך וואלט אין דער עקספּעדיציע נאך דער פירשטין גערן געוואלט האבן אַזעלכע פויסטן, ווי אייערע, הינטער די פּלייצעס, אבער צו עפּעס אַנדערש וואלט איר לחלוטין נישט געטויגט. דאָרט וועט מען מוזן סימולירן און מסתמא אויך זיך איבערטון אין קאָזאַקישע בגדים, מאַכן אַן אָנשטעל פון פויערן—און איר קריכט אין די אויגן אַריין מיט אייער וווקס, אַז יעדער וואָלט באַלד געפרעגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ דראָנג? פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ קאָזאַק?—אַ חוץ דעם קענט איר אויך זייער לשון

נישט ווי ס׳געהערט זיין. ניין, ניין! פאָרט קיין קראָקע, און מיר וועלן זיך שוין אַליין ווי-עס-איז אַן עצה געבן.

—איך מיין אויך אַזוי—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—אודאי מוז אַזוי זיין—האָט הער פּאָדביפּיענטאַ געענטפערט—זאָל אייך דער באַרמהאַרציקער גאָט בענטשן און העלפן. און ווייסט איר דען, וווּ זי איז באַהאַלטן?

—באָהון האָט נישט געוואָלט זאָגן. מיר ווייסן נאָר דאָס, וואָס איך האָב אונטערגעהערט, ווען באָהון האָט מיך געהאַט פאַרשפּאַרט אין שטאַל, אָבער דאָס איז גענוג.

—ווי אַזוי וועט איר זי געפינען?

—דערויף איז מיין קאָפּ דאָ!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—איך בין שוין געווען אין גרעסערע פאַרלעגנהייטן. איצט איז דער עיקר, אַז מיר זאָלן וואָס גיכער זיך זען מיט סקשעטוסקין.

—פרעגט אין זאַמאָשטש, הער ווייער מוז וויסן, ווייל ער קאָרעספּאָנדירט מיט אים און הער סקשעטוסקי שיקט אים צו די געפאַנגענע. זאָל אייך גאָט בענטשן!

—און אייך אויך—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.—אַז איר וועט זיין אין קראָקע ביים פירשט, גיט אָפּ פון אונז אַ גרוס דעם הער כאַרלאַמפּ.

—ווער איז דאָס?

—דאָס איז אַ ליטווינער פון אַ אומגעוויינלעכער שיינקייט, פאַר וועלכן אַלע פריילינס פון דער פירשטינס הויף-דאַמען האָבן דעם קאָפּ פאַרלוירן.

הער לאָנגינוס האָט אַ ציטער געטון.

—ווילטוער מיינער, איר מאַכט חוזק מסתמא?

—זייט געזונט! שרעקלעך געמיין ביר דאָ אין קאָנסקאָ-וואָליאַ—האָט הער זאַגלאָבאַ פאַרענדיקט, פינטלענדיק מיטן אויג צו וואָלאָדיאָווסקין.

# 15 קאַפּיטל.

הער לאָנגינוס איז אָפּגעפאָרן קיין קראָקע מיט אַ האַרץ געטראָפן פון אַ פייל, און דער אַכזריותדיקער הער זאַגלאבאַ צוזאַמען מיט וואָלאָדיאָווסקין זענען אַוועק קיין זאַמאשטש, ווו זיי האָבן זיך אויסגעהאַלטן גישט לענגער ווי איין טאָג, ווייל דער קאָמענדאַנט, דער סטאַראָסטע פון וואַלקי, האָט זיי מודיע געווען, אַז ער האָט שוין לאַנג נישט געהאַט קיין ידיעות פון סקשעטוסקין און ער האָט געהאַלטן, אַז די רעגימענטן, וואָס זענען אַוועק אונטער סקשעטוסקיס קאָמאַנדע, וועלן גיין קיין זבאַראַזש, כדי צו שיצן די דאָרטיקע לענדער פון די רויבערישע מחנות. דאָס האָט זיך געלייגט אויפן שכל שוין דערפאַר, וואָס זבאַראַזש, אַלס אייגנטום פון די ווישניאָוויעצקיס, איז באַזונדערס געווען אויסגעשטעלט אויף אַן אָנלויף פון פירשטס דם-שונאים. פאַרן הער וואָלאָדיאָווסקין און זאַגלאָבאַן האָט זיך אַזוי אַרום געעפנט אַ לאַנגער און גענוג שווערער וועג, היות אָבער ווי גייענדיק נאָך די פירשטין וואָלטן זיי אים סיי-ווי-סיי געמוזט דורכמאַכן, איז זיי דעריבער געווען אַלץ איינס, צי פריער אָדער שפּעטער, און זיי האָבן זיך אָן שהיות געלאָזט אין וועג אַריין אָפּשטעלנדיק זיך נאָר אויף אַזוי פיל, וויפיל עס איז נויטיק געווען אויף אָפּרו, אָדער אויף צו פאַרטיליקן די רוצחים-באַנדעס, וועלכע האָבן זיך נאָך דאָ און דאָרט אַרומגעשלעפּט.

זיי זענען געגאַנגען דורך אַ לאַנד, וואָס איז געווען אַזוי פאַרוויסט, אַז אָפטמאָל האָבן זיי גאַנצע טעג נישט באַגעגנט קיין לעבעדיקע נשמה. די שטעטלעך זענען געלעגן אין גליענדיקן אַש, די דערפער זענען געווען פאַרברענט און פוסט, די באַפעלקערונג אויסגעקוילעט אָדער פאַרכאַפּט אין געפאַנגענשאַפט.

נאָך הרוגים האָבן זיי באַגעגנט אויפן וועג, סקעלעטן פון הייזער, קירכעס, צערקוועס, טליענדיקע איבערבלייבענישן פון דאָרפישע כאַטעס, און הינט, וואָס האָבן געבילט אויף די חורבות. ווער עס האָט איבערגעלעבט די טאָטעריש-קאָזאַקישע פאַרפלייצונג, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די וואַלד-טיפענישן און איז געפרוירן געוואָרן פון קעלט, אָדער אויסגעגאַנגען פון הונגער, נישט דערוועגנדיק זיך נאָך אַרויסצושמעקן פון די וועלדער, נישט גלויבנדיק, אַז דאָס אומגליק האָט שוין געקאָנט מיידן. די פערד זיינע האָט וואָלאָדיאָווסקי געמוזט פאַשען מיט דער קאָרע פון די ביימער, אָדער מיט דער האַלב-פאַרברענטער תבואה, וואָס איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די חורבות פון די אַמאָליקע שפּייכלערס. אָבער זיי זענען געגאַנגען גיך, ראַטעווענדיק זיך דער עיקר מיט יענע זאַפּאַסן, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט ביי די רוצחים-אָפּטיילונגען. ס'איז שוין געווען סוף נאָוועמבער, אָבער אויף וויפיל דער פאַראַיאָריקער ווינטער איז, צו דער גרעסטער מענטשלעכער פאַרווונדערונג אַריבער אָן שנייען פרעסט און אייז, אַזוי אַז עס האָט זיך געדוכטן, אַז דער דרך-הטבע האָט זיך אינגאַנצן געענדערט, אויף אַזוי פיל האָבן אַלע סמנים אָנגעזאָגט, אַז דער היי-יאָריקער ווינטער וועט זיין שאַרפער ווי תמיד. די ערד איז פאַרשטייפט געוואָרן, שנייען זענען שוין געלעגן אויף די פעלדער, און די ברעגעס פון די טייכן זענען יעדן באַגינען געווען באַצויגן מיט אַ דורכזיכטיקער גלעזערנער הויט. דאָס וועטער איז געווען טרוקן, די בלייכע שטראַלן פון דער זון האָבן נאָר שוואַך אָנגעוואַרעמט די וועלט אין די מיטאָג-שעהן; דערפאַר אָבער באַגינען און אין אָוונט האָבן אויפן הימל געברענט שטערנס—אַ בלתי-ספקדיקער סימן פון אַ גיכן און שטאַרקן ווינטער.

נאָך דער מלחמה און הונגער האָט געזאָלט אָנקומען דער דריטער שונא—די פראָסט, און פונדעסטוועגן האָבן די מענטשן אויסגעקוקט אויף איר מיט אומגעדולד, ווייל זי איז בכוח געווען איינצוהאַלטן די מלחמה נאָך מער ווי אַלע אָפּמאַכן. הער

וואָלאָדיאָווסקי אַלס אויסגעפּרוּווטער מענטש, וועלכער האָט דער-צו נאָך גוט געקענט אוקראַינע, איז געווען פול מיט האָפנונג, אַז די עקספּעדיציע נאָך דער פירשטין וועט שוין זיכער מצליח זיין, ווייל די הויפּט-מניעה—די מלחמה—וועט אַזוי גיך זי נישט שטערן.

—איך גלויב נישט אין כמעלניצקיס אויפריכטיקייט—האָט ער געזאָגט—אַז פון ליבע צום האַר קיניג האָט ער זיך צוריק-געצויגן קיין אוקראַינע; אָבער דאָס איז אַ כיטרער פוקס! ער ווייס, אַז דעמאָלט, ווען די קאזאַקן קאָנען זיך נישט באַפעסטיקן אין גראָבנס, זענען זיי גארנישט ווערט, ווייל אויפן אפענעם פעלד, ווען אפילו זייער צאל זאל זיין פינף מאל אַזוי גרויס—וועלן זיי אונזערע פאלקן נישט קאנען בייקומען. זיי וועלן איצט אַוועק אין די ווינטער-ישובים, און די סטאַדעס וועלן זיי אַוועק-שיקן אין די שנייען. די טאָטערס דאַרפן אויך אַוועקפירן די געפאַנגענע. אויב דער ווינטער וועט זיין אַ שטאַרקער, וועלן מיר האָבן רו אַזש ביז צום קומענדיקן פרילינג.

—און אפשר נאך לענגער, ווייל זיי האבן דאך דרך-ארץ פאַרן האַר קיניג. אָבער מיר דאַרפן אַזוי פיל צייט אויך נישט. מיט גאָטס הילף וועלן מיר נאך ווינטער פראַוועון הער סקשע-טוסקיס חתונה.

—מיר זאלן זיך נאר מיט אים איצט נישט מיידן, ווייל דאס וואלט אונז ווידער צוגענומען צייט.

—ער האט ביי זיך דריי פאָלקן, איז דאך דאס נישט קיין קערנדל אין אַ קערץ תבואה צו געפינען. ס׳קאן זיין, אַז מיר וועלן אים נאָך ביי זבאַראַזש אניאגן, אויב ער וועט ערגעץ לענגער נישט פאַרברענגען מיט די היידאַמאַקעס.

—אָניאָגן קאָנען מיר אים נישט, אבער מיר מוזן האבן ידיעות אויפן וועג—האט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט.

ידיעות צו באַקומען איז אבער געווען שווער. די פויערן האבן דא און דארט געזען דורכגייענדיקע פאלקן, זיי האבן גע-הערט וועגן די שלאַכטן, וואס זענען געפירט געווארן מיט די גזלנים, אבער זיי האבן נישט געקאנט זאָגן, וועמענס עס זענען

געווען די דאָזיקע פאָלקן, און אַזוי ווי זיי האָבן געקאָנט זיין
רעגאָווסקיס פּונקט אַזוי ווי סקשעטוסקיס, האָבן די צוויי פריינט
נישט געוווסט קיין זיכערע זאַך. דערפאַר אבער איז צו זייערע
אויערן דערגאַנגען אַ צווייטע ידיעה: וועגן די גרויסע קאָזאַקי-
שע מפּלות אין קאַמף געגן ליטווישן חייל. זי איז שוין אַרום-
געגאַנגען אין דער פאָרם פון אַ קלאַנג נאָך ערב וואָלאָדיאָוו-
סקיס אָפּפאָרן פון וואַרשע, אָבער מ'האָט נאָך געצווייפלט, איצט
אָבער האט זי זיך פאַנאַנדערגעטראָגן איבערן גאַנצן לאַנד מיט
אַלע פּרטים ווי אַן אמת, וועלכן מ'האָט נישט געקאָנט אָפּליי-
קענען. פאַר די מפּלות, וואָס כמעלניצקי האט פאַרשאַפט די
קרוין-חיילות, האט אים מיט מפּלות אָפּגעצאָלט דאָס ליטווישע
חייל. עס האט פאַרלוירן זיין קאָפּ פּולקשענזשיץ, אַן אַלטער און
אויסגעפּרווו֯טע פירער, און דער ווילדער נעבאַבאַ, און דער
פון זיי ביידן מעכטיקערער קזשעטשאָווסקי, וועלכער האָט זיך
אין די רייען פון די מורדים דערשלאָגן נישט צו סטאַראָסטווע
און וואָיעוואָדזטווע, נישט צו כבוד און הויכע אַמטן, נאָר צו אַ
תּליה. עס האָט זיך געדוכטן, אַז עפּעס אַ וווּנדערלעכע נעמעזיס
האָט געוואָלט פון אים נקמה-נעמען פאַרן דייטשן בלוט, וואָס
איז פאַרגאסן געוואָרן ביים דניעפּר, פאַר פליקס און ווערנערס
בלוט, ווייל ער איז אַריינגעפאַלן דוקא אין די הענט פון ראַ-
דזיווילס דייטשן רעגימענט, און הגם ער איז שוין געווען דורכ-
געשאָסן און שווער פאַרוווּנדעט איז ער באַלד אַרויפגעשלאָגן
געווארן אויף אַ דראָנג, אויף וועלכן דער אומגליקלעכער האָט
נאָך געצאַפּלט אַ גאַנצן טאָג, ביז ער האָט אויסגעהויכט זיין
נשמה. אַזאַ סוף האט געהאַט דער, וואָס האָט דורך זיין גבורה
און מיליטערישער גאונות געקאָנט ווערן אַ צווייטער סטעפאַן
כמעלניצקי, אָבער זיין איבערגעטריבענע תּאוה צו עשירות און
כבוד האט אים געשטויסן אויפן וועג פון בגידות, שווינדלע-
רייען און מוראדיקע רציחות, מיט וועלכע נאָר קשיוואָנאָס האָט
זיך געקאָנט באַרימען.

צוזאַמען מיט אים, מיט פּולקשענזשיצן און מיט נעבאַבאַן
זענען בערך צוואַנציק טויזנט קאָזאַקן אומגעקומען אויפן שלאַכ-

פעלד, אָדער דערטרונקען געוואָרן אין די בלאָטעס פון פריפעט;
אַ אימה האָט דעריבער ווי אַ וויכער זיך דורכגעטראָגן איבער
דער ווימעלדיקער אוקראַינע, ווייל אַלעמען האט זיך אויסגע-
דוכטן, אַז נאָך די גרויסע נצחונות ביי די געלע וואַסערן,
קאָרסון, פילאַווצע, קומט די צייט אויף אַזעלכע פאָגראָמען,
וועלכע עס האבן ביי סאַלאָניצאַ און קומייקי דערלעבט די פרי-
ערדיקע מרידות. כמעלניצקין אַליין, הגם ער איז שוין געשטאַ-
נען אויפן העכסטן שטאַפל פון רום, הגם ער איז געווען מעכ-
טיקער ווי ווען עס איז, איז אַ פחד באַפאַלן, ווען ער האט זיך
דערוווסט וועגן טויט פון „פריינט" קשעטשאָווסקי, און ווידער
גענומען זיך פרעגן ביי די כישוף-מאַכערינס וועגן דער צו-
קונפט. זיי האָבן וואָרגעזאָגט פאַרשידן—זיי האָבן וואָרגעזאָגט
נייע גרויסע מלחמות און נצחונות און מפלות—זיי האָבן אָבער
נישט געקאָנט זאגן דעם העטמאַן, וואָס מיט אים אַליין וועט
ווערן.
דערווייל אָבער, טאַקע צוליב קשעטשאָווסקיס מפלה און
אויך צוליבן ווינטער, איז אַ לאַנגע רו געווען אַ זיכערע זאַך.
דאָס לאַנד האָט זיך גענומען באַרואיקן, די פאַרוויסטע דערפ-
לעך זענען ווידער באַוווינט געוואָרן און אַלעמענס מיט אימה
און ספקות דורכגענומענע הערצער זענען ביסלעכווייז באַלעבט
געוואָרן פון מוט.
מיט אַזאַ מוט זענען אונזערע צוויי פריינט, נאָך אַ לאַנ-
גער און שווערער נסיעה, בשלום צוגעפאָרן צו זבאַראַזש און
מעלדנדיק וועגן זייער אָנקומען אין שלאָס זענען זיי באַלד
אַוועק צום קאָמענדאַנט, אין וועלכן זיי האָבן, צו זייער גרוי-
סער פאַרוווּנדערונג, דערקענט ווייערשולן.
—און ווו איז סקשעטוסקי?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט נאָך
די ערשטע באַגריסונגען.
—ער איז נישטאָ—האָט ווייערשול געענטפערט.
—האָט איר, הייסט עס, די קאָמאַנדע איבערן גאַרניזאָן?
—יאָ. סקשעטוסקי האָט זי געהאַט, אָבער ער איז אָפגע-
פאָרן און מיר איבערגעגעבן דעם גאַרניזאָן ביז זיין צוריקקומען.

—און ווען האָט ער צוגעזאָגט צוריקצוקומען?

—ער האָט גאָרנישט געזאָגט, ווייל ער האָט אַליין נישט געוווּסט, נאָר ביים געזעגענען זיך האָט ער מיר געזאָגט: „אויב עמיצער וועט צו מיר קומען, זאָלסטו אים זאָגן, אַז ער זאָל דאָ אויף מיר וואַרטן".

זאַגלאָבאַ און וואָלאָדיאָווסקי האָבן זיך אָנגעקוקט.

—שוין לאַנג איז ער אַוועקגעפאָרן?—האָט הער מיכאַל געפרעגט.

—מיט צען טעג צוריק.

—הער מיכאַל—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—זאָל אונז הער וויערשול געבן נאַכט-עסן, ווייל אויפן הונגעריקן מאָגן איז שווער זיך צו באַראַטן. ביים נאַכט-עסן וועלן מיר אַ שמועס-טון.

—מיטן גאַנצן האַרץ בין איך אייך גרייט צו דינען, ווייל איך האָב אַליין אויך מיך גראָד געוואָלט זעצן צום טיש. אי-בעריקנס, הער וואָלאָדיאָווסקי, אַלס עלטערער אָפיציר, נעמט איבער די קאָמאַנדע, אַזוי, אַז איך בין ביי אים, און נישט ער ביי מיר.

—בלייבט ביי דער קאָמאַנדע, הער קאַשטשאַף—האָט וואָ-לאָדיאָווסקי געזאָגט—איר זענט דאָך עלטער אין יאָרן, אַ חוץ דעם וועט מיר זיכער אויסקומען אָפּצופאָרן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען דערלאַנגט דאָס נאַכט-עסן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, געגעסן, און ווען הער זאַגלאָבאַ האָט שוין געהאַט אַ ביסל געשטילט דעם ערשטן הונגער מיט צוויי שיסלען זופּ, האָט ער געזאָגט צו וויערשולן:

—זענט איר זיך גאָרנישט משער, ווו הער סקשעטוסקי האָט געקאָנט פאָרן?

וויערשול האָט געהייסן אַרויסגיין די דינער, וואָס האָבן דערלאַנגט צום טיש, און נאָך אַ ווײַלע פון ישוב-הדעת האָט ער אַזוי געזאָגט:

—איך בין זיך משער, אָבער סקשעטוסקין איז שטאַרק געלעגן דערין, אַז עס זאָל געהאַלטן ווערן בסוד, העריבער האָב איך אין דער דינסט-צייט נישט געוואָלט רעדן. ער האָט

אויסגענוצט דעם שעת-הכּושר, ווייל מיר וועלן דאָ ביז פּרי-לינג זיכער שטיין רואיק—און לויט מיינע השערות איז ער געפאָרן זוכן די פירשטין, וועלכע געפינט זיך אין באָהונס הענט.

—באָהון איז שוין נישטאָ אויף דער וועלט—האט זאַגלאָ-באַ געזאָגט.

—וואָס הייסט?

—הער זאַגלאָבאַ האט צום דריטן, אָדער פערטן מאָל דער-ציילט אַלץ ווי ס'איז געווען, ווייל ער האט דאָס שטענדיק דערציילט מיט פאַרגעניגן; וויערשול האט אויך, פּונקט ווי הער לאָנגינוס, נישט געקאָנט זיך אָפּחידושן איבער דעם געשעעניש, און צום סוף האט ער געזאָגט:

—אויב אַזוי וועט סקשעטוסקין זיין גרינגער.

—ס'ווענדט זיך אָבער, צי ער וועט זי אויסגעפינען. און מענטשן האט ער מיט זיך מיטגענומען?

—קיינעם נישט, ער איז אַליין געפאָרן—מיט איין יינגל אַ רוטענערל און מיט דריי פערד.

—אויב אַזוי האט ער זייער קלוג געטון, ווייל דאָרט קאָן מען זיך נאָר מיט המצאות אַן עצה-געבן. קיין קאַמענעץ קאָן מען אפשר דערגיין מיט אַ קליינעם פּאָלק, אָבער שוין אין אושיצאַ און אין מאָהילעוו שטייען מסתמא קאָזאַקן, ווייל דאָרט זענען פאַראַן גוטע ווינטער-דירות און אין יאַמפּאָל איז זייער נעסט—דאָרט מוז מען גיין אָדער מיט אַ גאַנצער דיוויזיע, אָדער אַליין.

—אָבער פון וואַנען ווייסט איר, אַז ער איז אַוועק גראָד אין יענע מקומות?—האט וויערשול געפרעגט.

—ווייל זי איז דאָרט באַהאַלטן הינטער יאַמפּאָל און וועגן דעם האט ער געוווסט, אָבער דאָרט זענען פאַראַן אַזוי-פיל היילן, שפּאַלטן, געוויקסן-פלאָנטערס, אַז אפילו ווען מען קען גוט דאָס אָרט, איז שווער צו טרעפן, אַ פּשיטא-שוין ווען מען קען עס נישט. איך בין געפאָרן נאָך פערד און אויף געריכטן קיין יאַרהאָליק, ווייס איך. ווען מיר וואָלטן געווען

צוזאַמען, וואָלט עס אפשר לייכטער געגאַנגען, אָבער אים אַליין — כ׳בין מסופק, כ׳בין מסופק, סיידן עפּעס אַ צופאַל זאָל אים אַרויספירן אויפן וועג, ווייל אַפילו פרעגן וועט ער נישט קאָנען.

— האָט איר הייסט עס געוואָלט מיט אים פאָרן?

— יאָ. אָבער וואָס וועלן מיר איצט טון, הער מיכאַל? נאָכפאָרן אים, אָדער נישט נאָכפאָרן?

— איך פאַרלאָז מיך אויף אייער שכל.

— הום! — שוין צען טעג ווי ער איז אַוועקגעפאָרן — מיר וועלן נישט אָניאָגן — און נאָך מער, ער האָט געהייסן וואַרטן אויף זיך. גאָט ווייס אויך, דורך וואַנען ער איז געפאָרן? ער האָט געקאָנט פאָרן דורך פלאָסקיראָוו און באַר, ווו עס גייט אַן אַלטער שליאַך, און ער האט געקאָנט פאָרן דורך קאַמענעץ-פּאָדאָלסק. אַ שווערן ענין האָבן מיר דאָ.

— געדענקט דערביי — האט ווירשול געזאָגט — אַז דאָס זענען נאָר השערות, אָבער ס׳איז נישטאָ קיין זיכערקייט, אַז ער איז געפאָרן נאָך דער פירשטין.

דאָס איז עס טאַקע! דאָס איז עס טאַקע! — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט — און אפשר איז ער אַרויסגעפאָרן נאָר דערפאַר, כדי צו כאַפּן ערגעץ אַ געפאַנגענעם און שפעטער וועט ער צוריק-קערן קיין זבאַראַזש, ווייל ער האט דאָך געוווּסט, אַז מיר דאַרפן גיין צוזאַמען און ער האט זיך געקאָנט אויף אונז ריכטן איצט, אין דער בעסטער צייט. דאָס איז אַ שווערער ענין.

— איך האָלט געהייסן וואַרטן אַ צען טעג — האָט ווירשול געזאָגט.

— צען טעג זענען גאָרנישט; אָדער וואַרטן, אָדער גאָר-נישט וואַרטן.

— און איך האַלט, אַז מען זאָל נישט וואַרטן, ווייל וואָס וועלן מיר דען פאַרלירן, אויב מיר וועלן באַלד מאָרגן זיך לאָזן אין וועג אַריין? אויב הער סקשעטוסקי וועט נישט אויס-

געפינען די פירשטין, וועלן אפשר גראָד מיר מצליח זיין—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—זעט איר, הער מיכאַל, מ׳קאָן דאָ גאָרנישט גרינגשעצן; איר זענט יונג און להוט נאָך פּאַסירונגען—האָט זאַגלאָבאַ גע- ענטפערט—און דאָ שטייט פאַר די סכּנה, אַז אויב ער באַזונדער און מיר באַזונדער וועלן זי זוכן, וועט עס לייכט אַרויסרופן אַ חשד ביי יענע מענטשן. די קאָזאַקן זענען כיטרע און האָבן מורא, אַז עמיצער זאָל נישט אויפדעקן זייערע פּלענער. זיי קאָנען דאָרט האבן אַ געהיימען משא-ומתן מיטן גרענעץ-פּאַשאַ ביי כאָטשים, אָדער מיט די טאָטערס הינטערן דניעסטער מכּוח דער קינפטיקער מלחמה—ווער וויס זיי! און דעריבער וועלן זיי שטאַרק אַכטונג געבן אויף פרעמדע מענטשן, און באַזונדערס אויף אַזעלכע, וואָס פרעגן זיך נאָך מכּוח ווענן. איך קען זיי. מ׳קאָן לייכט אַריינפאַלן, און וואָס וועט שפּעטער זיין?

—אויב אַזוי דאַרף מען ערשט רעכט פאָרן, ווייל אפשר וועט סקשעטוסקי אַריינפאַלן אין אַזעלכע סכּנות, אין וועלכע מ׳וועט אים דאַרפן אַרויסהעלפן.

—דאָס איז אויך אמת.

זאַגלאָבאַ האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרטראַכט, אַז די שלייפן האָבן אים אַזש געציטערט.

צום סוף האט ער זיך אויפגעכאַפּט און געזאָגט:

—נעמענדיק דאָס אַלץ אין באַטראַכט, וועט מען מוזן פאָרן.

וואָלאָדיאָווסקי האָט אָפּגעזיפצט מיט צופרידנקייט.

—און ווען?

—נאָכדעם, ווי מיר וועלן זיך אָפּרוען אַ דריי טעג, כּדי די נשמה און דער גוף זאָלן אויפגעמונטערט ווערן.

צומאָרגנס האבן ביידע פריינט גענומען שוין מאַכן הכנות צו דער נסיעה, אָבער גאָר אומגעריכט, ערב זייער אָפּפאָרן, איז אָנגעקומען הער סקשעטוסקיס אַ יינגל, דאָס יונגע קאָזאַקל ציגאַ, מיט ידיעות און בריוו פאַר וויערשולן, דערהערנדיק וועגן דעם, זענען זאַגלאָבאַ און וואָלאָדיאָווסקי גיך אַוועק אין דער

קוואַרטיר פון קאָמענדאַנט און דאָרט געלייענט אָט וואָס:

„איך בין אין קאַמענעץ, צו וועלכער דער וועג דורך כאַ־טאַנווו איז אַ זיכערער. איך פאָר קיין יאַהאָרליק מיט אַרמענער, סוחרים, וועלכע הער בוקאָווסקי האָט מיר אָנגעוויזן. זיי האָבן טאָטערישע און קאָזאַקישע באַגלייט-בריוו אויף אַ פרייען דורכ־פאָר קיין אַקערמאַן. מיר וועלן פאָרן דורך אושיצאַ, מאָהילעוו און יאַמפאָל, מיט זיידן-שטאָף, אָפּשטעלנדיק זיך אויפן וועג אומעטום, ווו עס וווינען נאָר לעבעדיקע מענטשן; אפשר וועט גאָט העלפן, אַז מיר וועלן געפינען דאָס, וואָס מיר זוכן. מיי־נע חברים, וואָלאָדיאָווסקין און הער זאַגלאָבאַן, זאָג, הער קשיש־טאָף, אַז זיי זאָלן אין זבאַראַזש אויף מיר וואַרטן, אויב זיי וועלן עפּעס אַנדערש נישט האבן וואָס צו טון, ווייל אין דעם וועג, אין וועלכן איך פאָר, קאָן מען אין אַ גרעסערער גרופּע נישט פאָרן, צוליב דעם גרויסן חשד פון די קאָזאַקן, וועלכע ווינטערן אין יאַמפאָל, און איבערן דניעסטער, אַזש ביז יאַהאָר־ליק, האַלטן זיי די פערד אין שנייען. דאָס, וואָס איך אַליין וועל נישט אויפטון, וועלן מיר אין דרייען אויך נישט באַוויזן, און מיך קאָן מען גיכער אָננעמען פאַר אַן אַרמענער. דאַנקט זיי, הער קשישטאָף, פון טיפן האַרץ פאַר זייער גרייטקייט מיר צו העלפן, וועלכע איך וועל מיין גאַנץ לעבן געדענקען, אָבער וואַרטן אויף זיי האָב איך נישט געקאָנט, ווייל יעדער טאָג איז פאַר מיר אַריבער אין יסורים—און איך האָב נישט געקאָנט וויסן, צי זיי וועלן קומען, און איצט איז די בעסטע צייט צו פאָרן, ווייל אַלע סוחרים לאָזן זיך אין וועג אַריין נאָך זיידן־שטאָף און סחורות. דאָס געטרייע ייִנגל שיק איך אַוועק און דו האָב אויף אים השגחה, ער איז מיר נישט נויטיק און איך האָב מורא, אַז ער זאָל ערגעץ זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, ווייל ער איז נאָך יונג. הער בוקאָווסקי זאָגט מיר גוט פאַר יענע סוחרים, אַז זיי זענען ערלעך, און איך מיין אויך אַזוי, גלויבנדיק, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק פון גאָט, וועלכער אויב ער וועט וועלן וועט ער זיך איבער אונז דערבאַרעמען און אַ סוף מאַכן צו אונזער צער, אמן".

הער זאַגלאָבאַ האָט געענדיקט לייענען דעם בריוו און געקוקט אויף זיינע חברים, וועלכע האָבן געשוויגן—צום סוף האָט וויערשול געזאָגט:

—כ'האָב געוווּסט, אַז ער איז דאָרט געפאָרן.

—און וואָס זאָלן מיר טון?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

—איצט—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט, צענעמענדיק די הענט—האָבן מיר שוין נישט נאָך וואָס צו פאָרן. דאָס, וואָס ער פאָרט מיט סוחרים, איז גוט, ווייל ער קאָן אומעטום אַריינקומען און קיינעם נישט פאַרחידושן. אין יעדער כאַטע, אין יעדער פאַרם איז איצט פאַראַן וואָס צו קויפן, ווייל זיי האָבן דאָך צעראַ-בירט אַ האַלבע רעפּובליק. שווער וואָלט אונז געווען, הער מי-כאַל, זיך אַריינצוקריגן אויף יענע זייט יאַמפּאָל. סקשעטוסקי איז שוואַרץ ווי אַ וואָלאַך און קאָן לייכט געהאַלטן ווערן פאַר אַן אַרמענער, און דיך וואָלט מען לייכט דערקענט דורך דיינע געלע וואָנסעלעך. פאַרשטעלט פאַר פויערן וואָלט אויך שווער געווען... זאָל-זשע אים גאָט געבן הצלחה! מיר זענען דאָרט נישט נויטיק—דאָס מוז איך מודה זיין, הגם ס'איז מיר אַ שאָד, וואָס מיר וועלן נישט האָבן קיין חלק אין דער באַפרייאונג פון דאָזיקן אָרעמען מיידל. אַ גרויסע טובה האָבן מיר אָבער געטון סקשעטוסקין דערמיט, וואָס מיר האָבן אומגעבראַכט באָהונען, ווייל ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט איך דעמאָלט נישט ערב געווען פאַר הער יאַנס לעבן.

וואָלאָדיאָווסקי איז געווען זייער אומצופרידן; ער האָט זיך געריכט אויף אַ נסיעה פול מיט פאַרלויפעניש, און דאָ האָלט עס גאָר דערביי, אַז ער זאָל דאַרפן לאַנג און נודנע פאַרברענגען אין זבאַראַזש.

—אפשר וועלן מיר כאָטש פאָרן קיין קאַמענעץ?—האָט ער געזאָגט.

—און וואָס וועלן מיר דאָרט טון און פון וואָס וועלן מיר לעבן?—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט.—אַלץ איינס, צו וועלכע מויערן מיר וועלן ווי שוואָמען צוזוואַקסן; מ'דאַרף וואַרטן און וואַרטן, ווייל אַזאַ נסיעה קאָן סקשעטוסקין פאַרנעמען אַ סך

צייט. אַ מענטש איז יונג אַזוי לאַנג, ווי לאַנג ער ריִרט זיך (דאָ האט הער זאַגלאָבאַ מרה-שחורהדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט), און פון ליידיק-גיין ווערט ער אַלט, אָבער פאַרפאַלן... זאָל ער זיך דאָרט אָן אונז באַגיין; מאָרגן וועלן מיר מנדב זיין אין דער קירך אויף זיין הצלחה. באַהונען האבן מיר דערהרגעט-דאָס איז דער עיקר. הייסט אָפּזאָטלען די פערד, הער מיכאַל—מען מוז וואַרטן.

צומאָרגנס האָבן זיך טאַקע אָנגעהויבן פאַר די צוויי פריינט לאַנגע טעג פון דערוואַרטונג, וואָס זייער לאַנגווייליקייט האָט נישט דאָס שכורן און נישט דאָס שפּילן אין ביינדלעך נישט געקאָנט פאַרטרייבן—און זיי האָבן זיך געצויגן אָן אַן עק. בינֵי-לבינֵי איז אָנגעקומען דער שטרענגער ווינטער. אַ שניי-שיכט פון אַן אייל די דיק, האט באַדעקט די זבאַראַזשער פעסטונג-מויערן און די גאַנצע ערד; די ווילדע חיות און פייגל האבן זיך דערנענטערט צו די מענטשלעכע דירות. גאַנצע טעג האט זיך געהערט דאָס קראַקען פון אומגעהייערע סטאַדעס פון וורָנעס און ראָבן. ס'איז אַריבער דער גאַנצער דעצעמבער, דערנאָך אויך יאַנואַר און פעברואַר—פון סקשעטוסקין איז אין קול ואין עונה.

הער וואָלאָדיאָווסקי איז געפאָרן קיין טאַרנאָפּאָל זוכן פּאַסירונגען; זאַגלאָבאַ איז אַריינגעפאַלן אין אַ מרה-שחורה און געהאַלטן אין איין טענהן, אַז ער ווערט אַלט.

## 16 קאַפּיטל

**די** קאָמיסאַרן, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך דער רעפּובליק צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט כמעלניצקין האָבן סוף כל סוף ביי די גרעסטע שוועריקייטן אָנגעשפּאַרט ביז נאָוואָשיאָלקי און דאָרט זיך אָפּגעשטעלט, וואַרטנדיק אויף אַ תשובה פון נצחון-רייכן העטמאַן, וועלכער האָט דערווייל זיך אויפגעהאַלטן אין טשעכרין. זיי זענען געזעסן טרויעריקע און דערשלאָגענע, ווייל אויפן וועג האָבן זיי כסדר איבערגעלעבט טויט-שרעק און די שוועריקייטן האָבן זיך געמערט אויף יעדן שריט. טאָג און נאַכט זענען זיי געווען אַרומגערינגלט פון פינסטערע מאַסן, פאַרווילדעוועטע ביז גאָר דורך די רציחות און מלחמה—וועלכע האָבן בקולי-קולות געפאָדערט דעם טויט פון די קאָמיסאַרן. פון צייט צו צייט האבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף פון קיינעם נישט אָפּהענגיקע קאָזאַקן-מחנות, וואָס זענען באַשטאַנען פון רוצחים, און אויף ווילדע טאָטערישע באַנדעס, וואָס האָבן נישט די מינדסטע השגה וועגן פעלקער-רעכט און לעכצן נאָך בלוט און שלל. די קאָמיסאַרן האָבן אמת געהאַט אַ באַגלייטונג פון הונדערט רייטער, מיט וועלכע הער ברישאָווסקי האָט אָנגעפירט, אַ חוץ דעם האָט כמעלניצקי אַליין, מורא-האָבנדיק אַז עס זאָל זיי נישט געשען קיין בייז, זיי צוגעשיקט דעם פּאָלקאָווניק דאָניעץ צוזאַמען מיט פירהונדערט קאָזאַקן; אָבער די דאָזיקע באַגלייטונג האָט זיך לייכט געקאָנט אַרויסווייזן פאַר אַ נישט גענוגנדיקע, ווייל די צעווילדעוועטע מאַסן זענען געוואַקסן מיט יעדער שעה און זייער האַלטונג איז געוואָרן וואָס אַמאָל דראָענדיקער. אויב עמיצער פון דער באַגלייטונג אָדער פון דער דינערשאַפט האָט זיך נאָר אויף אַ רגע דערווייטערט

פון די קאָמיסאַרן, איז ער אומגעקומען אָן שפּורן. זיי זענען ווי אַ הייפל וואַנדערער געווען אַרומגערינגלט דורך אַ סטאַדע אויסגעהונגערטע וועלף. און אַזוי האָבן זיי איבערגעלעבט גאַנצע טעג, וואָכן, ביז עס האָט אויפן נאַכטלעגער אין נאָוואָשאָלקי זיך שוין אַלעמען אויסגעדוכטן, אַז עס שלאָגט זייער לעצטע שעה. די דראַגונער-וואַך אין דאָניעצס באַגלייטונג האָבן פון אָוונט אָן געפירט אַ פאָרמעלע מלחמה פאַרן לעבן פון די קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן, אָפּריכטנדיק אַ תפלה פאַר די גוססדיקע, איבערגעגעבן זייער נשמה צו גאָט. דער קאַרמעליט-נזיר לענטאָווסקי האָט מיט זיי אָפּגעזאָגט ודוי, און הינטערן פענסטער האָבן זיך דערוויל, צוזאַמען מיטן געפייף פון ווינט, דערטראָגן שרעקלעכע קולות, אַן אָפּהילך פון אַ שיסעריי, גהנום-געלעכטערס, געקלאַנג פון קאָסעס, אויפרופן „צום טויט!” און שטימען, וואָס פאָדערן זיי אַרויסצוגעבן דעם קאַפּיטאַן וואָיעוואָדאַ קושעל, אויף וועמען עס איז אויסגעגאָסן געוואָרן דער גרעסטער כעס.

דאָס איז געווען אַ מוראדיקע נאַכט, און אַ לאַנגע, ווייל ס'איז געווען אום ווינטער. וואָיעוואָדאַ קושעל האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און געזעסן אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד אומבאַוועגלעך. נישט פאַרן טויט האָט ער מורא געהאַט, ווייל זייט ער איז אַוועק פון הושטשאַ איז ער שוין געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, מיד און צעבראָכן פון נישט שלאָפן, אַז ער וואָלט גיכער מיט אָפענע אָרעמס באַגעגנט דעם טויט—נאָר זיין נשמה האָט געגאָגט אַ טיפער יאוש. אַלס רוטענער מבטן ומלדה האָט ער דאָך דער ערשטער גענומען אויף זיך די ראָליע פון אַ רודף-שלום אין דער דאָזיקער מלחמה, וואָס האָט נישט איר גלייכן—ער איז אַרויסגעטרעטן אומעטום, אין סענאַט און אין סיים, אַלס דער הייסעסטער אָנהענגער פון אונטערהאַנדלונגען, ער האָט אונטערשטיצט די פּאָליטיק פון קאַנצלער און פון פּרימאַס, ער האָט שאַרפער פון אַלע פאַראורטיילט יערעמין און דאָס אַלץ האָט ער געטון מיט די בעסטע כוונות, פאַרן וווּיל פון די קאָזאַקן און פון דער רעפּובליק—און ער האָט געגלויבט מיט זיין גאַנצער הייסער נשמה, אַז די אָפּמאַכן, אַז די הנחות

וועלן אַלץ פאַרגלעטן, באַרואיקן, אויסהיילן—און דוקא איצט, אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט געפירט צו כמעלניצקין דעם שטאַב און צו די קאָזאַקן די הנחות, איז ער אַריינגעפאַלן אין ספקות—ער האָט דערזען באַשיינפערלעך די צוועקלאָזיקייט פון זיינע אָנשטרענגונגען, ער האָט דערזען אונטער די פיס אַ פוסטן חלל און אַ תהום.

—ווילן זיי מאַקע נישט עפּעס אַנדערש, נאָר בלוט, זענען זיי טאַקע נישט אויסן קיין אַנדערע פרייהייט, נאָר די פרייהייט פון גזלות און אונטערצינדונגען?—האָט מיט יאוש געטראַכט דער וואָיעוואָדאַ און דערשטיקט די קרעכצן, וואָס האָבן צעריסן זיין איידעלע ברוסט.

—קישעלס קאָפּ! קישעלס קאָפּ! אַ טויט אים!—האָט דער המון אים אָפּגעענטפערט.

און דער וואָיעוואָדאַ וואָלט גערן זיי אָפּגעגעבן פאַר אַ מתנה דעם ווייסן, צערודערטן קאָפּ, ווען נישט דאָס רעשט ביסל גלויבן, אַז זיי און אַלע קאָזאַקן דאַרף מען געבן עפּעס מער—דוקא צוליב זייער אייגענער און צוליב דער אויסלייזונג פון דער רעפּובליק. זאָל די צוקונפט זיי אויסלערנען דאָס צו פאָדערן.

און ווען ער האָט אַזוי געטראַכט, האָט עפּעס אַ שטראַל פון האָפענונג און מוט באַלויכטן אויף אַ ווײַלע יענע פינסטערנישן, וואָס עס האָט אין אים אָנגעקליבן דער יאוש—און דער אומגליקלעכער זקן האָט זיך אַליין איינגעשמועסט, אַז דער דאָזיקער המון, דאָס איז דאָך נישט דאָס גאַנצע קאָזאַקן-פאָלק, נישט כמעלניצקי און זיינע פאָלקאָווניקעס, אַז מיט זיי ערשט וועלן זיך אָנהייבן די אונטערהאַנדלונגען.

אָבער צי קאָנען זיי האָבן אַ קיום, כל-זמן אַ האַלב מיליאָן פּויערן שטייט אונטער געווער? צי וועלן זיי נישט צעפלאָסן און צערונען ווערן מיטן ערשטן בלאָז פון פרילינג, ווי יענע שנייען, וועלכע באַדעקן איצט דעם סטעפּ?...

דאָ זענען ווידער דעם וואָיעוואָדאַ געקומען אויפן געדאַנק יערעמיס ווערטער: „חסדים קאָן מען טון נאָר מיט באַזיגטע"—

און ווידער האָט זיין „עדאַנק זיך פאַררוקט אין דער פינסטער-ניש און אונטער די פיס האָט זיך געעפנט אַ תהום.

בּיני-לביני איז אַריבּער אַ האַלבּע נאַכט. די געוואַלדן און שיסעריי זענען אַ ביסל שטילער געוואָרן; דערפאַר האָט דאָס געפייף פון ווינט זיך פאַרשטאַרקט, אין דרויסן איז געשטאַנען אַ שניי-שטורם; דער פאַרמאַטערטער המון האט אפּנים זיך גע-בּומען פאַנאַנדערגיין אין די הייזער; אַ האָפנונג האָט באַלעבּט די הערצער פון די קאָמיסאַרן.

וואָיטשעך מיאַסקאָווסקי, דער קאַמער-הער פון לוווו, האָט זיך אויפגעהויבּן פון דער באַנק, האָט אונטערגעהערט בּיים פענסטער, וואָס איז געווען פאַרשאָטן מיט שניי, און געזאָגט:

—עס דוכט זיך מיר, אַז מיט גאָטס חסד וועלן מיר נאָך דערלעבּן בּיז מאָרגן.

—און אפשר וועט אויך כמעלניצקי צושיקן אַ גרעסערע וואַך, ווייל מיט דער איצטיקער וועלן מיר ווייט נישט אָנ-שפּאַרן—האָט הער שמיאַראָווסקי געזאָגט.

—הער זשעלינסקי, דער בּראַצלאַווער קרוין-שענקער, האט בּיטער געשמייכלט:

—ווער וואָלט דאָס געזאָגט, אַז מיר זענען שלום-קאָמי-סאַרן!

—איך בּין נישט איינמאָל געפאָרן אין אַ שליחות צו די טאָטערס—האט געזאָגט דער נאָוואָגראָדער הער כאָראָנזשי—אָבּער אַזאַ נסיעה אַלס שליח האָבּ איך נאָך קיינמאָל נישט מיטגע-מאַכט. די רעפּובּליק לעבּט איבּער אין אונזערע פּערזאָנען מער חרפּות און בּזיונות, איידער בּיי קאָרסון און פּילאַווצע. איך זאָג אייך דעריבּער: לאָמיר זיך אומקערן, ווייל וועגן אונטער-האַנדלונגען קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין.

—לאָמיר זיך אומקערן—האט הער בּזשאָזאָווסקי, דער קיע-ווער קאַשטעלאַן, ווי אַ ווידערקול איבּערגעחזרט—אויבּ עס קאָן נישט געשלאָסן ווערן קיין שלום, טאָ זאָל זיין מלחמה.

קישעל האט אויפגעהויבּן די בּרעמען און אָנגעשטעלט זיינע גלעזערנע אויגן אויפן קאַשטעלאַן.

— גע׳לע וואַסערן, קאָרסון, פּילאַווצע! — האָט ער געזאָגט מיט אַ געדעמפּטער שטים.

און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, נאָך אים זענען אויך אַלע איבעריקע אַנטשוויגן געוואָרן — נאָר הער קול׳טשינסקי, דער קיעווער שאַך-מייסטער, האט גענומען הויך זאָגן אַ תּפלה, און דער הער יעגער-מייסטער קשעטאָווסקי האָט זיך מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ אָנגעכאַפּט און איבערגעחזרט:

— וואָסערע צייטן! וואָסערע צייטן! גאָט דערבאַרעם זיך איבער אונז!

דאָ האט זיך די טיר געעפנט און הער ברישקאָווסקי, דער קאַפּיטאַן פון די דראַגונער פון פויזנער ביסקופּ, וועלכער פירט אָן מיט דער וואַך, איז אַריין אין שטוב.

— הויך-וואויל-געבוירענער וואָיעוואָדע — האט ער געזאָגט — עפּעס אַ קאָזאַק וויל זען די גנעדיקע הערן קאָמיסאַרן.

— גיט — האט קישעל געזאָגט — און דער המון איז זיך שוין פאַנאַנדערגעגאַנגען?

— ער איז אַוועק; ער האט צוגעזאָגט מאָרגן ווידער צו קומען.

— זיי האבן שטאַרק געשטורעמט?

— שרעקלעך, אָבער דאָניעצס קאָזאַקן האבן דערהרגעט פון זיי בערך צוואַנציק מאַן. מאָרגן האבן זיי צוגעזאָגט אונז צו פאַרברענען.

— גוט, זאָל דער דאָזיקער קאָזאַק אַריינגיין.

אין אַ ווײַלע אַרום האט זיך די טיר געעפנט און עפּעס אַ הויכע, שוואַרץ-בערדיקע געשטאַלט האָט זיך געשטעלט אויף דער שוועל פון דער שטוב.

— ווער ביזטו? — האט קישעל געפרעגט.

— יאַן סקשעטוסקי, הוזאַרן-פּאָרוטשניק פון פירשט וואָיעוואָדע פון רוס.

קאַשטעלאַן בזשאָזאָווסקי, הער קול׳טשינסקי און יעגער-מייסטער קשיטאָווסקי האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון די בענק. זיי אַלע האבן דאָס לעצטע יאָר געדינט מיטן פירשט ביי מאַכנוווקע

און קאָנסטאַנטינוּוו און געקענט זייער גוט דעם הער יאַן, קשי-טאָווסקי איז אפילו געווען זיינער אַ קרוב.

—אמת! אמת! דאָס איז דאָך הער סקשעטוסקי!—האָבן זיי איבערגעחזרט.

—וואָס טוסטו דאָ? און ווי אַזוי ביזטו צו אונז צוגעקו-מען?—האָט קשיטאָווסקי געפרעגט, אָננעמענדיק אים פאַר די הענט.

—פאַרשטעלט פאַר אַ פויער, ווי איר זעט—האָט סקשע-טוסקי געזאָגט.

—גנעדיקער הער וואָיעוואָדע—האָט קאַשטעלאַן בזשאָזאָווו-סקי אויסגערופן—דאָס איז דאָך דער חשובסטער ריטער פון פירשט וואָיעוואָדעס פאָלק, ער איז באַרימט אין דער גאַנצער אַרמיי.

—איך באַגריס אים פון טיפן האַרץ—האָט קישעל געזאָגט—און כ'זע, אַז דאָס מוז זיין אַ ריטער אַ גרויסער גבור, אויב ער האָט זיך צו אונז דורכגעריסן.

און דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו סקשעטוסקין:

—וואָס באַגערט איר פון אונז?

—אַז איר זאָלט מיר דערלויבן צו גיין מיט אייך.

—איר קריכט דעם לייב אין פיסק אַריין, אויב אָבער איר ווילט דוקא אַזוי, וועלן מיר זיך אייער רצון נישט אַקעגנ-שטעלן.

סקשעטוסקי האָט זיך שטילשווייגנדיק פאַרבייגט.

קישעל האָט אויף אים געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג.

פון יונגן ריטערס שטרענגן פנים האָט געשלאָגן מיט חשיבות און ווייטאָק.

—זאָגט מיר, מיין הער—האָט ער געזאָגט—וואָסערע סבות טרייבן אייך אין יענעם גיהנום, אין וועלכן קיינער גייט נישט מיטן אייגענעם ווילן?

—אַן אומגליק, גנעדיקער הער וואָיעוואָדע.

—איך האָב אפשר נישט געדאַרפט פרעגן—האָט קישעל געזאָגט—איר האָט אודאי פאַרלוירן עמיצן פון אייערע נאָענטע און איר פאָרט אים דאָרט זוכן?

—יאָ.
—שוין לאַנג איז דאָס געשען?
—דעם פאַרגאַנגענעם פרילינג.
—וואָס הייסט?—און איר קלייבט זיך ערשט איצט זוכן? דאָס איז דאָך שוין באַלד אַ יאָר? וואָס האט איר דען ביז איצט געטון?
—כ'האָב זיך געשלאָגן אונטער דער קאָמאַנדע פון וואָיע־וואָדע פון רוס.
—האָט דען אַזאַ גוטער האר נישט געוואָלט אייך אָפּלאָזן?
—איך האָב אַליין נישט געוואָלט.
קישעל האָט ווידער אַ קוק געטון אויפן יונגן ריטער, דערנאָך האָט געהערשט אַ שטילקייט, וועלכע איז ערשט דורכן קיעווער קאַשטעלאַן איבערגעריסן געוואָרן.
—אונז אַלע, וואָס האָבן געדינט מיטן פירשט, איז באַ־קאַנט דאָס אומגליק פון דאָזיקן ריטער, איבער וועלכן מיר האָבן נישט איין טרער פאַרגאָסן; און אויב אַזוי לאַנג ווי די מלחמה האָט אָנגעהאַלטן האָט ער בעסער געוואָלט דינען דעם פאָטערלאַנד, איידער זאָרגן פאַר זיין אייגענער טובה, פאַרדינט ער דערפאַר אַ שבח און אַ לויב. אַ זעלטענער ביישפּיל איז דאָס אין די היינטיקע פאַרדאָרבענע צייטן.
—אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז מיין וואָרט האָט ביי כמעלניצקין עפּעס אַ חשיבות, קאָנט איר מיר גלויבן, אַז איך וועל אים נישט שוינען און אייער ענין—האט קישעל געזאָגט.
סקשעטוסקי האָט זיך ווידער פאַרנייגט.
—גייט־זשע איצט זיך אויסרוען—האָט דער וואָיעוואָדע גנעדיק געזאָגט—ווייל איר זענט אודאי שטאַרק פאַרמאַטערט, ווי מיר אַלע, וואָס מיר האָבן נישט קיין איין רגע מנוחה.
—איך וועל אים אין מיין אכסניה מיטנעמען, ער איז מיין קרוב—האָט געזאָגט דער יעגער־מייסטער קשיטאָווסקי.
—לאָמיר אַלע גיין זיך אויסרוען; ווער ווייס, צי מיר וועלן די צווייטע נאַכט שלאָפן!—האָט בזשאָזאָווסקי געזאָגט.

— אפשר מיט אַן אייביקן שלאָף! — האָט דער וואָיעוואָדע פאַרענדיקט.

ביי די דאָזיקע ווערטער איז ער אַוועק אין אַלקיר, ווו עס האָט ביי דער טיר שוין געוואַרט אַ ייִנגל, און באַלד נאָך אים זענען די איבעריקע אויך זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען: דער יעגער־מייסטער קשעשאָווסקי האָט אָפּגעפירט סקשעטוסקין אין זיין קוואַרטיר, וועלכע האָט זיך געפונען מיט אַ פּאָר הייזער ווייטער. אַ ייִנגל מיט אַ לאַמטערנדל איז געגאַנגען פאַר זיי.

— וואָס פאַר אַ פינסטערע נאַכט! און דער שניי־שטורם פאַרשטאַרקט זיך וואָס אַמאָל מער! — האָט דער יעגער־מייסטער געזאָגט. — עי, הער יאַן, וואָס מיר האָבן דאָ היינט איבערגע־לעבט, כ׳האָב געמיינט, אַז עס האָט שוין געשלאָגן אונזער לעצטע שעה. דער המון האָט כמעט געהאַלטן דעם חלף איבער אונזער האַלז. ברישקאָווסקין זענען די הענט אָפּגעשטאַנען. מיר האָבן זיך שוין גענומען געזעגענען.

— כ׳בין געוועזן צווישן המון — האָט סקשעטוסקי געענטפערט — מאָרגן אין אָוונט וואַרטן זיי אויף אַ נייע מחנה פון רוצחים, וועלכע זיי האָבן געגעבן אַ ידיעה וועגן אייך. מאַ־גן מוז מען אומבאַדינגט אַוועק פון דאַנען. איר פאָרט דאָך קיין קיעוו?

— דאָס איז אָפּהענגיק פון דער תשובה, וואָס עס וועט געבן כמעלניצקי, צו וועלכן פירשט טשעטווערטינסקי איז גע־פאָרן. אָט איז מיין אכסניה; גייט אַריין, כ׳בעט אייך, הער יאַן, כ׳האָב געהייסן אָנוואַרעמען וויין, וועלן מיר זיך אַ ביסל קרעפּ־טיקן פאַרן שלאָפן־גיין.

זיי זענען אַריין אין שטוב, ווו עס האָט אין אויוון גע־ברענט אַ מעכטיק פייער. דער קאָכעדיקער וויין איז שוין גע־שטאַנען אויפן טיש. — סקשעטוסקי האָט גיריק זיך געכאַפּט צום גלאָז.

— פון נעכטן אָן האָב איך גאָרנישט געהאַט אין מויל — האָט ער געזאָגט.

— דו זעסט זייער שלעכט אויס. ס׳איז קענטיק, אַז דער ווייטאָק און די מי האָבן דיך שטאַרק אויסגעמאַטערט. אָבער

זאָג מיר נאָר וועגן דיינע פּלענער, ווייל איך ווייס דאָך וואָס דיך מאַטערט—שוין-זשע האָסטו דאָרט, צווישן זיי, בדעה צו זוכן די פירשטין?

—אָדער זי, אָדער דעם טויט—האָט דער ריטער געענט-פערט.

—גיכער וועסטו דעם טויט געפינען; פון וואַנען ווייסטו, אַז די פירשטין קאָן דאָרט זיין?—האָט דער יעגער-מייסטער ווייטער געפרעגט.

—ווייל איך האָב זי שוין ערגעץ אַנדערשוווּ געזוכט.

—ווּ אַ שטייגער.

—ביים דניעסטער, אַזש ביז יאַהאָרליק. כ'בין געפאָרן מיט אַרמענישע סוחרים, ווייל עס זענען געווען ידיעות, אַז זי איז דאָרט באַהאַלטן; כ'בין געווען אומעטום, און איצט פאָר איך קיין קיעוו, ווייל דאָרט-אַהין זאָל זי באַהון האָבן אַוועקגעפירט.

קוים האָט דער פּאָרוטשניק אַרויסגערעדט באַהונס נאָמען האָט דער יעגער-מייסטער זיך געגעבן אַ כאַפּ צום קאָפּ.

—גאָט מיינער!—האָט ער אויסגעשריגן—איך האב דאָך דיר נאָך דאס וויכטיקסטע גאָרנישט געזאָגט. כ'האָב געהערט, אַז באַהון איז טויט.

סקשעטוסקי איז בלייך געוואָרן.

—וואָס הייסט?—האָט ער געזאָגט—ווער האָט דאָס געזאָגט.

—יענער שלאַכטשיץ, וועלכער האָט שוין איינמאָל די פירשטין מציל געווען, וואָס האט באַוויזן אַזוי פיל גבורות ביי קאָנסטאַנטינווו—ער האָט דאָס מיר געזאָגט. כ'האָב אים באַגעגנט ווען ער איז געפאָרן קיין זאַמאָשטש. מיר האבן זיך געקרייצט אויפן וועג. קוים האָב איך אים געפרעגט וואָס מען הערט, האָט ער מיר געענטפערט, אַז באַהון איז דערהרגעט געוואָרן. „און ווער האָט אים דערהרגעט?"—פרעג איך. „איך"—ענטפערט ער—דערמיט זענען מיר זיך פאַ־אַנדערגעפאָרן.

דער פלאַם, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אויף סקשעטוסקיס פּנים, איז מיטאַמאָל פאַרלאָשן געוואָרן.

—דער דאָזיקער שלאַכטשיץ—האט ער געזאָגט—איז אַ

גרויסער פלוידערזאַק. אים קאָן מען נישט גלויבן. ניין! ניין! ער וואָלט נישט בכוח געווען צו דערהרגענען באָהונען.

—און דו האָסט זיך מיט אים נישט געזען, הער יאַן? ווייל איך דערמאַן מיך נאָך, אַז ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער פאָרט צו דיר קיין זאַמאָשטש.

—אין זאַמאָשטש האָב איך זיך אויף אים נישט דערוואַרט. ער מוז איצט זיין אין זבאַראַזש, אָבער איך האָב געמוזט די קאָמיסיע אָניאָגן—האָב איך דעריבער צוריקגעקערט נישט דורך זבאַראַזש און אים לגמרי נישט געזען. איין גאָט ווייס, צי עס איז וואָר אויך דאָס, וואָס ער האָט מיר אַנומעלט וועגן איר דערציילט, אַז ער זאָל כלומרשט האָבן אונטערגעהערט, בעת ער איז געווען געפאַנגען ביי באָהונען, אַז ער האָט זי באַהאַלטן הינטער יאַמפּאָל און אַז דערנאָך האָט ער זי געזאָלט פירן קיין קיעוו אויף אַ חתונה. אפשר איז דאָס אויך נישט אמת, פונקט ווי אַלץ, וואָס זאַגלאָבאַ האָט געזאָגט.

—אויב אַזוי צו וואָס פאָרסטו קיין קיעוו?

סקשעטוסקי איז אַנטשוויגן געוואָרן; אַ ווײלע האָט מען געהערט נאָר געפייף און געברום פון ווינט.

—וואָרום—האָט דער יעגער-מייסטער געזאָגט, צולייגנדיק דעם פינגער צום שטערן—וואָרום אויב באָהון איז נישט טויט, קאָנסטו דאָך לייכט אַריינפאַלן אין זיינע הענט.

—דערצו פאָר איך טאַקע, אַז איך זאָל אים געפינען—האָט סקשעטוסקי שטיל געענטפערט.

—ס'טייטש?

—זאָל גאָט צווישן אונז משפטן.

—אָבער ער וועט זיך דאָך נישט שטעלן צו אַ קאַמף מיט דיר, נאָר ער וועט פשוט דיך בינדן און אומברענגען, אָדער פאַרקויפן צו די טאָטערס.

—איך פאָר מיט קאָמיסאַרן, אין זייער באַגלייטונג.

—הלוואי מיר אַליין זאָלן אַרויס בשלום, מכל-שכן די באַגלייטונג.

—וועמען דאָס לעבן איז שווער, דעם וועט די ערד זיין גרינג.

—האָב מורא פאַר גאָט, יאַן, דאָ האַנדלט עס זיך סוף כל סוף נישט וועגן טויט, ווייל דער טויט וועט קיינעם נישט מיידן, אָבער זיי קאָנען דיך פאַרקויפן צו די טערקישע שיפן.

—מיינסטו דען, אַז עס וועט מיר זיין ערגער, ווי ס׳איז?

—כ׳זע, אַז דו ביזט אַ בעל-יאוש, האָסט נישט קיין בטחון אין גאָטס רחמים.

—האָסט אַ טעות, הער יעגער-מייסטער! כ׳זאָג, אַז ס׳איז מיר שלעכט אויף דער וועלט, ווייל אַזוי איז עס, אָבער גאָטס רצון האָב איך שוין לאַנג פאַר ליב-גענומען. כ׳בעט נישט, כ׳קרעכץ נישט, כ׳שעלט נישט, כ׳שלאָג נישט מיטן קאָפּ אין דער וואַנט, כ׳וויל נאָר דערפילן מיין חוב כל-זמן איך לעב און עס דינען מיר די כוחות.

—אָבער דער ווייטאָק פרעסט דיך אויף ווי סם.

—גאָט האָט געגעבן דעם ווייטאָק, אַז ער זאָל פרעסן, און די רפואה וועט ער שיקן, ווען עס וועט אים וווילגעפעלן.

—כ׳האָב נישט וואָס צו זאָגן אויף אַזאַ אַרגומענט—האָט דער יעגער-מייסטער געזאָגט—ביי גאָט איז די איינציקע רע-טונג, ביי גאָט איז די האָפנונג, פאַר אונז און פאַר דער גאַנ-צער רעפּובליק. דער קיניג איז געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, אפשר וועט ער עפּעס פועלן ביים הייליקסטן פריילין—אַנישט וועלן מיר אַלע אומקומען.

ס׳איז געוואָרן שטיל, פון יענער זייט פענסטער האָט זיך דערטראַגן דאָס אויסגעצויגענע „ווערדאַ” פון די דראַגונער.

—יאָ, יאָ—האָט דער יעגער-מייסטער אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט—מיר אַלע געהערן מער צו די טויטע, איידער צו די לעבעדיקע. עס האָבן אין דער דאָזיקער רעפּובליק די מענטשן שוין פאַרגעסן צו לאַכן, נאָר זיי קרעכצן, אַקוראַט ווי דער ווינטער אין אויוון. איך האָב אויך געגלויבט, אַז עס וועלן קו-מען בעסערע צייטן, ביז איך בין צוזאַמען מיט די איבעריקע נישט געקומען אַהער, אָבער איצט זע איך, אַז עס איז געווען אַן אומזיסטע האָפנונג. חורבן, מלחמה, הונגער, רציחות און גאָרנישט מער—גאָרנישט מער!

סקשעטוסקי האָט געשוויגן; דער פלאַם פון פייער, וואָס האָט געברענט אין אויוון האָט באַלויכטן זיין אָפּגעצערט און שטרענג פּנים.

צום סוף האט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט מיט אַן ערנסטער שטים:

—דאָס אַלץ איז עולם-הזה, וואָס פאַרגייט, פאַרשווינדט— און קיין זכר וועט פון אים נישט בלייבן.

—דו רעדסט ווי אַ נזיר—האָט דער הער יעגער-מייסטער געזאָגט.

סקשעטוסקי האָט נישט געענטפערט; דער ווייכער האָט נאָר געקרעכצט וואָס אַמאָל יאָמערלעכער אין אויוון.

# 17 קאַפּיטל.

צומאָרגנס באַגינען האָבן די קאָמיסאַרן, און צוזאַמען מיט זיי אויך הער סקשעטוסקי, פאַרלאָזט באָוואָשאָלקי, אָבער דאָס איז געווען אַ קלאָגעדיקע נסיעה, ווו זיי זענען אויף יעדער סטאַציע, אין יעדן שטעטל געווען אויסגעשטעלט ממש אויף סכנות-נפשות, און אומעטום האָבן זיי געליטן בזיונות, וואָס זע-נען געווען נאָך ערגער פונם טויט, ערגער דערפאַר, וואָס די קאָמיסאַרן האָבן אין זייערע פּערזאָנען געפירט מיט זיך דעם אָנזען און מאַיעסטעט פון דער רעפּובליק. הער קישעל איז קראַנק געוואָרן אַזוי, אַז אויף אַלע נאַכטלעגערס האָט מען אים אויף שליטנס אַריינגעטראָגן אין די הייזער און בעקרייען. דער לוואָווער קאַמערהער האט זיך באַגאָסן מיט טרערן איבער זיין אייגענער חרפּה און איבער דער שאַנד פון פאָטערלאַנד; קאַפּי-טאַן ברישקאָווסקי איז אויך קראַנק געוואָרן פון נישט שלאָפן און אַרבעט, זיין אָרט האט דעריבער פאַרנומען הער סקשעטוסקי, וועלכער האט ווייטער געפירט די דאָזיקע אומגליקלעכע מחנה צווישן רדיפות פון המון, זלזולים, דראָונגען, געשלעגן און שלאַכטן.

אין ביאַלאָגרוד האָט זיך די קאָמיסאַרן ווידער געדוכטן, אַז זייער לעצטע שעה האָט געשלאָגן. דער המון האָט צעשלאָגן דעם קראַנקן ברישקאָווסקי, ערמאָרדעט דעם הער גניאַזדאָווסקי— און נאָר דאָס אָנקומען פון מעטראָפּאָליט אויף אַ געשפּרעך מיטן וואָיעוואָדע האט אָפּגעהאַלטן די שוין צוגעגרייטע שחיטה. קיין קיעוו האט מען די קאָמיסאַרן בכלל נישט געוואָלט אַריינלאָזן. פירשט טשעטווערטינסקי איז דעם 11 פעברואַר צוריקגעקומען פון כמעלניצקין אָן שום תשובה. די קאָמיסאַרן האָבן נישט גע-ווּסט, וואָס זיי זאָלן ווייטער טון, ווו זיי זאלן זיך קערן. דעם

צוריקקער האָבן זיי פאַרשטעלט די געוואַלדיקע מחנות, וואָס האָבן נאָר אויסגעקוקט דערויף, אַז די אונטערהאַנדלונגען זאָלן איבערגעריסן ווערן, כּדי אויסצוקוילען די שליחים. דער פינ־סטערער המון איז געוואָרן וואָס אַמאָל חוצפּהדיקער. מ׳האָט אָנגעכאַפּט די דראַגונער־פערד פאַר די לייצעס און פאַרשטעלט דעם וועג; מ׳האָט געוואָרפן שטיינער, שטיקער אייז און פאַר־פרוירענע שטיקער שניי אין וואָיעוואָדעס שליטן. אין גוואָזדאָ־וואַ האָבן סקשעטוסקי און דאָניעץ געמוזט פירן אַ בלוטיקע שלאַכט, אין וועלכער זיי האָבן צעטריבן אַ המון פון אַ פּאָר הונדערט מאַן. דער נאָווגאָראָדער כאָראָנזשי און שמיאַראָווסקי זענען ווידער אַרויסגעפאָרן צו כמעלניצקין זיך משתּדל־זיין, אַז ער זאָל קומען קיין קיעוו אויף אַ קאָמיסיע, אָבער דער וואָיע־וואָדע האָט געהאַט אַ קנאַפּע האָפענונג, צי זיי וועלן נאָך לע־בעדיקערהייט צו אים אָנקומען. דערווייל האָבן די קאָמיסאַרן אין כוואַסטאָוו געמוזט מיט פאַרלייגטע הענט קוקן אויפן המון, וואָס הרגעט די געפאַנגענע פוןביידע מינים און פון יעדן על־טער, דערטרינקט זיי אין די לעכער, וואָס זענען אויסגעהאַקט געוואָרן אין אייז פון טייך, באַגיסט זיי מיט וואַסער אויף דער פראָסט, שטעכט זיי מיט גראַבלעס, אָדער שניידט פון זיי מיט מעסערס לעבעדיקע שטיקער. אַזוי זענען אַריבער אַכצען טעג, ביז עס איז צום סוף אָנגעקומען אַ תּשובה פון כמעלניצקין, אַז קיין קיעוו וויל ער נישט קומען, אָבער אין פּערעיאַסלאַוו וואַרט ער אויפן וואָיעוואָדע און די קאָמיסאַרן.

עס האָבן לייכטער אָפּגעעטעמט די אומגליקלעכע שליחים, מיינענדיק אַז עס איז שוין געקומען אַ סוף צו זייערע ענויים, און אַריבערגייענדיק דעם דניעפּר אין טריפּאָל זענען זיי אַוועק אויף נאַכט־לעגער קיין וואָראָנקאָוו, פון וואַנען עס איז קיין פּערעיאַסלאַוו געווען אַ מהלך נאָר פון זעקס מייל. כמעלניצקי איז זיי אַקעגנגעפאָרן אויף אַ האַלבן מייל, ווילנדיק די קיניג־לעכע שליחים כּלומרשט אָפּגעבן כּבוד. אָבער ווי פאַרענדערט איז ער געוואָרן זייט יענע צייטן, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבן פּאַר אַ באַעולהטן — „ער איז גאָרנישט דער אייגענער, וואָס

אַמאָל"—ווי עס האָט מיט רעכט געשריבן וואיעוואָדע קישעל.

ער איז אַרויסגעפאָרן מיט אַ פּאָר צענדליק רייטער, מיט פּאַלקאָווניקעס, עסאַולן און מיליטערישער מוזיק, אונטערן צייכן פּעדער און רויטער פאָן, ווי אַ מושל. די קאָמיסאַרן-מחנה האָט זיך תיכף אָפּגעשטעלט, און ער ווידער איז צוגעשפּרונגען צום שליטן, אין וועלכן ס'איז געפאָרן דער וואָיעוואָדע, האָט אַ גע-וויסע צייט געקוקט אויף זיין גרייז-גראָען קאָפּ, דערנאָך האָט ער אַ ביסל אויפגעהויבן דאָס היטל און געזאָגט:

—איך נויג זיך פאַר אייך הערן קאָמיסאַרן, און פאַר אייך וואָיעוואָדע. בעסער איז געווען פריער מיט מיר אָנצוהייבן אונ-טערהאַנדלונגען, ווען איך בין געווען קלענער און מיינע איי-גענע כּוחות נישט געקענט, אָבער אַז דער קיניג האָט אייך צו מיר געשיקט נעם איך אייך אויף בסבר פּנים יפות אויף מיין ערד.

—איך באַגריס אייך, גנעדיקער הער העטמאַן!—האָט קי-שעל געענטפערט—דער האַר קיניג האָט אונז געשיקט, אַז מיר זאָלן מיט אייך אין זיין נאָמען חסדים אַרויסווייזן און גערעכ-טיקייט טון.

—פאַר די חסדים דאַנק איך, און גערעכטיקייט האָב איך זיך שוין אַליין, אָט מיט דעם, אויף אייערע העלזער געטון—(דאָ האָט ער אַ קלאַפּ געטון אין דער שווערד)—און וועל וויי-טער טון, אויב איר וועט מיך נישט צופרידנשטעלן.

—איר באַגריסט אונז נישט העפלעך, גנעדיקער הער זבאַ-ראַזשער העטמאַן, אונז, די שליחים פון קיניג.

—איך וועל מיט אייך נישט טענהן אויף דער פראָסט, ס'וועט דערויף זיין אַ בעסערע צייט—האט כמעלניצקי האַרט גע-ענטפערט—לאָזט מיך אַריין, קישעל, אין אייער שליטן, ווייל אייך וויל איך כּבוד צוטיילן און פאָרן צוזאַמען.

ביי די דאָזיקע ווערטער איז ער אַראָפּ פון פערד און צוגעגאַנגען צום שליטן. קישעל האָט זיך אָפּגערוקט צו דער רעכטער זייט, איבערלאָזנדיק פריי די לינקע זייט.

זעענדיק דאָס האָט כּמעלניצקי זיך פאַרקרימט און אויס-
געשריגן:

—און דו גיב מיר די רעכטע זייט!

—איך בין סענאַטאָר פון דער רעפּובליק!

—און וואָס פאַר אַ יחוס איז מיר אַ סענאַטאָר! הער פּאָ-
טאָצקי איז ערשטער סענאַטאָר און קרוין-העטמאַן, און איך
האַלט אים ביי מיר געבונדן צוזאַמען מיט אַנדערע און מאָרגן,
אויב כ׳וועל וועלן, וועל איך זיי הייסן אויף דרענגער אַרויפ-
שלאָגן.

אַ רויטקייט האָט באַגאָסן קישעלס בלאַסע באַקן.

—די פּערזאָן פון קיניג שטעל איך דאָ פאָר!

כּמעלניצקי האָט זיך נאָך מער פאַרקרימט, אָבער ער האט
גובר געווען זיין כּעס און זיך אָוועקגעזעצט אויף דער לינקער
זייט, ברומענדיק:

—ער וועט זיין קיניג אין וואַרשע, און איך אין רוס.
משמעות, אַז מיר האָבן זיך אייך נישט גענוג געגעבן צו שפּירן.

קישעל האָט גאָרנישט געענטפערט, ער האט נאָר אויפגע-
הויבן די אויגן צום הימל. ער האָט שוין באַצייטנס געשפּירט
דעם טעם פון דעם, וואָס עס האט אים דערוואַרט, און מיט
רעכט האט ער אַ טראַכט געטון אין דער רגע, אַז אויב דער
וועג צו כּמעלניצקין איז געווען פול מיט דערנער, איז דאָס
דערפילן די שליחות ביי אים דאָס גיהנום אַליין.

די פערד האָבן זיך געלאָזט אין די שטאָט אַריין, ווו
עס האבן געדונערט צוואַנציק האַרמאַטן און עס האבן געקלונ-
גען אַלע גלאָקן. כּמעלניצקי האט אפנים מורא געהאַט, אַז די
קאָמיסאַרן זאָלן נישט אָננעמען די דאָזיקע קלאַנגען פאַר אַ
כּבוד, מיט וועלכן נאָר זיי ווערן אויפגענומען, און ער האָט
דעריבער געזאָגט צום וואָיעוואָדע:

—אַזוי בין איך מקבל-פּנים נישט בלויז אייך, נאָר אויך
אַלע אַנדערע שליחים, וועלכע מ׳האט צו מיר געשיקט.

און כּמעלניצקי האָט געזאָגט דעם אמת—ווייל מ׳האָט שוין
באמת געשיקט צו אים דעפּוטאַציעס, ווי צו אַ זעלבסטשטענדיקן

מושל. צוריקקומענדיק פון זאַמאָשטש, האָט דער העטמאַן, אונ-טערן רושם פון די וואַלן און פון די מפלות, וואָס עס האָט אים פאַרשאַפט דאָס ליטווישע חייל, נישט געהאַט אין האַרץ קיין העלפט פון דער דאָזיקער גדלות, אָבער ווען קיעוו איז אים אַקעגנגעגאַנגען מיט פאַקלען און פאָנען, ווען די אַקאַ-דעמיע האט אים באַגריסט מיט די ווערטער: „ווי משה ביזט: אויפגעשטאַנען און באַפרייט דאָס פאָלק פון ליאַכישן יאָך און ווי דיין נאָמען באָגדאַן*)—ביזטו פון גאָט געשענקט"—ווען מ׳האָט אים צום סוף געקרוינט מיטן נאָמען „ליכטיקער מושל"—דע-מאָלט, ווי מ׳האָט אין יענער צייט זיך אויסגעדריקט: „האָט זיך די בעסטיע דערמיט איבערגענומען". ער האט בפועל דערשפירט זיין כוח און דעם באַדן אונטער די פיס, וועלכער האט אים ביז דעמאָלט געפעלט.

די אויסלענדישע דעפּוטאַציעס זענען געווען אַ שווייגנדי-קע אָנערקענונג סיי פון זיין מאַכט, סיי פון זיין זעלבסטשטענ-דיקייט; די שטענדיקע פרייזשאַפט פון די טאָטערס, וועלכע איז געקויפט געוואָרן פאַרן פרייז פון גרעסטן טייל פון פאַר-כאַפּטן שלל און פון די אומגליקלעכע געפאַנגענע, וואָס דער דאָזיקער פאָלקס-מנהיג האָט דערלויבט אויסצוקלייבן פון פאָלק—האָט צוגעזאָגט אַן אונטערשטיצונג קעגן יעדן שונא, און דערי-בער טאַקע איז כמעלניצקי, וועלכער האָט ביי זאַמאָשטש נאָך אָגערקענט די העכסטע מאַכט און רצון פון קיניג, איצט אָבער באַהערשט פון אַ גדלות, איבערצייגט אין זיין כוח, אין דעם הפקר-מצב פון דער רעפּובליק, אין דער אָפּהענגיקייט פון אירע מנהיגים, גרייט געווען אויפצוהייבן די האַנט אויפן קיניג גופא, חלומענדיק שוין איצט אין זיין באַטריבטער נשמה נישט וועגן פרייהייט פאַר די קאָזאַקן, נישט וועגן אומקערן זיי די אַמאָלי-קע רעכט, נישט וועגן גערעכטיקייט פאַר זיך, נאָר וועגן

*) באָג—גאָט, דאַן—געשענקט.

אַ זעלבסטשטענדיקער מלוכה, וועגן אַ פירשטלעכן היטל און סקעפטער.

און ער האָט זיך געפילט פאַרן מושל פון אוקראַינע. זאַ-פּאָראָזשע איז געשטאַנען אויף זיין זייט, ווייל נאָך קיינמאָל און זונטער קיינעמס ממשלה האָט זי זיך אַזוי נישט געבאָדן אין בלוט און אין גזלות; דאָס בטבע ווילדע פאָלק האָט זיך גע-שאַרט צו אים, ווייל דעמאָלט ווען דער מאַזאָווישער אָדער גרויס-פּוילישער פּויער האָט געקרעכצט אונטער דער משא פון איבערמאַכט און רדיפות, וואָס די „בני-חם" האָבן געשלעפּט אויף זיך אין גאַנץ אייראָפּע, האָט דער אוקראַינער צוזאַמען מיט דער לופט פון די סטעפּעס אריינגעזויגן אין זיך אַ ליבע צו פרייהייט, צו אַזאַ אומבאַגרענצטער, ווילדער און צעלאָזענער פרייהייט, ווי די סטעפּעס גופא. צי האָט ער דען געקאָנט האָבן חשק צו גיין נאָכן אַקעראייזן פון זיין האַר דעמאָלט, ווען זיין בליק איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער געטלעכער מדבר, וואָס ווייס נישט פון קיין בעל-הבית, ווען פון יענער זייט פעלזן-שוועלן האָט סיטש צו אים גערופן: וואַרף אַוועק דיין האַר און גיי אויף די פריי!—ווען דער אכזריותדיקער טאַטער האָט אים געלערנט מלחמה-האַלטן, האָט אים מחנך געווען צו שרפות און רציחות און די הענט צוגעוווינט צו טראָגן כלי-זיין? צי איז אים דען נישט בעסער געווען צו בושעווען ביי כמיעלן און „צו קוילן די שררות", איידער צו בייגן זיין געזונטן רוקן פאַר אַ געהילף-סטאַראָסטע?...

און אַ חוץ דעם האָט דאָס פאָלק זיך געשאַרט צו כמיעלן, ווייל ווער עס האָט זיך נישט געשאַרט, איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. אין סטאַמבול האָט מען פאַר צען פיילן געגעבן אַ קנעכט, פאַר אַ בויגן, וואָס איז געגליט געוואָרן אין פייער—דריי קנעכט, אַזאַ שפע פון געפאַנגענע איז דאָרט גע-ווען. דער המון האָט דעריבער נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה—נאָר נאָך יענע צייטן איז פאַרבליבן אַן אויסטערליש ליד, וועלכעס די שפּעטערדיקע דורות האָבן נאָך לאַנג דערנאָך

געזונגען איבער די כּאַטעס, אַן אויסטערליש ליד, וועגן יענעם מנהיג, וועלכן מ'האָט גערופן משה: „אוי, עס זאָל דעם דאָזיקן כמיעל די ערשטע קויל נישט מיידן!"

עס זענען אונטערגעגאַנגען שטעטלעך, שטעט און דערפער, דאָס לאַנד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חורבה און אין אַ רואין, אין איין ווּנד, וועלכע האָט דורות-לאַנג נישט געקאָנט פאַרהיילט ווערן—אָבער יענער מנהיג און העטמאַן האט דאָס נישט געזען, אָדער נישט געוואָלט זען—ווייל ער האט קיינמאָל אַ חוץ זיך גאָרנישט געזען—און ער איז געוואַקסן און פעט געוואָרן פון בלוט, פון פייער, ער האָט אין זיין אייגענעם מוראדיקן עגאָיזם דערטרונקען דאָס אייגענע פאָלק, דאָס אייגענע לאַנד—און אָט האָט ער איצט די קאָמיסאַרן אַריינגעפירט קיין פערעיאַסלאַוו ביי אַ האַרמאַטן-געקלאַנג, ווי אַ זעלבסטשענדיקער האַר, ווי אַ מושל, אַ פירשט.

די קאָמיסאַרן זענען געפאָרן אין לייבן-גרופּ מיט אַראָפּגעהאָנגענע קעפּ און דער לעצטער פינק פון האָפנונג איז אין זיי פאַרלאָשן געוואָרן. און סקשעטוסקי, וועלכער איז געפאָרן הינטער דער צווייטער שורה פון שליטנס, האָט ביני-לביני גוט זיך איינגעקוקט אין די צורות פון די פּאָלקאָווניקעס, וואָס זענען געקומען מיט כמעלניצקין, צי ער וועט צווישן זיי נישט דערזען באָהונען. נאָך אומזיסטע זוכענישן איבערן דניעסטר, אַזש ביז יענער זייט יאַהאָרליק, איז אין הער יאַנס נשמה שוין לאַנג צייטיק געוואָרן דער באַשלוס אַלס איינציקע, לעצטע עצה: אויסצוזוכן באָהונען און אים אַרויסצורופן אויף אַ קאַמף אויף טויט און לעבן. דער אומגליקלעכער ריטער האט אמת געזען, אַז ער לאָזט זיך אויף אַ גליטשיקן וועג, ווייל באָהון קאָן אים אין אַזאַ פאַל אומבּרענגען אָן אַ קאַמף, אָדער איבערגעבן די טאָטערס, אָבער ער האָט פון אים אויף עפּעס בעסערס זיך געריכט: ער האָט געקענט זיין גבורה און ווילדן מוט און ער איז דעריבער כמעט זיכער געווען, אַז באָהון וועט בעסער זיך שטעלן צו אַ קאַמף צוליב דער פירשטין. ער האָט

דערפֿאַר אין זיין צעבראָכענעם האַרץ שוין צונויפֿגעשטעלט דעם פּלאַן, ווי אַזוי ער וועט באַהונען בינדן מיט אַ שבועה. אַז אין פֿאַל פֿון זיין טויט וועט ער העלענאַן דערלויבן אָפּצופּאָרן. וועגן זיך האָט שוין הער סקשעטוסקי נישט געדאגהט און אָנ־בעמענדיק, אַז באַהון וועט זאָגן: „אויב כ׳וועל אומקומען, וועט זי בלייבן נישט פֿאַר מיר און נישט פֿאַר דיר", איז ער גרייט געווען אויף דערויף מסכים צו זיין און צו געבן אַ שבועה פֿון זיין זייט, אַבי זי אַרויסצערייסן פֿון די רוצחישע הענט. זאָל זי אין אַ קלויסטער געפֿינען מנוחה פֿאַר דער רעשט פֿון איר לעבן, און ער וועט זי זוכן קודם-כל אין דער מלחמה, און דערנאָך, אויב עס וועט אים נישט באַשערט זיין אומצוקומען, וועט ער זי אויך זוכן אין אַ קלויסטער, ווו עס האָבן זי פּשוט געזוכט אין יענע צייטן אַלע פֿאַראַבלטע נשמות. דער דאָזיקער וועג איז אין סקשעטוסקיס אויגן געווען אַ פּשוטער און אַ קלאָרער און ווען ביי זאַמאָשטש האָט מען אים אַמאָל אונ־טערגעזאָגט דעם געדאַנק וועגן אַ קאַמף מיט באַהונען, ווען די זוכענישן איבערן דניעסטער האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר־נישט—איז דער דאָזיקער וועג געווען אין זיינע אויגן דער איינציקער. צו דעם צוועק האָט ער פֿון איבערן דניעסטער אין איין אָטעם, נישט אָפּשטעלנדיק זיך אין ערגעץ, געאיילט צו די קאָמיסאַרן, האָפֿנדיק אַז ער וועט באַהונען געפֿינען אָדער אין כמעלניצקיס סביבה, אָדער אין קיעוו, בפֿרט, אַז לויט דעם, וואָס זאַגלאָבאַ האָט געזאָגט אין יאַרמאָלינצע, האָט דער קאָזאַק געזאָלט אַראָפּפֿאָרן קיין קיעוו אויף אַ חתונה ביי דריי הונדערט ליכט.

אָבער אומזיסט האָט סקשעטוסקי אים איצט געזוכט צווישן די פּאָלקאָווניקעס. דערפֿאַר אָבער האָט ער געטראָפֿן אַ סך באַקאַנטע פֿון די אַמאָליקע, רואיקע צייטן, ווי דזשעדזשאַלאַן, וועלכן ער פֿלעגט זען אין טשעכרין, יאַשעווסקין, וועלכער איז פֿון סיטש געפֿאָרן אין אַ שליחות צום פֿירשט, יאַראָשין, דעם אַמאָליקן הויפּטמאַן פֿון פֿירשט, און נאַאָקאָלאָ-פּאַלעצ׳ן, אין

הרושאַן און אַ סך אַנדערע, ער האָט דעריבער באַשלאָסן זיי צו פרעגן.

— מיר זענען דאָך לאַנגאָניקע באַקאַנטע — האָט ער געזאָגט, צוגייענדיק צו יאַשעװסקין.

— איך האָב דיך געקענט אין לובני, דו ביזט אַ ריטער פון פירשט יאַרעמאַ — האָט דער פּאָלקאָװניק געענטפערט — מיר האָבן אין לובני צוזאַמען געטרונקען און געהוליעט. און װאָס מאַכט דיין פירשט?

— ער איז געזונט.

— אין פרילינג װעט ער נישט זיין געזונט. ער האָט זיך מיט כמעלניצקין נאָך נישט באַגעגנט, אָבער זיי װעלן זיך באַגעגענען און איינער פון זיי װעט מוזן אומקומען.

— װעמען גאָט װעט באַשערן.

— נו, גאָט טוט הסדים מיט אונזער באַט׳קע כמיעל. דיין פירשט װעט שוין אין זיין מדינה אויף יענע זייט דניעפּר, אויף זיין טאָטערישן ברעג, נישט צוריקקערן. כמעלניצקי האָט אַ סך קאָזאַקן — און װאָס האָט דיין פירשט? ער איז אַ גוטער זעלנער. און דו דינסט שוין נישט ביים פירשט אין פּאָלק?

— מיט די קאָמיסאַרן פאַר איך.

— נו, איך בין צופרידן, װאָס דו ביזט אַן אַלטער באַקענטער.

— אויב דו ביזט צופרידן, טו מיר אַ טובה, און איך װעל דיר דאַנקבאַר זיין.

— װאָס פאַר אַ טובה?

— זאָג מיר, װו איז באָהון, דער באַרימטער אַטאַמאַן, אַמאָל פון פערעיאַסלאַװער פּאָלק, װעלכער מוז שוין היינט צװישן אייך אודאי פאַרנעמען אַ העכערן אַמט.

— שװייג! — האָט יאַשעװסקי בייז געענטפערט. — דיין גליק, װאָס מיר זענען אַלטע באַקאַנטע און װאָס איך האָב געטרונקען מיט דיר, אַנישט װאָלט איך שוין דיך מיט דער דאָזיקער שפּיז אויסגעצויגן אויפן שניי.

סקשעטוסקי האָט אַ קוק געטון אויף אים אַ פאַרחידוש-

טער, אַזוי אָבער ווי דאָס איז געווען אַן אַנטשלאָסענער מענטש, האָט ער געדריקט די שווערד אין דער האַנט

—ביזט משוגע געוואָרן?

—נישט איך בין משוגע געוואָרן און נישט איך וויל אויף דיר אַן אימה אָנוואַרפן, נאָר אַזוי האָט כמיעל גוזר געווען, אַז אויב עמיצער פון אייך, אפילו ווער עס איז פון די קאָמיסאַרן, וועט וועגן עפּעס פרעגן—זאָל מען אים אויפן אָרט דערהרגענען. אויב איך וועל דאָס נישט טון, וועט עס אַן אַנדערער טון, דערפאַר בין איך דיך מתרה פון פרייַנטשאַפטוועגן.

—אָבער איך פרעג אין מיין פריוואַטן ענין.

—אַלץ איינס; כמיעל האָט געזאָגט אונז פּאָלקאָווניקעס און געהייסן פאַר אַנדערע איבערחזרן: „ווען עמיצער וועט זיך פרעגן אפילו נאָר וועגן האָלץ צום אויוון, אָדער וועגן אַש, זאָל מען אים דערהרגענען". דו זאָגט וועגן דעם דיינע מענטשן.

—אַ דאַנק דיר פאַר דער גוטער עצה—האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

—נאָר דיך האָב איך מתרה געווען, אַ צווייטן ליאַך וואָלט איך דער ערשטער אויסגעצויגן.

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן. די מחנה איז שוין צוגעקומען צו די טויערן פון דער שטאָט. ביידע זייטן פון וועג און די גאַסן האָבן געווימלט פון המון און באַוואָפנטע קאָזאַקן, וועלכע האָבן צוליב כמעלניצקין זיך נישט דערוועגט צו וואַרפן קללות און קוילן שניי אין די שליטנס, זיי האָבן אָבער בייז געקוקט אויף די קאָמיסאַרן, צונויפבייַלנדיק די פויסטן אָדער דריקנדיק די הענטלעך פון די שווערדן.

נאָכדעם ווי סקשעטוסקי האָט אויסגעשטעלט די דראַגונער, צו פיר אין אַ שורה, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איז שטאָלץ און רואיק געריטן דורך דער ברייטער גאַס, נישט שענקנדיק די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט די בייזע בליקן פון

המון—נאָר בּיי זיך אין האַרצן האָט ער געטראַכט, וויפיל קאלטבּלוט ער וועט מוזן האָבּן, וויפיל איינגעהאַלטנקייט און קריסטלעכע סבלנות, כּדי ער זאָל קאָנען אויספירן דאָס, וואָס ער האָט געפּלאַנט, און כּדי ער זאָל נאָכן ערשטן שריט נישט דערטרונקען ווערן אין דעם דאָזיקן ים פון שנאה.

## 18 קאַפּיטל.

צומאָרגנס האָבן די קאָמיסאַרן לאַנג זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זיי זאָלן תיכף איבערגעבן כמעלניצקין די מתנות פון קיניג, אָדער גאָר וואַרטן, ביז ער וועט אַרויסווייזן מער הכנעה און מער חרטה. ס'איז געבליבן, אַז מ'זאָל אים מפייס זיין מיט מענטשלעכקייט און קיניגלעכע חסדים, מ'האָט אים דעריבער אָנגעזאָגט, אַז עס וועלן אים דערלאַנגט ווערן די מתנות—און צומאָרגנס איז פאָרגעקומען דער דאָזיקער יום-טוב-דיקער אַקט. פון באַגינען אָן האָבן געקלונגען די גלאָקן און געדונערט די האַרמאַטן. כמעלניצקי האָט געוואַרט פאַר זיין הויף צווישן פּאָלקאָווניקעס, כלערליי עלטסטע און אָן אַ שיעורדיקע מחנות פון קאָזאַקן און המון. ער האָט געוואָלט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל וויסן, וואָס פאַר אַ כבוד דער קיניג טיילט אים צו. ער האָט זיך דעריבער אַרויפגעזעצט אונטער דעם צייכן און פאָן אויף אַ הויכקייט, אין אַ גאָלד-געשטיקטן רויטן צויבל-היטל, האָבנדיק ביי זיך די שלוחים פון די שכנותדיקע מדינות, און אָננעמענדיק זיך ביי די זייטן, אָנשפאַרנדיק די פיס אויף אַ סאַמעטענעם קישן מיט גאָלדענע פראַנזן, האָט ער געוואַרט אויף די קאָמיסאַרן. צווישן די מאַסן פון פאַרזאַמעלטן המון האָבן זיך יעדע ווײַלע געהערט שטילע אויסדרוקן פון שבח און שמחה אויפן אָנבליק פון מנהיג, אין וועלכן דער דאָזיקער המון, וועלכער האָט דעם כח געשעצט העכער פון אַלץ, האָט געזען די פאַרקערפּערונג פון דאָזיקן כוח. וואָרום נאָר אַזוי האָט דער פאָלקס-המון זיך געקאָנט פאָרשטעלן זיין אומבאַזיגבאַרן מנהיג, וועלכער האָט פאַרטיליקט די העטמאַנס, די פירשטן, די שלאַכטע און בכלל די ליאַכן, וועלכע האָבן ביז זיינע צייטן געגאָלטן פאַר אומבאַזיגבאַר. כמעלניצקי איז אין משך פון דאָזיקן

מלחמה-יאָר אַ ביסל פאַרעלטערט געוואָרן, אָבער ער האָט זיך נישט געבויגן—זיינע ריזיקע אַקסלען האָבן נאָך אַלץ עדות גע-זאָגט אויף אַ כּוח, וואָס איז מסוגל איבערצוקערן מלוכות, אָדער צו שאַפן נייע מלוכות; דאָס געוואַלדיקע פּנים, וואָס איז גע-ווען רויט פון צופיל שכורן, האָט אויסגעדריקט אַ פעסטן רצון, אומגעהייערע גאוה און גדלותדיקע זיכערקייט, וואָס די נצחונות האָבן אים געגעבן. אימה און כּעס האָבן געדרעמלט אין די פאַלדן פון דאָזיקן פּנים און ס׳איז לייכט געווען צו דערקענען, אַז ווען זיי וועלן זיך אויפוועקן, וועט דאָס פאָלק זיך בייגן אונטער זייער שרעקלעכן הויך, ווי דער וואַלד אונטער אַ שטורם-ווינט. פון די אויגן, וואָס זענען געווען אַרומגעזוימט מיט אַ רייטער ראַס, האָט שוין געשלאָגן אַן אומגעדולד דער-פאַר, וואָס די קאָמיסאַרן זענען נישט געקומען מיט די מתּנות געגנוג שנעל, און פון די נאָזלעכער האָבן אויף דער פראָסט אַרויסגעזעצט צוויי קנוילן פּאַרע, ווי צוויי סלופּעס רויך פון לוציפערס נאָזלעכער—און אין דעם דאָזיקן נעפּל פון די איי-געגע יונגען איז ער געזעסן אַ פּורפּור-רויטער, אַ אָנגעכמורע-טער, אַ טיטאַנצער, נעבן די שליחים, צווישן פּאָלקאָווניקעס, אַרומגערינגלט מיט אַ המון פון אַלע זייטן.

ביז עס האָט זיך צום סוף באַוויזן די מחנה קאָמיסאַרן. בראָש זענען געגאַנגען די פּויקער, וועלכע האָבן געזעצט אין די קעסלען, און אויך די טרומפּייטער מיט די טרומייטן ביי די מיילער און מיט אָנגעבלאָזענע באַקן, פּויקנדיק און אַרויס-ציענדיק פון מעש לאַנגע יאָמערלעכע קולות, גלייך ווי זיי וואָלטן באַגלייט דעם רום און ווערדע פון דער רעפּובליק אין זייער אייביקע רו. נאָך דער דאָזיקער קאַפּעלע האָט דער יע-גער-מייסטער קשעטאָווסקי געטראָגן אַ שטאַב אויף אַ סאַמעטע-נעם קישן, קולטשינסקי, דער קיעווער שאַץ-מייסטער, אַ רויטע פאָן מיט אַן אָדלער און אויפשריפט—און ווייטער איז קישעל געגאַנגען אַליין אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט דער ווייסער באָרד, וועלכע איז אַראָפּגעפלאָסן אויף די ברוסט, מיט אַ צער אויפן אַריסטאָקראַטישן פּנים און מיט אַ טיפן ווייטאָק אין דער נשמה.

מיט אַ פּאָר שריט נאָכן וואָיעוואָדע האָבן זיך געשלעכט די איבעריקע קאָמיסאַרן, און גאָר צום סוף זענען געגאַנגען בריש־קאָווסקיס דראַגונער אונטער סקשעטוסקיס קאָמאַנדע.

קישעל איז געגאַנגען געלאַסן, ווייל גראָד אין דער רגע האָט ער קלאָר איינגעזען, אַז פון הינטער דער צעפליקטער שמאַטע פון אָפּמאַך, הינטער דעם לפנימדיקן שענקען קיניגלע־כע חסדים און פאַרגעבונג, קוקט אַרויס אַן אַנדערער, נאַקע־טער, שענדלעכער אמת, וועלכע אפילו בלינדע וועלן דערזען, טויבע וועלן דערהערן, ווייל ער שרייט: „דו גייסט נישט, קי־שעל, שענקען חסדים, דו גייסט גאָר זיי אויסבעטלען, דו גייסט זיי קויפן פאַרן דאָזיקן שטאַב און פאָן, און דו גייסט צופוס בוקן זיך פאַרן דאָזיקן פויערן־מנהיג, אין נאָמען פון דער גאַנ־צער רעפובליק, דו, דער סענאַטאָר און וואָיעוואָדע...״ עס איז צעריסן געוואָרן דאָס הארץ אין דעם מושל פון ברוסילאָוו און ער האָט זיך געפילט אַזוי שפלדיק ווי אַ וואָרם און אַזוי נידריק ווי שטויב, און אין די אויערן האָבן אים געהאַקט יערע־מיס ווערטער: „בעסער פאַר אונז אומצוקומען, איידער צו לעבן אין קנעכטשאַפט ביי פויערן און געצנדינער״. און וואָס איז ער, קישעל, געוועזן אין פאַרגלייך מיטן דאָזיקן פירשט פון לובני, וועלכער האָט זיך פאַר די מורדים באַוויזן נישט אַנ־דערש, נאָר ווי אַ יופּיטער מיט געקנייטשטע ברעמען, אין מיטן פון שוועבל־ריח, מלחמה־פלאַמען און פולווער־רויך, וואָס איז ער דען געוועזן? אונטער דער משא פון די דאָזיקע געדאַנקען איז צעבראָכן געוואָרן דאָס האַרץ פון וואָיעוואָדע, דער שמייכל איז אויף אייביק אָוועקגעפלויגן פון זיין פנים, די פרייד האָט אויף אייביק פאַרלאָזט זיין האַרץ און ער האָט געשפּירט, אַז ער וואָלט הונדערט מאָל געוואָלט בעסער שטאַרבן, איידער נאָך איין שריט מאַכן; אָבער ער איז געגאַנגען, ווייל עס האָט אים געשטויסן פאָרויס זיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, זיין גאַנצע מי, אַלע אָנשטרענגונגען, די גאַנצע אומברחמנותדיקע לאָגיק פון זיינע פריערדיקע מעשים...

כמעלניצקי האָט אויף אים געוואַרט, זיצנדיק אָנגעשפּאַרט

אויף די זייטן, מיט אָנגעבלאָזענע ליפּן און געקנייטשטע ברע־מען.

די מחנה האָט זיך ענדלעך דערנענטערט. קישעל האָט זיך אַרויסגערוקט בראש און געמאַכט אַ פּאָר שפּרייזן אַזש ביז צו דער הויכקייט. די קעסל־פּויקער האָבן אויפגעהערט צו פּויקן, די טראָמפּייטער צו טרומייטערן—און עס איז געוואָרן שטיל צווישן המון, נאָר אַ פּראָסטיק ווינטל האָט אָנגעקלאַפּט אָן די רויטע פאָן, וואָס הער קולטשינסקי האָט געטראָגן.

מיט אַמאָל איז די דאָזיקע שטילקייט איבערגעריסן גע־וואָרן דורך עפּעס אַן אָפּגעהאַקטער, דייטלעכער, פאַרצווייפל־טער און באַפעלנדיקער שטים, וועלכע האָט אָפּגעהילכט מיט אַן אומבאַשרייבלעכער קראַפט, וועלכע רעכנט זיך מיט גאָרנישט און מיט קיינעם נישט:

—דראַגונער פון הינטן! נאָך מיר!

דאָס איז געווען הער סקשעטוסקיס שטים.

אַלע קעפּ האָבן זיך אַ קער געטון אין זיין זייט. כמעל־ניצקי אַליין האָט זיך אַ ביסל דערהויבן אויפן געזעס אַ קוק־טון, וואָס עס קומט־פאָר; די קאָמיסאַרן איז דאָס בלוט אָפּגע־לאָפן פון פּנים. סקשעטוסקי איז געשטאַנען אויפן פערד אַ שטייפער, אַ בלאַסער, מיט אויגן, וואָס האָבן געשפּריצט מיט פונקען, און הוילער שווערד אין דער האַנט און האַלב־אומגע־דרייט צו די דראַגונער, האָט ער נאָך אַמאָל איבערגעחזרט זיין דונערנדיקן באַפעל:

– נאָך מיר!...

אין דער שטילקייט האָבן די טריט פון די פערדישע קאָ־פּיטעס הויך אָפּגעהילכט איבער דעם אויסגעקערטן מאַרפּרוירע־נעם גאַסן־ברוק. די אויסגעבילדעטע דראַגונער האָבן אויפן אָרט אויסגעדרייט די פערד, דער פּאָרוטשניק האָט זיך געשטעלט בראש פון זיי, האָט געגעבן אַ צייכן מיט דער שווערד און די גאַנצע אָפּטיילונג האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזט מאַרשירן צוריק צו דער קוואַרטיר פון די קאָמיסאַרן.

פאַרחידושטקייט און אומזיכערקייט האָט זיך אויסגעמאָלט

אויף אַלעמענס פּנימער, נישט אויסשליסנדיק אויך כמעלניצקין, ווײַל אין דער שטים און באַוועגונג פון פּאָרוטשניק איז געווען עפּעס אויסערגעוויינלעכס, קיינער האָט אָבער גוט נישט גע־ווּוסט, צי דאָס דאָזיקע אומגעריכטע דערווייטערן זיך פון דער באַגלייטונג האָט נישט געהערט צום יום־טובדיקן אַקט. איין קי־שעל האָט אַלץ פאַרשטאַנען, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אי די אונטערהאַנדלונגען און אי דאָס לעבן פון די קאָמיסאַרן, צוזאַ־מען מיט דער באַגלייטונג, הענגען אין דער רגע אויף אַ האָר, ער איז דעריבער אַרויף אויף די הויכקייט און נאָך איידער כמעלניצקי האָט באַוויזן אַ טראַכט צו טון, וואָס דאָ איז גע־שען, האָט ער אָנגעהויבן זיין דרשה.

ער האָט קודם־כל גערעדט וועגן דעם, אַז דער קיניג טוט חסדים מיט כמעלניצקין און דער גאַנצער זאַפּאָראָזשע, באַלד אָבער איז זיין דרשה איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ נייעם אינצידענט, וועלכער האָט נאָר געהאַט די מעלה, וואָס ער האָט אינגאַנצן אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם פריערדיקן: דזשעדזשאַלאַ, דער אַלטער פּאָלקאָווניק, וועלכער איז געשטאַנען נעבן כמעלניצקין, האָט גענומען טרייסלען מיטן שטאַב אויפן וואָיעוואָדע און וואַרפן זיך און שרייען:

—וואָס רעדסטו דאָרט, קישעל! דער קיניג ווי דער קיניג, אָבער איר, שררות, פירשטן, שלאַכטשיצעס האָט אָנגעטון אַ סך צרות. און אויך דו, קישעל, אַ ביין פון אונזער ביין, האָסט זיך אָפּגעטשעפּעט פון אונז און זיך באַהאָפטן מיט די ליאַכן, מיר האָבן שוין גענוג דיין פּלוידעריי, ווייל מיר וועלן מיט דער שווערד דערגרייכן דאָס, וואָס מיר דאַרפן.

דער וואָיעוואָדע האָט מיט פאַרדרוס אַ קוק געטון כמעל־ניצקין אין די אויגן אַריין.

—אין אַזאַ מורא, האַלטסטו דאָס, העטמאַן, דיינע פּאָל־קאָווניקעס?

—שווייג, דזשעדזשאַלאַ!—האָט דער העטמאַן אויסגעשריגן.

—שווייג, שווייג! האָט זיך אָנגעשכורט, הגם ס'איז נאָך פרי!—האָבן אַנדערע פּאָלקאָווניקעס געשריגן—טראָג דיך אָפּ,

אַנישט וועלן מיר דיך פאַרן קאָפּ אַרויסשלעפּן.

דזשעדזשאַלאַ האָט געוואָלט ווייטער מאַכן קולות, אָבער מ׳האט אים טאַקע אָנגעכאַפּט פאַרן קאַרק און אַרויסגעוואָרפן.

דער וואָיעוואָדע האָט ווייטער גערעדט מיט שיינע און מליצהדיקע ווערטער, אויפוויינדיק כמעלניצקין, וואָס פאַר אַ גרויסע מתּנות ער באַקומע—אַ צייכן פון געזעצלעכער מאַכט, וועלכע ער האָט ביז איצט נאָר געהאַט פאַרכאַפּט מיט געוואַלט. דער קיניג, הגם ער קאָן באַשטראָפן, וויל אים בעסער מוחל זיין, און דאָס טוט ער צוליב דער הכנעה, וואָס ער האָט אַרויס־געוויזן ביי זאַמאָשטש—און דערפאַר, וואָס די פריערדיקע פאַר־ברעכנס זענען נישט בעת זיין ממשלה באַגאַנגען געוואָרן. ס׳וואָלט דעריבער געווען אַ יושר, אַז ער, כמעלניצקי, וועלכער האָט פריער אַזוי פיל געזינדיקט, זאָל איצט אַרויס ווייזן זיין דאַנקבאַרקייט פאַר די חסדים און טובות, אָפּשטעלן די בלוט־פאַרגיסונג, באַרואיקן די פויערן און צוטרעטן צו אַ נטערהאַנד־לונגען מיט די קאָמיסאַרן.

כמעלניצקי האָט שטילשוויגנדיק אָנגענומען דעם שטאַב און די פאָן, וועלכע ער האָט באַלד געהייסן פאַנאַנדערוויקלען איבער זיך. דער המון האָט דערביי געּרעוועט פון גרויס שמחה, אַזוי, אַז אַ ווײַלע האָט מען גאָרנישט געהערט.

אַ געוויסע צופרידנקייט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויפן פּנים פון העטמאַן, וועלכער האָט אַ ווײַלע צוגעוואַרט און דערנאָך געזאָגט:

—פאַר אַזאַ גרויסן חסד, וואָס דער גנעדיקער האַר קיניג האָט מיט מיר דורך אייך געטון דורכדעם, וואָס ער האָט מיר געשענקט די מאַכט איבערן חייל און מוחל געווען מיינע פריערדיקע חטאים, דאַנק איך הכנעהדיק. איך האָב דאָך תּמיד געזאָגט, אַז דער קיניג האַלט מיט מיר קעגן אייך, נישט ער־לעכע פירשטן און שררות, און די בעסטע ראיה דערפאַר איז דאָס, וואָס ער שיקט מיר צו אַ באַפרידיקונג דערפאַר, וואָס איך האָב אייך די העלזער אָפּגעשניטן—אויך ווייטער וועל איך

זיי אָפּשניידן, אויב איר וועט מיך און דעם קיניג אין אַלעם נישט פאָלגן.

די לעצטע ווערטער האָט כמעלניצקי אַרויסגעזאָגט מיט אַ געהויבענער שטים, ברומענדיק און קנייטשנדיק די ברעמען, גלייך ווי דער כעס וואָלט אין אים אויפגעקאָכט, און אויף די קאָמיסאַרן איז אָנגעפאַלן אַן אימה אויף דעם דאָזיקן אומגעריכטן שנוי אין זיין תשובה.—קישעל האָט אָבער געזאָגט:

—דער קיניג, גנעדיקער הער העטמאַן, הייסט דיך אָפּשטעלן די בלוט-פאַרגיסונג און אָנהייבן מיט אונז אונטערהאַנדלונגען.

—קיין בלוט פאַרגיס נישט איך, נאָר דאָס ליטווישע חיל—האָט דער העטמאַן האַרט געענטפערט—ווייל כ'האָב אַ ידיעה, אַז ראַדזיוויל האָט מיר אויסגעקוילעט מיין מאָזיר און טורווו, און אויב דאָס וועט זיך אַרויסשטעלן פאַר אַן אמת, האָב איך גענוג אייערע געפאַנגענע און חשובים—כ'וועל זיי באַלד הייסן די העלזער אָפּשניידן. צו די אונטערהאַנדלונגען וועל איך איצט נישט צוטרעטן. אַ קאָמיסיע איז איצט שווער צוזאַמענצורופן, ווייל די חיילות זענען נישטאָ אויף אַן אָרט, נאָר אַ הייפל פאָלקאָווניקעס איז דאָ ביי מיר, און די איבעריקע זענען אין די ווינטער-דירות; אָן זיי קאָן איך נישט אָנהייבן. איבעריקנס, צו וואָס לאַנג ברייען אויף דער פראָסט. דאָס, וואָס איר האָט מיר געדאַרפט אָפּגעבן, האָט איר אָפּגעגעבן און אַלע האָבן געזען, אַז איך בין שוין העטמאַן מיטן גנאָד פון קיניג, און איצט קומט צו מיר אויף בראָנפן, אויף מיטאָג, ווייל כ'בין הונגעריק.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זיך כמעלניצקי געלאָזט צו זיין פּאַלאַץ, און באַלד נאָך אים זענען אויך אַוועק די קאָמיסאַרן און פאָלקאָווניקעס. אין דער גרויסער מיטלסטער שטוב איז געשטאַנען אַ געדעקטער טיש, וועלכער האָט זיך געבויגן אונטער דעם געריבטן זילבער, צווישן וועלכן וואָיעוואָדע קישעל וואָלט אפשר געפונען אויך זיינע אייגענע זילבערנע כלים, וועלכע זענען דעם פאַרגאַנגענעם זומער צוגעגזלט געוואָרן אין הושטשאַ. אויפן טיש זענען געשטאַנען גאַנצע חמרים חזיר-פלייש

און רינד-פלייש און אין דער גאַנצער שטוב איז געשטאַנען אַ ריח פון בראָנפן, וואָס איז געווען אָנגעגאָסן אין זילבערנע כלים. כמעלניצקי האָט פאַרנומען אַן אָרט, אַוועקזעצנדיק אויף זיין רעכטער זייט קישעלן, אויף דער לינקער זייט קאַשטעלאַן בזשאָזאָווסקין און טייטלענדיק מיט דער האַנט אויפן בראָנפן, האָט ער געזאָגט:

—אין וואַרשע זאָגט מען, אַז איך טרינק לאַכיש בלוט, אָבער איך וויל בעסער בראָנפן, לאָזנדיק יענץ פאַר די הינט.

די פאָלקאָווניקעס האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, פון וועלכן די ווענט פון דער שטוב האָבן זיך געטרייסלט.

אַזאַ „פאַרבייסנס” האָט דער העטמאַן געגעבן די קאָמיסאַרן פאַר זיין מיטאָג, און די קאָמיסאַרן האָבן עס אַראָפּגע-שלונגען, נישט אָנרופנדיק זיך מיט קיין וואָרט, כדי—ווי עס האָט געשריבן דער שאַץ-מייסטער—„נישט צוצערייצן די בעסטיע”.

נאָר געדיכטע שווייס-טראָפּנס האָבן אַרויסגעשלאָגן אויף קישעלס בלאַסן פּנים.

אָבער אָט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פאַרטיילן דעם כיבוד. די פאָלקאָווניקעס האָבן פון די שיסלען גענומען מיט די הענט שטיקער פלייש. קישעלן און בזשאָזאָווסקין האָט דער העטמאַן אַליין אַרויפגעלייגט אויף די שיסלען דאָס פלייש און דער אָנ-הייב פון מיטאָג איז אַריבער אין שטילשווייגן, ווייל יעדער האָט געשטילט דעם הונגער. אין דער שטילקייט האָט זיך נאָר געהערט דאָס קייען און קנאַקן פון די ביינער צווישן די ציין פון די געסט, אָדער דאָס זשלאָקן דעם בראָנפן; פון צייט צו צייט האָט עמיצער געוואָרפן עפּעס אַ וואָרט, אָבער עס איז גע-בליבן אָן אָפּקלאַנג. ערשט כמעלניצקי האָט נאָכדעם, ווי ער האָט געגעסן און אויסגעטרונקען אַ פּאָר גלעזער בראָנפן, דער ערשטער זיך מיט אַמאָל געווענדט צום וואָיעוואָדע און גע-פרעגט:

—ווער האָט ביי אייך געפירט די וואַך?

אַן אומרואיקייט האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויף קישעלס פּנים.

—סקשעטוסקי, אַ פיינער ריטער!—האָט ער געזאָגט.

—איך קען אים—האָט כמעלניצקי זיך אָנגערופן—אָבער פאַרוואָס האָט ער עפּעס נישט געוואָלט זיין דערביי, ווי איר האָט מיר איבערגעגעבן די מתּנות?

—ווייל נישט אַלס באַגלייטער איז ער אונז געגעבן געוואָרן, נאָר פון אונזער זיכערקייט-וועגן און ער האָט געהאַט אַזאַ באַפעל.

—און ווער האָט אים געגעבן אַזאַ באַפעל?

—איך—האָט דער וואָיעוואָדע געענטפערט—ווייל כ'האָב נישט גערעכנט, אַז עס איז פּאַסיק, דאָס ביים איבערגעבן די מתּנות זאָלן די דראַגונער שטיין אונז און אייך איבערן קאַרק.

—און איך האָב עפּעס אַנדערש גערעכנט, ווייל איך ווייס, אַז דערדאָזיקער זעלנער האָט אַ האַרטן קאַרק.

דאָ האָט זיך יאַשעווסקי אַריינגעמישט אין שמועס:

—מיר האָבן שוין פּאַר די דראַגונער קיין מורא נישט—האָט ער געזאָגט—שטאַרקער פון אונז זענען די ליאַכן געווען אַמאָל, אָבער ביי פּילאַווצע האָבן מיר איינגעזען, אַז דאָס זענען נישט די ליאַכן פון אַמאָל, וועלכע האָבן געשלאָגן די טערקן, טאָטערס און דייטשן...

—נישט גבורים, ווי די זאַמאָיסקיס, זשולקעווסקיס, כאָדקעוויטשעס, כמיעלעצקיס און קאָניעצפּאָלסקיס—האָט כמעלניצקי איבערגעהאַקט—נאָר פּחדנים און האָזן, קינדער אָנגעטון אין כּלי-זיין. זיי זענען געשטאָרבן פון אימה ווי נאָר זיי האָבן אונז דערזען, און זיי זענען אַנטלאָפן, הגם מיטוואָך זענען געווען טאָטערס נישט מער, ווי דריי טויזנט...

די קאָמיסאַרן האָבן געשוויגן, נאָר עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז דאָס עסן און געטראַנק באַקומט וואָס אַמאָל אַ מער ביטערן טעם.

—איך בעט הכנעהדיק, עסט און טרינקט—האָט כמעלניצקי געזאָגט, ווייל כ'וועל מיינען, אַז אונזערע פּשוטע קאָזאַקישע מאכלים ווילן נישט דורכגיין דורך אייערע גאָרגלען.

—אויב זיי זענען צו שמאָל, קאָנען מיר זיי אויפשניידן—האָט דזשעדזשאַלאַ אויסגערופן.

די פּאָלקאָווניקעס, שוין שטאַרק אויפגערוימטע, האָבן אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, אָבער כמעלניצקי האָט בייז אַ קוק געטון און עס איז ווידער שטיל געוואָרן.

קישעל, וועלכער איז זייט אַ פּאָר טעג קראַנק געווען, איז געווען בלאַס ווי אַ מת, און בזשאָזאָווסקי ווידער איז געווען אַזוי רויט, אַז עס האָט זיך געדוכטן, אַז דאָס בלוט שפּריצט אים פון פּנים.

צום סוף האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און אַ געשריי געטון:

—צי זענען מיר געקומען אַהער אויף אַ מיטאָג, אָדער אויף בזיונות?

דערויף האָט כמעלניצקי זיך אָנגערופן:

—איר זענט געקומען פירן אונטערהאַנדלונגען, אָבער דאָס ליטווישע חייל ברענט דערווייל און קוילעט. מאָזיר און טורווו האָבן זיי מיר פאַרטיליקט, און אויב דאָס וועט זיך אַרויסשטעלן פּאַר אַן אמת, וועל איך פיר הונדערט געפאַנגענע אין אייערע אויגן הייסן די קעפּ אַראָפּהאַקן.

בזשאָזאָווסקי האָט איינגעהאַלטן דעם כעס, וועלכער האָט נאָך מיט אַ ווײַלע צוריק אין אים געקאָכט. יאָ! דאָס לעבן פון די געפאַנגענע איז געווען אָפּהענגיק פון דער שטימונג פון העטמאַן, פון איין פּינטל פון זיין אויג, און דערפאַר האָט מען געמוזט אַלץ איבערטראָגן, נאָך איינגעמען אים מיט גוטן און שטילן זיין כעס.

דערפאַר טאַקע האָט אויך קאַרמעליט לענטאָווסקי, בעבע אַ מילדער און ווייכהערציקער מענטש, זיך שטיל אָנגערופן:

—דער באַרמהאַרציקער גאָט קאָן העלפן, אַז די ידיעות פון ליטע וועגן טורווו און מאָזיר וועלן זיך אַרויסשטעלן פאַר אַ שקר.

אָבער קוים האָט ער געענדיקט, ווי פיעדאָר וויעשניאַק, אַ טשערקאַסער פּאָלקאָווניק, האָט זיך איבערגעבויגן און אַ פּאָטש געטון מיטן שטאַב, ווילנדיק אַ זעץ-טון דעם קאַרמעליט אין קאַרק אַריין; צום גליק האָט ער נישט דערגרייכט, ווייל פיר אַנדערע געסט האָבן זיי פאַנאַנדערגעטיילט, ער האָט אָבער דערפאַר אויסגעשריגן.

—שווייג, גלח! נישט דיין עובדא איז עס אָפּצולייקענען מיינע ידיעות! קום אַרויס אויפן הויף, וועל איך דיך אָנלער-נען צו שוינען זאַפּאָראָזשער פּאָלקאָווניקעס!

די חברים האָבן זיך געכאַפּט אים צו באַרואיקן, היות אָבער ווי זיי האָבן דאָס נישט געקאָנט באַווייזן, האָבן זיי אים פאַרן קאָפּ אַרויסגעוואָרפן פון שטוב.

—ווען, גנעדיקער הער העטמאַן, באָגערסטו, אַז די קאָ-מיסיע זאָל זיך צונויפקומען?—האָט קישעל געפרעגט, ווילנדיק געבן דעם שמועס אַן אַנדער ווענדונג.

צום אומגליק איז כמעלניצקי שוין אויך געווען בגילופינ-דיק און ער האָט אָן שום שהיות געגעבן אַזאַ גיפטיקע תשובה:

—מאָרגן וועל איך אויסהערן אייערע טענות-ומענות, ווייל איצט בין איך שכור! וואָס רעדט איר דאָ וועגן אַ קאָמיסיע און לאָזט נישט עסן און טרינקען! איך האָב עס שוין גענוג! איצט מוז זיין מלחמה (דאָ האָט ער אַ זעץ-געטון מיט דער פויסט אין טיש, אַז די שיסלען און בעכערס זענען אַזש אונטערגע-שפּרונגען). אין פיר וואָכן וועל איך אייך איבערקערן מיט די פיס אַרויף און צעטרעטן און צולעצט אייך פאַרקויפן דעם טערקישן צאַר. דער קיניג וועט קיניגן, כדי צו פאַרטיליקן די שלאַכטשיצעס, פירשטן און שררות. אַ פירשט וועט זיך פאַר-זינדיקן, וועט מען אים דעם קאָפּ אַראָפּהאַקן; אַ קאָזאַק וועט זיך פאַרזינדיקן, וועט מען אים דעם קאָפּ אַראָפּהאַקן! איר סטראַשעט מיך מיט שווערדן, אָבער זיי וועלן מיך אויך נישט בייקומען. טוהאַי-בעי שטייט נאָנט צו מיר, ער איז מיין ברו-דער, מיין נשמה, דער איינציקער סאָקאָל אויף דער וועלט, ער איז גרייט באַלד אַלץ צו טון, וואָס איך וועל נאָר וועלן.

דאָ איז כמעלניצקי, ווי דער שטייגער איז ביי אַלע שכורים, מיט אַמאָל געוואָרן מילד און ווייך און זיין שטים האָט אַזש געציטערט פון גערירטקייט ביים זיסן אָנדענק פון טוהאַי-בעיס נאָמען.

—איר ווילט, אַז איך זאָל אויף די מערין און טאַטערס די שווערד אויפהייבן, אָבער איר וועט דאָס נישט פועלן! אַקעגן

אייך וועל איך גיין מיט מיינע גוטע פריינט. איך האָב שוין אַרומגעשיקט באַפעלן צו די פּאָלקן, אַז די טאָטערס זאָלן די פערד פּאַשען און גרייט זיין אין וועג אַריין אָן וועגנס, אָן האַרמאַטן; איך וועל דאָס אַלץ ביי די ליאַכן געפינען. אויב עמיצער פון די קאָזאַקן וועט נעמען אַ וואָגן, וועל איך אים הייסן דעם האַלז אָפּשניידן און איך אַליין וועל אויך קיין קאָטש נישט נעמען, נאָר געפּעק און זעק—און אַזוי וועל איך אָנשפּאַרן אַזש ביז צו דער ווייסל און זאָגן: זיצט אין שווייגט, ליאַכן! און אויב איר וועט שרייען פון יענער זייט ווייסל, וועל איך אייך אויך דאָרט געפינען. אַ סוף מוז קומען צו אייער ממשלה, צו אייערע דראַגונער, פאַרשאָלטענע שרצים, וואָס לעבן נאָר מיטן שקר.

דאָ איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט, זיך געוואָרפן פון דער באַנק, געריסן זיך ביי דער טשופּרינע, געטופּעט מיט די פיס אין דער ערד, שרייענדיק, אַז אַ מלחמה מוז זיין, ווייל ער האָט שוין אויף איר באַקומען אַ פאַרגעבונג און אַ ברכה, אַז ער דאַרף נישט קיין קאָמיסיע און קיין קאָמיסאַרן, ווייל ער וועט אפילו אויף קיין וואָפנשטילשטאַנד נישט דערלויבן.

צום סוף, ווען ער האָט געזען די שרעק פון די קאָמי-סאַרן און זיך דערמאַנט, אַז אויב זיי וועלן באַלד אַוועקפאָרן, וועט די מלחמה זיך אָנהייבן אין ווינטער, דאָס הייסט אין אַ צייט, ווען די קאָזאַקן, נישט קאָנענדיק זיך פאַרטיידיקן אין גראָבנס, שלאָגן זיך שלעכט אויפן אָפענעם פעלד, האָט ער זיך אַ ביסל באַרואיקט און ווידער זיך געזעצט אויף דער באַנק. דעם קאָפּ האָט ער אַראָפּגעלאָזט אויף די ברוסט, די הענט אָנגעשפּאַרט אויף די קני און געעטעמט כראָפּענדיק. צום סוף האָט ער ווידער געכאַפּט אַ גלאָז בראָנפן.

—פאַרן געזונט פון האַר קיניג!—האָט ער אויסגעשריגן.

—פאַרן געזונט און רום!—האָבן די פּאָלקאָווניקעס איבער-געחזרט.

—נו, דו, קישעל, זיי דיך נישט מצער—האָט דער העט-מאַן געזאָגט—און נעם דיר נישט צום האַרצן דאָס, וואָס איך

זאָג, ווייל כ׳בין איצט שכיר. מיר האָבן די וואָרזאָגערינס גע-זאָגט, אַז עס מוז זיין מלחמה—אָבער ביז צו די ערשטע שפּראָ-צונגען וועל איך וואַרטן, און דערנאָך זאָל זיין אַ קאָמיסיע, צוליב וועלכער איך וועל די געפאַנגענע אַרויסלאָזן. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביזט קראַנק, אויב אַזוי זאָל עס דיר אויך זיין צום געזונט.

—איך דאַנק דיר, זאַפּאָראָזשער העטמאַן—האָט קישעל גע-זאָגט.

—דו ביזט מיין גאַסט, איך געדענק וועגן דעם.

ביי די דאָזיקע ווערטער איז כמעלניצקי ווידער אויף אַ ווײַלע אַריינגעפאַלן אין אַ מצב פון גערירטקייט און אָנשפּאַרנ-דיק די הענט אויפן וואָיעוואָדעס אָרעמס, האָט ער צוגערוקט זיין געוואַלדיק רויטן פּרצוף צו זיינע בלייכע אויסגעדאַרטע באַקן.

נאָך אים זענען געקומען די איבעריקע פּאָלקאָווניקעס און צורוקנדיק זיך נאָענט צו די קאָמיסאַרן האָבן זיי געדריקט זייע-רע הענט, געקלאַפּט זיי איבער די פּלייצעס און באַכגעזאָגט דעם העטמאַנס ווערטער, „ביז צו די ערשטע שפּראָצונגען!״ די קאָמיסאַרן האָבן זיך געשפּירט ווי אין אַ גיהנום: דער אָטעם פון די פּויערן, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון בראָנפן, האָט באַגאָסן די פּנימער פון די דאָזיקע מיוחסים-שלאַכטשיצעס, פאַר וועלכע דאָס דריקן פון די פאַרשוויצטע הענט איז געווען פּונקט אַזוי נישט צום איבערצוטראָגן, ווי די בזיונות. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין דראָונגען אינמיטן פון די דאָזיקע סימנים פון מגושמדיקער הערצלעכקייט. אַ טייל האָט זיך אָנגע-רופן צום וואָיעוואָדע: „מיר ווילן קוילען די ליאַכן, אָבער דו ביזט אונזער מענטש!״—אַ צווייטער טייל האָט געזאָגט: „נו, וואָס, פּאַנעס! אַמאָל האָט איר אונז געשלאָגן, און איצט בעט איר חסדים! אַ טויט אייך, וויַיס-הענטיקע!״ אַטאַמאַן וואָווק, געוועזע-נער מילנער אין נעסטעוואַר, האָט געשריגן: „איך האָב דעם פּירשט טשעטווערטינסקי, מיין האַר, געקוילעט!״ „איר גיט אונז

יאַרעמאַן, האָט יאַשעװסקי קאַטשנדיק זיך אױסגערופֿן, און מיר װעלן אײַך שענקען דאָס לעבן!"

אין שטוב איז געשטאַנען אַ שטיקנדיקע לופֿט און היץ בײַשט צום אױסהאַלטן; דער טיש, װאָס איז געװען באַדעקט מיט רעשטלעך פֿלײש, ברעקלעך ברױט, באַפֿלעקט פֿון בראָנפֿן און מעד, האָט מיאוס אױסגעזען. עס זענען צום סוף אַרײַנגע-קומען װאָרזאָגערינס, דאָס הײסט די כּישוף-מאַכערינס, מיט װעלכע דער העטמאַן פֿלעגט געװײנלעך ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן שכּורן און אױסהערן זײערע נבֿיאות: אױסטערלישע געשטאַלטן, אַלטע, אײַנגעקאָרטשעטע, געלע, אָדער גאָר יונגע, װעלכע האָבן װאָרגעזאָגט פֿון װאַקס, װײץ-קערנדלעך, פֿײער, װאַסער-שוים, פֿון באָדעם פֿון דער פֿלאַש, אָדער פֿון מענטש-לעכן פּעטס. באַלד האָבן די פּאָלקאָװניקעס גענומען מיט די יונגערע פֿון זײ זיך שפּילן און לוסטיק מאַכן. קישעל האָט גע-האַלטן בײַם פֿאַלן אין חלשות.

—מיר דאַנקען דיר, העטמאַן, פֿאַרן מאָלצײַט און מיר זאָגן דיר אַ גוטע נאַכט—האָט ער געזאָגט מיט אַ שװאַכער שטים.

—איך װעל מאָרגן צו דיר, קישעל, קומען אױף מיטאָג—האָט כמעלניצקי געענטפֿערט—און איצט גײט. דאָגיעץ װעט אײַך מיט קאָזאַקן באַגלײטן אַהײם, כּדי עס זאָל אײַך מצד דעם המון בײַשט געשען עפּעס אַ סבה.

די קאָמיסאַרן האָבן זיך פֿאַרבײגט און זענען אַרױסגע-גאַנגען. דאָניעץ מיט די קאָזאַקן האָבן טאַקע געװאַרט פֿאַרן פּאַלאַץ.

—גאָט! גאָט! גאָט!—האָט קישעל שטילערהײט געשעפּטשעט, צולײגנדיק די הענט צום פּנים.

די מחנה האָט זיך שטילשװײַגנדיק געלאָזט גײן צו דער קװאַרטיר פֿון די קאָמיסאַרן.

אָבער עס האָט זיך אַרױסגעשטעלט, אַז זײ שטײען שױן בײַשט אײן אַזױ נאָענט אײנער צום אַנדערן. כמעלניצקי האָט מיט אַ כּװון פֿאַר זײ באַשטימט קװאַרטירן אין פֿאַרשידענע טײלן

פון זער שטאָט, כדי זיי זאָלן נישט קאָנען זיך לייכט צונויפקו-מען און באַראַטן זיך.

וואַיעוואָדע קישעל, אַ מידער, אַן אויסגעמאַטערטער, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, האָט זיך באַלד געלייגט אין בעט אַריין און ביז צום צווייטן טאָג האָט ער קיינעם נישט גע-וואָלט זען; ערשט פאַרמיטאָג האָט ער געהייסן רופן סקשע-טוסקין.

—וואָס האָט איר געטון?—האָט ער צו אים געזאָגט—וואָס האָט איר געטון! אייער לעבן און אונזער לעבן האָט איר דאָך געקאָנט אויסשטעלן אויף אַ טויט-סכנה.

—הויך-וויל-געבוירענער וואַיעוואָדע, כ׳האָב געזינדיקט!—האָט דער ריטער געענטפערט—אָבער מיך האָט אַ משוגעת אָנ-געכאַפּט און כ׳האָב געוואָלט בעסער הונדערט מאָל אומקומען, איידער קוקן אויף אַזעלכע זאַכן.

—כמעלניצקי האָט זיך אָנגעשטויסן. כ׳האָב קוים געשטילט זיין ווילדע רציחה און פאַרענטפערט דיין שריט. אָבער ער זאָל היינט דאָ זיין ביי מיר און ער וועט אודאי דיך פרעגן. זאָלסט אים דעמאָלט זאָגן, אַז דו האָסט געהאַט אַ באַפעל פון מיר אָוועקצופירן די זעלנער.

—פון היינט אָן וועט ברישקאָווסקי איבערנעמען די קאָ-מאַנדע, ווייל ער איז געזונטער.

—בעסער אַזוי; איר זענט צו האַרטנעקיג אויף די היינ-טיקע צייטן. ס׳איז אונז שווער אין אַזאַ פאַל עפּעס אַנדערש פאַרצוואַרפן, ווי אומפּאָרזיכטיקייט, אָבער קענטיק איז, אַז איר זענט יונג און קענט קיין וויטאָק אין האַרץ נישט אַריבער-טראָגן.

—צו וויטאָק בין איך געוווינט, הויך-וויל-געבוירענער וואַיעוואָדע, נאָר קיין שאַנד קאָן איך נישט אַריבערטראָגן.

קישעל האָט אַ שטילן קרעכץ געטון, ווי אַ חולה, וועלכן עמיצער האָט אָנגערירט אין אַן אָנגעווייטאָקטן אָרט. דערנאָך האָט ער אַ שמייכל געטון מיט אַן אומעטיקער אומבאַהאָלפנ-קייט און געזאָגט:

—אַ טאָג-טעגלעך ברויט זענען שוין פאַר מיר אַזעלכע ווערטער, וועלכע איך פלעג אַמאָל אַראָפּשלינגען באַגיסנדיק זיך מיט ביטערע טרערן, און איצט קלעקן מיר שוין אפילו קיין טרערן אויך נישט.

אַ רחמנות האָט אָנגעפולט סקשעטוסקיס האַרץ אויפן אָנבליק פון דאָזיקן זקן מיטן פּנים פון אַ קדוש, וועלכער האָט די לעצטע טעג פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין טאָפּלטע יסורים, פון דער נשמה און פון גוף.

—הויך-וואויל-געבוירענער וואָיעוואָדע!—האָט ער געזאָגט—גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב געטראַכט נאָר וועגן די שרעקלעכע צייטן, אין וועלכע סענאַטאָרן און די העכסטע קרוינבאַאַמטע מוזן זיך בוקן פאַר רשעים, פאַר וועלכע נאָר די תליה דאַרף זיין דער איינציקער שכר פאַר זייערע מעשים-תעתועים.

—זאָל דיך גאָט בענטשן, ווייל דו ביזט יונג, ערלעך און כ'ווייס, אַז דו האָסט נישט געהאַט קיין בייזע כונה. אָבער דאָס, וואָס דו זאָגסט, זאָגט דיין פירשט, הינטער אים שטייט דאָס חייל, די שלאַכטע, די סיימען, אַ האַלבע רעפּובליק—און די דאָזיקע גאַנצע משא פון עקל און שנאה וועט אַראָפּפאַלן אויף מיר.

—יעדער דינט דעם פאָטערלאַנד, ווי ער פאַרשטייט—די כונות זאָל גאָט משפטן, און וואָס איז שייך דעם פירשט יערעמי, דינט ער דעם פאָטערלאַנד מיט זיין לעבן און פאַרמעגן.

—און אַרום רינגלט אים אַרום און ער גייט אין אים ווי אַ זון-באַשטראַלטער—האָט דער וואָיעוואָדע געענטפערט—אָבער וואָס איז מיין גורל? אָ, דו זאָגסט גוט: זאָל גאָט משפטן די כונות און זאָל ער געבן כאָטש אַ רואיקן קבר די, וואָס האָבן ביים לעבן געליטן איבער זייערע כונות.

סקשעטוסקי האָט געשוויגן, און קישעל האָט אין אַ שטומער תפלה אויפגעהויבן די אויגן אין די הויך און אין אַ ווייל אַרום האָט ער אָנגעהויבן אַזוי צו זאָגן:

—איך בין אַ רוטענער, פון בלוט און פלייש. די קברים

פון די פירשטן שוויאַטאָלדיטש ליגן אין דער דאַזיקער ערד, דערפאַר טאַקע האָב איך זי ליב געהאַט, זי און דאָס דאָזיקע געטלעכע פאָלק, וואָס ציט זיין יניקה פון איר ברוסט. כ'האָב געזען עולות פוןביידע צדדים, כ'האָב געזען די ווילדע הפקרות פון זאַפּאָראָזשע, אָבער אויך די אומדערטרעגלעכע גדלות פון די, וואָס האָבן דאָס דאָזיקע מלחמה-פאָלק געוואָלט פאַרגרעבן— וואָס האָב איך געזאָלט טון, איך דער רוטענער און צוגלייך דער געטרייער זון און סענאַטאָר פון דער דאָזיקער רעפּובליק? אָט בין איך צוגעשטאַנען צו די, וואָס האָבן געזאָגט: „שלום זאָל זיין!" ווייל אַזוי האָט מיר געבאָטן דאָס בלוט, האַרץ, ווייל צווישן זיי איז געווען דער פאַרשטאָרבענער קיניג, אונזער פאָטער, און דער קאַנצלער. און דער פּרימאַס און אַ סך אַנדערע. ווייל כ'האָב געזען, אַז דער פּירוד איז אַן אונטערגאַנג פאַר ביידע צדדים. כ'האָב מיין גאַנץ לעבן, ביזן לעצטן אָטעם-צוג, געוואָלט אַרבעטן פאַרן שלום—און אַז דאָס בלוט האָט זיך שוין געגאָסן, האָב איך זיך געטראַכט: איך וויל זיין אַ מלאך פון שלום. און כ'בין געגאַנגען, און כ'האָב געאַרבעט און איך אַרבעט נאָך, הגם אין וויטאָק, אין יסורים און אין שאַנד און אין ספקות, וואָס זענען כמעט שרעקלעכער פון אַלץ. וואָרום איך ווייס איצט נישט, צי אייער פירשט איז מיט דער שווערד געקומען צו פרי, אָדער איך מיטן איילבירט-צווייגל צו שפּעט, אָבער דאָס זע איך, אַז מיין אַרבעט גייט לאיבוד, אַז עס לאָזן זיך שוין אויס די כוחות, אַז אומזיסט שלאָג איך מיטן גראָען קאָפּ אין די וואַנט און אַז אַראָפּגייענדיק אין קבר, זע איך נאָר אַ פינסטערניש פאַר זיך—און אונטערגאַנג, אָ, גרויסער גאָט,—אַלעמענס אונטערגאַנג!

—גאָט וועט שיקן זיין הילף.

—אָ, הלואי וועט ער שיקן אַזאַ שטראַל פאַר מיין טויט, כדי איך זאָל נישט שטאַרבן אין יאוש—וועל איך דעמאָלט אים נאָך דאַנקען פאַר מיינע יסורים, פאַר די מאַטערנישן, וואָס איך טראָג אַריבער ביים לעבן, דערפאַר, וואָס דער המון פאָדערט מיין קאָפּ, און אויף די סיימען רופט מען מיך בוגד, פאַר מיין

צעראַבירטן האָב און גוטס, פאַר דער שאַנד, אין וועלכער איך לעב, פאַר דעם גאַנצן ביטערן שׂכר, וואָס איך האָב פוןביידע צדדים באַקומען!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט דער וואָיעוואָדע אויסגעשטרעקט זיינע דאַרע הענט צום הימל — און צוויי גרויסע טרערן, אפשר טאַקע די לעצטע אין לעבן, זענען אים אַראָפּגעפלאָסן פון די אויגן.

סקשעטוסקי האָט שוין לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, אָבער וואָרפנדיק זיך אויף די קני פאַרן וואָיעוואָדע, האָט ער אָנגעכאַפּט זיין האַנט און געזאָגט מיט אַ פון גרויס געריכטקייט אָפּגעהאַקטער שטים:

— איך בין אַ זעלנער און גיי מיט אַן אַנדערן וועג, אָבער פאַר פאַרדינסטן און ווייטאָק גיב איך אָפּ כבוד.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט דער דאָזיקער שלאַכטשיץ און ריטער פון ווישניאָוויעצקיס פאָלק צוגעדריקט צו די ליפּן די האַנט פון דאָזיקן רוטענער, וועלכן ער האָט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק צוזאַמען מיט אַנדער'ע געהאַלטן פאַר אַ בוגד.

און קישעל האָט אים אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויפן קאָפּ.

— זון מיינער — האָט ער שטיל געזאָגט — זאָל דיך גאָט טרייסטן, פירן און בענטשן, ווי איך בענטש דיך.

דאָס כּישוף־ראָד פון די אונטערהאַנדלונגען האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם זעלבן טאָג. כמעלניצקי איז געווען שפּעט געקומען אויף מיטאָג צום וואָיעוואָדע און אין דער ערגסטער שטימונג. ער האָט באַלד דערקלערט, אַז דאָס, וואָס ער האָט נעכטן דערקלערט וועגן וואָפנשטילשטאַנד, וועגן אַ קאָמיסיע אויף די גרינע חגאות און וועגן אַרויסלאָזן די געפאַנגענע צוליב דער קאָמיסיע, האָט ער געזאָגט שכורערהייט, און איצט זעט ער, אַז מ'האָט אים געוואָלט פירן אין באָד אַריין. קישעל האָט אים ווידער איבערגעבעטן, באַרויקט, איבערגערעדט, נאָכגעגעבן, אָבער דאָס אַלץ איז געווען ווי אַ קול קורא במדבר. דער העטמאַן איז זיך אויך באַגאַנגען אַזוי גראָב, אַז די קאָמיסאַרן האָט

זיך פשוט פֿאַרבענקט נאָכן נעכטיקן כמעלניצקי. דעם הער פּאָ-זאָוואָוסקי האָט ער מיטן שטאַב אַ קלאַפּ געטון נאָך דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך פֿאַר אים נישט געוויזן צו דער רעכטער צייט, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס הער פּאָזאָוואָוסקי איז געווען אַ חולה מסוכן און געשטאַנען אויפֿן ברעג פֿון קבֿר.

עס האָט נישט געהאָלפֿן קיין מענטשלעכקייט און קיין נאָכגיביקייט און אויך די טענות-ומענות פֿון וואָיעוואָדע האָבן קיין פּעולה נישט געהאַט. ערשט נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ ביסל אונטערגעוואַרעמט מיט בראָנפֿן און גוטן מעד, איז ער אַריינגעפֿאַלן אין אַ בעסערע שטימונג, דערפֿאַר אָבער האָט ער שוין בשום אופֿן נישט געלאָזט אַפֿילו דערמאָנען וועגן כּלל-ענינים, זאָגנדיק: „אַז טרינקען, זאָלן מיר טרינקען — מאָרגן וועל איך הערן אייערע טענות! אַ נישט, גיי איך פֿון דאַנען!” דריי אַ זייגער ביינאַכט האָט ער זיך איינגעשפּאַרט צו גיין אין שלאָף-שטוב פֿון וואָיעוואָדע, ווערכער האָט זיך אַקעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן באַגער אונטער פֿאַרשידענע תּירוצים, ווייל ער האָט דאָרט מיט אַ כּיון פֿאַרשלאָסן סקשעטוסקין, שטאַרק מורא-האָבנ-דיק, אַז ביים באַגעגעניש פֿון דאָזיקן שטאָלצן זעלנער מיט כמעלניצקין זאָל נישט טרעפֿן עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן שמעקן מיט אַ סכּנה פֿאַרן פּאָרוטשניקס לעבן. כמעלניצקי האָט זיך אָבער איינגעעקשנט און איז געגאַנגען און נאָך אים איז אַריינ-געגאַנגען א יך קישעל. ווי פֿאַרחידושט איז אָבער געוואָרן דער וואָיעוואָדע, ווען דער העטמאַן האָט דערזעענדיק דעם ריטער, צו אים אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אויסגעשריגן:

— סקשעטוסקי! און פֿאַרוואָס טרינקסטו נישט מיט אונז?

און ער האָט צו אים פֿרייַנטלעך אויסגעצויגן די האַנט.

— ווייל כ'בין קראַנק — האָט דער פּאָרוטשניק פֿאַרנייגנדיק זיך געענטפֿערט.

— דו ביזט נעכטן אויך אַוועקגעפֿאָרן. אָן דיר האָט דער גאַנצער כּבֿוד פֿאַר מיר קיין שום ווערט נישט געהאַט.

— אַזאַ באַפֿעל האָט ער געהאַט — האָט קישעל זיך אַריינ-געמישט.

—דו, וואַיעוואָדע, דערצייל מיר קיין מעשׂות נישט. איך קען אים—און ווייס, אַז ער האָט נישט געוואָלט קוקן, ווי איר טיילט מיר צו כּבוד. אוי, איז דאָס אַ פֿויגל! אָבער וואָס ער וואָלט אַן אַנדערן נישט געשענקט געוואָרן, וועט אים געשענקט ווערן, ווייל איך האָב אים ליב, ער איז מיין הערצלעכער פֿריינט.

קישעל האָט ברייט געעפֿנט די אויגן פֿון פֿאַרחידושטקייט, אָבער דער העטמאַן האָט זיך מיט אַמאָל געווענדט צו סקשעטוסקין:

—און דו ווייסט, פֿאַרוואָס איך האָב דיך ליב?

סקשעטוסקי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

—דו מיינסט, אַז דערפֿאַר, וואָס דו האָסט הינטערן אָמעלניק די שטריק דורכגעשניטן, ווען איך בין געווען אַ שפּלדיקער מענטש און ווען מ׳האָט מיך געטרודפּט ווי אַ חיה? נישט דערפֿאַר. איך האָב דיר דעמאָלט געגעבן אַ רינג מיט ערד פֿון קריסטוסעס קבר. אָבער דו, נשמה מיט הערנער, האָסט מיר דעם דאָזיקן רינג נישט געוויזן, ווען דו ביזט געווען אין מיינע הענט,—נו, איך האָב דיך אַזוי אויך אָפּגעלאָזט—און מיר זענען קוויט. נישט דערפֿאַר האָב איך דיך איצט ליב. דו האָסט מיר געטון אַן אַנדערע טובה, פֿאַר וועלכער דו ביזט מיין הערצלעכער פֿריינט און פֿאַר וועלכער איך בין דיר שולדיק אַ דאַנק.

סקשעטוסקי האָט פֿון זיין זייט געקוקט מיט פֿאַרוווּנדערונג אויף כמעלניצקין.

—זעסטו, ווי זיי חידושן זיך—האָט דער העטמאַן געזאָגט, גלייך ווי ער וואָלט גערעדט צו עפּעס אַ פֿערטן מענטש—וועל איך דיר דערמאַנען, וואָס מ׳האָט מיר אין טשעכרין דערציילט, ווען איך בין געקומען אַהין פֿון באַזאַוולוק מיט טוהאַי-בעין. כ׳האָב אַליין אומעטום זיך נאָכגעפֿרעגט וועגן מיין שונא טשאַפּלינסקין, וועלכן איך האָב נישט געפֿונען—אָבער מ׳האָט מיר געזאָגט, וואָס דו האָסט אים געטון נאָך אונזער ערשטן באַגעגעניש, אַז דו האָסט אים אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאָפּ און פֿאַר די הויזן

און די טיר מיט אים אויסגעהאַקט און פאַרבלוטיקט ווי אַ הונט—האַ!

—איך האָב דאָס טאַקע געטון—האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

—אוי, גוט האָסטו געטון, שיין האָסטו געטון! נו, איך וועל אים נאָך כאַפּן—אַנדערש האָבן די אונטערהאַנדלונגען און קאָמיסיעס קיין שום ווערט נישט—איך וועל אים נאָך כאַפּן און זיך אַ שפּיל טון מיט אים, ווי איך האָב ליב—אָבער דו האָסט אים גוט מקיים-פּסק געווען.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט דער העטמאַן זיך געווענדט צו קישעלן און אויפסניי גענומען דערציילן:

—פּאַרן קאָפּ האָט ער אים געכאַפּט און פאַר די הויזן, אויפגעהויבן ווי אַ קאַץ, די טיר מיט אים אויסגעהאַקט און אויף דער גאַס אַרויסגעוואָרפן.

דאָ האָט ער גענומען לאַכן, אַז אַ ווידערקול האָט אַזש אָפּגעהילכט איבערן אַלקיר און האָט זיך דערטראָגן ביז צום חדר פון די געסט.

—גנעדיקער הער וואָיעוואָדע, הייס געבן מעד, איך מוז אויסטרינקען פאַרן געזונט פון דאָזיקן ריטער, מיין פריינט.

קישעל האָט אויפגעמאַכט די טיר און געשריגן אויפן דינער, וועלכער האָט באַלד דערלאַנגט דריי גלעזער מעד.

כמעלניצקי האָט אָנגעקלאַפּט זיין גלאָז אין וואָיעוואָדעס און סקשעטוסקיס גלעזער, האָט אויסגעטרונקען—אַז אַ פּאַרע האָט אַזש אַ זעץ געטון פון זיין טשופּרינע, דאָס פּנים האָט אים גע-לאַכט, אַ גרויסע צופרידנקייט איז אַריינגעטרעטן אין זיין האַרץ און ווענדנדיק זיך צום פּאָרוטשניק האָט ער אויסגעשריגן:

—בעט ביי מיר וואָס דו ווילסט!

אַ רויטקייט האָט באַדעקט סקשעטוסקיס בלייכע פּנים; אַ ווייל האָט געהערשט אַ שטילקייט.

—האָב נישט קיין מורא—האָט כמעלניצקי געזאָגט.—אַ וואָרט איז נישט קיין רויך; בעט וואָס דו ווילסט, אַבי דו זאָלסט נישט בעטן אַזעלכע זאַכן, וואָס געהערן צו קישעלן.

כמעלניצקי, אפילו שכורערהייט, האָט שטענדיק געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט אים.

—אויב עס איז מיר דערלויבט נהנה צו זיין פון דער ליבע, וואָס איר, הער העטמאַן, פילט צו מיר, וועל איך פאָ-דערן פון אייך גערעכטיקייט. איינער פון אייערע פאָלקאָווניקעס האָט מיר אַן עולה געטון...

—דעם האַלז אים אָפּשניידן!—האָט כמעלניצקי מיט אַמאָל איבערגעהאַקט.

—נישט דאָס בין איך אויסן, הייס אים בלויז זיך שטעלן צו אַ קאַמף מיט מיר.

—דעם האַלז אים אָפּשניידן!—האָט דער העטמאַן איבער-געחזרט—ווער איז דאָס אַזוינס?

—באָהון.

כמעלניצקי האָט גענומען פינטלען מיט די אויגן, דערנאָך האָט ער מיט דער האַנט זיך אַ קלאַפּ געטון אין שטערן.

—באָהון?—האָט ער געזאָגט—באָהון איז טויט.—דער קיניג האָט מיר געשריבן, אַז ער איז אומגעקומען אין אַ דועל.

סקשעטוסקי איז נדהם ונשתומם געוואָרן. זאַגלאָבאַ האָט אמת געזאָגט!

—און וואָס האָט דיר באָהון געטון?—האָט כמעלניצקי גע-פרעגט.

נאָך שטאַרקערע פלאַמען זענען אַרויסגעטרעטן אויפן פּאָ-רוטשניקס פּנים. ער האָט מורא געהאַט צו רעדן וועגן דער פירשטין פאַר דעם האַלב-שכורן העטמאַן, כדי עס זאָל אים נישט אויסקומען צו הערן עפּעס אַ זידל-וואָרט, וואָס ער וועט נישט קאָנען מוחל זיין.

קישעל האָט אים אַרויסגעראַטעוועט.

—דאָס איז אַן ערנסטע זאַך—האָט ער געזאָגט—וועגן וועלכער קאַשטעלאַן בזשאָזאָווסקי האָט מיר דערציילט. באָהון האָט ביים דאָזיקן קאַוואַליר, הער העטמאַן, פאַרכאַפּט זיין כלה און זיך באַהאַלטן ערגעץ אין אַ פאַרבאָרגן אָרט.

—דאַרפסטו זי זוכן—האָט כמעלניצקי געזאָגט.

—כ'האָב געזוכט איבערן דניעסטער, ווייל דאָרט האָט ער די באַהאַלטן—אָבער כ'האָב נישט געפונען. כ'האָב אָבער געהערט, אַז ער האָט זי געזאָלט אַריבערפירן קיין קיעוו, וווהין ער האָט אַליין געזאָלט אַראָפּפאָרן אויף די חתונה. גיב-זשע מיר, הער העטמאַן, רשות צו פאָרן קיין קיעוו און דאָרט זי צו זוכן, מער בעט איך נישט.

—דו ביזט מיין פריינט, דו האָסט טשאַפּלינסקין צעמזיקט. איך וועל דיר געבן נישט בלויז רשות צו פאָרן און צו זוכן אומעטום, ווו דו וועסט וועלן, נאָר אויך אַ באַפעל וועל איך געבן, אַז דער, ביי וועלכן זי איז, זאָל זי אָפּגעבן אין דיינע הענט—און אַ דערלויבעניש אויף אַ פרייען דורכפאָר וועל איך דיר געבן און אַ בריוו צום מעטראָפּאָליט, אַז מען זאָל זוכן אין די מאָנאַסטירן. מיין וואָרט איז נישט קיין רויך!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער אויפגעמאַכט די טיר און גערופן וויכאָווסקין, אַז ער זאָל קומען שרייבן דעם באַפעל און דעם בריוו. טשאַרנאָטאַ האָט געמוזט גיין נאָך די חתימות, הגם עס איז שוין געווען פיר אַ זייגער ביינאַכט. דזשעדזשאַלאַ האָט געבראַכט דעם שטאַב, און דאָניעץ האָט באַקומען אַ באַפעל, אַז ער זאָל מיט צוויי הונדערט רייטער באַגלייטן סקשעטוסקין קיין קיעוו און ווייטער אַזש ביז צו די ערשטע פּוילישע וואַך-פּאָסטנס.

צומאָרגנס האָט סקשעטוסקי פאַרלאָזט פּערעיאַסלאַוו.

## 19 קאַפּיטל

אויב הער זאַגלאָבאַ האָט זיך געגודעט אין זבאַראַזש, האָט נישט ווייניקער זיך גענודעט אויך וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער איז באַזונדערס געוועזן להוט נאָך מלחמות און פּאַסירונגען. עס זע־נען אמת פון צייט צו צייט אַרויסגעגאַנגען פון זבאַראַזש פּאָלקן אויף אַ געיעג נאָך די רויבער־באַנדעס, וועלכע האָבן איבערן זבּרוטש אויסגעפּירט שרפות און שחיטות—אָבער דאָס איז גע־ווען אַ קליינע מלחמה, דער עיקר צווישן פאָרפּאָסטנס, און אַ שווערע צוליבן שאַרפן ווינטער און פראָסט, און זי האָט פאַר־לאַנגט אַ סך מי, אָבער געגעבן ווייניק רום. צוליב די דאָזיקע אַלע סבּות איז הער מיכאַל טאָג־טעגלעך צוגעשטאַנען צו זאַ־גלאָבאַן, אַז מען דאַרף גיין צו הילף סקשעטוסקין, פון וועלכן עס איז אַ לאַנגע צייט נישט געווען קיין שום ידיעה.

—ער איז מסתמא דאָרט אַריינגעפאַלן אין גרויסע סכנות, און אפשר איז ער גאָר דאָס לעבן פּטור געוואָרן,—האָט וואָ־לאָדיאָווסקי געזאָגט;—מיר מוזן אומבאַדינגט פאָרן, ווען אפילו מיר זאָלן מוזן צוזאַמען מיט אים אומקומען.

הער זאַגלאָבאַ האָט זיך שטאַרק נישט אַקעגנגעשטעלט, ווייל, ווי ער האָט געטענהט, איז אין זבאַראַזש אויף אים אַ שימל אָנגעוואַקסן און ער האָט זיך געחידושט, וואָס עס וואַקסן נאָך אויף אים נישט קיין שוואָמען, אָבער ער האָט פאַרשלעפּט זיין הסכם, ריכטנדיק זיך, אַז אַ ליאַדע רגע קאָן פון סקשע־טוסקין אָנקומען אַ ידיעה.

—ער איז מוטיק, אָבער אויך געשיקט—האָט ער געענט־פערט אויף וואָלאָדיאָווסקיס טענות—לאָמיר נאָך וואַרטן אַ פּאָר טעג, ווייל אפשר וועט אָנקומען אַ בריוו און עס וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז אונזער גאַנצע עקספּעדיציע איז איבעריק?

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט אָנערקענט די ריכטיקייט פון דאָזיקן אַרגומענט און זיך באַוואָפנט מיט געדולד, הגם די צייט האָט זיך געשלעפּט וואָס אַמאָל פּאַמעלעכער. סוף דעצעמבער האָבן די פרעסט געמאַכט אַן עק אפילו צו די רציחות. אין דער סביבה איז געוואָרן רואיק. דער איינציקער צייט-פאַרטרייב זענען געווען די עפנטלעכע ידיעות, וועלכע האָבן זיך זייער אָפט אָפּגעשלאָגן אויף די גרענע אויערן פון זבאַראַזש.

מ'האָט געשמועסט וועגן דער קאָראָנאַציע און וועגן סיים און מכוח דעם, צי פירשט יערעמי וועט באַקומען די הויפּט-קאָמאַנדע, צו וועלכער ער איז מער פון אַלע אַנדערע מלחמה-מענער ראוי געווען. מען איז אויפגעבראַכט געוואָרן קעגן די, וועלכע האָבן געטענהט, אַז צוליב די אונטערהאַנדלונגען מיט כמעלניצקין קאָן נאָר איין קישעל עולה-לגדולה-זיין. וואָלאָדי-אָווסקי האָט צוליב דעם אַ פּאָר מאָל זיך געשלאָגן אויף דועלן — הער זאַגלאָבאַ האָט אַ פּאָר מאָל געהוליעט אויף סעודות — און ס'איז געווען אַ סכנה, אַז ער זאָל זיך אינגאַנצן נישט אַריינ-לאָזן אין שכרות, ווייל ער איז צוגעשטאַנען צו דער חברותא נישט בלויז פון אָפּיצירן און שלאַכטשיצעס, נאָר ער האָט זיך אויך נישט געשעמט אפילו צו גיין צו די שטאָט-לייט אויף טויף-סעודות, חתונות, נאָכזאָגנדיק שבחים באַזונדערס זייער מעד, מיט וועלכן זבאַראַזש האָט זיך קונה-שם געווען.

וואָלאָדיאָווסקי האָט אים דערפאַר אויסגעמוסרט, זאָגנדיק, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אַ שלאַכטשיץ זיך צו חברן מיט מענטשן פון נידריקער אָפּשטאַמונג, ווייל דערפאַר פאַלט דער דרך-ארץ פאַרן גאַנצן שטאַנד, אָבער זאַגלאָבאַ האָט געענטפערט, אַז שול-דיק דערין זענען די רעכט, וועלכע דערלאָזן, אַז דער בירגער-לעכער שטאַנד זאָל זיך דערשלאָגן צו אַזאַ עשירות און גדולה, צו וועלכע עס דאַרף זוכה זיין נאָר די שלאַכטע; ער האָט נביאות געזאָגט, אַז פון אַזעלכע גרויסע רעכט פאַר שפּלדיקע מענטשן קאָן קיין גוטס נישט אַרויסקומען, אָבער ער האָט דאָס זייניקע געטון. און ס'איז שווער געווען אים צו נעמען דאָס פאַר אומגוט אין דער צייט פון די טריבע ווינטער-טעג, אין

אַ ביס פון אומזיכערקייט, לאַנגווייליקייט און אויסקוקעניש:

ביסלעכווייז האָבן אָבער דעם פירשטס פּאָלקן וואָס אַמאָל אין אַ גרעסערער צאָל געגומען זיך צונויפקומען קיין זבאַראַזש, פון וואָס מ׳האָט געדרונגען אַ מלחמה אויף פרילינג. ביני-לביני זענען אָבער די הערצער באַלעבט געוואָרן מיט מוט. צווישן אַנדערע איז אויך אָנגעקומען הער פּאָדביפּיענטאַ מיט סקשעטוסקיס הוזאַרן-פּאָלק. ער האָט געבראַכט ידיעות וועגן דעם אומחן, וואָס מ׳האָט געוואָרפן אויפן פירשט אין הויף, און וועגן טויט פון הער יאַנוש טישקעוויטש, דעם קיעווער וואָיעוואָדע, וועמענס אָרט עס האָט לויט דער אַלגעמיינער מיינונג געזאָלט פאַרנומען ווערן דורך קישעלן, און צום סוף ווע׳ן דער שוועדער קרענק, וועלכע האָט אַוועקגעלייגט אין קראָקע דעם הער לאַשטש, דעם קרוין-וועכטער. וואָס שייך דער מלחמה האָט פּאָדביפּיענטאַ געהערט פון פירשט גופא, אַז זי וועט מסתמא ממילא אויסברעכן, ווייל די קאָמיסאַרן האָבן זיך שוין געלאָזט אין וועג אַריין מיט אינסטרוקציעס צו מאַכן די קאָזאַקן אַ׳ע מעגלעכע הנחות. הער פּאָדביפּיענטאַס דאָזיקן באַריכט האָבן ווישניאָוויעצקיס ריטער אויפגענומען מיט אַ טיפער אויפרעגונג, און הער זאַגלאָבאַ האָט פּאָרגעלייגט אַוועקצוטראָגן אַ פּראָטעסט אין דער פעסטונג און צו גרינדן אַ קאָנפעדעראַציע, ווייל, ווי ער האָט געזאָגט, וויל ער נישט, אַז זיין אַרבעט ביי קאָנסטאַנטינוו זאָל גיין לאיבוד.

אין אַזעלכע נייעס און אומזיכערקייט איז אַריבער דער גאַנצער פעברואַר און אַ העלפט מערץ—און פ׳ן סקשעטוסקין זענען אַלץ קיין ידיעות נישט געווען.

וואָלאָדיאָוואָסקי האָט ערשט רעכט גענומען פאַרלאַנגען אַרויסצופאָרן.

—שוין נישט די פירשטין, נאָר סקשעטוסקין—האָט ער געזאָגט—מוזן מיר זוכן.

דערווייל האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז הער זאַגלאָבאַ האָט געהאַט רעכט דערמיט, וואָס ער האָט פון איין טאָג אויפן אַנדערן אָפּגעלייגט די נסיעה, ווייל סוף מערץ איז אָנגעקומען

דער קאָזאַק זאַהאַר מיט אַ בריוו אַדרעסירט צו וואָלאָדיאָווסקין פון קיעוו. הער מיכאַל האָט תיכף געריפן זאַגלאָבאַן, און ווען זיי האָבן זיך פאַרמאַכט מיטן שליח אין אַ באַזונדערן חדר, האָט ער אויפגעריסן די חתימה און געלייענט אָט וואָס:

„איבערן דניעסטער, אַזש ביז צום יאַהאָרליק, האָב איך נישט אַנטדעקט קיין שום שפורן. אַזוי אָבער ווי איך האָב מיך משער געווען, אַז זי מוז זיין באַהאַלטן אין קיעוו, בין איך צוגעשטאַנען צו די קאָמיסאַרן, מיט וועלכע איך בין מיטגעפאָרן קיין פערעיאַסלאַוו. באַקומענדיק דאָרט אומגעריכט אַ רשות פון כמעלניצקין, בין איך אָנגעקומען קיין קיעוו און איך זוך דאָ אומעטום. דערביי איז מיר דער מעטראָפּאָליט אַליין בייהילפיק. פאַראַן דאָ א סך פון אונזערע מענטשן, וואָס ליגן באַהאַלטן ביי די שטאָט-לייט און אין די קלויסטערס, אָבער זיי לאָזן פון זיך נישט הערן, מחמת זיי האָבן מורא פאַרן המון, און דערפאַר איז שווער צו זוכן. גאָט האָט מיך געפירט און נישט בלויז באַשיצט, נאָר געמאַכט, אַז איך זאָל ביי כמעלניצקין נושא-חן זיין, איך האָף דעריבער, אַז ער וועט מיר אויך ווייטער העלפן און זיך דערבאַרעמען איבער מיר. קסיאָנדז מוכאָוויעצקין בעט איך מתפלל זיין פאַר מיר, אויך איר זייט מתפלל פאַר מיינעטוועגן. סקשעטוסקי.״

—געלויבט איז גאָט דער איינציקער!—האט וואָלאדיאָווסקי אויסגעשריגן.

—פאַראַן נאך אַ צושריפט—האט זאַגלאבאַ געזאגט, כאַפנדיק אַ קוק דורך הער מיכאַלס עלנבויגן.

—אמת!—האט דער קליינער ריטער געזאגט און ווייטער געלייענט.

„דער אפגעבער פון דאזיקן בריוו, עסאַול פון דער מירהאראדער אפטיילונג, האט מיך געהאַט אונטער זיין ערלעכער השגחה, ווען איך בין געווען געפאַנגען אין סיטש און אויך איצט אין קיעוו האט ער מיר געהאלפן און דעם בריוו אפטראגן זיך אונטערגענומען שטעלנדיק זיין לעבן אין סכנה, זע, הער מיכאַל, אַז עס זאל אים קיין זאַך נישט פעלן״.

—אַט אַן ערלעכער קאָזאַק, כאַטש איינער אַזעלכער!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט, דערלאַנגנדיק זאַהאַרן די האַנט.

דער אַלטער האָט זי געדריקט אָן הכנעה.

—דו וועסט זיכער באַלוינט ווערן!—האָט דער קליינער ריטער זיך אָנגערופן.

—ער איז אַ סאָקאָל—האָט דער קאָזאַק געענטפערט—איך האָב אים ליב, איך בין נישט צוליב גראָשנס געקומען אַהער.

אויך גאווה זע איך פעלט דיר נישט, אַ גאווה, וועל־כע נישט איין שלאַכטשיץ וואָלט זיך פאַרגינען צו פאַר־מאָגן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.—נישט בלויז בעסטיעס זענען פאַראַן צווישן אייך, נישט בלויז בעסטיעס! אָבער נישט דאָס איז דער עיקר! איז הער סקשעטוסקי, הייסט עס, אין קיעוו?

—יאָ.

—און באַוואָרנט איז ער, ווייל ווי איך הער, הוליעט דאָרט דער המון?

—ער וווינט ביים פּאָלקאָווניק דאָניעץ. אים וועט מען גאָרנישט טון, ווייל אונזער באַט׳קאָ כמעלניצקי האָט געהייסן דאָניעצן אים היטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

—אמתע נסים געשעען! פון וואַנען נעמט זיך צו כמעל־ניצקין אַזאַ גוט האַרץ פאַר סקשעטוסקין?

—ער האָט אים שוין פון לאַנג אָן ליב.

—און הער סקשעטוסקי האָט דיר געזאָגט, וואָס ער זוכט אין קיעוו?

—פאַרוואָס האט ער נישט געזאָלט זאָגן, אויב ער ווייס, אַז איך בין זיין פריינט, איך האָב געזוכט מיט אים אינאיינעם און באַזונדער—האָט ער דאָך געמוזט זאָגן, וואָס איך זאָל זוכן.

—אָבער איר האט ביז איצט נישט געפונען?

—מיר האָבן נישט געפונען. וויפיל ליאַכן עס זענען דאָרט פאַראַן, באַהאַלטן זיי זיך, איינער ווייס נישט פון צווייטן, דער־פאַר איז נישט לייכט צו געפינען. איר האָט געהערט, אַז דער המון באַגייט דאָרט רציחות, און איך האָב דאָס געזען, נישט בלויז די ליאַכן מאָרדן זיי, נאָר אויך די, וואָס באַהאַלטן זיי;

אפילו מאָנאַכן און מאָנאַשקעס. אין קלויסטער ביים „גוטן מי־קאָלאַי" זענען ביי די מאָנאַשקעס געווען צוועלף ליאַכקעס, האָט מען זיי צוזאַמען מיט די מאָנאַשקעס מיט רויך דערשטיקט, און יעדע פאָר טעג לויפן זיי זיך צוזאַמען איבער די גאַסן, כאַפּן און פירן אַוועק צום דניעסטער. העי, וויפיל זיי האָבן שוין דאָרט דערטרונקען...

—און אפשר האָבן זיי זי אויך דערהרגעט?

—אפשר זי אויך.

—ס'קאָן נישט זיין!—האט וואָלאדיאָווסקי איבערגעהאַקט—קוים האט זי באָהון דאָרט אַראָפּגעבראַכט, האט ער זי געמוזט באַוואָרענען.

—ווו קאָן שוין זיין זיכערער, ווי אין אַ קלויסטער, און פונדעסטוועגן שפּאַרט מען דאָרט אויך אַן.

—אוף!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—מיינט איר, זאַהאַר, אַז זי האָט געקאָנט אומקומען?

—איך ווייס נישט.

—אַ פּנים, אַז סקשעטוסקי האָט די האָפענונג נישט פאַרלוירן—האט זאַגלאָבאַ געזאָגט—גאָט האט אים אויסגעפּרווט, אָבער ער וועט אים טרייסטן. און איר, זאַהאַר, זענט שוין לאַנג אַוועק פון קיעוו?

—אוי, לאַנג, האַר. איך בין אַרויסגעפאָרן דעמאָלט, ווען די קאָמיסאַרן זענען צוריקוועגס נעבן קיעוו דורכגעפאָרן. אַ סך ליאַכן האָבן געוואָלט מיט זיי אנטלויפן, און זיי זענען אַנטלאָפן די אומגליקלעכע, ווי איינער האָט געקאָנט, איבער די שנייען, איבערן אייז, דורך וועלדער, זיי זענען געלאָפן קיין ביאַלאָגרודקאַ, און די קאָזאַקן האָבן זיי נאָכגעיאָגט און געשלאָגן. אַ סך זענען אַנטלאָפן, אַ סך זענען אומגעקומען—און אַ פאָר האט הער קישעל אויסגעקויפט פאַר דעם גאַנצן געלט, וואָס ער האט געהאַט.

—אָ, הינטישע נשמות! זענט איר געפאָרן מיט די קאָמיסאַרן?

—מיט די קאָמיסאַרן, אַזש ביז הושטשאַ, און פון דאָרט

קיין אָסטראָג. ווייטער בין איך שוין געפאָרן אַליין.

—זענט איר, הייסט עס, הער סקשעטוסקיס אַן אַלטער באַקאַנטער?

—אין סיטש האָב איך אים דערקענט און אַ פאַרווונדעטן געפֿלעגט, און דערנאָך ליב באַקומען ווי אַן אייגן קינד. איך בין אַלט און האָב נישט וועמען ליב צו האָבן.

זאַגלאָבאַ האָט אַ געשריי געטון אויפֿן דינער, געהייסן דערלאַנגען מעד און פלייש און זיי האָבן זיך געזעצט צום באַלכט-עסן. זאַהאַר האָט געגעסן מיט אַפעטיט, ווייל ער איז געווען מיד און הונגעריק, דערנאָך האָט ער גיריק איינגעטונקט די גראָע וואָנסעס אין דער טונקעלער פליסיקייט, האָט אויסגעטרונקען, זיך באַלעקט און געזאָגט:

—אַ פיינער מעד.

—בעסער פון דעם בלוט, וואָס איר טרינקט-האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—אָבער איך טראַכט מיר, אַז איר זענט אַ לייטישער מענטש און הער סקשעטוסקיס אַ גוטער פריינט, וועט איר זיך אודאי שוין מער נישט אומקערן צו די מורדים, נאָר בלייבן דאָ מיט אונז? אייך וועט שוין דאָ גוט זיין.

זאַהאַר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

—איך האָב אָפּגעגעבן דעם בריוו און וועל מיר גיין, איך בין אַ קאָזאַק—איך דאַרף זיך חברן מיט קאָזאַקן און נישט מיט ליאַכן.

—און איר וועט אונז שלאָגן?

—איך וועל. איך בין אַ קאָזאַק פון סיטש. מיר האָבן זיך באַט'קאַ כמעלניצקין אויסגעקליבן פאַר אַ העטמאַן, און איצט האָט אים דער קיניג צוגעשיקט אַ שטאַב און אַ פאָן.

—אָט האָסטו! הער מיכאַל—האָט זאַגלאָבאַ זיך אָנגערופן—האָב איך נישט געזאָגט, אַז מען זאָל פּראָטעסטירן?

—און פון וואָס פאַר אַ פּאָלק זענט איר?

—פון מירהאָראָדער, אָבער ער איז שוין נישטאָ.

—און וואָס איז פון אים געוואָרן?

—הער טשאַרנעצקיס ה'זאַרן האָבן אים בײַ די געלע

וואָכערן פּאַרטייקט. איצט בין איך בײַ דאָניעצן מיט די, וואָס זענען פאַרבליבן.—הער טשאַרנעצקי איז אַ פײַנער זעלנער, ער איז בײַ אונז אין געפאַנגענשאַפט—די קאָמיסאַרן האָבן פאַר אים געבעטן.

—מיר האָבן אויך אײַערע געפאַנגענע.

—אַזוי מוז טאַקע זײַן. אין קיעוו האָט מען געזאָגט, אַז דער בעסטער קאָזאַק איז בײַ די ליאַכן אין געפאַנגענשאַפט, הגם אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ער איז אומגעקומען.

—ווער דאָס?

—אוי, אַ באַרימטער אַטאַמאַן: באָהון.

—באָהון איז אין אַ דועל אומגעקומען.

—און ווער האָט אים דערהרגעט?

—אָט דער דאָזיקער ריטער—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט, אָנווייזנדיק אויף וואָלאָדיאָווסקין.

זאַהאַר, וועלכער האָט אין דער רגע אויסגעטרונקען די צווייטע קוואָרט מעד, האָט אויסגעגלאָצט די אויגן, זײַן פּנים האָט באַקומען אַן אַנדערע צורה, צום סוף האָט ער אַ שפּריץ געטון דורך די נאָזלעכער מיט דער פליסיקייט און געלעכטער אינאיינעם.

—דער דאָזיקער ריטער האָט דערהרגעט באָהונען?—האָט ער געפרעגט, פאַרקייכנדיק זיך פון געלעכטער.

—וואָס איז, צום טייוול!—האָט וואָלאָדיאָווסקי אויסגעשריגן, קנייטשנדיק די ברעמען—צופיל דערלויבט זיך דער דאָזיקער שליח!

—זײַ נישט אין כעס, הער מיכאַל—האָט זאַגלאָבאַ איבערגעהאַקט—דאָס איז ווייזט אויס אַ לײַטישער מענטש, און אויב ער קען זיך נישט אויף פּאָליטיק, איז ער דאָך דערפאַר אַ קאָזאַק, פון דער צווייטער זײַט, איז עס פאַר דיר נאָך אַ גרעסערער שבח, וואָס אויסזעענדיק אַזוי נעבעכדיק, האָסטו שוין אין לעבן באַוויזן אַזעלכע גרויסע גבורות. אַ גוף האָסטו אַ נישטיקן, דערפאַר אָבער איז דײַן נשמה אַ גרויסע. איך אַליין, בעדענקסט, ווי איך האָב דיך באַטראַכט נאָכן קאַמף, הגם כ'האָב

דעם קאַמף מיט די אייגענע אויגן געזען, ווייל ס'האט זיך מיר נישט געוואָלט גלויבן, אַז אַזאַ שנעק...

—לאָזט שוין צורו—האט וואָלאדיאָווסקי אַ ברום געטון.

—איך בין דאָך נישט דיין טאַטע, האָב-זשע אויף מיר נישט קיין פּאַראיבל, אָבער דאָס זאָג איך דיר, אַז איך וואָלט וועלן האָבן אַזאַ זון, און אויב דו ווילסט, וועל איך דיך אַדאָפּטירן. מיין גאַנץ פאַרמעגן וועל איך דיר פאַרשרייבן, ווייל ס'איז נישט קיין חרפּה צו זיין אַ גרויסער אין אַ קליינעם גוף. דער פירשט איז אויך נישט אַ סך גרעסער פון דיר, פונדעסטוועגן איז אַלעקסאַנדער פון מאַקעדאָניע נישט ראוי צו זיין זיין וואָפן-טרעגער.

—אָבער וואָס מיך פאַרדריסט—האָט געזאָגט וואָלאָדיאָווסקי, וואָס איז שוין אַ ביסל מילדער געוואָרן—איז טאַקע דאָס, וואָס פון סקשעטוסקיס דאָזיקן בריוו זעט מען קיין שום גוטס נישט אַרויס. דערפאַר, וואָס ער אַליין איז נישט אומגעקומען איבערן דניעסטער, גיב איך טאַקע אָפּ אַ לויב צו גאָט, אָבער די פירשטין האט ער ביז איצט נישט געפונען און ווער ווייסט ווער ווייסט, אַז ער וועט זי געפונען?

—אמת! אבער אויב גאָט האט אים דורך אונזערע הענט באַפרייט פון באַהונען און פון אַזוי פיל סכנות און מכשולים מציל געווען, אויב ער האט אפילו אין כמעלניצקיס פאַרשטיינערטן האַרץ אָנגעצונדן אַ משונהדיקע ליבע צו אים, האט ער דאָך דאס אַלץ באַוויזן נישט דערצו, אַז ער זאל פון יסורים און צער ווערן מאגער און דאַר. אויב אין דעם אַלעם זעסטו נישט, הער מיכאַל, קיין אצבע-אלהים, מוז דיין שכל זיין טעמפּער פון דיין שווערד—און באמת קאָן דאך קיינער נישט פאַרמאָגן אַלע מעלות אויף אַמאָל.

—איך זע דאס איינע—האט וואָלאדיאווסקי געענטפערט, באַוועגנדיק מיט די וואנסעלעך—אַז מיר האבן דארט גארנישט וואס צו טון און מוזן דא זיצן ביז מיר וועלן נישט פאַרפוילט ווערן אינגאַנצן.

—גיכער וועל איך פאַרפוילט ווערן, איידער דו, ווייל כ'בין עלטער, און דו ווייסט דאך, אַז אויך אַ רעטעך פוילט

און חלבֿ ווערט פֿאַרשטונקען פֿון אַלטקייט. לאָמיר בעסער דאַנקען גאָט, וואָס ער זאָגט צו צו מאַכן אַ סוף צו אונזער ווייטאָק. נישט ווייניק האָבֿ איך זיך אָנגעליטן צוליבֿ דער פּירשטין, אַ סך מער פֿון דיר, און נישט קיין סך ווייניקער פֿון סקשעטוסקין. ווייל זי איז מיין טאָכטער און כ'וואָלט זיכער אַ לייבלעכע טאָכטער נישט אַזוי ליבֿ געהאַט. מ'זאָגט אפילו, אַז זי איז אויף מיר ענלעך, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, אָבער איך האָבֿ זי אָן דעם אויך ליבֿ — און דו וואָלסט מיך נישט געזען נישט קיין פֿריילעכן און נישט קיין רואיקן, ווען איך וואָלט נישט במוח געווען, אַז אין גיכן וועט שוין קומען אַן עק צו אירע צרות. מאָרגן נעם איך זיך שרייבן אַ הימן, ווייל איך שרייבֿ זייער שיינע שירים, נאָר אין דער לעצטער צייט האָבֿ איך אַ ביסל פֿאַרלאָזט אַפּאָלאָן צוליבֿ מאַרסן.

— וואָס דאַרף מען דאָ רעדן וועגן מאַרסן! — האָט וואָלאָדיאָווסקי אויסגערופֿן — זאָל דער טייוול נעמען דעם דאָזיקן בוגד קישעל, אַלע קאָמיסאַרן און זייערע אונטערהאַנדלונגען! אויף פֿרילינג וועלן זיי מאַכן שלום, ווי צוויי מאָל צוויי איז פֿיר. הער פּאָדבּיפּיענטאַ, וועלכער האָט זיך געזען מיטן פּירשט, האָט איך דאָס אייגענע געזאָגט.

— הער פּאָדבּיפּיענטאַ איז אַ מבֿין אויף כּלל-זאַכן, ווי אַ קאָזע אויף פּעפּער. ער האָט דאָרט ביים הויף זיך גיכער געשאַרט צו יענעם שפּל-פֿויגל, איידער צו עפּעס אַנדערש, און ער האָט זיך געיאָגט נאָך איר, ווי אַ הונט נאָך אַ הון. הלוואי עמיצער אַנדערש זאָל זי אים אויסכאַפּן — אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. איך לייקן נישט, אַז קישעל איז אַ בוגד, ווייל וועגן דעם ווייס גאַנץ גוט די גאַנצע רעפּובליק, נאָר איך רעכן, אַז וואָס שייך די אונטערהאַנדלונגען איז נאָך קיין שום זאַך נישט קלאָר.

דאָ האָט זאַגלאָבאַ זיך געווענדט צום קאָזאַק.

— און וואָס, זאַהאַר, זאָגט מען ביי אייך — ס'וועט זיין שלום, אָדער מלחמה?

— ביז צו די ערשטע שפּראָצונגען וועט זיין רואיק, און

אין פרילינג וועט קומען אַ טויט אָדער אויף אונז, אָדער אויף די ליאַכן.

—טרייסט זיך, הער מיכאַל; איך האָב געהערט, אַז דער המון גריַט זיך אומעטום.

—ס׳וועט זיין אַ מלחמה, וואָס אַזעלכע איז נאָך נישט געווען—האָט זאַהאַר געזאָגט—ביי אונז זאָגט מען, אַז אויך דער טערקישער סולטאַן וועט קומען און דער כאַן מיט אַלע מחנות, און אונזער פריינט טוהאַי-בעי שטייט אין דער נאָענט און איז גאָרנישט געפאָרן אַהיים.

—טרייסט זיך, הער מיכאַל—האָט זאַגלאָבאַ איבערגעחזרט—ס׳איז אויך פאַראַן אַ נביאות וועגן נייעם קיניג, אַז זיין גאַנצע ממשלה וועט אַריבער אין מלחמות; גיכער פון אַלץ וועט מען נאָך אַ לאַנגע צייט די שווערד אין די שייד נישט אַריינלייגן. דער מענטש וועט פון כסדרדיקע מלחמות אויסגעריבן ווערן ווי אַ בעזעם פון כסדרדיקן קערן, אָבער אַזוי איז שוין דער גורל פון זעלנער. אַז עס וועט שוין אויסקומען זיך צו שלאָגן, זאָל-סטו זיך האַלטן נישט ווייט פון מיר, הער מיכאַל, און דו וועסט זיך צוקוקן צו שיינע זאַכן און זען, ווי אַזוי מיר האָבן מלחמה געהאַלטן אין די אַמאָליקע גוטע צייטן. גאָט מיינער! עס זענען שוין נישט דיזעלבע מענטשן פון די אַמאָליקע צייטן—און דו ביזט שוין אויך נישט אַזעלכער, הער מיכאַל, הגם דו ביזט אַ טיכטיקער זעלנער און הגם דו האָסט באַהונען אומגעבראַכט.

—איר האָט רעכט, האַר—האָט זאַהאַר געזאָגט—נישטאָ איצט די מענטשן פון אַמאָליקע צייטן...

דערנאָך האָט ער גענומען קוקן אויף וואָלאָדיאָיעווסקין און שאָקלען מיטן קאָפּ:

—אָבער אַז דער דאָזיקער ריטער זאָל האָבן באַהונען דערהרגעט—נאָ! נאָ!

# 20 קאַפּיטל.

דער אַלטער זאַהאַר איז צוריקגעפֿאָרן קיין קיעוו נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגערוט אַ פּאָר טעג, און דערווייל איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די קאָמיסאַרן זענען צוריקגעקומען נישט בלויז אָן גרויסע האָפֿנונגען אויף שלום, נאָר אפילו כמעט אָן גלויבן אין אַזאַ מעגלעכקייט. זיי האָבן נאָר באַוויזן אויסצופֿירן אַ וואָפֿן־שטילשטאַנד אַזש ביז צו די גרינגע חגאות פֿון די אוקראַינער, נאָך וועלכע עס האָט זיך געזאָלט צונויפֿקומען אַ נייע קאָמיסיע מיט אַ פֿולמאַכט צו אונטערהאַנדלונגען. אָבער כמעלניצקיס תביעות און בעדינגונגען זענען געווען אַזוי גרויס, אַז קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז די רעפּובליק זאָל אויף זיי קאָנען מסכּים זיין. עס האָבן זיך פֿוןביידע זייטן אָנגעהויבן געוואַלדיקע באַוואָפֿנונגען. כמעלניצקי האָט געשיקט איין שליח נאָכן צווייטן צום כאַן, אַז ער זאָל בּראש פֿון אַלע כּוחות אים איילן צו הילף; ער האָט אויך געשיקט קיין סטאַמבול, ווו עס האָט מצד דעם קיניג זייט אַ לענגערער צייט זיך אויפֿגעהאַלטן הער ביעטשינסקי — אין דער רעפּובליק האָט מען אַ ליאַדע רגע זיך געריכט אויף אַ באַפֿעל, אַז אַלע זאָלן זיך נעמען צום געווער. עס זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן דער באַשטימונג פֿון נייע מנהיגים: דעם קרוין־שענקער אָסטראָראָגן, לאַנצקאָראָנסקין און פֿירלעין, און וועגן פֿולשטענדיקן באַזייטיקן פֿון מיליטערישע ענינים יערעמין ווישניאָוויעצקין, וועלכער האָט בלויז בּראש פֿון אייגענע כּוחות געקאָנט ווייטער באַשיצן דאָס פֿאָטערלאַנד. נישט בלויז דעם פֿירשטס זעלבער, נישט בלויז די שלאַכטע פֿון רוס, נאָר אפילו די אָנהענגער פֿון די אַמאָליקע קאָמענדאַנטן זענען אויפֿגעבראַכט געוואָרן צוליב אַזאַ ווייל און אומחן, טענהנדיק מיט רעכט, אַז אויב דאָס האַלטן ווישניאָ-

וויעצקין פון דערוויטנס האט נאך געהאַט אַ פּאָליטישע באַרעכ-
טיקונג, כּל-זמן ס'איז געווען אַ האָפנונג אויף אונטערהאַנדלונגען,
איז אָבער דאָס באַזייטיקן אים אין פאַל פון אַ מלחמה געווען
אַ גרויסער פעלער נישט צום פאַרגעבן, ווייל נאָר ער אײנער
איז בכּוח געווען זיך צו פאַרמעסטן מיט כמעלניצקין און ביי-
צוקומען דעם דאָזיקן העלדישן מנהיג פון די מורדים. צום סוף
איז אויך דער פירשט אַליין אַראָפּגעקומען קיין זבאַראַזש, כּדי
דאָרט צונויפצוזאַמלען וואָס מער חייל און צו שטיין גרייט אויף
דער גרענעץ פון דער מלחמה. דער וואָפּנשטילשטאַנד איז גע-
ווען געשלאָסן, אָבער יעדע ווײַלע האט זיך אַרויסגעשטעלט,
אַז ער האָט נישט קיין ממשות. כמעלניצקי האָט אמת געהייסן
אומברענגען אַ פּאָר פּאָלקאָווניקעס, וועלכע האָבן נישט קוקנדיק
אויפן אָפּמאַך זיך דערלויבט צו באַפאַלן שלעסער און פּאָלקן,
וועלכע זענען געווען דאָ און דאָרט צעשפּרייט איבער די לאַ-
גערס, אָבער ער האָט נישט געקאָנט באַוועלטיקן די פינסטערע
מאַסן און די גרויסע צאָל לויזע באַנדעס, וועלכע האָבן וועגן
וואָפּנשטילשטאַנד אָדער נישט געהערט, אָדער נישט געוואָלט
הערן, אָדער נישט באַנומען אפילו די באַדייטונג פון דאָזיקן
וואָרט. זיי זענען איין מאָל נאָכן אַנדערן אַרייַנגעפאַלן אין די
גרענעצן, וואָס זענען געווען באַוואָרנט דורכן אָפּמאַך, ברעכנדיק
אויף אַזאַ אופן כמעלניצקיס אַלע הבטחות. פון דער צווייטער
זייט זענען די פּריוואַטע און מלוכה-חיילות, וועלכע האָבן זיך
געלאָזט יאָגן נאָך די רוצחים, אָפּט אַריבער דעם פּריפּעט און
האָרין אין קיעווער קאַנט, אַרייַנגעדרונגען טיף אין די בראַצ-
לאַווער וואָיעוואָדזטווע, דאָרט זענען זיי באַפאַלן געוואָרן דורך
די קאָזאַקן און געפירט מיט זיי פאָרמעלע קאַמפן, אָפּט זייער
בלוטיקע און פאַרביסענע. דאָס האָט געבראַכט צו כסדרדיקע
אָנקלאַגעס, פּוילישע און קאָזאַקישע, וועגן ברעכן דעם אָפּמאַך,
וועלכן קיינער איז אין תּוך גענומען נישט געווען בכּוח אָפּצו-
היטן. דער וואָפּנשטילשטאַנד האָט דעמאָלט עקזיסטירט אויף אַזוי
פיל, אויף וויפיל כמעלניצקי אַליין פון איין זייט, און דער קי-
ניג און די העטמאַנעס פון דער צווייטער זייט זענען נישט

אַרויס אין שלאַכט-פעלד—אָבער די מלחמה האָט זיך פאַקטיש שוין געהאַט צעפלאַקערט נאָך איידער די הויפט-כוחות האָבן זיך אַרויסגעלאָזט צום קאַמף און נאָך איידער די ערשטע וואַרעמע פרילינג-שטראַלן האָבן באַלויכטן ווי פריער די פלאַקערנדיקע דערפער, שטעטלעך, שטעט, שלעסער, באַשיינט די שחיטות און די מענטשלעכע ענויים.

עס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין די סביבה פון זבאַראַזש קאָזאַקן-מחנות פון באַר, כמיעלניק, מאַכנווקאַ, שעכטנדיק, ראַבירגדיק, ברענענדיק. זיי האָט יערעמי פאַרטיליקט דורך זיינע פּאָלקאָווניקעס, ווייל אַליין האט ער קיין אָנטייל נישט גענומען אין דער דאָזיקער קליינער מלחמה, ווילנדיק זיך אַרויסלאָזן מיט דער גאַנצער מלחמה ערשט דעמאָלט, ווען אויך די העטמאַנעס וועלן אַרויסמאַרשירן צו דער שלאַכט.

ער האָט דעריבער פאַנאַנדערגעשיקט פּאָרפּאָסטנס מיט באַפעלן, אַז זיי זאָלן צאָלן מיט בלוט פאַר בלוט, מיט תליות פאַר גזלות און רציחות. צווישן אַנדערע איז אַוועק הער לאָנגינוס פּאָדביפּיענטאַ און געקוילעט ביי טשאַרני אָסטראָוו, היות אָבער ווי ער איז געווען שרעקלעך נ ר אין דער שלאַכט, און מיט
א
די געפאַנגענע, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן מיט כלי-זיין אין די הענט, איז ער זיך באַגאַנגען צו מילד, האָט מען אים דערפאַר מער נישט געשיקט. באַזונדערס האט זיך אָבער אין אַזעלכע עקספּעדיציעס אויסגעצייכנט הער וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער האט אַלס פּאַרטיזאַנט נאָר אין איין ווירשולן געקאָנט געפינען אַ קאָנקורענט. וואָרום קיינער האט נישט דורכגעמאַכט אַזעלכע בליץ-שנעלע מאַרשן, קיינער האָט נישט געקאָנט אַזוי אומגעריכט באַפאַלן אַ שונא, אים צעקלאַפּן אין אַן אימהדיקן אָנפאַל, צעשפּרייטן אויף אַלע פיר זייטן, כאַפּן, אויסקוילן, הענגען. אינגיכן איז ער דורך זיינע גבורות געוואָרן אַ שם-דבר און פון דער צווייטער זייט אַ ליבלינג פון פירשט. פון סוף מערץ ביז אין די העלפט פון אַפּריל האט הער וואָלאדיאָווסקי אַליין פאַרטיליקט זיבן קאָזאַקישע הפקר-מחנות, וואָס יעדע פון זיי איז געווען דריי מאָל שטאַרקער פון זיין אָפּטיילונג, און ער איז

נישט מיד געוואָרן אין דער אַרבעט און אַרויסגעוויזן וואָס אַמאָל מער מוט, גלייך ווי ער וואָלט אים געשעפּט פון פאַרגאָסענעם בלוט.

דער קליינער ריטער, און גיכער דער קליינער שד, האָט שטאַרק צוגערעדט דעם הער זאַגלאָבאַ, אַז ער זאָל אים באַגלייטן אין די דאָזיקע עקספּעדיציעס, ווייל ער האט מער פון אַלץ ליב געהאַט זיין חברותא, אָבער דער געזעצטער שלאַכטשיץ האט זיך אָקעגנגעשטעלט אַלע אָנרעדענישן מיט פאָלגנדיקן תירוץ:

—אַ צו גרויסן בויך האָב איך, הער מיכאַל, פאַר די דאָזיקע טרייסלענישן און געראַנגלען, און אַ חוץ דעם טויג יעדער צו עפּעס אַנדערש. מיט הוזאַרן באַפאַלן אין מיטן העלן טאָג אַ געדיכטע מחנה פון שונאים, חרוב מאַכן לאַגערס, פאַרכאַפּן פאָנען—דאָס איז מיין עובדא, דערצו האָט מיך גאָט באַשאַפן און באַשטימט; אָבער דאָס יאָגן-זיך ביינאַכט, אין דערנערפּלאָנטער, נאָך רשעים—לאָז איך איבער פאַר דיר, ווייל דו ביזט גליטשיק ווי אַ נאָדל און שטופּסט זיך אומעטום לייכטער דורך. איך בין אַ ריטער פון אַלטן דור און וויל בעסער צעפליקן, אַזוי ווי דער לייב טוט, איידער זיך יאָגן, ווי אַ יאַגדהונט אין וואַלד. איבעריקנס, נאָכן אָוונט-געמעלק מוז איך גיין שלאָפן, ווייל דאָס איז מיין בעסטע צייט.

הער וואָלאָדיאָווסקי איז באין-ברירה געפאָרן אַליין און אַליין אָפּגעהאַלטן נצחונות. דאָס לעצטע מאָל איז ער אַרויסגעפאָרן סוף אַפּריל און אין טיטן מאַי איז ער אָבער צוריקגעקומען אַזוי נידערגעשלאָגן און אומעטיק, גלייך ווי ער וואָלט געליטן אַ מפלה און פאַרלוירן די מענטשן. אַזוי האָט זיך אפילו אַלעמען אויסגעדוכטן, אָבער דאָס איז געווען אַ פאַלשע מיינונג. אדרבא, אין דער דאָזיקער לאַנגער און שווערער עקספּעדיציע האָט וואָלאָדיאָווסקי אָנגעשפּאַרט אַזש ביז אויף יענע זייט אָסטראָג ביי האָלאָוויניאַ, און דאָרט האט ער פאַרטיליקט נישט אַ פּשוטע מחנה, וואָס איז באַשטאַנען פון המון, נאָר אַן אָפּטיילונג פון אַ פּאָר הונדערט זאַפּאָראָזשער, וואָס אַ העלפט פון איר

האָט ער אויסגעקוילעט און די צווייטע העלפט פאַרנומען איך געפּאַנגענשאַפט. נאָך מער חידוש איז דערפאַר געווען דער טי־פער צער, וואָס האט ווי אַ נעפּל באַדעקט זיין בטבע פריילעך פּנים. אַ סך האָבן באַלד געוואָלט וויסן די סבה דערפון, העד וואָלאדיאָווסקי האָט אָבער קיינעם קיין וואָרט נישט געזאָגט, און ווי נאָר ער איז אַראָפּ פון פערד, איז ער אַוועק אויף אַ לאַנגן שמועס צום פירשט אין דער באַגלייטונג פון צוויי אומבאַקאַנטע ריטער, און דערנאָך איז ער צוזאַמען מיט זיי געגאַנגען צום הער זאַגלאָבאַ, נישט פאַרהאַלטנדיק זיך אין ערגעץ, הגם די, וואָס זענען געווען להוט נאָך נייעס, האָבן אים אויפן וועג אָנ־געכאַפּט פאַרן אַרבל.

הער זאַגלאָבאַ האָט מיט אַ געוויסער פאַרוואונדערונג אַ קוק געטון אויף די צוויי ריזיקע פאַרשוינען, וועלכע ער האָט פריער קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געזען, און וואָס זייער הלבשה מיט די גאָלדענע שלייפלעך אויף די אָרעמס האט עדות גע־זאָגט, אַז זיי דינען אין דער ליטווישער אַרמיי. וואָלאָדיאָווסקי האט זיך אָנגערופן:

—פאַרמאַכט די טיר און הייסט קיינעם נישט אַריינלאָזן, ווייל מיר דאַרפן אַ שמועס־טון וועגן וויכטיקע ענינים.

זאַגלאָבאַ האט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דעם דינער און דערנאָך האָט ער גענומען אומרואיק קוקן אויף די אָנגעקומענע, דרינגנדיק פון זייערע פּנימער, אַז קיין גוטע בשורות האָבן זיי נישט אָנצוזאָגן.

—דאָס זענען—האט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף די יונגע לייט—די פירשטן בוליהאַ־קורצעוויטש: יור און אַנדזשעי.

—העלענאַס שוועסטער־קינדער!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגע־שריגן.

די פירשטן האָבן זיך פאַרנייגט און ביידע אויף אַמאָל אַ זאָג געטון:

—שוועסטער־קינדער פון דער פאַרשטאָרבענער העלענאַ.

זאַגלאָבאַס רויט פּנים איז אין איין רגע געוואָרן בלייך־

בלאָ; ער האָט מיט די הענט געגומען פּאַטשן די לופט, גלייך ווי אַ קויל וואָלט אים געטראָפן. ער האָט געעפנט דאָס מויל, נישט קאָנענדיק דעם אָטעם כאַפּן, האט אויסגעגלאָצט די אויגן און געזאָגט, אָדער בעסער: אַרויסגעקרעכצט:

—ס'טייטש?

—פאַראַן ידיעות—האט וואָלאָדיאָווסקי באַטריבט געענט־פערט—אַז די פירשטין איז אומגעקומען אין קלויסטער פון „גוטן מיקאָלאַי".

—דער פינסטערער המון האָט מיט רויך דערשטיקט אין אַ קאַמער צוועלף פרייליינס און בערך צוואַנציק מאָנאַשקעס, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען אונזער שוועסטער—האט הער יור צוגעגעבן.

זאַגלאָבאַ האָט דאָס מאָל מיט קיין וואָרט זיך נישט אָנגערופן, נאָר דאָס פּנים, וואָס איז פריער געווען בלאָ, איז אים אַזוי רויט געוואָרן, אַז די, וואָס זענען דערביי געווען, האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס בלוט זאָל אים נישט שלאָגן אין קאָפּ אַריין; ביסלעכווייז זענען אים די ברעמען אַראָפּגעפאַלן אויף די אויגן, דערנאָך האט ער זיי פאַרשטעלט מיט די הענט, און פון מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ נייער קרעכץ:

—וועלט! וועלט! וועלט!

און די פירשטן און וואָלאָדיאָווסקי האָבן גענומען קלאָגן:

—אָט זענען מיר זיך צונויפגעקומען קרובים און פריינט, און געוואָלט קומען דיר, באַחנט מיידל, צו הילף—האט דער יונגער ריטער, כּסדר קרעכצנדיק געזאָגט—אָבער מיר זענען אפנים מיט דער הילף געקומען צו שפּעט. צו וואָס טויג אונזער גוטער ווילן, צו וואָס טויגן אונזערע שווערדן און גבורה, אַז דו ביזט שוין אויף אַן אַנדערער, בעסערער וועלט, צווישן די הויף-דאַמען פון דער הימלישער מלכּה.

—שוועסטער!—האָט אויסגערופן דער ריזיקער יור, ווען דער צער האָט אויפסניי אַ ריס-געטון ביי די האָר—פאַרגיב אונז אונזערע זינד, און מיר וועלן פאַר יעדן טראָפּן פון דיין בלוט אַ גאַנצן עמער אויסגיסן.

—אַזוי זאָל אונז גאָט העלפֿן!—האָט אַנדזשעי צוגעגעבן.

און ביידע מענער האָבן אויסגעשטרעקט די הענט צום הימל, זאַגלאָבאַ ווידער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער באַנק, האָט געמאַכט אַ פּאָר שריט צום טאַפּטשאַן, האָט זיך אַ וואַקלגעטון ווי אַ שכּור און געפֿאַלן אויף די קני פֿאַרן בילד.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך אויפֿן שלאָס אָנגערופֿן די גלאָקן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט מיטאָג-צײַט און געקלונגען אַזוי אומעטיק, ווי לויה-גלאָקן.

—זי איז שוין נישטאָ, נישטאָ!—האָט וואָלאָדיאָווסקי ווידער געזאָגט—די מלאָכים האָבן זי גענומען אין די הימלען אַרײַן, איבערלאָזנדיק אונז טרערן און קרעכצן.

אַ שלוכצן האָט אויפֿגעטרייסלט הער זאַגלאָבאַס דיקן גוף און אים געטרייסלט, און זיי האָבן אַלץ געקלאָגט און די גלאָקן האָבן געקלונגען.

צום סוף האָט זאַגלאָבאַ זיך באַרויִקט—מ׳האָט אַפֿילו תּחילת געמיינט, אַז מיד פֿון ווייטאָק איז ער קניִענדיק אַנטשלאָפֿן געוואָרן, אָבער אין אַ געוויסע צײַט אַרום איז ער אויפֿגעשטאַנען און זיך געזעצט אויפֿן טאַפּטשאַן; אָבער דאָס איז שוין געווען אַ גאַנץ אַנדערער מענטש: זײַנע אויגן זענען געווען רויט און פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט, דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט, די אונטערשטע ליפּ האָט אים אַראָפּגעהאָנגען אַזש אויף די באָרד, אויפֿן פּנים האָט זיך אים אויסגעלייגט אַן אָפּהענטיקייט און אַ פֿאַרעלטערטקייט—אַזוי, אַז מ׳האָט באמת געקאָנט מיינען, אַז דער אַמאָליקער הער זאַגלאָבאַ, דער גדלות־דיקער, אויפֿגערוימטער, מוטיקער זאַגלאָבאַ, איז געשטאָרבן, און פֿאַרבליבן איז נאָר אַ זקן, אַ צוגעדריקטער און נידערגעשלאָגענער פֿון טיפֿן עלטער.

מיט אַמאָל איז נישט קוקנדיק אויפֿן פּראָטעסט פֿון דינער, וואָס האָט געהיטן די טיר, אַרײַן הער פּאָדביפּיענטאַ און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ קלאָגעניש און אַ באַוויינעניש; דער ליטווינער האָט דערמאַנט ראָזלאָגי און דאָס ערשטע באַגעגעניש מיט דער פֿירשטין, איר זיסן חן, יונגקייט און שיינ-

קייט, צום סוף האָט ער דערמאַנט, אַז עס איז פאַראַן עמיצער, וואָס איז אומגליקלעכער פון זיי אַלע, דאָס הייסט דער חתן, הער סקשעטוסקי—און ער האט געגומען וועגן אים אויספרעגן דעם קליינעם ריטער.

—סקשעטוסקי איז געבליבן ביים פירשט קאָרעצקי אין קאָרעץ, ער איז געקומען אַהין פון קיעוו און ליגט דאָרט קראַנק, נישט וויסנדיק וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט—האָט הער וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—אפשר איז נויטיק, אַז מיר זאָלן צו אים פאָרן?—האָט דער ליטווינער געפרעגט.

—נישטאָ נאָך וואָס צו פאָרן אַהין—האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט.—דעם פירשטס דאָקטאָר איז ערוב פאַר זיין געזונט; פאַראַן דאָרט הער סובאָדאָלסקי, פירשט דאָמיניקס פאָלקאָווניק, אָבער סקשעטיסקיס גרויסער פריינט, פאַראַן אויך אונזער אַלטער זאַטשווילִיכאָווסקי; ביידע האַלטן אים אונטער זייער השגחה און שוץ. קיין שום זאַך פעלט אים נישט, און דאָס, וואָס ער ליגט אָן חושים, איז פאַר אים נאָך בעסער.

—אָ מעכטיקער גאָט!—האָט דער ליטווינער געזאָגט—האָט איר געזען סקשעטוסקין מיט די אייגענע אויגן?

—געזען, אָבער אַז מען וואָלט מיר נישט געזאָגט, אַז דאָס איז ער, וואָלט איך אים נישט געווען דערקענען, אַזוי פאַרענדערט האָבן אים די יסורים און קרענק.

—און ער האָט אייך דערקענט?

—מסתמא האָט ער דערקענט, הגם ער האָט גאָרנישט געזאָגט, ווייל ער האָט געשמייכלט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. און מיך האט אָנגענומען אַזאַ ווייטאָק, אַז כ'האָב לענגער נישט געקאָנט בלייבן. פירשט קאָרעצקי וויל גיין אַהער קיין זבאַראַזש מיט די פאָלקן, זאַטשווילִיכאָווסקי וועט גיין צוזאַמען מיט אים, און אויך הער סובאָדאָלסקי שווערט, אַז ער וועט זיך לאָזן אין וועג אַריין, ווען אפילו פירשט דאָמיניק זאָל אים באַפעלן דעם היפך. זיי וועלן אויך ברענגען אַהער סקשעטוסקין, אויב ער וועט די קרענק איבערקומען.

—און פון וואַנען האָט איר די ידיעות וועגן טויט פון דער פירשטין?—האָט הער לאַנגינוס ווייטער געפרעגט—האָבן נישט די דאָזיקע ריטער זיי געבראַכט?—האָט ער צוגעגעבן, אָנווייזנדיק אויף די פירשטן.

—ניין. די דאָזיקע ריטער האָבן דורך אַ טראַף וועגן אַלץ זיך דערוווּסט אין קאָרעץ, וווּהין זיי זענען געקומען מיט פּאַר-שטאַרקונגען פון ווילנער וואָיעוואָדע, און אַהער זענען זיי גע-קומען מיט מיר, ווייל אויך צו אונזער פירשט האָבן זיי גע-האַט בריוו פון וואָיעוואָדע.

—דאָס ווייסן מיר אויך שוין, אָבער זאָגט מיר, ווער עס האָט אייך געזאָגט וועגן טויט פון דער פירשטין?

—געזאָגט האָט מיר זאַטשווילײַכאָווסקי, און ער ווייס פון סקשעטוסקין. סקשעטוסקין האָט כמעלניצקי געגעבן רשות צו זוכן אין קיעוו די פירשטין און דער מיטראָפּאָליט אַליין זאָל אים האָבן געהאָלפן. זיי האָבן געזוכט דער עיקר איבער די קלויסטערס, ווייל אַלע אונזעריקע, וואָס זענען פאַרבליבן אין קיעוו, האָבן זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן געמיינט, אַז מסתמא האָט באָהון באַהאַלטן די פירשטין אין איינעם פון די קלויסטערס. זיי האָבן געזוכט, געזוכט און געווען פול מיט בטחון הגם זיי האָבן געוווּסט, אַז דער המון האָט אין קלויס-טער פון „גוטן מיקאָלאַי" דערשטיקט מיט רויך צוועלף פריי-ליינס. דער מעטראָפּאָליט אַליין האָט פאַרזיכערט, אַז אויף באַ-הונס כלה וואָלטן זיי זיך נישט געוואָרפן, אָבער אַרויסגעשטעלט האָט זיך גאָר עפּעס אַנדערש.

—איז זי, הייסט עס, געווען ביים „גוטן מיקאָלאַי"?

—יאָ. סקשעטוסקי האָט אין איין קלויסטער געטראָפן דעם הער יאָאַכים יערליטש, וואָס האָט זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן, און אַזוי ווי ער האָט אַלעמען וועגן דער פירשטין אויסגעפרעגט, האָט ער אויך אים געפרעגט; און הער יערליטש האָט אים גע-זאָגט: אַלע פריילינס, וואָס זענען דאָ געווען, האָבן די קאָ-זאַקן פריער צוגענומען צו זיך, נאָר ביים „גוטן מיקאָלאַי" זע-

נען פאַרבליבן צוועלף פרייליינס, וועלכע מ'האָט שפּעטער דערשטיקט מיטן רויך—און צווישן זיי האָט אויך געזאָלט זיין פרייליין קורצעוויטש. צוליב דעם אָבער, וואָס הער יערליטש לײַדט פון אַ פאַרפאָלגונגס-משוגעת און פון כּסדרדיקער שרעק ווייס ער כּמעט נישט וואָס עס טוט זיך מיט אים, האָט סקשעטוסקי אים נישט געגלויבט און איז באַלד צום צווייטן מאָל געלאָפן אין קלויסטער פון „גוטן מיקאָלאַי" פרעגן נאָכאַמאָל. צום אומגליק אָבער האָבן די מאָנאַשקעס, וואָס דריי פון זיי זענען אויך דערשטיקט געוואָרן אין דער זעלבער קאַמער, נישט געוווּסט קיין נאָמען, ווען אָבער סקשעטוסקי האָט זיי אָפּגעמשלט, ווי די פירשטין האָט אויסגעזען, האָבן זיי געזאָגט, אַז אַזאַ מיידל איז דאָרט געווען. דעמאָלט איז סקשעטוסקי אַרויסגעפאָרן פון קיעוו און באַלד קראַנק געוואָרן.

—אַ חידוש, וואָס ער לעבט נאָך.

—ער וואָלט אודאי געשטאָרבן, ווען נישט יענער אַלטער קאָזאַק, וועלכער האָט איבער אים געהאַט השגחה בעת דער געפאַנגענשאַפט אין סיטש, און איז דערנאָך געקומען אַהער מיט בריוו פון אים, און צוריקקערנדיק האט ער אים ווידער געהאָלפן זוכן. ער האט דאָס אים אַוועקגעפירט קיין קאָרעץ און איבערגעגעבן אין הער זאַטשווילכאָווסקיס הענט.

—זאָל אים גאָט שיצן, ווייל ער וועט זיך שוין קיינמאָל מער נישט טרייסטן—האָט לאָנגינוס געזאָגט.

הער וואָלאָדיאָווסקי איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ טויטשטילקייט האט געהערשט צווישן אַלע. די פירשטן האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף די אָרעמס און געזעסן אָן באַוועגונג מיט געקנייטשטע ברעמען; פּאָדביפּיענטאַ האָט אויפגעהויבן די אויגן אין די הויך, און הער זאַגלאָבאַ האט אָנגעשטעלט זיין פאַרגליווערטן בליק אויף די אַקעגנאיבערדיקע וואַנט, גלייך ווי ער וואָלט געווען פאַרזונקען אין דער טיפסטער פאַרטראַכטונג.

—כאַפּט זיך אויף!—האָט וואָלאַדיאָווסקי צו אים געזאָגט, טרייסלענדיק אים פאַרן אָרעם.—וועגן וואָס טראַכט איר אַזוי?

איר וועט שוין גאָרנישט אויסטראַכטן און אַלע אייערע המצאָו־ וועלן נישט האָבן קיין פעולה.

—איך ווייס עס—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט מיט אַ גע־ בראָכענער שטים—אָבער איך טראַכט, אַז איך בין אַלט און האָב נישט וואָס צו טון אויף דער וועלט.

# 21 קאַפּיטל

—שטעלט זיך פאָר—האָט וואָלאָדיאָווסקי מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער געזאָגט צו לאָנגינען—אַז דער דאָזיקער מענטש האָט זיך אין איין שעה אַזוי פאַרענדערט, גלייך ווי ער וואָלט עלטער געוואָרן מיט צוואַנציק יאָר. אַזאַ לוסטיקער, אַזאַ באַריידעוודיקער, אַזאַ רייכער אין המצאות, אַז ער האָט אין זיי אוליסעסן אַליין אַריבערגעשטיגן, און איצט לאָזט ער די פּאַרע פון מויל נישט אַרויס, נאָר גאַנצע טעג דרעמלט ער, קלאָגט זיך אויף אַלטקייט און רעדט ווי פון שלאָף. כ'האָב געוווּסט, אַז ער האט זי ליב געהאַט, אָבער כ'האָב זיך נישט געריכט, אַז ביז אַזאַ מדרגה.

—וואָס איז דען דער חידוש—האָט דער ליטווינער געענטפערט מיט אַ קרעכץ—ער איז באַזונדערס שטאַרק געוואָרן צו איר צוגעבונדן, ווייל ער האָט זי אַרויסגעריסן פון באָהונס הענט און איז צוליב איר אויסגעשטאַנען אַזוי פיל סכנות און צרות, ווען ער איז מיט איר אַנטלאָפן. כּל-זמן עס איז געווען אַ האָפנונג, האָט ער געפונען מוט און קראַפט אין זיינע המצאות און ער האט זיך געהאַלטן אויף די פיס, און איצט האָט ער שוין באמת נישט וואָס צו טון אויף דער וועלט, ווייל ער איז פאַרבליבן איינזאַם און האָט נישט מיט וועמען זיין האַרץ צו פאַרבונדן.

—כ'האָב שוין געפּרוווט אויך צו טרינקען מיט אים, ווייל כ'האָב געהאָפט, אַז די משקה וועט אים צוריקקערן זיין אַמאָליקע אויפגעראַמטקייט—אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן! טרינקען טרינקט ער, אָבער ער חכמהט זיך נישט ווי אַמאָל, דערציילט נישט וועגן זיינע גבורות, נאָר וויינט און קלאָגט, דערנאָך הענגט ער אַראָפּ דעם קאָפּ אויפן בויך און שלאָפט.

איך ווייס שוין נישט, צי אפילו הער סקשעטוסקי איז מער פאַרצווייפלט פון אים.

—ס'איז אַ גרויסער שאָד, ווייל ער איז פּאָרט געווען אַ גרויסער ריטער! לאָמיר גיין צו אים, הער מיכאַל. ער האָט געהאַט אַ טבע חוזק צו מאַכן פון מיר און מיך צו טשעפּען. אפשר וועט אים איצט אויך אנכאַפּן אַ חשק דערצו. גאָט מיינער, ווי מענטשן ענדערן זיך דאָס! אַזאַ פריילעכער מענטש געווען!

—לאָמיר גיין—האט הער וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—ס'איז שוין שפּעט, אָבער אים איז באַזונדערס שווער אין אָוונט, ווייל נאָכדעם ווי ער דרעמלט אַ גאַנצן טאָג, קאָן ער ביינאַכט נישט שלאָפן.

אַזוי רעדנדיק זענען זיי ביידע אַוועק אין קוואַרטיר פון הער זאַגלאָבאַן, וועלכן זיי האָבן געטראָפן אַ זיצנדיקן ביים אָפענעם פענסטער, מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט. ס'איז שוין געווען שפּעט; אין שלאָס האט אויפגעהערט יעדע באַוועגונג, נאָר די וואַכן האָבן זיך איבערגערופן מיט אויסגעצויגענע שטימען, און אין די געוויקסן-פלאַנטערס, וואָס טיילן אָפּ דעם שלאָס פון דער שטאָט, האָבן די שפּיל-פייגל אַרויסגעשאָטן זייערע פייפנדיקע, קנאַקנדיקע נאַכט-טרעלן אין אַזאַ שפע, ווי די טראָפּנס פון אַ גאַס-רעגן אין פרילינג. דורכן אָפענעם פענסטער איז אַריינגעדרונגען די וואַרעמע מאַי-לופט און די העלע לבנה-שטראַלן, וועלכע האָבן באַלויכטן הער זאַגלאָבאַס אומעטיק פּנים און זיין גאָלן קאָפּ, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען אויף דער ברוסט.

—אַ גוטן אָוונט אייך—האבן ביידע ריטערס געזאָגט.

—אַ גוטן אָוונט—האט זאַגלאָבאַ געענטפערט.

—וואָס שטייט איר אַזוי פאַרטראַכט ביים פענסטער און גייט נישט שלאָפן?—האט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

זאַגלאָבאַ האט אַ זיפץ געטון.

—ווייל עס נעמט מיך נישט קיין שלאָף—האט ער געענטפערט מיט אַ פוילער שטים—מיט אַ יאָר צוריק, בין איך

אַנטלאָפן מיט איר ביים קאַהאמליק פון באָהונען און אויך דע־מאָלט האָבן די פייגל אונז אַזוי צוגעצוויטשערט, און ווו איז זי איצט?

—גאָט האט אַזוי געוואָלט—האט האָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—צו אונזער צער און ווייטאָק, הער מיכאַל! נישטאָ שוין פאַר מיר קיין נחמה.

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן—נאָר דורכן אָפענעם פענס־טער האָבן זיך וואָס אַמאָל הילכיקער דערטראָגן די טרעלן פון די שפיל־פייגל, מיט וועלכע יענע גאַנצע נאַכט האָט אויסגע־וויין צו זיין איבערפולט.

—אָ גאָט, גאָט!—האט זאַגלאָבאַ אָפגעזיפצט—פונקט אַזוי ווי ביים קאַהאמליק!

הער לאָנגינוס האט אָפגעטרייסלט אַ טרער פון די וואָנ־סעס, און דער קליינער ריטער האט אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט:

—עי, ווייסט איר וואָס? פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע דעם ווייטאָק און טרינקט מיט אונז מעד, ווייל קיין בעסערע רפואה אויף עגמת־נפש איז נישטאָ. מיר וועלן ביי אַ כוסע זיך פאַנאַנ־דערשמועסן וועגן די בעסערע צייטן.

—איך וועל טרינקען—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט מיט יאוש.

וואָלאָדיאָווסקי האָט געהייסן דעם דינער ברענגען ליכט און אַ פלאַש מעד, און דערנאָך ווען זיי האָבן זיך געזעצט טרינקען האָט ער, ווייסנדיק, אַז די זכרונות מונטערן מער פון אַלץ אויף דעם הער זאַגלאָבאַ, געפרעגט:

—איז שוין, הייסט עס, אַ יאָר, ווי איר זענט מיט דער פאַרשטאָרבענער אַנטלאָפן פון ראָזלאָגי פאַר באָהונען?

—אין מאַי איז עס געווען, אין מאַי—האָט זאַגלאָבאַ גע־ענטפערט—מיר זענען אַריבערגעגאַנגען דעם קאַהאמליק און גע־וואָלט אַנטלויפן קיין זלאָטאָנאָשאַ. אוי, שווער אויף דער וועלט!

—און זי איז געווען פאַרשטעלט?

—פאַר אַ קאָזאַקל. די האָר אירע האָב איך איר, דער אָרעמער מיידער, געמוזט אָפשניידן מיט דער שווערד, כדי מען

זאָל זי נישט דערקענען. איך ווייס, ווו איך האָב זיי צוזאַמען מיט דער שווערד פאַרגראָבן.

— אַ זיס מיידל איז דאָס געווען! — האָט לאָנגינוס זיך אָנגערופן מיט אַ קרעכץ.

— איך זאָג אייך, מיינע הערן, אַז איך האָב זי פון ערשטן טאָג אָן אַזוי ליב באַקומען, גלייך ווי איך וואָלט זי פון קינדהייט אָן אויפגעהאָדעוועט. און זי האָט נאָר די הענטלעך פאַר מיר צונויפגעלייגט און געדאַנקט, געדאַנקט פאַר די הילף און שוץ. בעסער וואָלט מען מיך דערהרגעט, איידער איך האָב דערלעבט דעם היינטיקן טאָג. הלוואי וואָלט איך עס נישט דערלעבט!

דאָ זענען די ריטערס ווידער אַנטשוויגן געוואָרן און אַלע דריי האָבן געטרונקען מעד צונויפגעמישט מיט טרערן — דערנאָך האָט הער זאַגלאָבאַ ווייטער געזאָגט:

— כ'האָב געמיינט, אַז נעבן זיי וועל איך זיך רואיק דערוואַרטן אויף די עלטער, און איצט...

דאָ האָט ער הילפלאָז די הענט אַראָפּגעלאָזט.

— נישטאָ קיין נחמה, נישטאָ קיין נשמה, סיידן אין קבר.

דערווייל, נאָך איידער הער זאַגלאָבאַ האָט די לעצטע ווערטער פאַרענדיקט, איז אין פאָדער-הויז געוואָרן אַ גערודער; עמיצער האָט געוואָלט אַריינגיין און דער דינער האָט נישט געלאָזט; עס איז אַנטשטאַנען אַ הויך אַמפּערניש, אין וועלכן עס האָט זיך דעם הער וואָלאָדיאָווסקין געדוכטן, אַז ער הערט עפּעס אַ באַקאַנטע שטים, ער האָט דעריבער אַ רוף-געטון דעם דינער און געהייסן אים אַריינלאָזן.

דערנאָך האָט זיך די טיר געעפנט און עס האָט זיך אין איר באַוויזן דאָס רויטע פּנים פון זשענדזשאַנען, וועלכער האָט אַ קוק געטון אויף די זיצנדיקע, זיך פאַרנייגט און געזאָגט:

— זאָל זיין געלויבט יעזוס קריסטוס!

— אויף אימער און אייביק! — האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט — דאָס איז דאָך זשענדזשאַן.

— איך בין עס טאַקע — האָט דאָס ייִנגל געענטפערט — און

איך נייג זיך פאַר אייך ביז צו די קני. און ווו איז מיין האַר?

—דיין הער איז אין קאָרעץ. ער איז קראַנק.

—אָ גאָט! וואָס זאָגט איר? איז ער, חס וחלילה, שווער קראַנק?

—ער איז געווען שווער קראַנק, און איצט איז אים שוין בעסער. דער דאָקטאָר זאָגט, אַז ער וועט זיין געזונט.

—ווייל איך בין געקומען אַהער צו מיין האַר מיט ידיעות וועגן פריילין.

דער קליינער ריטער האָט גענומען מרה-שחורהדיק שאָקלען מיטן קאָפּ.

—אומזיסט האָסטו זיך געאיילט, ווייל הער סקשעטוסקי ווייס שוין וועגן איר טויט און מיר באַוויינען זי דאָ מיט ביטערע טרערן.

זשענדזשאַנט אויגן זענען כמעט אינגאַנצן אַרויסגעקראָכן פון די לעכער.

—געוואַלד ראַטעוועט! וואָס הער איך? דאָס פריילין איז געשטאָרבן?

—נישט געשטאָרבן, אין קיעוו דורך די רוצחים דערהרגעט געוואָרן.

—אין וואָס פאַר אַ קיעוו, וואָס רעדט איר?

—וואָס הייסט, אין וואָס פאַר אַ קיעוו, קענסטו דען נישט קיעוו?

—געדענקט אין גאָט, איר מוזט טרייבן קאַטאָוועס! וואָס האָט זי געהאַט צו טון אין קיעוו, בעת זי איז גאָר אין הייל ביי דער וואָלאָדינקאַ נישט ווייט פון ראַשקוּוו באַהאַלטן? און די מכשפה האָט באַקומען אַ באַפעל אַז ביז באָהון וועט נישט צוריקקומען זאָל זי זיך אויף אַ שריט פון אָרט נישט רירן. ווי גאָט איז מיר ליב, נישט אַנדערש, נאָר עס קומט אויס דאָ משוגע צו ווערן!

—וואָס פאַר אַ מכשפה, וועגן וואָס רעדסטו דען?

—האָרפּינאַ, איך קען דאָך גוט די דאָזיקע ריזן-מויד.

הער זאַגלאָבאַ האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעשטעלט פון

דער באַנק און גענומען קלאַפּן מיט די הענט, ווי אַ מענטש, וואָס איז אַריינגעפאלן אין אַ טיפן גרוב און וויל זיך אַרויסראַטעווען.

—איך באַשווער אייך ביים גאָט! שווייגט!—האָט ער געזאָגט צו וואָלאָדיאָווסקין—לאָזט מיך פרעגן!

די ביי־געוועזענע זענען אַזש פּאַרציטערט געוואָרן, אַזוי בלייך איז זאַגלאָבאַ געווען; אַ שווייס האט אים אַרויסגעשלאָגן אויפן גאָלן קאָפּ, ער איז דורך דער באַנק אַ שפּרונג געטון צו זשענדזשאַנען און אָנכאַפּנדיק דאָס ייִנגל פאַר די אָרעמס, האט ער געפרעגט מיט אַ הייזעריקער שטים:

—ווער האט דיר דאָס געזאָגט, אַז זי... איז ביי ראַשקווו באַהאַלטן?

—ווער האָט געזאָלט זאָגן? באָהון!

—פויער, ביזט משוגע געוואָרן?!—האט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן, טרייסלענדיק דאָס ייִנגל ווי אַ באַרן־בוים—וואָס פאַר אַ באָהון?

—אָ גאָט מיינער!—האָט זשענדזשאַן אויסגערופן,—וואָס טרייטלט אַזוי דער האַר? זאָל דער האַר מיך אָפּלאָזן, זאָל ער מיך לאָזן קומען צו זיך, ווייל איך בין פאַרחושט געוואָרן. דער האַר וועט מיר נאָך איינגאַנצן צעמישן דעם מוח. וואָס פאַר אַ באָהון זאָל עס דען זיין? קען אים דען דער האַר נישט?

—רעד, ווייל איך שטעך דיך מיט אַ מעסער!—האט זאַגלאָבאַ געשריגן—ווו האָסטו באָהונען געזען?

—אין וואָלאָדאַיווען! וואָס ווילן די האַרן פון מיר?—האט געשריגן דאָס איבערגעשראָקענע ייִנגל—וואָס בין איך דען אַ רוצח...

זאַגלאָבאַ איז אַראָפּ פון זינען, ס'האָט אים אויסגעפעלט אָטעם און ער איז סאָפּנדיק געפאַלן אויף די באַנק; הער מיכאַל איז אים געקומען צו הילף:

—ווען האָסטו באָהונען געזען—האט ער זשענדזשאַנען געפרעגט.

—מיט דריי וואָכן צוריק.

—לעבט ער גאָר?

—פאַרוואָס זאָל ער נישט לעבן; ער האט מיר אַליין דער-ציילט, ווי אַזוי דער האַר האָט אים צעהאַקט, אָבער ער האט זיך אַרויסגעדרייט...

—און ער האט דיר געזאָגט, אַז דאָס פריילין איז בײַ ראַשקווו?

—אודאי ער?

—העי, זשענדזשאַן, דאָ האַנדלט עס זיך וועגן לעבן פון דיין האַר און פון פריילין! צי האט דיר באַהון אַליין געזאָגט, אַז זי איז נישט געוועזן אין קיעוו?

—מיין האַר, ווי אַזוי האט זי געזאָלט זיין אין קיעוו, אַז ער האט זי גאָר באַהאַלטן ביי ראַשקווו און האָרפּינאַן צָבּ געזאָגט דאָס לעבן, אַז זי זאָל זי נישט אַוועקלאָזן, און איצט האט ער מיר געגעבן זיין צייכן און זיין רינג, אַז איך זאָל פאָרן אַהין צו איר, ווייל אים האבן זיך די ווונדן געעפנט און ער מוז ליגן און ווייס נישט ווי לאַנג.

זשענדזשאַנס ווייטערדיקע ווערטער האט איבערגעהאַקט הער זאַגלאָבאַ, וועלכער האט זיך אויפסניי אויפגעכאַפּט פון דער באַנק און אָנכאַפּנדיק זיך מיט ביידע הענט פאַר דער רעשט האָר, האט ער גענומען שרייען ווי אַ מטורף:

—מיין טעכטערל לעבט! מ׳האָט זי אין קיעוו נישט דער-הרגעט? זי לעבט, זי לעבט, די ליבסטע מיינע!

און דער אַלטער האָט געטופּעט מיט די פיס, געלאַכט, געכליפּעט, צום סוף האט ער זשענדזשאַנען אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ, אים צוגעדריקט צו דער ברוסט און גענומען אַזוי קושן, אַז דאָס יינגל איז שוין אינגאַנצן מטושטש געוואָרן.

—זאָל נאר מיך דער האַר אָפּלאָזן... ווייל איך וועל דערוואָרגן ווערן! אודאי לעבט זי... מיט גאָטס הילף וועלן מיר אַלע אַוועק צו איר... האַר, נו, האַר!

—לאזט אים אָפּ, זאל ער דערציילן, ווייל מיר פאַרשטייען נאך גארנישט—האט וואלאדיאוווסקי געזאגט.

—רעד, רעד!—האט זאַגלאבאַ אויסגערופן.

—דערצייל פון אָנהייב, ברודערל—האָט געזאָגט הער לאַנ־גינוס, וואָס אויף זיינע וואָנסעס האט זיך אויך אָפּגעזעצט אַ געדיכטער טוי.

—לאָזט מיך, האַרן, דעם אָטעם כאַפּן—האט זשענדזשאַן געזאָגט—און איך וועל דאָס פענסטער צושפּאַרן, ווייל די דאָ־זיקע שפּיל־פייגל מאַכן אַזעלכע קולות אין די קשאַקעס, אַז מען קאָן גאָר צום וואָרט נישט קומען.

—מעד!—האט וואָלאדיאָווסקי אַ געשריי געטון אויפן דינער.

זשענדזשאַן האט מיט זיין געוויינלעכער פּאַמעלעכקייט פאַרמאַכט דאָס פענסטער, דערנאָך האט ער זיך געווענדט צו די בייגעוועזענע און געזאָגט:

—די האַרן וועלן מיר אויך דערלויבן זיך אַוועקצוזעצן, ווייל איך בין מיד!

—זעץ דיך!—האט וואָלאדיאווסקי געזאָגט, אָנגיסנדיק אים פון דער פלאַש, וואָס דער דינער האט געבראַכט—טרינק מיט אונז, ווייל דו האסט עס פאַרדינט מיט דיין גוטער בשורה, אַבי דו זאָלסט וואָס גיכער רעדן.

—גוטער מעד!—האט דאָס יינגל געזאָגט, אויפהייבנדיק דאָס גלעזל צום ליכט.

—אַז צעהאַקן זאָל מען דיך! דו וועסט דאָ רעדן?—האט זאַגלאָבאַ אַ געשריי געטון.

—און דער האַר האט אַ טבע באַלד זיך צו בייזערן! אודאי וועל איך רעדן, אויב די האַרן ווילן, ווייל די האַרן האבן צו באַפעלן און מיין זאַך איז צו האָרכן, דערצו בין איך אַ דינער. אָבער איך זע שוין, אַז איך מוז פון אָנהייב אָן אַלץ מיט אַלע פּיטשעווקעס דערציילן...

—דערצייל פון אָנהייב!

—די האַרן געדענקען, ווי אַזוי עס איז געקומען די ידיעה, אַז באַר איז גענומען און אונז האט זיך געדוכטן, אַז עס איז שוין נאָכן פריילין? בין איך דעמאלט אַוועק קיין זשענדזשאַני צו די עלטערן און צום זיידעשי, וואָס איז שוין אַלט ביינציק יאָר... יאָ, ריכטיק... ביין! איין און ביינציק.

—זאָל ער אַלט זיין אפילו ניין הונדערט יאָר!...—האט זאַגלאָבאַ אַ ברום געטון.

—זאָל אים גאָט טאַקע געבן וואָס מער! איך דאַנק אייך פאַרן גוטן וואָרט—האט זשענדזשאַן געענטפערט.—בין איך, הייסט עס, געקומען אַהיים אָפּגעבן די עלטערן דאָס, וואס איך האָב מיט גאָטס הילף צווישן די רוצחים צונויפגעקליבן, ווייל דאָס ווייסן דאָך שוין די האַרן, אַז פאַראַיאָרן האבן די קאָזאַקן אין טשעכרין מיך מקרב געווען, אַז זיי האבן מיך געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם, אַז איך האָב אויף דעם פאַרווונדעטן באָהון אַכ-טונג געגעבן און אַז אַ נאָענטע פריינטשאַפט איז צווישן אונז פאַרקניפּט געוואָרן, און דערביי האָב איך אויפגעקויפט ביי די דאָזיקע רוצחים אַ ביסל זילבער, אַ ביסל טייערע שטיינער...

—מיר ווייסן, מיר ווייסן!—האט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—אָט בין איך געקומען צו די עלטערן, וועלכע האבן זיך מיט מיר שטאַרק געפרייט און די אויגן נישט געוואָלט גלויבן, ווען איך האָב זיי געוויזן אַלץ, וואס איך האָב צונויפגעקליבן. כ'האָב דעם ייִדעשי געמוזט שווערן, אַז איך בין צו דעם אַלעם געקומען אויף אַן ערלעכן וועג. דאָ ערשט האבן זיי זיך גע-פרייט, ווייל איר דאַרפט וויסן, אַז זיי האבן דאָרט מיט די יאַ-וואָרסקיס אַ פּראָצעס וועגן אַ באַרן-בוים, וואָס שטייט אויפן צווישן-אָרט און אַ העלפט פון זיינע צווייגן הענגען איבער יאַ-וואָרסקיס ערד און אַ העלפט איבער אונזער ערד. איז ווען די יאַוואָרסקיס שאָקלען אים פאַלן אויך אונזערע באַרנס אַראָפּ און אַ סך פאַלן אין צווישן-ארט. זיי טענהן, אַז די וואָס ליגן אויפן צווישן-אָרט, זענען זייערע, און מיר...

—פויער, ברענג מיך נישט אַריין אין כעס!—האט זאַגלאָ-באַ אויסגערופן—און דערצייל נישט דאָס, וואָס האט נישט קיין שייכות צום ענין...

—קודם-כל, איך בעט איבער אייער כבוד, בין איך נישט קיין פויער, נאר אַ שלאַכטשיץ, הגם אַן אָרעמער, אבער אַן אמתער, אויף וואס עס וועלן אייך עדות-זאָגן אי הער פּאָ-רוטשניק וואָלאדיאָווסקי, אי הער פּאָדביפּיענטאַ, אַלס הער סקשע-

טוסקיס באַקאַנטע, און באַזייטיגט די עפּערט פון דער וואָזיקער פּראָצעס. פופציק יאָר...

זאַגלאָבאַ האָט צונויפגעפּרעסט די ציין און זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז ער וועט זיך שוין מער נישט אָנרופן.

—גוט, נשמהלע—האָט הער לאָנגינוס ויס געזאָגט—אָבער דו דערציילסט אונז וועגן באָהוגען, און נישט וועגן באַרנעס.

—וועגן באָהינען?—האָט זשענדזשאַן געזאָגט—זאָל זיין וועגן באָהוגען. מיינט, הייסט עס, באָהון, אַז ער האָט נישט קיין גרייערן דינער אין כרייגט פון מיר, הגם ער האָט מיך אין טשעכרין צעהאַקט, ווייל איך האָב אויף אים טאַקע אַכטונג געגעבן, פאַרבאַנדאַזשירט, ווען די פירשטן קורצעוויטש האָבן אים נאָך געהאַט צעמזיקט. איך האָב אים אָפּגעגעבן זאָגנדיק, אַז איך וויל שוין מער נישט רינגען פאַר פריצים און אַז איך וויל בעסער צושטיין צו די קאָזאַקן, ווייל ביי זיי איז פאַראַן מער ריוח, און ער האָט געגלויבט. און ווי אַזוי האָט ער נישט געזאָלט גלויבן, אַז איך האָב אים געהאָלפן געזונט-ווערן?! ער האָט מיך טאַקע דעריבער שרעקלעך ליב באַקומען און דעם אמת געזאָגט מיט אַ ברייטער האַנט באַלוינט, נישט ווייסנדיק, אַז איך האָב זיך אַ שבועה געגעבן צו נעמען נקמה פון אים פאַר יענער עולה אין טשעכרין און אַז אויב איך האָב אים דערשטאָכן איז עס נאָר ערפאַר, וואָס עס פּאַסט נישט פאַר אַ שלאַכטשיץ צו שטעכן מיט אַ מעסער אַ שונא, וואָס ליגט צו בעט, ווי אַ חזיר.

—גוט, גוט—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—דאָס ווייסן מיר אויך, אָבער אויף וואָס פאַר אַ אופן האָסטו אים איצט געפונען?

—דאָס, זעט דער האַר, איז געווען אַזוי: ווען מיר האָבן שוין געהאַט די יאַוואָרסקיס צוגעדריקט (מיט די טאָרבעס וועלן זיי גיין, אַנדערש קאָן נישט זיין!) טראַכט איך מיר: נו! שוין צייט, אַז איך זאָל זיך לאָזן זוכן באָהונען און פאַר מיין עולה אים באַצאָלן. איך האָב מגלה געווען דעם סוד די עלטערן און דעם ווידעשי, און ער, מחמת ער איז אַ מענטש מיט אַ גוט

האַרץ, האָט געזאָגט: אויב דו האָסט געשווירן, גיי, אַנישט וועסטו זיין אַ בטלן. בין איך טאַקע געגאַנגען, ווייל איך האָב זיך אויך געטראַכט, אַז אויב איך וועל באָהונען געפינען, וועל איך אפשר אויך עפּעס דערגיין וועגן פריילין, אויב זי לעבט נאָך, און דערנאָך, אַז איך וועל אים האבן אומגעבראַכט און מיט דער גוטער בשורה אַוועקפאָרן צו מיין האַר, וועט עס אויך נישט אָפּגיין אָן שכר.

—אודאי, אודאי! און מיר וועלן דיך אויך באַלוינען—האט וואָלאדיאָווסקי געזאָגט.

—און ביי מיר ברודערל האסטו שוין אַ פערדל מיט אַ געשפּאַן—האט לאָנגינוס צוגעגעבן.

—איך דאַנק הכנעהדיק די האַרן—האט דאָס דערפרייטע יינגל געזאָגט—ווייל על-פּי-יושר קומט טאַקע פאַר אַ גוטער בשורה אַ מתנה, און איך וועל אויך נישט פאַרשיכּורן דאָס, וואָס איך באַקום פון וועמען עס איז...

—דער טייוול נעמט מיך!—האט זאַגלאָבאַ אַ ברום געטון.

—ביזטו, הייסט עס, אַרויסגעפאָרן פון דער היים...—האט וואָלאדיאָווסקי דערמאַנט.

—בין איך הייסט עס אַרויסגעפאָרן פון דער היים—האָט זשענדזשאַן ווייטער געזאָגט—און טראַכט זיך ווידער: ווו פאָרן? אודאי קיין זבאַראַזש, ווייל דאָרט איז צו באָהונען נישט ווייט און איך וועל זיך גיכער צו מיין האַר דערפרעגן. פאָר איך, הייסט עס, מיין האַר, פאָר איך דורך ביאַלאַ און וולאָדאַוואַ און אין וולאָדאַוואַ—די פערד זענען שוין געווען שטאַרק פאַרמאַטערט—האב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף פאַשע. און דאָרט איז געווען אַ יריד, אַלע אַריינפאָר-הייזער זענען געווען געפּאַקט מיט שלאַכטע;—איך קום צו די שטאָט-לייט אָבער אויך דאָרט איז פול מיט שלאַכטע! ערשט איין ייד זאָגט מיר: כ'האָב געהאַט אַ שטוב, אָבער עס האט זי פאַרנומען אַ פאַרוואונדעטער שלאַכטשיץ. אויב אַזוי, איז גוט, ווייל איך קען באַנדאַזשירן און אייער רופא, ווי געוויינלעך אין דער צייט פון אַ יריד, קאָן מסתמא זיך קיין עצה נישט געבן מיט דער אַרבעט. דער

ייד האט נאָך געזאָגט, אַז דער דאָזיקער שלאַכטשיץ באַנדאַ-זשירט זיך אַליין און וויל קיינעם נישט זען, און דערנאָך איז ער געגאַנגען פרעגן. אָבער יענעם איז משמעות ערגער געווען, ווייל ער האט געהייסן אַריינלאָזן. איך גיי אַריין—און געב אַ קוק ווער עס ליגט אין בעט—באָהון!

—אַזוי גאָר!—האט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן.

—כ'האָב זיך איבערגעצלמט: אין נאָמען פון גאָט און זון און הייליקן גייסט! איך האב זיך אַזש איבערגעשראָקן, און ער האָט מיך באַלד דערקענט, זיך שטאַרק דערפרייט (ווייל ער האָט מיך פאַר אַ פריינט) און זאָגט: גאָט האט דיך געשיקט צו מיר! איצט וועל איך שוין נישט שטאַרבן. און איך זאָג: וואָס טוט דאָ דער האַר?—ער ווידער האט אַרויפגעלייגט דעם פינגער אויפן מויל און ערשט שפעטער מיר דערציילט אַלץ, וואָס מיט אים האָט זיך פאַרלאָפן, ווי אַזוי כמעלניצקי האָט אים צום האַר קיניג, און דעמאָלט נאָך פרינץ, פון זאַמאָשטש אַרויס-געשיקט, ווי אַזוי הער פאָרוטשניק וואָלאָדיאָווסקי האט אים אין ליפקווו צעהאַקט.

—ער האט מיך דערמאַנט צום גוטן?—האט דער קליינער ריטער געפרעגט.

—איך קאָן נישט, מיין האר, אַנדערש זאָגן, נאָר ער האט זיך וועגן אייך גענוג גוט אָפגערופן. כ'האָב געמיינט, זאָגט ער, אַז דאָס איז עפעס אַ שנעק, אַז דאָס איז, זאָגט ער, עפעס אַ ...נגל, שטעלט זיך אָבער אַרויס, זאָגט ער, אַז דאָס איז אַ רי-טער פון ערשטער מדרגה, וועלכער האָט מיך שיר נישט אויף צוויי העלפטן דורכגעשניטן. נאָר אַז ער דערמאַנט זיך אין הער זאַגלאָבאַ, הייבט ער אָן נאָך ערגער, ווי פריער, צו קריצן מיט די ציין דערפאַר, וואס דער האַר האָט אים צום קאַמף אָנגערעדט!...

—זאָל אים דאָרט דער טייוול נעמען! איך האָב שוין פאַר אים קיין מורא נישט!—האט זאַגלאָבאַ זיך אָנגערופן.

און אַזוי זענען מיר געוואָרן נאָענטע חברים, ווי אַמאָל—האט זשענדזשאַן ווייטער געזאָגט—נאָך נענטער, ווי אַמאָל און

ער האט מיר אַלץ דערציילט, ווי אַזוי ער איז שיר נישט געשטאָרבן, ווי אַזוי מ׳האט אים אין ליפקווו געגומען אין הויף אַריין, ווייל מ׳האט אים געהאַלטן פאַר אַ שלאַכטשיץ, און ער האט זיך אויך אויסגעגעבן פאַרן הער הולעוויטש פון פּאָדאָל, ווי אַזוי מ׳האט אים שפּעטער אויסגעהיילט, באַהאַנדלענדיק אים מיט גרויס מענטשלעכקייט — וואָס ער האט געשוואוירן זיי קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן.

— און וואָס האט ער אין וולאָדאַווע געטון?

— ער האָט זיך געוואָלט דורכקלייבן קיין וואָלין, אָבער אין פאַרטשעוו האָבן זיך אים די ווונדן געעפנט, ווייל דער וואָגן האט זיך מיט אים איבערגעקערט, האט ער דעריבער געמוזט בלייבן, הגם אין גרויס שרעק, ווייל מ׳האט אים לייכט דאָרט געקאָנט צעהאַקן. ער האט דאָס מיר אַליין געזאָגט. מ׳האָט מיך, זאָגט ער, געהאַט אַרויסגעשיקט מיט בריוו, אָבער איצט האָב איך נישט קיין שום צייגניש, נאָר דעם שטאָב און אויב מען וואָלט דערגאַנגען ווער איך בין, וואָלט מיך נישט בלויז די שלאַכטע צעהאַקט, נאָר דער ערשטער קאָמענדאַנט וואָלט קיינעם נישט אָנפרעגנדיק מיך אויפגעהאָנגען. כ׳געדענק, אַז ווען ער האט מיר דאָס געזאָגט, האָב איך זיך צו אים אָנגערופן: כ׳איז גוט דאָס צו וויסן, אַז דער ערשטער קאָמענדאַנט וואָלט דעם האַר אויפגעהאָנגען. און ער פרעגט: וואָס הייסט? — דאָס הייסט, זאָג איך, אַז מ׳דאַרף זיין געוואָרנט און קיינעם גאָרנישט זאָגן — וואָס איך זאָג-צו פון מיין זייט צו טון. דאָ האָט ער מיר געגומען דאַנקען און פאַרזיכערן מיך, אַז אַ באַלוינונג וועט מיך נישט מיידן. איצט, זאָגט ער, האָב איך קיין געלט נישט, אָבער וואָס איך האָב פון טייערע שטיינער וועל איך דיר געבן, און שפּעטער וועל איך דיך מיט גאָלד באַשיטן, נאָר איין טובה זאָלסטו מיר נאָך טון.

— אַהאַ! דאָ וועט מען שוין קומען צו דער פּירשטין! — האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

— יאָ, מיין האַר, איך מוז שוין אַלץ מיט אַלע פּיטשעווקעס דערציילן. ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט איצט

קיין געלט נישט, איז ער מיר פּאַרמיאוּסט געוואָרן ביז גאָר, און איך האָב מיר געטראַכט: וואַרט-צו, איך וועל דיר טון אַ טובה! און ער זאָגט: איך בין קראַנק, כ'האָב נישט קיין כּח צו פאָרן, און עס וואַרט אויף מיר אַ שווערע און סכּנהדיקע נסיעה. אויב איך וועל, זאָגט ער, זיך אַריינקריגן אין וואָלין—און פון דאַנען איז נאָענט—וועל איך שוין זיין צווישן אייגענע, אָבער דאָרט, ביים דניעסטר, קאָן איך נישט פאָרן, ווייל עס קלעקט נישט קיין כּוחות און מען מוז, זאָגט ער, דורכן פיינטלעכן לאַנד דורכפאָרן, נעבן שלעסער און הייליות-פאָר דו פאַר מיר.—דאָ פרעג איך: און וווהין?—און ער ענטפערט דערויף: אַזש ביז ראַשקווו, ווייל זי איז דאָרט באַהאַלטן ביי דאָניעצס שוועסטער, ביי האָרפּינאַ, דער מכשפה.—די פירשטין?—פרעג איך, יאָ, זאָגט ער. איך האָב זי באַהאַלטן דאָרט, וווּ קיין מענטשלעך אויג וועט זי נישט אָנקוקן, אָבער איר איז דאָרט גוט און ווי די פירשטין ווישניאָוויעצקאַ שלאָפט זי אויף גאָלד-געשטיקטע געוועבן.

—דערצייל גיכער, געדענק אין גאָט!—האָט זאַגלאָבאַ אַ געשריי געטון.

—אַז מען גייט גיך, רייסט מען די שיך—האָט זשענדזשאַן געענטפערט. אַז איך האָב דאָס, מיין האַר, דערהערט, האָב איך זיך דערפרייט, אבער כ'האָב עס נישט אַרויסגעוויזן און געזאָגט: איז זי נאָר דאָרט אויף זיכער? וואָרום עס מוז דאָך שוין זיין לאַנג, ווי איר האָט זי אַוועקגעפירט אַהין? ער האָט גענומען זיך שווערן, אַז האָרפּינאַ איז אים געטריי ווי אַ הונט, אַז זי וועט זי אויך צען יאָר האַלטן, ביז ער וועט צוריקקומען און אַז די פירשטין איז דאָרט, ווי אַ גאָט איז אין היכל, ווייל אַהין וועלן נישט די ליאַכן, נישט די טאָטערס און נישט די קאָזאַקן נישט קומען, און האָרפּינאַ וועט אויפן באַפעל נישט עובר זיין.

בעת זשענדזשאַן האָט אַזוי דערציילט, האָט הער זאַגלאָבאַ זיך געטרייסלט ווי אין קדחת, דער קליינער ריטער האָט פריי-

לעך געשאָקלט מיטן קאָפּ. פּאָדביפּיענטאַ האָט די אויגן צום הימל אויפגעהויבן.

—אַז זי איז דאָרט, דאָס איז שוין זיכער—האָט דאָס יינגל ווייטער געזאָגט—דער בעסטער באַווייז איז דאָס, וואָס ער האָט מיך צו איר אַרויסגעשיקט. אָבער איך האָב תחילת זיך נישט געאיילט, כּדי ער זאָל אין מיר גאָרנישט דערקענען—און איך האָב געזאָגט: און צוליב וואָס זאָל איך פאָרן אַהין? און ער ענטפערט דערויף: צוליב דעם, וואָס איך קאָן דאָרט נישט פאָרן. אויב (זאָגט ער) איך וועל אַ לעבעדיקער פון וואָלאַדאַווע קיין וואָלין זיך אַריבערקריגן, וועל איך זיך הייסן פירן קיין קיעוו, ווייל דאָרט האָבן שוין אומעטום אונזערע, די קאָזאַקן די איבערהאַנט, און דו, זאָגט ער, פאָר און געב איבער האָר-פינאַן דעם באַפעל, אַז זי זאָל זי אַוועקפירן קיין קיעוו, אין מאָנאַסטיר פון דער הייליקער-ריינסטער.

—אַזוי! הייסט עס, אַז נישט צום גוטן מיקאָלאַי!—האָט זאַגלאָבאַ אַרויסגעפּלאַצט.—כ'האָב באַלד געזאָגט, אַז יערליטש איז נישט ביים קלאָרן פאַרשטאַנד, אָדער אַז ער האָט געלייגט.

—צו דער הייליקער-ריינסטער!—האָט זשענדזשאַן ווייטער געזאגט—דעם רינג (זאָגט ער) וועל איך דיר געבן און דעם שטאַב און אַ מעסער—און האָרפּינאַ וועט שוין ווישן וואָס דאָס באַדייט, ווייל אַזוי איז אָפּגערעדט געוואָרן צווישן אונז און גוט (זאָגט ער) איז וואָס גאָט האָט דוקא דיך געשיקט, ווייל זי קען דיך, זי ווייס, אַז דו ביזט מיין בעסטער פריינט. פאָרט צוזאַמען, פאַר קאָזאַקן זאָלט איר נישט מורא האָבן, נאָר פאַר די טאָטערס זאָלט איר זיך היטן, אויב זיי וועלן ערגעץ זיין, און איר זאָלט זיי אויסמיידן, ווייל זיי וועלן דעם שטאַב נישט שוינען. געלט, דוקאַטן, זאָגט ער, זענען דאָרט פאַרגראָבן אויף אַן אָרט אין דער הייל, פון זיכערקייט-וועגן נעם זיי אַרויס. אויפן וועג זאָגט בלויז: באָהונס ווייב פאָרט!—און קיין שום זאַך וועט אייך נישט פעלן. איבעריקנס (זאָגט ער) וועט די מכשפה זיך אַן עצה געבן, אָבער דו פאָר, ווייל ווען דען וועל איך אומגליקלעכער שיקן, וועמען וועל איך אָנפאַרטרויען דאָ אין

פרעמדן לאַנד, צווישן שונאים! אָט אַזוי האָט ער מיך, מײַנע הערן, געבעטן און דערבײַ פאַרגאָסן אָן אַ שיעור טרערן, צום סוף האָט די בעסטיע מיך געהייסן שווערן, אַז איך וועל פאָרן, און איך האָב טאַקע געשווירן, נאָר אין האַרצן צוגעגעבן: מיט מײַן האַר! ער איז דעמאָלט געוואָרן מלא-שמחה און באַלד מיר געגעבן דעם שטאָב און דעם רינג און אַ מעסער און וויפיל טייערע שטיינער ער האָט געהאַט, און איך האָב צוגענומען, ווײַל איך האָב געטראַכט: בעסער עס זאָל זײַן בײַ מיר, איידער בײַ אַ רוצח. ביים געזעגענען זיך האָט ער מיר נאָך געזאָגט, וווּ עס ליגט די הייל בײַ דער וואָלאָדינקאַ, ווי אַזוי פאָרן און וווּ זיך קערן און ווענדן, אַזוי גענוי און דײַטלעך, אַז איך וואָלט מיט פאַרבונדענע אויגן געטראָפן, וואָס די האַרן וועלן אַליין זען, ווײַל איך בין זיכער, אַז מיר וועלן צוזאַמען פאָרן.

—באַלד מאָרגן!—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—וואָס הייסט מאָרגן! נאָך הײַנט פאַרטאָגס וועלן מיר הייסן די פערד אָנזאָטלען.

אַ שמחה האָט אָנגעפולט אַלעמענס הערצער און עס האָבן זיך געלאָזט הערן דאָ דאַנק־אויסגעשרייען צום הימל, דאָ אַ פריידיקע האַנט-פאַטשעריי, דאָ נײַע פראַגן, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן זשענדזשאַנען, און אויף וועלכע דאָס ייִנגל האָט, ווי זײַן שטייגער איז, קאַלטבלוטיק געענטפערט.

—אַז די קויקן זאָלן דיך טרעפן!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן—וואָס פאַר אַ דינער הער סקשעטוסקי האָט אין דיר!

—וואָס איז?

—ער וועט דאָך דיך אודאי באַגילדן.

—איך מײַן אויך, אָז עס וועט נישט אָפּגיין אָן אַ באַלוינונג, הגם איך דין מײַן האַר נאָר פון געטרײַקייט-וועגן.

—און וואָס האָסטו מיט באָהונען געמאַכט?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

—איך האָב, מײַן האַר, געהאַט עגמת-נפש דערפון, וואָס ער איז געלעגן קראַנק און עס האָט מיר נישט געפאַסט אים צו

שטעכן, ווייל דאָס וואָלט מיין האַר אויך שטאַרק געטאָדעלט. אַזוי איז שוין מיין מזל! וואָס האָב איך דען געזאָלט טון? אָט, ווען ער האָט מיר שוין אַלץ געזאָגט, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן, און געגעבן, וואָס ער האָט געהאַט צו געבן, האָב איך זיך גענומען מיישב זיין. צו וואָס, טראַכט איך זיך, זאָל אַזאַ גזלן זיך אַרומדרייען אויף דער וועלט, בפרט אַז ער האַלט פאַרשפאַרט אַ מיידל און האָט מיך אין טשעכרין צעמזיקט? זאָל ער בעסער נישט זיין און זאָל אים דער טייוול נעמען! ווייל איך האָב זיך אויך געטראַכט, אַז אפשר וועט ער גאָר געזונט און לאָזט זיך מיט די קאָזאַקן אונז נאָכיאָגן? איך בין דערי-בער נישט לאַנג טראַכטנדיק אַוועק צום הער קאָמענדאַנט רע-גאָווסקי, וועלכער שטייט מיט אַ פאָלק אין וולאָדאַווע און מודיע געוועזן, אַז דאָס איז באָהון, דער ערגסטער פון די מורדים. מ׳האָט אים שוין אודאי ביז איצט אויפגעהאָנגען.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זיך זשענדזשאַן צעלאַכט געַנוג תמעוואַטע און אַ קוק-געטון אויף די ביַיגעוועזענע, גלייך ווי ער וואָלט געוואַרט, אַז מען זאָל מיט אים מיטלאַכן; ווי פאַרחידושט איז ער אָבער געוואָרן, ווען מ׳האָט אים געענט-פערט מיט אַ שטילשווייגן. ערשט אין אַ געוויסע צייט אַרום האָט זאַגלאָבאַ דער ערשטער אַ ברום-געטון: „נישט וויכטיק!"—דער-פאַר איז אָבער וואָלאָדיאָווסקי געזעסן שטיל, און הער לאָנ-גינוס האָט גענומען קנאַקן מיט דער צונג, דרייען מיטן קאָפּ און צום סוף האָט ער געזאָגט:

—דו ביזט זיך נישט שיין באַגאַנגען, ברודערל, וואָס נישט שיין הייסט!

—סטייטש, מיין האַר?—האָט זשענדזשאַן אַ פאַרחידושטער געפרעגט—כ׳האָב אים בעסער באַדאַרפט דורכשטעכן?

—אַזוי וואָלט געווען נישט שיין און אַזוי נישט שיין, אָבער כ׳ווייס נישט וואָס עס איז בעסער, צי זיין אַ רוצח, צי דער אַ יהודה איש קריות?

—וואָס רעדט דער האַר? צי האָט דען יהודה איש קריות אַרויסגעגעבן אַ מורד? און דאָס איז דאָך אַ שונא אי פון הער

קיניג און אי פון דער גאַנצער רעפּובליק?

—אמת טאַקע, אָבער ס'איז פונדעסטוועגן נישט שיין. און ווי זאָגסטו האָט יענער קאָמענדאַנט געהייסן?

—הער רעגאָווסקי. מ'האָט געזאָגט, אַז מען רופט אים ביים נאָמען יאַקוב.

—דאָס איז דער אייגענער!—האָט דער ליטווינער אַ ברום געטון—דעם הער לאַשטשס אַ קרוב און דעם הער סקשעטוסקיס אַ שונא.

אָבער מ'האָט נישט געהערט די דאָזיקע באַמערקונג, ווייל הער זאַגלאָבאַ האָט גענומען דאָס וואָרט:

—גנעדיקע הערן! —האָט ער געזאָגט — דאָ דאַרף מען נישט מאַכן קיין שהיות! גאָט האָט געמאַכט דורך דעם דאָזיקן יינגל און אַזוי געפירט, אַז מיר וועלן זי איצט זוכן ביי בעסערע באַדינגונגען, ווי ביז איצט—געלויבט איז דערפאַר גאָט! מאָרגן מוזן מיר זיך לאָזן אין וועג אַריין. דער פירשט איז אַרויסגעפאָרן, אָבער אויך אָן זיין דערלויבעניש וועלן מיר זיך לאָזן אין וועג אַריין, ווייל עס איז קיין צייט נישטאָ! עס וועט גיין הער וואָלאָדיאָווסקי און מיט אים איך און זשענדזשאַן—און איר, הער פּאָדביפּיענטאַ, וועט בעסער בלייבן, ווייל אייער וווקס און אָפּנהאַרציקייט וואָלטן אונז געקאָנט אויסגעבן.

—ניין, ברודער, איך וועל אויך פאָרן!—האָט דער ליטווינער געזאָגט.

—פאַר איר זיכערקייט-וועגן מוזט איר דאָס טון און בלייבן. אייך אַז עמיצער האָט אַמאָל געזען, וועט ער שוין אין זיין לעבן נישט פאַרגעסן. מיר האָבן דעם שטאַב, אמת, אָבער אייך וואָלט מען מיטן שטאַב אויך נישט געגלויבט. איר האָט געוואָרגן פּוליאַנען פאַר די אויגן פון קשיוואָנאָסעס אַלע רשעים—און ווען אַזאַ דראַנג וואָלט געוועזן צווישן זיי, וואָלטן זיי אים געקענט. עס קאָן נישט זיין, אַז איר זאָלט מיט אונז פאָרן. קיין דריי קעפּ וועט איר דאָרט נישט געפינען, און אייער אייגענער וועט קיין סך נישט העלפן. איידער איר זאָלט באַגראָבן די גאַנצע אונטערנעמונג, בלייבט בעסער דאָ זיצן.

—אַ שאָד—האָט דער ליטווינער געזאָגט.

—אַ שאָד, צי נישט קיין שאָד, בלייבן מוזט איר. אַז מיר וועלן פאָרן קלייבן נעסטן אויף די ביימער, וועלן מיר אייך אויך מיטנעמען, אָבער איצט נישט.

—מיאוס צו הערן!

—גיט-זשע דעם פּיסק, ווייל ס'איז מ'ר פריילעך אויפן האַרצן, אָבער בלייבט. נאָר נאָך איין זאַך, מיינע הערן. דאָס איז אַ זאַך פון גרעסטער חשיבות: פון דעם סוד זאָלן די זעל-נער נישט געוווּיר ווערן און פון זיי זאָלן די פויערן גאָרנישט דערגיין. קיינעם קיין וואָרט נישט.

—אָבער דעם פּירשט?

—דער פּירשט איז נישטאָ.

—און דעם הער סקשעטוסקי, אַז ער וועט צוריקקומען?

—אים טאָקע קיין וואָרט נישט, ווייל ער וואָלט באַלד זיך געריסן צו אונז; ער וועט האָבן גענוג צייט אויף צו פרייען זיך, און אויב עס וועט זיך חלילה אויפסניי אויסלאָזן מיט גאָרנישט—וועט ער פון זינען אַראָפּ. גיט אייער ריטערלעך וואָרט, מיינע הערן, אַז איר וועט מיט קיין וואָרט זיך נישט אַרויסכאַפּן.

—מיר געבן דאָס וואָרט!—האָט פּאָדביפּיענטאַ געזאָגט.

—דאָס וואָרט, דאָס וואָרט!

—און איצט לאָמיר דאַנקען גאָט.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זאַגלאָבאַ דער ערשטער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די פיס און נאָך אים אויך די איבעריקע און זיי האָבן לאַנג און הייס מתפלל געווען.

# 22 קאַפּיטל.

דער פירשט איז מיט אַ פּאָר טעג צוריק טאַקע אַרויסגעפאָרן קיין זאַמאָשטש, כדי דאָרט צונויפצוקלייבן פרישע חיילות, און מ'האָט זיך אַזוי שנעל נישט געריכט אויף זיין צוריקקער. וואָלאָדיאָווסקי, זאַגלאָבאַ און זשענדזשאַן האָבן זיך דעריבער געלאָזט אין וועג אַריין אָן וועמענס עס איז ידיעה און בסוד-סודות. פון די פאַרבליבענע מענטשן אין זבאַראַזש האָט נאָר איין לאָנגינוס געוווּסט דערפון, אָבער אויך ער, געבונדן מיטן וואָרט, האָט געשוויגן ווי די וואַנט.

ווירשולן און די איבעריקע אָפיצירן, וועלכע האָבן געוווּסט וועגן טויט פון דער פירשטין, איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דאָס אָפּפאָרן פון קליינעם ריטער מיט זאַגלאָבאַן האָט עפּעס אַ שייכות מיט דעם אומגליקלעכן סקשעטוסקיס כלה און זיי האָבן געמיינט, אַז די ביידע פריינט זענען גיכער צו אים אַרויסגעפאָרן, בפרט, אַז צווישן זיי איז אויך געווען זשענדזשאַן, וועגן וועלכן מ'האָט געוווּסט, אַז ער איז סקשעטוסקיס דינער. זיי ווידער זענען אַוועק גלייך קיין כעבאַנאָווקע און דאָרט געמאַכט הכנות צו דער נסיעה.

זאַגלאָבאַ האָט קודם-כל פאַרן געלט, וואָס ער האָט געבאָרגט ביי לאָנגינען, איינגעקויפט פינף געוויקסיקע פּאָדאָליער פערד, וואָס זענען מסוגל צו ווייטע מאַרשן און וועלכע עס האָבן גערן באַנוצט די פּוילישע רייטער און די קאָזאַקישע אָפיצירן; אַזאַ פערד האָט אַ גאַנצן טאָג געקאָנט זיך יאָגן נאָך אַ טאָטערישן פערד, און מיטן שנעלן לויפן האָט עס אַריבערגעשטיגן אפילו די טערקישע פערד, ווייל עס האָט לייכטער פון זיי געקאָנט אַריבערטראָגן די שנייען פון וועטער, קאַלטע און רעגנדיקע נעכט. אָט אַזעלכע פינף לויפער האָט הער זאַגלאָבאַ

געקויפט; אַ חוץ דעם האָט ער פאַר זיך און פאַר די חברים, און אויך פאַר דער פירשטין געקויפט קאָזאַקישע הלבשות — זשענדזשאַן האָט זיך פאַרנומען מיטן אָנלאָדענען די משאות און ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט און פאַרטיק האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַריין, איבערגעבנדיק די אונטערנעמונג אויפן באַראָט פון גאָט און דעם הייליקן מיקאָלאַי, דעם באַשיצער פון די מיידלעך.

פאַרשטעלטערהייט האָט מען זיי לייכט געקאָנט האַלטן פאַר קאָזאַקישע אַטאַמאַנעס און עס האָט אָפט געטראָפן, אַז זיי זענען פאַרטשעפעט געוואָרן דורך זעלנער פון פוילישע גאַרניזאָנען און וואַך-פאָסטנס, וואָס זענען געווען פאַנאַנדערגעוואָרפן אַזש העט ביז קאַמענעץ — אָבער פאַר זיי האָט הער זאַגלאָבאַ זיך לייכט לעגיטימירט. זיי זענען געפאָרן אַ לענגערע צייט זיכער דורך אַ לאַנד, וואָס איז געווען פאַרנומען דורך די פאָלקן פון קאָמענדאַנט לאַנצקאָראָנסקי, וועלכער האָט זיך ביסלעכווייז דערנענטערט צו באַר צו, כדי צו האָבן השגחה אויף די קאָזאַקישע קופעס, וואָס קלויבן זיך דאָרט צונויף. אַלע האָבן שוין געוווסט, אַז די אונטערהאַנדלונגען וועלן זיך אויסלאָזן מיט גאָרנישט, די מלחמה האָט דעריבער געהאָנגען איבערן לאַנד, הגם די הויפט-כוחות האָבן זיך נאָך נישט געלאָזט אין וועג אַריין. דער פערעיאַסלאַווער וואָפנשטילשטאַנד איז געווען גילטיק ביז די גרינע חגאות; די מלחמה פון פאָרפאָסטנס האָט אמת קיינמאָל נישט אויפגעהערט, אָבער איצט האָט זי זיך פאַרשטאַרקט — און פון ביידע זייטן האָט מען געוואַרט נאָר אויפן רוף. דערווייל האָט דער פרילינג זיך צעשפילט איבערן סטעפ. די ערד, וואָס איז געווען צעטרעטן פון די פערדישע קאָפיטעס, האָט זיך באַצויגן מיט אַ דעק פון גראָזן און בלומען, וואָס זענען אַרויסגעוואַקסן פון די קערפערס פון די געפאַלענע ריטער. איבער די שלאַכט-פעלדער האָבן לערכעס געשטעקט אין בלאָען חלל; אויף די הויכקייטן האָבן זיך מיט אַ ליאַרם געצויגן פאַרשידענע מינים פייגל; די פאַנאַנדערגעגאָסענע וואַסערן האָבן זיך אין דער געשטאַלט פון בלישטשנדיקע שיפן געקנייטשט אונטער

יואַרעמען בלאָז פון ווינט, און אין אָוונט האָבן די זשאַבעס, וואָס האָבן געשווומען אין דער דערוואַרעמטער כוואַליע, ביז שפּעט אין דער נאַכט געפירט פריילעכע שמועסן.

עס האָט זיך געדוכטן, אַז די נאַטור אַליין באַגערט צו פאַרהיילן די וווּנדן, צו לינדערן דעם ווייטאָק, צו באַדעקן די קברים מיט בלומען. ליכטיק איז געווען אויפן הימל און אויף דער ערד, פריש, לופטיק, פריילעך און דער גאַנצער סטעפּ ווי אַ געמאָלטער האָט געבלאַנקט ווי אַ גאָלד-געוועב, זיך געבליטן ווי אַ רעגנבויגן, אָדער ווי אַ פּוילישער גאַרטל, אויף וועלכן אַ געשיקטע האַנט האָט קונציק צונויפגעפּאָרט פאַרשידענע קאָלירן. די סטעפּעס זענען פול מיט פייגל-געצוויטשעריי—און איבער זיי איז אומגעגאַנגען אַ ברייטער ווינט, וועלכער טרינקט די וואַסערן און ברענט אָפּ אויף טונקל-ברוין די מענטשלעכע פּנימער.

יעדעס האַרץ ווערט דעמאָלט פול מיט שמחה און מוט—און אויך אונזערע ריטער זענען פול געווען מיט אַזאַ מוט. הער וואָלאָדיאָווסקי האָט כסדר געזונגען, און הער זאַגלאָבאַ האָט זיך אויסגעצויגן אויפן פערד, האָט מיט חשק אונטערגע-שטעלט די פּלייצעס אויף די זון, און אַמאָל, ווען זי האָט אים שוין געהאַט גוט דערוואַרעמט, האָט ער געזאָגט צום קליינעם ריטער:

—ס'איז מיר ווויל, ווייל דעם אמת זאָגנדיק, איז אַ חוץ מעד און אונגאַר-ווײַן נישטאָ קיין בעסערס ווי זון אויף אַלטע ביינער.

—פאַר אַלע איז זי גוט—האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט, ווייל אפילו די חיות האָבן ליב צו ליגן אויף דער זון.

—ס'איז אַ גליק, וואָס אין אַזאַ צייט פאָרן מיר נאָך די פירשטין—האָט זאַגלאָבאַ ווייטער געזאָגט—ווייל אין ווינטער, אין פרעסט, וואָלט געווען שווער צו אַנטלויפן מיטן מיידל.

—לאָמיר זי נאָר באַקומען אין די הענט אַריין, און אַ שעלמע בין איך, אויב עמיצער וועט זי ביי אונז אָפּנעמען.

—איך וועל דיר זאָגן, הער מיכאַל—האָט זאַגלאָבאַ דע-

רויף געענטפערט—אַז נאָר פאַר איין זאַך האָב איך מורא, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה זאָלן די טאַטערס זיך נישט לאָזן אין יענע מקומות און אונז נישט אַרומנעמען—ווייל מיט די קאָזאַקן וועלן מיר זיך אַן עצה געבן. פאַר די פויערן וועלן מיר זיך בכלל נישט לעגיטימירן, ווייל דו האָסט דאָך באַמערקט, אַז זיי האַלטן אונז פאַר עלטסטע, און די זאַפּאָראָזשער האָבן פאַרן שטאַב דרך-ארץ און באָהונס נאָמען וועט פאַר אונז זיין אַ שוץ.

—איך קען מיך מיט טאָטערס, ווייל אין דער לובניער מלוכה האָבן מיר מיט זיי געהאַט שטענדיק צו טון און איך און ווישניעוועצקי האָבן קיינמאָל פון זיי נישט געהאַט קיין מנוחה—האָט הער מיכאַל געענטפערט.

—און איך קען זיי אויך—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—כ'האָב דאָך דיר שוין דערציילט, ווי איך האָב צווישן זיי אַ סך יאָרן פאַרבראַכט און געקאָנט זיך דערשלאָגן צו הויכע מדרגות; אַזוי אָבער ווי כ'האָב נישט געוואָלט זיך אָפּשמדן אויף מאַכמעדאַניש, האָב איך געמוזט אויף דעם אַלעם מוותר זיין און זיי האָבן מיר נאָך געוואָלט אָנטון אַ מיתה-משונה דערפאַר, וואָס איך האָב זייער עלטסטן גלח אָנגערעדט איבערצוגיין צו דער אמתער אמונה.

—איר האָט דאָך אָבער אַנומעלט געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אין גאַלאַץ.

—אין גאַלאַץ איז עס טאַקע געווען, און אין קרים איז עס אויך געווען. ווייל אויב דו מיינסט, אַז אין גאַלאַץ עקט זיך די וועלט, ווייסטו דאָך גאָרנישט, ווי פעפער וואַקסט. פאַראַן מער בני-בליעל, איידער קריסטן אויף דער וועלט.

דאָ האָט זיך אין שמועס אַריינגעמישט זשענדזשאַן:

—נישט בלויז פון די טאָטערס קאָנען מיר האָבן מניעות—האָט ער געזאָגט—ווייל איך האָב אייך נישט געזאָגט, וואָס באָהון האָט מיר געזאָגט, אַז די דאָזיקע הייל ווערט באַוואַכט פון טמאדיקע כוחות. יענע ריזן-מויד אַליין, וואָס היט די פירשטין, איז אַ גרויסע מכשפה, וואָס חברט זיך מיט שדים, וועלכע וועלן זי אודאי ווענן אונז מתרה-זיין. איך האָב אמת אַ קויל, וואָס

איך האָבֿ זי אַליין געגאָסן אויף געהייליקטן ווייץ, אָבֿער דאָרט זענען אויך פֿאַראַן גאַנצע מחנות פֿון אימהדיקע רוחות, וועלכֿע היטן דעם אַריינגאַנג. אייער דאגה וועט עס שוין מוזן זיין, אַז עס זאָל מיר קיין שום בייז נישט געשען, ווייל אַנישט וואָלט איך געלד די באַלוינונג אָנגעווירן.

—שוטה איינער!—האָט הער זאַגלאָבאַ זיך אָנגערופֿן—מיר האָבן טאַקע נישט קיין אַנדערע דאגות נאָר וועגן דיין געזונט צו טראַכֿטן. דער טייוול וועט דיר דעם קאַרק נישט אַראָפּ־דרייען, און ווען אפֿילו ער וואָלט אים אַראָפּגעדרייט, איז אַלץ איינס, ווייל דו וועסט סיי־ווי־סיי פֿאַר דיין גיריקייט האָבן אַ מיאוסן סוף. צו אַלט בין איך, אַז מען זאָל מיר קאָנען דעם מוח פֿאַרטומלען, און דאָס דאַרפֿסטו נאָך וויסן, אַז אויבֿ האָר־פֿינאַ איז אַ גרויסע מכֿשפֿה, בין איך נאָך אַ גרעסערער מכֿשף, אייל איך האָבֿ אין פּערסיע זיך אויסגעלערנט די שוואַרץ־קינצ־לעריי. זי דינט די שדים, און זיי דינען מיר, און כ׳וואָלט מיט זיי געקאָנט, ווי מיט די אָקסן אַקערן—נאָר איך וויל נישט, ווייל איך זאָרג פֿאַר דער ריינקייט פֿון מיין נשמה.

—דאָס איז גוט, מיין האַר, אָבֿער דאָס מאָל זאָל דער האַר זיין כּוח אויסנוצן, ווייל ס׳איז שטענדיק בעסער צו זיין געזיכֿערט.

—און איך ווידער האָבֿ מער בטחון אין אונזער גוטע זאַך און אין גאָטס אפּוטרופּסות—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—זאָלן דאָרט אי האָרפּינאַן און אי באָהונען די שדים היטן, און מיט אונז זענען די הימלישע מלאכֿים, וואָס די גרעסטע גיהנום־מחבלים קאָנען זיי נישט בייקומען, און אויף דעם פֿאַל בין איך מנדר דעם הייליקן מיכֿאַל, דעם שר פֿון די מלאכֿים, זיבן ליכֿט פֿון ווייסן וואַקס.

—אויבֿ אַזוי וועל איך אויך אויף איין ליכֿט צושטייער־געבן—האָט זשענדזשאַן געזאָגט—כּדי דער האַר זאַגלאָבאַ זאָל מיך נישט סטראַשען מיט אַ מיאוסן סוף.

—דער ערשטער וועל איך דיך שיקן אין גיהנום אַריין—האָט דער שלאַכֿטשיץ געענטפֿערט—אויבֿ עס וועט זיך אַרויס־

שטעלן, אַז דו ווייסט נישט גוט ווו דאָס פרײלײן געפינט זיך.

—וואָס הײסט, איך ווײס נישט? לאָמיר נאָר ביז וואָלאָ־דינקאַ דערפאָרן, וועל איך אפילו מיט צוגעבונדענע אויגן טרעפן. מיר וועלן פאָרן מיטן ברעג, צום דניעסטער־צו, און אויף דער רעכטער זײט וועט זײן די הײל, וועלכע מיר וועלן דערקענען לויט דעם, וואָס דער אַרײנגאַנג צו איר איז פאַרלײגט מיט אַ פעלז. אין פלוג דוכט זיך אויס, אַז מ׳קאָן גאָרנישט אַרײנפאָרן, אָבער אין פעלז איז פאַראַן אַ שפּאַלט, דורך וועלכן צוויי פערד אין אײן שורה קאָנען דורכגײן. אַז מיר וועלן שוין דאָרט זײן, וועט אונז קײנער נישט אַנטקומען, ווײל דאָס איז דער אײנציקער אַרײנגאַנג און אַרויסגאַנג פון דער הײל, און אַרום און אַרום זענען די ווענט אַזוי הויך, אַז אַ פויגל וועט קוים דורכפליען, די מכשפה הרגעט די מענטשן, וואָס גײען דאָרט אַרײן אָן דערלויבעניש, און פאַראַן דאָרט אַ סך מענטשלעכע בײנער, אָבער באָהון האָט זיך דערמיט נישט געהײסן רעכענען, נאָר פאָרן און שרײען: באָהון! באָהון!... דעמאָלט ערשט וועט זי אונז פרײנטלעך מקבל־פנים־זײן.—אַ חוץ האָרפּינען, איז דאָרט אויך פאַראַן טשערעמיס, וועלכער שיסט מוראדיק פון אַ ביקס. בײדע מוזן מיר אומברענגען.

—וועגן טשערעמיסן רעד איך נישט, אָבער די נקבה וועט גענוג זײן צו בינדן.

—ווי וועט זי דאָרט דער האַר בינדן! זי איז אַזוי געזונט, אַז אַ פאַנצער צערײסט זי ווי אַ העמד, און אַ פּאָדקאָווע ווערט אין אירע הענט צעקוועטשט. נאָר אײן פּאָדביפּיענטאַ וואָלט זיך מיט איר געקאָנט אַן עצה געבן, אָבער מיר נישט. זאָל דער האַר לאָזן צורו, איך האָב פאַר איר אַן אָנגעהײליקטע קויל; זאָל שוין אויף דער דאָזיקער מכשפה קומען אַ שוואַרצער סוף; אַנדערש וואָלט זי אונז נאָכגעפליגן ווי אַ רוח און געהײלט אויף די קאָזאַקן—און מיר וואָלטן זיכער נישט בלויז מיטן פרײלײן, נאָר אויך מיט אונזערע אײגענע קעפּ בשלום נישט אַרויס.

אין אַזעלכע שמועסן און באַראַטונגען איז זײ אַריבער די

צייט אויפן וועג, און געפאָרן זענען זיי אייליק, מיידנדיק שטעטלעך, דערפער, פאַרמעס און קברים. זיי זענען געגאַנגען דורך יאַרמאָלינצע צו באַר-צו, פון וואַנען זיי האָבן זיך ערשט שיף-אויס געזאָלט אַ קער-טון אין די זייט פון יאַמפּאָל און דניעסטר. זיי זענען דורכגעגאַנגען די געגנט, אין וועלכער וואָלאָדיאָווסקי האָט אַנומעלט באַהונען צעשלאָגן — און דעם הער זאַגלאָבאַ פון זיינע הענט באַפרייט. זיי האָבן אפילו אַקעגנגעטראָפן אין די זעלבע פאַרם און זיך דאָרט פאַרהאַלטן אויף נאַכטלעגער פון צייט צו צייט איז זיי אויסגעקומען צו איבערנעכטיקן אויף אונטערן הוילן הימל, אין סטעפּ, און דעמאָלט האָט הער זאַגלאָבאַ זיי פאַרטריבן די צייט מיט דערציילונגען פון זיינע אַמאָליקע פאַרלויפעניש, פון אַזעלכע, וואס האָבן פּאַסירט, און פון אַזעלכע, וואָס האבן קיינמאָל נישט פּאַסירט. אָבער מער פון אַלץ האָט מען גערעדט וועגן דער פירשטין און וועגן איר קומענדיקער באַפרייאונג פון געפאַנגנשאַפט ביי דער מכשפה.

נאָכדעם ווי זיי זענען צום סוף אַרויסגעפאָרן פון די געגנטן, וועלכע זענען באַוואַכט געוואָרן דורך לאַנצקאָראָנסקיס גאַרניזאָנען און פּאָלקן, זענען זיי אַריין אין קאָזאַקן-לאַנד, אין וועלכן ס'איז פון די ליאַכן נישט פאַרבליבן קיין שריד-ופליט, ווייל די, וואָס זענען נישט אַנטרונען, זענען פאַרטיליקט געוואָרן מיט פייער און שווערד. דער מאַי האט זיך געענדיקט און ס'איז אָנגעקומען אַ הייסער יוני, און זיי זענען קוים ערשט אַ דריט חלק פון דער נסיעה איבערגעקומען, ווייל דער וועג איז געווען אַ ווייטער און אַ שווערער. צום גליק זענען זיי מצד די קאָזאַקן נישט געווען אויסגעשטעלט אויף קיין שום סכנה. פאַר די פויערן-באַנדעס האָבן זיי זיך בכלל נישט לעגיטימירט, ווייל זיי האבן זיי צום גרעסטן טייל געהאַלטן פאַר זאַפּאָראָזשער עלטסטע. פונדעסטוועגן האָט מען זיי פון צייט צו צייט געפרעגט, ווער זיי זענען, און דעמאָלט האט הער זאַגלאָבאַ, אויב דער פרעגנדיקער איז געווען איינער פון די טאָל-לייט, געוויזן באָהונס שטאַב, און אויב דאָס איז געווען איינער פון די המון-לייט, האט ער נישט אַראָפּזועצנדיק זיך פון פערד

אים אַ קאָפּ געטון מיטן פוס אין דער ברוסט און אומגעוואָרפן אויף די ערד — צוקוקנדיק דאס האָבן די איבעריקע באַלד פאַר זיי געמאַכט אַ וועג, מיינענדיק, אַז נישט בלויז עס פאָרט אַן אייגענער, נאר עפּעס אַ גרויסער חשוב, והא ראיה: ער שלאָגט. „אפשר קשיוואָנאָס, בורלאַי, אָדער באַט׳קאָ כמעלניצקי אַליין״.

זייער אויפגעבראַכט האָט הער זאַגלאָבאַן באַהונס רום, ווייל די טאָל-לייט האבן זיי צופיל מטריח געווען מיט פראַגן וועגן אים, צוליב וואָס די נסיעה איז זייער אָפּט פאַרשלעפּט געוואָרן. און צו די פראַגן האט פשוט קיין סוף נישט גענומען: צי ער איז געזונט, צי ער לעבט, ווייל די ידיעה וועגן זיין טויט האט זיך שוין געהאַט צעטראָגן אַזש ביז צום יאַהאָרליק און די פעלזן-שוועלן. און ווען די פאָרנדיקע האָבן דערציילט, אַז ער איז געזונט און פריי און אַז זיי זענען טאַקע זיינע שליחים, האט מען זיי געקושט און כבוד צוגעטיילט; עס האבן זיך פאַר זיי געעפנט אַלעמענס הערצער, און אפילו די זעק, פון וואס הער סקשעטוסקיס יינגל האט נישט פאַרזוימט נהנה צו זיין.

אין יאַמפּאָל האט זיי אויפגענומען בורלאַי, וועלכער האט דאָ מיט די חיילות פון טאל און מיטן המון געוואַרט אויף די טאָטערס. דאס איז געווען אַן אַלטער באַרימטער פּאָלקאָווניק. מיט יארן צוריק האָט ער באַהונען געלערנט תכסיסי-מלחמה; האט זיך געלאָזט מיט אים אויף עקספּעדיציעס אויפן שוואַרצן ים און מיט אים אינאיינעם סינאָפּאַ צעראַבירט בעת איינער פון אַזעלכע עקספּעדיציעס, ער האט אים דעריבער ליב געהאַט ווי אַן אייגענעם זון און פריינטלעך מקבל-פנים-געווען זיינע שליחים, נישט אַרויסווייזנדיק דעם מינדסטן אומצוטרוי, בפרט, אַז ער האָט פאַראַיאָרן געזען זשענדזשאַנען ביי אים. אדרבא, דער-ווייסנדיק זיך, אַז באָהון לעבט און פאָרט קיין וואָלין, האָט ער פון שמחה איינגעאָרדנט אַ מאָלצייט און אַליין זיך אויף אים אָנגעשכורט.

הער זאַגלאָבאַ האָט מורא געהאַט, אַז זשענדזשאַן זאָל שכורערהייט נישט אויספּלוידערן דאָס, וואָס מען דאַרף נישט,

אָבּער ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס דורכגעטריבּענע ייִנגל האָט אַזוי געשיקט געדרייט מיט דער צונג, אַז זאָגנדיק דעם אמת נאָר דעמאָלט, ווען מ׳האָט אים געמעגט זאָגן, האָט ער דורכדעם ניט בּלויז ניט געשטעלט זיי אין סכּנה, נאָר נאָך געוווּנען אַ גרעסערן צוטרוי צו זיך. מאָדנע האָבּן אָבּער גע-קלונגען אין די אויערן פון אונזערע ריטער די שמועסן, וואָס זענען געפירט געוואָרן מיט עפּעס אַ מוראדיקער אויפריכטיקייט און אין וועלכע זייערע נעמען זענען אָפט דערמאַנט געוואָרן.

—מיר האָבּן געהערט—האָט בּורלאַי געזאָגט—אַז בּאָהון איז אין אַ דועל צעהאַקט געוואָרן. ווייסט איר ניט אַמאָל, ווער עס האָט אים צעהאַקט?

—וואָלאָדיאָווסקי, פירשט יערעמיס אָפיציר—האָט זשענ-דזשאַן רואיק געענטפערט.

—עי, ווען איך בּאַקום אים אין די הענט אַריין, וואָלט איך אים מקיים-פּסק געווען פאַר אונזער סאָקאָל. די הויט וואָלט איך פון אים אַראָפּגעשינדן!

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט דערויף אַ ריר געטון מיט זייַנע שטרויענע וואָנסעלעך און אַ קוק געטון אויף בּורלאַין מיט אַזאַ בּליק, מיט וועלכן אַ יאַגד-הונט קוקט אויף אַ וואָלף, וועלכן ער טאָר ניט אָנכאַפּן בּיים גאָרגל, און זשענדזשאַן האָט געזאָגט:

—דערפאַר טאַקע זאָג איך אייך, הער פּאָלקאָווניק, זייַן נאָמען.

—דער טייוול וועט האָבּן אַן אמתע הנאה פון דעם דאָ-זיקן ייִנגל!—האָט הער זאַגלאָבּאַ אַ טראַכט געטון.

—אָבּער—האָט זשענדזשאַן ווייטער געזאָגט—ער איז אַזוי פיל ניט שולדיק, ווייל בּאָהון אַליין האָט אים אַרויסגערופן, ניט וויסנדיק מיט וועמען ער האָט צו טון. געווען איז דאָרט נאָך אַ שלאַכטשיק, בּאָהונס גרעסטער שונא, וועלכער האָט שוין איינמאָל אים די פירשטין פון די הענט אַרויסגעריסן.

—און ווער איז דאָס?

—עט! אַן אַלטער שכּור, וואָס האָט זיך אין טשעכרין אָנ-

געהאָנגען אויף אונזער אַטאַמאַן און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז זיין גוטער פריינט.

—ער וועט נאָך הענגען!—האָט בורלאַי אויסגעשריגן.

—אַ בטלן בין איך, אויב איך וועל דעם דאָזיקן שנעק די אויערן נישט אָפּשניידן—האָט זאַגלאָבאַ אַ ברום געטון.

—מ׳האָט אים אזוי צעהאַקט—האָט זשענדזשאַן געזאָגט—אַז אַ צווייטן וואָלטן די ראָבן שוין לאַנג געווען צעפּיקט, אָבער אונזער אַטאַמאַן האָט אַ נשמה מיט הערנער און ער איז געזונט געוואָרן, הגם ער האָט זיך ביז וואָלאָדאַווע קוים דערשלעפּט און דאָרט וואָלט ער זיך מסתמא אויך קיין עצה נישט געגעבן, ווען נישט מיר. מיר האָבן אים אַרויסגעשיקט קיין וואָלין ווו אונזערע האָבן די איבער-האַנט, און אונז אַליין האָט ער געשיקט אַהער נאָכן מיידל.

—זיי וועלן אים אומברענגען די שוואַרץ-ברעמיקע—האָט בורלאַי אַ ברום געטון—און איך האָב עס אים שוין לאַנג געזאָגט, און וואָלט דען נישט בעסער געווען פאַר אים זיך אַ שפּיל צו טון מיטן מיידל אויפן קאָזאַקישן שטייגער, און דערנאָך אַ שטיין אויפן האַלז און אין וואַסער אַריין, ווי מיר האָבן אויפן שוואַרצן ים געטון?

דאָ האָט הער וואָלאָדיאָווסקי קוים אויסגעהאַלטן, אַזוי באַליידיקט איז ער געווען אין זיינע געפילן פאַרן ווייסן מין. זאַגלאָבאַ ווידער האָט זיך צעלאַכט און אַזוי געזאָגט:

—אודאי איז אַזוי בעסער!

אָבער איר זענט גוטע פריינט—האָט בורלאַי געזאָגט—איר האָט אים אין אַן עת-צרה נישט פאַרלאָזט, און דו קליינער (דאָ האָט ער זיך געווענדט צו זשענדזשאַנען), דו ביזט דער בעסטער פון אַלע, ווייל איך האָב דיך שוין אין טשעהרין געזען, ווי דו האָסט אויף אונזער סאָקאָל אַכטונג געגעבן און אים צו-געטוליעט. נו, אויך איך בין אייער פריינט—זאָגט דעריבער, וואָס איר דאַרפט האָבן: קאָזאַקן, אָדער פערד? וועל איך אייך געבן, כדי עס זאָל אייך צוריקוועגס קיין בייז נישט געשען.

—קיין קאָזאַקן דאַרפן מיר נישט, הער פאַלקאָווניק—האָט

זאַגלאָבאַ געענטפערט—ווייל מיר זענען היימישע מענטשן און מיר וועלן פאָרן דורך אונזער לאַנד, און אין פאַל, חלילה, פון אַ בייזן באַגעגעניש, וועט מיט אַ גרויסער מחנה זיין ערגער ווי מיט אַ קליינער, אָבער פלינקע פערד וואָלטן אונז יאָ צונוץ געקומען.

—איך וועל אייך געבן אַזעלכע, אַז אפילו די טאָטערישע פערד וועלן זיי נישט אָניאָגן.

דאָ האָט זיך אָנגערופן זשענדזשאַן, וועלכער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין שעת-הכושר:

—און גראָשנס האָט דער אַטאַמאַן אונז ווייניק געגעבן, ווייל ער האָט אַליין נישט געהאַט, און אויף יענער זייט בראַצ-לאַוו קאָסט אַ מעסטל האָבער אַ טאָלער.

—טאָ קום מיט מיר אין די קאַמער—האָט בורלאַי געזאָגט.

זשענדזשאַן האָט זיך צוויי מאָל נישט געלאָזט איי-בערחזרן און ער איז צוזאַמען מיטן אַלטן פּאָלקאָווניק נעלם געוואָרן הינטער דער טיר און ווען ער האָט זיך אין אַ ווײַלע אַרום ווידער באַוויזן, האָט אַ שמחה אָפּגעשלאָגן פון זיין דיקן פּנים און דער בלאָער ראָק האָט זיך ווי אָנגעבלאָזן אויף זיין בויך.

—נו, פאָרט מיט גאָט—האָט זיך אָנגערופן דער אַלטער קאָזאַק—און אַז איר וועט נעמען דאָס מיידל, זאָלט איר אָפּ-טרעטן ביי מיר, וועל איך אויך אַ קוק-טון אויף באָהונס מיידל.

—דאָס איז נישט מעגליך, הער פּאָלקאָווניק—האָט דאָס יינגל דרייסט געענטפערט—ווייל די דאָזיקע ליאַכקע האָט שרעק-לעך מורא און זי האָט זיך שוין אַמאָל מיט אַ מעסער דער-שטאָכן. מיר האָבן מורא, אַז עס זאָל איר קיין בייז נישט גע-שען. זאָל שוין בעסער דער אַטאַמאַן זיך מיט איר אַן עצה געבן.

—ער וועט זיך אַן עצה געבן; זי וועט פאַר אים נישט מורא האָבן. ליאַכקע מיט ווייסע הענטעלעך! אַ קאָזאַק געפעלט איר נישט!—האָט בורלאַי געבורמעט.—פאָרט מיט גאָט! איר האָט שוין נישט ווייט!

פון יאָמפּאָל איז שוין נישט געווען ווייט ביז צו דער וואלאדינקאַ, אָבער דער וועג איז געווען אַ שווערער, און גיכער האָט זיך פאַר די ריטער אויסגעשפּרייט אַ פּוסטע ווייטקייט אָן אַן עק און אַ ברעג, ווייל אין יענע צייטן זענען יענע געגנטן נאָך געווען וויסט, ווי אַ מדבר, און נאָר זעלטן האט מען זיך אָנגעשטויסן אויף ישובים און בנינים. זיי זענען געגאַנגען פון יאַמפּאָל, אַ ביסל אויף מערב, דערווייטערנדיק זיך פון דניעסטר, כדי שפּעטער מיטן לויף פון די וואַלאַדינקאַ־וואַסערן צו גיין צו ראַשקווו־צו, ווייל נאָר אַזוי גייענדיק, האָט מען געקאָנט טרעפן צו דער הייל. אויפן הימל האָט געבלייכט דער מאָרגנשטערן, ווייל דער מאָלצייט ביי בורלאַין האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין די נאַכט און הער זאַגלאָבאַ האָט אויסגערעכנט, אַז פאַרן זון־אונטערגאַנג וועלן זיי די הייל נישט אויסגעפינען, אָבער דאָס זאָט אים דוקא נישט געאַרט, ווייל ער האָט געוואָלט העלענאַן באַפרייען טאַקע מיטן אָנקומען פון דער נאַכט. פאָרנדיק האָבן זיי דערווייל געשמועסט וועגן דעם, ווי אַזוי דאָס מזל האט זיי ביז איצט אין אַלץ צוגעשפּילט אויפן גאַנצן וועג, און הער זאַגלאָבאַ האָט זיי דערמאַנט בורלאַיס מאָלצייט און אַזוי געזאָגט:

—קוקט זיך נאָר צו, ווי אַזוי די דאָזיקע קאָזאַקן, וועלכע לעבן אין ברודערשאַפט, שטיצן זיך קעגנזייטיק אין יעדער נויט. איך רעד נישט וועגן המון, צו וועלכן זיי באַציִען זיך מיט ביטול און פאַר וועלכן זיי וועלן זיין נאָך ערגערע מושלים, אויב דער טייוול וועט זיי העלפן פּטור צו ווערן פון אונזער ממשלה; אָבער אין דער ברודערשאַפט איז איינער פאַרן צווייטן גרייט צו שפּרינגען אין פייער אַריין, נישט אַזוי ווי צווישן אונזער שלאַכטע.

—וואָס רעדט איר, מיין האַר—האָט זשענדזשאַן דערויף געענטפערט—איך בין צווישן זיי געווען אַ לאַנגע צייט און כ'האָב געזען, ווי אַזוי זיי פרעסן איינער דעם צווייטן, ווי די וועלף, און ווען נישט כמעלניצקי, וועלכער האַלט זיי אין דער מורא אַמאָל מיט כוח און אַמאָל מיט פּאָליטיק, וואָלטן זיי זיך

מיט אַמאָל אויפֿגעפֿרעסן מיט די נעגל. אָבער דער דאָזיקער בורלאַי איז צווישן זיי אַ גרויסער מלחמה-מאַן און כמעלניצקי אַליין איז אים נושא-פּנים.

—אָבער דו האָסט שוין אודאי פֿאַר אים דרך-ארץ, ווייל ער האָט זיך געלאָזט פֿון דיר באַגזלען. עי, זשענדזשאַן, זשענדזשאַן! דו וועסט נישט שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט!

—וואָס אייגעם איז באַשערט, מיין האַר; אָבער פֿאַר פֿירן אַ שונא אין באָד אַריין פֿאַרדינט מען דאָך אַ שבח אי פֿון גאָט און אי פֿון לייטן.

—דעריבער טאַקע טאָדעלט מען דאָך דיך נישט דערפֿאַר, נאָר פֿאַר דיין תאווה צו געלט. דאָס איז אַ ייִנגלשער גאַנג, פֿון וועלכן אַ שלאַכטשיץ מוז ווייכן און פֿאַר וועלכן דיין סוף וועט אודאי נישט גוט זיין.

—איך וועל נישט קאַרגן אויף אַ ליכט אין די קירך אַריין, אויב עס וועט זיך מיר איינגעבן צו פֿאַרדינען, כּדי אויך דער האַר גאָט זאָל פֿון מיר האָבן אַ הנאה און מיך ווייטער בענטשן; און דאָס, וואָס איך העלף אַרויס מיינע עלטערן, איז נישט קיין חטא.

—וואָס פֿאַר אַ דורכגעטריבענער פֿויגל האָט הער זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן, וועדנדיק זיך צו וואָלאָדיאָווסקין.—כ'האָב געמיינט, אַז אינאיינעם מיט מיר וועלן אויך מיינע המצאות גיין אין קבר אַריין, אָבער איך זע, אַז דאָס איז נאָך אַ גרעסערער פֿויגל. אַ דאַנק דער כיטרעקייט פֿון דאָזיקן ייִנגל וועלן מיר דאָך אונזער פֿירשטין באַפֿרייען פֿון באָהונס געפֿאַנגנשאַפֿט מיט באָהונס רשות און אויף בורלאַיס פֿערד. האָט שוין עמיצער אַמאָל אַזוינס געזען? און אַזוי קוקנדיק אויף אים וואָלסטו דאָך פֿאַר דעם דאָזיקן ייִנגל קיין דרייער נישט געגעבן.

זשענדזשאַן האָט מיט צופֿרידנקייט אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

—צי וועט אונז דען שלעכט זיין, מיין האַר?

—דו ביזט מיר געראָטן און ווען נישט דיין גיריקייט, וואָלט איך דיך צוגענומען פֿאַר אַ דינער; אָבער קוים האָסטו

בורלאַין אַזוי געפּירט אין באָד אַריין, בין איך דיר שוין מוחל דאָס, וואָס דו האָסט מיך גערופן שכור.

—דאָס האָב נישט איך אייך אַזוי גערופן, נאָר באָהון.

—גאָט האָט אים טאָקע באַשטראָפט—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט.

אויף אַזעלכע שמועסן איז זיי אַריבער דער פרימאָרגן, אָבער ווען די זון האָט זיך שוין געהאַט אַרויסגערוקט הויך אויפן הימל, זענען זיי געוואָרן ערנסט, ווייל אין אַ פּאָר שעה אַרום האָבן זיי שוין געזאָלט דערזען די וואַלאַדינקאַ. נאָך אַ לאַנגער נסיעה זענען זיי צום סוף צוגעקומען צום ציל, אָבער אַן אומרואיקייט, וואָס איז נאַטירלעך אין אַזעלכע פאַלן, האָט זיך אַריינגעגנבעט אין זייערע הערצער. צי לעבט נאָך העלענאַ? און אויב זי לעבט, צי וועלן זיי זי געפינען אין דער הייל? האָרפּינאַ האָט זי געקאָנט אַרויספירן, אָדער גאָר אין דער לעצטער רגע באַהאַלטן ערגעץ אין די פאַרהוילענע לעכער פון דער הייל, אָדער אומברענגען. די מניעות זענען נאָך נישט געווען בייגעקומען, די סכנות נאָך נישט אַלע באַזייטיקט. זיי האָבן אמת געהאַט אַלע סימנים, לויט וועלכע האָרפּינאַ האָט זיי געדאַרפט אָננעמען פאַר באָהונס שליחים, וואס דערפילן זיין רצון—אבער אפשר האָבן זיי די שדים אָדער רוחות מתרה געווען? דערפאַר האט מער פון אַלץ מורא געהאַט זשענדזשאַן, אָבער אויך הער זאַגלאָבאַ, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ידען אין שוואַרץ-קינצלעריי, האָט וועגן דעם נישט געטראַכט אָן אומרואיקייט. וואָרום אין אַזאַ פאַל וואָלטן זיי טאַקע די הייל געטראָפן אַ פּוסטע, דערפאַר אָבער וואָלטן דאָרט געלויערט אויף זיי קאָזאַקן פון ראַשקווו. די הערצער זייערע האָבן געקלאַפּט וואָס אַמאָל שטאַרקער, און ווען זיי האָבן צום סוף נאָך אַ פּאָר ווייטערדיקע שעה פאָרן דערזען פון הויכן קאַנט פון דער הייל דעם וואַסער-פאַס, וואָס האָט געבלאַנקט פון דערווייטנס, איז זשענדזשאַנס דיקע פּנים אַ ביסל בלאַס געוואָרן.

—דאָס איז די וואַלאַדינקאַ!—האָט ער געזאָגט מיט אַ געדעמפטער שטים.

—שוין?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט אויך מיט אַ שטילער שטים—זענען מיר, הייסט עס, שוין נאָענט...

—זאָל אונז נאָר גאָט באַשיצן!—האט זשענדזשאַן זיך צו-גערופן—מיין האַר, זאָל דער האַר זיך נעמען כישוף-מאַכן, ווייל איך האָב שרעקלעך מורא...

—דאָס כישוף-מאַכן איז אַ שטות! מיר וועלן איבערצלמען דעם טייך און די עפנונגען—דאָס וועט האָבן מער פעולה.

הער וואָלאָדיאָווסקי איז געווען רויִקער פון אַלע, אָבער ער האָט געשוויגן; ער האט נאָר גוט באַקוקט די פיסטאָלעטן און געטאַפּט די שווערד, צי זי גייט לייכט אַרויס פון דער שייד.

—איך האָב אויך אַ געהייליקטע קויל אין דעם דאָזיקן פיסטאָלעט—האָט זשענדזשאַן געזאָגט—אין נאָמען פון פאָטער און זון און הייליקן גייסט! לאָמיר פאָרן ווייטער!

—מיר פאָרן ווייטער! מיר פאָרן ווייטער!

אין אַ געוויסע צייט אַרום זענען זיי צוגעקומען צום ברעג פון טייכל און זיי האָבן אַ קער-געטון די פערד אין דער ריכ-טונג פון זיין לויף. דאָ האט הער וואָלאָדיאָווסקי זיי פאַרהאַלטן אויף אַ ווײַלע און געזאָגט:

—זאָל זשענדזשאַן נעמען דעם שטאַב, ווייל אים קען די מכשפה, און זאָל ער דער ערשטער מיט איר רעדן, כדי זי זאָל זיך פאַר אונז נישט דערשרעקן און נישט אַנטלויפן ערגעץ אין אַ לאָך מיט דער פירשטין.

—איך וועל דער ערשטער נישט פאָרן, זאָלן די האַרן מאַכן וואָס זיי ווילן—האָט זשענדזשאַן געזאָגט.

—אויב אַזוי פאָר, שוטה, דער לעצטער.

דאָ האָט הער וואָלאָדיאָווסקי דער ערשטער זיך אַ לאָז געטון אין וועג אַריין, נאָך אים איז געריטן הער זאַגלאָבאַ, און צום סוף האט זיך מיט די פערד נאָכגעשלעפּט זשענדזשאַן, וועלכער האט זיך אומרואיק אומגעקוקט אויף אַלע זייטן. די פערדישע קאָפּיטעס האבן געקלונגען איבער די שטיינער, אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ טיפע מדבר-שטילקייט, נאָר די

היישעריקן און די פעלד־פערדעלעך, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין די לעכער און שפּאַרעס, האָבן הויך געצישעט, ווייל דער טאָג איז געווען אַ הייסער, הגם די זון האט שוין שטאַרק אַראָפּגענידערט פון דרום. די רייטער זענען צום סוף צוגעפאָרן צו אַ בערגל, אַ רונדיקס, ווי אַן איינגערגעקערטער פאַנצער פון אַ ווייטער, איבער וועלכן די געשפּאָלטענע און פון דער זון אָפּ־געבריִענטע פעלזן האבן געהאַט אַ פּנים פון רואינעס, פון חורבות פון הייזער און קירך־טורעמס; וואָלסט געמיינט: עפּעס אַ שלאָס אָדער אַ שטאָט, וואָס דער שונא האָט נעכטן חרוב געמאַכט. זשענדזשאַן האָט געוואָרפן אַ בליק און אַ שטויס געטון דעם הער זאַגלאָבאַ.

—דאָס איז אַ שדים־חורבה—האָט ער געזאָגט—איך דער־קען לויט דעם, וואָס באהון האָט מיר געזאָגט. דאָ־אַרום וועט ביינאַכט קיינער לעבעדיקערהייט נישט דורכגיין.

—אויב ער וועט נישט דורכגיין, וועט ער אפשר דורכ־פאָרן—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט—טפו! וואָס פאַר אַ פאַרשאָלטן לאַנד. צי זענען מיר אָבער כאָטש אויפן ריכטיקן וועג!

—פון דאָ איז שוין נישט ווייט:—האָט זשענדזשאַן גע־זאָגט.

—געלויבט איז גאָט—האָט הער זאַגלאָבאַ געענטפערט און זיין געדאַנק האָט אים אַוועקגעטראָגן צו דער פירשטין.

ס'איז אים עפּעס מאָדנע געווען אויף דער נשמה, און זעענדיק די ווילדע ברעגעס פון דער וואַלאַדינקאַ, די וויסטקייט און פוסטקייט, האָט ער כמעט נישט געגלויבט, אַז די פירשטין זאָל קאָנען זיין אַזוי נאָענט—זי, צוליב וועלכער ער האָט אי־בערגעלעבט אַזוי פיל צרות און סכנות און וועלכע ער האָט אַזוי ליב באַקומען, אַז ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן איר טויט, האָט ער אַליין נישט געוווסט, ווו ער זאָל זיך אַהינ־טון אויף דער וועלט. אָבער פון דער צווייטער זייט ווערט דער מענטש צוגעוווינט אפילו צו צרות, און הער זאַגלאָבאַ האָט אַזאַ לאַנגע צייט זיך שוין געהאַט צוזאַמענגעלעבט מיטן געדאַנק, אַז זי איז פאַרכאַפּט, געפינט זיך ערגעץ ווייט אין באָהונס רשות,

אַז איצט האָט ער זיך נישט דערוועגן זיך צו זאָגן: אָט קומט שוין אַ סוף צו דער בענקעניש, צו די זוכעניש, עס קומט אָן אַ צייט פֿון נחת און מנוחה. דערבײַ האָבן אויך אַנדערע קשיות זיך געשטופּט אים אין קאָפּ אַרײַן: וואָס וועט זי זאָגן, אַז זי וועט אים דערזען? צי וועט זי זיך נישט באַגיסן מיט טרערן? ווײַל די דאָזיקע רעטונג נאָך אַזאַ לאַנגער און שווערער געפֿאַנגענשאַפֿט וועט אויף איר אַראָפּפֿאַלן ווי אַן אומגעריכטער דונער. גאָט האָט זיך זײַנע וווּנדערלעכע דרכים—האָט זאַגלאָבאַ געטראַכט—און ער באַווײַזט אַלץ אַזוי קונציק צונויפֿצוקניפּן, אַז די צניעות גייט דערפֿון אַרויס מיט אַ נצחון און די רשעות מיט אַ שאַנד-פּלעק. גאָט האָט צוערשט איבערגעגעבן זשענדזשאַנען אין באָהונס הענט, און דערנאָך האָט ער פֿון זיי געמאַכט פֿרײַנט. גאָט האָט גורם געווען, אַז די מלחמה, די שטרענגע מאַמע, זאָל אָפּרופֿן דעם ווילדן אַטאַמאַן פֿון די דאָזיקע מדבריות, אין וועלכע ער האָט זײַן שלל ווי אַ וואָלף פֿאַרשלעפּט. גאָט האָט שפּעטער אים איבערגעגעבן אין וואָלאָדיאָוואָסקיס הענט און ווידער אים צונויפֿגעפֿירט מיט זשענדזשאַנען—און אַזוי האָט זיך אַלץ צונויפֿגעלייגט, אַז איצט, ווען העלענאַ פֿאַרלירט שוין אפֿשר דאָס לעצטע ביסל האָפֿנונג—און ריכט זיך שוין פֿון ערגעץ נישט אויף הילף—קומט די הילף! „עס קומט אַ סוף צו דײַנע טרערן, טעכטערל מײַנס—האָט זאַגלאָבאַ ווײַטער געטראַכט—און אינגיכן וועט פֿאַר דיר אויפֿגיין אַ גרויסע שמחה. אוי! ווי דאַנקבאַר זי וועט זײַן, ווי זי וועט די הענטלעך צונויפֿלייגן! און דאַנקען!"

דאָ האָט זיך דאָס מיידל ווי אַ לעבעדיקע אים געשטעלט פֿאַר די אויגן—און דאָס האַרץ פֿון שלאַכטשיץ איז צעגאַנגען און ער האָט זיך פֿאַרזונקען אין מחשבות וועגן דעם, וואָס עס וועט אין אַ ווײַלע אַרום געשען.

דאָ האָט אים זשענדזשאַן פֿון הינטן אַ צי-געטון פֿאַרן אַרבל.

—האַר!

—וואָס איז?—האָט זאַגלאָבאַ געפֿרעגט אַן אומצופֿרידענער,

וואָס מ׳האָט אים איבערגעהאַקט די געדאַנקען.

—דער האַר האָט געזען? אַ וואָלף איז פאַר אונז דורכ-געלאָפן.

—נו איז וואָס?

—איז דאָס נאָר געווען אַ וואָלף?

—גיב אים אַ קוש אין די נאָז.

אין דער רגע האָט וואָלאָדיאָווסקי פאַרהאַלטן דאָס פערד.

—האָבן מיר נאָר נישט געבלאָנדזשעט?—האָט ער גע-פרעגט—ווייל דאָ מוז עס שוין זיין.

—ניין!—האָט זשענדזשאַן געענטפערט—מיר פאָרן אַזוי, ווי באָהון האָט געזאָגט. הלואי מיר זאָלן שוין דאָס אַלץ האָבן איבערגעקומען.

—מיר וועלן איבערקומען, אויב מיר פאָרן גוט.

—כ׳האָב נאָך געוואָלט בעטן די האַרן נישט אַרויסצולאָזן פון אויג טשערעמיסן, ווען איך וועל רעדן מיט דער מכשפה; דאָס זאָל זיין אַ גרויסער פאַסקודניק, אָבער, ווי מ׳זאָגט, איז ער אַ גרויסער מזיק אין שיסן פון אַ ביקס.

—האָב נישט קיין מורא—פאָרן!

זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן אָפּצופאָרן אַ פאָר צענדליק שריט, ווי די פערד האָבן גענומען אַראָפּלאָזן די אויערן און כראַפּען. אויף זשענדזשאַנען האָט זיך די הויט געגרונצלט, ווייל ער האָט זיך געריכט, אַז אַ ליאַדע רגע וועט פון יענער זייט פעלז זיך דערהערן אַ געברום פון אַ רוח, אָדער ס׳וועט זיך באַווייזן עפּעס אַן אומגעלומפּערטע און אומבאַקאַנטע געשטאַלט—אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די פערד האָבן געכראָ-פּעט נאָר דערפאַר, וואָס זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען האַרט נעבן ליג-אָרט פון יענעם וואָלף, וועלכער האָט פריער אַזאַ אימה אָנגעוואָרפן אויפן יינגל. אַרום און אַרום איז געווען שטיל; אפילו די היישעריקן האָבן אויפגעהערט צו צישן, ווייל די זון האָט שוין געהאַט אַראָפּגענידערט אויף די צווייטע זייט פון הימל. זשענדזשאַן האָט זיך איבערגעצלמט און באַרואיקט.

מיט אַמאָל האָט וואָלאָדיאָווסקי פאַרהאַלטן דאָס פערד.

—איך זע די הייל—האָט ער געזאָגט—וואָס דער אַריינגאַנג איז צו איר פאַרשטעלט מיט אַ פעלז, אָבער אין פעלז איז פאַראַן אַ שפּאַלט.

—אין נאָמען פון גאָט און זון און גייסט—האָט זשענדזשאַן געשעפּטשעט—דאָ איז עס!

—נאָך מיר!—האָט הער מיכאַל אַ קאָמאַנדע-געגעבן, אויס דרייענדיק דאָס פערד.

אין אַ ווײַלע אַרום זענען זיי געשטאַנען ביים שפּאַלט פון פעלז און זיי זענען אים דורכגעפאָרן ווי אונטער אַ שטיינערנעם סופיט. עס האט זיך פאַר זיי געעפנט אַ ברייטע הייל, וועלכע איז געווען געדיכט באַוואַקסן אויף די זייטן און האָט זיך ווייט פאַנאַנדערגערוקט אין דער פאָרם פון אַ רחבותדיקן האַלב-רונדיקן פלאַכן שטח, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט ריזיקע מויערן.

זשענדזשאַן האָט גענומען רופן מיט אַלע כּוחות:

—באָ-הון! באָ-הון! מכשפה! זיי באַגריסט! באָהון! באָהון!

זיי האָבן פאַרהאַלטן די פערד און אַ געוויסע צייט געשטאַנען שטילשווייגנדיק, דערנאָך האָט דאָס ייִנגל ווידער גענומען רופן:

—באָהון! באָהון!

פון דער ווייטנס האט זיך דערטראָגן אַ געביל פון הינט.

—באָהון! באָהון!

אויפן לינקן אַראפּהאַנג פון דער הייל, אויף וועלכן עס זענען געפאַלן די רויטע און גילדענע שטראַלן פון דער זון, האבן גענומען רוישן די געדיכטע צווייגן פון די דערנער און ווילדע פלוימען-ביימער און אין אַ ווײַלע אַרום האט זיך שיר בישט אויפן סאַמע שפּיץ פון אַראָפּהאַנג באַוויזן עפּעס אַ מענטשלעכע געשטאַלט, וועלכע האָט איינבויגנדיק זיך און פאַרשטעלנדיק מיט דער האַנט די אויגן זיך גוט איינגעקוקט אין די אָנקומענדיקע.

—דאָס איז האָרפּינאַ!—האט זשענדזשאַן געזאָגט און צו-

נויפלייגנדיק די הענט ביים מויל, האט ער אַ דריט מאָל גענו־מען רופן:

—באָהון! באָהון!

האָרפּינאַ האָט גענומען אַראָפּגיין און גייענדיק האט זי זיך צוריקעבויגן אויף הינטן כּדי צו דערהאַלטן דאס גלייכ־געוויכט. זי איז געגאַנגען גיך, און נאָך איר האט זיך געקאַ־טשעט עפּעס אַ קליין, פּעסט פאַרשוינדל, מיט אַ לאַנגער טער־קישער ביקס אין דער האַנט; די ביימלעך האָבן זיך געבראָכן אונטער די מעכטיקע שריט פון דער מכשפה, די שטיינער האָבן זיך פון הינטער זיי אַראָפּגעקייקלט מיט אַ געקנאַק אויפן דנאָ פון דער הייל און אַזוי איינגעבויגן, אַ רויט-באַשטראַלטע, האָט זי באמת געהאַט אַ פּנים פון עפּעס אַ ריזיקער, מחוץ-לדרך־הטבעדיקער בריאה.

—ווער זענט איר?—האָט זי געזאָגט מיט אַ הויכער שטים, ווען זי איז שטיין-געבליבן אויפן דנאָ.

—וואָס מאַכסטו, מכשפה?—האָט געזאָגט זשענדזשאַן, וועל־כער איז ווידער געקומען צו זיך זענדיק, אַז עס שטייען פאַר אים מענטשן, נישט קיין רוחות.

—דו, באָהונס דינער? דו! כ'דערקען דיך! דו קליינער! און זיי, ווער זענען זיי?

—באָהונס פריינט.

—אַ שיינע מכשפה—האָט הער מיכאַל אַ ברום-געטון אונ־טער די וואָנסעלעך.

—און צו וואָס זענט איר געקומען אַהער?

—אָט האָסטו דעם שטאַב, דאָס מעסער און דעם רינג—ווייסטו וואָס דאָס באַדייט?

די ריזן-מויד האט גענומען די צייכנס אין די האַנט און זיי גוט באַקוקט, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

—די ריכטיקע סימנים! איר זענט געקומען נאָך דער פירשטין?

—יאָ. איז זי געזונט?

—געזונט. און פאַרוואָס איז באָהון אַליין נישט געקומען?

—באַהון איז פאַרווונדעט.

—פאַרווונדעט? איך האָב עס אין דער מיל געזען.

—אויב דו האָסט געזען, פאַרוואָס־זשע פרעגסטו? דו ליגסט, וואַלד־האַרן? האָט זשענדזשאַן זיך אָנגערופן.

די מכשפה האָט אַ שמייכל געטון און געוויזן אירע ווייסע ציין ווי ביי אַ וואָלף און צונויפקלייגנדיק די פינגער אין אַ פויסט האָט זי זשענדזשאַנען אַ זעץ געטון אין די זייט.

—דו, קליינער, דו!

—גייסט אַוועק!

—קום אַהער! גיב אַ קוש! הו! און ווען וועט איר נעמען די פירשטין?

—באַלד, ווי נאָר די פערד וועלן זיין אויסגערוט.

—נעמט זי! איך וועל אויך מיט אייך מיטפאָרן.

—נאָך וואָס עפּעס וועסטו מיטפאָרן?

—מיין ברודער איז דער טויט אָנגעצייכנט. אים וועלן די ליאַכן אויף אַ דראָנג אַרויפזעצן. איך וועל מיטפאָרן מיט אייך.

זשענדזשאַן האָט זיך איינגעבויגן אויפן זאָטל, כלומרשט עס זאָל אים לייכטער זיין צו שמועסן מיט דער מויד, און ער האָט זיין האַנט אומבאַמערקט אַרויפגעלייגט אויפן הענטל פון פיסטאָלעט.

—טשערעמיס, טשערעמיס!—האָט ער געזאָגט, ווילנדיק וועבדן די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע חברים אויפן צווערגל.

—צו וואָס רופסטו אים? ער האָט אַן אָפּגעשניטענע צונג.

—איך רוף אים נישט, נאָר איך חידוש זיך איבער זיין שיינער צורה. דו וועסט פון אים נישט אַוועקפאָרן—ער איז דיין מאַן.

—ער איז מיין הונט.

—און נאָר איר צוויי זענט אין דער הייל?

—מיר צוויי—די פירשטין איז די דריטע.

—דאָס איז גוט דו וועסט פון אים נישט אַוועקפאָרן.

—כ׳וועל פאָרן מיט אייך, האָב איך דיר געזאָגט.

—און איך זאָג דיר, אַז דו וועסט בלייבן.

אין דער שטים פון ייִנגל איז געווען עפּעס אַזוינס, אַז די ריזן-מויד האָט זיך אומגעדרייט אויפֿן אָרט מיט אַן אומרו-איקן פּנים, ווייל אַ חשד האָט זיך מיט אַמאָל אַריינגעגנבעט אין איר האַרץ.

—וואָס רעדסטו?—האָט זי געזאָגט.

—אָט וואָס!—האָט זשענדזשאַן געענטפֿערט און איר אַריינ-געקנאַלט פֿון פּיסטאָלעט אין די בּרוסטן פֿון אַזוי נאָענט, אַז דער רויך האָט זי אויף אַ ווײַלע אינגאַנצן באַדעקט.

האָרפּינאַ האָט זיך צוריקגעצויגן מיט פֿאַנאַנדערגענומענע הענט; די אויגן זענען איר אַרויסגעקראָכן פֿון קאָפּ, עפּעס אַ נישט-מענטשלעכער קוויטש האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון איר האַלז, זי האָט זיך אַ וואַקל-געטון און אין דער גאַנצער לענג זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד מיטן פּנים אַרויף.

אין דער זעלבער רגע האָט הער זאַגלאָבאַ טשערעמיסן אַ שניט געטון מיט דער שווערד איבערן קאָפּ, אַז דער ביין האָט אַזש אַ קריץ-געטון אונטער דער שאַרף; דאָס מיאוסע צווערגל האָט אפילו קיין קרעכץ נישט אַרויסגעלאָזט, ער האָט זיך נאָר צונויפגעקנוילט ווי אַ וואָרם און גענומען ציטערן, און די פֿינגער ביי זיינע הענט האָבן זיך דאָ געעפֿנט און דאָ פֿאַרמאַכט, ווי די נעגל פֿון אַ גוסטדיקן וואָלף.

זאַגלאָבאַ האָט מיט דער פּאָלע פֿון ראָק אָפּגעווישט די מיט פּאַרע פֿאַרלאָפֿענע שווערד, און זשענדזשאַן איז אַראָפּגע-שפּרונגען פֿון פֿערד און כאַפּנדיק אַ שטיין האָט ער אים גע-וואָרפֿן אין האָרפּינאַס ברייטע ברוסט, דערנאָך האָט ער עפּעס גענומען אונטערן בוזעם.

דער ריזיקער גוף פֿון דער מכשפֿה האָט נאָך געקאָפּעט די ערד מיט די פֿיס, די קאָנווולסיע האָט מוראַדיק אויסגע-קרומט איר פּנים, אויף די אויסגעשטשירעטע ציין האָט זיך אָפּ-געזעצט אַ בלוטיקער שוים, און פֿון גאַרגל איז אַרויסגעגאַנגען אַ געשטיקטער כאָרכל.

ביני-לביני האָט דאָס ייִנגל אַרויסגענומען פֿון בוזעם אַ

שטיקל קרייד, האָט דערמיט אָנגעצייכנט אַ צלם אויפן שטיין און געזאָגט:

—איצט וועט זי שוין נישט אויפשטיין.

דערנאָך איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויפן זאָטל.

—מאַרש!—האָט הער וואָלאָדיאָווסקי אַ קאָמאַנדע־געגעבן.

זיי זענען געפלויגן ווי אַ ווירבער אין דער לענג פון קוואַל, וואָס האָט זיך געצויגן אין מיטן הייל; זיי האָבן גע־מיטן דעמבעס, וואָס זענען געווען שיטער צעוואָרפן איבערן וועג און פאַר זייערע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ כאַטע, ווייטער אַ הויכע מיל, וואָס איר פייכט ראָד האָט געבלישטשעט, ווי אַ רויטער שטערן אין די שטראַלן פון דער זון. הינטער דער כאַטע האָבן צוויי געוואַלטיקע הינט, וואָס זענען געווען צוגע־בונדן אויף שטריק ביי די ווינקלען, זיך געריסן צו די אָנ־פאָרנדיקע מיט אַ ווילד פאַרביסענעם געבייל און געהייל. הער וואָלאָדיאָווסקי איז געפאָרן דער ערשטער און איז דער ערש־טער צוגעפלויגן; ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און צו־לויפנדיק דערנאָך צו דער אַריינגאַנגס־טיר, האָט ער זי אַ שטויס געטון מיטן פוס און איז אַריינגעפאַלן אין פאָדער־הויז, קלינגנ־דיק מיט דער שווערד.

אין פאָדער־הויז אויף רעכטס האָט מען דורך דער אָפע־נער טיר געזען אַ גרויסע שטוב פול מיט זעגעכץ און שפּענער, אין דער מיט האָט געברענט אַ פייער־הויפן, פון וועלכן ס'האָט געזעצט אַ געדיכטער רויך; לינקס איז די טיר געווען פאַר־מאַכט. „דאָרט מוז זי זיין!”—האָט הער וואָלאָדיאָווסקי אַ טראַכט געטון—און ער איז צוגעשפּרונגען צו איר.

ער האָט אַ ריס־געטון, געעפנט—איז אַרויף אויף די שוועל און איז אויף דער שוועל געבליבן שטיין ווי אַן איינגעגראָ־בענער.

טיף אין שטוב, מיט דער האַנט אָנגעשפּאַרט אויף דעם קאַנט פון בעט, איז געשטאַנען העלענאַ קורצעוויטש, אַ בלאַסע, מיט האָר צעלאָזטע אויף די פּלייצעס און אָרעמס, און אירע איבערגעשראָקענע אויגן, וואָס זענען געווען געווענדט אויף וואָ־

לאָדיאָווסקין, האָבן געפרעגט: ווער ביזטו? וואָס ווילסטו?—ווייל זי האָט פריער דעם קליינעם ריטער נאָך קיינמאָל נישט גע-זען—ער ווידער איז פאַרבליפט געוואָרן אויפן אָנבליק פון דער דאָזיקער שיינקייט און פון דעם דאָזיקן חדר, וואָס איז געווען באַדעקט מיט סאַמעט און גאָלדענע געוועבן. צום סוף איז ער געקומען צו זיך און זיך אָנגערופן:

—האָט נישט מורא, פרייליין, מיר זענען סקשעטוסקיס פריינט!

די פירשטין האָט זיך דעמאָלט אַ וואָרף-געטון אויף די קני.

—ראַטעוועט מיך!—האָט זיך אויסגערופן, צונויפלייגנדיק די הענט.

אָבער אין דער זעלבער רגע איז אַריינגעפאַלן הער זאַ-גלאָבאַ, אַ צאַפּלדיקער, אַ רויטער, אַ פאַרסאַפּעטער.

—דאָס זענען מיר!—האָט ער געשריגן—דאָס זענען מיר געקומען צו הילף!

דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער און דערזעענדיק אַ באַ-קאַנט פּנים, האָט די פירשטין זיך אויסגעבויגן ווי אַן אונטער-געהאַקטע בלום, די הענט אירע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, די אויגן זענען פאַרשטעלט געוואָרן מיט באַפרעזלטע פאָרהענגלעך און זי איז געפאַלן אין חלשות

(סוף פון דר טן טייל)

# פאַרלאַג ש. יאַטשקאָווסקי, לעשנאָ 27

## איבערזעצונגען:

גאַבריעלע ד'אַנונציא — דזשיאָוואַני עפּיסקאָפּאָ
(ראָמאַן) פון איטאַליעניש: מאַרק ראַקאָווסקי

וו. דאָראָשעוויטש — לעגענדן און מעשהלעך פון
אריענט פון רוסיש מאַרק ראַקאָווסקי

ע. דע אמיטשיס — דאָס האַרץ
יידיש: שלמה שיינבערג

פ. מ. דאָסטאָיעווסקי — זכרונות פון טויטן הויז
יידיש: א. זילבערמאַן

אַנרי באַרביס — דאָס פייער (טאָגבוך פון אַ ראָטע)
פון פראַנצויזיש: בונם וואַרשאַווסקי

אַ. טורגעניעוו — רודין יידיש א. זאַק

פיער לאָטי — די פישער פון איסלאַנד (ראָמאַן)
פון פראַנצויזיש: מאַרק ראַקאָווסקי

מאַקסים גאָרקי — דריי (ראָמאַן)
פון רוסיש: מרדכי ניידין

ב. קעלערמאַן — אינגעבאָרג
פון דייטש: מנחם פלאַקסער

הענריק שענקעוויטש — מיט פייער און שווערד
I טייל (ראָמאַן) יידיש: משה בליישטיפט
„ II „ „ „ „
„ III „ „ „ „
„ IV „ „ „ „

## אָריגינעלע ווערק:

ז. סעגאַלאָוויטש — אַ לעגענדע וועבט זיך
„ — ראָמאַנטישע יאָרן
„ — אייביק איינזאַם (ראָמאַן)
אפרים קאַגאַנאָווסקי — טירן-פענצטער (נאָוועלן)
שלמה קאָרנבלום — געלייטערטע (ראָמאַן)
יהושע פערלע — זינד
א. ראָזענפעלד — די גרינע בריק
י. מעסטעל — מלחמה-נאָטיצן פון אַ יידישן אָפיציר I ב.
ה. ד. נאָמבערג — דאָס בוך פעליעטאָנען
לייב ניידוס — ליטווישע אראבעסקן I באַנד
ש. וואולמאַן — גילגולים

## ביבליאָטעק פאַר יוגנט:

פ. מ. דאָסטאָיעווסקי — יידיש גיטל מייזיל

## מאָזאַיק - ביבליאָטעק:

1. גוי דע מאפאסאן — דער עלטערן-מערדער און אַנדערע פון פראַנצויזיש: מאַרק ראַקאָווסקי
2. קאטיל מענדעס — דער פאַרלוירענער גן-עדן און אַנד. פון פראַנצויזיש: מאַרק ראַקאָווסקי
3. ז. סעגאַלאָוויטש — אַ פרוי אין קאַזאַרמע
4. מאַרסעל פרעוואָ — די ברוסט

## אין קורצן דערשיינען:

פ. מ. דאָסטאָיעווסקי — ווייסע נעכט, אייביקער מאַן
קלאָד פאַרער — מאַרקיזן יאָריסאַקאָ
פיער בענואַ — אַטלאַנטידאַ

העינריק שענקעוויטש

# מיט פייער און שווערד

יידיש: משה בליישטיפט



ווארשע 1924

פארלאג ש. יאטשקאָווסקי, גענשע 7

געדרוקט בא ברידער וואָיצ=
קיעוויטש. וואַרשאָ, גענשע 15

געבונדן בא א. קאמיען

Z ogniem i mieczem
Henryka Sienkiewicza

Wydawnictwo Szymon
Jaczkowski — Warszawa

Drukarnia B-ci Wójcikiewicz
Warszawa, Gęsia 15.

# 1 קאַפּיטל.

ווי נאָר די פערד האָבן זיך געהאַט אויסגערוט, זיינען זיי אַנטלאָפן אַזוי גיך, אַז ווען די לבנה האָט זיך אַרויסגערוקט איבערן סטעפּ, זיינען זיי שוין געווען אין דער געגנט פון דער סטודענקאַ הינטער דער וואָלאַדינקאַ. צוערשט איז געפאָרן הער וואָלאָדיאָוואָסקי, אומקוקנדיק זיך גוט אויף אַלע זייטן—הינטער אים איז געפאָרן זאַגלאָבאַ נעבן העלענאַן און גאָר צום סוף זשענדזשאַן, וואָס האָט געפירט די משא-פערד און צוויי רייטפערד, וועלכע ער האָט נישט פאַרגעסן אַרויסצונעמען פון האַרפּינאַס שטאַל. ביי זאַגלאָבאַן האָט זיך דאָס מויל נישט פאַרמאַכט, און ער האָט טאַקע געהאַט וואָס צו דערציילן דער פירשטין, וועלכע האָט, זיצנדיק פאַרשפאַרט אין דער ווילדער הייל, נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ער האָט איר דערציילט, ווי אַזוי מ'האָט זי פון אָנהויב אָן געזוכט, ווי אַזוי טקשעטוסקי איז אַזש קיין פּערעיאַסלאַוו געפאָרן זוכן באָהונען, וואָס וועגן זיין מפּלה אין דועל האָט ער נישט געוווּסט און צום סוף, ווי אַזוי זשענדזשאַן האָט פון אַטאַמאַן אַרויסבאַקומען דעם סוד פון איר באַהעלטעניש און אים מיטגעבראַכט קיין זבאַראַזש.

—דערבאַרמדיקער גאָט—האָט העלענאַ געזאָגט, אויפהייבנדיק צו דער לבנה איר שיין, בלאַס פּנים—איז הער סקשעטוסקי אַזש אויף יענער זייט דניעפּר געגאַנגען נאָך מיר?

—קיין פּערעיאַסלאַוו, אַזוי ווי דו הערסט. און ער וואָלט אוודאי אינאיינעם מיט אונז געקומען אַהער, ווען נישט דאָס, וואָס מיר האָבן קיין צייט נישט געהאַט צו שיקן נאָך אים, ווייל מיר האָבן זיך געאיילט דיר צו קומען צו הילף. ער ווייס נאָך גאָרנישט וועגן דיין רעטונג און ער איז טאָג-טעגלעך

נישט מצער-
מתפלל פאַר דיין נשמה—אָבער דו זאָלסט דיך שוין
זיין. זאָל ער נאָך אַ ביסל ליידן, אויב עס וואַרט אויף אים
יאָ אַזאַ שׂכר.
—און איך האָב געמיינט, אַז אַלע האָבן אָן מיר פאַר-
געבעטן דעם טויט ביי גאָט.
געסן, און איך האָב נאָר
—נישט נאָר מיר האָבן אָן דיר נישט פאַרגעסן, נאָר מיר
האָבן די גאַנצע צייט געהאַט די איינע דאגה, ווי אַזוי דיר קו-
מען צו הילף. מילא, אַז מיר און סקשעטוסקין האָט געדאַרט
דער קאָפּ, איז עס פאַרשטענדלעך, אָבער אָט דער דאָזיקער רי-
טער, וואָס פאָרט פאַר אונז, האָט מיט דער זעלבער מסירות-
נפש נישט חס געוועזן נישט אויף קיין מי און נישט אויף זיין
האַנט.
—זאָל אים גאָט דערפאַר באַלוינען.
—אַזוי איז שוין אפנים אייער מזל, אַז די מענטשן ווערן
צו אייך צוגעבונדן, אָבער וואָלאָדיאָווסקין קומט באמת אַ דאַנק,
ווייל, ווי געזאָגט, האָבן מיר ביידע באַהונען צעשניטן, ווי אַ
העכט.
—אַ סך האָט מיר הער סקשעטוסקי דערציילט נאָך אין
ראַזלאָגי וועגן וואָלאָדיאָווסקין, ווי וועגן זיין בעסטן פריינט...
—און ער האָט טאַקע גוט געטון, דאָס איז אַ גרויסע
נשמה אין אַ קליינעם גוף. איצט איז ער אַ ביסל פאַרחושט,
ווייל דיין שיינקייט האָט אים אפנים צעטומלט, אָבער וואַרט
נאָר, זאָל ער זיך נאָר צוגעוווינען און קומען צו זיך! גרויסע
זאַכן האָבן מיר מיט אים בעת די וואַלן אויפגעטון.
—האָבן מיר, הייסט עס, אַ נייעם קיניג?
—און דאָס האָסטו, אָרעמע, אויך נישט געוווּסט אין
יענעם פאַרשאָלטענעם מדבר? ס'הייסט! יאַן קאַזשימיערזש, וועל-
כער איז נאָך דעם פאַרגאַנגענעם הערבסט אויסגעקליבן געוואָרן.
קיניגט שוין דעם אַכטן חודש. אַ גרויסע מלחמה וועלן מיר
איצט האָבן מיט די רשעים, אָבער הלוואי זי זאָל מצליח זיין,
וואָרום דעם פירשט יערעמי האָט מען באַזייטיקט און אויסגע-

קליבן האָט מען אַנדערע, וועלכע זענען דערצו מסוגל, ווי איך חתונה צו האָבן.

—און הער סקשעטוסקי וועט גיין אין דער מלחמה?

—אַן ערלעכער זעלנער איז דאָס און איך ווייס נישט, צי דו וועסט פועלן, אַז ער זאָל נישט גיין. מירביידע האָבן שוין אַזאַ טבע! ווי נאָר מיר דערשמעקן דעם ריח פון פולווער, קאָן שוין קיין שום כוח אונז נישט איינהאַלטן. אוי! די רשעים האָבן פאַראַיאָרן גוט געשפּירט דעם טעם פון אונזערע ביידנס קלעפּ. די נאַכט וואָלט נישט געקלעקט, ווען איך וואָלט דיר וועלן אַלץ געטנוי מיט אַלע פּרטים, דערציילן. אוודאי וועלן מיר גיין, אָבער שוין מיט אַ גרינג געמיט, ווייל דער עיקר איז דאָך דאָס, וואָס מיר האָבן דיך, אָרעמע, אויסגעפונען, דיך, אַן וועלכער דאָס לעבן איז אונז נמאס געוואָרן.

די פירשטין האָט אַראָפּגעבויגן איר באַחנט פּנים צו זאַגלאָבאַן.

—כ'ווייס נישט פאַרוואָס איר האָט מיך ליב באַקומען, אָבער איר ליבט מיך אוודאי נישט מער, ווי איך אייך.

זאַגלאָבאַ האָט גענומען סאַפּען פון נחת.

—האָסטו מיך טאַקע אויך ליב?

—אָ, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקע!

—זאָל דיך גאָט דערפאַר באַלוינען, ווייל איך וועל האָבן אַ גרינגערע עלטער. נישט איינמאָל זיינען מיר די ווייבער נאָכגעלאָפן, וואָס עס האָט אויך אין וואַרשע בעת די וואַלן געטראָפן. וואָלאָדיאָווסקי איז אַן עדות! אָבער די ליבע-געפילן נעמען מיך שוין נישט און נישט קוקנדיק אויף מיין הייסן בלוט, וועל איך זיך גערן מיט אַ פאָטערלעכן געפיל צופרידנשטעלן.

ס'איז געוואָרן שטיל, בלויז די פערד האָבן שטאַרק גענאָסן איינס נאָכן צווייטן, וואָס די רייטער האָבן אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן.

—צום געזונט! צום געזונט!—האָבן די רייטער געענטפערט. די נאַכט איז געווען אַ העלע. די לבנה איז וואָס אַמאָל

העכער אַרויפגעשוווּמען אויפן הימל, וועלכער איז געווען גע-
דיכט-באַזעצט מיט פינקלדיקע שטערן, און איז געוואָרן וואָס
אַמאָל קלענער, בלאַסער. די פאַרמאַטערטע פערד האָבן גענומען
שטעלן די שריט פאַמעלעכער, און אויך די רייטער האָבן דער-
שפירט אַ מידקייט. וואָלאָדיאָווסקי האָט דער ערשטער פאַרהאַלטן
דאָס פערד.

—צייט אָפּצורוען—האָט ער געזאָגט—באַלד וועט דער מאָרגנ-
שטערן אויפשיינען.

—שוין צייט!—האָט זאַגלאָבאַ איבערגעחזרט—איך בין שוין
אַזוי שלעפעריק, אַז עס דוכט זיך מיר, מיין פערד האָט צוויי
שטערנס.

אָבער נאָך פאַרן אָפּרו האָט זשענדזשאַן אַ טראַכט געטון
וועגן נאַכט-עסן; ער האָט טאַקע אָנגעצונדן אַ פייער, דערנאָך
האָט ער אַראָפּגענומען פון פערד די זעק, האָט פון זיי אַרויס-
גענומען די זאַפּאַסן, מיט וועלכע ער האָט זיך נאָך ביי בורלאַין
אין יאַמפּאָל געהאַט פאַרזאָרגט: ברויט פון קוקורוזע, קאַלטע
פליישן, געטרוקנטע פירות און וואָלאָכישן וויין. אויפן אָנבליק
פון די צוויי לעדערנע זעק, וועלכע זענען געווען גוט אָנגע-
בלאָזן מיט פליסיקייט און האָבן אַרויסגעגעבן אַ כאָרכלדיקן און
זיסן אָפּקלאַנג, האָט הער זאַגלאָבאַ פאַרגעסן אָן שלאָף—די
איבריקע האָבן אויך מיט חשק זיך גענומען צום עסן און האָבן
געגעסן. ס'האָט פאַר אַלע געקלעקט בשפע, און ווען זיי האָבן
שוין געהאַט גענוג, האָט הער זאַגלאָבאַ אָפּגעווישט דאָס מויל
מיט דער פּאָלע און געזאָגט:

—ביזן טויט וועל איך נישט אויפהערן צו טענהן: וווּנדער-
לעך זיינען גאָטס דרכים! אָט ביזטו פריי, גנעדיקע פריילין, און
מיר זיצן זיך דאָ געטרייסטע און געשיצטע און טרינקען בור-
לאַיס וויין. כ'וועל נישט זאָגן, אַז אונגאַר-וויין איז נישט בע-
סער, ווייל דערפון הערט זיך דער ריח פון לעדער, אָבער אין
וועג איז דאָס אויך גוט.

—איבער איין זאַך חידוש איך מיך זייער שטאַרק—האָט

הפֿלענאַ געזאָגט—וואָס האַרפּינאַ האָט אַזוי לייכט מסכּים געווען מיך איבערצוגעבן אין אייערע הענט.

הער זאַגלאָבאַ האָט געקוקט אויף וואָלאָדיאָווסקין, דערנאָך אויף זשענדזשאַנען און גענומען שטאַרק פּינטלען מיט די אויגן.

—זי האָט מסכּים געווען, ווייל זי האָט געמוזט. איבריקנס, מען דאַרף דערפון נישט מאַכן קיין סוד, ווייל עס איז נישט קיין בזיון, וואָס מיר האָבן ביידע, האַרפּינאַן מיט טשערעמיסן, אומגעבראַכט.

—ס'הייסט?—האָט די פירשטין אַן איבערגעשראָקענע גע-פרעגט.

—האָסטו גאָרנישט געהערט די שיסעריי?

—כ'האָב געהערט, אָבער כ'האָב געמיינט, אַז טשערעמיס שיסט.

—נישט טשערעמיס איז דאָס געווען, נאָר אָט דאָס דאָזיקע בחור'ל, וואָס האָט די פירשטין מיט איין שאָס געממיתט. אַ שד זיצט אין אים, דאָס איז אמת, אָבער ער האָט אַנדערש נישט געקאָנט טון, ווייל די מכשפה, כ'ווייס נישט, צי ווייל זי האָט עפּעס געוווּסט, אָדער מחמת עס האָט זיך איר אַזוי פאַרגלוסט, האָט זיך איינגעעקשנט, אַז זי מוז מיט אונז מיטפאָרן. ס'איז שווער געווען דאָס צוצולאָזן, ווייל זי וואָלט זיך באַלד אַרומגע-זען, אַז מיר פאָרן נישט קיין קיעוו. ער האָט זי דעריבער דערשאָסן און איך האָב דעם דאָזיקן טשערעמיס צעשניטן. דאָס איז אַן אמתע אַפריקאַנישע פאַרזעעניש און כ'מיין, אַז גאָט וועט מיר דאָס נישט נעמען פאַר אומגוט. אויך אין גיהנום, וועט מען מיט אים קיין גרויסע גדולה נישט האָבן. פאַרן אָפּפאָרן פון דער הייל, בין איך אַרויסגעפאָרן דער ערשטער און זיי אַוועק-געשלעפּט אַ ביסל אין אַ זייט, כּדי דו זאָלסט דיך נישט דער-שרעקן אויפן אָנבליק פון די הרוגים, אָדער עס נישט אָננעמען פאַר אַ שלעכטן סימן.

די פירשטין האָט דערויף זיך אָנגערופן:

—צופיל האָב איך שוין מיינע אייגענע געזען טויטערהייט אין די דאָזיקע שרעקלעכע צייטן, אַז איך זאָל נאָך מורא האָבן

פאַרן אָנבליק פון הרוגים, אָבער כ׳וואָלט בעסער וועלן נישט לאָזן הינטער זיך קיין בלוט, כדי גאָט זאָל אונז דערפאַר נישט שטראָפן.

—ס׳איז אויך נישט געווען קיין ריטערלעכע טאַט—האָט וואָלאָדיאָווסקי האַרט געזאָגט—און איך האָב צו איר קיין האַנט נישט געוואָלט צולייגן.

—צו וואָס טויגן, מיין האַר, די טענות—האָט זשענדזשאַן געזאָגט—אַז אַנדערש האָט עס נישט געקאָנט זיין. ווען מיר וואָלטן עפּעס רעכטס אומגעבראַכט, וואָלט איך נישט גערעדט, אָבער גאָטס שונאים מעג מען, און איך האָב דאָך אַליין געזען, אַז די דאָזיקע מכשפה האָט געהאַט אַ מגע-ומשא מיט שדים. נישט דאָס אַרט, מיך!

—וואָס דען אַרט דעם הער זשענדזשאַן?—האָט די פירשטין געפרעגט.

—דאָרט איז פאַרגראָבן געלד, וועגן וועלכן באָהון האָט מיר געזאָגט, און די האַרן האָבן אַזוי געיאָגט, אַז עס האָט נישט געקלעקט קיין צייט אויף אויסצוגראָבן, הגם דאָס אָרט געבן דער מיל קען איך גוט. דאָס האַרץ האָט מיר אויך וויי געטון, וואָס מ׳האָט געמוזט איבערלאָזן אויף הפקר אַזוי פיל עשירות אין יענער שטוב, אין וועלכער דאָס פריילין האָט געוווינט.

—גיב אַ קוק, וואָס פאַר אַ דינער דו ווערסט האָבן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט צו דער פירשטין—אַ הוץ זיין האַר, וואָלט ער פון טייוול אַליין די הויט אַראָפּגעשינדן אויף צו מאַכן זיך פון איר אַ קאָלנער.

—מיט גאָטס הילף וועט הער זשענדזשאַן זיך נישט האָבן צו באַקלאָגן אויף מיין אומדאַנקבאַרקייט—האָט העלענאַ געענט-פערט.

—איך דאַנק הכנעהדיק דעם גנעדיקן פריילין!—האָט דאָס יינגל געזאָגט, קושנדיק איר אין די האַנט.

די גאַנצע צייט איז וואָלאָדיאָווסקי געזעסן און האָט גע-שוויגן, ער האָט נאָר געטרונגקען ,ווין פון לאָגל און געמאַכט

בייזע העזות, ביז דאָס דאָזיקע אומגעווײנלעכע שטילשווייגן זיינס האָט פאַרחידושט זאַגלאָבאַן.

—און הער מיכאַל—האָט ער געזאָגט—זאָל דאָס אַ וואָרט אַרויסרעדן. (דאָ האָט ער זיך געווענדט צו דער פירשטין). האָב איך דיר נישט געזאָגט, אַז דיין שיינקייט האָט ביי אים דעם שכל און דאָס לשון אָפּגענומען?

—איר וואָלט זיך בעסער אויסגעשלאָפן פאַרן זונ-אויפ-גאַנג!—האָט דער צעמישטער ריטער זיך אָנגערופן און גענומען שטאַרק באַוועגן מיט די וואָנסעלעך, אַקוראַט ווי אַ האָז, ווען ער וויל זיך צוגעבן מוט.

אָבער דער אַלטער שלאַכטשיץ איז געווען גערעכט. די אומגעווײנלעכע שיינקייט פון דער פירשטין האָט דעם קליינעם ריטער ווי פאַרשכורט. ער האָט געקוקט אויף איר, געקוקט און אין האַרצן זיך געטראַכט: איז עס דען מעגלעך, אַז אַזאַ מלאך זאָל אַרומגיין אויף דער ערד? וואָרום אַ סך שיינע מיידלעך האָט ער אין זיין לעבן געזען—שיין איז געווען פריילין אַננאַ און פריילין באַרבאַראַ זבאַראַזש, ווונדערלעך באַחנט איז אויך גע-ווען אַנושאַ באָזשאָבאָהאַטאַ—רייצנדיק איז אויך געווען פריילין זשוק, צו וועלכער ראָסטוואָראָווסקי האָט זיך געשאַרט, און ווייערשול, סקאָראָפּאַדזקאַ און באָהאָוויט, אָבער קיינע פון זיי האָט זיך נישט געקאָנט גלייכן מיט דער דאָזיקער ווונדערלעכער סטעפּ-בלום. לגבי יענע איז הער וואָלאָדיאָווסקי געווען אי אויפ-גערוימט און אי באַריידעוודיק, און איצט, ווען ער האָט אַ קוק געטון אויף די דאָזיקע סאַמעט-ווייכע, זיסע און מילדע אויגן, אויף די דאָזיקע זיידענע פאָרהענגלעך זייערע, וואָס זייער שאָטן איז געפאַלן אַזש אויף די באַקן, אויף די דאָזיקע האָר, וואָס זענען ווי אַ היאַצינט-בלוט געווען צעשאָטן איבער די אַקסלען און פּלייצעס—אויף די שטייפקייט פון דער פיגור, אויף די בולטע ברוסט, וועלכע האָט זיך לייכט געוויגט און פון וועלכער ס'האָט געשלאָגן אַ ליבע וואַרעמקייט, אויף די דאָזיקע בלענד-קייט פון ליליען און רויזן און אויף די זאַפטיקע רויטקייט פון די ליפּן—ווען הער וואָלאָדיאָווסקי האָט אויף דעם אַלעם געקוקט,

האָט ער פּשוט דאָס לשון פאַרלוירן און דאָס ערגסטע איז, אַז ער איז אין זיינע אייגענע אויגן אויסגעקומען נעבעכדיק, נאַריש, און באַזונדערס קליין, אָבער אַזוי קליין, אַז ביז לעכערלעכקייט. „דאָס איז אַ בת-מלכה, און איך בין אַ ייִנגל!“— האָט ער זיך געטראַכט מיט אַ געוויסער פאַרביטערטקייט און ער וואָלט צופרידן געווען, אַז עס זאָל עפּעס טרעפן אַ סבה, אַז פון דער פינסטערניש זאָל זיך אַרויסשלייכן עפּעס אַ ריז, ווייל ערשט דעמאָלט וואָלט דער אָרעמער הער מיכאַל געוויזן, אַז ער איז נישט אַזוי קליין, ווי ער זעט אויס. ס'האָט אים אויך גערייצט דאָס, וואָס הער זאַגלאָבאַ, קלייבנדיק אפּנים נחת דערפון, וואָס זיין טעכטערל רייסט אַזוי די אויגן, האָט יעדע ווײַלע געכראַקעט און שוין גענומען גטרייבן קאַטאָוועס און מוראדיק געפּינטלט מיט די אויגן.

און דערווייל איז זי געזעסן פאַרן פייער, באַלויכטן פון העל-רויטן פלאַם און ווייסער לבנה, אַ זיסע, אַ רויקע און וואָס אַמאָל אַ שענערע.

—זיי מודה, הער מיכאַל—האָט צומאָרגנס אינדערפרי געזאָגט זאַגלאָבאַ, ווען זיי האָבן זיך אַ ווײַלע געפונען אַליין— אַז נאָך אַזאַ מיידל וועסטו נישט געפינען אין דער גאַנצער רעפּובליק. אויב דו וועסט מיר ווייזן נאָך אַזאַ מיידל, וועסטו מיך קאָנען האַלטן פאַר דעם גרעסטן שוטה.

—איך לייקן דאָס נישט—האָט דער קליינער ריטער געענטפערט—זי איז טאַקע אַ זעלטענע שיינקייט, וואָס אַזעלכע האָב איך נאָך ביז איצט נישט געזען, ווייל אפילו יענע געטלעכע פיגורן אין קאַזאַנאָווסקיס פּאַלאַץ, וואָס זיינען אַזוי אויסגעטאָקט פון מאַרמאָר, אַז זיי זעען אויס ווי לעבעדיקע, קאָנען מיט איר זיך נישט פאַרגלייכן. עס חידושט מיך שוין איצט נישט, וואָס די בעסטע מענער שלאָגן זיך צוליב איר—ווייל ס'איז כדאי.

—און וואָס? און וואָס?—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—ס'איז נישט באַוווסט, ווען זי איז שענער—באַגינען צי אין אָוונט? ווייל זי גייט שטענדיק אַרום אַן אויסגעפּוצטע, ווי אַ רויז. כ'האָב דיר שוין געזאָגט, אַז איך בין אויך אַמאָל געווען אומגעוויינלעך

שיין—אָבער איך וואָלט אפילו דעמאָלט געמוזט פּאַר איר אָפּ־טרעטן הגם אַנדערע זאָגן, אַז זי איז אויף מיר ענלעך, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

—גייט צום טייוול!—האָט דער קליינער ריטער אויסגעשריגן.

—זיי נישט אין כעס, הער מיכאַל, ווייל דו ביזט שוין אַזוי אויך גענוג בייז. דו קוקסט אויף איר, ווי אַ ציג-באָק אויף קרויט, און הערסט נישט אויף צו קנייטשן דאָס פּנים; מ׳וואָלט געקאָנט שווערן, אַז די תאוה בייסט דיך—אָבער ס׳איז אַ צו איידעלער מאכל פּאַר דיין מאָגן.

—טפו!—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—ווי האָט דאָס אַן אַלטער מענטש נישט קיין בושה צו רעדן אַזעלכע שטותים?

—און פאַרוואָס דען ביזטו אַזוי אָנגעכמורעט?

—ווייל איר מיינט, אַז יעדע סכנה איז שוין אַריבער, ווי אַ פויגל אין דער לופט, און אַז מיר זענען שוין אינגאַנצן זיכער. אָבער אין דער אמתן מוז מען זיך נאָך דאָ גוט מיישב זיין און אַכטונג געבן, אַז מען זאָל זיך דאָ און דאָרט נישט אָנשטויסן אויף קיין מניעות. אונזער וועג איז נאָך פאַרבונדן מיט סכּנות און גאָט ווייס, וואָס אונז קאָן נאָך טרעפן, ווייל די מקומות, אין וועלכע מיר פאָרן, מוזן שוין זיין אַרומגענומען פון אַ העליש פייער.

—ווען איך האָב זי געהאַט פון ראָזלאָגי באַהונגען אַרויסגעגנבעט, איז געווען ערגער, ווייל מ׳האָט אונז גערודפט פון הינטן, און פאָרנט איז געווען די מרידה; פונדעסטוועגן בין איך דורכגעגאַנגען גאַנץ אוקראַינע, ווי דורך אַ פלאַם—און האָב אָנגעשפּאַרט אַזש ביז באַר. און צו וואָס האָט מען אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס? אין ערגסטן פאַל איז ביז קאַמעניעץ נישט אַזוי וויט.

—יאָ, אָבער די טערקן און טאָטערס האָבן אויך נישט וויט.

—ווייס איך, וואָס דו רעדסט דאָרט?

—איך רעד דאָס, וואָס איז, און זאָג, אַז עס איז כּדאי

זיך די זאַך גוט איבערצולייגן. בעסער איז, אַז מיר זאָלן קאַ־מעניעץ מיידן און זיך אַ קער טון צו באַר־צו, ווייל די קאָ־זאַקן האָבן עפּאַרן שטאַב דרך־ארץ, מיטן המון וועלן מיר זיך אַן עצה געבן, און אַז איין טאַטער וועט אויף אונז וואַרפן אַן אויג—איז אַלץ אויס! איך קען זיי פון לאַנג־אָן און פאַר די טאַטערישע מחנות, וועל איך באַווייזן צו גיין מיט די פייגל און וועלף צוגלייך, אָבער אַז מיר וועלן זיך גלייך אָנשטויסן אויף אַ טאַטערישע מחנה, דעמאָלט וועל איך אויך זיך נישט קאָנען וויין עצה געבן.

—אויב אַזוי, לאָמיר גיין דורך באַר, אָדער נעבן באַר; זאָל דאָרט קומען א מגפה אויף די קאַמעניעצער רשעים. איר ווייסט נישט, אַז זשענדזשאַן האָט גענומען פון בורלאַין אַ שטאַב. מיר קאָנען אומעטום גיין זינגנדיק צווישן די קאָזאַקן. דאָס ערג־סטע איז, וואָס מיר זענען שוין דורכגעפאָרן די מדבריות און גייען איצט אַריין אין אַ מענטשלעכן ישוב. מ׳דאַרף אויך אַ טראַכט טון וועגן דעם, אַז מיר זאָלן זיך פאַרנאַכט אָפּשטעלן אין אַ חוטאר, ווייל פאַרן מיידל איז דאָס אי אָנשטענדיקער, אי באַקוועמער. אָבער מיר דוכט זיך עפּעס, הער מיכאַל, אַז דו זעסט אַלץ צו שוואַרץ. וואָס צו אַלדע רוחות! דריי יינגען,— אָן שום חניפה פאַר דיר און פאַר מיר—דריי גבורים זאָלן זיך נישט קאָנען אַן עצה געבן אין סטעפּ? לאָמיר צונויפפאָרן אונ־זערע המצאות מיט דיין שווערד—און האַידאַ! מער קאָנען מיר נישט אויפטון. זשענדזשאַן האָט אויך בורלאַיס שטאַב, און דאָס איז דער עיקר, ווייל בורלאַי געוועלטיקט איצט איבער גאַנץ פּאָדאָל, און לאָמיר נאָר אַריבערקומען אויף יענע זייט באַר, האָבן מיר שוין דאָרט לאַנצקאָראָנסקין מיט די מלוכה־פּאָלקן. האַידאַ! הער מיכאַל, לאָמיר קיין צייט נישט פאַרלירן!

זיי האָבן טאַקע קיין צייט נישט פאַרלוירן און געאיילט זיך דורכן סטעפּ צו צפון און מערב־זייט, וויפיל די פערד האָבן נאָר געקאָנט יאָגן. אויף דער הויכקייט פון מאָהילעוו זענען זיי אַריין אין אַ מער באַוווינטן לאַנד, אַזוי, אַז אין אָוונט־צייט איז אין ערגעץ נישט שווער געווען צו געפינען אַ חוטאר אָדער אַ

דאָרף, ווו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף נאַכט-לעגער, אָבער דער רויטער מאָרגנשטערן האָט זיי שטענדיק שוין געטראָפן אויף די פערד און אין וועג. צום גליק איז דער זומער געווען אַ טרוקענער, די טעג הייסע, די נעכט—טויאיקע, און באַגינען האָט דער נאַנצער סטעפּ זיך געזילבערט, גלייך ווי ער וואָלט מיט פראָסט געווען באַדעקט. די וואַסערן האָט דער ווינט אויס-געטרוקנט די טייכן זענען אַראָפּגעפאַלן—און זיי זענען זיי אַרי-בערגעגאַנגען אָן שווערקייטן. גייענדיק אַ געוויסע צייט לענג-אויס און אַרויף-צו דורך לאָזאָוואַ, האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן אויף אַ לענגערע אָפּרו אין שאַרגאָראָד, ווו עס איז געשטאַנען אַ קאָזאַקן-פּאָלק, וואָס האָט געהערט צו בורלאַיס קאָמאַנדע. דאָרט האָבן זיי געטראָפן בורלאַיס שליחים, און דערונטער דעם הויפּט-מאַן קונאַ, וועלכן זיי האָבן געזען אין יאַמפּאָל, אויפן מאָלצייט ביי בורלאַין. קונאַ האָט זיך אַ ביסל געחידושט, וואָס זיי גייען נישט דורך בראָצלאַוו, רייגרוד און סקווירא קיין קיעוו, אָבער קיין שום חשד האָט זיך אין זיין מוח נישט אָפּגעשטעלט, בפרט, אַז זאַגלאָבאַ האָט אים דערקלערט, אַז זיי זענען נישט געגאַנ-זען דאָרט-אַרום מחמת מורא פאַר די טאָטערס, וועלכע האָבן געזאָלט אַרויסמאַרשירן פון דער דניעפּר-זייט. דערפאַר האָט זיי קונאַ געזאָגט, אז בורלאַי האָט אים אַרויסגעשיקט צום פּאָלק, אים אָנצוזאָגן, אַז ר זאָל זיך גרייטן צום מאַרש און אַז אַליין וועט ער אויך אַ ליאַדע רגע מיט אַלע יאַמפּאָלער חיילות און טאָטערס אַראָפּקומען קיין שאַרגאָראָד, פון וואַנעט זיי וועלן תיכף זיך לאָזן ווייטער אין וועג אַריין.

עס זיינען געקומען שליחים פון כמעלניצקין צו בורלאַין מיט דער ידיעה, אַז די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן און מיט באַפעלן, אַז ער זאָל אַלע פּאָלקן פירן קיין וואָלין—און בורלאַי האָט שוין פון לאַנג אַליין געוואָלט זיך לאָזן קיין באַר, נאָר ער האָט נאָך אויסגעקוקט אויף די טאָטערישע פאַרשטאַרקונגען, ווייל ביי באַר האָט עפּעס די מורדים שלעכט אָנגעהויבן צו גיין. אָט האָט דער לאָנצקאָראָנסקי, דער קאָמענדאַנט, דאָרט שטאַרק צעקלאַפּט גרעסערע מחנות, פאַרנומען די שטאָט און

דאָס שלאָס באַזעצט מיט אַ גאַרניזאָן. עס זיינען דאָרט געפאַלן אויפן פלאַץ אַ פּאָר טויזנט קאָזאַקן און פאַר זיי האָט טאַקע דער אַלטער בורלאַי געוואָלט נקמה-נעמען, על-כל-פנים דאָס שלאָס צוריק אָפּנעמען. קונא האָט אָבער געזאָגט, אַז כמעלניצקיס לעצטע באַפעלן צו גיין קיין וואָלין, האָבן פאַרשטערט די דאָזי-קע פּלענער און אַז באַר ווערן זיי איצט נישט קאָנען באַלאַ-גערן, סיידן די טאַטערס וועלן עס דווקא וועלן.

—און וואָס, הער מיכאַל—האָט זאַגלאָבא געזאָגט אויפן צווייטן טאָג—באַר איז פאַר אונז און כ'וואָלט דאָרט געקאָנט אַ צווייט מאָל די פירשטין באַהאַלטן, אָבער זאָל עס דאָרט דער טייוול כאַפּן. כ'האָב שוין נישט קיין אמונה אין באַר און נישט אין קיין שום פעסטונג, זייט די רשעים האָבן מער האַרמאַטן, איידער די קרוין-חיילות. איין זאַך באַאומרויקט מיך אָבער: עפּעס קלייבן זיך כמאַרעס אַרום אונז.

—נישט בלויז עס קלייבן זיך כמאַרעס—האָט דער ריטער געזאָגט—נאָר אַ שטורם בושעוועט שוין הינטער אונז, כ'מיין די טאַטערס און בורלאַין, וועלכער וואָלט זיך שטאַרק פאַרחידושט, ווען ער וואָלט אונז אָנגעיאָגט און געזען, אַז מיר פאָרן נישט קיין קיעוו, נאָר גאָר אין אַ גאַנץ אַנדערע זייט.

און ער וואָלט אונז גרייט געווען צו ווייזן אַן אַנדערן וועג. זאָל-זשע אים דער טייוול פריער ווייזן, וועלכער שליאַך עס פירט גלייך אין גיהנום אַריין. לאָמיר זיך וועטן, הער מי-כאַל: מיט די קאָזאַקן, וועל איך זיך אַליין אַן עצה געבן, אָבער די טאָטערס—לאָז איך פאַר דיר.

—איר וועט האָבן אַ לייכטערע מערכה מיט די קאָזאַקן, וועלכע האַלטן אונז פאַר אייגענע—האָט וואָלאָדיאָווסקי געענט-פערט.—וואָס שייך די טאָטערס, איז נאָר פאַראַן איין עצה: וואָס גיכער צו אַנטלויפן, כדי זיך אַרויסצוגליטשן, כל-זמן ס'איז צייט, פון דער נעץ. גוטע פערד מוזן מיר אויפן וועג, ווו עס וועט זיך נאָר טרעפן, איינקויפן, כדי די, וואָס מיר האָבן, זאָלן שטענדיק זיין פריש.

—ס'וועט דערויף קלעקן הער לאָנגינס בייטעלע, און אויב

ס'וועט נישט קלעקן, וועלן מיר ביי זשענדזשאַנען צונעמען בור-לאַיס געלט, און איצט ווייטער אין וועג אַריין!

און זיי זיינען געפאָרן נאָך אייליקער, אַז די זייטן פון די פערד האָט אַזש באַדעקט אַ שוים, וועלכער איז, ווי שניי-פלאַכטעס אַראָפּגעפאַלן אויפן גרינעם סטעפּ. זיי זיינען דורכגע-גאַנגען דערלאַ און לאַדאַוואַ. אין באָרעק האָט הער וואָלאָדי-אָווסקי איינגעקויפט נייע פערד, נישט אַוועקוואַרפנדיק די אַלטע, ווייל די, וואָס זיי האָבן געקריגן געשענקט פון בורלאַיין, זיינען געווען פון אַ מיוחסדיקן מין, מ'האָט זיי דעריבער מיטגעפירט מיט זיך. און אַזוי זיינען זיי געפאָרן ווייטער, מאַכנדיק וואָס אַמאָל קורצערע אָפּשטעלן און נאַכט-לעגערס. דאָס געזונט האָט אַלעמען גוט געדינט און העלענאַ, הגם זי איז געווען אויסגע-מאַטערט פון דער נסיעה, האָט געשפּירט, אַז מיט יעדן טאָג קומען איר צו פרישע כוחות. אין דער הייל האָט זי געלעבט פאַרשפאַרט און זי איז כמעט נישט אַרויס פון איר מיט גאָלד אויסגעפוצטער שטוב, ווייל זי האָט זיך נישט געוואָלט טרעפן מיט דער אומפאַרשעמטער האַרפּינאַ און הערן אירע דבורים און צורעדענישן. איצט האָט די פרישע סטעפּ-לופט באַנייט איר גע-זונט. רויזן האָבן זיך צעבליט אויף אירע באַקן, די זון האָט אָפּגעברענט איר פּנים, אָבער דערפאַר האָבן אירע אויגן באַקו-מען אַ גלאַנץ—און ווען דער ווינט האָט פון צייט-צו-צייט צע-שויבערט אירע האָר אויפן שטערן, וואָלסטו געמיינט: עפּעס אַ ציגיינערין, די וואונדערלעכסטע כישוף-מאַכערין, אָדער אַ ציגיי-נערישע בת-מלכה, פאָרט איבערן ברייטן סטעפּ—בלומען פאַר איר, און הינטער איר ריטערס.

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט איינציקווייז זיך צוגעוווינט צו איר אומגעוויינלעכער שיינקייט, און אַזוי ווי די נסיעה האָט זיי מקרב געווען, האָט ער זיך צום סוף מיט איר צונויפגע-לעבט. ער האָט דעמאָלט צוריק באַקומען דאָס לשון און די פרייַלעכקייט און אָפט, רייטנדיק נעבן איר, האָט ער דערציילט וועגן לובני, און מער פון אַלץ וועגן זיין פריינטשאַפט מיט סקשעטוסקין, ווייל ער האָט באַמערקט, אַז זי הערט דאָס זייער

גערן; צייטנווייז האָט ער זיך אויך גערייצט מיט איר, זאָגנדיק:

—איך בין באַהונס פריינט און איך פיר אייך צו אים.

און זי האָט די הענט צונויפגעלייגט, כּלומרשט אין גרויסער שרעק, און גענומען מיט איר זיסער שטים בעטן:

—טוט דאָס נישט, חשובער ריטער, קוילעט מיך בעסער באַלד אַוועק.

—אָ, ס'קאָן נישט זיין! איך וועל שוין אַזוי טון!—האָט דער שטרענגער ריטער געענטפערט.

—קוילעט מיך!—האָט די פירשטין איבערגעחזרט, פינטלענדיק מיט אירע שיינע אויגן און אויסשטרעקנדיק צו אים דעם האַלז.

דעמאָלט האָט אַ שוידער אָנגעכאַפּט דעם קליינעם ריטער. „זי קריכט אין קאָפּ אַריין, דאָס דאָזיקע מיידל, ווי וויין!—האָט ער זיך געטראַכט—אָבער איך וועל זיך מיט אים נישט אָנטרינקען, ווייל ער איז נישט מיין"—און דער ערלעכער הער מיכאַל האָט זיך אָפּגעשאָקלט און איז ווייטער געריטן. און ווען ער האָט שוין געזונקען טיף אין די גראָזן, האָט דער שוידער אים אָפּגעלאָזט און זיין מוח איז געווען פאַרנומען נאָר מיט דעם איינעם געדאַנק: צי איז זי זיכער, צי פאָרן זיי גוט און צי רוקט פון ערגעץ נישט אָן אַ סכנה? ער האָט זיך דעריבער אויפגעשטעלט אויף די שפּאָרנס, האָט די געלע וואָנסעלעך איבער די גראָז-כוואַליע אַרויסגעשטעקט און געקוקט, געשנאַפּט, געהאָרכט ווי אַ טאָטער, ווען ער קריכט אויף אַלע פיר איז די ווילדע פעלדער.

הער זאַגלאָבאַ איז אויך געווען גוט געשטימט.

—ס'איז אונז איצט לייכטער צו אַנטלויפן—האָט ער געזאָגט—איידער דעמאָלט ביים קאַהאַמליק, ווען מיר האָבן געמוזט, ווי די הינט, זיך שלעפּן צופוס מיט אַרויסגעהאָנגענע צינגער. די צונג אין מויל איז מיר דעמאָלט אַזוי פאַרטרוקנט געוואָרן, אַז כ'וואָלט מיט איר געקאָנט האָלץ שניצן און איצט קאָנען מיר, אַ דאַנק גאָט, אי ביינאַכט זיך אויסרוען און אי ס'איז פאַראַן מיט וואָס די קעל פון צייט צו צייט צו באַנעצן.

—און געדענקט איר, ווי איר האָט מיך אויף די הענט דורכן וואַסער אַריבערגעטראָגן?—האָט העלענאַ זיך אָנגערופן.

—דו וועסט אויך האָבן—הלואי מיר זאָלן עס דערלעבן—ווּעמען אויף די הענט צו טראָגן—סקשעטוסקיס דאגה וועט עס שויז זיין.

—הו! הו!—האָט זשענדזשאַן געלאַכט.

—לאָזט אָפּ, כ'בעט אייך—האָט די פירשטין געשעפּטשעט, רויט-ווערנדיק און אַראָפּלאָזנדיק די אויגן.

אַזוי האָבן זיי צווישן זיך געשמועסט אין סטעפּ כדי צו פאַרטרייבן די צייט אויפן וועג. צום סוף זענען זיי אויף יענער זייט באַרעק און יאַלטושקאָוו אַריין אין אַ לאַנד, אין וועלכן עס זענען נאָך קענטיק געווען די פרישע שפורן פון דער מלחמה. דאָרט האָבן ביז איצט געבושעוועט באַוואָפנטע קאָזאַקן-באַנדעס, דאָרט האָט ערשט נישט לאַנג אויך לאַנצקאָראָנסקי אונטערגעצונדן און געקוילעט, ווייל ער האָט ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק זיך צוריקגעצויגן קיין זבאַראַזש. אונזערע וואַנדערער האָבן זיך אויך דערוווּסט פון די אָרטיקע מענטשן, אַז כמעלניצקי מיטן כאַן האָבן מיט אַלע כוחות אַרויסגעמאַרשירט קעגן די ליאַכן, און בעסער געזאָגט קעגן די קאָמענדאַנטן, וואָס זייערע חיילות בונטעווען זיך און ווילן נישט זיך שלאָגן אַנדערש, נאָר אונטער ווישניאָוויעצקיס קאָמאַנדע. אַלע האָבן דערביי אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז איצט וועט שוין זיכער קומען אַן ענטגילטיקע מפּלה אָדער אויף די ליאַכן אָדער אויף די קאָזאַקן, אויב באַט'קאָ כמעלניצקי וועט זיך באַגעגענען מיט יאַרעמאַן. דערווייל איז דאָס גאַנצע לאַנד געווען ווי אַרומגענומען פון אַ פייער. אַלץ האָט זיך געכאַפּט צום געווער און זיך געלאָזט קיין צפון, כדי זיך צו פאַראייניקן מיט כמעלניצקין. פון אונטן, פון דניעסטער-טאָל, האָט בורלאַי געאיילט מיט דער גאַנצער מאַכט, און אויפן וועג האָבן זיך אויפגעכאַפּט אַלע פּאָלקן פון די פעסטונגען, צפרו-ערטער און פּאַשע-ערטער, ווייל אומעטום זענען אָנגעקומען באַפעלן. עס זענען אַזוי אַרום געגאַנגען קלענערע און גרעסערע פּאָלקן, און נעבן זיי האָט ווי אַ כוואַ-

ליע געשטראָמט דער המון, באַוואָפנט מיט דרעש-אײַזנס, גראַבּלעס, מעסערס, שפּיזן. די פערד-הענדלער האָבן אַוועקגעוואָרפן זײערע פערד, די פּערמער זײער פאַרמס, די בינשטאָק-באַזיצער זײערע בינשטעק, די ווילדע פישער די דניעפּר-ברעגעס, די יעגער די וועלדער. די דערפער, שטעטלעך און שטעט האָבן געפוסטעוועט. אין דרײַ וואָיעוודזטוועס זענען אין די ישובים פאַרבליבן נאָר די ווײַבער און קינדער, ווײַל די מײדלעך אפילו זענען אויך אַוועק מיט די ייִנגען זיך שלאָגן מיט די ליאַכן. און צו דער זעלבער צײַט האָט כמעלניצקי מיט אַלע זײַנע הויפּט-חיילות אָנגערוקט פון מזרח, ווי אַ בײַז-אָנזאָגנדיקער שטורם, פאַרניכטנדיק אויפֿן וועג מיט זײַן מעכטיכער האַנט שלעסער, גרויסע און קלײנע און אויסקוילנדיק דעם יתר-הפליטה פון די פריערדיקע פּאָגראָמען.

מיידנדיק באַר, וועלכע איז געווען פול מיט אומעטיקע זכרונות פאַר די פירשטין, זענען אונזערע וואַנדערער אַרויף אויף אַן אַלטן שליאַך, וואָס פירט דורך לאַטיטשעוו, פּלאָסקירעוו קײן טאַרנאָפּאָל און ווײַטער, אַזש ביז לעמבערג. דאָ האָבן זײ וואָס אַמאָל אָפטער זיך אָנגעשטויסן דאָ אויף קאַראַוואַנען פון וועגנס, דאָ אויף אָפּטײלונגען פון קאָזאַקישע פוס-גײער און רײַטער, דאָ אויף פויערן-מחנות, דאָ אויף אומגעהײערע, מיט שטויב-וואָלקנס באַדעקטע סטאַדעס פון אָקסן, וואָס זענען געטריבן געוואָרן אויף פּאַשע פאַר די קאָזאַקישע און טאַטאַרישע חיילות. דער וועג איז איצט געוואָרן אומזיכער, ווײַל פון צײַט צו צײַט האָט מען זײ געפרעגט: ווער זײ זענען, פון וואַנען זײ גײען און וווהין זײ פאָרן? די קאָזאַקישע אָפּטײלונגען פלעגט זאַגלאָבאַ אין אַזאַ פאַל ווײַזן בורלאַיס שטאַב און דערבײַ זאָגן:

—מיר זענען געשיקט פון בורלאַין, מיר פירן דאָס מײדל צו באָהונען.

און אויפֿן אָנבליק פון שרעקלעכן פּאָלקאָווניקס שטאַב, פלעגן די קאָזאַקן פאַר זײ מאַכן אַ וועג, בפרט, אַז יעדער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב באָהון לעבט, שלאָגט ער זיך שוין אודאי מיט די קאָמענדאַנטן בײַ זבאַראַזש אָדער קאָנסטאַנטינוו. אָבער

אַ סך שווערער איז די וואַנדערער אָנגעקומען פּטור צו ווערן פון חמון, פון דיווילדע מחנות פון די פינסטערע און שכורע פירער, וועלכע האָבן כמעט קיין שום השגה נישט וועגן די צייכנס, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן דורך די פּאָלקאָווניקעס אויף אַ פרייען דורכפאָר. ווען נישט העלענאַ, וואָלטן יענע האַלב-ווילדע מענטשן געהאַלטן זאַגלאָבאַן, וואָלאָדיאָווסקין און זשענ-דזשאַנען פאַר אייגענע און פאַר עלטסטע, און אַזוי האָט עס טאַקע אויך געטראָפן, אָבער העלענאַ האָט אומעטום געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט סיי צוליב איר מין און סיי צו-ליב איר אומגעוויינלעכער שיינקייט, און דערפאַר זענען נולד געוואָרן סכנות, וועלכע מ׳האָט מיט דער גרעסטער מי געמוזט גובר זיין.

פון צייט צו צייט פלעגט הער זאַגלאָבאַ ווייזן דעם שטאַב, און הער וואָלאָדיאָווסקי פלעגט אַמאָל מוזן ווייזן די ציין, און נישט איין הרוג האָבן זיי געלאָזט הינטער זיך. נאָר אַ פּאָר מאָל האָבן בורלאַיס מענטשן זיי מציל געווען פון אַ צו שווערן איבערפאַל—און די נסיעה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי מזל-דיק, איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער. העלענאַ, בטבע אפילו אַן אומדערשראָקענע, איז פון כסדרדיקער אומרויקייט און נישט-דערשלאָפנקייט שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן און זי האָט שוין באמת אויסגעזען, ווי אַ געפאַנגענע, וואָס ווערט קעגן איר ווילן געשלעפּט אין די פיינטלעכע געצעלטן; הער זאַגלאָבאַ האָט שטאַרק געשוויצט און אויסגעטראַכט כסדר נייע המצאות, וועלכע דער קליינער ריטער פלעגט באַלד לאָזן אין גאַנג, און ביידע האָבן די פירשטין באַרויקט, וויפיל זיי האָבן געקאָנט.

—מיר וועלן נאָר מיידן דאָס געווימל, וואָס מיר דאַרפן נאָך איבערקומען—האָט דער קליינער ריטער געזאָגט—און דורכ-גיין די סביבה פון זבאַראַזש, אדער כמעלניצקי מיט די טאָטערס וועלן זי פאַרפלייצן.

וואָרום ער איז דערגאַנגען אויפן וועג, אַז די קאָמענ-דאַנטן זענען אַראָפּגעקומען קיין זבאַראַזש און אַז זיי האָבן דאָרט בדעה זיך צו פאַרטיידיקן—זיי האָבן דעריבער זיך נע-

איילט אַהין, ריכטנדיק זיך מיט רעכטס, אַז אויך פירשט יערעמי וועט אָנקומען מיט זיין דיוויזיע צו די קאָמענדאַנטן, בפרט, אַז אַ טייל פון זיינע כוחות, און דערצו נאָך אַ גרעסערע טייל, האָט זיך שטענדיק אויפגעהאַלטן אין זבאַראַזש. דערווייל זענען זיי אָנגעקומען אַזש ביז פּלאָסקירוו. דאָס געווימל איז אויפן שליאַך טאַקע שיטער געוואָרן, ווייל שוין מיט צען מייל ווייטער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לאַנד, וואָס איז געווען פאַרנומען דורך די קרוין-חיילות, די קאָזאַקישע באַנדעס האָבן דעריבער זיך נישט דערוועגט צו קריכן ווייטער. ווייל זיי האָבן בעסער גע-וואָלט וואַרטן, פון אַ זיכערן מרחק אויף בורלאַיס אָנקומען פון איין זייט, און אויף כמעלניצקין פון דער צווייטער זייט.

—שוין נאָר צען מייל! שוין נאָר צען מייל!—האָט הער זאַגלאָבאַ איבערגעחזרט, רייבנדיק זיך די הענט.—אַבי מיר זאָלן נאָר צוקומען צום ערשטן פּאָלק, וועלן מיר שוין ביז זבאַראַזש דערגיין אין זיכערקייט.

הער וואָלאָדיאָווסקי האָט אָבער באַשלאָסן זיך צו פאַרזאָרגן אין פּלאָסקירוו מיט פרישע פערד, ווייל די, וואָס זיינען גע-קויפט געוואָרן אין באַרעק, האָבן שוין צו גאָרנישט געטויגט, און בורלאַיס האָט מען געמוזט שוינען אויף אַן עת-צרה. די דאָזיקע פאָרזיכטיקייט איז נויטיק געוואָרן, זייט עס האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז כמעלניצקי איז שוין ביי קאָנסטאַנ-טינוווו, און דער כאַן מיטן גאַנצן חייל איילט פון פּילאַווצע.

—מיר וועלן דאָ מיט דער פירשטין בלייבן הינטער דער שטאָט, ווייל ס'איז בעסער, אַז מיר זאָלן זיך אויפן מאַרק נישט ווייזן—האָט דער קליינער ריטער געזאָגט צו זאַגלאָבאַן, ווען זיי זענען אַריין אין אַ פאַרלאָזט הייזל, וואָס איז אויף אַ קורצן מהלך געווען אָפּגעזונדערט פון דער שטאָט—און איר גייט, פרעגט ביי די שטאָט-לייט צי זיי האָבן נישט קיין פערד צו פאַרקויפן אָדער צו פאַרבייטן. ס'איז שוין טונקל, אָבער מיר וועלן זיך לאָזן אין וועג אַריין אויף אַ גאַנצע נאַכט.

—איך וועל באַלד צוריקקומען—האָט הער זאַגלאָבאַ גע-זאָגט.

און ער איז אַוועקגעפאָרן אין די שטאָט אַריין. וואָלאָדי-אָווסקי האָט געהייסן זשענדזשאַנען אַ ביסל לויז מאַכן די גאַר-טלען ביי די זאָטלען, כדי די פערד זאָלן קאָנען אָפּרוען, און אליין האָט ער אַריינגעפירט די פירשטין אין די שטוב, בעטנ-דיק, אַז זי זאָל עסן און שלאָפן.

—כ׳וואָלט ביזן באַגינען געוואָלט דורכמאַכן די דאָזיקע צען מייל—האָט ער איר געזאָגט—שפּעטער וועלן מיר אַלע זיך אויסרוען.

קוים אָבער האָט ער געבראַכט די לאָגלען מיט ווייַן און דאָס עסנוואַרג, ווי עס האָבן פאַרן פאָדערהויז אָפּגעהילכט פער-דישע טריט.

דער קליינער ריטער האָט געגעבן אַ קוק-אַרויס דורכן פענסטער.

—הער זאַגלאָבאַ איז שוין צוריקגעקומען—האָט ער גע-זאָגט—אפּנים, ער האָט קיין פערד נישט געפונען.

אין דער רגע האָט זיך די טיר אויפגעפראַלט און זאַ-גלאָבאַ האָט זיך אין איר באַוויזן אַ בלאַסער, אַ בלויער, אַ פאַר-שוויצטער, אַ פאַרסאַפּעטער.

—אויף די פערד!—האָט ער אַ געשריי געטון.

הער מיכאַל איז געווען אַ צו אויסגעפרווטער זעלנער, אַז ער זאָל אין אַזעלכע פאַלן פאַרלירן צייט אויף קשיות. ער האָט זי אפילו נישט פאַרלוירן אויף מציל צו זיין דעם לאָגל מיט ווייַן (וועלכן הער זאַגלאָבאַ האָט אָבער מיטגעכאַפּט), נאָר ער האָט וואָס גיכער געכאַפּט די פירשטין, זי אַרויסגעפירט אויפן הויף און אַרויפגעזעצט אויפן זאָטל; האָט געוואָרפן אַ לעצטן בליק, צי די גאַרטלען זיינען צוגעצויגן, און אויסגע-רופן:

—מאַרש!

די פערדישע קאָפּיטעס האָבן אַ הילך-געטון און אין גיכן זיינען די רייטער און די פערד נעלם געוואָרן אין דער פינ-סטעניש, ווי אַ חלום.

זיי זיינען געפלויגן לאַנג אָן אָפּרו, און ערשט ווען בערך

אַ מרחק פון אַ מייל האָט זיי אָפּגעטיילט פון פּלאָסקאָראָוו און פאַרן אויפגיין פון דער לבנה איז די טונקלקייט געווען אַזוי געדיכט, אַז יעדעס נאָכיאָגן איז געווען אוממעגלעך, האָט הער וואָלאָדיאָווסקי זיך דערנענטערט צו זאַגלאָבאַן און געפרעגט:

—וואָס איז געווען?

—וואַרט... הער מיכאַל, וואַרט! כ׳האָב זיך שרעקלעך גע־יאָגט, כ׳בין שיר די פיס נישט פּטור געוואָרן—אוף!

—אָבער וואָס איז דען געווען?

—דער טייוול בכבודו ובעצמו, זאָג איך דיר, אָדער אַ שלאַנג, וואָס אַז דו האַקסט אָפּ אייז קאָפּ, וואַקסט אויס אַ צווייטער.

—רעדט-זשע קלאָרע דיבורים.

—כ׳האָב באָהונען אויפן מאַרק געזען.

—איר זענט משוגע געוואָרן?

—אויפן מאַרק האָב איך אים געזען, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן, צוזאַמען מיט פינף אָדער זעקס מענטשן; כ׳האָב נישט געקאָנט איבערציילן, ווייל די פיס האָבן זיך אונטער מיר גע־בראָכן... פלאַקערס האָבן זיי פאַר אים געהאַלטן... איך זע שוין איין, אַז דער שטן האָט זיך אונז געשטעלט אין וועג און איך האָב שוין פשוט פאַרלוירן די אמונה אין אַ מזלדיקן סוף פון אונזער נסיעה. צי איז ער אומשטערבלעך, דער דאָזיקער מחבל, אָדער וואָס? דערצייל אָבער גאָרנישט העלענאַן וועגן אים... אָ, גאָט! דו האָסט אים צעהאַקט, זשענדזשאַן האָט אים אַרויסגע־געבן—ניין! ער לעבט שוין, איז פריי און קריכט אין וועג אַריין. אוף! גאָט מיינער, גאָט מיינער! כ׳זאָג דיר, הער מיכאַל, אַז כ׳וואָלט בעסער וועלן זען אַ שד אויפן בית-הקברות, איידער אים! און פאַרוואָס, צום טייוול, האָב איך שוין אַזאַ מזל, אַז דוקא איך טרעף אים אומעטום דער ערשטער! אויף די הינט געזאָגט אַזאַ מזל! שוין-זשע זיינען נישטאָ קיין אַנדערע מענטשן אויף דער וועלט? זאָלן אים אַנדערע טרעפן! ניין!—שטענדיק איך און איך!

—און ער האָט אייך געזען?

—ווען ער וואָלט מיך געזען, וואָלסטו, הער מיכאַל, מיך שוין מער נישט געזען. דאָס האָט נאָך געפעלט!

—ס'וואָלט זייער ווילטיק געווען צו וויסן—האָט וואָלאָדי-אָווסקי געזאָגט—צי ער יאָגט זיך נאָך אונז, אָדער ער פאָרט גאָר צו דער וואָלאַדקינאַ, צו האַרפּינאַן, מיט דער כונה אונז צו כאַפּן אויפן וועג?

—איך מיין, אַז צו דער וואָלאַדקינאַ.

—איך מיין אויך אַזוי. אויב אַזוי, פאָרן מיר אין איין זייט, און ער אין אַ צווייטער זייט, און איצט האָבן מיר הינ-טער זיך שוין איין, אָדער צוויי מייל און אין אַ שעה אַרום וועלן מיר האָבן פינף מייל הינטער זיך. ביז ער וועט אויפן וועג עפּעס געוווּיר ווערן וועגן אונז און זיך אומדרייען, וועלן מיר זיין אין זשולקעוו, נישט נאָר אין זבאַראַזש.

—אַזוי זאָגסטו, הער מיכאַל? געלויבט איז גאָט! האָסטו מיך פּשוט מחיה געווען. אָבער זאָג מיר, ווי אַזוי קאָן דאָס זיין, אַז ער זאָל זיין אויף דער פריי, אויב זשענדזשאַן האָט אים איבערגעגעבן אין די הענט פון וואָלאָדאָווער קאָמענדאַנט?

—ער איז פּשוט אַנטלאָפן.

—אַזאַ קאָמענדאַנט פאַרדינט, אַז מ'זאָל אים דעם קאָפּ אַראָפּהאַקן. זשענדזשאַן! העי, זשענדזשאַן!

—און וואָס באַגערט דער האר?—האָט דאָס יינגל געפרעגט, איינהאַלטנדיק דאָס פערד.

—וועמען האָסטו באַהונען אַרויסגעגעבן?

—דעם האַר רעגאָווסקי.

—און ווער איז דאָס דער דאָזיקער האַר רעגאָווסקי?

—דאָס איז א גרויסער ריטער, אַ פּאָרוטשניק פון האַר קיניגס פאַנצער-פּאָלק.

—אַז עס זאָל דיך!—האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן א קנאַק-טוענדיק מיט די פינגער—אויב אַזוי, ווייס איך שוין נישט! געדענקט איר נישט, וואָס האָט לאָנגינוס אונז דערציילט וועגן דער שנאה צווישן הער סקשעטוסקין און רעגאָווסקין? ער

איז דאָך הער לאַשטשס, דעם וועלטערס, אַ קרוב און פאַר זיין בזיון טראָגט ער אַ שנאה אויף סקשעטוסקין.

—כ'פאַרשטיי, כ'פאַרשטיי! —האָט הער זאַגלאָבאַ אַ געשריי געטון—ער האָט דאָס געמוזט אויף להכעיס אַרויסלאָזן באָהונען. אָבער דאָס איז דאָך אַ פאַרברעכן און עס שמעקט מיטן טויט. איך וועל אים דער ערשטער פאַרמסרן!

—לאָמיך נאָר מיט אים זיך באַגעגענען—האָט הער מיכאַל אַ ברום געטון—וועט מען שוין צו קיין משפט זיכער נישט דאַרפן אָנקומען.

זשענדזשאַן האָט ביז איצט נישט געוווּסט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ, ווייל נאָך דער תשובה, וואָס ער האָט געגעבן זאַגלאָבאַן, האָט ער זיך אַפּוירגערוקט צו דער פירשטין.

זיי זיינען איצט געפאָרן פאַמעלעך. די לבנה איז אויפגעגאַנגען, דער נעבל, וועלכער האָט אין אָוונט געשוועבט איבער דער ערד, איז צעפלאָסן געוואָרן—און די נאַכט איז געוואָרן ליכטיק. וואָלאָדיאָווסקי האָט זיך פאַרזונקען אין מחשבות. זאַגלאָבאַ האָט אַ געוויסע צייט נאָך איבערגעקייעט די רעשטלעך פון דער אימה, צום סוף האָט ער געזאָגט:

—באָהון וואָלט איצט גוט מקיים-פּסק געווען אויף זשענדזשאַנען, ווען ער וואָלט אים באַקומען אין די הענט אַריין.

—דערציילט אים די בשורה, זאָל ער זיך אַ ביסל אָנזעטיקן מיט מורא, און איך וועל דערווייל פאָרן נעבן דער פירשטין—האָט דער קלייגער ריטער געענטפערט.

—גוט! העי, זשענדזשאַן!

—וואָס?—האָט דאָס יינגל געפרעגט, איינהאַלטנדיק ווידער די פערד.

הער זאַגלאָבאַ האָט זיך אויסגעגלייכט מיט אים און אַ ווײַלע געשוויגן, וואַרטנדיק, אַז וואָלאָדיאָווסקי און די פירשטין זאָלן זיך גענוג דערווייטערן, צום סוף האָט ער געזאָגט:

—ווייסט, וואָס עס איז געשען?

—כ'ווייס נישט.

—הער רעגאַווסקי האָט באַהונען אָפּגעלאָזט פריי—כ'האָב אים געזען אין פּלאָסקירווו.

—אין פּלאָסקירוו? איצט?—האָט זשענדזשאַן געפרעגט

—איצט. נו, וואָס, פליסט נישט אַראָפּ פון זאָטל?

די שיין פין דער לבנה איז געפאַלן גלייך אויפן יינגלס דיקן פּנים און הער זאַגלאָבאַ האָט אויף אים נישט געזען קיין סימן פון שרעק, אדרבא, ער האָט מיט דער גרעסטער פאַר-וווּנדערונג באַמערקט אויף אים יענעם אויסדרוק פון האַרטער, כמעט חיהשער פאַרביכנקייט, וואָס זשענדזשאַן האָט געהאַט דע-מאָלט, ווען ער האָט דערהרגעט האַרפּינאַן.

—וואָס, דו האָסט פאַר באַהונען קיין מורא נישט, אָדער וואָס?—האָט דער אַלטער שלאַכטשיץ געפרעגט.

—מיין האַר—האָט דאָס יינגל געענטפערט—אויב הער רע-גאַווסקי האָט אים אָפּגעלאָזט, מוז איך שוין אַליין אויפכאַפּן זוכן נקמה צו נעמען פאַר מיין עולה און בזיון. איך וועל דאָך אים דאָס נישט שענקען, ווייל איך האָב געשווירן—און ווען נישט דאָס, וואָס מיר פירן אָפּ דאָס מיידל, וואָלט איך זיך באַלד געלאָזט אויף זיינע שפּורן—זאָל-זשע מיין עולה נישט געשענקט ווערן!

—טפו!—האָט זאַגלאָבאַ אַ טראַכט געטון—כ'וואָלט דעם דאָ-זיקן יינגל קיין שלעכטס נישט וועלן טון.

דערנאָך האָט ער אַ טרייב-געטון דאָס פערד און אין אַ ווײַלע אַרום זיך אויסגעגלייכט מיט דער פירשטין און וואָלאָ-דיאָווסקין. אין אַ שעה אַרום זענען זיי אַריבער די מעדוועַ-דוווקע און אַריינגעפאָרן אין אַ וואַלד, וועלכער האָט זיך פון סאַמע ברעג טייך געצויגן אין צוויי ווענט אין דער לענג פון וועג.

—איך קען שוין גוט די דאָזיקע געגנט—האָט הער זאַ-גלאָבאַ גאָזאָגט.—איצט וועט דער דאָזיקער וואַלד באַלד זיך ענ-דיקן; הינטער אים, וועט אויף אַ פערטל מייל זיך ציִען אַ הויל פעלד, דורך וועלכן עס גייט דער שליאַך פון טשאַרני אָסט-ראָוו, און דערנאָך ווידער וועלדער, נאָך גרעסערע, אַזש ביז

מאַטשין. הלואי מיר זאָלן אין מאַטשין שוין טרעפן פוילישע פּאָלקן.

—שוין צייט, אַז די ישועה זאָל קומען—האָט וואָלאָדיאָוו-סקי אַ ברום געטון.

אַ געוויסע צייט זיינען זיי געפאָרן שטילשווייגנדיק דורך אַ ליכטיקן, מיט די שטראַלן פון דער לבנה באַשיינטן שליאַך.

—צוויי וועלף זיינען דעם וועג דורכגעלאָפן!—האָט העלע-נאַ מיט אַמאָל אויסגערופן.

—כ'זע — האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט. — אָט איז אַ דריטער.

אַ גראָלעכער שאָטן איז באמת דורכגעפלויגן אויף אַ צוויי הונדערט שריט פאַר די פערד.

—אָט איז אַ פערטער!—האָט די פירשטין אויסגערופן.

—ניין, דאָס איז אַ סאַרנע; קוקט: צוויי, דריי!

—וואָס איז דאָס, צום טייוול!—האָט הער זאַגלאָבאַ אַ גע-שריי געטון.—סאַרנעס יאָגן זיך נאָך וועלף! די וועלט, זע איך, קערט זיך איבער מיט די פיס אַרויף.

—לאָמיר פאָרן אַ ביסל גיכער—האָט הער וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט מיט אַ באַאומרויקטער שטים.—זשענדזשאַן! מיטן פריי-ליין פאָרויס!

זיי זיינען געפלויגן—אָבער זאַגלאָבאַ האָט אין מיטן אימ-פעט-לויף זיך אַראָפּגעבויגן צו וואָלאָדיאָווסקיס אויער און גע-פרעגט:

—ער מיכאַל, וואָס איז געשען?

—שלעכט—האָט דער קליינער ריטער געענטפערט.—איר האָט דאָך געזען—די חיות כאַפּן זיך אויף פון זייערע ליג-ער-טער פון שלאָף און אַנטלויפן אין דער נאַכט.

—אוי! און וואָס באַדייט דאָס?

—דאָס באַדייט, אַז מען שרעקט זיי.

—ווער?

—חיילות, קאָזאַקן אָדער טאָטערס—זיי גייען אונז אַקעגן פון דער רעכטער זייט.

—און אפשר זענען דאָס אונזערע פּאָלקן?

—ס'קאָן נישט זיין, ווייל די חיות אַנטלויפן פון מזרח, פון פּילאַווצע, דאָס גייען מסתמא די טאָטערס אין גרויסע מחנות.

—לאָמיר אַנטלויפן, הער מיכאַל, ווי גאָט איז דיר ליב!

—נישטאָ קיין אַנדערע עצה. עי, ווען מיר האָבן דאָ נישט די פירשטין, וואָלטן מיר זיך אונטערגעגנבעט ביז צו די טאָטע-רישע מחנות און אַ פּאָר פון זיי אַרויסגעריסן, אָבער מיט איר... אַ שווערע מערכה וואָלטן מיר געהאַט, ווען זיי וואָלטן אויף אונז אַן אויג געוואָרפן.

—האָב מורא פאַר גאָט, הער מיכאַל! אפשר זיך אַריינ-דרייען אין די וועלדער נאָך די דאָזיקע וועלף?

—ס'קאָן נישט זיין, ווייל ווען אפילו זיי וואָלטן אונז נישט געכאַפּט, וועלן זיי דאָס לאַנד פאַר אונז פאַרפלייצן, און ווי אַזוי וועלן מיר דערנאָך זיך אַרויסקריגן?

—זאָל זיי דער טייוול כאַפּן! דאָס האָט אונז נאָך גע-פעלט! עי, הער מיכאַל, האָסטו אַמאָל נישט אַ טעות? די וועלף לויפן דאָך שטענדיק נאָך דעם לאַגער, און נישט זיי אַנטלויפן פאַר אים.

—די, וואָס ליגן אויף די זייטן, לויפן נאָך דעם לאַגער און קומען זיך צוזאַמען פון דער גאַנצער סביבה, אָבער די, וואָס ליגן פאָרנט, אַנטלויפן אין אַ מהומה. זעט נאָר דאָרט, אויף רעכטס, צווישן די ביימער—פלאַמען לייכטן!

—יעזוס פון נצרת, יידישער קיניג!

—שטיל! דער וואַלד איז נאָך גרויס?

—באַלד לאָזט ער זיך אויס!

—און דערנאָך גייט אַ פעלד?

—יאָ, אָ, יעזוס!

—שטיל! און נאָכן פעלד גייט אַ צווייטער וואַלד?

—אַזש ביז מאַטשין.

—גוט! אַבי זיי זאָלן אונז אויף דעם פעלד נישט אָניאָגן! אויב מיר וועלן בשלום זיך אַריבערקריגן אין צווייטן וואַלד,

ווען מיר אין דער היים. לאָמיר איצט פאָרן צוזאַמען! צום גליק, רייטן די פירשטין און זשענדזשאַן אויף בורלאיס פערד.

זיי האָבן אַ טרייב-געטון די פערד און אָנגעיאָגט די רייטנדיקע פון פאָרנט.

—וואָס איז דאָס פאַר אַ פּלאַם אויף רעכטס?—האָט די פירשטין געפרעגט.

—גנעדיקע פריילין!—האָט דער קליינער ריטער געענט־פערט—מ'קאָן דערפון נישט מאַכן קיין סוד. דאָס זענען אפשר טאַטערס.

—יעזוס, מאַריאַ!

—שרעקט זיך נישט, פריילין! איך בין ערוב מיט מיין קאָפּ, אַז מיר וועלן פון זיי אַנטקומען, און אין מאַטשין שטייען אונזערע פאָלקן.

—גאָט מיינער! לאָמיר אַנטלויפן!—האָט זשענדזשאַן גע־זאָגט.

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן און געפלויגן, ווי די רוחות. די ביימער זענען געוואָרן שיטער, דער וואַלד האָט זיך געענ־דיקט—אָבער אויך די פלאַמען האָבן זיך אַ ביסל געלאָשן. מיט אַמאָל האָט העלענאַ זיך געווענדט צום קליינעם ריטער:

—גנעדיקע הערן!—האָט זי געזאָגט—שווערט מיר צו, אַז איך וועל אַ לעבעדיקע נישט אַריינפאַלן אין זייערע הענט!

—איר וועט נישט אַריינפאַלן!—האָט וואָלאָדיאָווסקי געענט־פערט—כל-זמן איך לעב!

קוים האָט ער געענדיקט זענען זיי פון וואַלד אַרויס אין אַ פעלד, אָדער בעסער געזאָגט, אין אַ סטעפּ, וועלכער האָט זיך געצויגן כמעט אַ פערטל מייל און אויף זיין אַקעגנאיבער־דיקן עק האָט זיך ווידער געשוואַרצלט אַ וואַלד-פאַס. דאָס דאָ־זיקע פעלד, וואָס איז פון אַלע זייטן געווען אָפן, איז איצט אינגאַנצן געווען באַשיינט מיט די זילבערנע שטראַלן פון דער לבנה און עס איז אין אים געווען כמעט אַזוי ליכטיק, ווי בייטאָג.

—דאָס איז דאָס ערגסטע שטיקל וועג—האָט וואָלאָדיאָוו־

סקי איינגערוימט זאַגלאָבאַן—ווייל אויב זיי זענען אין טשאַרני אָסטראָוו, וועלן זיי דאָ-אַרום גיין צווישן די וועלדער.

זאַגלאָבאַ האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט נאָר מיט די פּיאַטעס צוגעדריקט דאָס פערד.

זיי זענען שוין דערלאָפן ביז אין די העלפט פון פעלד, דער אַקעגנאיבערדיקער וואַלד איז געוואָרן וואָס אַמאָל נענטער, דייטלעכער, אָבער דאָ האָט דער קליינער ריטער אויסגעצויגן די האַנט צו מזרח.

—קוקט—האָט ער געזאָגט צו זאַגלאָבאַן—איר זעט?

—ביימעלעך און געוויקסן אין דער ווייטנס.

—די דאָזיקע ביימעלעך רירן זיך! לאָמיר איצט רייטן, וואָס גיכער, וואָס גיכער, ווייל איצט מוזן זיי אונז דערזען!

דער ווינט האָט אַ פייף-געטון אין די אויערן פון די אַנטלויפנדיקע—דער ישועה-ברענגנדיקער וואַלד איז געוואָרן וואָס אַמאָל נענטער.

מיט אַמאָל האָט זיך פון יענער טונקעלער מאַסע, וואָס האָט אָנגערוקט פון דער רעכטער זייט פעלד, דערטראָגן צוערשט אַ גערויש, וואָס איז געווען ענלעך אויפן גערויש פון ים-כוואַליעס, און מיט אַ ווײַלע שפּעטער האָט איין געוואַלדיק געשריי אויפגעריסן די לופט.

—זיי זעען אונז!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן—כלבום! שעלמעס! שדים! וועלף! רשעים!

דער וואַלד איז שוין געווען אַזוי נאָענט, אַז די אַנטלויפנדיקע האָבן כמעט שוין געשפּירט זיין שניידנדיקן און קאַלטן הויך.

אָבער אויך די כמאַרע פון די טאָטערס איז געוואָרן וואָס אַמאָל דייטלעכער און כון איר טונקעלער מאַסע האָבן זיך גענומען אַרויסרוקן לאַנגע שפּיצן, ווי די וואָנסעס פון אַ ריזיקער חיה—און זיך דערנענטערן צו די אַנטלויפנדיקע מיט אַ אומגעהייערער גיכקייט. וואָלאָדיאָווסקיס געניטע אויערן האָבן שוין מבחין געווען די בפירושע אויסרופן: אַלאַ! אַלאַ!

—דאָס פערד האָט זיך מיר געשטרויכלט!—האָט זאַגלאַבאַ א געשריי געטון.

—ס'שאַט נישט!—האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט.

אָבער דורכן קאָפּ זענען אים, ווי די רוחות, דורכגע-פלויגן קשיות: וואָס וועט זיין, אויב די פערד וועלן נישט אויסהאַלטן? וואָס וועט זיין, אויב איינס פון זיי וועט פאַלן? דאָס זענען טיכטיקע טאָטערישע פערד מיט אַן אייזערנער אויס-דויער-קראַפט, אָבער זיי זענען שוין געגאַנגען פון פלאָסקירווו אָן כמעט אָן אָפּרו מיט אַ ווילדן אימפּעט, פון דער שטאָט, אַזש ביז צום ערשטן וואַלד. מ'האָט אמנו זיך געקאָנט איבערזעצן אויף די רעזערווע-פערד, אָבער אויך זיי זענען געווען אויסגע-מאַטערט. וואָס וועט זיין?—האָט ער וואָלאָדיאָווסקי געטראַכט—און דאָס האַרץ האָט אין אים געגומען קלאַפּן פון שרעק, אפשר צום ערשטן מאָל אין לעבן—נישט וועגן זיך, נאָר וועגן העלע-נאַן, וועלכע ער האָט אין דער דאָזיקער לאַנגער נסיעה ליב באַקומען, ווי אַ לייבלעכע שוועסטער. און געוווסט האָט ער אויך, אַז די טאָטערס, קוים האָבן זיי אָנגעהויבן נאָכיאָגן, וועלן זיי שוין אַזוי גיך נישט אָפּלאָזן.

—זאָלן זיי נישט אָפּלאָזן, אָבער זי וועלן זיי נישט אָנ-יאָגן!—האָט ער צו זיך געזאָגט, צוגויפּפּרעסנדיק די ציין.

—דאָס פערד האָט זיך מיר געשטרויכלט!—האָט זאַגלאַבאַ אַ צווייט מאָל אויסגערופן.

—ס'שאַט נישט!—האָט וואָלאָדיאָווסקי איבערגעחזרט.

דערווייל זענען זיי אַריינגעפאַלן אין וואַלד. עס האָט זיי אַרומגענומען אַ פינסטערניש—אָבער אויך די איינצלנע טאָטעווי-שע רייטער זענען שוין הינטער זיי געווען נישט ווייטער, ווי אויף אַ פּאָר הונדערט שריט.

דער קליינער ריטער האָט אָבער שוין געוווסט, וואָס ער דאַרף טון.

—זשענדזשאַן!—האָט ער אַ געשריי געטון—דריי דיך אַריין מיטן פרייליין אין ערשטן וועג פון שליאַך.

—גוט, מיין האַר!—האָט דאָס יינגל געענטפערט.

דער קליינער ריטער האָט זיך געווענדט צו זאַגלאָבאַן:

—די פּיסטאָלעטן אין די האַנט!

און צו דערזעלבער צייט האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף די לייצעס פון הער זאַגלאָבאַס פערד און גענומען איינהאַלטן זיין לויף.

—וואָס טוסטו?—האָט דער שלאַכטשיץ אויסגעשריגן.

—ס'שאַט נישט! האַלט-איין דאָס פערד.

דער מרחק צווישן זיי און זשענדזשאַנען, וועלכער איז אַנטלאָפן מיט העלענאַן, איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער. צום סוף זענען זיי אָנגעקומען אויף אַן אָרט, ווו דער שליאַך האָט זיך מיט אַמאָל צעריינגעדרייט צו זבאַראַזש-צו און גלייך-אויס ווייטער זיך געצויגן אַ שמאָלער וואַלד-שטעג, האַלב-פאַרשטעלט מיט צווייגן. זשענדזשאַן האָט זיך געלאָזט לויפן איבער דעם דאָזיקן שטעג און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער מיט העלענאַן נעלם געוואָרן אין דער געדיכטעניש און פינסטערניש.

דערווייל האָט וואָלאָדיאָווסקי איינגעהאַלטן זיין פערד און זאַגלאָבאַס פערד.

—האָב רחמנות! וואָס טוסטו!—האָט דער שלאַכטשיץ געמאַכט קולות.

—מיר וועלן די נאָכיאָגער צוריקהאַלטן. נישטאָ קיין אַנדערע רעטונג פאַר דער פירשטין.

—מיר וועלן אומקומען!

—וועלן מיר אומקומען. שטעלט זיך דאָ אויף דער זייט פון שליאַך!—דאָ!—דאָ!

ביידע האָבן זיך באַהאַלטן אין דער פינסטערניש אונטער דיביימער—דערווייל האָבן די הילכיקע טריט פון די טאָטערישע פערד זיך דערנענטערט און געהאַקט, ווי אַ שטורם, אַז דער גאַנצער וואַלד איז אַזש פול געוואָרן מיט זייער אָפּקלאַנג.

—זיי זענען דאָ!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט און אויפגעהויבן צום מויל דעם לאָגל מיט ווײַן.

ער האָט געטרונקען און געטרונקען און דערנאָך זיך אָפּגעטרייסלט.

—אין נאָמען פון פאָטער, זון און הייליקן גייסט!—האָט ער אויסגעשריגן—איך בין גרייט צו שטאַרבן!

—באַלד! באַלד!—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—דריי גייען פאָרויס, דאָס האָב איך געוואָלט!

אויפן ליכטיקן שליאַך האָבן זיך טאַקע באַוויזן דריי ריי־טער, וואָס זענען געזעסן אויף די בעסטע פערד, וואָס ווערן גערופן אין אוקראַינע וועלף, ווייל אין זייער גיכן לויף קאָנען זיי אַ וואָלף אָניאָגן; הינטער זיי, מיט אַ צוויי אָדער דריי הונ־דערט שריט ווייטער, זענען געפלויגן אַ פּאָר צענדליק אַנדערע, און ווייטער אַ גאַנצע געדיכטע, צונויפגעפרעסטע מחנה פון טאָטערס.

ווען די דריי ערשטע האָבן זיך אויסגעגלייכט מיטן באַ־העלטעניש, האָבן אַ זעץ געטון צוויי קוילן און באַלד דערויף האָט וואָלאָדיאָווסקי ווי אַ פוקס זיך געוואָרפן אין מיטן שליאַך און אין איין הרף־עין, נאָך איידער הער זאַגלאָבאַ האָט באַוויזן אַ קוק צו טון און אַ טראַכט צו טון, וואָס עס איז געשען, איז דער דריטער טאָטער געפאַלן, ווי געטראָפן פון אַ דונער.

—מאַרש!—האָט דער קליינער ריטער אַ געשריי געטון.

הער זאַגלאָבאַ האָט אַ צווייט מאָל נישט איבערגעפרעגט און זיי זענען געפלויגן איבערן שליאַך, ווי צוויי וועלף, נאָך וועלכע עס יאָגט זיך אַ סטאַדע פון בייזע הינט; דערווייל זע־נען די הינטערשטע טאָטערס צוגעלאָפן צו די הרוגים און איינ־זעענדיק, אַז יענע געיאָגטע וועלף קאָנען אַ ביס־טון צום טויט, האָבן זיי אַ ביסל איינגעהאַלטן די פערד, וואַרטנדיק אויף די איבעריקע חברים.

—זעט איר!—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט—כ'האָב געוווסט, אַז זיי וועלן זיך פאַרהאַלטן!

אָבער הגם די אַנטלויפנדיקע האָבן געוווּנען אַ פּאָר הונ־דערט שריט, האָט אָבער די הפסקה אין דעם נאָכיאָגן לאַנג נישט געדויערט—נאָר די טאָטערס זענען שוין געלאָפן אין אַ גרעסערער מחנה און איינצלנע פון זיי האָבן זיך שוין נישט אַרויסגערוקט פאָרויס.

אָבער די פערד פון די אַנטלויפנדיקע זענען געווען פאַרכאַטערט פון לאַנגען וועג און זייער גאַלאָפּ איז געוואָרן שוואַכער. באַזונדערס האָט זאַגלאָבאַס פערד, וואָס האָט געשלעפּט אויפן רוקן אַזאַ גרויסע משא, זיך ווידער געשטרויכלט איין מאָל און אַ צווייט מאָל—דעם אַלטן שלאַכטשיץ האָבן זיך אויפן קאָפּ די רעשט האָר געשטעלט קאַפּויר אויפן געדאַנק, אַז עס וועט פאַלן.

—הער מיכאַל, טייערסטער הער מיכאַל! פאַרלאָז מיך נישט!—האָט ער אַ פאַרצווייפלטער אויסגערופן.

—זייט זיכער!—האָט דער קליינער ריטער געענטפערט.

—אַז די וועלף זאָלן דאָס דאָזיקע פערד...

ער האָט נישט געענדיקט, ווייל די ערשטע פייל האָט אים אַ זשומע געטון נעבן אויער, און נאָך איר האָבן אַנדערע גענומען זשומען און פייפן און זינגען, ווי די פליגן און בינען. איינע איז דורכגעפלויגן אַזוי נאָענט, אַז זי האָט כמעט אָנגערירט דעם הער זאַגלאָבאַס אויער.

וואָלאָדיאָווסקי האָט זיך אומגעדרייט און ווידער צוויי מאָל אויסגעשאָסן פון די פּיסטאָלעטן צו די נאָכיאָגער.

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַס פערד אַזוי שטאַרק זיך געשטרויכלט, אַז עס האָט מיט די נאָזלעכער זיך שיר נישט איינגעגראָבן אין דער ערד.

—גאָט, דאָס פערד פאַלט מיר!—האָט דער שלאַכטשיץ אַ געשריי געטון מיט אַ האַרץ-רייסנדיקער שטים.

—אַראָפּ פון זאָטל און אין וואַלד אַריין!—האָט וואָלאָדיאָווסקי מיט אַ דונערנדיקן קול אויסגעשריגן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער אַליין פאַרהאַלטן דאָס פערד, איז אַראָפּגעשפּרונגען און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוזאַמען מיט זאַגלאָבאַן נעלם געוואָרן אין דער פינסטערניש.

אָבער דער דאָזיקער מאַנעוור איז נישט געבליבן פאַרהוילן פון די טאָטערישע שיפּע אויגן און אַ פּאָר צענדליק פון זיי זענען אויך אַראָפּגעשפּרונגען פון די פערד און זיך געלאָזט נאָכיאָגן די אַנטלויפנדיקע.

די צווייגן האָבן זאַגלאָבאַן אַראָפּגעריסן דאָס היטל פֿון קאָפּ און אים געפּאַטשט איבערן פּנים, געפּליקט דעם ראָק, אָבער דער שלאַכטשיץ האָט געהויבן די פֿיס און איז געלאָפֿן, ווי אַ דרייסיק-יעריקער יונגערמאַן. צייטנווייז איז ער געפֿאַלן, ער האָט זיך אָבער באַלד אויפֿגעהויבן און איז געלאָפֿן נאָך גיכער, סאַפּנדיק, ווי אַ בלאָז-זאַק—צום סוף האָט ער זיך אַראָפּגעקייקלט אין אַ טיפֿן גרוב און ער האָט געשפּירט, אַז ער וועט שוין פֿון דאָרט מער נישט אַרויסקלעטערן, ווייל ער איז שוין געווען אינגאַנצן אָן כּוחות.

—ווו זענט איר?—האָט וואָלאָדיאָווסקי שטיל געפֿרעגט.

—דאָ! אין גרוב. ס'איז שוין אַ סוף צו מיר! ראַטעווע זיך, הער מיכאַל!

אָבער הער מיכאַל איז, נישט לאַנג קלערנדיק, אַריינגעשפּרונגען אין גרוב און אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויף הער זאַגלאָבאַס מויל.

—שווייגט! אפשר וועלן זיי אונז מיידן! מיר וועלן זיך איבעריקנס פֿאַרטיידיקן.

דערווייל זענען אָנגעלאָפֿן די טאָטערס. אַ טייל פֿון זיי האָט באמת געמיטן דאָס גרוב, מיינענדיק, אַז די געיאָגטע לויפֿן ווייטער, די איבעריקע זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, באַטאַפּנדיק די ביימער און אומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן.

די ריטערס האָבן פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם אין דער ברוסט.

—זאָל נאָר דאָ עמ׳צער אַריינפֿאַלן—האָט זאַגלאָבאַ געטראַכט אין יאוש—וועל איך אים ווייזן!...

דאָ האָבן זיך פֿונקען אַ שאָט-געטון פֿון אַלע זייטן; די טאָטערס האָבן גענומען אָנרייבן פֿייער...

ביי זייער שיין האָט מען דערזען ווילדע פּנימער, מיט קייַלעכדיקע באַקן און אָנגעבלאָזענע ליפּן, וואָס האָבן געבלאָזן אין אָנגעגליטע פֿייער-שוואָמען. אַ געוויסע צייט זענען זיי אַזוי ארומגעגאַנגען דערנעבן, אויף אַ פּאָר צענדליק שריט פֿון גרוב, ענלעך אויף אימהדיקע וואַלד-שדים—און זיך וואָס אַמאָל מער דערנענטערט.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָבן עפּעס משונהדיקע קולות, געררוישן און געמישטע געשרייען גענומען זיך דערטראָגן פון שליאַך און וועקן די אײַנגעשלאָפענע וואַלד־טיפענישן.

די טאַטערס האָבן אויפגעהערט צו רײַבן און זענען געבליבן שטיין, ווי צוגענאָגלטע—וואָלאָדיאָווסקיס האַנט האָט פעסט אָנגענומען זאַגלאָבאַס אָרעם.

די געשרייען זענען געוואָרן הילכיקער און מיט אַמאָל האָבן אויסגעזעצט רויטע פלאַמען און באַלד דערויף האָט זיך דערהערט אַ זאַלפּ פון ביקסן—איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער—דערנאָך אויסגעשרייען: אַלאַ!—אַ געקלאַנג פון שווערדן, אַ הירזשערײַ פון פערד—אַ טופּערײַ פון פערדישע קאָפּיטעס און געמישטע קולות. אויפן שליאַך האָט געקאָכט אַ שלאַכט.

—אונזערע! אונזערע! האָט וואָלאָדיאָווסקי אויסגעשריגן.

—שלאָג! הרגע! שלאָג! האַק! שעכט!—האָט הער זאַגלאָבאַ געמאַכט קולות!

נאָך אַ רגע: נעבן גרוב זענען אין דער גרעסטער בהלה דורכגעפלויגן אַ פּאָר צענדליק טאַטערס, וועלכע זענען איצט מיטן גאַנצן אימפּעט געלאָפן צו זייערע אייגענע. הער וואָלאָדיאָווסקי האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, איז זיי נאָכגעשפּרונגען—און זיי נאָכגעיאָגט אין דער געדיכטקייט און פינסטערניש.

זאַגלאָבאַ איז געבליבן אַליין אונטן אין גרוב.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געפּרוּווט אַרויסקריכן. עס האָבן אים ווײ־געטון אַלע ביינער און ער איז קוים בכוח געווען זיך צו דערהאַלטן אויף די פיס.

—האַ, ליידאַקעס!—האָט ער געזאָגט, אומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן—איר זענט אַנטלאָפן! אַ שאָד, וואָס עמיצער פון אײַך איז דאָ נישט פאַרבליבן. כ'וואָלט געהאַט אַ חבר אין דעם דאָזיקן גרוב און כ'וואָלט אים געוויזן, ווי פעפער וואַקסט. אָ, געצן־דינער! מ'וועט אײַך איצט דאָרט אויסקוילען, ווי די בהמות. גאָט מײַנער! דער ליאַרם ווערט דאָרט וואָס אַמאָל גרעסער! כ'וואָלט וועלן, אַז דאָס זאָל זײַן פּירשט יערעמי אַליין, ווײַל

ער וואָלט אייך אויף אַן אמת אָנגעוואָרעמט. שרייט: אַלאַ! אַלאַ די וועלף וועלן שפּעטער איבער אייערע נבלות היילן. אָבער דער דאָזיקער הער מיכאַל האָט מיך דאָ גאָר געלאָזט אַליין. נו יאָ, ס׳איז קיין חידוש נישט! ער איז גיריק, ווייל ער איז יינג. נאָך דער דאָזיקער לעצטער נסיעה וואָלט איך שוין אפילו אין גיהנום אַריין מיט אים געגאַנגען, ווייל דאָס איז נישט אַזאַ פּריינט, וואָס פאַרלאָזט אין אַ עת-צרה. און אַ בין איז דאָס! אין אַ רגע-כמימרא האָט ער יענע דריי אַ ביס-געטון. ווען איך וואָלט ווייניקסטנס געהאט מיט זיך דעם לאָגל... אָבער עס האָט אים שוין אודאי דער טייוול גענומען... די כערד האָבן אים מסתמא צעטרעטן. עס וועט מיך נאָך דאָ עפּעס אַ שרץ צעפּיקן אין דעם דאָזיקן גרוב. וואָס איז דאָס?

די קולות און די זאַלפּן פון די ביקסן האָבן זיך גענומען דערווייטערן אין די זייט פון פעלד און ערשטן וואַלד.

—אַהאַ!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—מ׳יאָגט זיי שוין נאָך! איר האָט נישט אויסגעהאַלטן, כלבים! געלויבט איז גאָט!

די קולות האָבן זיך דערווייטערט וואָס אַמאָל מער.

—זיי יאָגן גוט!—האָט דער שלאַכטשיץ ווייטער געברומט—אָבער איך זע, אַז עס וועט מיר אויסקומען צו זיצן אין דעם דאָזיקן גרוב. דאָס האָט נאָך געפעלט, אַז די וועלף זאָלן מיך אויפפרעסן. צוערשט באַהון, דערנאָך די טאָטערס און צום סוף די וועלף. זאָל-זשע גאָט צושיקן באַהונען אַ תליה און די וועלף אַ משוגעת, און מיט די טאָטערס וועלן זיך אונזערע דאָרט אַן עצה געבן. הער מיכאַל! הער מיכאַל!

אַ שטילקייט האָט אָפּגעענטפערט דעם הער זאַגלאָבאַ, נאָר דער וואַלד האָט גערוישט, און פון דערווייטנס האָבן זיך די אויסגעשרייען דערטראָגן וואָס אַמאָל שוואַכער.

—זאָל איך מיך דאָ שלאָפן-לייגן אָדער וואָס? זאָל עס דער טייוול כאַפּן! העי, הער מיכאַל!

אָבער דער זאַגלאָבאַס געדולד איז באַשערט געווען נאָך בייצושטיין אַ לאַנגן נסיון, ווייל עס האָט שוין געשאַריעט אויפן הימל, ווען אויפן שליאַך האָבן זיך ווידער דערהערט פערדישע

טריט און דערנאָך האָט אַ שיין אַ בליץ-געטון אין דער וואַלד-טונקלקייט.

—הער מיכאַל! דאָ בין איך!—האָט דער שלאַכטשיץ אויס-גערופן.

—קריכט אַרויס.

—איך קאָן אָבער נישט.

הער מיכאַל האָט זיך מיטן קין אין דער האַנט געשטעלט איבערן גרוב און, דערלאַנגנדיק זאַגלאָבאַן די האַנט, געזאָגט:

—נו, קיין טאָטערס איז נישטאָ. מיר האָבן זיי נאָכגעיאָגט אַזש הינטער יענעם וואַלד.

—און ווער איז דאָס אָנגעקומען?

—קושעל און ראָזטוואָראָווסקי מיט צוויי טויזנט רייטער, מיינע דראַגונער זענען אויך מיט זיי.

—און די געצן-דינער, וויפיל זענען געווען?

—עט! אַ פּאָר טויזנט!

—געלויבט איז גאָט! גיט-זשע מיר עפּעס צו טרינקען, ווייל איך פאַל אין חלשות.

מיט צוויי שעה שפּעטער איז הער זאַגלאָבאַ, אַ אָנגעטרונ-קענער און אַ אָנגעגעסענער, געזעסן אויף אַ באקוועמען זאָטל צווישן וואָלאָדיאָווסקיס דראַגונער, און נעבן אים איז געפאָרן דער קליינער ריטער און אַזוי געזאָגט:

—איר דאַרפט זיך נישט מצער זיין, ווייל הגם מיר וועלן צוזאַמען מיט דער פירשטין קיין זבאַראַזש נישט אָנקומען, וואָלט אָבער ערגער געווען, ווען זי וואָלט אַריינגעפאַלן אין די געצנ-דינערישע הענט.

—און אפשר וועט זשענדזשאַן זיך נאָך אומקערן קיין זבאַראַזש?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט.

—דאָס וועט ער נישט טון, דער שליאַך וועט זיין פאַר-נומען. יענע טאָטערישע מחנה, וואָס מיר האָבן אָפּגעשטויסן, וועט זיך גיך אומקערן און זיך לאָזן אויף אונזערע שפּורן. איבריקנס, וועט אויך בורלאַי אַ ליאַדע רגע אָנקומען און שטעלן זיך ביי זבאַראַזש נאָך פריער, איידער זשענדזשאַן וועט באַוויזן

אָנצוקומען. פון דער צווייטער זייט גייען פון קאָנסטאַנטינווו כמעלניצקי און דער כאַן.

—אָ, גאָט מיינער! וועלן דאָך זשענדזשאַן און די פירשטין אַריינפאַלן, ווי אין אַ נעץ.

—זשענדזשאַן וועט טאַקע מוזן זען, כל-זמן ס׳איז צייט, דורכצולויפן צווישן זבאַראַזש און קאָנסטאַנטינווו און נישט צו דערלאָזן, אַז כמעלניצקיס פאָלקן אָדער דעם כאַנס מחנות זאָלן אים אַרומנעמען. און זעט איר, איך בין בטוח, אַז ער וועט דאָס באַווייזן.

—הלואי!

—אַ כיטרע יינגל איז דאָס, ווי אַ פוקס. אייך פעלן נישט קיין איינפאַלן, אָבער ער שטייגט אייך אַריבער מיט זיין כי־טרעקייט. מיר האָבן זיך אַזוי לאַנג די קעפ געבראָכן, ווי אַזוי דאָס מיידל צו ראַטעווען—ביז מיר זענען צום סוף אָפּהענטיק געוואָרן—און דורך אים איז אַלץ גוט געוואָרן. ער וועט זיך איצט אַרויסגליטשן, ווי אַ שלאַנג, ווייל ער וועט דאָך אויך זיין אייגן לעבן וועלן מציל זיין. האָט בטחון, ווייל אויך גאָט, וועלכער האָט זי אזוי פיל מאָל מציל געווען, וועט זי באַשער־מען—און דערמאָנט זיך, אַז אין זבאַראַזש האָט איר אַליין מיך געהייסן האָבן בטחון דעמאָלט, ווען זאַהאַר איז דורכגעפאָרן.

זאַגלאָבא האָט זיך אַ ביסל געטרייסט מיט הער מיכאַלס דאָזיקע ווערטער און שפּעטער האָט ער זיך טיף פאַרטראַכט.

—הער מיכאל—האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט—איר האָט נישט געפרעגט קושעלן, וואָס עס הערט זיך מיט סקשע־טוסקין?

—ער איז שוין אין זבאַראַזש און איז אַ דאנק גאָט גע־זונט.

ער איז געקומען מיט זאַטשווילכאָווסקין פון פירשט קאָ־רעצקי.

—און וואָס וועלן מיר אים זאָגן?

—דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן.

—ער מיינט דאָך אַלץ, אַז דאָס מיידל איז אין קיעוו ערמאָרדעט געוואָרן?

—יאָ.

—און איר האָט געזאָגט קושעלן, אָדער אַן אַנדערן, פון וואַנען מיר פאָרן?

—כ'האָב נישט געזאָגט, ווייל כ'האָב זיך געטראַכט: בעסער ווען מיר זיך פריער מיישב זיין.

—איך וואָלט ווען די גאַנצע נסיעה פאַרשוויגן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.—ווען דאָס מיידל זאָל איצט, חס וחלילה, ווי-דערפאַריינפאַלן אין קאָזאַקישע אָדער טאָטערישע הענט, וואָלט דאָס פאַר סקשעטוסקין געווען אַ נייער וויטאָק—אַ שטייגער, ווי ס'זאָל אים עמיצער צעקראַצן די פאַרטרוקנטע ווונדן.

—איך לייג-איין דעם קאָפּ, אַז זשענדזשאַן וועט זי מציל זיין.

—כ'וואָלט אויך גערן דערפאַר מיין קאָפּ געגעבן, אָבער דאָס אומגליק בושעוועט איצט אויף דער וועלט, ווי אַ מגפה. לאָמיר שוין בעסער שווייגן און אַלץ לאָזן אויף גאָטס באַראָט.

—זאָל זיין אַזוי. אָבער צי וועט נאָר הער פּאָדביפּיענטאַ נישט אויסגעבן סקשעטוסקין דעם סוד?

—איר מוזט אים נישט קענען. ער האָט זיין ריטערלעך וואָרט געגעבן, און דאָס איז פאַר דעם דאָזיקן ליטווישן נפש אַ הייליקע זאַך.

דאָ האָט זיך מיט זיי פאַרייניקט קושעל און זיי זענען געפאָרן ווייטער צוזאַמען, שמועסנדיק, ביי די ערשטע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון, וועגן כלל-ענינים, וועגן אָנקומען פון די קאָמענדאַנטן קיין זבאַראַזש, וואָס פירש יערעמי האָט אויסגעפּועלט, וועגן נאָענטן אָנקומען פון פירשט און וועגן דער שוין אומפאַרמיידלעכער, שרעקלעכער מלחמה מיט כמעלניצקיס אַלע חיילות.

# 2 קאַפּיטל.

אין זבאַראַזש האָבן הער וואָלאָדיאָווסקי און זאַגלאָבאַ געטראָפן אַלע קרוין-חיילות, וועלכע זענען זיך צונויפגעקומען און געוואַרט אויפן שונא. עס איז דאָרט געווען אויך דער קרוין-שענקער, וועלכער איז פון קאָנסטאַנטינווו אָנגעקומען, און לאַנצקאָראָנסקי, קאַמעניעצער קאַשטעלאַן, וועלכער האָט ביי באַר פריער פאַרטיליקט דעם שונא, און אַ דריטער קאָמענדאַנט, הער פירלעי פון דאָמבראָוויצאַ, בעלזער קאַשטעלאַן, און הער אַנדזשעי שעראַקאָווסקי, קרוין-שרייבער, און הער כאָראָנזשי קאָניעצפּאָלסקי און הער פשיעמסקי, אַרטילעריע-גענעראַל, אַ מלחמה-מאַן, וואָס איז באַזונדערס געווען אַ מומחה אין איינעמען שטעט און איינאָרדנען די פאַרטיידיקונג. און מיט זיי צען טויזנט מאַן פון שוץ-חייל, שוין נישט רעכנענדיק פירשט יערעמיס פאָר פאָלקן, וועלכע זענען שוין פריער אין זבאַראַזש געשטאַנען.

הער פשיעמסקי האָט אויף די דרומדיקע עקן פון דער שטאָט און פון שלאָס, הינטערן טייכל גניעזנאַ און צווייַ סטאַוון, פאַרלייגט אַ מעכטיקן לאַגער, וועלכן ער האָט באַפעסטיקט אויפן אויסלענדישן שטייגער און וועלכן מ׳האָט נאָר פון פאָרנט געקאָנט איינעמען, ווייל די הינטערשטע טיילן האָבן געשטיצט די סטאַוון, דער שלאָס און דאָס טייכל. אין דעם דאָזיקן לאַגער האָבן די קאָמענדאַנטן בדעה געהאַט צו שטעלן כמעלניצקין אַ ווידערשטאַנד און צו פאַרהאַלטן דעם אָנלויף אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועלן נישט אָנקומען דער קיניג מיט די איבעריקע חיילות און מיט אַלע כוחות פון דער גאַנצער שלאַכטע. אָבער צי לאָזט זיך אַזאַ פּלאַן אויספירן לגבי כמעלניצקיס מאַכט? אַ סך זענען געווען מסופק און אָנגעגעבן גערעכטע טעמים פון זייערע ספקות, און דערונטער אויך דאָס, וואָס אין לאַגער גופא

איז נישט אַלץ געווען כשורה. קודם-כל האָט צווישן די מנהיגים געהערשט אַ פאַרבאָרגענע שנאה. ווייל די קאָמענדאַנטן זענען בעל כרחם געקומען קיין זבאַראַזש, אונטערוואַרפנדיק זיך דעם פירשט יערעמיס פאָדערונג. לכתחילה האָבן די קאָמענדאַנטן גע-האַט חשק זיך צו פאַרטיידיקן ביי קאָנסטאַנטינווו, אָבער ווען עס האָט זיך פאַרשפרייט די ידיעה, אַז יערעמי זאָגט-צו זיך צו שטעלן פערזענלעך נאָר בתנאי, אויב זבאַראַזש וועט אויס-געקליבן ווערן אַלס אָרט פון פאַרטיידיקונג, האָבן די זעלנער באַלד דערקלערט די קיניגלעכע מנהיגים, אַז זיי ווילן קיין זבאַ-ראַזש און אַז אַנדערשווו וועלן זיי זיך נישט שלאָגן. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום טענות ומענות, אויך נישט די יראת-הכבוד פאַרן שטאַב און אין גיכן האָבן די קאָמענדאַנטן איינגע-זען, אַז אויב זיי וועלן זיך ווייטער איינעקשנען, וועלן די חיילות, אָנהייבנדיק פון די חשובע הוזאַרן-פאָלקן ביז צום לעצטן זעלנער פון די אויסלענדישע ראָטעס, זיי פאַרלאָזן און זיך אַריבערוואַרפן צו ווישניעוויעצקיס פאָלקן. דאָס איז געווען איינער פון יענע טרויעריקע סימנים פון מיליטערישער אומגע-האָרכזאַמקייט, וואָס זענען אין יענער צייט וואָס אַמאָל מער שכיח געוואָרן, אַ אומגעהאָרכזאַמקייט, וואָס איז געווען אַ פועל-יוצא פון דער אָפּהענטיקייט פון די מנהיגים, פון זייערע אַרומ-רייסעניש צווישן זיך, פון דער אומדערהערטער מורא פאַר כמעלניצקיס חייל און פון די ביז איצט נאָך נישט געוועזענע מפּלות, און באַזונדערס ביי פּילאַווצע.

און אַזוי האָבן די קאָמענדאַנטן מאַרשירט קיין זבאַראַזש, ווו די מאַכט האָט, נישט-געקוקט אויף די קיניגלעכע נאָמינאַ-ציעס, ממילא געזאָלט איבערגיין אין ווישניאָוויעצקיס הענט, ווייל נאָר אים איינעם האָט דאָס חייל געוואָלט פאָלגן, נאָר אונטער זיין קאָמאַנדע האָט עס געוואָלט שלאָגן זיך און אומ-קומען. אָבער דערווייל איז דער דאָזיקער פאַקטישער מנהיג נאָך נישט געווען אין זבאַראַזש, די אומרואיקייט אין דער אַרמיי איז דעריבער געוואַקסן, די דיסציפּלין איז געוואָרן שוואַך ביז גאַר און דער מוט איז געפאַלן. וואָרום עס איז שוין געווען באַוווסט,

אַז כמעלניצקי צוזאַמען מיטן כאַן קומען-אָן מיט אַן אַרמיי,
וואָס אַזעלכע האָבן נאָך פון טאַמערלאַנס צייטן אָן די מענטש-
לעכע אויגן נישט געזען. צום לאַגער האָבן זיך דערטראָגן
כסדר נייע ידיעות און קלאַנגען, איינע מורא'דיקער פאַר דער
צווייטער, און זיי האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די זעלנער.
מ'האָט מורא געהאַט, אַז אַ מהומה, ווי אין פּילאַווצע, זאָל נישט
אויסברעכן און צעשפּרייטן דאָס הייפל זעלנער, וואָס האָט
כמעלניצקין פאַרשטעלט דעם וועג צום האַרץ פון דער רעפּו-
בליק. די פירער אַליין האָבן פאַרלוירן די קעפּ. זייערע פאַר-
אָרדנונגען, וואָס האָבן זיך איינע די אַנדערע סותר געווען,
זענען בכלל נישט אויסגעפירט געוואָרן אָדער זיי זענען אומ-
גערן אויסגעפירט געוואָרן. אמת טאַקע, אַז נאָר איין יערעמי האָט
געקאָנט אָפּווענדן די צרה, וואָס האָט געהאָנגען איבערן לאַגער,
חייל און לאַנד.

הער זאַגלאָבאַ און וואָלאָדיאָווסקי זענען באַלד, ווי זיי
זענען אָנגעקומען מיט קושעלס פּאָלקן, אַריינגעפאַלן אין מילי-
טערישן טומל, ווייל, ווי נאָר זיי זענען געבליבן שטיין אויפן
פּלאַץ, זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון חברים פון פאַר-
שידענע פּאָלקן, וועלכע האָבן איינער דעם צווייטן געפרעגט
וועגן נייעס. אויפן אָנבליק פון די טאָטערישע געפאַנגענע, איז
אַ מוט תיכף אַריינגעטרעטן אין די הערצער פון די נייגיריקע:
„זיי האָבן צעקלאַפּט די טאָטערס! טאָטערישע געפאַנגענע! גאָט
האָט געגעבן אַ נצחון!"—האָבן אַ טייל אויסגערופן! „די טאָטערס
זענען דאָ—און בורלאַי איז מיט זיי!" די ידיעה איז געפלויגן
דורכן לאַגער, און קושעלס נצחון איז געוואַקסן אויפן וועג. עס
האָבן זיך וואָס אַמאָל מער מענטשן גרופּירט אַרום די געפאַנ-
גענע. „אויסשטעכן זיי!—האָט מען געראופן—וואָס וועלן מיר דאָ
מיט זיי טון!" די פראַגן האָבן זיך געשאָטן אַזוי געדיכט, ווי
אַ שניי-געשטויב, אָבער קושעל האָט נישט געוואָלט ענטפערן און
איז אַוועק מיט אַ באַריכט צו דער קוואַרטיר פון בעלזער קאַ-
שטעלאַן—און וואָלאָדיאָווסקין און זאַגלאָבאַן האָבן פאַר דער דאָ-
זיקער צייט באַגריסט די באַקאַנטע פון די „רוטענישע" פּאָלקן,

און זיי האָבן זיך אַרויסגעדרייט, ווי זיי האָבן געקאָנט, ווייל זיי האָבן זיך אויך שטאַרק געאײַלט צו זען זיך מיט סקשעטוסקין.

זיי האָבן אים געפונען אין שלאָס, און צוזאַמען מיט אים דעם אַלטן זאַטשווילכאָווסקי, צוויי אָרטיקע קסיאָנדזן בערנאַדינער און דעם הער לאָנגין פּאָדביפּיענטאַ. אַז סקשעטוסקי האָט זיי דערזען, איז ער אַ ביסל בלאַס געוואָרן און האָט האַלב-פאַרמאַכט די אויגן, ווייל צופיל זכרונות האָבן זיי ביי אים אַרויסגערופן, אַז ער זאָל אָן ווייטאָק קאָנען אַריבערטראָגן זייער אָנבליק. פונדעסטוועגן האָט ער זיי באַגריסט רואיק, און אפילו פריידיק—ער האָט געפרעגט, ווו זיי זענען געוועזן און זיך באַגנוגנט מיט דער ערשטער בעסטער תשובה, ווייל האַלטנדיק די פירשטין פאַר אַ געשטאָרבענע, האָט ער שוין קיין שום זאַך מער נישט באַגערט, אויף קיין שום זאַך מער נישט געהאָפט און אין זיין האַרץ האָט זיך נישט אַריינגעגנבעט דער מינדסטער חשד, אַז זייער לאַנגע אָפּוועזנהייט קאָן עפּעס האָבן אַ שייכות מיט איר. זיי האָבן אויך מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן ציל פון זייער נסיעה, הגם הער לאָנגינוס האָט געקוקט דאָ אויף איינעם, דאָ אויפן אַנדערן מיט אַ פאָרשנדיקן בליק, און געקרעכצט און געדרייט זיך אויפן אָרט, ווילנדיק כאָטש אַ שאָטן פון האָפנונג אַראָפּלעזן פון זייערע פנימער. אָבערביידע זענען געוועזן פאַרנומען מיט סקשעטוסקין, וועלכן הער מיכאַל האָט יעדע רגע אַרומגענומען, ווייל דאָס האַרץ איז אים צעגאַנגען אויפן אָנבליק פון דאָזיקן געטרייען און לאַנגיאָריקן פריינט, וועלכער האָט אַזוי פיל איבערגעלעבט און אַזוי פיל פאַרלוירן, אַז ער האָט כמעט נישט געהאַט נאָך וואָס צו לעבן.

—אָט! ווידער האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן, אַלע אַלטע פריינט—האָט ער געזאָגט צו סקשעטוסקין—און עס וועט דיר גוט זיין מיט אונז. אַ מלחמה וועט אויך זיין אַזאַ, וואָס אַזעלכע איז נאָך נישט געוועזן, און זי ברענגט דאָך גרויסע תענוגים פאַר יעדער זעלנערישער נשמה. זאָל דיר נאָר גאָט געבן גע-

ונט, ווערסט נאָך נישט איין מאָל אָנפירן מיט די הוזאַרן.

—גאָט האָט מיר שוין דאָס געזונט צוריקגעגעבן—האָט סקשעטוסקי געענטפערט—און איך האָב נישט קיין אַנדערן באַגער, נאָר צו דינען, כּל-זמן ס'וועט נויטיק זיין.

סקשעטוסקי איז טאַקע באמת שוין געווען געזונט, ווייל די יוגנט און דער מעכטיקער כּוח האָבן אין אים גובר געווען די קרענק. די יסורים האָבן אים די נשמה דורכגעפרעסן, אָבער דעם גוף האָבן זיי נישט געקאָנט צעבייסן. ער איז נאָר זייער אָפּגעדאַרט געוואָרן און געל געוואָרן אַזוי, אַז אַ שטערן, באַקן און נאָז האָט ער געהאַט, ווי פון קירכן-וואַקס געקנעטן. די אַמאָליקע שטיינערנע האַרטקייט איז אים פאַרבליבן אויפן פּנים און עס איז אויף אים געווען אויסגעגאָסן אַזאַ פאַרשטייפטע רואיקייט, ווי אויף די פּנימער פון מתים. נאָך מער זילבערנע פעדעם האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן אין זיין שוואַרצער באָרד, און אַזוי איז קיין שום חילוק נישט געווען צווישן אים און אַנדערע מענטשן, סיידן דאָס, וואָס ער האָט, קעגן דעם זעלנערישן מנהג, אויסגעמיטן טומל, געשטופּ, שכרות, פאַרברענגנדיק גערן מיט גלחים, וואָס זייערע שמועסן וועגן קלויסטער-לעבן און וועגן עולם-הבאדיקן לעבן פלעגט ער הערן מיט דער גרעסטער גי-ריקייט. פונדעסטוועגן האָט ער די דינסט געטריי דערפילט און וואָס שייך דער מלחמה, אָדער דער באַלאַגערונג, אויף וועלכער מ'האָט זיך געריכט, האָט ער זיך דערמיט פאַרנומען צוגלייך מיט אַלע.

באַלד איז דער שמועס אויך אַריבערגעגאַנגען אויף דעם דאָזיקן ענין, ווייל קיינער האָט וועגן עפּעס אַנדערש נישט גע-טראַכט אין גאַנצן לאַגער, אין שלאָס און אין דער שטאָט. דער אַלטער זאַטשווילכאָווסקי האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן די טאָטערס און וועגן בורלאַין, וועלכן ער האָט פון לאַנג-אָן געקענט.

—אַ גרויסער מלחמה-מאַן איז דאָס—האָט ער געזאָגט—און אַ שאָד, וואָס ער טרעט אַרויס צוזאַמען מיט די מורדים קעגן פאָטערלאַנד. מיר האָבן צוזאַמען געדינט ביי כאָטשים—אַ

שנעק איז ער נאָך דעמאָלט געווען, אָבער מ׳האָט שוין געזען, אַז עס וועט פון אים אויסוואַקסן אַ מאַן פון אומגעוויינלעכע מעלות.

ער איז דאָך פון יענער זייט דניעפּר און פירט־אָן מיט די לייט פון יענער זייט דניעפּר—האָט סקשעטוסקי געזאָגט—ווי אַזוי איז עס געקומען, פאָטער, וואָס ער קומט איצט אָן פון דרום, פון דער זייט פון קאַמעניעץ?

—אפנים—האָט זאַטשווילכאָווסקי געענטפערט—אַז כמעלניצקי האָט אים בכיון דאָרט באַשטימט אַ ווינטער־לאַגער, ווייל טוהאַי־בעי איז געבליבן ביים דניעפּר, און יענער טאָטער טראָגט אַ שנאה אויף בורלאַין נאָך פון די אַלטע צייטן. קיינער האָט די טאָטערס נישט אָנגעטון אַזוי פיל צרות, ווי בורלאַי.

—און איצט וועט ער זיין זייער פאַרבונדעטער?

—יאָ!—האָט זאַטשווילכאָווסקי געזאָגט—אַזעלכע צייטן! אָבער דאָ וועט כמעלניצקי אויף זיי אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן זיך נישט רייסן פאַר די נעזער.

—און ווען, פאָטער, רייכט איר זיך דאָ אויף כמעלניצקין?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

—אַ ליאַדע טאָג—איבריקנס, ווער קאָן וויסן. די קאָמענדאַנטן דאַרפן אַרויסשיקן איין פאָרפּאָסטן נאָכן צווייטן, און זיי טוען דאָס נישט. כ׳האָב זיך קוים דערבעטן, אַז מ׳זאָל קושעלן אַרויסשיקן אין די דרום־זייט, און די הערן פיגלאָווסקי צו טשאָלהאַנסקי־קאַמיען. כ׳האָב געוואָלט אויך אַליין גיין, אָבער דאָ האַלט מען כסדר אָפּ אסיפות און אסיפות... זיי זאָלן נאָך אַרויסשיקן אויך דעם הער קרוין־שרייבער מיט העכער צען פאָלקן. אָבער זאָלן זיי זיך צואיילן, כדי ס׳זאָל נישט ווערן שפּעט. הלואי זאָל אונזער פירשט אָנקומען וואָס גיכער, אַנישט וועלן מיר אויסשטיין אַזאַ בזיון, ווי ביי פּילאַווצע.

—כ׳האָב געזען די דאָזיקע זעלנער, ווען מיר זענען דורכגעפאָרן דעם פּלאַץ—האָט זאַגלאָבאַ זיך אָנגערופן—און איך האַלט, אַז עס איז פאַראַן צווישן זיי מער טויגענישטן, איידער גוטע

יינגען. קרעמער פּאַסט זיי צו זיין, און נישט אונזערע חברים, וואָס מיר ליבן דעם רום מער, ווי דאָס לעבן.

—וואָס רעדט איר?—האָט דער זקן בייז אויסגערופן—איך פאַרלייקן נישט אייער גבורה, הגם איך האָב אַמאָל געהאַט אַן אַנדערע מיינונג, אָבער אויך די אַלע ריטער, וואָס איר זעט דאָ, זענען די בעסטע זעלנער, וואָס די רעפּובליק האָט ווען עס איז געהאַט. אַ ראש פעלט נאָר, אַ מנהיג! הער קאַמיעניעצקי איז אַ גוטער מלחמה-מאַן, אָבער נישט קיין פירער; הער פירלעי איז אַלט, און וואָס שייך צום קרוין-שענקער, האָט ער זיך צו-זאַמען מיטן פירשט דאָמיניק קונה-שם געווען ביי פּילאַווצע. קיין חידוש נישט, וואָס מען וויל זיי נישט הערן. דער זעלנער וועט גערן פאַרגיסן זיין בלוט, ווען ער איז זיכער, אַז מען וועט אים נישט אומברענגען אָן נוצן. און איצט, אַנשטאָט צו טראַכטן וועגן דער באַלאַגערונג, אַמפּערן זיי זיך גאָר, ווער עס זאָל שטיין.

—איז כאָטש פּראָוויאַנט פאַראַן גענוג?—האָט זאַגלאָבאַ אומרואיק געפרעגט.

—און דאָס איז נישט פאַראַן אַזוי פיל, וויפיל ס'דאַרף, אָבער מיט פּאַשע פאַר פערד איז נאָך ערגער. אויב די באַלאַ-גערונג וועט זיך פאַרציִען אַ חודש צייט, וועלן מיר מוזן די פערד פּאַשען מיט זעגעכץ און שטיינער.

—ס'איז נאָך צייט וועגן דעם צו טראַכטן—האָט וואָלאָדי-אָווסקי געזאָגט.

—טאָ גייט און זאָגט זיי דאָס. איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, הלוואי דער פירשט זאָל וואָס גיכער קומען.

—נישט איר איינער קוקט-אויס אויף אים—האָט הער לאָנ-גינוס זיך אָנגערופן.

—כ'ווייס—האָט דער זקן געענטפערט—גיט אַ קוק אויפן פּלאַץ. אַלע זיצן ביי די מויערן און קוקן מיט בענקשאַפט אין די זייט פון אַלטן זבאַראַזש, אַנדערע ווידער קריכן אַרויף אויף די טורעמס אין דער שטאָט און אַז עמיצער גיט אַ געשריי פון דער הויכקייט: „ער גייט!"—ווערן זיי פון שמחה שיר נישט

משוגע, דער דורשטיקער הערש לעכצט נישט אַזוי נאָך וואַסער, ווי מיר נאָך אים. הלואי ער זאָל נאָר אָנקומען כאַר כמעל-ניצקין, ווייל כ'האָב מורא, אַז ער זאָל זיך שוין נישט האָבן אָנגעשטויסן אויף מניעות.

—מיר בעטן אויך גאַנצע טעג, אז ער זאָל אָנקומען—האָט זיך אָנגערופן איינער פון די בערנאַדינער.

די געבעטן און ווונטשן פון אַלע ריטער האָבן טאַקע בקרוב געזאָלט מקוים ווערן, הגם דער קומענדיקער טאָג האָט געגעבן אַ סבה צו נאָך גרעסערע דאגות און איז געווען פול מיט אימה-אָנוואַרפנדיקע סימנים. דעם אַכטן יולי, דאָנערשטאָג, האָט אַ מוראדיקער שטורם זיך צעבושעוועט איבער דער שטאָט און איבער די פריש-אָנגעשאָטענע שוץ-מויערן פון לאַגער. אַ רעגן האָט געכליאַפּעט שטראָמענווייז. אַ טייל פון די ערד-אַר-בעטן איז אַוועקגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם. גניעזנאָ און ביי-דע סטאַוון זענען געוואָרן פול ביז איבער די ברעגעס. אין אָוונט האָט א דונער אַריינגעזעצט אין פירלעיס, דעם בעלזער קאַשטעלאַנס פוס-גייער-פּאָלק און די פאָן צעהאַקט אויף שטיק-לעך. מ'האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ שלעכטן סימן—פאַר אַ באַ-שיינפערלעכן צייכן פון גאָטס גרימצאָרן, בפרט, אַז הער פירלעי איז געווען אַ קאַלווינער. זאַגלאָבאַ האָט פאָרגעלייגט אַרויסצו-שיקן צו אים אַ דעפּוטאַציע מיט דער פאָדערונג און בקשה, אַז ער זאָל חוזר-בתשובה זיין—„ווייל גאָט קאָן דאָך נישט בענטשן קיין אַרמיי, וואָס איר פירער גייט אין פאַלשע דרכים, וואָס זיינען נישט ניחא דעם אויבערשטן אין הימל". אַ סך האָבן גע-האַלטן מיט זאַגלאָבאַן און נאָר דער יראת-הכבוד פאַר דער פּערזאָן פון קאַשטעלאַן און פאַרן שטאַב האָט אָפּגעהאַלטן פון אַרויסשיקן די דעפּוטאַציע. אָבער די הערצער זענען ערשט רעכט פול געווען מיט מורא. דער שטורם האָט אויך געבושע-וועט אָן אויפהער. די זאַמד-מויערן, הגם זיי זענען געווען באַ-פעסטיקט מיט שטיינער, ריטער און שטאכעטן, זיינען אַזוי צע-ווייקט געוואָרן, אַז די קלענערע און גרעסערע האַרמאַטן האָבן גענומען זינקען און מ'האָט געמוזט אונטער זיי אונטערלייגן

בדעטער. אין די טיפע גראָבנס האָט דאָס וואַסער געראַוישט אויף אַ מענש די הויך. די נאַכט האָט נישט געבראַכט קיין מנוחה. דער ווינטער האָט אָנגעיאָגט פון מזרח וואָס אַמאָל נייע, געוואַלדיקע הויפנס פון כמאַרעס, וועלכע האָבן זיך געקנוילט און געקאָלערט מיט אַ מוראדיקן געקנאַק איבערן הימל און אַרויסגעוואָרפן איבער זבאַראַזש זייער גאַנצן זאַפּאַס פון רעגן, דונערס, בליצן... נאָר די דינער זענען געבליבן אין די געצעלטן פון לאַגער, אָבער די אָפיצירן, די עלטסטע, אפילו די קאָמענדאַנטן, אַ חוץ דעם קאַמיענעצער קאַשטעלאַן, האָבן זיך באַהאַלטן אין דער שטאָט. ווען כמעלניצקי וואָלט אָנגעקומען צוזאַמען מיטן דאָזיקן שטורם, וואָלט ער דעם לאַגער גענומען אָן ווידערשטאַנד.

צומאָרגנס איז שוין געווען אַ ביסל בעסער, הגם דער רעגן איז נאָך געפאַלן. ערשט אַרום פינף האָט דער ווינט פון דרום פאַרטריבן די כמאַרעס, אַ בלויער הימל האָט זיך אויסגעשפרייט איבערן לאַגער, און אין דער זייט פון אַלט-זבאַראַזש האָט אויפגעשיינט אַ פּרעכטיקער זיבן-קאָליריקער רעגן-בויגן, וואָס זיין מעכטיקער האַלב-עיגול האָט מיט איין עק זיך געצויגן ביז אויף יענע זייט אַלט-זבאַראַזש, און מיטן צווייטן עק האָט ער זיך אויסגעצויגן צו זויגן די פייכטקייט פון שוואַרצן וואַלד— און געלויכטן און געביטן זיך און געשפּילט זיך אויפן פאָן פון די אַנטלויפנדיקע כמאַרעס.

דעמאָלט זענען די הערצער פול געוואָרן מיט מוט. די ריטער האָבן צוריקגעקערט אין לאַגער און זיי זענען אַרויף אויף די גליטשיקע מויערן אָנזעטיקן די אויגן מיטן פרייליכן אָנבליק פון רעגנבויגן. מ'האָט באַלד גענומען טומלדיק שמועסן און טרעפן, וואָס דער דאָזיקער גוטער סימן זאָגט-אָן. אין מיטן דרינען האָט אָבער הער וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער איז צוזאַמען מיט נאָך איינעם געשטאַנען איבערן סאַמע גראָבן, פאַרשטעלט זיינע אויגן מיט דער האַנט און אויסגעשריגן:

—מיליטער גייט אַרויס פון הינטערן רעגן-בויגן! מיליטער! ס'איז געוואָרן אַ באַוועגונג, גלייך ווי אַ ווינטער וואָלט

אויפגערודערט די מאַסן מענטשן, און דערנאָך האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעהויבן אַ געפילדער. די ווערטער: „מיליטער גייט!“ זענען דורכגעפלויגן, ווי אַ פייל, פון איין עק מויערן צום צווייטן. די זעלנער האָבן גענומען זיך שטופּן, שטויסן, קנוילן. אַ ליאַרם האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַנטשוויגן געוואָרן; אַלעמענס אויגן זענען געווען פאַרשטעלט מיט הענט, אַלעמענס בליקן זענען געווען אָנגעשטרענגט געווענדט אין די ווייטקייט— די הערצער האָבן געהאַקט אין די ברוסטן—און אַזוי האָבן אַלע געקוקט, פאַרהאַלטנדיק דעם אָטעם אין דער ברוסט, הענגנדיק צווישן אומזיכערקייט און האָפנונג!

מיט אַמאָל האָט אונטערן זיבן-קאָליריקן טויער עפּעס אַ בלענד-געטון און געבלענדט וואָס אַמאָל דייטלעכער און זיך אַרויסגערוקט פון דער ווייטקייט, און זיך דערנענטערט וואָס אַמאָל מער און געוואָרן וואָס אַמאָל קענטיקער—ביז עס האָבן זיך צום סוף באַוויזן פאָנען—שפּעטער אַ וואַלד פון פאָנען—די אויגן האָבן שוין לענגער נישט געלאָזט צווייפלען—דאָס איז געווען מיליטער.

דעמאָלט האָט איין געוואַלדיקער אויסגעשריי זיך אַרויסגעריסן פון אַלעמענס ברוסטן, אַן אויסגעשריי פון אומבאַגרייפלעכער שמחה:

—יערעמי! יערעמי! יערעמי!

די עלטסטע זעלנער זענען פשוט ווי צעדולט געוואָרן. אַ טייל האָט זיך געוואָרפן פון די מויערן, איז אַריבערגעשפרונגען דעם גראָבן און געלאָפן צו-פוס דורך דער מיט וואַסער פאַרגאָסענער פלאַכקייט צו די אָנקומענדיקע פאָלקן; אַ צווייטער טייל איז געלאָפן צו די פערד; אַנדערע האָבן געלאַכט, נאָך אַנדערע האָבן געוויינט, צונויפגעלייגט די הענט, אָדער זיי אויסגעטטרעקט צום הימל, רופנדיק: „עס גייט אונזער פאָטער, אונזער גואל, אונזער מנהיג!“ מ׳וואָלט געקאָנט מיינען, אַז די באַלאַגערונג איז שוין אַראָפּגענומען, כמעלניצקי איז באַזיגט און דער נצחון איז אָפּגעהאַלטן. ביני-לביני זענען דעם פירשטס פאָלקן צוגעקומען וואָס אַמאָל נענטער, אַזוי אַז מ׳האָט שוין גע-

קאָנט דערקענען די צייכנס. די ערשטע זענען געגאַנגען, ווי תּמיד, די לייכטע פּאָלקן פון פירשטס טאָטערס, קאָזאַקן און וואָלאַכן—הינטער זיי האָט מען געזען מאַלניצקיס אויסלענדישע פוסגייער—ווייטער וווּרצעלס האַרמאַטן, די דראַגונער און הוזאַרן-פּאָלקן. די שטראַלן פון דער זון האָבן זיך געבראָכן אויף זייערע פּאַנצערס, אויף די שפּיצן פון די אַרויסגעשטעקטע שפּיזן—און זיי זענען אַלע געגאַנגען שיינענדיקע און שטראַלנדיקע, גלייך, ווי זיי וואָלטן שוין געווען באַקרוינט פון אַ נצחון. סקשעטוסקי, וועלכער איז צוזאַמען מיטן הער לאָנגין געשטאַנען אויף די מויערן, האָט פון דערווייטנס דערקענט זיין פּאָלק, וועלכן ער האָט געהאַט איבערגעלאָזט אין זאַמאָשטש—און זיינע געלע באַקן זענען אַ ביסל רויט געוואָרן; ער האָט אַ פּאָר מאָל טיף אָפּגעאָטעמט, גלייך, ווי ער וואָלט עפּעס אַן אומגעהייערע משא אַראָפּגעוואָרפן פון דער ברוסט—און אַ פרייד האָט אַ בליץ געטון אין זיינע אויגן. ווייל עס האָבן זיך אָנגערוקט טעג פאַר אים פון איבערמענטשלעכער מי און פון העלדישע קאַמפן, וואָס היילן אַמבעסטן דאָס האַרץ און פאַרשטויסן דעם צער און פיין ערגעץ טיף אַראָפּ אויפן דנאָ פון דער נשמה. די פּאָלקן האָבן זיך נאָך מער דערנענטערט און בערך הונדערט שריט האָבן זיי שוין אָפּגעטיילט פון לאַגער. עס זענען געקומען אָנצולויפן אויך די עלטסטע, כדי זיך צוצוקוקן צום אַריינמאַרש פון פירשט, עס זענען געקומען די דריי קאָמענדאַנטן, מיט זיי הער פשיעמסקי, הער קרוין-כאָראָנזשי, הער סטאַראָסטאַ פון קראַסנאָסטאַוו, הער קוואָרץ און אַלע אַנדערע אָפיצירן, סיי פון די פוילישע פּאָלקן און סיי פון אויסלענדישן חייל. זיי אַלע האָבן זיך מיטגעפרייט מיט אַלעמענס פרייד, און באַזונדערס הער לאַנצקאָראָנסקי, דער קאָמענדאַנט, וואָס איז געווען מער ריטער, ווי פירער, און פאַר מלחמה-גבורים האָט ער שטענדיק געהאַט דרך-ארץ. ער האָט אויסגעצויגן דעם שטאַב אין די זייט, פון וואַנען יערעמי איז אָנגעקומען און געזאָגט אַזוי הויך, אַז אַלע האָבן געהערט:

—אָט דאָרט גייט אונזער העכסטער פירער און איך געב אים דער ערשטער אָפּ אַ דאַנק אין מיין האַרצן.

דעם פירשטס פּאָלקן האָבן גענומען אַריינגיין אין לאַגער. בסך-הכּל זענען זיי געווען דריי טויזנט מאַן. אָבער זיי האָבן אָנגעפּולט מיט מוט הונדערט טויזנט הערצער — ווייל דאָס זענען דאָך געווען זעלנער, וואָס זענען געווען באַדעקט מיטן רום פון נצחון ביי פּאָהרעבישטשע, נעמיראָוו, מאַכנוווקאַ און קאָנסטאַנטינוו. עס האָבן זיך באַגריסט באַקאַנטע און פריינט. נאָך די לייכטע פּאָלקן האָט זיך צום סוף מיט מי אַריינגעקאַטשעט אויך ווירצעלס אַרטילעריע, וועלכע האָט מיטגעפירט צען האַרמאַטן, דערונטער זעקס פאַרכאַפּטע ביים שונא. דער פירשט, וועלכער האָט פון אַלט-זבאַראַזש עקספּעדירט די פּאָלקן, איז אַריינגעפאָרן ערשט אין אָוונט, נאָכן זון-אונטערגאַנג. אַלץ, וואָס האָט נאָר געאָטעמט מיט לעבן, איז אים אַקעגנגעלאָפן. די זעלנער האָבן מיט אָנגעצונדענע לאָמפּן, ליכט, פאַקעלס און קיך-שפּענער אַזוי אַרומגערינגלט דעם פירשטס פערד, אַז עס האָט נישט געקאָנט גיין. מ'האָט עס אויך אָנגעכאַפּט פאַר דער צוים, כּדי לענגער צוצוזעטיקן די אויגן מיטן אָנבליק פון העלד. מ'האָט געקושט דעם פירשטס בגדים, און אים אַליין האָט מען שיר נישט געכאַפּט אויף די אָרעמס. די התלהבות איז דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז נישט בלויז די זעלנער פון די היימישע פּאָלקן, נאָר אויך די אויסלענדישע ראָטעס האָבן דערקלערט, אַז אַ פערטל יאָר וועלן זיי דינען אָן שכירות. דאָס געשטופּ אַרום דעם פירשט איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער, אַזוי, אַז ער האָט שוין קיין שריט נישט געקאָנט מאַכן — און אַזוי איז ער געזעסן אויף זיין ווייסן פערד, אַרומגערינגלט מיט זעלנער, ווי אַ הירש צווישן די שפּעכן, און צו די אויסגעשרייען און באַגריסונגען האָט גאָר קיין עק נישט געוואָלט נעמען. דער אָוונט איז געווען אַ שטילער, אַ לויטערער. אויפן טונקעלן הימל האָבן אויפגעבליצט טויזנטער שטערנס און באַלד האָבן זיך באַוויזן גוטע סימנים. גראָד ווען הער לאַנצקאָראָנסקי איז צוגעגאַנגען צום פירשט אים איבערגעבן דעם שטאַב, האָט איינער פון די שטערנס זיך אָפּגעריסן פון הימל און, ציִענדיק נאָך זיך אַ ליכט-פּאַס, איז ער מיט אַ רעש אַראָפּגעפאַלן אין דער זייט פון קאָנ-

סטאַנטינוווו, פון וואַנען כּמעלניצקי האָט געזאָלט אָנקומען, און איז פּאַרלאָשן געוואָרן. „דאָס איז כּמעלניצקיס שטערן!—האָבן די זעלנער אויסגעשריגן—אַ נס! אַ נס! אַ באַשיינפּערלעכער סימן!" „זאָל לעבן יערעמי דער זיגערו" האָבן טויזנטער שטימען איבערגעחזרט, און דאָ איז דער קאָמעניעצער קאַשטעלאַן צוגעגאַנגען און געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט, אַז ער וויל רעדן. ס'איז אַ ביסל שטיל געוואָרן, און ער האָט געזאָגט:

—דער קיניג האָט מיר געגעבן דעם שטאַב, אָבער איך געב זיך אָפּ אין דיינע הענט, זיגער, וואָס זענען מער ראוי פאַר אים, און איך וויל דער ערשטער דיינע באַפעלן האָרכן.

—און מיר אויך!—האָבן ביידע אַנדערע קאָמענדאַנטן זיך אָנגערופן.

דריי שטאַבן האָבן זיך אויסגעצויגן צום פירשט, אָבער ער האָט די האַנט צוריקגעצויגן און געענטפערט:

—נישט איך האָב אייך די שטאַבן געגעבן, און איך וועל זיי דעריבער נישט אָפּנעמען.

—אויב אַזוי, זיי דו דער פערטער איבער די דריי!—האָט פירלעי געזאָגט.

—זאָל לעבן ווישניאָוויעצקי! זאָלן לעבן די קאָמענדאַנטן!—האָבן די ריטערס אויסגעשריגן.—מיר ווילן לעבן און שטאַרבן צוזאַמען!

אין דער רגע האָט דעם פירשטס פערד אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט אַ טרייסל געטון די פורפור-רויט-געפאַרבטע גזשיבע און מעכטיק אַ הירזשע-געטון, אַז אַלע פערד אין לאַגער האָבן אים אַזש אָפּגעענטפערט אין איין קול.

מ'האָט דאָס אויך אָנגענומען פאַר אַן אָנזאָג פון נצחון. די זעלנער האָבן אין די אויגן געהאַט אַ פייער. אין די הערצער האָט זיך צעברענט דער דורשט נאָכן קאַמף, אַ ציטער פון התלהבות איז דורכגעלאָפן דורך די קערפּערס. אפילו די עלטסטע זענען געווען דורכגענומען פון דער אַלגעמיינער באַגייסטערונג. דער קרוין-שענקער האָט געוויינט און מתפלל געווען, און דער הער קאָמיעניעצער קאַשטעלאַן און דער הער קראַסנאָ-

סטאַווער סטאַראָסטע האָבן די ערשטע געגומען קלאַפּן מיט די שווערדן, באַגלייטנדיק די זעלנער, וועלכע זענען געלאָפן אויף די ברעגעס פון די מויערן, און אויסשטרעקנדיק די הענט אין דער פינסטערניש, האָבן זיי גערופן צו דער זייט, פון וואַנען מ׳האָט זיך געריכט אויפן שונא.

—קומט, הינטישע ברידער! מיר זענען גרייט!

יענע נאַכט איז קיינער נישט געשלאָפן אין לאַגער און אַזש ביז אינדערפרי האָבן געהילכט די אויסגעשרייען און גע־ווימלט זיך די בלישטשנדיקע פלאַמען פון די לאָמפּן און פאַקעלס.

באַגינען איז פון דער אויספירונג ביי טשאָלהאַנסקי קאַ־מיען צוריקגעקומען דער הער קרוין־שרייבער שעראַקאָווסקי און געבראַכט אַ ידיעה וועגן שונא, וועלכער האָט זיך געפונען פינף מייל פון לאַגער. דער פאָרפּאָסטן האָט געפירט אַ קאַמף מיט אַ גרעסערער טאָטערישער מחנה; עס זענען אין אים אומגעקומען די צוויי הערן מאַנקאָווסקי, הער אָלעקסיטש און אַ פּאָר טיכטיקע זעלנער. די מיטגעבראַכטע געפאַנגענע האָבן געזאָגט, אַז הינטער יענער מחנה גייען דער כאַן און כמעלניצקי מיט דער גאַנצער מאַכט. דער טאָג איז אַריבער אין אויסקוקעניש און אין הכנות צו דער פאַרטיידיקונג. דער פירשט האָט אָן אַ לאַנגער קווענ־קלעניש אָנגענומען די הויפּט־קאָמאַנדע, האָט אויסגעסדרט דאָס חייל, באַשטימט יעדן, וווּ ער האָט צו שטיין, ווי אַזוי זיך צו פאַרטיידיקן און ווי אַזוי אַנדערע קומען צו הילף. אין לאַגער האָט געהערשט די בעסטע שטימונג; די דיסציפּלין איז צוריק־געשטעלט געוואָרן, און אָנשטאָט דער אַמאָליקער צעמישעניש, פאַרפלאָנטערטקייט פון די פאַראָרדנונגען און אומזיכערקייט— האָט מען אומעטום געזען סדר און געשיקטקייט. ביז מיטאָג זענען אַלע געווען אויף זייערע פּאָזיציעס. די שמירה־פּאָסטנס פאַרן לאַגער האָבן יעדע רגע מודיע געווען, וואָס עס טוט זיך אין דער סביבה. די דינער, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די נאָענטע דערפלעך, האָבן געגומען לעבנס־מיטלען און פּאַ־שע, וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט כאַפּן. די זעלנער, וואָס

זענען געשטאַנען אויף די מויערן, האָבן פריילעך געפּלוידערט און געזונגען, און די נאַכט האָט מען פאַרבראַכט, דרעמלענדיק ביי די פייער-הויפנס מיט דער האַנט אויף דער שווערד, אין אַזאַ גרייטקייט, גלייך ווי דער שטורם וואָלט אַ ליאַדע רגע זיך אָנגעהויבן.

מיטן זון-אויפגאַנג האָט זיך טאַקע עפּעס גענומען שוואַרצ-לען אין דער זייט פון ווישניאָיעץ. די גלאָקן האָבן געקלונגען אין דער שטאָט אויף אַלאַרם, און אין לאַגער האָבן די לאַנגע, יאָמערלעכע קולות פון די טרומייטן געוועקט די וואַכזאַמקייט פון די זעלנער. די פוס-גייער-פּאָלקן זענען אַרויסגעגאַנגען אויף די מויערן, אָפּגערוקט פון זיי איז געשטאַנען די קאַוואַלעריע, וועלכע איז גרייט געווען אויפן ערשטן צייכן זיך צו וואַרפן צו דער אַטאַקע, און אין דער גאַנצער לענג פון גראָבן האָבן זיך געהויבן אין דער הויך רויך-קייקעלעך פון די אָנגעצונדענע האַרמאַטן-קנויטן.

אין דער זעלבער רגע האָט זיך באַוויזן דער פירשט אויף זיין ווייסן פערד. אָנגעטון איז ער געווען אין זילבערנע כלי-זיין, אָבער אָן העלם. די מינדסטע דאגה איז אויף זיין פּנים נישט קענטיק געווען; אדרבא, אַ פריילעכקייט האָט אים געשלאָגן פון די אויגן און פּנים.

— מיר האָבן געסט, גנעדיקע הערן! מיר האָבן געסט! — האָט ער איבערגעחזרט, דורכפאָרנדיק אין דער לענג פון די מויערן.

ס'איז געוואָרן שטיל און ס'האָט זיך געהערט אַ גערויש פון די פאָנען, וועלכע דאָס לייכטע ווינטל האָט דאָ אָנגעבלאָזן און דאָ אַרומגעוויקלט אַרום די שטעקעלעך. דערווייל האָט דער שונא זיך דערנענטערט אַזוי, אַז מ'האָט אים געקאָנט אַרומנעמען מיטן אויג.

דאָס איז געווען די ערשטע כוואַליע, נישט כמעלניצקי אַליין מיטן כאַן, נאָר אַ פאָרפּאָסטן, וואָס איז באַשטאַנען פון דרייסיק טויזנט געקליבענע טאָטערס, באַוואָפנט מיט בויגנס, ביקסן און שווערדן. פאַרכאַפּנדיק די טויזנט פינף הונדערט

יינגלעך, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן נאָך לעבנסמיטלען, זענען זיי געגאַנגען אין געדיכטע רייען פון ווישניאָוויעץ, דער-נאָך האָבן זיי זיך אויסגעצויגן אין אַ לאַנגער האַלב-לבנה און גענומען פאַרפאָרן פון דער אַקעגנאיבערדיקער זייט צו אַלט-זבאַראַזש צו.

דערווייל האָט אָבער דער פירשט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז נאָר אַ פאָרפּאָסטן, געגעבן אַ באַ-פעל, אַז די רייטער זאָלן אַרויס פון די גראָבנס. עס האָבן זיך דערהערט שטימען פון קאָמאַנדע, די פאָלקן האָבן גענומען זיך רירן און אַרויסגיין פון הינטער די מויערן, ווי די בינען פון אַ בינשטאָק. דער פלאַכער שטח איז געוואָרן פול מיט מענטשן און פערד. פון דער ווייטנס האָט מען געזען די ריטמייסטערס מיט די שפּיזן אין דער האַנט, וועלכע האָבן אויסגעשטעלט די פאָלקן צו דער שלאַכט. די פערד האָבן לעבעדיק געשנאָרכט— און פון צייט צו צייט איז אַ הירזשען דורכגעלאָפן די רייען. דערנאָך האָבן זיך פון דער דאָזיקער מאַסע אַרויסגערוקט צוויי פאָלקן פון פירשטס טאָטערס און קאָזאַקן און זיי האָבן זיך מיט דריבנע שריט געלאָזט גיין פאָרויס; די בויגנס האָבן זיי זיך געשאָקלט אויף די פּלייצעס, עס האָבן געפינקלט די היטלעך— און זיי זענען געגאַנגען שטילשווייגנדיק, און אין דער שפּיץ איז געריטן דער געלער וויערשול, אונטער וועלכן דאָס פערד האָט זיך געוואָרפן, ווי משוגע, יעדע ווײַלע אַראָפּהענגנדיק אין דער לופט די פאָדערשטע קאָפּיטעס, גלייך ווי עס וואָלט ווען צערייסן דעם צוים און וואָס גיכער זיך אַריינוואַרפן אין טומל.

די בלויקייט פון הימל האָט נישט באַפלעקט קיין איין כמאַרעלע, דער טאָג איז געווען אַ העלער, אַ דורכזיכטיקער— און מ׳האָט זיי געזען, ווי אויף דער האַנט.

אין דער זעלבער רגע האָט זיך פון דער זייט פון אַלט-זבאַראַזש באַוויזן דעם פירשטס לאַגער, וועלכער האָט נישט באַ-וויזן אַריינצוגיין מיטן גאַנצן חייל, און איצט האָט ער זיך גע-יאָגט מיט אַלע כוחות, מורא האָבנדיק, אַז די טאָטערס זאָלן זיי נישט אַרומנעמען מיט איין מאָל. אָבער זיי זענען נישט גע-

בליבן פאַרהוילן פון זייערע אויגן און באַלד האָט זיך דער גאַנצער לאַנגער האַלב-עיגול געלאָזט צו אים מיטן גאַנצן אימפעט. די געשרייען: „אַלאַ!" האָבן זיך דערטראָגן צו די אויערן פון די פוסגייער, וואָס זענען געשטאַנען אויף די מויערן; ווערשולס פאָלקן זענען געפלויגן, ווי אַ וויכער, צו הילף.

אָבער דער האַלב-עיגול איז גיכער צוגעלאָפן צום לאַגער און האָט אים אַרומגעגאַרטלט אין איין רגע, ווי מיט אַ שוואַרצן פאַס, און צו דער זעלבער צייט האָבן אַ פּאָר טויזנט טאָטערס מיט אַ אוממענטשלעכן געהייל זיך אַ וואָרף געטון צו ווערשולן, באַמיענדיק זיך אים אויך אַרומצורינגלען. און דאָ ערשט האָט מען געקאָנט דערקענען ווערשולס געניטקייט און די געשיקטקייט פון זיינע זעלנער. וואָרום זעענדיק, אַז מען פאַרלויפט זיי דעם וועג פון דער רעכטער און פון דער לינקער זייט, האָבן זיי זיך צעטיילט אויף דריי און אַ שפּרונג געטון אין די זייטן, דערנאָך האָבן זיי זיך צעטיילט אויף פיר, דערנאָך אויף צוויי— און יעדעס מאָל האָט דער שונא געמוזט זיך אומדרייען מיט דער גאַנצער ליניע, ווייל פאַר זיך האָט ער קיינעם נישט געהאַט, און די פליגל האָט מען אים שוין געריסן. ערשטן אויפן פערטן מאָל זענען זיי געבליבן שטיין פנים אל פנים, אָבער ווערשול האָט מיט אַלע כוחות אָנגעגריפן אין שוואַכסטן אָרט, האָט עס דורכגעריסן און מיט אַמאָל זיך געפונען הינטער דעם שונא. דעמאָלט האָט ער אים אָפּגעלאָזט און איז, ווי אַ שטורם געלאָפן צום לאַגער, נישט זאָרגנדיק, וואָס יענע וועלן אים באַלד נאָכיאָגן.

די אַלטע אויסגעפּרוווטע זעלנער, וואָס האָבן דערצו זיך צוגעקוקט פון די מויערן אַראָפּ, האָבן זיך מיט די באוואָפנטע הענט געקלאַפּט אין די לענדן, אויסשרייענדיק:

—אַז די קוילן זאָלן זיי טרעפן! נאָר דעם פירשטס ריטמייסטערס פירן אַזוי!

דערווייל האָט ווערשול מיט אַ שאַרפן קלין זיך אַריינגעשניטן אין רינג, וואָס האָט אַרומגענומען דעם לאַגער, און אים אַזוי דורכגעקלאַפּט, ווי אַ פייל קלאַפּט-דורך דעם גוף פון

אַ זעלנער, און כּהרף־עין האָט ער זיך אַריינגעריסן אין די מיט־איצט האָט אָנשטאָט צוויי שלאַכטן זיך צעפֿלאַקערט איינע — דערפֿאַר אָבער אַ זייער פֿאַרביסענע. אין דער מיט פֿון פֿעלד האָט דער לאַגער, ווי אַ באַוועגלעכע פֿעסטונג, אַרויסגעוואָרפֿן לאַנגע רויך־סלופּעס און געשפּיגן מיט פֿייער — און אַרום און אַרום האָט זיך געשוואַרצלט אַ באַוועגלעך געווימל, אַ צעווילדעוועטס, עפּעס ווי אַ געוואַלדיקער ווירבל, הינטערן ווירבל זענען פֿערד געלאָפֿן אָן רייטער, אין דער מיט איז געשטאַנען אַ גערודער, אַ ליאַרעם, אַ געקלאַפּער פֿון ביקסן. דאָ שטופּן זיך איינע דורך די אַנדערע, דאָרט לאָזט מען זיך נישט דורכרייסן. פּונקט ווי אַן אַרומגערינגלטער ווילדער חזיר פֿאַרטיידיקט זיך מיט די ווייסע ציין אַקעגן די פֿאַרביסענע הינט, אַזוי האָט זיך יענער לאַגער פֿאַרטיידיקט אַקעגן דער טאָטערישער כמאַרע מיט יאוש און מיט דער האָפֿנונג, אַז עס וועט אים פֿון לאַגער קומען אַ הילף, אַ נאָך גרעסערע, ווי ווירשולס.

און אין גיכן האָבן אויפֿן שטח טאַקע אַ בלענד־געטון די רויטע רעק פֿון קושעלס און וואָלאָדיאָווסקיס דראַגונער — וואָלסט געמיינט: רויטע בלעטלעך פֿון בלומען, וואָס דער ווינט רייסט אַרונטער. זיי זענען צוגעלאָפֿן צו דער טאָטערישער כמאַרע און אַריינגעלאָפֿן אין איר, ווי אין אַ שוואַרצן וואַלד אַזוי, אַז אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען זיי לחלוטין נישט אַרויסגעזען, נאָר די קנויל און דער פּלאָנטער איז געוואָרן נאָך גרעסער. די זעלנער האָבן זיך אפֿילו געחידושט, פֿאַרוואָס דער פֿירשט גייט נישט מיט אַמאָל צו הילף די אַרומגערינגלטע מיט גענוגנדיקע כּוחות, אָבער דער פֿירשט האָט בכּיון דאָס פֿאַרשלעפּט, ווייל ער האָט די זעלנער געוואָלט ווייזן בחוש, וואָסערע פֿאַרשטאַרקונגען ער האָט זיי צוגעפֿירט — און דורכדעם הייבן זייער מוט און צוגרייטן צו נאָך גרעסערע סכּנות.

אָבער דאָס פֿייער אין לאַגער איז שוואַך געוואָרן, אפֿנים אַז זיי האָבן שוין קיין צייט נישט געהאַט אָנצולאָדענען, אָדער די רערן פֿון די ביקסן האָבן זיך שוין צופֿיל דערהיצט. דערפֿאַר אָבער איז דער ליאַרם פֿון די טאָטערס געוואָרן וואָס אַמאָל

גרעסער. דער פירשט האָט געגעבן אַ צייכן און דרײ הוזאַרן-פּאָלקן, איינער זיין אייגענער אונטער סקשעטוסקיס קאָמאַנדע, דער צווייטער דעם סטאַראָסטעס פון קראַסנאָסטאַוו, דער דריטער אַ קיניגלעכער אונטער הער פּיגלאָווסקיס פירונג, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון לאַגער צו דער שלאַכט. זיי זענען צוגעלאָפן און אָנגרייפנדיק מיטן גאַנצן אימפּעט, האָבן זיי מיט אַמאָל דורכגעריסן דעם טאָטערישן רינג, דערנאָך האָבן זיי אים צעטריבן, צעקוועטשט אויפן פלאַכן שטח, אַריינגעשפּאַרט צו די וועלדער, נאָכאַמאָל צעקלאַפּט—און געיאָגט אויף אַ פערטל מייל פון לאַגער, און דער אַרומגערינגלטער לאַגער איז צווישן פרייד-אויסגעשרייען און האַרמאַטן-געקנאַלעריי בשלום אַריינגעלאָפן אין די גראָבנס.

אָבער די טאָטערס, וועלכע האָבן געשפּירט, אַז הינטער זיי גייט כמעלניצקי און דער כאַן, זענען כלל נישט נעלם געוואָרן פון די אויגן: אדרבא, אינגיכן האָבן זיי זיך אויפסניי באַוויזן און מיט אַלאַ-אויסגעשרייען זענען זיי אַרומגעלאָפן דעם גאַנצן לאַגער, פאַרנעמענדיק דערביי די וועגן, שליאַכן און נאָנטע דערפער, פון וועלכע ס׳האָבן זיך באַלד אויפגעהויבן צום הימל זיילן פון שוואַרצן רויך. אַ סך פון זיי האָבן זיך דערנענטערט צו די גראָבנס און באַלד האָבן זיך אַקעגן זיי אַ שאָט געטון יחידימווייז און גרופּנווייז די זעלנער פון פירשט און פון שוץ-חייל, באַזונדערס פון די טאָטערישע, וואָלאָכישע און דראַגונער-פּאָלקן.

ווייערשול האָט אין די דאָזיקע קאַמפן זיך נישט געקאָנט באַטייליקן, ווייל נאָכדעם ווי ער איז ביים פאַרטיידיקן דעם לאַגער געשטאָכן געוואָרן זעקס מאָל אין קאָפּ, איז ער געלעגן אָן חושים אין געצעלט. דערפאַר אָבער איז הער וואָלאָדיאָווסקי, הגם ער איז שוין אינגאַנצן ווי אַ ראַק געווען רויט פון בלוט, נאָך אַלץ נישט געווען זאַט און ער האָט זיך דער ערשטער אַרויסגעלאָזט פון לאַגער. די דאָזיקע קאַמפן האָבן אָנגעהאַלטן אַזש ביזן אָוונט און די פוסגייער און אויך די ריטער פון די מיוחסדיקע פּאָלקן האָבן זיך צו זיי צוגעקוקט, ווי צו אַ פּאַר-

שטעלונג. מ'האָט זיך געראַנגלט, צוזאַמענגעשטויסן גרופּנווייז, אָדער יחידימווייז, מ'האָט פאַרכאַפּט געפאַנגענע לעבעדיקערהייט. און הער מיכאַל איז יעדעס מאָל, נאָכדעם ווי ער האָט איינעם דערטאַפּט און צוגעפירט צום לאַגער, ווידער צוריקגעגאַנגען; זיין רויטער מונדיר האָט זיך אַרומגעפלאָנטערט איבערן גאַנצן שלאַכט-פעלד, אַז סקשעטוסקי האָט אַזש דעם הער לאַנצקאָראָנסקי פון דערווייטנס אָנגעוויזן אויף אים, ווי אויף עפּעס אויסערגעוויינ-לעכס, ווייל יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך צונויפגעטשעפּעט מיט אַ טאָטער, וואָלסטו געמיינט: אַ דונער האָט דעם טאָטער געטראָפן. זאַגלאָבאַ, הגם הער מיכאַל האָט אים נישט געקאָנט דערהערן, האָט אַראָפּשרייענדיק פון דער מויער, אים צוגעגעבן מוט און פון צייט צו צייט האָט ער זיך געווענדט צו די זעל-נער, וואָס זענען אַרום אים געשטאַנען, און געזאָגט:

—קוקט, מיינע הערן! דאָס האָב איך אים געלערנט זיך אומגיין מיט אַ שווערד. גוט! שוין איז נאָך אים! בנאמנות, בקרוב וועט ער גלייך זיין צו מיר!

אָבער ביני-לביני איז די זון פאַרגאַנגען—און די קעמפער האָבן אייניציקווייז גענומען פאַרלאָזן דאָס פעלד, אויף וועלכן עס זענען פאַרבליבן נאָר פערדישע און מענטשלעכע פּגרים. אין דער שטאָט האָט מען ווידער גענומען קלינגען צו דער אָוונט-תּפילה.

די נאַכט איז צוגעפאַלן פאַמעלעך, אָבער פינסטער איז נישט געוואָרן, ווייל אַרום און אַרום האָבן געלויכטן פלאַמען. עס האָבן געברענט זאַלאָשטשיצע, באַזשיצע, יובלאַנקי, סטריוב-קאָוו, קרעטאָוויצע, זארודזשע, וואָכלוווקאַ—און די גאַנצע סביבה, ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, איז געשטאַנען אין איין העליש פייער. די רויך-קנוילן אין דער נאַכט זענען געוואָרן רויט, די שטערנס האָבן געלויכטן אויפן רויטלעכן פאָן פון הימל. כמאַרעס פון פייגל האָבן זיך אויפגעהויבן פון די וועל-דער און סטאַוון מיט אַ מוראדיק געפילדער און זיך געדרייט אין דעם באַלויכטענעם חלל, ווי פליענדיקע פלאַמען. אויף די בהמות אין לאַגער האָט דער אומגעוויינלעכער אָנבליק אַן אימה

אָנגעוואָרפּן און זיי האָבן גענומען יאָמערלעך ריטשען.

—ס'קאָן נישט זיין—האָבן די אַלטע זעלנער געזעט צווישן זיך אין גראָבן—אַז יענע טאָטערישע מחנה זאָל אונטערצינדן אַזאַ פייער; מסתמא רוקט דאָס אָן כמעלניצקי אַליין מיט די קאָזאַקן און מיט אַלע טאָטערס.

און דאָס זענען נישט געווען קיין פּוסטע השערות, ווייל שוין מיט אַ טאָג פריער האָט הער שעראַקאָווסקי געבראַכט די ידיעה, אַז דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן און דער כאַן מאַרשירן באַלד נאָך דעם פּאָרפּאָסטן, מ'האָט דעריבער אויף זיי זיכער אויסגעקוקט. די זעלנער זעגען אַלע געווען אין די גראָבנס; דאָס פּאָלק אויף די דעכער און טורמס. אַלעמענס הערצער האָבן געקלאַפּט אומרואיק. די ווייבער האָבן געכליפּעט אין די קירכעס, אויסשטרעקנדיק די הענט צום הייליקסטן סאַקראַמענט. די דערוואַרטונג, וואָס איז געווען ערגער פון אַלץ, האָט ווי אַ אומגעהייערע משא געדריקט אויף די שטאָט, שלאָס און לאַגער.

אָבער ס'האָט לאַנג נישט געדויערט. די נאַכט איז נאָך אינגאַנצן נישט געווען צוגעפאַלן, ווען אויפן האָריזאָנט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע קאָזאַקישע און טאָטערישע רייען, הינטער זיי די צווייטע, דריטע, צענטע, הונדערטסטע, טויזנטסטע. וואָלסט געמיינט: אַלע וועלדער האָבן זיך מיט אַמאָל אויסגעריסן מיט די וואָרצלען און מאַרשירן אויף זבאַראַזש. בחנם האָבן די מענטשלעכע אויגן געזוכט אַן עק פון די דאָזיקע רייען; ווי ווייט דער בליק האָט געגרייכט, האָט זיך געשוואַרצט דאָס מענטשלעכע און פערדישע געווימל, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן אין די רויכן און פלאַמען פון דער ווייטקייט. זיי זענען געגאַנגען ווי כמאַרעס, אָדער ווי אַ הייעריק, וועלכער באַדעקט די גאַנצע סביבה מיט אַ באַוועגלעכער, שרעקלעכער מאַסע. פאַר זיי איז געגאַנגען אַ אימהדיק געברום פון מענטשלעכע קולות, ווי אַ ווינטער, וואָס רוישט אין וואַלד צווישן די שפּיצן פון אַלטע סאָסנעס. שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף אַ מרחק פון אַ פערטל מייל, האָבן זיי זיך גענומען פאַנאַנדערלייגן און אָנצינדן נאַכט-פייערס.

—איר זעט די פייערס—האָבן די זעלנער געשעפּטשעט—
זיי זענען אַזוי נאָנט פון אונז.

—יעזוס, מאַריאַ!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט צו סקשעטוסקין—
כ׳זאָג אייך, אַז אַ לייב זיצט אין מיר און איך שפּיר נישט קיין מורא, אָבער כ׳וואָלט בעסער וועלן, אַז אַ דונער זאָל זיי אַלע ביז מאָרגן טויט-שלאָגן. ווי גאָט איז מיר ליב, זייער צאָל איז צו גרויס. אין עמק-יהושפט וועט שוין, דאַכט זיך, קיין גרע־סערער עולם נישט זיין. און זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, וואָס אייגנטלעך ווילן די דאָזיקע גזלנים? וואָלט נישט אַזאַ הינטישער ברודער בעסער געטון, ווען ער וואָלט זיצן אין דער היים און רואיק זיך געדינט זיין האַר? וואָס זענען מיר שולדיק, אַז גאָט האָט אונז באַשאַפן אַלס שלאַכטשיצעס און זיי אַלס כאַמעס און זיי געהייסן אונטערטעניק זיין? טפו! די רציחה כאַפּט מיך אָן! אַ גוטער מענטש בין איך, צו אַ מכה צוצולייגן, אָבער זאָלן זיי מיך פון די כלים נישט אַרויסברענגען. צופיל פרייהייטן האָבן זיי געהאַט, צופיל ברויט, און דערפאַר טאַקע האָבן זיי זיך געפּרוכפּערט און געמערט, ווי די מייז אין אַ שייער—און איצט גייען זיי זיך וואַרפן אויף די קעץ. וואַרט! וואַרט! פאַראַן דאָ אַ קאַץ, וואָס הייסט פירשט יאַרעמאַ, און אַ צווייטער, זאַגלאָבאַ! ווי מיינט איר, זיי וועלן שליסן אָפּמאַכן? ווען זיי זאָלן זיך אַזוי אונטערגעבן, וואָלט מען זיי נאָך געקאָנט שענקען דאָס לעבן—וואָס? איין דאגה לאָזט מיך כסדר נישט רוען, צי ס׳איז נאָר פאַראַן גענוג שפּייז אין לאַגער? צום טייוול! קוקט נאָר, מיינע הערן, ווידער פייערס הינטער יענע פייערס—און ווידער פייערס! זאָל שוין אַ שוואַרצע מגפה קומען אויף דעם דאָזיקן געזינדל!

—וואָס רעדט איר וועגן אָפּמאַכן!—האָט סקשעטוסקי זיך אָנגערופן—בעת זיי מיינען, אַז זיי האָבן שוין אונז אַלע אין דער האַנט און אַז מאָרגן באַקומען זיי אונז.

—אָבער זיי וועלן נישט באַקומען?—וואָס?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט.

—ווי גאָט וועט ווילגעפעלן. יעדנפאַלס, קוים איז דער פּירשט דאָ, וועט עס זיי אַזוי גרינג נישט אָנקומען.

—אַ שיינע נחמה פאַר מיר! נישט אין דעם גייט עס מיר, אַז עס זאָל זיי גרינג נישט אָנקומען, נאָר אַז עס זאָל זיי בכלל נישט אָנקומען.

—נישט קיין קליינער נחת-רוח איז דאָס פאַר אַ זעלנער, ווען ער גיט נישט אַזוי לייכט דעם קאָפּ.

—אודאי, אודאי... זאָל עס אַ דונער טרעפן צוזאַמען מיט אייער נחת-רוח!

אין דער רגע זענען צוגעקומען פּאָדביפּיענטאַ און וואָלאָדיאָווסקי.

—מ'זאָגט, אַז טאָטערס און קאָזאַקן איז פאַראַן ביז אַ האַלבן מיליאָן—האָט דער ליטווינער געזאָגט.

—אַז דאָס לשון זאָל אייך אָפּגענומען ווערן!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן—אַ גוטע בשורה!

—ביי שטורמען איז זיי לייכטער בייצוקומען, ווי אין פעלד—האָט הער לאָנגינוס מיט צופרידנקייט געענטפערט.

—אויב אונזער פירשט און כמעלניצקי האָבן זיך סוף כל סוף באַגעגנט—האָט הער מיכאַל געזאָגט—קאָן שוין וועגן טראַקטאַטן קיין שום רייד נישט זיין. לעבן אָדער טויט! מאָרגן וועט זיין דער יום-הדין!—האָט ער צוגעגעבן, רייבנדיק זיך די הענט.

דער קליינער ריטער האָט רעכט געהאַט. אין דער דאָזיקער, אַזוי לאַנגער מלחמה האָבן די דאָזיקע צוויי שרעקלעכסטע לייבן קיין איין מאָל זיך נישט באַגעגנט אויג אויף אויג. איינער האָט געשלאָגן די העטמאַנס און קאָמענדאַנטן, דער צווייטער די מעכטיקע קאָזאַקישע אַטאַמאַנעס, דעם איינעם און דעם צווייטן האָט דער נצחון באַגלייט אויף שריט און טריט, דער איינער און דער צווייטער האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די שונאים—אָבער ווען עס וואָגשאָל האָט געזאָלט אַריבערוועגן אין אַ פּנים-אל-פּנימדיקער באַגעגעניש—דאָס האָט ערשט איצט געזאָלט קלאָר ווערן. ווישניאָוויעצקי האָט פון גראָבן געקוקט אויף די אומדורכדרינגלעכע חמרים פון טאָטערס און קאָזאַקן—און

אומזיסט האָט ער זיך באַמיט זיי אַרומצונעמען מיטן אויג — כמעלניצקי האָט פון פעלד געקוקט אויפן שלאָס און לאַגער, טראַכטנדיק זיך אין האַרצן: דאָרט איז מיין שרעקלעכסטער שונא; אַז איך וועל אים פאַרטיליקן, ווער וועט זיך מיר אַקעגנ-שטעלן?

עס איז נישט שווער געווען זיך אָנצושטויסן, אַז דער קאַמף צווישן די דאָזיקע צוויי מענטשן וועט זיין אַ לאַנגער און אַ פאַרביסענער, אָבער וועגן אויסלאָז האָט נישט געקאָנט זיין קיין ספק. יענער פירשט פון לובני און ווישניאָוויעץ איז געשטאַנען בראש פון פופצן טויזנט מאַן, אַריינרעכנענדיק אויך די לאַגער-דינער, בעת נאָכן פויערן-מנהיג זענען נאָכגעגאַנגען די פעלקער, וואָס וווינען פון אַזאָווער ים און דאָן, אַזש ביז צום אויסגוס פון דונאַי. עס איז געגאַנגען מיט אים דער כאַן בראש פון די קרימער, ביאַלאָגראָדער, נאָהאַיער און דאָברוצקער טאַטאַרישע פאָלקן — עס איז געגאַנגען דאָס פאָלק, וואָס האָט געוווינט אויף אַלע טייך-געביטן פון דניעסטער און דניעפער, עס זענען געגאַנגען די טאָל-לייט און אַ המון אָן אַ צאָל — פון די סטעפעס, היילן, וועלדער, שטעט, שטעטלעך, דערפער און חוטאָרס, און די אַלע, וואָס האָבן פריער אין פריצישע אָדער קרוין-פאָלקן געדינט! עס זענען געגאַנגען טשערקאַסן, וואָלאָכישע קאַראַלאַשן, סיליסטרישע טערקן, רומעליער טערקן; עס זענען געגאַנגען אפילו הפקרדיקע מחנות פון סערבן און בולגאַרן. מ׳וואָלט געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז אַ נייע וואַנדערונג פון פעלקער, וועלכע האָבן אַוועקגעוואָרפן די פינסטערע סטעפ-ישובים און זיך געלאָזן קיין מערב פאַרנעמען נייע לענדער, שאַפן אַ נייע מלוכה.

אַזוי איז געווען דאָס פאַרהעלטעניש פון די קעמפנדיקע כוחות... אַ הייפל אַקעגן צענדליקער טויזנטער, אַן אינזל אַקעגן אַ ים! קיין חידוש נישט, וואָס נישט איין האַרץ האָט געקלאַפט פון שרעק און וואָס נישט בלויז אין דער שטאָט, נישט בלויז אין דעם דאָזיקן ווינקל פון לאַנד, נאָר אויך אין דער גאַנצער רעפובליק האָט מען געקוקט אויף דעם דאָזיקן איינזאַמען גראָב

וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פאַרפלייצונג פון ווילדע מלחמה-לייט, ווי אויף אַ קבר פון די גרויסע ריטער און זייער גרויסן מנהיג.

פונקט אַזוי האָט מסתמא אויך געקוקט כֿמעלניצקי, ווייל ווי נאָר די פייערס האָבן זיך גוט צעפלאַקערט אין זיינע לאַגערס, האָט פאַר די גראָבנס אַ קאָזאַק-שליח גענומען פאָרן מיט אַ ווייסן פאָן, טרומייטערן און שרייען, אַז מען זאָל נישט שיסן.

די וועכֿטער זענען אַרויסגעגאַנגען און אים באַלד געכֿאַפט.

—פון העטמאַן צום פירשט יאַרעמאַ—האָט ער זיי געזאָגט.

דער פירשט האָט זיך פון פערד נאָך נישט געהאַט אַראָפגעזעצט און ער איז געשטאַנען ביים גראָבן מיט אַ פנים לויטער, ווי דער הימל. די פייער-פלאַמען האָבן זיך אָפגעשפיגלט אין זיינע אויגן און באַצויגן מיט אַ רויטלעכֿן שיין זיין דעליקאַט ווייס פנים. ווען מ'האָט דעם קאָזאַק געשטעלט פאַרן פירשט, איז אים דאָס לשון אָפגענומען געוואָרן, די פיס האָבן זיך אונטער אים געטרייסלט און אַ ציטער איז אים דורכֿגעלאָפן איבערן לייב, הגם דאָס איז געווען אַן אַלטער סטעפ-וואָלף און ער איז געקומען אַלס שליח.

—ווער ביזטו?—האָט דער פירשט-וואָיעוואָדאַ געפרעגט, אָנשטעלנדיק אויף אים זיינע רואיקע שוואַרץ-אַפלען.

—איך בין אַ סעטניק, סאָקאָל... פון העטמאַן.

—און מיט וואָס קומסטו?

דער סעטניק האָט גענומען זיך טיף בוקן, אַזש ביז צום פירשטס שפאָרנס.

—זיי מוחל, הערשער! וואָס מ'האָט מיר געהייסן, וועל איך זאָגן—איך בין נישט שולדיק!

—זאָג און האָב קיין מורא נישט.

—דער העטמאַן האָט מיך געהייסן זאָגן, אַז ער איז געקומען צו-גאַסט קיין זבאַראַזש און מאָרגן וועט ער אייך אין שלאָס באַזוכֿן.

—זאָג אים, אַז נישט מאָרגן, נאָר היינט פּראַווע איך אַ הסעוד אין שלאָס!—האָט דער פירשט געענטפערט.

און אין אַ שעה אַרום האָבן די האַרמאַטן געדונערט, עס האָבן געהילכט פרייד-אויסגעשרייען—און אַלע שלאָס-פענסטער האָבן העל געלויכטן פון טויזנטער ברענענדיקע ליכט.

אַז דער כאַן האָט דערהערט די וויוואַט-שאָסן, די קלאַנגען פון טרומייטן און קעסל-פּויקן, איז ער בכבודו ובעצמו אַרויס פאַרן געצעלט אין דער באַגלייטונג פון ברודער נוכאַדין, סולטאַן גאַלגאַ, טוהאַי-בעין און פיל פּאָלקאָווניקעס, און דערנאָך האָט ער געשיקט נאָך כמעלניצקין.

דער העטמאַן, הגם ער איז שוין געווען אַ ביסל בגילופינדיק, האָט זיך תיכף-ומיד געשטעלט, האָט זיך פאַרנייגט, צולייגנדיק צו דער זעלבער צייט די פינגער צום שטערן, באָרד און ברוסט, און געוואַרט אויף די פראַגע.

אַ לאַנגע צייט האָט דער כאַן געקוקט אויפן שלאָס, וואָס האָט געלויכטן פון דער ווייטנס, ווי אַ געוואַלדיקער לאַמטערן, און לייכט געשאָקלט מיטן קאָפּ, צום סוף האָט ער מיט דער האַנט אַ גלעט געטון זיך איבער דער שיטערער באָרד, וועלכע איז אין צוויי לאַנגע פאות אַראָפּגעפאַלן אויפן פעלץ, און געזאָגט, אָנטייטנדיק מיטן פינגער אויף די לויכטנדיקע שויבן:

—זאַפּאָראָזשער העטמאַן, וואָס איז דאָרט?

—מעכטיקסטער צאַר!—האָט כמעלניצקי געענטפערט-פירשט יאַרעמאַ פראַוועט דאָס סעודות.

דער כאַן האָט זיך פאַרחידושט.

—פראַוועט סעודות?...

—מאָרגנדיקע מתים זענען דאָס, היינט פראַווען זיי סעודות—האָט כמעלניצקי געענטפערט.

דאָ האָבן נייע שאָסן אַ זעץ-געטון אין שלאָס, עס האָבן אָפּגעהילכט די טרומייטן און די אויסגעמישטע געשרייען האָבן זיך דערטראָגן אַזש ביז צו די הויך-ווירדיקע אויערן פון כאַן.

—איינציקער גאָט—האָט ער אַ ברום געטון—אַ לייב זיצט אין האַרץ פון דעם דאָזיקן גיאַור.

נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן האָט ער צוגעגעבן:

—כ'וואָלט בעסער וועלן מיט אים זיך שטעלן, איידער מיט דיר.

כמעלניצקי איז פאַרציטערט געוואָרן. ער האָט טייער באַצאָלט פאַר דער פריינטשאַפט פון די טאָטערס, אָן וועלכער ער האָט זיך נישט געקאָנט באַגיין, און נאָך דעם אַלעם איז ער נישט זיכער מיט זיין שרעקלעכן פאַרבונדעטן. אַ ליאַדע איינפאַל פון כאַן—און אַלע טאָטערישע פאָלקן האָבן זיך געקאָנט ווענדן אַקעגן די קאָזאַקן, וועלכע וואָלטן דעמאָלט אומגעקומען אָן רעטונג. און דערביי האָט כמעלניצקי געוווסט אויך נאָך דאָס, אַז דער כאַן האָט אים אמת געהאָלפן צוליב שלל, צוליב מתנות, צוליב אומגליקלעכע געפאַנגענע, אָבער מחמת דעם, וואָס ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ געזעצלעכן מאָנאַרך, האָט ער זיך אין האַרצן געשעמט זיך צו שטעלן אויף דער זייט פון די מורדים אַקעגן דעם קיניג, אויף דער זייט פון אַזאַ „כמיעל" קעגן אַזאַ ווישניאָוויעצקין.

דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן האָט זיך אָפּטמאָל אָנגעשיכורט נישט בלויז צוליב זיין מיאוסער טבע צו טרינקען, נאָר אויך צוליב יאוש...

—גרויסער מאָנאַרך!—האָט ער געזאָגט—יאַרעמאַ איז דיין שונא. ער האָט דאָס ביי די טאָטערס אַוועקגענומען דאָס לאַנד אויף יענער זייט דניעפּר, ער האָט דאָס די געשלאָגענע פאָלקאָוניקעס, ווי די וועלף, אויף דיביימער געהאָנגען; ער האָט אויף קרים געוואָלט מאַרשירן מיט פייער און שווערד...

—און איר האָט נישט אָנגעמאַכט קיין חורבות אין די אוילוסן?—האָט דער כאַן געפרעגט.

—איך בין דיין קנעכט.

טוהאַי-בעיס בלויע ליפּן האָבן גענומען ציטערן און די ציין בלאַנקען; ער האָט געהאַט צווישן די קאָזאַקן אַ דם-שונא, וועלכער האָט אַנומלט אים אַ גאַנצע אָפּטיילונג אויסגעקוילעט און אים אַליין שיר נישט געכאַפּט. זיין נאָמען האָט זיך אים איצט געשטופּט אין מויל אַריין מיט אַן אומדערבאַרמדיקער

קראַפט פון דעם נקמה-דורשט, ער האָט דעריבער נישט אויס-געהאַלטן און גענומען ברומען אין דער שטיל:

—בורלאַי! בורלאַי!

—טוהאַי-בעי!—האָט כמעלניצקי תיכּף זיך אָנגערופן—פאַר-איאָרן האָט איר מיט בורלאַין, אויפן ליכטיקן און קלוגן באַפעל פון כאַן, געגאָסן וואַסער אויף די שווערדן.

אַ נייער זאַלפּ, וואָס איז געקומען פון שלאָס, האָט אי-בערגעהאַקט דעם ווייטערדיקן שמועס.

דער כאַן האָט אויסגעצויגן די האַנט און אָנגעצייכנט מיט איר אַ ראָד, וואָס האָט אַרומגענומען זבאַראַזש-שטאָט, דאָס שלאָס און דעם גראָבן.

—מאָרגן איז דאָס מיין?—האָט ער געפרעגט, ווענדענדיק זיך צו כמעלניצקין.

—מאָרגן וועלן יענע אויסשטאַרבן—האָט כמעלניצקי גע-ענטפערט און דעם בליק געווענדט צום שלאָס.

דערנאָך האָט ער ווידער זיך גענומען נייגן און מיט דער האַנט זיך צורירן צום שטערן, באָרד און ברוסט, האַלטנדיק דעם שמועס פאַר געענדיקט. דער כאַן האָט זיך אויך איינגע-טוליעט אין פעלץ, ווייל די נאַכט איז געווען אַ קילע, הגם ס'איז געווען אין יולי, און געזאָגט אומדרייענדיק זיך צו די געצעלטן:

—שוין שפעט!...

דעמאָלט האָבן אַלע זיך גענומען שאָקלען, גלייך ווי איין קראַפט וואָלט זיי באַוויגן, און ער איז געגאַנגען צום געצעלט געלאַסן און ערנסט, איבערחזרנדיק אין דער שטיל:

—גאָט איז איינציק!...

כמעלניצקי האָט זיך אויך דערווייטערט צו זיינע און אויפן וועג האָט ער געברומט:

—כ'וועל דיר אַוועקגעבן דאָס שלאָס און די שטאָט און דעם שלל און די געפאַנגענע, אָבער יאַרעמאַ וועט זיין מיין, נישט דיין, ווען אפילו עס זאָל מיר אויסקומען פאַר אים מיטן לעבן צו באַצאָלן!

איינציקווייז האָבן די פייערס געגומען צאַנקען און איינ־ציקווייז איז אַנטשוויגן געוואָרן דאָס שטילע געוויש פון אַ פּאָר הונדערט טויזנט שטימען; דאָ און דאָרט האָט זיך נאָך אָנגערופן אַ קול פון די פייפעלעך, אָדער אַ רופן פון די טאָטערישע פערד־שמייסער, וועלכע האָבן אַרויסגעיאָגט די פערד אויף נאַכט־פּאַשע—דערנאָך זענען די דאָזיקע שטימען אויך אַנטשוויגן געוואָרן און אַ שלאָף האָט אַרומגענומען די אומגעהייערע טאָטערישע און קאָזאַקישע מחנות.

נאָר דער שלאָס האָט געקנאַלט, געדונערט... געהילכט פון פרייד־אויסגעשרייען, גלייך ווי מען וואָלט דאָרט אַ חתונה געפּראַוועט.

אין לאַגער האָבן אַלע זיך געריכט, אַז דער שטורם וועט קומען צומאָרגנס. באַלד באַגינען האָבן זיך טאַקע אַ לאָז־געטון מאַסן פון המון, קאָזאַקן, טאָטערס און אַנדערע ווילדע מלחמה־לייט, וואָס זענען אָנגעקומען מיט כמעלניצקין, און זיך געצויגן צו די גראָבנס, ווי שוואַרצע כמאַרעס, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ אויפן שפּיץ פון אַ באַרג. דער זעלנער, הגם ער האָט שוין מיט אַ טאָג פריער אומזיסט זיך באַמיט איבערצוציילן די פייערס, איז איצט פאַרשטאַרט געוואָרן אויפן אָנבליק פון דאָזיקן ים פון קעפּ. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען קיין אמתער שטורם, נאָר גיכער אַן אויסשפּירונג פון פעלד, באַפעסטיקונגען, גראָבנס, מויערן אין גאַנצן פוילישן לאַגער. און פּונקט ווי אַ אויפגעברויזטע ים־כוואַליע, וואָס דער ווינט יאָגט אָן פון דער ווייטנס, לויפט־אָן, הייבט זיך אויף ווי אַ טורם, שוימט זיך, קלאַפּט־אָן מיט אַ רעש און ציט זיך דערנאָך צוריק אין די ווייטקייט, אַזוי האָבן זיי אויך דאָ און דאָרט אָנגעגריפן און ווידער זיך צוריקגעצויגן און ווידער אָנגעגריפן, גלייך ווי זיי וואָלטן געפּרוווט די כוחות, גלייך ווי זיי וואָלטן וועלן זיך איבערצייגן, צי בלויז מיט זייער אָנבליק, צי בלויז מיט זייער צאָל וועלן זיי נישט דערדריקן דעם גייסט, נאָך איידער זיי וועלן קאָנען דעם גוף דערדריקן.

זיי האָבן אויך געשאָסן פון האַרמאַטן—און די קוילן האָבן

געדיכט גענומען פאַלן אין לאַגער, פון וועלכן עס האָבן אָפּ-
געענטפערט האַרמאַטן און האַנט-כלי-זיין, און צו דער זעלבער
צייט האָט זיך אויף די מויערן באַוויזן אַ פּראָצעסיע מיטן היי-
ליקסטן סאַקראַמענט, כּדי אויפצעמונטערן דאָס איבערגעשראָקע-
נע חייל. קסיאָנדז מוכאָוויעצקי האָט געטראָגן די גילדענע מאָנ-
סטראַנץ, האַלטנדיק זי מיט ביידע הענט איבערן פּנים און אויפ-
הייבנדיק זי פון צייט צו צייט אין די הויך — און ער איז גע-
גאַנגען מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן און אַסקעטישן פּנים, אַ רו-
ריקער, אָנגעטון אין אַ גאָלד-געשטיקטן קיטל אונטער אַ חופּה.
נעבן אים זענען געגאַנגען צוויי קסיאָנדזן, האַלטנדיק אים אונ-
טער די אָרעמס: יאַסקולסקי, דער הוזאַרן-קאַפּלאַן, אַנומלט אַ
באַרימטער זעלנער, אין דער מלחמה-קונסט אויסגעפּרווט, ווי אַ
פירער, און זשאַבקאָווסקי, אויך אַ געוועזענער מיליטער-מאַן, אַ
ריזיקער בערנאַדינער, וואָס נאָר איין הער לאָנגין האָט אין
גאַנצן לאַגער אים איבערגעשטיגן מיט זיין כּוח. די דרענגלעך
פון דער חופּה האָבן געטראָגן פיר שלאַכטשיצעס, צווישן וועל-
כע ס'איז אויך געווען זאַגלאָבאַ — און פאַר דער חופּה האָבן גע-
שפּרייזט מיידלעך מיט באַחנטע פּנימער און געשאָטן בלומען.
זיי זענען געגאַנגען דורך דער גאַנצער לענג פון די גראָבנס,
און הינטער זיי זענען געגאַנגען די מיליטערישע עלטסטע, און
אויפן אָנבליק פון דער מאָנסטראַנץ, וואָס האָט געבלאַנקט ווי
די זון, אויפן אָנבליק פון דער רואיקייט פון די קסיאָנדזן און
פון יענע מיידלעך, וואָס זענען געווען אָנגעטון אין ווייסן, האָבן
ביי די זעלנער געקוואָלן די הערצער, ס'איז זיי צוגעקומען מוט
און זיי זענען דורכגעדרונגען געוואָרן מיט התלהבות.

דער ווינט האָט פונאַנדערגעטראָגן דעם שאַרפן ריח פון
דער ברענענדיקער מירטע אין די רויך-פעסער; אַלעמענס קעפּ
האָבן זיך אַראָפּגעבויגן מיט הכנעה. מוכאָוויעצקי האָט פון צייט
צו צייט אויפגעהויבן די מאָנסטראַנץ און די אויגן צום הימל —
און געזונגען דאָס ליד: „פאַר אַזאַ גרויסן סאַקראַמענט".

צוויי מעכטיקע שטימען, יאַסקולסקיס און זשאַבקאָווסקיס,
האָבן עס באַלד אונטערגעכאַפּט, צוזינגנדיק: „לאָמיר פאַלן אויפן

פנים"—און דאָס גאַנצע חייל האָט ווייטער געזונגען. דער טי־פער באַס פון די האַרמאַטן האָט באַגלייט דאָס ליד, און פון צייט צו צייט איז אַ האַרמאַטן-קויל דורכגעפלויגן מיט אַ רעש איבער דער חופה און די גלחים, צייטנווייז האָט זי אַנגעקלאַפּט נידריקער אין די מויער און זיי פאַרשאָטן מיט ערד, אַז הער זאַגלאָבאַ האָט זיך אַזש געקאָרטשעט און צוגעדריקט צום דרענגל. באַזונדערס האָט אים אַ שרעק אָנגעכאַפּט, ווען די פּראָצעסיע פאַר תפלות איז געשטאַנען אויף אַן אָרט. דעמאָלט האָט גע-הערשט אַ שטילשווייגן און מ'האָט אויסגעצייכנט געהערט די קוילן, וואָס זענען געפלויגן ווי אַ סטאַדע גרויסע פייגל, זאַ-גלאָבאַ איז נאָר וואָס אַמאָל רויטער געוואָרן, און קסיאָנדז יאַס-קולסקי האָט הינטערווייַלעכץ געוואָרפן אַ בליק צום פעלד און נישט קאָנענדיק זיך איינהאַלטן, האָט ער געברומט: „הינער זעצן דאַרפן זיי, און נישט שיסן פון האַרמאַטן!"—ווייל די קאָזאַקן האָבן באמת געהאַט זייער שלעכטע שיסער און ער, אַלס אַל-טער זעלנער, האָט רואיק נישט געקאָנט קוקן אויף אַזאַ אומ-געשיקטקייט און אויף אַזאַ פאַרשווענדונג פון פולווער. און ווי-דער זענען זיי ווייטער געגאַנגען—ביז זיי זענען צוגעקומען צום צווייטן עק פון די מויערן, ווו דער שונא האָט אַזוי שטאַרק נישט געשאָסן. פרווונדיק דאָ און דאָרט, באַזונדערס פון מערב-דיקן סטאַוו, צי ס'וועט זיך נישט איינגעבן אַרויסצורופן אַ מהומה, האָבן זיך די טאָטערס און קאָזאַקן צום סוף צוריקגע-צויגן צו זייערע פּאָזיציעס און זיי זענען דאָרט געבליבן, נישט אַרויסשיקנדיק אפילו קיין מענטשן אויף יחידים-קאַמפן. דערווייל האָט די פּראָצעסיע שוין געהאַט אינגאַנצן אויפגעמונטערט די באַלאַגערטע.

ס'איז שוין איצט קלאָר געווען, אַז כמעלניצקי וואַרט אויפן אָנקומען פון זיין לאַגער, הגם ער איז אַזוי נעווען זיכער, אַז דער ערשטער אמתער שטורם וועט גענוג זיין, אַז ער האָט נאָר בלויז געהייסן אַ פּאָר שאַנצן שיטן אונטער די האַרמאַטן און קיין שום אַנדערע ערד-אַרבעטן נישט אונטערגענומען אויף צו באַדראָען די באַלאַגערטע. דער לאַגער איז אָנגעקומען צו-

מאָרגנס און זיך אויסגעשטעלט, וואָגן ביי וואָגן, אין אַ פּאָר צענדליק שורות, אויף אַ מייל די לענג, פון ווערניאַקי אַזש ביז דעמבינאַ—מיט אים זענען אָנגעקומען נאָך פרישע כוחות, די אויסגעצייכנטע זאַפּאָראָזשער פוסגייער, וואָס האָט זיך כמעט געקאָנט פאַרגלייכן מיט די טערקישע יאַנטשאַרן און איז צו שטורמען און צום אָנהייבן די שלאַכט אַ סך מער מסוגל איי-דער דער המון און די טאָטערס.

דער געדענק-טאָג פון דינסטאָג דעם 31 יולי איז אַריבער אויף פיבערהאַפטע הכנות פון ביידע צדדים: ס׳איז שוין נישט געווען קיין ספק, אַז דער שטורם וועט קומען, ווייל די טרו-מייטן, קעסלען און פּויקן האָבן באַגינען געשפּילט אויף אַלאַרם אין קאָזאַקישן לאַגער, און צווישן די טאָטערס האָט ווי אַ דו-נער געהאַקט די גרויסע הייליקע פּויק, וואָס רופט זיך „באַלט"... דער אָוונט איז געקומען אַ שטילער, אַ לויטערער; נאָר פון ביידע סטאַוון און פון דער גניעזנאַ האָבן זיך אויפגעהויבן לייכטער נעפּלען—צום סוף האָט דער ערשטער שטערן אַ פינקל-געטון אויפן הימל.

אין דער רגע האָבן זעכציק טויזנט קאָזאַקישע האַרמאַטן אַ ריקע געטון אין איין קול—אומדורכדרינגלעכע מחנות האָבן זיך אַ לאָז געטון מיט אַ אימהדיק געשריי צו די מויערן און דער שטורם האָט זיך אָנגעהויבן.

די חיילות זענען געשטאַנען אויף די מויערן און עס האָט זיך זיי געדוכטן, אַז די ערד טרייסלט זיך אונטער זייערע פיס; די עלטסטע זעלנער האָבן אַזעלכעס נישט געדענקט.

—יעזוס, מאַריאַ! וואָס איז דאָס?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט, שטייענדיק נעבן סקשעטוסקין מיט די הוזאַרן צווישן איין מויער און דער צווייטער—עפּעס נישט קיין מענטשן גייען אויף אונז.

—זאָלט איר טאַקע וויסן, אַז נישט קיין מענטשן; דער שונא טרייבט פאַר זיך אָקסן, כדי אונז פריער אָפּצושוואַכן דורך שיסן אויף זיי.

דער אַלטער שלאַכטשיץ איז רויט געוואָרן ווי אַ בוריק, די אויגן זענען אים אַרויסגעקראָכן, און פון מויל האָט אַרויס-

געפּלאַצט איין וואָרט, וועלכעס האָט פול געוועזן די גאַנצע רציחה, דעם גאַנצן פּחד און אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט טראַכטן אין דער רגע:

—לײדאַקעס!

די אָקסן, וואָס זענען ווי משוגעים געטריבן געוואָרן דורך די ווילדע, האַלב-נאַקעטע אָקסן-טרײַבער מיט בײַטשן און ברענענדיקע פאַקעלס זענען צעווילדעוועטע פון שרעק געלאָפן פאַרויס מיט אַ שרעקלעכער ריטשערײַ, דאָ צונויפפרעסנדיק זיך אין אַ קופּע, דאָ יאָגנדיק זיך, דאָ צעלויפנדיק זיך אָדער אומקערנדיק זיך צוריק, און געטריבן מיט געשרייען, געברענט מיט פייער, געשמיסן מיט רויען לעדער, זענען זיי ווידער געלאָפן צו די מויערן. ביז וווּרצל האָט גענומען שפּייען מיט פייער און אייזן, דעמאָלט האָט אַ רויך באַדעקט די שײַן פון דער וועלט, דער הימל איז רויט געוואָרן, די איבערגעשראָקענע בהמות זענען זיך פאַנאַנדערגעלאָפן, גלייך ווי אַ דונער וואָלט זיי פאַנאַנדערגעטריבן, אַ העלפט איז געפאַלן—און איבער זייערע פּגרים איז דער שונא געגאַנגען ווייטער.

פאָרנט, געשטאָכן פון הינטן מיט שפּיזן און געברענט מיטן פייער פון די ביקסן, זענען געלאָפן געפאַנגענע מיט זעק זאַמד, מיט וועלכע זיי האָבן געדאַרפט פאַרשיטן דעם גראָבן. דאָס זענען געוועזן פויערן פון דער סביבה פון זבאַראַזש, וועלכע האָבן נישט באַוויזן זיך מציל צו זיין אין די שטאָט אַריין פאַרן אָנלויף: יינגע מאַנסבילן, אויך זקנים און ווייבער. זיי אַלע זענען געלאָפן מיט אַ געשריי, אַ געוויין, מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום הימל און מיט רחמים-געבעטן. די האָר האָבן זיך אויפן קאָפּ געשטעלט פון די דאָזיקע יללות, אָבער דאָס רחמנות איז דעמאָלט געשטאָרבן אויף דער ערד: פון איין זייט זענען די קאָזאַקישע שפּיזן אַריינגעקראָכן אין זייערע פּלייצעס, פון דער צווייטער זייט האָבן וווּרצלס קוילן צעריבן די אומגליקלעכע, די גראַנאַטן האָבן זיי צעפליקט אויף שטיקער, אויסגעגראָבן אין זיי לעכער, און אַזוי זענען זיי געלאָפן, זיך געבאָדן אין בלוט—געפאַלן, זיך אויפגעהויבן און ווידער געלאָפן,

ווייל עס האָט זיי געשטויסן די כוואַליע פון קאָזאַקן, זיי ווי־דער די כוואַליע פון טערקן, פון טאָטערס...

מיט אַמאָל איז דער גראָבן פול געוואָרן מיט קערפּערס, בלוט, זעק מיט זאַמד—צום סוף איז ער אויסגעגליכן געוואָרן און דער שונא האָט מיט אַ געהייל זיך געלאָזט איבער אים לויפן.

די פּאָלקן האָבן זיך געשטויסן איינע נאָך די אַנדערע; ביים ליכט פון האַרמאַטן-פייער האָט מען געזען די עלטסטע, וואָס האָבן ווּאָס נאָמאָל נייע מחנות געטריבן אויפן גראָבן. דאָס געקליבנסטע חייל האָט זיך געוואָרפן אויף יערעמיס קוואַטירן און חיילות, ווייל כמעלניצקי האָט געוווּסט, אַז דאָרט וועט ער זיך אָנשטויסן אויפן גרעסטן ווידערשטאַנד. און אזוי זענען גע־גאַנגען די סיטשער פּאָלקן, הינטער זיי די שרעקלעכע פּערע־יאַסלאַווער מיט לאָבאָדאַן, הינטער זיי האָט וואָראָנטשענקאָ גע־פירט דעם טשערקאַסער פּאָלק, קולאַק—דעם קאַרוואָווער פּאָלק, נעטשאַי דעם בראַצלאַווער, סטעפּקאַ דעם הומאַנער, מראָזאָוויעצ־קי דעם קאָרסונער—עס זענען געגאַנגען אויך די קאַלניטשאַנער לייט און דער מעכטיקער ביאַלאָצערקווער פּאָלק, וואָס האָט גע־ציילט פופצען טויזנט מאַן—און מיט זיי כמעלניצקי אַליין—וועל־כער האָט אין פייער, ווי אַ רויטער שטן, זיין ברייטע ברוסט אויף די קוילן אויסגעשטעלט מיטן פּנים פון אַ לייב, מיטן אויג פון אַן אָדלער—אין תוהו-ובוהו, רויך, טומל, שחיטה, מהומה און פלאַמען, און אויף צלץ אַכטונג געגעבן און מיט אַלץ רעגירט.

נאָך די קאָזאַקן זענען געגאַנגען די ווילדע דזשאָנער קי־זאַקן; ווייטער טשערקאַסן, וואָס האָבן געקעמפט מיט מעסערס; האַרט נעבן זיי האָט טוהאַי-בעי געפירט געקליבענע נאָהאַיער טאָטערס; הינטער זיי האָט סובאַגאַזי געפירט די ביאַלאָגראָדער טאָטערס, קורדלוק די שוואַרץ-ברוינע אַסטראַכאַנער, וואָס זענען געווען באַוואָפנט אין געוואַלדיקע בויגנס און פיילן, וואָס יעדע פון זיי איז געווען ווי אַ שפּיז די גרויס. זיי זענען געגאַנגען איינע נאָך די אַנדערע אַזוי געדיכט, אַז דער הייסער אָטעם פון

די, וואָס זענען געגאַנגען פון הינטן, האָט באַגאָסן די קאָרקס פון די פאָדערשטע.

וויפיל פון זיי איז געפאַלן ביז זיי זענען צוגעקומען צו יענעם גראָבן, וואָס איז געווען פאַרשאָטן מיט קערפּערס פון געפאַנגענע—האָט גאָר קיין שיעור נישט און קיין ערך נישט! אָבער זיי זענען צוגעקומען און אַריבערגעגאַנגען און גענומען זיך רייסן אויף די מויערן. דעמאָלט וואָלסטו געמיינט, אַז די דאָזיקע אויסגעשטערנטע נאַכט איז אַ נאַכט פון גאָטס משפּט איבער די מענטשן. די האַרמאַטן, וואָס האָבן די נאָנטערע נישט געקאָנט טרעפן, האָבן געשפּיגן מיט אַן אומאויפהערלעכן פייער אויף די ווייטערדיקע רייען. די גראַנאַטן האָבן געצייכנט פייערדיקע בויגנס איבערן הימל און געפלויגן מיט אַ גיהנומדיקן געפייף, באַלויכטנדיק די פינסטערניש ווי אין מיטן העלן טאָג. די דייטשע און פוילישע פוסגייער און נעבן זיי דעם פירשטס דראַגונער האָבן די קאָזאַקן געגאָסן פייער און בלײַ כמעט גלייך אין פנים און אין די ברוסט אַריין.

די ערשטע רייען זייערע האָבן זיך געוואָלט צוריקציִען, אָבער געשטויסן פון הינטן, האָבן זיי נישט געקאָנט. זיי זענען דעריבער אומגעקומען אויפן אָרט. דאָס בלוט האָט זיך געבלעזלט אונטער די פיס פון די נאָכגעקומענע. די מויערן זענען געוואָרן גליטשיק, עס האָבן זיך איבער זיי אַראָפּגעגליטשט די פיס, הענט, ברוסטן. זיי האָבן זיך געדראַפּעט אויף די מויערן, אַראָפּגעפאַלן און ווידער געדראַפּעט זיך, באַדעקט מיט רויך, שוואַרץ פון סאַדזעס, געשטאָכענע, געהאַקטע, נישט מורא האָבנדיק פאַר ווונדן און פאַרן טויט. ערטערווייז האָט מען שוין געקעמפט מיט ווייס געווער. האָסט געזען מענטשן, וואָס האָבן פון משוגעת נישט געוווּסט ממש וואָס עס טוט זיך מיט זיי, מיט אויסגעשטשירעטע ציין, מיט פנימער פאַרגאָסענע מיט בלוט... די לעבעדיקע האָבן געקעמפט אויף דער צאַפּלדיקער מאַסע פון הרוגים און גוססים. מען האָט שוין נישט געהערט קיין קאָמאַנדע, נאָר אַן אַלגעמיין, מוראדיק געשריי, אין וועלכן אַלץ איז פאַרטויבט געוואָרן: אי דאָס קנאַלערײַ פון די ביקסן, אי דאָס

כאָרכלען פון די פאַרווונדטע, אי די קרעכצן און דאָס געפייף פון די גראַנאַטן.

און אָנגעהאַלטן האָט די דאָזיקע אומגעהייערע און אומברחמנותדיקע שלאַכט גאַנצע שעהן. אַרום דער מויער איז אויסגעוואַקסן אַ צווייטע מויער פון הרוגים—און פאַרצוימט די שטורמער דעם צוטריט. פון די סיטש-לייט איז כמעט קיין זכר נישט געבליבן, דער פּערעיאַסלאַווער פּאָלק איז געלעגן האַרט נעבן דער מויער; פון די קאַרוואָווער, בראַצלאַווער און הומאַנער פּאָלקן איז אַ צענט חלק געבליבן ביים לעבן—אָבער די איבעריקע האָבן זיך נאָך געשטופּט, געשטויסן פון הינטן דורך דעם העטמאַנס גוואַרדיעס, רומולער טערקן און אורומבעיער טאָטערס. אָבער אין די רייען פון שונאָ איז פונדעסטוועגן שוין קענטיק געווען אַ מהומה, בעת די פּוילישע פוסגייער, דייטשן און דראַגונער האָבן ביז איצט נאָך אויף קיין שפּאַן נישט אָפּגעטרעטן. פאַרסאַפּעטע, מיט בלוט פאַרכליאַפּעטע, מיטגעריסן פון קאַמפשגעון, פאַרשוויצטע, האַלב-צעדולטע פון בלוט-ריח, האָבן זיי זיך איינע איבער די אַנדערע געריסן צום שונא, פונקט אַזוי ווי צעווילדעוועטע וועלף רייסן זיך איבער אַ סטאַדע שעפּסן. אין דער רגע האָט כמעלניצקי אויפסניי אָנגעגריפן מיטן יתר-הפליטה פון די ערשטע פּאָלקן און מיט דער גאַנצער, נאָך נישט גערירטער מאַכט פון די ביאַלאָצערקווער, טאָטערס, טערקן און טשערקאַסן.

די האַרמאַטן פון די גראָבנס האָבן אויפגעהערט צו דונערן, די גראַנאַטן צו לייכטן, נאָר דאָס האַנט-כלי-זיין האָט געקריצט דורך דער גאַנצער לענג פון דער מערבדיקער מויער. ווידער האָט זיך אויפגעהויבן אַ ליאַרם. צום סוף זענען אויך די ביקסן אַנטשוויגן געוואָרן, און דעמאָלט האָט מען נאָר געהערט ווי איין געוואַלדיקן קרעכץ, וואָס רייסט זיך ארויס פון אַלע זייטן, פון אונטער דער ערד, אויף דער ערד, אין דער לופט, העכער און העכער, גלייך ווי אויך די נשמות וואָלטן מיט אַ קרעכץ אַוועקגעפלויגן פון דאָזיקן שלאַכט-פעלד.

אָבער דאָס זענען געווען נאָר קורצע הפסקות: נאָך אַזאַ

ווילע האָבן די קולות און ילדות זיך אָנגערופן מיט אַ נאָך גרעסערער קראַפט, וואָס אַמאָל הייזעריקער, וואָס אַמאָל אויס־טערלישער.

מיט אַמאָל האָט ווידער אַ הילך־געטון אַ שיסעריי פון האַנט־ביקסן: דאָס איז פּאָלקאָווניק מאַכניצקי מיט דער רעשט פוסגייער געקומען צו הילף די אויסגעמאַטערטע פּאָלקן. די טרו־מייטן האָבן גענומען שפּילן אויף אַ צוריקצוג אין די הינטער־שטע רייען פון די קאָזאַקן.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ הפסקה, די קאָזאַקישע פּאָלקן האָבן זיך דערווייטערט פון גראָבן אויף אַ געוויסן שטח און זיך גע־שטעלט אונטערן שוץ פון די אייגענע האַרמאַטן—אָבער ס'איז נישט אַריבער קיין האַלבע שעה, ווי כמעלניצקי האָט זיך ווי־דער אַ ריס געטון און צום דריטן מאָל זיי געטריבן צום שטורם.

אָבער דעמאָלט האָט זיך אויפן גראָבן באַוויזן אויף אַ פערד פירשט יערעמי אַליין. ס'איז אים לייכט געווען צו דער־קענען, ווייל דער העטמאַנישער פאָן האָט געפלאַטערט איבער זיין קאָפּ און נאָך אים האָט מען נאָכגעטראָגן אַ פּאָר צענדליק בלוטיק־פלאַקערנדיקע פאַקעלס. באַלד האָט מען גענומען שיסן אין אים פון האַרמאַטן, אָבער די נישט געניטע שיסער האָבן די קוילן געוואָרפן ווייט, אַזש הינטער די גניעזנאַ. און ער איז געשטאַנען רואיק און געקוקט אויף די אָנרוקנדיקע כמאַרעס...

די קאָזאַקן האָבן פאַרפאַמעלעכט זייערע שריט, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען פאַרכישופט פון דאָזיקן אָנבליק.

—יאַרעמאַ! יאַרעמאַ!—האָט אַ שטיל געברום, ווי דאָס גע־רויש פון אַ ווינט, זיך דורכגעטראָגן דורך די טיפע רייען.

און שטייענדיק אויפן גראָבן אין מיטן די בלוטיקע פאַ־קעלס, האָט דער דאָזיקער אימהדיקער פירשט אויסגעזען אין זייערע אויגן ווי אַ ריז פון אַ פאָלקס־מעשהלע, און אַ ציטער איז דעריבער דורכגעלאָפן איבער זייערע מידע אברים און זייערע הענט האָבן געצייכנט צלמים. און ער איז אַלץ גע־שטאַנען.

ער האָט אַ בויג-געטון דעם גילדענעם שטאַב — און באַלד האָט אַ מחנה גראַנאַטן אַ דונער געטון אויפן הימל און איז אַריינגעפאַלן אין די אַנלויפנדיקע רייען, די מחנות האָבן זיך צונויפגעקנוילט ווי אַ שטערבלעך פאַרוווּנדעטער שלאַנג; אַ שרעק-אויסגעשריי איז דורכגעפלויגן פון איין עק מענטשן-שטראָם ביז צום צווייטן:

— לויפן! לויפן! — האָבן זיך דערהערט שטימען פון די קאָזאַקישע פּאָלקאָווניקעס.

די שוואַרצע לאַווע האָט זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אַ לאָז-געטון צו די מויערן, אונטער וועלכע זי האָט געקאָנט געפינען שוץ פון די גראַנאַטן, אָבער זי איז נאָך נישט דורכגעלאָפן קיין העלפט וועג, ווי דער פירשט, וועלכן מ'האָט כסדר געזען ווי אויף דער האַנט-פלאַך, האָט זיך אַ קער געטון אַ ביסל צו מערב און ווידער אַ בויג-געטון דעם גילדענעם שטאַב.

אויף דעם דאָזיקן צייכן האָבן פון דער סטאַוו-זייט, פון דעם צווישן-שייד צווישן סטאַוו און דער מויער, זיך גענומען אַרויסרוקן די רייטער — און כהרף-עין האָבן זיי זיך פונאַנדער-געגאָסן אויפן ברעג פון פלאַכן שטח; ביי דער שיין פון די האַרמאַטן האָט מען אויסגעצייכנט געזען די געוואַלדיקע פאָנען פון סקשעטוסקיס און זאַטשווילי כאָווסקיס הוזאַרן, קושעלס און וואָלאָדיאָווסקיס דראַגונער און ראָזטוואָראָווסקיס פירשטלעכע טאָ-טערס. נאָך זיי האָבן זיך אַרויסגערוקט ביכאָוויעצס וואָס אַמאָל נייע פּאָלקן פון קאָזאַקן און וואָלאַכן. נישט בלויז כמעלניצקי, נאָר אפילו דער לעצטער פון די קאָזאַקישע קנעכט האָט אין איין רגע פאַרשטאַנען, אַז דער דרייסטער פירער האָט באַשלאָסן צו וואַרפן דאָס גאַנצע רייטער-חייל אַקעגן דעם שונא.

אין די רייען פון די קאָזאַקן האָבן באַלד אָפּגעהילכט די טרומייטן אויף אַ צוריקצוג. „מיטן פּנים צו די רייטער! מיטן פּנים צו די רייטער!" — האָבן זיך דערהערט איבערגעשראָקענע שטימען. צו דער זעלבער צייט האָט כמעלניצקי זיך באַמיט צו ענדערן דעם פראָנט פון זיינע חיילות און מיט די רייטער זיך צו שיצן פון די רייטער. אָבער ס'איז שוין קיין צייט נישט

געווען. נאָך איידער ער האָט באַוויזן אויסצושטעלן די רייען, האָבן זיך דער פירשטס פּאָלקן אַ ריס-געטון און געאָלפּן, ווי אויף פליגל מיטן אויסגעשריי: „שלאָג! דערהרגע!" מיט אַ גע-רויש פון די פּאָנען, מיט אַ געפייף פון די פעדערן און גע-קלאַנג פון כּלי-זיין. די הוזאַרן האָבן אַריינגעשטאָכן די שפּיזן אין די וואַנט פון שונא און אַליין האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין זיי ווי אַ ווילכער, איבערקערנדיק און אַ תּל-מאַכנדיק פון אַלץ אויפן וועג. קיין שום מענטשלעכער כּוח, קיין שום באַפעל, קיין שום פירער וואָלט שוין נישט באַוויזן אויפצוהאַלטן די פּוס-גייער-פּאָלקן, אַקעגן וועלכע עס האָט זיך געווענדט דער ערש-טער אימפּעט. אַ ווילדע בהלה האָט אַרומגענומען דעם העטמאַנס אויסגעצייכנטע גוואַרדיע. די ביאַלאָצערקווער האָבן אַוועקגע-וואָרפן די ביקסן, שפּיזן, קאָסעס, שווערדן און פאַרשטעלנדיק די קעפּ מיט די הענט, זענען זיי געלאָפן אין שגעון פון שרעק מיט אַ חיהשן געקוויטש צו די אָפּטיילונגען פון די טאָטערס, וואָס זענען געשטאַנען הינטן. אָבער די טאָטערס האָבן זיי מקבל-פּנים געווען מיט אַ גאָס-רעגן פון פיילן—זיי האָבן זיך דאַן געוואָרפן אין אַ זייט און געלאָפן אין די לענג פון לאַגער אונ-טערן פייער פון די פוסגייער און פון וווּרצלס כאַרמאַטן, אויס-בעטנדיק דעם וועג אַזוי געדיכט מיט הרוגים, אַז נאָר זעלטן-ווו איז נישט געפאַלן איינער אויפן אַנדערן.

דערווייל אָבער האָט דער ווילדער טוהאַי-בעי, אונטער-שטיצט דורך סובאַגאַזין און אורומן, מיט אַ ווילדער רציחה זיך אַ וואָרף געטון אויף די הוזאַרן. ער האָט נישט געהאַט קיין האָפענונג זיי צוצעברעכן, ער האָט נאָר געוואָלט, כאָטש אויף אַ קורצע צייט, זיי צוריקהאַלטן, כּדי די סיליסטרישע און רומו-ליער יאַנטשאַרן זאָלן פאַר דער דאָזיקער צייט קאָנען זיך פאָר-מירן אין פיר-קאַנטן און די ביאַלאָצערקווער זיך אויסניכטערן נאָך דער ערשטער מהומה. ער האָט אַ שפּרונג-געטון, ווי אין רויך אַריין—און איז אַליין געלאָפן אין דער ערשטער ריי, נישט ווי אַ פירער, נאָר ווי אַ פשוטער טאָטער, און געהאַקט, גע-הרגעט, זיך אויסגעשטעלט אויף סכנות צוזאַמען מיט אַנדערע.

די קרומע שווערדן פון די נאָהאַיער טאָטערס האָבן געקלונגען איבער די פּאַנצערס, און דאָס געהייל פון די זעלנער האָט פאַרהילכט אַלע אַנדערע שטימען. אָבער אויסהאַלטן האָבן זיי נישט געקאָנט. אַוועקגעשטויסן פון אָרט, צוגעדריקט פון דער שרעקלעכער משא פון די אייזערנע רייטער, וועלכע זיי זענען נישט געוווינט געווען זיך אָפּן אַקעגנצושטעלן, אַראָפּגעשטופּט צו די יאַנטשאַרן, געשטאָכן מיט לאַנגע שווערדן, אַראָפּגעוואָרפן פון די זאָטלען, פאַרוווּנדעטע, געשלאָגענע, צעקוועטשטע, ווי די ווערם, האָבן זיי זיך פונדעסטוועגן פאַרטיידיקט מיט אַזאַ פאַר-ביסנקייט, אַז דער שטראָם פון די הוזאַרן איז טאַקע איינגע-האַלטן געוואָרן. טוהאַי-בעי האָט זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן ווי אַ פאַרצערנדיקער פלאַם, און די נאָהאַיער טאָטערס זענען מיטגעגאַנגען מיט אים, ווי די וועלף גייען מיט מיט דער וועלפין.

פונדעסטוועגן זענען זיי נישט אָפּגעטרעטן, פאַלנדיק אין וואָס אַמאָל גרעסערע מחנות. די געשרייען „אַלאַ!", וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון פעלד, האָבן שוין אָנגעזאָגט, אַז די יאַנ-טשאַרן שטייען גרייט צום קאַמף, ווען סקשעטוסקי איז צוגע-פאַלן צום ווילדן טוהאַי-בעי און מיט דער שווערד אים אַ זעץ געטון אין קאָפּ אַריין. אפנים אָבער, אַז דער ריטער האָט נאָך דער קרענק נאָך אַלע כּוחות נישט צוריקגעוווּנען, אָדער אפשר האָט דער אין דמשק געשמידטער אייזערנער העלם דעם שטאָך צוריקגעהאַלטן, גענוג, אַז די קלינג האָט זיך אויסגעבויגן אויפן קאָפּ און אָנקלאַפּנדיק מיט דער פלאַכער זייט, איז זי צעשפּרונ-גען געוואָרן אויף פּיצעלעך. אָבער טוהאַי-בעיס אויגן האָבן זיך באַלד באַצויגן מיט אַ פינסטערניש, ער האָט אַ ריס-געטון דאָס פערד און געפאַלן אויף די הענט פון די טאָטערס, וועלכע האָבן געכאַפּט זייער פירער, פאַרשוווּנדן מיט אַ שרעקלעכן ליאַרם אין ביידע זייטן, ווי עס פאַרשווינדט אַ נעפּל, וואָס ווערט אַוועקגעבלאָזן דורך אַ געוואַלדיקן ווינטער. דעם פירשטס אַלע רייטער זענען איצט געשטאַנען אַקעגן די רומעליער און סיליסטרישע יאַנטשאַרן און אַקעגן די סערבישע פאָלקן, וועלכע

האָבן צוזאַמען מיט די יאַנטשאַרן געפּילדעט איין מעכטיקן פיר-קאַנט און זיי האָבן זיך לאַנגזאַם צוריקגעצויגן צום לאַגער-צו, געווענדט מיטן פראָנט צום שונא, מיט אַרויסגעשטעקטע ביקסן-רוירן, שאַרפן פון לאַנגע שפּיזן און שווערדן.

די פאַנצער-פּאָלקן פון די דראַגונער און קאָזאַקן האָבן זיך געיאָגט צו זיי ווי אַ ווינטער, און אין סאַמע פראָנט איז מיט אַ רעש און געפּילדער געגאַנגען סקשעטוסקיס הוזאַרן-פּאָלק. ער אַליין איז געפלויגן בלינדערהייט אין דער ערשטער ריי, און נעבן אים הער לאָנגינוס אויף זיין ליפלענדישן פערד מיט אַ שרעקלעכער שווערד אין דער האַנט.

אַ רויטער פייער-פּאַס איז דורכגעפלויגן פון איין עק פיר-קאַנט אין צווייטן — די קוילן האָבן געפּיפן אין די אויערן פון די רייטער, דאָ און דאָרט האָט אַ מענטש אַ קרעכץ געטון, דאָ און דאָרט איז אַ פערד אומגעפאַלן, די ליניע פון די רייטער ברעכט זיך, אָבער זיי פליען ווייטער; אָט לויפן זיי שוין צו, אָט הערן שוין די יאַנטשאַרן דאָס כראַפּען און דעם פאַרסאַפּעטן אָטעם פון די פערד — דער פיר-קאַנט פרעסט זיך נאָך ענגער צונויף און בייגט אַראָפּ די מויער פון די שפּיזן, וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן דורך אָדערדיקע הענט, צו די צעווילדעוועטע פערד. וויפיל שאַרפן די דאָזיקע כמאַרע האָט געהאַט, אַזוי פיל טויטן דראָט די ריטער.

מיט אַמאָל איז עפּעס אַ ריזיקער הוזאַר צוגעפאַלן אין אַ נישט איינגעהאַלטענעם אימפּעט צו דער וואַנט פון פיר-קאַנט; אַ ווײַלע האָט מען געזען די קאָפּיטעס פון אַ געוואַלדיקן פערד, וואָס האָבן אַראָפּגעהאָנגען אין דער לופט — דערנאָך איז דער ריטער און דאָס פערד אַריינגעפאַלן אין מיטן געשטופּ, צע-שמעטערנדיק שפּיזן, איבערקערנדיק מענטשן, ברעכנדיק, צע-רייבנדיק, פאַרניכטנדיק.

ווי אַן אָדלער פאַלט אַראָפּ אויף אַ סטאַדע פון ווייסע שניי-הינער, וועלכע פרעסן זיך צונויף פאַר אים אין אַן אי-בערגעשראָקענער קופּע און פאַלן פאַר אַ קרבן פון רויב-פויגל, וועלכער צערייסט זיי מיט די נעגל און שנאָבל — אַזוי האָט הער

לאַנגינוס פּאָדביפּיענטאַ, אַריינפאַלנדיק אין מיטן פון די פיינט-לעכע רייען, געבושעוועט מיט זיין שווערד.

און נאָך קיינמאָל האָט אַ שטורם-ווינט נישט אָנגעמאַכט אַזעלכע חורבות אין אַ יונגן און געדיכטן וואַלד, ווי די, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט אין יאַנטשאַרן-געווימל. שרעקלעך איז ער געווען, זיין געשטאַלט איז אומגעהייער אויסגעוואַקסן; דאָס פערד זיינס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עפּעס אַ שלאַנג, וואָס שפּייט מיט פייער פון די נאָזלעכער, און די שווערד זיינע איז דריי מאָל אַזוי גרויס געוואָרן אין דער האַנט פון ריטער. קיסלאַר-באַק, אַ ריזיקער אַגאַ, האָט זיך געוואָרפן אויף אים און איז געפאַלן אַ צעשניטענער אויף צוויי העלפטן. אומזיסט האָבן יעדע ווילדע געזונטע יינגען אויסגעשטרעקט די הענט, זיך באַשיצט מיט שפּיזן—זיי זענען באַלד אומגעקומען, ווי געטראָפן פון אַ דונער—און ער האָט געטרעטן איבער זיי, זיך אַריינגעשטופּט אין גרעסטן געדראַנג און אַז ער האָט אַ כאָכע-געטון—וואָלכטו געמיינט, זאַנגען פאַלן אונטער אַ קאָסע. פּוסט איז געוואָרן, עס האָבן זיך געהערט יללות, קרעכצן, דונערנדיקע קלעפּ, אַ גע-קריץ פון אייזן אויף קעפּ און דאָס שנאָרכן פון פערדישן מחבל.

—אַ רוח! אַ רוח!—האָבן איבערגעשראָקענע שטימען אויס-געשריען.

אין דער רגע האָט דער הוזאַרן-שטורם, מיט סקשעטוסקין בראש, אַריינגעפּראַלט אין טויער, וואָס איז געעפנט געוואָרן דורכן ליטווישן ריטער; די ווענט פון פיר-קאַנט האָבן געפּלאַצט, ווי די ווענט פון אַן איינגעפאַלענעם הויז און די מאַסן יאַנ-טשאַרן האָבן זיך גענומען צעלויפן אין אַלע זייטן.

ס'איז שוין געווען צייט דערויף, ווייל די נאָהאַיער טאָ-טערס אונטער סובאַגאַזיס קאָמאַנדע האָבן שוין צוריקגעקערט, ווי בלוט-דורשטיקע וועלף צו דער שלאַכט, און פון דער צוויי-טער זייט האָט כמעלניצקי אויפסניי צונויפגעקליבן די ביאַלאָ-צערקווער און איז געאַנגען צו-הילף די יאַנטשאַרן—אָבער איצט האָט זיך אַלץ צונויפגעמישט. קאָזאַקן, טאָטערס, סערבן, יאַנ-

טשאַרן זענען אַנטלאָפן אין דער גרעסטער בהלה און מהומה צו די לאַגערס, נישט געבנדיק קיין שום ווידערשטאַנד. די רייטער האָבן זיי געטריבן, האַקנדיק בלינדערהייט. ווער עס איז נישט אומגעקומען באַלד, איז אומגעקומען שפּעטער. די נאָכיאָגער זענען געווען אַזוי פאַרביסן, אַז זיי האָבן אָנגעשפּאַרט ביז צו די הינטערשטע רייען פון די אַנטלויפנדיקע, ביי די זעלנער זענען די הענט אָפּגעשטאַנען פון פאָכען מיט דער שווערד. דער המון האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס געווער, די פאָנען, די היט-לעך און אפילו די רעק. די ווייסע קאַפּוּטעס פון די יאַנטשאַרן האָבן ווי מיט אַ שניי באַדעקט דאָס פעלד. כמעלניצקיס גאַנצע געקליבענע מיליציע, די פוסגייער, אַרטילעריע, די טאָטערישע און טערקישע פאַרשטאַרקונג-אָפּטיילונגען האָבן געבילדעט איין אומגעלומפּערטע מאַסע, אַ צעדולטע, אַ צעטומלטע, אַ פאַרבלענד-טע פון שרעק. גאַנצע הונדערטער זענען אַנטלאָפן פאַר איין פּוילישן זעלנער. די הוזאַרן האָבן אָפּגעטאָן דאָס זייעריקע נאָכ-דעם ווי זיי האָבן צעקלאַפּט די פוסגייער און טאָטערס, און איצט האָבן די דראַגונער און די לייכטע פאָלקן זיך באַמיט איבערצושטייגן איינע די אַנדערע, און אין זייער שפּיץ האָבן הער וואָלאָדיאָווסקי און קושעל אָנגעמאַכט אומגלויבלעכע חורבות. דאָס בלוט האָט מיט איין קאַלוזשע באַדעקט דאָס שרעקלעכע שלאַכטפעלד און האָט גערוישט, ווי אַ וואַסער אונטער די גע-וואַלדיקע קלעפּ פון די פערדישע קאָפּיטעס, באַשפּריצנדיק דאָס כלי-זיין און פּנימער פון די ריטער.

די אַנטלויפנדיקע מאַסן האָבן אָפּגעטעמט ערשט צווישן די פורן פון זייער לאַגער, ווען די טרומייטן האָבן אָפּגערופן דעם פירשטס רייטער.

די ריטער האָבן צוריקגעקערט מיט געזאַנג און פרייד-אויסגעשרייען, ציילנדיק אויפן וועג מיט די וואַרעמע שווערדן די פיינטלעכע הרוגים. אָבער ווער האָט אין פלוג געקאָנט אָפּ-שאַצן די גרויס פון דער מפּלה? ווער האָט געקאָנט אַלע אי-בערציילן, בעת האַרט ביים גראָבן זענען געלעגן קערפּערס, אָנגעהויפנט איינער אויפן אַנדערן אויף אַ מענטש די הויך? די

זעלנער זײַנען געזעסן ווי פאַרטשאַדעט פון דעם שאַרפן ריח פון בלוט און שווייס. אַ גליק, וואָס פון סטאַוו-זייט האָט זיך אויפגעהויבן אַ גענוג שטאַרקער ווינט און אַוועקגעבלאָזן דעם דאָזיקן ריח צו די פײַנטלעכע געצעלטן.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס ערשטע באַגעגעניש פון שרעקלעכן „יאַרעמאַ“ מיט כמעלניצקין.

אָבער דער שטורם איז נישט געווען פאַרענדיקט, ווײַל בעת ווישניאָוויעצקי האָט אָפּגעשטויסן די אַטאַקעס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אויפן רעכטן פליגל פון לאַגער, האָט בורלאַי אויפן לינקן פליגל שיר נישט באַהערשט די גראָבנס. אַרומגייענדיק שטיל די שטאָט און דאָס שלאָס אין דער שפּיץ פון זעלנער פון יענער זייט דניעפּר, האָט ער אָנגעשפּאַרט ביז צום מזרחדיקן סטאַוו און מעכטיק אָנגעגריפן פירלעיס קוואַרטירן. די אונגאַרישע פוסגייער, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם ערשטן אָנגריף, ווײַל די מויערן ביים סטאַוו זענען נאָך נישט געווען פאַרענדיקט—און דער ערשטער פאָן-טרעגער איז אַנטלאָפן מיט זײַן אָפּטיילונג און נאָך אים האָט זיך געלאָזט לויפן דער גאַנצער רעגימענט. בורלאַי איז אַרײַנגעשפּרונגען אין די מיט און נאָך אים האָבן זיך געלאָזט זײַנע מענטשן ווי אַ נישט-אײַנגעהאַלטענער שטראָם. די נצחון-געשרייען זענען דערגאַנגען אַזש ביז צום צווייטן עק פון לאַגער! די קאָזאַקן האָבן נאָכגעיאָגט די אַנטלויפנדיקע אונגאַרן, צעקלאַפּט אַ קליינע רייטער-אָפּטיילונג, פאַרכאַפּט אַ פּאָר האַרמאַטן און שוין אָנגעשפּאַרט צו די קוואַרטירן פון בעלזער קאַשטעלאַן, אָבער דאָ איז הער פּשיעמסקי, בראש פון אַ פּאָר דייטשע ראָטעס, אָנגעלאָפן צו הילף. דערהרגנדיק מיט איין שטויס דעם פאָן-טרעגער, האָט ער געכאַפּט די פאָן און זיך געוואָרפן מיט איר אויפן שונא, נאָך איידער די דייטשן האָבן זיך מעכטיק צוזאַמענגעשטויסן מיט די קאָזאַקן. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ שרעקלעך האַנט-געפעכט, אין וועלכן ס'האָבן זיך צונויפגעטראָפן פון איין זייט די פאַרביסנקייט און איבערוועגנדיקע צאָל פון בורלאַיס מחנות און פון דער אַנדערער זייט די

גבורה פון די אַלטע לייבן פון דער דרייסיק-יאָריקער מלחמה. אומזיסט האָט זיך בורלאַי, ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה, געוואָרפן אין די גרעסטע רייען פון די קעמפנדיקע. נישט די מסירות-נפש, מיט וועלכער די קאָזאַקן האָבן געקעמפט, נישט זייער עקשנות האָבן נישט געקאָנט בייקומען די פאַרביסענע דייטשן, וועלכע האָבן, ווי אַ מויער, זיך גערוקט פאָרויס און זיי אַזוי מעכטיק געשלאָגן, אַז זיי האָבן זיי באַלד אַרויסגעשטופּט פון אָרט, צו-געשפּאַרט צו די גראָבנס, אויסגעהרגעט פון זיי דעם גרעסטן טייל און נאָך אַ האַלב-שעהדיקן קאַמף אַרויסגעוואָרפן אויף יע-נער זייט מויער. הע־ פּשיעמסקי, אַ פאַרגאָסענער מיט בלוט, האָט דער ערשטער אַריינגעשטעקט די פאָן אין דער נישט פאַר-ענדיקטער מויער.

בורלאַיס לאַגע איז איצט געווען אַ שרעקלעכע, ווייל ער האָט זיך געמוזט צוריקציען דורך דעם זעלבן וועג, דורך וועלכן ער איז אָנגעקומען, און אַזוי ווי יערעמי האָט שוין געהאַט פאַרטיליקט דעם שונא, וואָס האָט אַטאַקירט דעם רעכטן פליגל, האָט ער לייכט געקאָנט אָפּשניידן בורלאַיס גאַנצע אָפּטיילונג. ס'איז אים אפילו געקומען צו הילף מראָזאָוויצקי בראש פון די קאָרסונער קאָזאַקישע רייטער, אָבער אין דער רגע האָבן זיך באַוויזן הער קאָניעצפּאָלסקיס הוזאַרן, צו זיי איז צוגעשטאַנען סקשעטוסקי, וועלכער איז צוריקגעקומען פון דער אַטאַקע אויף די יאַנטשאַרן און ביידע האָבן אָפּגעשניטן בורלאַין, וועלכער האָט זיך ביז איצט צוריקגעצויגן אין אָרדנונג.

מיט איין אַטאַקע האָבן זיי אים צעריבן אויף שטויב און דעמאָלט ערשט האָט זיך אָנגעהויבן אַ מוראדיקע שחיטה. די קאָזאַקן, וואָס דער וועג צו די לאַגערס איז פאַר זיי געווען פאַרמאַכט, האָבן נאָר געהאַט אַ אָפענעם וועג צום טויט. אַ טייל פון זיי האָט, נישט בעטנדיק קיין רחמנות, מסירות-נפשדיק זיך פאַרטיידיקט אין גרופּן אָדער אַליין, אַנדערע האָבן אומזיסט אויסגעצויגן די הענט צו די רייטער, וועלכע האָבן ווי אַ וויכער געהוליעט איבערן שלאַכטפעלד. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאָ-געניש, אַ לויפעניש, איינצלנע געראַנגלען, אַן אויסזוכעניש פון

די שונאים, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די שפּאַלטן און גרובן פֿון דער ערד. כּדי צו באַלייכטן דאָס שלאַכטפֿעלד, האָט מען פֿון די גראַנאַטן גענומען וואַרפֿן אָנגעצונדענע שמיר־ביקסן מיט סמאָלע, וועלכע זענען געפֿלויגן ווי פֿייערדיקע מעטעאָרן מיט אַ פֿלאַמיקער גזשיבע. ביי דער דאָזיקער רויטער שיין האָט מען פֿאַרטיליקט די רעשט פֿון די שונאים.

עס האָט זיי נאָך געאײַלט צו הילף אויך סובאַגאַזי, וועלכער האָט דעם טאָג באַוויזן נסים פֿון גבורה, אָבער דער באַרימטער מאַרעק סאָביעסקי, קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע, האָט אים אַוועקגעזעצט אויפֿן אָרט, ווי אַ לייב זעצט אַוועק אַ ווילדן אָקס—בורלאַי האָט צום סוף איינגעזען, אַז פֿון ערגעץ איז נישטאָ קיין הילף. אָבער בורלאַי האָט זיין קאָזאַקישע רום ליב געהאַט מער, ווי דאָס לעבן, דערפֿער האָט ער קיין רעטונג נישט געזוכט! אַנדערע זענען נעלם געוואָרן אין דער פֿינסטערניש, זיך אויסבאַהאַלטן אין די לעכער, זיך דורכגעגליטשט צווישן די קאָפּיטעס פֿון די פֿערד, ער אָבער האָט נאָך געזוכט שונאים. ער האָט אַליין אומגעבראַכט דעם הער דאָמבעק און דעם הער רושעצקי און דעם יונגן לייב, הער אַקסאַקס ייִנגל, דאָס זעלבע, וואָס האָט ביי קאָנסטאַנטינוו זיך אַן אייביקן שם פֿאַרשאַפֿט; דערנאָך האָט ער געכאַפּט דעם סאַוויצקי, דערנאָך האָט ער צוויי באַפֿליגלטע הוזאַרן מיט אַמאָל אויסגעצויגן אויף דער היימישער ערד, צום סוף האָט ער דערזען אַ ריזיקן שלאַכטשיץ, וואָס איז, ריטשנדיק ווי אַן אָקס, דורכגעלאָפֿן דאָס שלאַכטפֿעלד, ער האָט זיך דעריבער אַ ריס־געטון און, ווי אַ בלישטשנדיקער פֿלאַם, זיך געלאָזט לויפֿן צו אים.

הער זאַגלאָבאַ—ער איז עס טאַקע געווען—האָט פֿון שרעק אַ ריטש־געטון נאָך שטאַרקער און אומגעדרייט דאָס פֿערד צו אַנטלויפֿן. די רעשט האָר האָבן זיך אים געשטעלט אויפֿן קאָפּ קאַפּויר, אָבער דאָס באַוווסטזיין האָט ער נישט פֿאַרלוירן, אדרבא, די המצאות זענען, ווי בליצן, אים דורכגעפֿלויגן דורכן קאָפּ, און צו דער זעלבער צייט האָט ער געשריגן מיט אַלע כּוחות: „גנעדיקע הערן! ווער עס גלויבט אין גאָט!...״ און ער איז גע-

לאָפן ווי אַ וויכער צו אַ געדיכטערער קופּע פון רייטער. בורלאַי ווידער איז אים פאַרלאָפן דעם וועג פון אַ זייט, ווי אַ פייל פון אַ בויגן. הער זאַגלאָבאַ האָט פאַרמאַכט די אויגן און אין קאָפּ האָט אים גערוישט: „כ׳וועל פגרן, איך און מיינע כליי!”—ער האָט געהערט הינטער זיך דאָס כראָפּען פון אַ פערד, האָט באַמערקט, אַז קיינער גייט אים נישט צו הילף, אַז ער וועט נישט אַנטלויפן און אַז קיין שום אַנדערע האַנט, אַ חוץ זיין אייגענער, וועט אים נישט אַרויסרייסן פון בורלאַיס ציין.

אָבער אין דער דאָזיקער לעצטער רגע, כמעט שוין אין דער גסיסה-מינוט, האָבן זיין יאוש און פחד מיט אַמאָל זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רציחה; ער האָט אַזאַ שרעקלעכן ריקע-געטון, ווי קיין שום ווילדער אָקס ריטשעט נישט, און פאַרהאַלטנדיק דאָס פערד אויפן אָרט, האָט ער זיך אומגעדרייט צום געגנער.

—זאַגלאָבאַן יאָגסטו!—האָט ער אַ געשריי געטון, אַ פאָכע טוענדיק מיט דער שווערד.

אין דער רגע איז אַ נייע סטאַדע פון ברענענדיקע שמירביקסן אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די גראָבנס; ס׳איז געוואָרן ליכטיק. בורלאַי האָט אַ קוק געטון און איז פאַרבליפט געוואָרן.

ער איז נישט פאַרבליפט געוואָרן, ווייל ער האָט דערהערט דעם נאָמען, ער האָט אים סיי-ווי-סיי אין לעבן קיינמאָל נישט געהערט, נאָר ווייל ער האָט דערקענט אַ מאַן, וועלכער איז ביי אים אַלס באָהונס פריינט צו-גאַסט געווען אין יאַמפּאָל.

אָבער גראָד די דאָזיקע אומגליקלעכע רגע פון פאַרוווּנדערונג האָט אומגעבראַכט דעם העלדישן פירער פון די קאָזאַקן, ווייל ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו קומען צו זיך, ווי הער זאַגלאָבאַ האָט אים אַ שניט געטון דורך דער שלייף און מיט איין באַוועגונג אים אַראָפּגעשליידערט פון פערד.

דאָס איז געשען פאַר די אויגן פון גאַנצן חייל. אויף די פרייד-אויסגעשרייען פון די הוזאַרן האָט אָפּגעענטפערט אַ שרעק-אויסגעשריי פון די קאָזאַקן, וועלכע האָבן, זעענדיק דעם טויט פון אַלטן לייב, פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל מוט און זיך נישט

געפּרוּווט מער אַקעגנשטעלן. די, וואָס זענען דורך סובאַגאַזין נישט ניצול געוואָרן פון טויט, זענען אַלע אומגעקומען ביז צו איינעם—ווייל קיין געפאַנגענע האָט מען אין דער דאָזיקער שרעקלעכער נאַכט בכלל נישט גענומען.

סובאַגאַזי איז געלאָפן צו די לאַגערס, געיאָגט דורכן קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע און די לייכטע רייטער. דער שטורם אויף דער גאַנצער ליניע פון די גראָבנס איז געווען אָפּגע-שטויסן—נאָר ביים קאָזאַקישן לאַגער האָבן נאָך געבושעוועט די רייטער, וואָס האָבן נאָכגעיאָגט די אַנטלויפנדיקע.

אַ געשריי פון נצחון און שמחה האָט אויפגעטרייסלט דעם גאַנצן לאַגער, און די מעכטיקע אויסגעשרייען זענען אויפגע-גאַנגען אַזש ביז צום הימל. די פאַרבלוטיקטע זעלנער, באַדעקט מיט שווייס, שטויב, שוואַרץ פון פולווער, מיט אָנגעלאָפענע פנימער און נאָך געקנייטשטע ברעמען, מיט אַ נאָך נישט פאַר-לאָשענעם פלאַם אין די אויגן, זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויפן געווער, אַריינעטעמענדיק מיט דער ברוסט די לופט, גרייט זיך ווידער צו וואַרפן אין די שלאַכט, אויב דאָס וועט נויטיק זיין. אָבער איינציקווייז זענען אויך די רייטער צוריקגעקומען פון בלוטיקן שניט ביים קאָזאַקישן לאַגער; דערנאָך איז אויפן שלאַכטפעלד אַראָפּגעקומען דער פירשט אַליין, און נאָך אים די קאָמענדאַנטן, הער כאָראָנזשי, הער מאַרעק סאָביעסקי, הער פשי-עמסקי. די דאָזיקע גלענצנדיקע סוויטע איז געלאַסן דורכגעגאַנ-גען דעם גראָבן אין דער לענג.

—זאָל לעבן יערעמי!—האָט דאָס חייל אויסגערופן—זאָל לעבן אונזער פאָטער!

און דער פירשט, אָן העלם, האָט זיך פאַרנייגט מיטן קאָפּ און מיטן שטאַב אויף אַלע זייטן.

—איך דאַנק אייך! איך דאַנק אייך!—האָט ער איבערגע-חזרט מיט אַ קלינגנדיקער און הויכער שטים.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו הער פשיעמסקי.

—דער דאָזיקער גראָבן איז צו גרויס!—האָט ער געזאָגט.

פש־עמסקי האָט אַ בויג געטון דעם קאָפּ צום צייכן פון הסכמה.

און די זיגרייכע פירער זענען דורכגעפאָרן פון מערבדיקן אַזש ביז צום מזרחדיקן סטאַוו, באַקוקנדיק דאָס שלאַכטפעלד, די חיזקות, וואָס דער שונא האָט אָנגעמאַכט אין די מויערן, און די מויערן גופא.

דערווייל האָבן די באַגייסטערטע זעלנער מחוץ פון דער פירשטלעכער סוויטע צווישן אויסגעשרייען געטראָגן אויף די הענט דעם הער זאַגלאָבאַ אין לאַגער אַריין, אַלס דעם גרעסטן טריומפאַטאָר אין היינטיקן טאָג. אַ צוואַנציק געזונטע הענט האָבן אונטערגעהאַלטן אין דער הויך דעם פעטלייביקן שלאַכטשיץ, וועלכער האָט אַ רויטער, אַ פאַרשוויצטער, פאָכנדיק מיט די הענט אויף צו דערהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט, געשריגן מיט אַלע כוחות:

—האַ! כ׳האָב אים געגעבן צו עסן פעפער! כ׳האָב בכיון געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך אַנטלויף, כדי אים אַרויסצונאַרן צו זיך. ער וועט שוין, דער הינטישער זון, מער נישט בושע-ווען! גנעדיקע הערן! מ׳האָט געדאַרפט געבן אַ ביישפיל די יונ-געו! געדענקט אין גאָט! פאָרזיכטיק, ווייל איר וועט מיך אַראָפּלאָזן און צעקלאַפּן. האַלט גוט, האַלטן זאָלט איר! כ׳האָב מיט אים געהאַט אַ שווערע אַרבעט, גלויבט מיר! אַ שעלמעס! אַ ליאַדע הולטאַי פאַרמעסט זיך איצט מיט אַ שלאַכטשיץ! זיי האָבן אָבער געכאַפּט דעם אמתן פסק! פאָרזיכטיק! לאָזט, צום טייוול!

—זאָל לעבן! זאָל לעבן!—האָט די שלאַכטע געשריגן.
—צום פירשט מיט אים!—האָבן אַנדערע אויסגערופן.
—זאָל לעבן! זאָל לעבן!!!

דערווייל האָט דער זאַפּאָראָזשער העטמאַן, צופאַלנדיק צו זיין לאַגער, געבעוועט ווי אַ ווילדע פאַרווונדעטע חיה, געריסן דעם ראָק אויף דער ברוסט און זיך צעניזוקט דאָס פנים. די עלטסטע, וואָס זענען ניצול געוואָרן פון פאָגראָם, האָבן אים אַרומגערינגלט אין אַ טריבן שטילשווייגן, נישט פרווונדיק אים

טרייסטן אַפילו מיט אַ וואָרט, און ער איז שיר נישט פון זינען אַראָפּ. די ליפּן זענען בײַ אים געווען פאַרשוימט, ער האָט מיט די פּיאַטעס געקלאַפּט אין דער ערד און מיטביידע הענט זיך געפּליקט די האָר פון דער טשופּרינע.

—ווו זענען מײַנע פּאָלקן? ווו זענען די קאָזאַקן?—האָט ער איבערגעחזרט מיט אַ הייזעריקער שטים—וואָס וועט זאָגן דער כאַן! וואָס וועט זאָגן טוהאַי-בעי! גיט מיך איבער יאַרע-מאַן; זאָל מען מײַן קאָפּ אין אַ בוים אַרײַנשלאָגן!

די עלטסטע האָבן אומעטיק געשוויגן.

— פאַרוואָס האָבן די וואָרזאָגערינס מיר אַ נצחון אָנגעזאָגט? האָט דער העטמאַן ווייטער געשריען.—די העלזער אָפּשנײַדן בײַ די מכשפות—פאַרוואָס האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז איך וועל באַ-קומען יאַרעמאַן?

געוויינלעך, ווען דאָס רעווען פון דאָזיקן לייב האָט אויפ-געטרייסלט דעם לאַגער, האָבן די פּאָלקאָווניקעס געשוויגן—אָבער איצט איז דער לייב געווען באַזיגט און צעטרעטן, די הצלחה האָט אפּנים זיך אָפּגעקערט פון אים, און די מפּלה האָט די עלטסטע צוגעגעבן מוט און עזות.

—יאַרעמאַן וועסטו נישט בײַקומען—האָט סטעפּקאַ אומעטיק אַ ברום געטון.

—דו וועסט אומברענגען אונז און זיך!—האָט מראָזאָוויצקי זיך אָנגערופן.

דער העטמאַן האָט אַ שפּרינג-געטון צו אים, ווי אַ טיגער:

—און ווער האָט אָפּגעהאַלטן דעם נצחון בײַ די געלע וואַסערן? ווער בײַ קאָרסון? ווער בײַ פּילאַווצע?

—דו—האָט וואָראָנטשענקאָ האַרט געזאָגט—אָבער דאָרט איז ווישניאָוויעצקי נישט געווען.

כמעלניצקי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער טשופּרינע.

—איך האָב דעם כאַן צוגעזאָגט הײַנט אַ נאַכטלעגער אין שלאָס!—האָט ער אַ פאַרצווייפלטער געהיילט.

קולאַק האָט דערויף זיך אָנגערופן:

—וואָס דו האָסט דעם כאַן צוגעזאָגט, ביזטו דערפאַר ערב

מיט דיין קאָפּ! היט אים, אַז ער זאָל דיר פון קאַרק נישט אַראָפּפאַלן... אָבער צום שטורם זאָלסטו אונז נישט שטויסן, גאָטס קנעכט זאָלסטו נישט אומברענגען! רינגל-אַרום די ליאַכן מיט מויערן, הייס שיטן שאַנצן אונטער די האַרמאַטן—אַנישט איז אַ בראָך צו דיר.

—אַ בראָך צו דיר!—האָבן אומעטיקע שטימען איבערגע-חזרט.

—אַ בראָך צו אייך!—האָט כמעלניצקי אָפּגעענטפערט...

און אַזוי האָבן זיי גערעדט שאַרף און זייערע ווערטער האָבן אָפּגעהילכט, ווי דונערס... צום סוף האָט כמעלניצקי זיך אַ וואַקל-געטון און זיך געוואָרפן אויף די בינטלעך פון שעפּסע-נע פעלן, באַדעקט מיט דיוואַנעס, אין עק פון געצעלט.

די פּאָלקאָווניקעס זענען געשטאַנען איבער אים מיט אַראָפּ-געהאָנגענע קעפּ און אַ לאַנגע צייט האָט אָנגעהאַלטן דאָס שטיל-שווייגן, צום סוף האָט דער העטמאַן אויפגעהויבן דעם קאָפּ און הייזעריק אַ געשריי געטון:

—בראָנפן!...

—וועסט נישט טרינקען!—האָט וויכאָווסקי אויסגעשריגן—דער כאַן וועט שיקן נאָך דיר.

דערווייל איז דער כאַן געזעסן אויף אַ מרחק פון אַ מייל וועג פון שלאַכטפעלד, נישט ווייסנדיק, וואָס אויפן פּלאַץ טוט זיך. די נאַכט איז געווען אַ רואיקע און אַ וואַרעמע, ער איז דעריבער געזעסן ביים געצעלט צווישן מולאָס און אַגאָס און אין דערוואַרטונג אויף נייעס, האָט ער געגעסן טייטלען פון אַ זילבערנער שיסל, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן, און פון צייט צו צייט האָט ער אַ קוק געטון אויפן פינקלדיקן הימל, ברו-מענדיק:

—מאַכמעד ראָסולאַ...

מיט אַמאָל איז אויף אַ פאַרשוימטן פערד צוגעפאַלן סו-באַגאַזי, אַ פּאַרסאַפּעטער, אַ פאַרבלוטיקטער; ער איז אַראָפּגע-שפּרונגען פון זאָטל און גיך צוגייענדיק, האָט ער גענומען זיך בייגן, וואַרטנדיק אויף אַן אָנפרעג.

רעד!—האָט דער כּאַן זיך אָנגערופן מיט אַ מויל, פול מיט טייטלען.

סובאַגאַזין האָבן די ווערטער געבריט די ליפּן ווי אַ פלאַם, אָבער ער האָט זיך נישט דערוועגט צו רעדן אָן די געוויינלע־כע טיטולן, ער האָט דעריבער אָנגעהויבן, פאַרנייגנדיק זיך כּסדר צו דער ערד, אַזוי:

—מעכטיקסטער כּאַן פון אַלע היילות, אייניקל פון מאַכ־מעד, זעלבסשטענדיקער מאָנאַרך, קלוגער האַר, גליקלעכער האַר, האַר פון בוים, וואָס גרייכט פון מזרח ביז מערב, האַר פון בליִענדיקן בוים...

דאָ האָט דער כּאַן אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט און אי־בערגעהאַקט. זעענדיק אויף סובאַגאַזיס פּנים בלוט און אין זיינע אויגן ווייטאָק, צער און יאוש, האָט ער אויסגעשפּיגן די נישט־דערעסענע טייטלען אויף די האַנט, דערנאָך האָט ער זיי דערלאַנגט איינעם פון די מוללאַס, וועלכער האָט זיי גענומען מיט סימנים פון אומגעוויינלעכער דרך־ארץ און באַלד אָנגעהויבן עסן—און דער כּאַן האָט געזאָגט:

—זאָג גיך, סובאַגאַזי, און קלאָר: איז דער לאַגער פון די נישט־גלויביקע איינגענומען?

—גאָט האָט נישט באַשערט!

—די ליאַכן?

—געזיגט.

—כמעלניצקי?

—צעקלאַפּט.

—טוהאַי־בעי?

—פאַרוואונדעט.

—איינציקער גאָט!—האָט דער כּאַן געזאָגט—וויפיל גלויבי־קע זענען אַוועק אין גן־עדן?

סובאַגאַזי האָט אויפגעהויבן די אויגן אין דער הויך און מיט דער פאַרבלוטיקטער האַנט אָנגעוויזן אויפן פינקלדיקן הימל.

—וויפיל ליכט ביי די פיס פון אַלאַ—האָט ער פייערלעך געענטפערט.

דעם כּאַנס פּעטע פּנים איז רויט געוואָרן: אַ רציחה האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער ברוסט.

—ווו איז דער דאָזיקער הונט—האָט ער געזאָגט—וואָס האָט מיר צוגעזאָגט, אַז היינט וועלן מיר שלאָפן אין לאַגער? ווו איז די דאָזיקע גיפּטיקע שלאַנג, וועלכע גאָט וועט צעטרעטן מיט מיין פוס? זאָל ער זיך שטעלן און אָפּגעבן אַ דין-וחשבון פון זיינע עקלדיקע הבטחות.

אַ פּאָר עלטסטע זענען באַלד אַוועק צו כמעלניצקין, און דער כּאַן האָט זיך ביסלעכווייז באַרואיקט, צום סוף האָט ער געזאָגט:

—איינציקער גאָט!

דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו סובאַגאַזין.

—סובאַגאַזי!—האָט ער געזאָגט—בלוט איז אויף דיין קאָפּ.

—דאָס איז דאָס בלוט פון נישט-גלויביקע—האָט דער זעל-נער געענטפערט.

—זאָג, ווי אַזוי האָסטו עס פאַרגאָסן און טרייסט אונזערע אויערן מיט די גבורות פון די גלויביקע.

דאָ האָט סובאַגאַזי גענומען דערציילן אויספירלעך וועגן דער גאַנצער שלאַכט, לויבנדיק די גבורות פון טוהאַי-בעי, גאַל-גאַ און נוראַדין; ער האָט אויך נישט פאַרשוויגן כמעלניצקין, אדרבא, ער האָט אים געלויבט צוגלייך מיט אַנדערע, אָנגעבנדיק די סבה פון דער מפּלה נאָר גאָטס רצון און די ווילדע פאַר-ביסנקייט פון די נישט-גלויביקע. איין פּרט האָט דעם כּאַן פאַר-חידושט אין זיין דערציילונג, דהיינו: אַז די טאָטערס האָט מען לגמרי נישט געשאָסן פון אָנהייב פון דער שלאַכט און אַז דעם פירשטס רייטער האָבן זיך געוואָרפן אויף זיי ערשט דעמאָלט, ווען זיי האָבן זיך זיי געשטעלט אין וועג.

—אַלאַ!—זיי האָבן מיט מיר נישט געוואָלט מלחמה-האַלטן—האָט דער כּאַן געזאָגט—אָבער איצט איז צו שפּעט...

אַזוי איז טאַקע געווען. פירשט יערעמי האָט פון אָנהויב פון דער שלאַכט פאַרווערט צו שיסן צו די טאָטערס, ווילנדיק ביי די זעלנער אַרויסרופן די איבערצייגונג, אַז די אונטער-

האַנדלונגען מיטן כּאַן האָבּן זיך שוין אָנגעהויבּן און אַז דאָס טאָטערישע חייל שטייט נאָר לפנים אויף דער זייט פון די קאָזאַקן. שפּעטער ערשט האָט ממילא געמוזט קומען צו אַ צוזאַמענשטויס אויך מיט די טאָטערס.

דער כּאַן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, איבּערלייגנדיק זיך אין דער רגע, צי עס וואָלט נישט נאָך בּעסער געווען אַ קערצו-טון דאָס כּלי-זיין אַקעגן כּמעלניצקין, דאָ אָבּער האָט זיך דער העטמאַן אַליין געשטעלט פאַר אים. כּמעלניצקי איז שוין געווען רואיק און איז צוגעגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבּענעם קאָפּ, קוקנדיק דרייסט דעם כּאַן אין די אויגן אַריין; דאָס פּנים זיינס האָט אויסגעדריקט כּיטרעקייט און מוט.

—גיי-צו, בּוגד—האָט דער כּאַן געזאָגט.

—עס גייט-צו דער קאָזאַקישער העטמאַן און נישט אַ בּוגד, נאָר אַ געטרייער פאַרבּונדעטער, וועמען דו האָסט צוגעזאָגט הילף נישט בּלויז, ווען עס גליקט אים—האָט כּמעלניצקי געענטפערט.

—גיי, נעכטיק אין שלאָס! גיי, שלעפּ אַרויס פאַר די קעפּ די ליאַכן פון גראָבּן, ווי דו האָסט מיר צוגעזאָגט!

—גרויסער כּאַן פון אַלע טאָטערישע חיילות—האָט כּמעלניצקי געענטפערט מיט אַ שטאַרקער שטים.—דו בּיזט מעכטיק און אַ חוץ דעם סולטאַן, דער מעכטיקסטער אויף דער ערד; בּיזט קלוג און שטאַרק, אָבּער צי קענסטו אַרויסלאָזן אַ פייל פון בּויגן אַזש בּיז צו די שטערנס, אָדער אויסמעסטן די טיפעניש פון ים?

דער כּאַן האָט אַ קוק געטון אויף אים אַ פאַרחידושטער.

—דו קאָנסט נישט—האָט כּמעלניצקי וואָס אַמאָל שטאַרקער געזאָגט—פּונקט אַזוי האָבּ איך אויך נישט געקאָנט זיך משער זיין, ווי ווייט יאַרעמאַס גדלות און חוצפּה וועט גרייכן! האָט מיר דען געקאָנט איינפאַלן, אַז ער וועט זיך נישט דערשרעקן פאַר דיר, כּאַן, אַז ער וועט זיך נישט אונטערגעבּן אויף דיין אָנבּליק, אַז ער וועט זיך נישט בּוקן פאַר דיר, נאָר אויפהייבּן די חוצפּהדיקע האַנט אויף דיר אַליין, פאַרגיסן דאָס בּלוט

פון דיינע זעלנער און חוזק מאַכן פון דיר, מעכטיקער מאָנאַרך, ווי פון דעם לעצטן פון דיינע דינער? ווען איך וואָלט זיך דער-וועגט אַזוי צו טראַכטן—וואָלט איך דיך מבזה געווען, דיך, וועלכן איך שעץ און ליב.

—אַלאַ!—האָט דער כאַן געזאָגט, וואָס אַמאָל מער פאַר-חידושט.

—אָבער דאָס זאָג איך דיר—האָט כמעלניצקי ווייטער גע-זאָגט מיט אַ וואָס אַמאָל גרעסערער זיכערקייט אין דער שטים און אין דער האַלטונג—דו ביזט גרויס און מעכטיק; פון מזרח אַזש ביז מערב בוקן זיך פאַר דיר הכנעהדיק פעלקער און מאָ-נאַרכן און רופן דיך לייב. איין יאַרעמאַ פאַלט נישט אויפן פנים פאַר דיין באָרד; איז אויב דו וועסט אים נישט פאַרטיליקן, אויב דו וועסט אים דעם קאַרק נישט אַראָפּדרייען און זיך איבער זיין רוקן אויפן פערד נישט זעצן, וואָס פאַר אַ ממשות האָט דאַן דיין מאַכט, וואָס פאַר אַ ממשות האָט דאַן דיין רום, ווייל מ׳וועט זאָגן, אַז איין ליאַכישער פירשט האָט דעם קרימער צאַר געשענדט און קיין שטראָף נישט באַקומען—אַז ער איז גרעסער, אז ער איז מעכטיקער פון דיר...

אַ טיפע שטילקייט האָט געהערשט; די פּאָלקאָווניקעס אַגאַס און מולאַס האָבן ווי אויף די זון געקוקט אין כאַנס פנים. פאַרהאַלטנדיק דעם אָטעם אין דער ברוסט, און ער איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געטראַכט...

כמעלניצקי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן שטאַב און דרייסט געוואַרט.

—ווי דו האָסט געזאָגט—האָט דער כאַן צום סוף זיך אָנ-גערופן—כ׳וועל אַראָפּדרייען יאַרעמאַס קאַרק, כ׳וועל איבער זיין רוקן אויפן פערד זיך זעצן, כדי מ׳זאָל נישט זאָגן פון מזרח ביז מערב, אַז איין נישט-גלויביקער הונט האָט מיך געשענדט.

—גאָט איז גרויס!—האָבן די פּאָלקאָווניקעס אין איין קול אויסגערופן.

כמעלניצקין האָט אַ שמחה פון די אויגן אַרויסגעשטראַלט: אין איין וועגס האָט ער אָפּגעווענדט די סכנה, וואָס האָט גע-

האָנגען איבער זיין קאָפּ אין דעם הומיכלערן פאַרבוגעטן פאַר-
וואַנדלט אין אַ געטרייסטן שותף.

דער דאָזיקער לייב האָט אין יעדער רגע געקאָנט אין אַ
שלאַנג מגולגל-ווערן.

אין ביידע לאַגערס האָט געטומלט ביז שפּעט אין דער
נאַכט, ווי ביי די בינען אין אַ בינענשטאָק, ווען די פרילינגס-
זון ברישט זיי, און אויפן שלאַכטפעלד זענען צו דער זעלבער
צייט געשלאָפן מיט אַן אייביקן שלאָף די ריטערס, וואָס זענען
געוואָרן געשטאָכן פון שפּיזן, צעשניטן פון שווערדן, דורכגעלע-
כערט פון פיילן און קוילן. די לבנה האָט אַראָפּגענידערט און
גענומען וואַנדערן איבער דעם דאָזיקן פעלד פון טויט: זי האָט
זיך געשפּיגלט אין די קאַלוזשעס פון פאַרגליווערטן בלוט; האָט
אַרויסבאַקומען פון דער פינסטערניש וואָס אַמאָל נייע שטויסן
פון הרוגים, איז אַראָפּ פון איין מתים-בערגל און שטיל אַרויף
אויף אַ צווייטן, האָט זיך דורכגעבליקט אין די אָפּענע, טויטע
שוואַרצאַפּלען, באַשיינט די בלויע פּנימער, די ברעקלעך פון
צעהאַקטן כלי-זיין, די פערדישע נבלות—און אירע שטראַלן זע-
נען וואָס אַמאָל בלאַסער געוואָרן, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך אי-
בערגעשראָקן דערפון, וואָס זיי האָבן געזען. איבערן פעלד זע-
נען דאָ און דאָרט געלאָפן איינצלווייז און גרופּנווייז עפּעס
אימהדיקע געשטאַלטן: דאָס זענען די דינער און קנעכט געקו-
מען באַגזולן די הרוגים, ווי די שאַקאַלן קומען נאָך לייבן...
אָבער עפּעס אַ פּאַנאַטישער פחד האָט אויך זיי צום סוף פאַר-
טריבן פון שלאַכטפעלד. געווען עפּעס מוראדיקס, עפּעס סודות-
דיקס אין דעם דאָזיקן פעלד, וואָס איז געווען באַדעקט מיט
הרוגים, אין דער רואיקייט און אומבאַוועגלעכקייט פון די ערשט
נישט לאַנג לעבעדיק געוועזענע מענטשלעכע געשטאַלטן, אין
דעם דאָזיקן שטילן פריד, אין וועלכן עס זענען געלעגן איינער
נעבן אַנדערן פּאָליאַקן, טערקן, טאָטערס און קאָזאַקן. דער ווינט
האָט פון צייט צו צייט אַ רויש-געטון אין די בוימעלעך, וואָס
האָבן געוואַקסן אויפן שלאַכטפעלד, און די זעלנער, וואָס האָבן
געוואַקס אין גראָבן, האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז דאָס וואָגלען

מענטשלעכע נשמות איבער די קערפּערס. מ׳האָט טאַקע אויך געזאָגט, אַז ווען ס׳האָט אין זבאַראַזש דאַלבע נאַכט געשלאָגן, האָבן אויפן גאַנצן פעלד, פון גראָבן אַזש ביז צום לאַגער, מיט געפּילדער זיך אַ ריס-געטון אומגעהייערע סטאַדעס פון פייגל. מ׳האָט געהערט עפּעס יאָמערלעכע לופט-קולות, עפּעס געוואַל-דיקע זיפצן, פון וועלכע די האָר האָבן זיך אויפן קאָפּ געשטעלט קאַפּויר—און עפּעס קרעכצן. די וואָס האָבן ערשט געוואָלט פאַלן אין דער דאָזיקער שלאַכט און וואָס זייערע אויערן זענען דע-ריבער מער מסוגל געווען צו פאַרנעמען שטימען פון יענער וועלט, האָבן בפירוש געהערט, ווי די פּוילישע נשמות האָבן, אַוועקפליענדיק, געררופן: „פאַר דיינע אויגן, האַר, לייגן מיר פאָר אונזערע חטאים!” און די קאָזאַקישע נשמות האָבן געקרעכצט: „קריסטוס! קריסטוס דערבאַרם זיך!”—ווייל, געפאַלן אין אַ ברי-דער-מלחמה, האָבן זיי נישט געקאָנט אַוועקפליען גלייך אין די אייביקע ליכטיקייט, נאָר ס׳איז זיי באַשערט געווען צו פליען ערגעץ אין די פינסטערע מרחקים און צוזאַמען מיטן ווינטער צו וואָגלען איבערן טאָל פון טרערן, און וויינען און קרעכצן אין נעכט, ביז זיי וועלן ביי קריסטוסעס פיס נישט אויסבעטלען אַ פאַרגעבונג פון די בשותפותדיקע חטאים, פאַרגעסונג און פרידן...

אָבער דעמאָלט זענען די מענטשלעכע הערצער נאָך מער פאַרהאַרטעוועט געוואָרן און קיין שום מלאך פון פריד איז נישט דורכגעפלויגן איבערן שלאַכטפעלד

## 3 קאַפּיטל.

צו מאָרגנס, נאָך איידער די זון האָט פאַנאַנדערגעגאָסן איר גאָלדענע שײַן אויפֿן הימל, איז שוין געשטאַנען אַ נײַע שוץ־מויער אין פּוילישן לאַגער. די אַלטע מויערן זענען געווען צו ברייט, ס׳איז שווער געווען אין זיי זיך געגנזייטיק צו קומען צו הילף, דער פּירשט מיטן הער פּשיעמסקי האָבן דערפֿאַר באַשלאָסן אַרײַנצוברענגען דאָס חייל אין ענגערע גראָבנס. מ׳האָט איבער דעם שווער געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט, די הוזאַרן צוגלייך מיט אַלע פּאָלקן און דינער. ערשט נאָך דריי אַ זייגער בײַנאַכט האָט דער שלאָף פֿאַרמאַכט די אויגן פֿון די פֿאַרמאַטערטע ריטער, זיי זענען אָבער דערפֿאַר געשלאָפֿן אַלע, אַ חוץ דער וואַך, מיט אַ טיפֿן שלאָף, ווײַל דער שונא האָט אויך געאַרבעט בײַנאַכט, און דערנאָך זיך לאַנג נישט גערירט נאָך דער נעכטיקער מפּלה. מ׳האָט אפֿילו גערעכנט, אַז קיין שטורם וועט דעם טאָג כּלל נישט זײַן.

סקשעטוסקי, הער לאָנגינוס און זאַגלאָבאַ האָבן, זיצנדיק אין געצעלט, געגעסן ביר־זופּ, געדיכט פֿאַרבראָקט מיט קעזקלעצלעך—און גערעט וועגן די מאַטערנישן פֿון דער פֿאַרגאַנגענער נאַכט מיט אַ נחת־רוח, מיט וועלכן זעלנער רעדן וועגן אַ פֿרישן נצחון.

—איך בין מיך נוהג צו לייגן זיך מיטן אָוונט־געמעלק און אויפֿצושטיין באַגינען, ווי די פֿאַרצײַטישע מענטשן—האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט—אָבער אין דער מלחמה גייט דאָס נישט! שלאָפֿסט, ווען דו קאָנסט, שטייסט־אויף, ווען מען וועקט דיך. דאָס איינע פֿאַרדריסט מיך נאָר, וואָס צוליב אַזאַ לומפּן־געזינדל מוזן מיר אויסשטיין צרות. אָבער נישטאָ קיין עצה, שוין אַזעלכע צײַטן! מיר האָבן זיי טאַקע דערפֿאַר נעכטן באַצאָלט. אויב

זיי וועלן נאָך אַ פּאָר מאָל באַקומען אַזאַ כּיבוד, וועלן זיי פאַרלירן דעם חשק אונדז צו וועקן.

—ווייסט איר נישט, וויפיל אונזעריקע זענען געפאַלן?—האָט פּאָדביפּיענטאַ געפרעגט.

—ע! נישט קיין סך; ווי תּמיד אין אַזעלכע פאַלן איז די צאָל פון די אומגעקומענע באַלאַגערער גרעסער, ווי פון די באַלאַגערטע. איר זייט דערויף נישט אַזאַ מבין ווי איך, ווייל איר האָט אַזוי פיל מלחמות נישט מיטגעמאַכט, אָבער מיר, אַלטע זעלנער, דאַרפן נישט ציילן קיין הרוגים, ווייל פון דער שלאַכט גופא קאָנען מיר דאָס אַרויסדרינגען.

—אויך איך וועל מיך דאָס ביי אייך אויסלערנען—האָט הער לאָנגינוס מיט צופרידנקייט געזאָגט.

—אודאי, אודאי, אויב דער שׂכל וועט אייך נאָר צודינען, אין וואָס איך גלויב נישט זייער שטאַרק.

—לאָזט שוין צורו—האָט סקשעטוסקי זיך אָנגערופן—נישט צום ערשטן מאָל איז דאָך הער פּאָדביפּיענטאַ אין אַ מלחמה און הלואי די בעסטע ריטער זאָלן זיך אַזוי שלאָגן, ווי ער נעכטן.

—מ׳האָט געטון, וואָס מ׳האָט געקאָנט—האָט דער ליטווינער געזאָגט—נישט אַזוי פיל, וויפיל מ׳האָט געוואָלט.

—אמת! אמת! א ר האָט זיך גאָרנישט שלעכט געשלאָגן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט מיטן טאָן פון אַ מליץ-יושר—און אויב אַנדערע האָבן דיך אַריבערגעשטיגן (דאָ האָט ער גענומען די וואָנסעס אַרויפדרייען) איז עס נישט מיין שולד.

דער ליטווינער האָט געהערט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און אַ זיפץ געטון, טראַכטנדיק וועגן זיין עלטער-פאָטער סטאָווייקאָ און וועגן די דריי קעפּ.

אין דער רגע האָט זיך דער פליגל פון געצעלט אַוועקגעבויגן און עס איז גיך אַריין הער מיכאַל אַ פריילעכער, ווי אַ פויגל אין אַ ליטערן באַגינען.

—נו, אָט זענען מיר צוזאַמען!—האָט הער זאַגלאַבאַ אויסגערופן—גיט-זשע אים ביר!

דער קליינער ריטער האָט אַלע דריי חברים געדריקט די הענט און געזאָגט:

—איר זאָלט זען, וויפיל קוילן עס ליגן אויפן פּלאַץ, עס שטייגט איבער יעדע פאַנטאַזיע! וועסט נישט מאַכן אַ שריט, אַז דו זאָלסט זיך נישט אָנשטויסן.

—אויך איך האָב עס געזען—האָט לאַגלאָבאַ געענטפערט—ווייל נאָכדעם ווי איך בין אויפגעשטאַנען, בין איך מיך אַ ביסל דורכגעגאַנגען איבערן לאַגער. אין צוויי יאָר, ווען די הינער אין גאַנצן לווווער פאָוויאַט אַזוי פיל אייער נישט אָנלייגן. ע, ווען דאָס וואָלטן געווען אייער, וואָלטן מיר זיך ערשט אָנגעגעסן מיט אייער. און איר דאַרפט וויסן, אַז פאַר אַ שיסל אייער, וועל איך די בעסטע מעדנים אָוועקגעבן. אַזאַ זעלנערישע טבע האָב איך שוין, פונקט ווי איר. כ׳וועל גערן אויפעסן עפּעס גוטס, אַבי אַ סך. דערפאַר טאַקע לויף איך גיכער צו אַ שלאַכט, ווי די היינטיקע צוציקעס, וואָס זענען נישט בכוח אויפצועסן אַ געקעכץ פון פאַרלעגענע פּרות, אַז זיי זאָלן זיך נישט באַלד האַלטן פאַרן בויך.

—נו! אָבער איר האָט נעכטן מיט בורלאַיין באַוויזן גבורות—האָט דער קליינער ריטער געזאָגט—בורלאַיין אַזוי צו צעשניידן—האָ! האָ! כ׳האָב זיך דאָס אויף אייך נישט געריכט. דער דאָזיקער ריטער איז דאָך געווען באַרימט איבער גאַנץ אוקראַינע און טערקיי.

—וואָס? האַ!—האָט זאָגלאָבאַ אַ צופרידענער געזאָגט—נישט צום ערשטן מאָל טרעפט דאָס מיר, נישט צום ערשטן מאָל, הער מיכאַל.—ווי איך זע, האָבן מיר זיך אַלע געזוכט אין אַ קערץ מאָן, אָבער מיר האָבן זיך צוגעקליבן זאַלבעפירט אַזוי, אַז אַזעלכע פיר מענער וועט איר אין דער גאַנצער רעפּובליק נישט געפינען. בנאמנות, מיט אייך און מיט אונזער פירשט בראש, וואָלט איך זיך אַוועקגעלאָזט זאַלבעפינפט אפילו קיין סטאַמבול. וואָרום באַטראַכט נאָר גוט: הער סקשעטוסקי האָט דערהרגעט באַרדאַבוטן, און נעכטן טוהאַי-בעין.

—טוהאַי-בעי איז נישט דערהרגעט—האָט דער פּאָרוטשניק

איבערגעריסן—כ'האָב אַליין געשפּירט, אַז די שאַרף האָט זיך מיר אויסגעבויגן, און שפּעטער האָט מען אונז באַלד צעשיידט.

—אַלץ איינס—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—רייסט נישט איבער, הער יאַן. הער מיכאַל האָט אין וואַרשע צעהאַקט באָהונען, ווי מיר האָבן דיר געזאָגט...

—בעסער וואָלט איר עס נישט דערמאָנט—האָט דער ליט-ווינער געזאָגט.

—געזאָגט איז געזאָגט—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט—הגם כ'וואָלט עס בעסער נישט וועלן דערמאָנען, אָבער איך גיי ווי-טער: הער פּאָדביפּיענטאַ פון מישיקישקי האָט דערוואָרגן פּוליאַ-נען און איך בורלאַין. כ'וועל אָבער פאַר אייך נישט פאַר-שווייגן, אַז כ'וואָלט יענע אַלע אַוועקגעגעבן פאַר איין בורלאַין און אַז איך האָב געהאַט די שווערסטע מערכה. אַ טייוול איז דאָס געווען, נישט אַ קאָזאַק, וואָס? ווען איך וואָלט געהאַט זין, געזעצלעכע זין, וואָלט איך זיי אַ שיינעם נאָמען איבערגעלאָזט. כ'בין נאָר אַ בעלן צו וויסן, וואָס דער האַר קיניג און די סיי-מען וועלן דערויף זאָגן, ווי אַזוי זיי וועלן אונז באַלוינען, אונז, וואָס מיר שפּייזן זיך מיט שוועבל און סאַלפּעטער מער, ווי מיט עפּעס אַנדערש.

—געווען אַ ריטער, אַ גרעסערער פון אונז אַלע—האָט לאָנגינוס געזאָגט—און זיין נאָמען קען קיינער נישט און גע-דענקט קיינער נישט.

—און ווער איז דאָס געווען? סיידן אין די אַלטע צייטן?—האָט זאַגלאָבאַ אַ באַליידיקטער געפרעגט.

—נישט אין די אַלטע צייטן, ברודערל, נאָר דער, וואָס האָט דעם קיניג גוסטאַוו אַדאָלף ביי טשטשאַנאַ צוזאַמען מיטן פערד אומגעוואָרפן און אין געפאַנגענשאַפט גענומען—האָט דער ליטווינער געזאָגט.

—און איך האָב געהערט, אַז דאָס איז געווען ביי פּו-צעק—האָט הער מיכאַל זיך אַריינגעמישט.

—אָבער דער קיניג האָט זיך פון זיינע הענט אַרויסגע-ריסן און איז אַנטלאָפן—האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

—יאָ! כ'ווייס עפּעס וועגן דעם—האָט הער זאַגלאָבאַ גע-זאָגט, צומאַכנדיק אַן אויג—ווייל איך האָב דעמאָלט גראָד גע-דינט ביים האַר קאָניעצפּאָלסקי, דעם כאָראָנזשיס פאָטער—כ'ווייס עפּעס וועגן דעם! די עניוות האָט יענעם ריטער נישט ערלויבט צו זאָגן זיין נאָמען און דערפאַר ווייס קיינער נישט וועגן אים. אָבער איר מעגט מיר גלויבן, גוסטאַוו אַדאָלף איז געווען אַ גרויסער גבור, כמעט אַזוי ווי האַר קאָניעצפּאָלסקי, אָבער דאָס באַגעגעניש מיט בורלאַין איז געווען אַ שווערער שטיקל אַרבעט—ווי איך זאָג אייך!

—הייסט עס, אַז איר האָט אומגעוואָרפן גוסטאַוו אַדאָלפן?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געפרעגט.

—האָב איך זיך דען באַרימט, הער מיכאַל?—זאָל שוין יענץ פאַרגעסן ווערן—איך האָב זיך מיט וואָס היינט צו באַרי-מען, צו וואָס זאָל איך די אַמאָליקע צייטן דערמאָנען! דאָס ביר בורטשעט שרעקלעך אין בויך—און וואָס מער קען עס האָט, אַלץ מער בורטשעט עס. כ'וויל שוין בעסער אַ וויין-זופּ—הגם איך דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס איז דאָ, ווייל אינגיכן וועט אפשר דאָס אויך אויספעלן. קסיאָנדז זשאַבקאָווסקי האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן קאַרג לעבנסמיטלען, און ער איז צוליב דעם שטאַרק באַאומרויקט, ווייל ער האָט אַ בויך, ווי אַ שייער. איך האָב אים שרעקלעך ליב באַקומען דעם דאָזיקן בערנאַדינער. ער איז מער זעלנער, ווי נזיר. אַז ער וואָלט עמיצן אין פּיסק דערלאַנגט, איז כאָטש נעם און גראָב-אויס אַ קבר.

—אָבער!—האָט דער קליינער ריטער געזאָגט—איך האָב דאָך אייך גאָרנישט געזאָגט, וואָס קסיאָנדז יאַסקולסקי האָט אויפגעטון היינטיקע נאַכט. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אין אַ ווינקל פון טורם אויף דער רעכטער זייט פון שלאָס—און זיך צוגעקוקט צו דער שלאַכט. און איר דאַרפט וויסן, אַז ער שיסט אויסגעצייכנט פון אַ ביקס. ער רופט זיך דאַן אָן צו זשאַבקאָוו-סקין: איך וועל נישט שיסן צו די קאָזאַקן, ווייל סוף כל סוף זענען דאָך דאָס קריסטן, הגם זיי טוען גאָט דערווידער, אָבער

צו די טאָטערס (זאָגט ער) מוז איך שיסן!—און ער האָט גענומען שיסן און אַוועקגעלייגט, ווי מ׳זאָגט, א פּאָר צענדליק טאָטערס.

—ווען אַלע גלחים וואָלטן אַזוי געטון!—האָט זאַגלאָבאַ אָפּגעזיפצט—אָבער אונזער מוכאָוויעצקי טוט נישט מער, נאָר פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און וויינט, וואָס עס גיכט זיך אַזוי פיל קריסטלעך בלוט.

—לאָזט צורו—האָט סקשעטוסקי ערנסט געזאָגט—קסיאָנדז מוכאָוויעצקי איז אַ הייליקער גלח, די בעסטע ראיה איז דאָס, וואָס יענע צוויי, הגם ער איז נישט עלטער פון זיי, בויגן דעם קאָפּ פאַר אים.

—נישט בלויז איך פאַרלייקן נישט זיין הייליקייט—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט—נאָר איך האלט, אַז אפילו דעם כאַן אַליין וואָלט ער באַוויזן מחזיר-למוטב צו זיין. אוי, גנעדיקע הערן! דער גנעדיקער כאַן מוז אודאי דאָרט בייז זיין, אַז די לייז קערן זיך אַזש איבער אויף אים פון שרעק. אַז עס וועט האַלטן ביי אונטערהאַנדלונגען מיט אים, וועל איך אויך מיטפאָרן מיט די קאָמיסאַרן. מיר קענען זיך פון לאַנג-אָן און אַנומלט האָט ער מיך שטאַרק ליב געהאַט. אפשר וועט ער זיך דערמאָנען.

—צו אונטערהאַנדלונגען וועט מען מסתּמא יאַניצקין אויסקלייבן, ווייל ער רעט טאָטעריש אַזוי גוט, ווי פויליש—האָט סקשעטוסקי זיך אָנגערופן.

—פונקט ווי איך, און די טאָטערישע פּאָלאָווניקעס קען איך זייער גוט. זיי האָבן מיר אין קרים זייערע טעכטער געוואָלט אָפּגעבן, כדי עס זאָל דערפון נולד ווערן אַ שיינער דור, אַזוי אָבער ווי כ׳בין געווען יונג און האָב קיין צוים אויף מיין צניעות נישט אָנגעלייגט, ווי הער פּאָדביפּיענטאַ פון מישיקישקי, האָב איך דאָרט אַ סך אַוועקגעשטיפט.

—מיאוס צו הערן!—האָט הער לאָנגינוס געזאָגט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן.

—און איר חזרט איבער שטענדיק דאָס אייגענע, ווי אַ

אויסגעלערנטער פּאָפּוגאַי. משמעות, אַז די ליטווינער קענען נאָך אַלץ נישט רעדן ווי מענטשן.

דער ווייטערדיקער המשך פון שמועס איז איבערגעהאַקט געוואָרן דורך אַ טומל, וואָס איז געקומען פון דרויסן. די רי־טער זענען אַרויסגעגאַנגען אַ קוק־טון, וואָס עס קומט פאָר. אַ סך זעלנער זענען געשטאַנען אויפן גראָבן, קוקנדיק אין די געננט, וועלכע האָט זיך אין משך פון דער נאַכט שטאַרק פאַר־ענדערט און זיך נאָך געענדערט פאַר זייערע אויגן. די קאָזאַקן זענען אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט זייט דעם לעצטן שטורם, נאָר געשאָטן שאַנצן, אַרויפגעבראַכט אויף זיי לאַנגע און שווערע האַרמאַטן, וואָס אַזעלכע זענען אין פוילישן לאַגער נישט געווען, האָבן געגראָבן קווער־ליגנדיקע, שלענג־לענדיקע גראָבנס; פון דערווייטנס האָבן די דאָזיקע ערד־אָנשיטן אויסגעזען, ווי טויזנטער געוואַלדיקע קרעטן־בערגלעך. דער גאַנ־צער משופּעדיקער שטח איז מיט זיי געווען באַדעקט, די פריש אויסגעגראָבענע ערד האָט אומעטום זיך געשוואַרצלט צווישן גרינס — און אומעטום האָט געווימלט פון אַרבעטנדיקן המון. אויף די ערשטע מויערן האָבן אויך געבלאַנקט רויטע היטלעך פון קאָזאַקן.

דער פירשט איז געשטאַנען אויף אַ גראָבן צוזאַמען מיטן קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע און הער פשיעמסקין. אַ ביסל נידרי־קער האָט דער בעלזער קאַשטעלאַן געקוקט דורך אַ שפּאַקטיוו אויף די אַרבעט פון די קאָזאַקן און געזאָגט צום קרוין־שענקער:

— דער שונא הייבט אָן אַ רעגולערע באַלאַגערונג. כ'זע, אַז מיר וועלן מוזן אַוועקוואַרפן די פאַרטיידיקונג אין גראָבן און זיך אַריבערטראָגן אין שלאָס.

פירשט יערעמי האָט דערהערט די דאָזיקע ווערטער און געזאָגט, אַראָפּבויגנדיק זיך פון דער הויך צום קאַשטעלאַן:

— זאָל אונדז גאָט דערהיטן אָפּהיטן, ווייל מיר וואָלטן דורך דעם ווי געוויליק אַריינגעקראָכן אין אַ נעץ. דאָ מוזן מיר אָדער לעבן אָדער שטאַרבן.

—אזוי מיין איך אויך, ווען אפילו איך זאָל יעדן טאָג דאַרפן אַ בורלאַין דערהרגענען—האָט הער זאַגלאָבאַ זיך אַריינגעמישט.—איך פּראָטעסטיר אין נאָמען פון גאַנצן חייל אַקעגן דער מיינונג פון הער בעלזער קאַשטעלאַן.

—דאָס גייט אייך נישט אָן!—האָט דער פירשט געזאָגט.

—שווייגט!—האָט וואָלאָדיאָווסקי אַ שעפּטשע-געטון, ציִענדיק דעם שלאַכטשיץ פאַרן אַרבל.

—מיר וועלן זיי פּאַרטיליקן אין די דאָזיקע גראָבנס, ווי די קרעטן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—און איך בעט דעם גנעדיקן הער פירשט, אַז ער זאָל מיר דערלויבן דעם ערשטן צו מאַכן אַן אַרויספאַל. זיי קענען מיך שוין גוט, וועלן זיי מיך נאָך בעסער דערקענען.

—אַן אַרויספאַל—האָט געזאָגט דער פירשט און געקנייטשט די ברעמען—וואָרט נאָר... די נעכט זענען פינסטערער פון אוונט...

דאָ האָט ער זיך אַ קער געטון צום קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע, צום הער פשיעמסקי און צו די קאָמענדאַנטן.

—איך בעט אייך אויף אַ באַראַטונג—האָט ער געזאָגט.

און ער איז אַראָפּ פון גראָבן און נאָך אים זענען אַוועק אויך אַלע עלטסטע.

—געדענקט אין גאָט, וואָס טוט איר?—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט צו זאַגלאָבאַן—וואָס איז דאָס? איר קענט נישט די כּללים פון דינסט און דיסציפּלין, און מישט זיך אַריין אין שמועסן פון עלטערע? דער פירשט איז אַ גנעדיקער האַר, אָבער בעת מלחמה גייט קיין ליצנות מיט אים נישט אָן.

—דאָס איז גאָרנישט, הער מיכאַל!—האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט—הער קאָניעצפּאָלסקי דער פאָטער איז געווען אַ שטרענגער לייב, און אויף מיינע עצות האָט ער זיך שטאַרק סומך געווען, און זאָלן מיך היינט די וועלף אויפפרעסן, צי ער האָט אַ דאַנק דעם נישט צוויי מאָל צעקלאַפּט גוסטאַוו אַדאָלפן. איך קען אויך רעדן מיט האַרן! און איצט!—האָסטו באַמערקט, ווי דער פירשט האָט זיך צוגעהערט, ווען איך האָב אים געעצהט

אַן אַרויספאַל.—אויב גאָט וועט געבן אַ נצחון, ווענעמס פאַר־דינסט וועט עס זיין—וואָס?—דיין?

אין דער רגע איז צוגעקומען זאַטשוויליכאָווסקי.

—נו, וואָס? זיי גראָבן! זיי גראָבן, ווי די חזירים!—האָט ער געזאָגט, אָנווייזנדיק אויפן פעלד.

—הלואי וואָלטן דאָס געווען חזירים—האָט זאַגלאָבאַ גע־ענטפערט—ווייל מיר וואָלטן דאַן ביליקן וווּרשט געהאַט, און זייער נבלה טויג אפילו פאַר הינט אויך נישט. שוין היינט האָבן די זעלנער געמוזט גראָבן ברונעמס אין הער פירלעיס קוואַר־טירן, ווייל אין מזרחדיקן סטאַוו זעט מען צוליב די הרוגים דאָס וואַסער נישט אַרויס. פאַרטאָגס האָט די גאַל אין די הינ־טישע ברידער געפּלאַצט און אַלע זענען זיך צעשווומען. אַז ס'וועט קומען פרייטאָג, וועט מען קיין פיש נישט קאָנען עסן, ווייל זיי האָבן זיך גענערט מיט פלייש.

—אמת—האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן;—אַן אַלטער זעלנער בין איך, אָבער אַזוי פיל הרוגים האָב איך שוין לאַנג נישט געזען, סיידן ביי כאָטשים בעתן שטורם פון די יאַנטשאַרן אויף אונזער לאַגער.

—איר וועט זיי נאָך מער זען—ווי איך זאָג אייך!

—כ'מיין, אַז היינט אין אָוונט, אָדער נאָך פריער, וועלן זיי זיך ווידער אַרויסלאָזן צו אַ שטורם.

—און איך זאָג, אַז ביז מאָרגן וועלן זיי אונז לאָזן צורו.

קוים האָט הער זאַגלאָבאַ געענדיקט רעדן, זענען אויף די שאַנצן אויפגעגאַנגען לאַנגע ווייסע רויך־סלופּעס און קוילן זע־נען מיט אַ רעש דורכגעפלויגן איבערן גראָבן.

—האָט איר!—האָט זאַטשוויליכאָווסקי געזאָגט.

—באַ! זיי קענען נישט קיין תכסיסי־מלחמה!—האָט זאַגלאָ־באַ אָפּגעענטפערט.

דער אַלטער זאַטשוויליכאָווסקי האָט אָבער רעכט געהאַט. כמעלניצקי האָט אָנגעהויבן אַ רעגולערע באַלאַגערונג, האָט דורכ־געהאַקט אַלע וועגן, דורכגענג, האָט אָפּגעשניטן די פּאָשע, גע־שאָטן גראָבנס און שאַנצן, האָט דורך שלענגלדיקע קאַנאַלן זיך

אונטערגעגראָבן אונטערן לאַגער, אָבער די שטורמען האָט ער
נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט באַשלאָסן נישט צו געבן קיין מנוחה
די באַלאַגערטע, צו מאַטערן זיי, אָנשרעקן, האַלטן אין אַ
כּסדרדיקער שלאָפלאָזיקייט און פּייניקן אַזוי לאַנג, ביז דאָס
כּלי-זיין וועט נישט אַרויספאַלן פון זייערע פאַרטײַכטע הענט.
אין אָוונט איז ער ווידער באַפאַלן ווישניאָוויעצקס קוואַרטירן,
נישט מיט קיין גרעסערן מזל, ווי דעם פאַרגאַנגענעם טאָג,
בפרט, אַז די קאָזאַקן האָבן זיך שוין נישט געשלאָגן מיט אַזאַ
חשק. דעם צווייטן טאָג האָט דאָס פייער אויף קיין איין רגע
נישט אויפגעהערט. די שלענגלדיקע גראָבנס זענען שוין געווען
אַזוי נאָנט, אַז אויך מיט ביקסן האָט מען פון דאָרט געקאָנט
שיסן אויף די מויערן, די ערד-בערגלעך האָבן זיך געריכערט,
ווי קליינע וואולקאַנען, פון פרי ביזן אָוונט. דאָס איז נישט גע-
ווען קיין גענעראַל-שלאַכט, נאָר אַן אומאויפהערלעכע שיסעריי.
די באַלאַגערטע זענען פון צייט צו צייט אַרויסגעפאַלן פון די
גראָבנס, און דעמאָלט איז געקומען צו אַ געראַנגל מיט שווערדן,
דרעש-אייזנס, קאָסעס און שפּיזן. קוים אָבער זענען די ערשטע
קאָזאַקן פאַרטיליקט געוואָרן, זענען די גראָבנס באַלד ווידער
פול געוואָרן מיט חייל. דער זעלנער האָט דעם גאַנצן טאָג
נישט געהאַט מנוחה קיין איין רגע, און ווען ס'איז געקומען
דער געגאַרטער זון-אונטערגאַנג, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער
גענעראַל-שטורם—וועגן אַן אַרויספאַל האָט מען שוין אפילו
טראַכטן נישט געקאָנט.

בײַנאַכט, דעם 16 יולי, האָבן די צוויי טיכטיקע פּאָל-
קאָווניקעס, הלאַצקי און נעשאַדאַ, אָנגעגריפן די פירשטלעכע
קוואַרטירן און ווידער געליטן אַ שרעקלעכע מפּלה. דריי טויזנט
פון די טיכטיקסטע קאָזאַקן זענען געפאַלן אויפן פּלאַץ—די
רעשט, געיאָגט דורכן קראַסנאָפּאָלער סטאַראָסטע, איז אין דער
גרעסטער מהומה אַנטלאָפן צום לאַגער, אַוועקוואַרפנדיק דאָס גע-
ווער און פולווער-שקעטעלעך. פּונקט אַזאַ שלימזלדיקן סוף האָט
אויך געהאַט פעדאָרענקאָ, וועלכער האָט, אויסנוצנדיק דעם גע-
דיכטן נעפּל, פאַרטאָגס שיר נישט די שטאָט פאַרנומען. עס האָט

אים אָפּגעשטויסן הער קאָרץ בראש פון די דייטשן, און דער האַר כטאַראָסטע פון קראַסנאָסטאַוו און האַר כאָראָנזשי קאָניעצ-פּאָלסקי האָבן די אַנטלויפנדיקע פּאַרטיליקט כמעט ביז צום לעצטן.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען גאָרנישט אין פאַרגלייך מיטן שטורם, וואָס האָט זיך אין טאָג פון 19 יולי צעבושעוועט אי-בערן גראָבן. מיט אַ נאַכט פריער האָבן די קאָזאַקן אָנגעשאָטן אַקעגנאיבער ווישניאָוויעצקיס קוואַרטירן אַ הויכע מויער, פון וועלכער האַרמאַטן פון גרויסן קאַליבר האָבן געשפּיגן מיט אַן אומאויפהערלעך פייער, און ווען דער טאָג איז אַריבער און די ערשטע שטראַלן האָבן אַ בליק געטון אויפן הימל, האָבן צענ-דליקער טויזנטער מענטשן זיך אַ לאָז-געטון צו דער אַטאַקע. אינאיינעם דערמיט האָבן אין דער ווייטנס זיך באַוויזן אַ כאַר צענדליק מאַשינען, וואָס זענען ענלעך געווען אויף שלאַנגען, און זיי האָבן זיך לאַנגזאַם געערוקט צום גראָבן-צו. ביי זייערע זייטן האָבן ווי געוואַלטיקע פליגל אַרויסגעשטעקט בריקן, וועלכע האָבן געזאָלט אַריבערגעוואָרפן ווערן איבער די גראָבנס — און די שפּיצן האָבן געערויכערט, געלויכטן און געקנאַלט מיט שאָסן פון לייכטע האַרמאַטלעך און ביקסן. די דאָזיקע טורעמס זענען געגאַנגען צווישן אַ געווימל פון קעפּ, ווי ריזיקע פאָלקאָוויקעס — דאָ רויט-ווערנדיק אין פייער פון די האַרמאַטן, דאָ בעלם-ווערנ-דיק אין רויך און פינסטערניש. די זעלנער האָבן פון דער-ווייטנס דערויף אָנגעוויזן, שעפּטשענדיק:

— אונז וועט דאָס כמעלניצקי מאָלן אין די דאָזיקע ווינט-מילן!

— קוקט, ווי זיי קאָלערן זיך מיט אַ רעש, פּונקט ווי רונערס!

— פון האַרמאַטן שיסן אויף זיי! פון האַרמאַטן! — האָבן אַנ-דערע אויסגערופן.

דעם פירשטס האַרמאַטן-שיסער האָבן טאַקע געשיקט איין קויל נאָך דער אַנדערער, איין גראַנאַט נאָך דעם אַנדערן צו די מוראדיקע מאַשינען, אַזוי אָבער ווי מ׳האָט זיי געזען נאָר

דעמאָלט, ווען די שאָסן האָבן צעריסן די פינסטערניש, האָבן די קוילן זיי אָפּט געמיטן.

דערווייל איז די צונויפגעפרעסטע קאָזאַקן-מאַסע אָנגעלאָפן וואָס אַמאָל נענטער, ווי אַ שוואַרצע כוואַליע, וואָס שווימט אָן ביינאַכט פון ווייטן ים-שטח.

—אוף!—האָט הער זאַגלאָבאַ געזאָגט, שטייענדיק צוזאַמען מיט די רייטער ביי סקשעטוסקין—ס'איז מיר אַזוי הייס, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין מיין לעבן! די נאַכט איז אַזוי דושנע, אַז קיין איין טרוקן פעדעמל וועט מען אויף מיר נישט געפינען. די שדים האָבן אָנגעשיקט די דאָזיקע מאַשינען! הלואי, גאָט, זאָל די ערד זיך שפּאַלטן אונטער זיי, ווייל זיי שטייען מיר שוין ווי אַ ביין אין האַלז די דאָזיקע ליידאַקעס—אמן! נישט עסן, נישט אויסשלאָפן זיך—הינט לעבן שוין בעסער פאַר אונז! אוף! ווי דושנע!

די לופט איז באמת געווען אַ שווערע און אַ שטיקנדיקע, דערצו נאָך איז זי געווען אָנגעזאַפּט מיט די ריחות פון די הרוגים, וואָס האָבן געפוילט זייט אַ פּאָר טעג אויפן גאַנצן שלאַכטפעלד. דער הימל האָט זיך באַצויגן מיט אַ שוואַרצן און נידריקן פאַרהאַנג פון כמאַרעס. אַ שטורם האָט געהאָנגען איבער זבאַראַזש. די זעלנער האָט אונטער די פּאַנצערס אַ שווייס באַגאָסן דעם גוף, און די ברוסטן האָבן שווער געעטעמט.

אין דער רגע האָבן די פּויקן גענומען ברומען אין דער פינצטערניש.

—באַלד וועלן זיי אָנגרייפן!—האָט סקשעטוסקי געזאָגט—איר הערט?—זיי פּויקן.

—כ'הער. אַז די שדים זאָלן זיי אָנפּויקן! אַ אמתע צרה!

—שטעך! שטעך!—האָבן די מאַסן געמאַכט קולות, וואַרפנדיק זיך צו די גראָבנס.

די שלאַכט האָט זיך צעפלאַקערט איף דער גאַנצער לענג פון גראָבן. מען איז באַפאַלן איינצייטיק ווישניאָוויעצקין, לאַנצקאָראָנסקין, פירלעין און אָסטראָראָגן, כדי איינער זאָל דעם צווייטן נישט קאָנען קומען צו הילף. די קאָזאַקן, באַזאָפּן מיט

בראַנפן, האָבן זיך געשלאָגן נאָך פאַרביסענער, ווי בעת די פריערדיקע שטורמען, דערפאַר אָבער איז דער ווידערשטאַנד געווען טיכטיקער. דער העלדישער גייסט פון פירער האָט באַלעבט די זעלנער; דאָס אימהדיקע שוץ-חייל, וואָס איז באַשטאַנען פון מאַזורישע פויערן, האָט זיך אַזוי ענג צוזאַמענגעשטויסן מיט די קאָזאַקן, אַז עס האָט זיך מיט זיי אינגאַנצן צונויפגעמישט. מ'האָט דאָרט געקעמפט מיט קאָלבעס, פויסטן און ציין. אונטער די קלעפ פון די פאַרביסענע מאַזורן זענען געפאַלן א פאַר הונדערט פון די אויסגעצייכנטסטע זאַפּאָראָזשער פוסגייער, באַלד אָבער האָבן נייע מאַסן פאַרנומען זייער אָרט. די שלאַכט אויף דער גאַנצער ליניע איז געוואָרן וואָס אַמאָל פאַרביסענער. די רוירן פון די ביקסן האָבן געבריט די הענט פון די זעלנער, עס האָט זיי דעם אָטעם פאַרכאַפּט, און די עלטסטע איז די שטים געבליבן שטעקן אין האַלז פון די קאָמאַנדע-געשרייען. דער קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע און סקשעטוסקי זענען ווידער אַרויסגעפאַלן מיט די רייטער און פון דער זייט באַפאַלן די קאָזאַקן, צעשטערנדיק גאַנצע פאָלקן און באָדנדיק זיך אין בלוט.

אַ שעה איז אַריבער נאָך אַ שעה און דער שטורם האָט נישט אויפגעהערט, ווייל די שרעקלעכע בלויזן אין די קאָזאַקישע רייען האָט כמעלניצקי כהרף-עין פול-געמאַכט מיט פרישע כוחות. די טאָטערס האָבן צוגעהאָלפן מיט געשרייען, אַרויסלאָזנדיק דערביי כמאַרעס פון פיילן אויף די זעלנער, וואָס האָבן זיך פאַרטיידיקט; אַ טייל, וואָס איז געשטאַנען הינטער דעם המון, האָט אים געטריבן צו דער שלאַכט מיט שמיץ פון רויען אָקסן-לעדער. רציחה האָט געקעמפט מיט רציחה, אַ ברוסט האָט זיך געשלאָגן אָן אַ ברוסט—אַ מאַן האָט זיך צונויפגעקניפּט מיט אַ מאַן...

און אַזוי האָבן זיי געקעמפט, ווי עס קעמפן צעבריוזטע ים-כוואַליעס מיט אַ פעלזיקן אינזל.

מיט אַמאָל האָט זיך די ערד אַ טרייסל געטון אונטער די פיס פון די זעלנער, און דער גאַנצער הימל איז געשטאַנען אין

אַ בליצן פֿייער, גלייך ווי גאָט וואָלט שוין לענגער נישט געקאָנט קוקן אויף די מענטשלעכע גרויזאַמקייטן. אַ שרעקלעכער קנאַל האָט פֿאַרטויבט די מענטשלעכע קולות און דאָס דונערן פֿון די האַרמאַטן. דאָס האָט די הימלישע אַרטילעריע איצט אָנגעהויבן אַ מוראדיקע קאַנאָנאַדע. די דונערס האָבן זיך געקאָלערט פֿון מזרח אויף מערב. ס'האָט זיך געדוכטן, אַז דער הימל צוזאַמען מיט די כמאַרעס האָט זיך געשפּאָלטן און פֿאַלט אויף די קעפּ פֿון די קעמפֿנדיקע. ווײלעווײז האָט די גאַנצע וועלט אויסגעזען ווי איין פֿלאַם, ווײלעווײז איז אַלץ בלינד געוואָרן פֿון פֿינסטערניש און ווידער האָבן רויטע דונער-זיגזאַגן צעריסן דעם שוואַרצן פֿאָרהאַנג. אַ ווײכער האָט אַ ריס געטון איין מאָל און אַ צווייט מאָל, האָט אַראָפּגעשליידערט טויזנטער היטלען, פֿאָנען און זיי כהרף-עין צעוואָרפֿן איבערן שלאַכט-פֿעלד. דונערס האָבן גענומען הילכן איינער נאָכן אַנדערן—דערנאָך איז געקומען אַ כאַאָס פֿון דונערס, בליצן, ווײכער, פֿייער און פֿינסטערניש—דער הימל האָט זיך צעבושעוועט, ווי די מענטשן.

דער אומגעווײנלעכער שטורם האָט זיך צעווילדעוועט איבער דער שטאָט, שלאָס, גראָבנס און לאַגער. די שלאַכט איז איבערגעריסן געוואָרן. צום סוף האָבן די הימלישע שלונען זיך אויפֿגעפּראַלט און אַ אמתער רעגנשטראָם האָט גענומען גיסן אויף די ערד. דער גאָס-רעגן האָט פֿאַרשטעלט די שײַן פֿון דער וועלט; אויף אַ שריט ווייטער האָט מען גאָרנישט געזען. די טויטע קערפּערס אין גראָבן זענען אַוועקגעשוווּמען. די קאָזאַקישע פּאָלקן האָבן אַוועקגעוואָרפֿן דעם שטורם און געלאָפֿן איינער נאָכן אַנדערן צום לאַגער, זיי זענען געגאַנגען בלינדערהייט, זיך צוזאַמענגעשטויסן איינער מיטן צווייטן און מיינענדיק, אַז דער שונא יאָגט זיי, האָבן זיי זיך צעשפּרייט אין דער פֿינסטערניש; נאָך זיי, זינקנדיק און איבערקערנדיק זיך, זענען אַנטלאָפֿן די האַרמאַטן, אַמוניציע, פֿורן. דאָס וואַסער האָט פֿאַפֿלייצט די קאָזאַקישע ערד-אַרבעטן, גערוישט אין די גראָבנס, אַרײַנגעקוועטשט זיך אין די ערד-דעקן, הגם מ'האָט זיי פֿאַרזיכערט מיט גראָבנס, און איז געפֿלאָסן מיט אַ גערויש איבער

דעם פלאַכן שטח, גלייך ווי עס וואָלט געיאָגט די אַנטלויפנדי-קע קאָזאַקן.

דער רעגן האָט געגאָסן וואָס אַמאָל שטאַרקער. די פוס-גייער אין גראָבן זענען אַנטלאָפן פון די מ. יערן, זוכנדיק אַ שוץ אונטער די געצעלטן, נאָר פאַרן קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע און פאַר סקשעטוסקין איז נישט געקומען קיין באַפעל זיך צוריקצו-ציען. זיי זענען איינער ביים צווייטן געשטאַנען ווי אין אַן אָזערע, אַראָפּטרייסלענדיק פון זיך דאָס וואַסער. דערווייל האָט דער שטורם גענומען ביסלעכווייז איבערגיין. נאָך האַלבער נאַכט האָט דער רעגן אויפגעהערט. צווישן די כמאַרעס האָבן דאָ און דאָרט אַ בליץ-געטון שטערנס. עס איז אַריבער נאָך אַ שעה— און דאָס וואַסער איז אַ ביסל אָפּגעפאַלן. דעמאָלט האָט פאַר סקשעטוסקיס פּאָלק אומגעריכט זיך באַוויזן דער פירשט אַליין.

—גנעדיקע הערן—האָט ער געפרעגט—די פּאַטראָנען-טאַשן זענען אייך נישט נאַס געוואָרן?

—זיי זענען טרוקן, גנעדיקער פירשט!—האָט סקשעטוסקי געענטפערט.

—אויב אַזוי, איז גוט! גייט אַראָפּ פון די פערד, לאָזט זיך אַוועק דורכן וואַסער צו יענע מאַשינען, שיט זיי אונטער מיט פולווער און צינדט אָן. אָבער שטיל זאָלט איר גיין! הער סטאַראָסטע פון קראַסנאָסטאַוו וועט גיין מיט אייך.

—ווי איר האָט באַפוילן!—האָט סקשעטוסקי געענטפערט.

דאָ האָט דער פירשט דערזען דעם נאָסן הער זאַגלאָבאַ.

—און איר האָט זיך געבעטן אויף אַן אַרויספאַל—גייט איצט—האָט ער געזאָגט.

—האָסטו דיר אַן אָנשיקעניש!—האָט הער זאַגלאָבאַ אַ ברום געטון—דאָס האָט נאָך געפעלט!

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָבן די צוויי אָפּטיילונגען פון די ריטערס, צו צוויי הונדערט פופציק מאַן יעדע, געקראָכן ביזן גאַרטל אין וואַסער, געלאָפן מיט די שווערדן אין די הענט צו יענע שרעקלעכע קאָזאַקישע מאַשינען, וואָס זענען געשטאַנען נישט ווייט פון גראָבן. מיט איין אָפּטיילונג האָט אָנגעפירט דער

„לייפ איבער די לייבן", דער הער סטאַראָסטע פון „קראַסנאָ-סטאַוו, מאַרעק סאָביעסקי, וועלכער האָט אפילו נישט געוואָלט הערן וועגן בלייבן אין גראָבן—דעם צווייטן האָט געפירט סקשע-טוסקי. דינער האָבן נאָכגעטראָגן די ריטער שמיר-ביקסן מיט סמאָלע, טרוקענע פאַקעלס און פולווער, און זיי זענען געגאַנ-גען שטיל, ווי די וועלף, וואָס גנבענען זיך אונטער אין דער פינסטערער נאַכט צו דער סטאַדע.

דער קליינער ריטער איז אַלס פרייוויליקער צוגעשטאַנען צו סקשעטוסקין, ווייל הער מיכאַל וואָלט פאַר אַזעלכע עקספע-דיציעס זיין לעבן אַוועקגעשענקט—און איצט איז ער געגאַנגען אין וואַסער מיט אַ פרייד אין האַרץ און מיט אַ שווערד אין דער האַנט; נעבן אים האָט גפשפרייזט הער פאָדביפיענטאַ מיט אַ בלויזע שווערד, אַרויסשטאַרנדיק צווישן אַלע, ווייל ער איז מיט צוויי קעפ געווען העכער פון די העכסטע; און צווישן זיי האָט סאַפּנדיק זיך נאָכגעשלעפט הער זאַגלאָבאַ און געברומט אַ אומצופרידענער, איבערחזרנדיק דעם פירשטס ווערטער:

—ס'האָט זיך דיר פאַרגלוסט אַן אַרויספאַל—גיי איצט. גוט! אַ הונט וואָלט זיך נישט וועלן גיין אויף אַ חתונה דורך אַזאַ וואַסער. אויב איך האָב צוגערעט צו אַן אַרויספאַל אין אַזאַ צייט, זאָל איך קיינמאָל אין לעבן נישט טרינקען עפּעס אַנ-דערש, ווי וואַסער. איך בין נישט קיין קאַטשקע, און מיין בויך איז נישט קיין שיפל. כ'האָב שטענדיק געפילט אַן עקל צו וואַ-סער, אַ פשיטא שוין צו אַזאַ וואַסער, אין וועלכן עס ווייקן זיך פויערישע נבלות...

—שווייגט שטיל!—האָט הער מיכאַל געזשגט.

—שווייגט אַליין שטיל! איר זענט נישט גרעסער פון אַ פישל און קאָנט שווימען, קומט עס אייך גרינג אָן. כ'וועל אפילו זאָגן, אַז עס איז אַן אומדאַנקבאַרקייט מצד דעם פירשט, וואָס נאָכן דערהרגענען בורלאַין לאָזט ער מיך נאָך נישט צורו. געווגג האָט שוין זאַגלאָבאַ אויפגעטון, זאָל יעדער אַזוי פיל אויפטון, און זאַגלאָבאַן לאָזט צורו, ווייל שיין וועט איר אויס-זען, אויב ער וועט נישט זיין. גאָט מיינער! אויב כ'וועל אַריינ-

פאַלן אין אַ לאָך, ציט מיט באַלד אַרויס פאַר די אויערן, אַ ניסט וועל איך דערטרונקען ווערן.

— שווייגט שטיל! — האָט סקשעטוסקי געזאָגט — די קאָזאַקן זיצן דאָרט אין די ערד-באַהעלטענישן, זיי וועלן אייך נאָך דערהערן.

— ווו? וואָס רעט איר?

— דאָרט, אין יענע בערגלעך, אונטער די צווייגן.

— דאָס האָט נאָך געפעלט. זאָל עס אַ דונער טרעפן!

די איבעריקע ווערטער האָט דער מיכאַל דערשטיקט, אַרויפלייגנדיק זאַגלאָבאַן די האַנט אויפן מויל, ווייל זיי זענען שוין געווען בערך פינף הונדערט שריט פון די באַהעלטענישן. די ריטערס זענען אמת געגאַנגען שטיל, אָבער דאָס וואַסער האָט געפליעסקעט אונטער די פיס; צום גליק האָט דער רעגן ווידער אָנגעהויבן צו פאַלן און דאָס גערויש זיינס האָט פאַרטויבט דעם הילך פון די טריט.

קיין שמירה איז ביי די בערגלעך נישט געווען. וואָרום ווער וואָלט זיך דאָס געריכט אויף אַן איבערפאַל נאָכן שטורם און נאָך אַזאַ גאָס-רעגן, ווען וועלכער האָט ווי מיט אַן אָזערע פאַ-באַנדערגעשיידט די קעמפנדיקע.

הער מיכאַל מיט הער לאָנגין האָבן אַ שפרינג געטון און די ערשטע צוגעגאַנגען צום בערגל. דער קליינער ריטער האָט אַראָפגעלאָזט די שווערד אויפן שנירל, האָט צונויפגעלייגט די הענט צום מויל און גענומען רופן:

— העי, מענטשן!

— וואָס? — האָבן זיך פון אינעווייניק אָנגערופן שטימען פון קאָזאַקן, איבערצייגט אפנים, אַז דאָס קומט עמיצער פון די קאָ-זאַקישע לאַגערס.

— אַ לויב צו גאָט! — האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט — אָבער לאָזט נאָר אַריין!

— וויסטו נישט, ווי אַזוי אַריינצוגיין?

— איך וויים שוין — האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט און אָנטאַפנדיק דעם אַריינגאַנג, איז ער אַריינגעשפרונגען אינעווי-

ניק; הער לאָנגינוס מיט אַ פּאָר אַנדערע זענען באַלד נאָך אים אַריין.

אין דער רגע איז דאָס בערגל אינעווייניק פאַרהילכט געוואָרן פון שרעקלעכע מענשלעכע יללוה—אינאיינעם דערמיט האָבן די ריטער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און זיך געוואָרפן צו די איבעריקע בערגלעך. אין דער פינסטערניש האָבן זיך געהערט קרעכצן, אַ געקלאַנג פון אייזן, דאָ און דאָרט זענען דורכגעלאָפן עפּעס טונקעלע געשטאַלטן, אַנדערע זענען געפאַלן אויף די ערד, פון צייט צו צייט האָט אַ קנאַל-געטון אַ שאָס—אָבער אַלץ צוזאַמען האָט נישט געדויערט לענגער, ווי אַ פערטל שעה. די קאָזאַקן, וואָס זענען צום גרעסטן טייל פלוצלינג באַפאַלן געוואָרן אין מיטן טיפן שלאָף, האָבן זיך אפילו נישט פאַרטיידיקט—און זיי זענען אַלע אויסגעקוילעט געוואָרן נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן זיך צו כאַפּן צום געווער.

—צו די מאַשינען! צו די מאַשינען!—האָט זיך דערהערט די שטים פון קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע.

די ריטערס האָבן זיך געוואָרפן צו די טורמס.

—אָנצינדן פון דער מיט, ווייל פון אויבן זענען זיי נאַס!—האָט סקשעטוסקי אויסגעשריגן.

אָבער דעם באַפעל איז נישט געווען לייכט אויסצופירן. אין די טורמס, וואָס זענען געווען געבויט פון סאָסנאָווע בוילן, איז נישט געווען נישט קיין טיר נישט קיין שום אַנדערע עפענונג. די קאָזאַקישע שיסער זענען אויף זיי אַרויף דורך לייטערס, און די קלענערע האַרמאַטן, ווייל גרויסע האָבן דאָרט נישט געקאָנט אַריין, האָט מען אַרויפגעצויגן אויף שטריק. די ריטערס זענען געלאָפן אַ געוויסע צייט אַרום דעם טורם, האַקנדיק אומזיסט מיט די שווערדן די בעלקעס, אָדער רייסנדיק מיט די הענט די קאַנטן.

צור גליק האָבן די דינער געהאַט העק; מ'האָט גענומען האַקן. דער קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע האָט געהייסן אויך אונטערלייגן שאַכטלען מיט פּולווער, וואָס זענען בכיון צו דעם צוועק צוגעגרייט געוואָרן. מ'האָט אָנגעצונדן די שמיר-ביקסן מיט

סמאָלע, און אויך די פּאַקלס — און אַ פלאַם האָט גענומען לעקן די נאַסע, אָבער מיט זשיווע דורכגעזאַפּטע בעלקעס.

נאָך איידער די בעלקעס האָבן זיך אָבער צעפלאַמט, נאָך איידער דאָס פּולווער האָט אויפגעריסן, האָט הער לאָנגינוס זיך אַראָפּגעבויגן און אויפגעהויבן אַ געוואַלדיקן פעלזן־שטיין, וואָס די קאָזאַקן האָבן אַרויסגעגראָבן פון דער ערד.

פיר פון די געזונטסטע ריזן וואָלטן אים נישט גערירט פון אָרט, אָבער ער האָט אים געוויגט אין די מעכטיקע הענט און נאָר ביים ליכט פון די שמיר־ביקסן האָט מען געזען, אַז דאָס בלוט איז אים געלאָפן אין פּנים אַריין. די ריטערס זענען ווי פאַרשטומט געוואָרן פון פאַרוווּנדערונג.

— דאָס איז אַ הערקולעס! אַז די קוילן זאָלן אים טרעפן! — האָבן זיי אויסגערופן, אויפהייבנדיק די הענט אין די הויך.

דערווייל איז הער לאָנגינוס צוגעגאַנגען צו אַ נאָך נישט אונטערגעצונדענעם טורם, האָט זיך אויסגעבויגן אויף הינטן און אַראָפּגעלאָזט דעם שטיין אין סאַמע מיט פון דער וואַנט.

די ביי־זייענדיקע האָבן אַזש אָוועקגעבויגן די קעפּ, אַזאַ קנאַק האָט דער שטיין געגעבן. פון קלאַפּ האָבן באַלד געפּלאַצט די געלענקן; עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַל, דער טורם האָט זיך אויפגעפּראַלט ווי אַן אויפגעבראָכענע טאָפּל־טיר און ער איז אומגעפאַלן מיט אַ רעש.

דעם שטויס פון האַלץ האָט מען באַגאָסן מיט סמאָלע און אונטערגעצונדן אין איין רגע.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָבן אַ פּאָר צענדליק גע־וואַלדיקע פלאַמען באַלויכטן דעם גאַנצן שטח. דער רעגן איז אַלץ געפאַלן, אָבער דאָס פייער האָט אים גובר געווען — און „עס האָבן געברענט די דאָזיקע מאַשינען צו דער פאַרווּנ־דערונג פון ביידע מחנות; וואָס דער רעגן לעשט זיי נישט”.

עס זענען פון קאָזאַקישן לאַגער אָנגעלאָפן צו הילף סטעפּקאַ, קולאַק און מראָזאָוויצקי, יעדער בראש פון אַ פּאָר טויזנט קאָזאַקן, און געפּרווט לעשן — אָבער אומזיסט! סלופּעס פון פייער און רויטן רויך האָבן וואָס אַמאָל מעכטיקער אַרויפגע־

שאָסן צום הימל, אָפּשפּיגלענדיק זיך אין די אָזערעס און קאַלו-לוזשעס, וואָס דער גאָס-רעגן האָט אָנגעמאַכט אויפן שלאַכט-פעלד.

דערווייל זענען די ריטערס אין צונויפגעפּרעסטע רייען צוריקגעקומען צו די גראָבנס, ווו מ׳האָט זיי שוין פון דער-ווייטנס מקבל-פּנים געווען מיט פרייד-אויסגעשרייען.

מיט אַמאָל האָט זיך סקשעטוסקי אַרומגעקוקט, אַ וואָרף געטון אַ בליק טיף אין די רייען אַריין און אויסגעשריגן מיט אַ דונערנדיקער שטים:

—שטיי!

הער לאָנגין און דער קליינער ריטער זענען נישט געווען צווישן די צוריקגעקומענע.

דער קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע, וועלכער איז געגאַנגען אויפן צווייטן עק פון דער ריי, האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען און איז געלאָפן פרעגן—אָבער אין דער זעלבער רגע האָבן ביידע געזוכטע ריטערס זיך באַוויזן, ווי זיי וואָלטן פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן, אין מיטן וועג צווישן די טורמס און די ריטער.

הער לאָנגין האָט מיט זיין בלאַנקנדיקער שווערד אין דער האַנט געשפּרייזט מיט ריזיקע שריט, און נעבן אים איז מיט קליינע שריט געלאָפן הער מיכאַל. ביידנס קעפּ זענען געווען געווענדט צו די קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיי געיאָגט, ווי אַ מחנה הינט.

ביים רויטן פלאַם פון פייער האָט מען דאָס נאָכיאָגעניש אויסגעצייכנט געזען. וואָלט געמיינט: אַ געוואַלדיקע חיה אַנט-לויפט מיט איר קינר פאַר אַ מחנה שיסער, גרייט יעדע רגע זיך צו וואַרפן אויף די אָנפאַלער.

—זיי וועלן אומקומען! האָט רחמנות, גיכער!—האָט הער זאַגלאָבאַ געשריגן מיט אַ מעכטיקער שטים—זיי וועלן זיי דער-שיסן מיט די פיילן, אָדער קוילן!—געדענקט אין גאָט, גיכער!

און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אין אַ ווײַלע אַרום האָט אַ נייע שלאַכט זיך געקאָנט צעפלאַקערן, איז ער מיט דער

שווערד אין דער האַנט צוזאַמען מיט סקשעטוסקין און אַנדערע געלאָפן צו הילף, זיך געשטרויכלט, איבערגעקערט, אויפגעהויבן, געסאַפּעט, געשריגן, געטרייסלט זיך און געיאָגט זיך מיט די לעצטע כּוחות און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

אָבער די קאָזאַקן האָבן נישט געשאָסן, ווייל די ביקסן זענען געווען נאַס, און די בויגנס צעווייקט—זיי האָבן דערי-בער זיך געזאָגט נאָך זיי און זיי אָנגעיאָגט וואָס אַמאָל נענ-טער. אַ פּאָר פון זיי האָבן זיך שוין געהאַט אַזוי ווייט אָפּוי-געריקט, אַז אָט, אָט זענען זיי שוין צוגעלאָפן, דעמאָלט אָבער האָבן ביידע ריטערס זיך אומגעדרייט צו זיי, ווי די חיות רעות, און אַרויסלאָזנדיק אַ מוראַדיק געשריי, האָבן זיי אויפ-געהויבן די שווערדן אין די הויך. די קאָזאַקן זענען געבליבן שטיין אויפן אָרט.

הער לאָנגינוס האָט מיט זיין ריזיקער שווערד אויסגעזען ביי זיי ווי עפּעס אַ מחוץ-לדרך-הטבעדיקע בריאה.

און ווי צוויי טונקל-גרויסע וועלף, וואָס ווערן צופיל גע-רודפט דורך יאַגד-הינט, דרייען זיך אַרום און בלישטשען מיט די ווייסע ציין, און די הינט, היילנדיק פון דער וויטנס, דער-וועגן זיך נישט צו וואַרפן אויף זיי, אַזוי האָבן זיי אויך זיך אומגעדרייט אַ פּאָר מאָל און יעדעס מאָל זענען די, וואָס זע-נען געלאָפן פאָרויס, געבליבן שטיין אויפן אָרט. נאָר איינמאָל האָט זיך צו זיי אַ לאָז-געטון איינער, אַפּנים אַ מער דרייסטער, מיט אַ קאָסע אין האַנט, אָבער הער מיכאַל האָט ווי אַ ווילדע קאַץ אַ שפּרינג-געטון צו אים און אים אַ ביס-געטון צום טויט. די רעשט האָט געוואַרט אויף די איבעריקע, וועלכע זענען אָנ-געלאָפן אין אַ געדיכטער מחנה.

אָבער אויך די ריי פון די ריטערס האָט זיך וואָס אַמאָל דערנענטערט, און הער זאַגלאָבאַ איז געפלויגן מיט דער שווערד איבערן קאָפּ, שרייענדיק מיט אַ אוממענטשלעכער שטים:

—שלאָגן! הרגעו!

דאָ האָט אַ קנאַל אַ זעץ-געטון פון די גראָבנס אַרויס און אַ גראַנאַט האָט מיט אַ געפייף אָנגעצייכנט אַ רויטן בויגן אויפן

הימל און איז אַראָפּגעפֿאַלן אין די צונויפֿגעדריקטע מחנה; נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ צענטער. ס'האָט זיך געדוכטן, אַז די שלאַכט הייבט זיך אויפֿסניי אָן.

די קאָזאַקן זענען ביז דער באַלאַגערונג פֿון זבאַראַזש אַזעלכע גראַנאַטן געווען אומבאַקאַנט און ניכטערערהייט האָבן זיי פֿאַר זיי מורא געהאַט אַממייסטן, זעענדיק אין זיי „יאַרע-מאַס" כּשוף—די מחנה האָט זיך דעריבער אין איין רגע אָפּגע-שטעלט, דערנאָך האָט זי זיך געשפּאָלטן אויף צוויי, און אינ-איינעם דערמיט האָבן אויך געפּלאַצט גראַנאַטן, פֿאַנאַנדערטראָגנ-דיק אימה, טויט און חורבן.

—ראַטעוועט זיך! ראַטעוועט זיך!—האָבן זיך דערהערט איבערגעשראָקענע שטימען.

און אַלץ איז זיך צעלאָפֿן, דערווייל אָבער זענען הער לאָנגינוס און דער קליינער ריטער אַריינגעפֿאַלן און די רייען פֿון די הוזאַרן.

זאַגלאָבאַ האָט זיך געוואָרפֿן דאָ איינעם, דאָ דעם אנדערן אויפֿן האַלז, ער האָט זיי געקושט אין די באַקן און אין די אויגן. די שמחה האָט אים געוואָרגן, און ער האָט זי געשטיקט, נישט ווילנדיק אַרויסווייזן קיין ווייכהאַרציקייט—און ער האָט געשריגן:

—האַ! אָקסן! כ'וועל נישט זאָגן, אַז כ'האָב אייך ליב, אָבער כ'בין צוליב אייך געווען שטאַרק באַאומרואיקט! הלואי וואָלט מען אייך געממיתעט! אַזוי קענט איר דאָס די דינסט, אַז איר בלייבט פֿון הינטן? איר זענט ווערט, אַז מ'זאָל אייך מיט פֿערד אויפֿן פּלאַץ פֿאַר די פּיס שלעפּן. כ'וועל דער ערשטער זאָגן דעם פּירשט, אַז ער זאָל פֿאַר אייך אַ פּסק צוטראַכטן. לאָמיר איצט גיין שלאָפֿן. געלויבט איז גאָט אויך דערפֿאַר! אַ גליק האָבן געהאַט די דאָזיקע הינטישע ברידער, וואָס זיי זע-נען פֿאַר די גראַנאַטן אַנטלאָפֿן, ווייל איך וואָלט זיי צעשניטן ווי קרויט. כ'וויל בעסער זיך שלאָגן, איידער זיך רואיק צו-קוקן, ווי באַקאַנטע קומען-אום. מיר מוזן היינט כאַפּן אַ כּוסה!

געלויבט איז גאָט! כ׳האָב שוין געמיינט, אַז מיר וועלן מאָרגן אַ הזכרה אָפּריכטן. אָבער אַ שאָד, וואָס עס איז צו קיין צוזאַ- מענשטויס נישט געקומען, ווייל די האַנט בייסט מיך שרעקלעך, הגם איך האָב אין די בערגלעך זיי געגעבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון באָב מיט ציבעלע.

## 4 קאַפּיטל.

אָבער ס׳איז נאָך אַ מאָל אויסגעקומען אָנצושיטן נייע מויערן און צו באַפעסטיקן דעם לאַגער, כּדי צו-נישט צו מאַכן די שוין אויסגעפּירטע קאָזאַקישע ערד-אַרבעטן און צו פאַרלייכ-טערן די פאַרטיידיקונג פאַר די קנאַפּ-געוואָרענע כּוחות. מ׳האָט נאָכן שטורם געגראָבן אַ גאַנצע נאַכט. די קאָזאַקן זענען אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. אונטערגנבענדיק זיך שטיל אין דער פינסטערער נאַכט פון דינסטאָג אויף מיטוואָך, האָבן זיי אַרום לאַגער אויפגעשאָטן אַ צווייטע, העכערע מויער. פון דאַנען האָבן זיי מיטן זון-אויפגאַנג גענומען אַלע שיסן און זיי האָבן געשאָסן גאַנצע פיר טעג און פיר נעכט. עס זענען פוןביידע צדדים געפאַלן אַ סך קרבנות, ווייל פון ביידע צדדים האָבן די בעסטע שיסער זיך פאַרמאָסטן.

פון צייט צו צייט האָבן מאַסן פון די קאָזאַקן און פון המון זיך אַ ריס-געטון צום שטורם, אָבער זיי זענען נישט דער-גאַנגען ביז צו די מויערן, נאָר די שיסעריי איז געוואָרן וואָס אַמאָל הייסער. דער שונא, וואָס האָט פאַרמאָגט מעכטיקע כּוחות, האָט געביטן די קעמפנדיקע אָפּטיילונגען, פירנדיק איינע אויף אָפּרו, די צווייטע צו דער שלאַכט. אָבער אין פּוילישן לאַגער איז נישט געווען קיין חייל אויף צו פאַרבייטן: די זעלבע מענטשן האָבן געמוזט שיסן, יעדע ווײַלע זיך כאַפּן צום אָפּ-ווערן די שטורמס, קובר זיין די הרוגים, גראָבן ברונעמס און אונטערשיטן העכער די מויערן, כּדי זיי זאָלן בעסער שיצן. מ׳איז געשלאָפן און גילער געדרעמלט ביי די מויערן, צווישן פייער און קוילן, וואָס זענען געפלויגן אַזוי געדיכט, אַז מ׳האָט זיי יעדן באַגינען געקאָנט אַראָפּקערן פון פלאַץ. אין משך פון פיר טעג האָט קיינער נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בגדים,

עלכע האָבן זיך געווייקט אין רעגן, געטרוקנט זיך אויף דער ן, געוואַרעמט זיך בייטאָג, געפרוירן ביינאַכט—אין משך פון פיר טעג האָט קיינער קיין וואַרעמס אין מויל נישט געהאַט. מ׳האָט געטרונקען בראָנפן, צומישנדיק צו אים פולווער כדי צו פאַרשטאַרקן זיין האַרבקייט, מ׳האָט געקייט סוכאַרעס און געריסן מיט די ציין פאַרטריקנטע גערויכערטע פליישן, און דאָס אַלץ צווישן רויך, שיסעריי, קוילן-געפייף און האַרמאַטן-קנאַלעריי.

און וועמען האָט געאַרט אַ ווונד אין קאָפּ אָדער אין דער זייט? דער זעלנער האָט מיט אַ שמוציקער שמאַטע אַרומגעבונדן דעם פאַרבלוטיקטן קאָפּ און זיך ווייטער געשלאָגן. פלאָדיקע מענטשן זענען דאָס געווען: אין צעפליקטע בגדים און פאַרזשאַווערטע פאַנצערס, מיט צעהאַקטע כלי-זיינס אין דער האַנט, מיט אויגן רויטע פון נישט שלאָפן, און דאָך אייביק וואַכעדיקע, תמיד קאַמפּסלוסטיקע, בייטאָג צי ביינאַכט, אין אַ רעגן צי אין אַ שיינעם וועטער, תמיד גרייט צו דער שלאַכט.

דער זעלנער האָט זיך פאַרליבט אין זיין מנהיג, אין די סכנות, אין די שטורמס, אין די ווונדן און טויט. עפּעס אַ העלדישע התלהבות האָט אַרומגענומען די נשמות, די הערצער האָבן זיך געשטאַרקט, די געמיטער „פאַרהאַרטעוועט". די גרויזאַמקייט איז פאַר זיי געוואָרן אַ תענוג. פאַרשידענע פאָלקן האָבן זיך איינער דעם צווייטן אַריבערגעיאָגט אין דינסט, אין אויסהאַלטן הונגער, שלאָפלאָזיקייט, אַרבעט, אין גבורות און מסירות-נפש. ס׳איז געקומען דערצו, אַז ס׳איז שווער געווען איינצוהאַלטן די זעלנער אויף די מויערן, ווייל נישט באַגניגנדיק זיך מיט דער פאַרטיידיקונג, האָבן זיי זיך געריסן צום שונא, ווי פון הונגער צערייצטע וועלף צו אַ סטאַדע שעפּסן. אין אַלע פאָלקן האָט געהערשט עפּעס אַ ווילדע פריילעכקייט. ווער עס וואָלט נאָר מיט אַ וואָרט זיך אָנגערופן וועגן אונטערגעבן-זיך, וואָלט די אותו-רגע צעפליקט געוואָרן אויף שטיקער. „דאָ ווילן מיר שטאַרבן!" האָבן אַלע געזאָגט.

יעדער באַפעל פון פירער איז דערפילט געוואָרן מיט מער

שנעלקייט פון אַ בליץ. איינמאָל, ווען דער פירשט איז אין אָוונט דורכגעריטן די מויערן האָט ער דערהערט, אַז דאָס פייער פון פאָלק אויפן נאָמען פון די לעשטשינסקיס ווערט שוואַכער, ער איז צוגעריטן צו די זעלנער און געפרעגט:

—פאַרוואָס שיסט איר נישט?

—דאָס פולווער איז אונז אויסגעגאַנגען—מיר האָבן געשיקט אין שלאָס נאָך פרישן.

—דאָרט האָט איר נענטער!—האָט דער פירשט געזאָגט, אָנ-ווייזנדיק אויף די שאַנצן פון שונא.

ער האָט קוים געענדיקט, ווי דער גאַנצער פאָלק איז אַראָפּגעשפרונגען פון די מויערן, האָט זיך געלאָזט לויפן צום שונא און ווי אַ שטורם-ווינט זיך געוואָרפן אויף די שאַנצן. מ׳האָט אויסגעקוילעט די קאָזאַקן מיט אַקסן, דרענגער, קאָלבעס פון ביקסן, מ׳האָט צעשמעטערט פיר האַרמאַטן און אין אַ האַלבע שעה אַרום זענען די זעלנער, איבערלאָזנדיק אַ סך קרבנות אָבער געקרוינט מיט אַ נצחון, צוריקגעקומען מיט אַ גרעסערן זאַפּאַס פון פולווער אין פעסלעך און יעגער-האָרנס.

אַ טאָג איז אַריבער נאָך אַ טאָג. די קאָזאַקישע שאַנצן האָבן אין אַ וואָס אַמאָל ענגערן רינג אַרומגענומען דעם גראָבן און זיך אַריינגעקלעמט אין אים, ווי קלינעס אין אַ בוים. מ׳האָט שוין געשאָסן פון אַזוי נאָענט, אַז נישט רעכענענדיק די שטור-מען, זענען צען מענטשן פון יעדן פאָלק געפאַלן טעגלעך; די קסיאָנדזן האָבן נישט געקאָנט צוקומען מיט די סאַקראַמענטן. די באַלאַגערטע האָבן זיך פאַרשטעלט מיט וועגנס, געצעלטן, פעלן, פאַנאַנדערגעהאָנגען מלבושים; ביינאַכט האָט מען קובר געווען די הרוגים דאָרט, ווו זיי זענען געפאַלן, אָבער די לעבעדיקע האָבן זיך מיט אַ נאָך גרעסערער פאַרביסנקייט געשלאָגן אויף די קברים פון נעכטיקע חברים. כמעלניצקי האָט נישט חס גע-ווען אויפן בלוט פון זיינע מענטשן, וועלכעס ער האָט פאַרגאָסן אָן אַ שיעור, אָבער יעדער שטורם האָט אים געקאָסט פרישע, נאָך גרעסערע אבדות. אַליין איז ער געווען פאַרחידושט פוןווידערשטאַנד; ער האָט גאָר גערעכנט דערויף, אַז די צייט וועט

אָפּשוואַכן די הערצער און די כּוחות פון די באַלאַגערטע—די צייט איז טאַקע געפלאָסן, אָבער זייער מסירות-נפש איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער.

די פירער האָבן געגעבן אַ ביישפּיל די זעלנער. פירשט יערעמי איז געשלאָפן אויף דער הוילער ערד ביי דער מויער; האָט געטרונקען בראָנפן און געגעסן געברויטערט פערד-פלייש, איבערטראָגנדיק די מאַטערנישן און שנויים פון וועטער „נישט לויט זיין פריצישן שטאַנד". דער קרוין-כאָרענזשי קאָניעצפּאָלסקי און דער קראַסנאָסטאַווער כּטאַראָסטע האָבן פערזענלעך געפירט די פאָלקן צו די אַרויספאַלן; בעת די שטורמען זענען זיי אָן פאַנצערס געשטאַנען אונטער דעם געדיכטסטן קוילן-האָגל. אפילו יענע פירער, וועלכע עס האָט ווי אָסטראָראָגן געפעלט בקיאות אין מלחמה-פירונג און צו וועלכע דער זעלנער האָט זיך אויס-געלערנט באַציען אָן צוטרוי, זענען איצט אין יערעמיס האַנט ווי מגולגל געוואָרן אין אַנדערע מענטשן. דער אַלטער פירלעי און לאַנצקאָראָנסקי זענען אויך געשלאָפן ביי די מויערן, און הער פשיעמסקי האָט בייטאָג אויסגעשטעלט האַרמאַטן, ביינאַכט האָט ער זיך געגראָבן אונטער דער ערד ווי אַ קרעט, גראָבנ-דיק אונטער די קאָזאַקישע מינעס קאָנטר-מינעס, אויפרייסנדיק שאַנצן, אָדער עפנענדיק אונטערערדישע וועגן, דורך וועלכע די זעלנער האָבן זיך ווי מלאך-המותן אַריינגעקריגן צווישן די איינ-געשלאָפענע קאָזאַקן.

צום סוף האָט כמעלניצקי באַשלאָסן צו פאַרפירן אונטער-האַנדלונגען, האָפנדיק די זייטיקע כּוונה, אַז דורך דער דאָזיקער צייט וועט ער דורך אַ הינטער-וועג קאָנען עפּעס אויפטון. אין אָוונט פון 24 יולי האָבן די קאָזאַקן געגומען רופן פון די שאַנצן צו די זעלנער, אַז זיי זאָלן אויפהערן צו שיסן. דער אַרויסגעשיקטער זאַפּאָראָזשער האָט מיטגעטיילט, אַז דער העט-מאַן וויל זען דעם אַלטן זאַטשווילי-כאָווסקי. נאָך אַ קורצער באַ-ראַטונג האָבן די קאָמענדאַנטן מסכּים געווען אויפן פאָרשלאָג און דער זקן איז אַרויסגעפאָרן פון גראָבן.

פון דערווייטנס האָבן די ריטער געזען, ווי מ'האָט אין די

קאָזאַקישע שאַנצן פֿאַר אים אַראָפּגענומען די היטלעך, ווייל זאַ-טשווילכאָוווסקי האָט אין משך פֿון דער קורצער צייט, וואָס ער איז געווען קאָמיסאַר, באַוויזן צו געווינען די אַכטונג פֿון די ווילדע זאַפּאָראָזשער — און כמעלניצקי אַליין האָט פֿאַר אים גע-האַט דרך-ארץ. די שיסערייַ האָט דעמאָלט אויפגעהערט. די קאָ-זאַקן האָבן זיך דורך די גראָבנס דערנענטערט צו דער מויער, די ריטערס זענען צו זיי אַראָפּגעגאַנגען. ביידע צדדים האָבן זיך פֿאַרהאַלטן פּאָרזיכטיק, אָבער קיין שום פֿיינטלעכעס איז נישט געווען אין די דאָזיקע באַגעגענישן. די שלאַכטע האָט שטענדיק געשעצט די קאָזאַקן העכער פֿון געוויינלעכן המון, און איצט, שעצנדיק זייער גבורה און עקשנות אין דער שלאַכט, האָבן זיי געשמועסט מיט זיי, ווי מיט זייערס גלייכן, ווי רי-טער מיט ריטער; די קאָזאַקן האָבן מיט פֿאַרוווּנדערונג געקוקט פֿון דער נאָנט אויף די דאָזיקע אומצוטרעטלעכע לייבן-נעסט, וועלכע האָט איינגעהאַלטן זייער גאַנצע מאַכט און די מאַכט פֿון כאַן. און אַזוי האָבן זיי זיך גענומען דערנענטערן, פּלוי-דערן און קלאָגן-זיך, וואָס אַזוי פֿיל קריסטלעך בלוט ווערט פֿאַרגאָסן; צום סוף האָט מען זיך מכבד-געווען מיט טאַבאַק און בראָנפֿן.

— עי, האַרן ריטערס! — האָבן די אַלטע זאַפּאָראָזשער גע-זאָגט — ווען איר וואָלט זיך שטענדיק אַזוי געשלאָגן, וואָלטן נישט געווען קיין מפּלות ביי די געלע וואַסערן און ביי קאָרסון און ביי פּילאָווצע. שדים מוזט איר זיין, נישט קיין מענטשן. אַזעלכע האָבן מיר נאָך אויף דער וועלט נישט געזען.

— קומט מאָרגן און איבערמאָרגן, שטענדיק וועט איר אונז אַזעלכע געפֿינען.

— נו, מיר וועלן קומען, דערווייל אָבער דאַנקען מיר גאָט פֿאַרן אָפּרו. אַ סך קריסטלעך בלוט ווערט פֿאַרגאָסן. אָבער סיי ווי וועט אייך דער הונגער בייקומען.

— גיכער וועט קומען דער קיניג, איידער דער הונגער; מיר האָבן נאָך וואָס אָפּגעווישט די ליפּן נאָך אַ באַטעמטן עסן.

— און אַז עס וועט אונז אויספֿעלן עסנוואַרג — וועלן מיר

זוכן אין אייערע לאַגערס—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט, זיך אָננעמענ-דיק ביי די זייטן.

—הלואי, אַז באַט׳קאַ זאַטשווילי־כאָווסקי זאָל מצליח זיין ביי אונזער אַטאַמאַן, ווייל אויב ער וועט נישט מצליח זיין, וועלן מיר אין אָוונט גיין צום שטורם.

—אונז איז אויך שוין באַנג.

—דער כאַן האָט צוגעזאָגט, אַז איר וועט אַלע גיין פאר די הינט צו דער פרעס.

—און אונזער פירשט האָט צוגעזאָגט דעם כאַן, אַז ער וועט אים פאַר דער באָרד צום עק פון זיין פערד צובינדן.

—אַ מכשף איר ער, אָבער ער וועט נישט אויסהאַלטן.

—בעסער וואָלט איר מיט אונזער פירשט אָקעגן די געצנ-דינער געגאַנגען און נישט מורד געוואַן אין מלכות.

—מיט אייער פירשט... הם! ס׳וואָלט גוט געווען.

—אויב אַזוי, פאַרוואָס בונטעוועט איר זיך? ס׳וועט קומען דער קיניג, האָט מורא פאַרן קיניג. פירשט יאַרעמאַ איז דאָך צו אייך געווען ווי אַ פאָטער...

—פונקט אַזאַ פאָטער, ווי דער טויט איז אַ פאָטער. די שוואַרצע מגפה האָט נישט פאַרטיליקט אַזוי פיל וואוילע קאָזאַקן.

—ער וועט נאָך ערגער זיין: איר האָט אים נאָך נישט דערקענט.

—מיר ווילן אים אויך נישט קענען. די אַלטע ביי אונז זאָגן, אַז דעם קאָזאַק, וואָס קוקט אים אָן מיט זיינע אויגן, מוז שויז דער טויט זיין באַשערט.

—אַזוי וועט אויך זיין כמעלניצקיס סוף.

—גאָט ווייס, וואָס עס וועט זיין. איינס איז זיכער, אַז זיי ביידע קאָנען נישט לעבן אויף דער ווייסער וועלט. אונזער באַטקאָ זאָגט טאַקע, אַז ווען איר וואָלט אים נאָר יאַרעמאַן אַרויסגעגעבן, וואָלט ער אייך געשענקט דאָס לעבן און מיט אונז אַלע פאַרן קיניג זיך געבייגט.

דאָ האָבן די זעלנער געגומען סאַפּען, קנייטשן די ברע-מען און קריצן מיט די ציין.

—שווייגט, ווייל מיר וועלן זיך נעמען צו די שווערדן.

—ביי׳זערט זיך, ליאכן!—האבן די קאזאקן געזאגט—אבער די הינט וועלן אייך פרעסן.

און אזוי האבן זיי געשמועסט, צייטנווייז פריינטלעך און צייטנווייז מיט דראונגען, וועלכע האבן זיך קעגן זייער ווילן ארויסגעכאפט. נאכמיטאג איז הער זאטשוויליכאווסקי צוריקגעקומען אין לאגער. קיין אונטערהאנדלונגען זענען נישט געווען, און צו קיין וואפנשטילשטאנד איז נישט געקומען. כמעלניצקי האט געשטעלט חוצפהדיקע תביעות, אז מ׳זאל אים ארויסגעבן דעם פירשט און כאראנזשי קאניעצפאלסקין. צום סוף האט ער אויסגערעכנט די עולות פון די זאפאראזשער חיילות און גענומען אנרעדן דעם הער זאטשוויליכאווסקי, אז ער זאל ביי אים בלייבן אויף שטענדיק. דערהערנדיק דאס, האט דער אלטער ריטער זיך אנגעצונדן, אויפגעכאפט זיך און אוועקגעפארן. אין אוונט איז געקומען א שטורם, וועלכער איז בלוטיק אפגעשטויסן געווארן. דער גאנצער לאגער איז אין משך פון צוויי שעה געשטאנען אין א פייער. די קאזאקן האט מען נישט בלויז אפגעשטויסן פון די מויערן, נאר די פוסגייער האבן איינגענומען די ערשטע שאנצן, האבן אויפגעראבן די שיס-ערטער, די בערגלעך און ווידער פארברענט פערצען מאשינען. כמעלניצקי האט יענע נאכט צוגעשווירן דעם כאן, אז ער וועט נישט אפטרעטן, כל-זמן איין לעבעדיקער מענטש וועט נאך בלייבן אין גראבן.

סמארגנס פארטאגס—ווידער א שיסעריי, א איינגראבן זיך אין די מויערן—און א שלאכט אויף דרעש-אייזנס, קאסעס, אקסן, שווערדן, שטיינער, וואס האט אנגעהאלטן א גאנצן טאג. די נעכטיקע פריינטלעכע געפילן און דאס באדויערן די פארגיסונג פון קריסטלעכן בלוט זענען פארביטן געווארן אויף א נאך גרעסערער פארביסנקייט. א רעגן איז געפאלן פון אין דער פרי אן. דעם זעלבן טאג האט מען די זעלנער ארויסגעגעבן צו האלבע פארציעס, אויף וואס הער זאגלאבא האט שטארק געמורמלט, אבער בכלל האבן די פוסטע בייכער נאך פארטאפלט די מסירות נפש פון די ריטער. מ׳האט זיך געשווירן צו פאלן איינער

אויפֿן אַנדערן, און זיך נישט אונטערצוגעבן ביזן לעצטן אָטעם-צוג. דער אָוונט האָט געבראַכט נייע שטורמען פֿון קאָזאַקן, וועלכע זענען געווען איבערגעטון פֿאַר טערקן. די דאָזיקע שטורמען האָבן אָבער נישט אַזוי לאַנג געדויערט. ס'איז אָנגעקומען אַ נאַכט אַ טומלדיקע, פֿול מיט קולות און געשרייען. די שיסעריי האָט נישט אויפֿגעהערט קיין איין רגע. איין צד האָט אַרויסגעפֿאָדערט דעם צווייטן; מ'האָט זיך געשלאָגן גרופּנווייז און איינצלווייז. ס'איז אַרויס אויף אַ צוויי-קאַמף הער לאָנגינוס, אָבער קיינער האָט זיך מיט אים נישט געוואָלט שלאָגן—מ'האָט נאָר געשאָסן אויף אים פֿון דערווייטנס. דערפֿאַר האָט זיך מיט אַ גרויסן רום באַדעקט הער סטעמפּאָווסקי און הער וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער האָט אין אַ צוויי-קאַמף דערהרגעט דעם באַרימטן גבור דודזאַר.

אום סוף איז אַרויס אויך הער זאַגלאָבאַ, אָבער נאָר אויף אַ געפֿעכט מיטן לשון. „נאָכדעם ווי כ'האָב דערהרגעט בורלאַין (האָט ער געזאָגט), קאָן איך זיך שוין מיט אַבי-וועמען נישט שלאָגן!!” דערפֿאַר אין קאַמף מיטן לשון האָט ער נישט געפֿונען צו זיך קיין גלייכן צווישן די קאָזאַקן—ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט פֿון די כּלים, ווען ער האָט אַ גוט-באַדעקטער מיט ערד געשריען צו זיי, ווי פֿון אונטער דער ערד אַרויס:

—זיצט דאָ, כאַמעס, ביי זבאַראַזש, און דאָרט גייט דאָס ליטווישע חייל אַראָפּ מיטן דניעפּר. פֿאַר אייערע ווייבער און טעכטער וועלן זיי זיך נייגן. דעם קומענדיקן פֿרילינג וועט איר אין די כאַטעס אַ סך ליטווינערלעך טרעפֿן, אויב איר וועט נאָך די כאַטעס געפֿינען!

דאָס איז וואָר געווען: דאָס וויטווישע חייל איז אונטער ראַדזיווילס קאָמאַנדע געגאַנגען אַראָפּ מיטן דניעפּר, ברענענדיק און פֿאַרניכטנדיק, איבערלאָזנדיק נאָר ערד און וואַסער. די קאָזאַקן האָבן דאָס געוווּסט, און דערפֿאַר זענען זיי אַריינגעפֿאַלן אין די רציחה און געענטפֿערט דעריף זאַגלאָבאַן מיט אַ האָגל קוילן, גלייך ווי עמיצער וואָלט באַרגעץ געשאָטן. אָבער הער

זאַגלאָבאַ האָט זיך גוט געהיטן דעם קאָפּ אונטער דער ערד און ווידער געשריגן:

—איר האָט נישט געטראָפן, הינטישע נשמות, אָבער איך האָב אין בּרלאַין געטראָפן. אַהער דאָ אַליין! אויף אַ צווייקאַמף מיט מיר! איר קענט מיך! דאָ, כאַמעס, שיסט, אַזוי לאַנג ווי מ׳לאָזט אייך, ווייל אין הערבסט וועט איר אין קרים די טאָטערלעך לויזן, אָדער שיטן דעמבעס אין דניעפּר. הערט! אַ פּריטה געב איך פאַר אייער כמיעלס קאָפּ. דערלאַנגט אים עמיצער פאַר מיר אין פּיסק—פון זאַגלאָבאַן! איר הערט? און וואָס, מיסט-קלויבערס! ווייניק נאָך ליגן אייערע נבלות אין פעלד? מען שפּירט פון אייך, ווי פון געפגערטע הינט! די מגפה האָט אייך געהייסן גריסן! צו די גראַבליעס, צו די אַקער-אייזנס, לייַדאַקעס, צו די שיפלעך! קאַרשן און זאַלץ איבערן וואַסער פירן און נישט דאָ אונז צרות אָנטון.

אויך די קאָזאַקן האָבן חוזק געמאַכט פון „די האַרן, וואָס פאַלן אויס צו דריי אויף איין סוכאַר“; זיי האָבן געפרעגט, פאַרוואָס עפּעס די דאָזיקע האַרן מאָנען נישט ביי זייערע אונטערטאַנען דעם צינדז און דעם מעשר, אָבער זאַגלאָבאַ פלעגט שטענדיק גובר זיין מיט זיין חיתוך-הדבור. און אַזוי האָבן די דאָזיקע שמועסן, וואָס זענען געווען דורכגעפלאָכטן מיט קללות און ווילדע געלעכטער-אויסברוכן, געקלונגען גאַנצע נעכט, צווישן שיסעריין און גרעסערע אָדער קלענערע קאַמפן. עס איז דערנאָך אַרויסגעפאָרן הער יאַניצקי אונטערהאַנדלען מיטן כאַן, וועלכער האָט אים ווידער איבערגעחזרט, אַז אַלע וועלן אויפגעפרעסן ווערן דורך די הינט, אַז דער פון די כלים אַרויסגעבראַכטער שליח האָט אַזש געענטפערט:—איר זאָגט אונז לאַנג שוין אַזוי צו, אָבער איר האָט ביז איצט נישט געהאַלטן וואָרט. ווער עס וועט קומען נאָך אונזערע קעפּ, דער וועט אייך זיין אייגענעם ברענגען!“ דער כאַן האָט פאַרלאַנגט, אַז פירשט יערעמי זאָל זיך צונויפקומען מיט זיין וועזיר אין פעלד, אָבער דאָס איז געווען אַ פּשוטע בגידה, וועלכע מ׳האָט אויפגעדעקט—און די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

די גאַנצע צייט האָט איבעריקנס דער קאַמף נישט אויפגעהערט. צין אָוונט שטורמען, בייטאָג אַ שיסעריי פון האַרמאַטן, פון ביקסן,—אַרויספאַלן פון די מויערן, אַ געראַנגל, אַ צונויפמישן זיך פון די פּאָלקן—משוגענע אַטאַקעס פון די רייטער, מפּלות און אַ וואָס אַמאָל גרעסערע בלוט-פאַרגיסונג.

די זעלנער האָט אונטערגעהאַלטן אַ ווילד גלוסטעניש צו קאַמף, בלוט און סכּנות. זיי זענען געגאַנגען צו דער שלאַכט מיט געזאַנג, ווי אויף אַ חתונה. זיי האָבן זיך שוין איבעריקנס אַזוי צוגעוווינט צו דער שיסעריי און געוואַלדן, אַז די אָפּטיי-לונג, וועלכע מ'האָט געשיקט אויף אָפּרו, זענען געשלאָפן צווישן פּייער און געדיכטן קוילן-רעגן מיט אַ פעסטן שלאָף. עסנוואַרג איז געווען וואָס אַמאָל ווייניקער, ווייל די קאָמענדאַנטן האָבן נישט גענוג פאַרזאָרגט דעם לאַגער פאַרן אָנקומען פון פירשט. ס'איז געוואָרן אַ גרויסער יקרות, אָבער ווער עס האָט געהאַט געלט און געקויפט בראָנפן אָדער ברויט, האָט זיך גערן גע-טיילט מיט די איבעריקע. אַלע האָבן אָבער נישט געזאָרגט אויף מאָרגן, ווייסנדיק, אַז איינס פון די ביידע וועט זיי נישט מיידן: אָדער הילף מצד דעם קיניג, אָדער דער טויט! אויף ביידע זאַכן זענען זיי געווען גרייט אין אַ גלייכער מאָס—און מער פון אַלץ זענען זיי גרייט געווען צו דער שלאַכט. עס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אין דער געשיכטע, אַז צענדליקער זאָלן זיך אַקעגנשטעלן טויזנטער מיט אַזאַ עקשנות, מיט אַזאַ פאַרביסנ-קייט, אַז יעדער שטורם איז געווען אַ פרישע מפּלה פאַר די קאָזאַקן. אַ חוץ דעם איז נישט געווען דער טאָג, אַז מען זאָל נישט אַ פּאָר מאָל אַרויספאַלן פון לאַגער און נישט באַפאַלן דעם שונא אין זיינע אייגענע שאַנצן. אין די אָוונטן, ווען כמעלניצקי האָט געמיינט, אַז די פאַרמאַטערטקייט האָט שוין געמוזט אַוועק-לייגן אפילו די אייגעשפּאַרטסטע, און שטיל געגרייט די שטור-מען, האָבן מיט אַמאָל פריילעכע געזאַנגען זיך דערטראָגן צו זיינע אויערן. דעמאָלט האָט ער זיך מיט דער האַנט אַ קלאַפּ געטון אין די זייטן פון גרויס פאַרוווּנדערונג און געמיינט אויף אַן אמת, אַז יערעמי מוז זיין אַ מכשף, נאָך גרעסער פון ד

אַלע, וואָס זענען געווען אין קאָזאַקישן לאַגער. ער איז געוואָרן מלא חמה און זיך געריסן צו דער שלאַכט און פאַרגאָסן אים מיט בלוט, ווייל ער האָט אויך באַמערקט, אַז ביים שטערן פון מוראדיקן פירשט הייבט זיין שטערן אָן פאַרבלאַסט צו ווערן.

אין קאָזאַקישן לאַגער האָט מען געזונגען לידער וועגן יאַרעמאַן, אָדער אין דער שטיל זיך דערציילט וועגן אים זאַכן, פון וועלכע עס האָבן זיך ביי די קאָזאַקן געשטעלט די האָר אויפן קאָפּ. מ'האָט געזאָגט, אַז טיילמאָל באַווייזט ער זיך ביי נאַכט אויפן גראָבן און וואַקסט אויס פאַר די אויגן פון די זעלנער אַזוי הויך, אַז ער גרייכט אַזש מיטן קאָפּ די שפּיצן פון די זבאַראַזשער טורמס; אַז אויגן האָט ער דעמאָלט ווי צוויי לבנות, און די שווערד אין זיין האַנט איז דעמאָלט ווי יענער בייזער שטערן, וואָס גאָט שיקט טיילמאָל אַרויס אויפן הימל אַלס אָנזאָג פון אונטערגאַנג פאַר די מענטשן. מ'האָט אויך געזאָגט, אַז ווען ער גיט אַ געשריי, שטייען אויף די אין דער דער שלאַכט געפאַלענע ריטער מיט אַ געקלאַנג פון די פּאַנצערס און זיי שטעלן זיך אינאיינעם מיט די לעבעדיקע אין די רייען. יערעמי איז געווען אין אַלעמענס מיילער: עס האָבן געזונגען וועגן אים די זיידעס מיט די לירעס, עס האָבן דערציילט וועגן אים מעשות די אַלטע זאַפּאָראָזשער און דער פינסטערער המון און די טאָטערס. און אין די דאָזיקע מעשות, אין דער דאָזיקער שנאה, אין דעם דאָזיקן פּאַנאַטישן פּחד האָט געשטעקט עפּעס אַ ווילדע ליבע, מיט וועלכער דאָס דאָזיקע סטעפּ-פאָלק האָט ליב באַקומען זיין בלוטיקן מחבל. יאָ! כמעלניצקי האָט נעבן אים פאַרלוירן זיין גלאַנץ נישט בלויז אין די אויגן פון כאַן און פון די טאָטערס, נאָר אפילו אין די אויגן פון אייגענעם פאָלק—און ער האָט געזען, אַז ער מוז זבאַראַזש איינגעמען, אָדער זיין רום וועט צעפלאָסן ווערן ווי די טונקלקייט פאַרן מאָרגנשטערן, ער מוז צעטרעטן דעם דאָזיקן לייב, אָדער ער וועט אַליין אומקומען.

און דער לייב האָט נישט בלויז זיך פאַרטיידיקט, נאָר יעדן טאָג איז ער אַליין אַרויסגעפאַלן צווישן די געוויקסן, און

די אימה, וואָס ער האָט אָנגעוואָרפן, איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער. עס האָבן נישט געהאָלפן די הינטער-געגנג, די בגידות, און אויך נישט די אָפענע איבערמאַכט. דערווייל האָבן דער המון און די קאָזאַקן גענומען מורמלען. אויך זיי איז שווער געווען צו זיצן אין רויך," פייער, אין האָגל פון קוילן, אין ריח פון נבלות, אויפן רעגן, היצן און סכנות-נפשות. איבעריקנס, נישט פאַר מאַטערנישן האָבן די אומדערשראָקענע קאָזאַקן מורא געהאַט, נישט פאַר מידקייט, נישט פאַר שטורמען און פאַר פייער און פאַר בלוט און פאַרן טויט—זיי האָבן מורא געהאַט פאַר „יאַרעמאַן".

# 5 קאַפּיטל.

אַ סך פּשוטע ריטערס האָבן זיך קונה געווען אָן אומשטערבלעכן שם אין דעם דאָזיקן זבאַראַזשער גראָבן, אָבער דאָס פאָלקס-ליד וועט רימען קודם-כל דעם הער לאָנגין פּאָדבּיפּיענטאַ פאַר זיינע נצחונות, וואָס זענען געווען אַזוי גרויס, אַז נאָר זיין עניוות האָט אפשר מיט איר גרויסקייט געקאָנט זיך מיט איר גלייכן. די נאַכט איז געווען אַ אומהיימלעכע, אַ פינסטערע און אַ פייכטע; דער זעלנער, מיד פון אויף-זיין ביי די מויערן, האָט געדרעמלט אָנשפּאַרנדיק זיך אויפן געווער. נאָך נייע צען טעג פון שיסעריי און שטורמען, האָט צום ערשטן מאָל געהערשט שטילקייט און רו. פון די נאָענטע קאָזאַקישע שאַנצן, וועלכע עס האָט אָפּגעטיילט אַ מרחק פון קוים דרייסיק שריט, האָט מען נישט געהערט קיין אויסרופן, קללות און געוויינלעכן ליאַרם. ס'האָט זיך געדוכטן, אַז דער שונא, ווילנדיק אויסמאַטערן, איז צום סוף אַליין פאַרמאַטערט געוואָרן. דאָ און דאָרט האָט נאָר געבלישטשעט אַ שוואַך פלעמל פון אַ פייער, וואָס איז געווען פאַר עקט אונטער דער ערד; פון איין אָרט האָט זיך דערטראָגן אַ זיסע, שטילע שטים פון אַ לירע, אויף וועלכער ס'האָט געשפּילט עפּעס אַ קאָזאַק; ווייט אין טאָטערישן לאַגער האָבן די פערד געשנאָרכט—און אויף די מויערן האָבן פון צייט צו צייט אָפּגעהילכט שטימען פון דער וואַך.

דעם פירשטס פאַנצער-פאָלקן זענען אין דער נאַכט געווען אויף פוס-גייער-דינסט אין לאַגער; הער סקשעטוסקי, הער פּאָדבּיפּיענטאַ, דער קליינער ריטער און הער זאַגלאָבאַ האָבן אין ד גראָבן געשעפּטשעט צווישן זיך אין דער שטיל און אין ד הפסקות פון שמועס זיך איינגעהערט אין גערויש פון רעגן, וואָס איז געפאַלן אין גראָבן.—סקשעטוסקי האָט געזאָגט:

—מאָדנע קומט מיר אויס די דאָזיקע רו. די אויערן זע, נען אַזוי צוגעוווינט צום האַרמאַטן-דונער און ליאַרם, אַז די שטילקייט קלינגט אָפּ אין זיי. הלואי עפּעס אַ בגידה זאָל נישט זיין פאַרבאָרגן אין דער דאָזיקער שטילקייט.

—זייט איך בין אויף אַ האַלבער פּאָרציע, איז מיר אַלץ איינס!—האָט זאַגלאָבאַ אומעטיק געברומט.—דריי זאַכן מוז מיין מוט האָבן, דהיינו: גוט עסן, גוט טרינקען און אויסשלאָפן זיך. דער בעסטער רימען, אַז מען שמירט אים נישט, ווערט פאַר־טרוקנט און פּלאַצט. ווער שמועסט, אַז ער ווייקט נאָך דערצו, ווי פלאַקס, אין וואַסער? דער רעגן צוואָגט אונז אָפּ, און די קאָזאַקן שמייסן, ווי אַזוי זאָלן מיר זיך נישט צעשיטן? שיינע צייטן: אַ זעמל קאָסט שוין אַ רענדל, און אַ קווערטל בראָנפן פינף רענדלעך. דאָס דאָזיקע שטינקנדיקע וואַסער וואָלט אפילו אַ הונט אין מויל אַריין נישט געוואָלט נעמען, ווייל אויך די ברונעמס האָבן זיך שוין אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון די פּגרים, און מיר ווילט זיך אַזוי טרינקען, ווי מיינע שטיוול, וועלכע האָבן געעפנט די מיילער, ווי די פיש.

—אָבער אייערע שטיוול טרינקען אויך וואַסער, נישט אי־בערקלייבנדיק—האָט הער וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

—איר וואָלט בעסער געשוויגן, הער מיכאַל! איר זענט נישט גרעסער פון אַ שוואָם, וועט איר זיך מיט אַ הירזש-קערנדל אָנעסן, און פון אַ פינגערהוט זיך אָנטרינקען. אָבער איך דאַנק גאָט, וואָס איך בין נישט אַזוי פּיטשעדיק און וואָס נישט אַ הון האָט מיך פון זאַמד מיטן הינטערשטן פּיסל אַרויסגעגראָבלט, נאָר אַ פרוי האָט מיך געבוירן: דערפאַר מוז איך עסן און טרינקען, ווי אַ מענטש, נישט ווי אַ וואָרם, און אַזוי ווי כ'האָב פון מי־טאָג אָן אַ חוץ שפייעכץ גאָרנישט אין מויל געהאַט, דערפאַר קאָן איך אויך אייער ליצנות נישט סובל זיין.

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ גענומען צאָרניק סאָפּען און הער מיכאַל האָט זיך אָנגענומען פאַר דער זייט און אַזוי געזאָגט:

—איך האָב דאָ אַ פעלד-פלעשל, וואָס איך האָב היינט ביי אַ קאָזאַק אַרויסגעריסן, אָבער אויב אַ הון האָט מיך פון

זאַמד אַרויסגעגראָבלט, טראַכט איך מיר, אַז אויך דער בראָנפן פון אַזאַ מיאוסן פאַרשוין וועט אייך נישט שמעקן. אין דיינע הענט, יאַן—האָט ער געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו סקשעטוסקין.

—גיב, ווייל עס איז קאַלט!—האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

—טרינק צום הער לאָנגין.

—אַלץ זענט איר, הער מיכאַל—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט— אָבער אַ זעלטענער מענטש און אַ מעלה האָט איר, וואָס איר שפּאָרט אָפּ זיך אַליין און גיט אַוועק אַנדערע. ווייל וואָלט געווען אַזעלכע הין, וואָס וואָלטן אַזעלכע זעלנער, ווי איר, פון זאַמד אַרויסגעגראָבלט, אָבער אַזעלכע זענען גאָר אויף דער וועלט נישטאָ און נישט אייך האָב איך אין זין געהאַט.

—טאָ נעמט פון הער פּאָדבּיפּיענטאַ, כ'וויל אייך נישט קיין עולה טון—האָט הער מיכאַל געזאָגט.

—וואָס טוט איר, לאָזט מיר אויך איבער!—האָט זאַגלאָבאַ מיט שרעק אויסגערופן, קוקנדיק אויפן טרינקנדיקן ליטווינער— וואָס האָט איר אַזוי דעם קאָפּ פאַרריסן? הלואי זאָל ער שוין ביי אייך אַזוי בלייבן! צו לאַנגע קישקעס האָט איר, נישט אַזוי לייכט וועט איר זיי אָנגיסן. ער גיסט ווי אין אַ געלעכערטן זאַק. אַז צעהאַקט זאָלט איר ווערן!

—איך האָב קוים אַ ביסל אָפּגעטרונקען—האָט הער לאָנגינוס געזאָגט, אַוועקגעבנדיק די פלאַש.

הער זאַגלאָבאַ האָט אויסגעטרונקען ביז צום לעצטן טראָפּן; דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעשאָקלט און אַזוי געזאָגט:

—די איינציקע נחמה איז דאָס, וואָט אַז עס וועט קומען אַ סוף צו אונזער נויט און גאָט וועט דערלויבן בשלום אַרויסצוטראָגן די קעפּ פון די דאָזיקע צרות, וועלן מיר זיך פאַר אַלץ אָפּנעמען. מ'וועט שוין מסתמא צוטראַכטן פאַר אונז וועלכע עס איז פרנסות. קסיאָנדז זשאַבקאָווסקי קאָן גוט עסן, אָבער צו מיר קומט ער נישט.

—און וואָס פאַר אַן אמת האָט איר געהערט היינט מיטן קסיאָנדז זשאַבקאָווסקי פון מוכאָוויעצקי?—האָט הער מיכאַל געפרעגט.

—שטיל!—האָט סקשעטוסקי זיך אָנגערופן—עמיצער גייט דאָ צו פון פלאַץ.

—זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן. באַלד איז עפּעס אַ טונקעלע געשטאַלט שטיין-געבליבן נעבן זיי און אַ שטילע שטים האָט געפרעגט:

—איר וואַכט?

—מיר וואַכן, גנעדיקער פירשט—האָט סקשעטוסקי געזאָגט, אויסגלייכנדיק זיך.

—גיט גוט אַכטונג. אַ שלעכטער סימן די דאָזיקע רו.

און דער פירשט איז ווייטער געגאַנגען, קוקנדיק, צי דער שלאָף איז ערגעץ נישט בייגעקומען די אויסגעמאַטערטע זעלנער. הער לאָנגינוס האָט די הענט צונויפגעלייגט.

—וואָס פאַר אַ פירער! וואָס פאַר אַ מלחמה-מאַן!

—ער רוט ווייניקער פון אונז—האָט סקשעטוסקי געזאָגט—אַזוי גייט ער דורך יעדע נאַכט אַליין די מויערן, אַזש העט, ביז צום צווייטן סטאַוו.

—זאָל אים גאָט געבן געזונט!

—אָמן.

אַ שטילקייט האָט געהערשט. אַלע האָבן זיך איינגעקוקט מיט אָנגעשטרענגטע אויגן אין די פינסטערניש, אָבער מ'האָט גאָרנישט געזען—די קאָזאַקישע שאַנצן זענען געווען רויק. די לעצטע ליכטלעך אויף זיי האָבן זיך פאַרלאָשן.

—מ'וואָלט זיי געקאָנט, ווי די מייז, אין שלאָף אונטערקומען!—האָט וואָלאָדיאָווסקי אַ ברום געטון.

—ווער ווייס?—האָט סקשעטוסקי געענטפערט.

—דער שלאָף פייניקט מיך אַזוי—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—אַז די אויגן קריכן מיר אַזש פון קאָפּ אַרויס, און שלאָפן טאָרן מיר נישט. כ'וואָלט אַ בעלן געווען וויסן, ווען מען וועט מעגן? צי מ'שיכט, צי מ'שיסט נישט, דו שטיי אונטערן געווער און שאָקל זיך פון מידקייט, ווי אַ ייד אין שבת. אַ הינטישע דינסט! כ'ווייס אַליין נישט, וואָס עס מאַטערט מיך אַזוי, צי דער בראָנפן, אָדער די אויפרעגונג צוליב דעם נסיון, וואָס איך האָב

מיטן קסיאַנדז זשאַבקאָווסקי היינט באַגינען געמוזט אויכשטיין.

—ווי אַזוי איז דאָס געווען?—האָט הער לאַנגינוס גע-פרעגט—איר האָט אָנגעהויבן צו דערציילן און נישט געענדיקט.

—וועל איך איצט דערציילן, אפשר וועלן מיר ווי עס איז דעם שלאָף פאַרטרייבן. איך בין געגאַנגען באַגינען מיטן קסיאַנדז זשאַבקאָווסקי איך שלאָס מיט דער דעה צו געפינען עפּעס צום קייען. מיר גייען, מיר גייען, מיר קוקן אומעטום—נישטאָ גאָר-נישט, מיר גייען צוריק פאַרביטערטע. ערשט אויפן הויף באַגע-גענען מיר דעם קאַלווינער מיניסטער, וועלכער האָט שענבערקן צום טויט צוגעגרייט, דעם זעלבן שענבערק, וועלכן אַ קויל האָט נעכטן געטראָפן אין הער פירלעיס פּאָלק. איך זאָג צו אים: „איר וועט זיך דאָ אַרומשלעפּן און גאָט בזיונות אָנטון?—איר וועט נאָך אַ קללה אויף אונז אַראָפּברענגען!" און ער, האָבנדיק אפנים בטחון אין דער אפּוטרופּסות פון בעלזער מושל, האָט זיך אָנגערופן: „אונזער אמונה איז פּונקט אַזוי גוט, ווי אייערע, אָדער נאָך בעסער!" ווי ער האָט דאָס געזאָגט, זענען מיר אַזש פאַרשטיינערט געוואָרן פון כעס. אָבער איך גאָרנישט! איך טראַכט מיד: פאַראַן קסיאַנדז זשאַבקאָווסקי, זאָל ער מיט אים זיך אויסטענהן. און מיין קסיאַנדז זשאַבקאָווסקי האָט אַזש אַ סאָפּע געטון און באַלד גענומען זיך אויסטענהן מיט אים: ער האָט אים אַ טאָפּ געטון ביי די זייטן. ער האָט גאָרנישט גע-ענטפערט אויף די דאָזיקע ערשטע טענה, ווייל ער האָט זיך גענומען קאָלערן, אַז ער האָט אזש אין דער וואַנט זיך אָנגעשטויסן. מיט אַמאָל איז אָנגעקומען דער פירשט מיטן קסיאַנדז מוכאָ-וויעצקי און גענומען גאָר אונז מוסרן, אַז מיר מאַכן אָן אַ טומל און אַ ליאַרם, אַז עס איז נישט די צייט און דאָס אָרט דערויף! זיי האָבן אונז געגעבן אַ פּסק, ווי די שול-יינגלעך—און מיר האָבן עס טאַקע כשר פאַרדינט, אָבער הלואי איך זאָל ליגן זאָגן, דאָך האַלט איך, אַז אין זכות פון הער פירלעיס גלחים וועלן מיר נאָך ליידן צרות...

—און יענער קאַפּיטאַן שענבערק האָט נישט חוזר-בתשובה געווען?—האָט הער מיכאַל געפרעגט.

—אודאי נישט! ער איז געשטאָרבן אַן אומגליקלעכער, ווי ער האָט געלעבט.

—פאַראַן נאָך מענטשן, וואָס זענען גיכער מוותר אויף די אויסלייזונג פון זייער נשמה, איידער אויף זייער עקשנות!—האָט הער לאָנגינוס אַ זיפץ געטון.

—גאָט באַשיצט אונז פון דער איבערמאַכט און פון דעם כישוף פון די קאָזאַקן—האָט זאַגלאָבאַ ווייטער געזאָגט—און זיי זענען נאָך אים מבוזה. צי ווייסט איר, אַז נעכטן האָט מען אָט פון יענעם שאַנץ געשאָסן אויפן פּלאַץ מיט פעדעם-קנוילן? די זעלנער האָבן געזאָגט, אַז אויף דעם אָרט, ווו די קנוילן זענען געפאַלן, האָט זיך די ערד תיכף באַדעקט מיט קרעץ...

—ס'איז דאָך אַ באַוווסטע זאַך, אַז שדים זענען כמעל-ניצקיס נושאי-כלים—האָט דער ליטווינער געזאָגט, איבערצלמנדיק זיך.

—מכשפות האָב איך אַליין געזען—האָט סקשעטוסקי צוגעגעבן—און כ'וועל אייך זאָגן...

די ווייטערדיקע ווערטער האָט איבערגעהאַקט הער וואָלאָדיאָווסקי, וועלכער האָט מיט אַמאָל אַ קוועטש-געטון סקשעטוסקיס האַנט און אַ שעפּטשע-געטון:

—שטיל!...

דערנאָך איז ער צוגעשפּרונגען האַרט צום ברעג פון גראָבן און זיך גוט איינגעהערט.

—איך הער גאָרנישט—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—טס!... דער רעגן פאַרטויבט!—האָט סקשעטוסקי געענטפערט.

הער מיכאַל האָט גענומען שאָקלען מיט דער האַנט, אַז מ'זאָל אים נישט שטערן, און אַ געוויסע צייט האָט ער נאָך זיך איינגעהערט, צום סוף איז ער צוגעקומען צו די חברים.

—זיי גייען—האָט ער שטיל געזאָגט.

—גיט צו וויסן דעם פירשט! ער איז אַוועק צו אָסטראָ-ראָגס קוואַרטירן—האָט סקשעטוסקי שטיל אָפּגעענטפערט—און מיר וועלן אַ לויף-טון מתרה זיין די זעלנער.

און באַלד האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן דורך דער לענג פון גראָבן, אָפּשטעלנדיק זיך יעדע ווײַלע און אײַנרוימענדיק אומעטום אויפן וועג די וואַכנדיקע זעלנער:
—זיי גייען! זיי גייען!...
די ווערטער זענען, ווי אַ שטילער בליץ, דורכגעפלויגן פון מויל צו מויל. אין אַ פערטל שעה אַרום איז דער פירשט אָנגעקומען שוין אויפן פערד און אַרויסגעגעבן באַפעלן די אָפיצירן. אַזוי ווי דער שונא האָט אפנים געוואָלט איבעראַשן דעם לאַגער אין שלאָף, האָט דער פירשט געהייסן אים נישט אַרויספירן פון טעות. די זעלנער האָבן זיך געזאָלט פאַרהאַלטן וואָס שטילער און צולאָזן די שטורמער האַרט ביז צו די מויערן, דערנאָך ערשט, ווען אַ שאָס פון אַ האַרמאַט וועט געבן אַ צייכן, זאָלן זיי באַפאַלן זיי אומגעריכטערהייט.
דער זעלנער איז געווען גרייט, נאָר די רוירן פון די האַרמאַטן זענען אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אָן גערויש און דעם לאַגער האָט באַהערשט אַ טיפע שטילקייט. סקשעטוסקי, הער לאָנגינוס און הער וואָלאָדיאָווסקי האָבן געטעטעמט אײַנער נעבן צווייטן און הער זאַגלאָבאַ איז אויך געבליבן מיט זיי, ווײַל ער האָט געוווּסט פון דער פּראַקטיק, אַז אַממערסטן קוילן פאַלן אין מיטן פּלאַץ—און אויף דער מויער, בײַ אַזעלכע דרײַ שווערדן, איז מען אַמזיכערסטן.
ער האָט זיך נאָר געזעצט אַ ביסל הינטער די ריטערס, כדי דער ערשטער אימפּעט זאָל אים נישט טרעפן. אַ ביסל אין אַ זײַט האָט אַנידערגעקניט הער פּאָדביפּיענטאַ מיט דער שווערד אין דער האַנט, און וואָלאָדיאָווסקי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט האַרט נעבן סקשעטוסקין און געשעפּטשעט אים אין אויער אַרײַן:
—זיי גייען אויף זיכער...
—זייערע שריט זענען מעסיקע.
—דאָס איז נישט קיין המון, אויך נישט קיין טאָטערס.
—זאַפּאָראָזשער פוסגייער.
—אָדער יאַנטשאַרן; זיי מאַרשירן גוט. פון די פערד אַראָפּ קאָן מען זיי מער אַוועקלייגן.

—היינט איז פינסטער פאַר רייטער.
—הערסט איצט?
—טס! טס!...
דער לאַגער האָט אויסגעוויזן צו זיין פאַרזונקען אין טיפסטן שלאָף. אין ערגיץ קיין שום ריר, קיין שום ליכט—אומעטום אַ טיפע שטילקייט, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן נאָר דורכן גערויש פון אַ דריבנעם, ווי דורך אַ זיפּ געזייטן רעגן. ביסלעכווייז איז אָבער אין דעם דאָזיקן גערויש אויפגעגאַנגען אַ צווייט גערויש, אַ שטילס, וועלכן דאָס אויער האָט אָבער לייכטער געקאָנט אויפכאַפּן, ווייל עס איז געווען אַ מעסיקס און איז געוואָרן וואָס אַמאָל נענטער, וואָס אַמאָל דייטלעכער; צום סוף האָט זיך, אויף אַ צוואַנציק שריט פון גראָבן, באַוויזן עפּעס אַן אויסגעצויגענע, צונויפגעדריקטע מאַסע, וועלכע מ׳האָט אויף אַזוי פיל געזען, אויף וויפיל זי איז געווען שוואַרצער פון דער פינסטערניש—און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן אָרט.
די זעלנער האָבן פאַרהאַלטן דעם אָטעם אין דער ברוסט. נאָר דער קליינער ריטער האָט אַ קנייפּ-געטון סקשעטוסקין אין די זייטן-אַריין, גלייך ווי ער וואָלט אים אויף אַזאַ אופן וועלן אַרויסווייזן זיין צופרידנקייט.
דערווייל האָבן זיך די אָנפאַלער דערנענטערט צום גראָבן, געגומען אין אים אַראָפּלאָזן לייטערס, דערנאָך זענען זיי אַליין איבער זיי אַראָפּגעקלעטערט און זיך אַ קער געטון צו דער מויער צו.
די מויער האָט אַלץ געשוויגן, גלייך, ווי אויף איר און הינטער איר וואָלט אַלץ געווען אויסגעשטאָרבן—און אַ טויט-שטילקייט האָט געהערשט.
דאָ און דאָרט, נישט געקוקט אויף די גאַנצע פאָרזיכטיקייט פון די אָנקומענדיקע, האָבן שטאַפּלען געגומען סקריפּען און קנאַקן...
—מ׳וועט אייך געבן באָב צו עסן!—האָט זאַגלאָבאַ געטראַכט.
וואָלאָדיאָווסקי האָט אויפגעהערט צו קנייפּן סקשעטוסקין,

און הער לאַנגינוס האָט אַ קוועטש-געטון דאָס הענטל פון דער שווערד און אָנגעשטרענגט די אויגן, ווייל ער איז געשטאַנען אָמנאָענטסטן צו דער מויער און דער ערשטער זיך געריכט צו באַפאַלן.

דאָ האָבן דריי פאַר הענט זיך באַוויזן אויף דעם קאַנט און זיך פעסט אין אים אָנגעכאַפּט, און נאָך זיי האָבן פאַמעלעך און פאָרזיכטיק זיך גענומען אויפהייבן דריי שפּיצן פון היט-לעך... העכער און העכער...

—דאָס זענען טערקן!—האָט הער לאָנגינוס אַ טראַכט-געטון.

אין דער רגע האָט אָפּגעהילכט אַ שרעקלעכער קנאַל פון אַ פּאָר טויזנט ביקסן; ס'איז געוואָרן ליכטיק ווי בייטאָג. באָך איידער דאָס ליכט האָט זיך פאַרלאָשן, האָט הער לאָנגינוס זיך פאַרמאָסטן מיט אַלע כּוחות און מוראדיק אַ שניט-געטון, אַז די לופט האָט אַזש געפּיפּן אונטער דער שאַרף.

דריי קערפּערס זענען אַריינגעפאַלן אין גראָבן, דריי קעפּ אין היטלעך האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט צו די קני פון קניענדיקן ריטער.

דעמאָלט, הגם די ערד איז אין אַ גיהנום פאַרוואַנדלט געוואָרן, האָט דער הימל זיך געעפנט פאַר הער לאָנגין, פליגל זענען אים אַרויסגעוואַקסן ביי די אָרעמס, מלאכים-כאָרן האָבן זיך איך צעזונגען אין דער ברוסט און ער איז געווען, ווי אין זיבעטן הימל, און ער האָט געקעמפט ווי אין חלום און די שניט פון זיין שווערד זענען געווען ווי אַ דאַנק-תפילה.

און אַלע שוין לאַנג פאַרשטאָרבענע פאָדבּיפּיענטאַס, אָנ-הייבנדיק פון זיין עלטער-זיידע סטאַווייקאָ, האָבן זיך דערפרייט אין הימל—וואָס דער לעצטער לעבעדיקער צווייג פון זייער שטאַם פאַרשאַפט זיי אַזוי פיל כבוד.

דער דאָזיקער שטורעם, אין וועלכן עס האָבן מצד דעם שונא גענומען אַ גרויסן אָנטייל די פאַרשטאַרקונגען פון די אורומעליער און סיליסטרישע טערקן און דעם כאַנס יאַנטשאַרן-גוואַרדיע, איז נאָך בלוטיקער אָפּגעשטויסן געוואָרן פון די אַנדערע און איז געווען פאַר כמעלניצקין אַ שרעקלעכער

קלאַפּ. וואָרום ער איז פֿריער ערבֿ געווען, אַז די פּאָליאַקן וועלן זיך מיט די טערקן אַזוי פֿאַרביסן נישט שלאָגן און אויב מען וועט אים נאָר געבן די דאָזיקע פּאָלקן, וועט ער דעם לאַגער איינגעמען. ער האָט דעריבער איצט געמוזט מפֿייס זיין דעם כאַן און זיינע צערייצטע פּאָלקאָווניקעס און זיי איבערבעטן מיט מתנות. דעם כאַן האָט ער געגעבן צען טויזנט טאַלערס, און טוהאַי-בעין, קאַזש-אַגאַן, סובאַגאַזין, נוראַדינען און גאַלגאַן צו צוויי טויזנט טאַלער. דערווייל האָבן די דינער אין לאַגער אַרויסגעשלעפּט די טויטע פֿון גראָבן, און וואָס מ'האָט זיי מיט אַ שיסעריי פֿון די שאַנצן נישט געשטערט. די זעלנער האָבן גערוט אַזש ביז באַגינען, ווייל עס איז שוין זיכער געווען, אַז דער שטורם וועט זיך נישט איבערחזרן. אַלע זענען דעריבער געשלאָפֿן מיט אַ פֿעסטן שלאָף, אַ חוץ די שמירה-פּאָלקן און אַ חוץ דעם הער לאָנגין-פּאָדביפּיענטאַ, וואָס איז אַ גאַנצע נאַכט ווי אַ צלם אויף דער שווערד געלעגן, אָפּגעבנדיק אַ שבֿח צו גאָט דערפֿאַר, וואָס ער האָט זוכה געווען זיין נדר מקיים צו זיין און זיך צו באַדעקן מיט אַזאַ רום, אַז זיין נאָמען איז איבערגעגאַנגען פֿון מויל צו מויל אין לאַגער און אין דער שטאָט. צומאָרגנס האָט אים דער פֿירשט-וואָיעוואָדאַ גערופֿן צו זיך און שטאַרק געלויבט, און די זעלנער זענען אין גאַנצע מחנות אַ גאַנצע טאָג געקומען אים ווינטשן און אָנקוקן די דריי קעפּ, וועלכע די דינער האָבן אים געבראַכט צום געצעלט און וועלכע זענען שוין שוואַרץ געוואָרן אויף דער לופֿט. נישט ווייניק התפּעלות און קנאה האָבן זיי אַרויסגערופֿן, און מאַנכע האָבן די אייגענע אויגן נישט געוואָלט גלויבן, ווייל זיי זענען געווען אַזוי גלייך אָפּגעהאַקט צוזאַמען מיט די שטאָלענע היטלעך, גלייך ווי עמיצער וואָלט זיי מיט אַ שער אָפּגעשניטן.

— אַ שרעקלעכער מחבל זענט איר — האָבן די שלאַכטשיצעס געזאָגט, — מיר האָבן געוווּסט וועגן אייך, אַז איר זענט אַ גוטער ריטער, אָבער אַזאַ קלאַפּ וואָלטן אויך די פֿאַרצייטישע גבורים געמעגט מקנא-זיין, ווייל אפֿילו דער געשיקטסטער תּלין וועט עס בעסער נישט מאַכן.

— דער ווינט וועט די היטלעך אַזוי נישט אַראָפּנעמען, ווי די דאָזיקע קעפּ זענען אַראָפּגענומען! — האָבן אַנדערע גע-זאָגט.

און אַלע האָבן געדריקט דעם הער לאָנגינס הענט, און ער איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אַ שטראַלנדיקער, אַ זיסער — אַ פאַרשעמטער, ווי אַ מיידל פאַר דער חופּה, און גע-זאָגט, גלייך ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט:

— זיי האָבן זיך גוט אויסגעשטעלט...

מ׳האָט שפּעטער אויך געפּרוווט פּאָכן מיט דער שווערד, אַזוי אָבער ווי דאָס איז געווען אַ צוויי-האַנטיקע קרייץ-ריטער-שווערד האָט קיינער מיט איר פריי נישט געקאָנט באַוועגן, נישט אויסנעמענדיק אפילו דעם קסיאָנדז זשאַבקאָווטקי, הגם ער האָט אַ פּאָדקאָווע ווי אַ שטרוי-שטעקעלע דורכגעבראָכן.

אַרום געצעלט איז געוואָרן וואָס אַמאָל טומלדיקער, און הער זאַגלאָבאַ, סקשעטוסקי און וואָלאָדיאָווסקי האָבן אויפגענומען די אָנקומענדיקע און זיי מכבד געווען מיט דערציילונגען, ווייל עס איז נישט געווען עפּעס אַנדערש, מחמת מ׳האָט אין לאַגער כמעט שוין די לעצטע סוכאַרעס געקייט, און קיין אַנדער פליייש, אַ חוץ געראָוויכערט פערד-פליייש, איז שוין לאַנג נישט געווען. דערפאַר אָבער האָט מוט געקלעקט פאַר עסנוואַרג און משקה. צום סוף, ווען אַלע האָבן זיך שוין גענומען פאַנאַנדערגיין, איז אָנגעקומען הער מאַרעק סאָביעסקי, דער קראַסנאָסטאַווער סטאַ-ראָסטע, מיט זיין פּאָרוטשניק סטעמפּאָווסקי. הער לאָנגינוס איז אים אַקעגנגעלאָפן, און ער האָט אים דאַנקבאַר באַגריסט און געזאָגט:

— איז ביי אייך היינט אַ יום-טוב!

— אודאי אַ יום-טוב — האָט זאַגלאָבאַ געענטפערט — ווייל אונ-זער פריינט האָט אַ נדר מקיים געווען.

— געלויבט איז האַר גאָט! — האָט דער סטאַראָסטע געענט-פערט — אויב אַזוי וועלן מיר אייך, ברודערל, בקרוב ווינטשן מזל טוב. האָט איר אַ באַשערטע?

הער פּאָדביפּיענטאַ איז שטאַרק מבולבל געוואָרן און רויט

געוואָרן ביז איבער די אויערן, און דער סטאַראָסטע האָט ווייטער געזאָגט:

— לויט דער בושה שטויס איך זיך אָן, אַז אַזוי איז עס. ס'איז אייער הייליקער חוב צו געדענקען, אַז אַזאַ שטאַם זאָל נישט אונטערגיין. הלואי עס זאָלן וואָס מער געבוירן ווערן אַזעלכע זעלנער, ווי איר פיר זענט.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער גענומען דריקן די הענט פון הער לאַנגין, סקשעטוסקי, זאַגלאָבאַ און קליינעם ריטער, און זיי האָבן זיך אין האַרצן דערפרייט, וואָס זיי הערן אַ לויב פון אַזאַ מויל, ווארום דער הער סטאַראָסטע פון קראַסנאָסטאַוו האָט אין זיך כולל געווען גבורה, שטאָלץ און אַלע ריטערלעכע מדות. דאָס איז געווען אַ פאַרקערפּערטער מאַרס; עס האָבן זיך אין אים פאַרייניקט אין אַ גרויסער שפע אַלע געטלעכע מתנות, ווייל מיט זיין אומגעווינלעכן הדרת-פנים האָט ער איבערגעשטיגן אפילו דעם יונגערן ברודער יאַן, דעם שפּעטערדיקן קיניג, מיט זיין עשירות און אָנזען איז ער גלייך געווען צו די גרעסטע חשובים, און זיינע מלחמה-פעיִקייטן האָט דער גרויסער יערעמי אַליין געריכטט ביז אין הימל אַריין. אַ זעלטענער שטערן וואָלט דאָס געווען אויפן הימל פון דער רעפּובליק, אָבער גאָט האָט באַשערט, אַז זיין גלאַנץ זאָל רוען אויפן יונגערן יאַן, און דער שטערן איז פאַר דער צייט פאַרלאָשן געוואָרן אין טאָג פון דער מפלה.

בעת אונזערע ריטער האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט די לויבן פון העלד, האָט דער לעצטער כלל זיך מיט זיי נישט באַגאַנגען, און ווייטער געזאָגט:

— איך האָב אַ סך געהערט וועגן אייך פון פירשט וואָיעוואָדאַ אַליין, וועלכער האָט אייך ליב מער פון אַלע אַנדערע. איך חידוש זיך אויך נישט, וואָס איר דינט אים, הגם איר וואָלט אין די קיניגלעכע פאָלקן זיך גיכער דערשלאָגן צו העכערע מדרגות.

דערויף האָט סקשעטוסקי געענטפערט:

— מיר אַלע זענען טאַקע פאַרשריבן אין קיניגלעכן הוזאַרן-

פאָלק, אַ חוץ דעם הער זאַגלאָבאַ, וועלכער שלאָגט זיך פריי־וויליק, פון דער איינגעבוירענער ליבע צו מלחמה. און אויב מיר דינען ביים פירשט וואָיעוואָדאַ איז עס קודם־כל פון ליבע צו זיין פערזאָן, און צווייטנס, ווייל מיר האָבן וואָס מער מלחמות געוואָלט מיטמאַכן.

—אויב איר האָט געהאַט אַזאַ כונה, האָט איר גוט געטון. הער פּאָדביפּיענטאַ וואָלט אין אַן אַנדערן פאָלק אודאי נישט אַזוי לייכט זיינע קעפּ געפונען—האָט דער סטאַראָסטע געזאָגט.—אָבער וואָס שייך דער מלחמה, האָבן מיר זי אין דער איצטי־קער צייט שוין אַלע צו דער זעט.

—מער ווי עפּעס אַנדערש—האָט זאַגלאָבאַ זיך אָנגערופן—מען קומט דאָ צו אונז פון אין דער פריה מיט לויב־געזאַנגען, אָבער ווען עמיצער פאַרבעט אונז אויף אַ פאַרבייסנס און אַ טרינק בראָנפן, וואָלט עס פאַר אונז געווען דער בעסטער כיבוד.

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ גוט זיך איינגעקוקט אין קראַסנאָ־סטאַווער סטאַראָסטע און אומרויִק געפינטלט מיט די אויגן. און דער סטאַראָסטע האָט אַ שמייכל־געטון און געזאָגט:

—פון נעכטן מיטאָג האָב איך גאָרנישט אין מויל געהאַט, אָבער אַ טרונק בראָנפן וועט זיך אפשר ביי מיר ערגעץ געפי־נען, איך בין אייך גרייט צו דינען.

אָבער סקשעטוסקי, הער לאָנגינוס און דער קליינער רי־טער האָבן גענומען זיך אָוועקדרייען און בייזערן זיך אויפן הער זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט זיך פאַרטיידיקט און פאַרענטפערט וויפיל ער האָט געקאָנט.

—איך האָב נישט אָנגעבאָטן—האָט ער געזאָגט—ווייל איך בין צו שטאָלץ דערויף און בין גיכער גרייט מיינס אָוועקצוגעבן, איידער פרעמדס אָנצורירן, אָבער ווען אַזאַ השובער מענטש בעט, וואָלט עס דאָך געווען אַ גראָבקייט אָפּצוזאָגן.

—קומט—האָט דער סטאַראָסטע געזאָגט—מיר וועט ליב זיין צו פאַרברענגען אין אַ גוטער קאָמפּאַניע, און כל־זמן מען שיסט נישט האָבן מיר צייט. אויף עסן בעט איך אייך נישט, ווייל

אפילו פערד-פלייש איז שוין שווער צו באַקומען, און נאָך יעדן פערד, וואָס ווערט געקיילט אויפן פּלאַץ, ציען זיך הונדערט הענט אויס, אָבער אַ צוויי פלאַשן בראָנפן וועט זיך געפינען און איך וועל זיי פאַר מיר אַליין זיכער נישט באַהאַלטן.

יענע האָבן נאָך אַלץ נישט געוואָלט גיין, אָבער ווען ער האָט שטאַרק געבעטן, זענען זיי געגאַנגען, און פאָרויס איז געלאָפן הער סטעמפּאָווסקי, וועלכער האָט געזוכט און געפונען אַ פּאָר סוכאַרעס און אַ פּאָר שטיקלעך פערד-פלייש אויף צו פאַרבייסן נאָכן בראָנפן. הער זאַגלאָבאַ איז באַלד געוואָרן אויפ-גערוימט און גערעט.

—אַז גאָט וועט העלפן און דער האַר קיניג וועט אונז אויסלייזן פון דער דאָזיקער באַלאַגערונג, וועלן מיר זיך באַלד אַ לאָז טון צו די וועגנס פון דער שלאַכטע. אָ, אַ סך מעדנים פירן זיי שטענדיק מיט זיך און יעדער היט זיך דעם בויך בע-סער, איידער די רעפּובליק. כ'וויל בעסער מיט זיי צוזאַמען עסן, איידער שלאָגן זיך, אָבער אונטער דעם קיניגס אויגן וועלן זיי אפשר נישט שלעכט זיך שלאָגן.

דער סטאַראָסטע איז ערנסט געוואָרן.

—אַז מיר האָבן זיך צוגעשוווירן—האָט ער געזאָגט—אַז איינער וועט פאַלן אויפן אַנדערן און אונטערגעבן וועלן מיר זיך נישט—וועט עס אַזוי זיין. מיר מוזן גרייט זיין דערויף, אַז עס וועלן קומען וואָס אַמאָל ערגערע צייטן. קיין עסנוואַרג איז שוין כמעט נישטאָ, דאָס ערגסטע איז אָבער, אַז דער פּולווער לאָזט זיך אויך אויס. אַנדערע וואָלט איך דאָס נישט געזאָגט, אָבער אייך מעג מען. נאָך אַ קורצע צייט און עס וועט אונז בלייבן נאָר אַ מוט אין האַרצן און שווערדן אין די הענט—און אַ גרייטקייט אומצוקומען, מער נישט. דאָס איז אַ גרויסער מלחמה-העלד! ער וואָלט זיכער קיין מי און קיין געזונט און קיין לעבן נישט געקאַרגט, אַבי אונז אויסצולייזן—אָבער ער האָט צו ווינציק כוחות און מוז וואַרטן, און איר ווייסט דאָך ווי לאַנג עס דויערט אַ מאָביליזאַציע פון די פאָלקס-כוחות. אי-בעריקנס, פון וואַנען זאָל דער האַר קיניג וויסן, אין וואָסערע

באַדינגונגען מיר פֿאַרטיידיקן ייִך און אַז מיר דערעסן שוין די לעצטע ברעקלעך?

—מיר האָבן שוין אונזערע לעבנס מפקיר געווען—האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

—און אַז מען זאָל אַזוי געבן צו וויסן?—האָט זאַגלאָבאַ געפֿרעגט.

—ווען עס זאָל זיך אַזוי געפֿינען אַ בריה—האָט דער סטאַראָסטע געזאָגט—וואָס וואָלט זיך אונטערגענומען דורכצוגנבֿענען זיך, וואָלט ער זיך פֿאַרשאַפֿט אַ אומשטערבלעכן שם ביים לעבן, וואָלט ער געווען דער מלאך-הגואל פֿון גאַנצן חייל און וואָלט אָפּגעווענדט אַ צרה פֿון פֿאָטערלאַנד. הגם אַלע כּוחות פֿון פֿאָלק וואָלטן זיך נאָך נישט געשטעלט, וואָלט אפשר בלויז די נאָענט-קייט פֿון קיניג באַוויזן די מורדים צו צעטרייבן. בעת כּמעל-ניצקי האָט אַזוי באַזעצט אַלע וועגן און אַרויסגענג, אַז אַ מייזל וועט זיך נישט דורכשטופּן פֿון גראָבן? אַזאַ אונטערנעמונג שמעקט מיט אַן אָפֿענעם און באַשיינפּערלעכן טויט!

—און צו וואָס זענען המצאות?—האָט זאַגלאָבאַ זיך אָנגע-רופֿן—און איין המצאה קומט מיר שוין אין קאָפּ אַריין.

—וועלכע? וועלכע?—האָט דער סטאַראָסטע געפֿרעגט.

—מיר פֿאַרכאַפּן טאָג-טעגלעך הייפֿלעך געפֿאַנגענע. אפשר איינעם פֿון זיי משחד זיין? ער וועט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז אַנטלאָפֿן—און דערנאָך זיך אַוועקלאָזן צום קיניג.

—איך מוז וועגן דעם אַ שמועס טון מיטן פֿירשט—האָט דער סטאַראָסטע געזאָגט.

הער לאָנגינוס האָט זיך טיף פֿאַרטראַכט, אַז דער שטערן זיינער איז אַזש באַדעקט געוואָרן מיט טיפֿע קנייטשן, און די גאַנצע צייט איז ער געזעסן אַ שטילשווייגנדיקער—מיט אַמאָל האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט מיט זיין געוויינ-לעכן זיסן קול:

—איך וועל זיך אונטערנעמען דורכצוגנבֿענען זיך דורך די קאָזאַקן.

דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, האָבן די ריטער פֿאַר-

חידושטע אויפגעכאַפּט זיך פון די ערטער, הער זאַגלאָבאַ האָט געעפנט דאָס מויל, וואָלאָדיאָווסקי האָט גענומען באַוועגן די וואָנסעלעך, סקשעטוסקי איז בלאַס געוואָרן, און דער קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע האָט אַ זעץ-געטון מיט דער האַנט אין סאַמעט און אויסגעשריגן:

— איר וואָלט זיך אונטערגענומען דאָס אויסצופירן?

— האָט איר זיך איבערגעלייגט, וואָס איר רעט? — האָט סקשעטוסקי געפרעגט.

— איך האָב שוין לאַנג זיך איבערגעלייגט — האָט דער ליטווינער געזאָגט — ווייל נישט פון היינט אָן שמועסט מען צווישן די ריטער, אַז מען דאַרף מודיע זיין דעם האַר קיניג וועגן אונזער מצב. און איך, הערנדיק דאָס, האָב זיך געטראַכט אין האַרצן: זאָל נאָר מיר גאָט דערלויבן מיין נדר מקיים צו זיין, וועל איך באַלד גיין. איך בין אַ נישטיקע בריאה, וואָס פאַר אַ חשיבות האָב איך? וואָס וועט עס שאַטן, ווען אפילו מען וועט מיך אויפן וועג אומברענגען?

— אָבער מ'וועט אייך אומברענגען אָן שום ספק! — האָט זאַגלאָבאַ אויסגערופן — איר האָט געהערט, וואָס דער הער סטאַראָסטע האָט געזאָגט, אַז דאָס שמעקט מיט אַ באַשיינפערלעכן טויט?

— טאָ וואָס איז, ברודערל — האָט הער לאָנגינוס געזאָגט — אַז גאָט וועט וועלן, וועט ער בשלום דורכפירן, און אויב נישט, וועט ער אין הימל באַלוינען.

— אָבער צוערשט וועט מען אייך כאַפּן, מיט ענויים פּאַרפייניקן און אַ מיתה-משונה אָנטון. מענטש, זענט איר פון זינען אַראָפּ? — האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

— איך וועל גיין, ברודערל — האָט דער ליטווינער געענטפערט מיט זיין האַרציקער שטים.

— אַ פויגל וואָלט אויך נישט דורכגעפלויגן, ווייל מ'וואָלט אים מיט אַ פייל דערשאָסן. זיי האָבן זיך אַרומגעגראָבן אַרום אונז, ווי אַ לאַקס אין אַ גרוב.

— איך וועל גיין! — האָט דער ליטווינער איבערגעחזרט —

איך בין גאָט שולדיק אַ דאַנק דערפאַר, וואָס ער האָט מיר דערלויבט דעם נדר מקיים צו זיין.

—נו, זעט נאָר, קוקט אים נאָר אָן!—האָט זאַגלאָבאַ אויס־גערופן אַ פאַרצווייפלטער—אויב אַזוי, הייסט בעסער בצלד דעם קאָפּ זיך אַראָפּהאַקן און פון אַ האַרמאַט צווישן די קאָזאַקן אַריינשיסן, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן וועט מיר קאָנען צווישן זיי דורכקריכן.

—נו, דערלויבט מיר, גוטע מענטשן!—האָט דער ליטווינער געזאָגט, צונויפלייגנדיק די הענט.

—אָ, ניין! איר וועט אַליין נישט גיין, ווייל איך וועל אויך גיין מיט אייך—האָט סקשעטוסקי געזאָגט.

—און איך גיי אויך מיט אייך—האָט וואָלאָדיִיָעווסקי צוגע־געבן, קלאַפנדיק איבערן שווערדל.

—זאָלן אייך שוין די קוילן טרעפן!—האָט אויסגערופן זאַגלאָבאַ, אָנכאַפנדיק זיך פאַרן קאָפּ—זאָלן אייך די קוילן טרעפן מיט אייער „איך אויך, איך אויך!”, מיט אייערע גבורות. נאָך ווייניק האָבן זיי בלוט, ווייניק קרבנות, ווייניק קוילן! נישט גע־נוג זיי דאָס, וואָס עס טוט זיך דאָ, זיי ווילן נאָך זיכערער די העלזער זיך אַראָפּדרייען. גייט-זשע צום טייוול און לאָזט מיך צו רו. אַז צעהאַקט זאָלט איר ווערן...

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט ער זיך גענומען דרייען איבערן געצעלט, ווי אַ מטורף.

—גאָט שטראָפט מיך—האָט ער אויסגערופן—ווייל איך האָב זיך אַריינגעלאָזט אין חברותא מיט רוחות, אָנשטאָט צו לעבן אין אַן ערלעכער קאָמפּאַניע פון געזעצטע מענטשן. גוט אויף מיר אַזוי!

אַ ווײַלע האָט ער נאָך געשפּאַנט איבערן געצעלט מיט אייליקע שריט, צום סוף האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַר סקשע־טוסקין, האָט פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און קוקנדיק אים אין די אויגן אַריין, האָט ער גענומען אימהדיק סאָפּען.

—וואָס האָב איך אייך אַזוינס געטון, וואָס איר רודפט מיך?

-זאָל גאָט היטן!—האָט דער ריטער געענטפערט—וואָס פאַלט אייך איין?

—אַז הער פּאָדביפּיענטאַ טראַכט אויס אַזעלכע זאַכן, חידוש איך זיך נישט! ער האָט שטענדיק געהאַט שכל אין דער פויסט, און זייט ער האָט אָפּגעהאַקט די קעפּ פון די דריי גרעסטע בטלנים צווישן די טערקן, איז ער אַליין געוואָרן אַ פערטער...

—מיאוס צו הערן!—האָט דער ליטווינער איבערגעהאַקט.

—אויך אויף אים חידוש איך זיך נישט—האָט זאַגלאָבאַ ווייטער געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף וואָלאָדיאָווסקין.—ער וועט אַ קאָזאַק אין די כאָלעווע אַריינשפּרינגען, אָדער זיך צוטשעפּען צו זיינע הויזן, און ער וועט גיכער פון אונז אַלע דורכקריכן. זיי ביידע האָט דער הייליקער גייסט נישט געלייטערט—אָבער אַז איר, אָנשטאָט זיי צוריקהאַלטן פון משוגעת, גיט זיי נאָך צו חשק, גייט נאָך אַליין און ווילט אונז אַלע פיר אויף אַ זי-כערן טויט אויסשטעלן—דאָס איז שוין... פּשוט נישט צום פאַר-שטיין! טפו, צום טייוול, כ'האָב זיך נישט געריכט דערויף פון אַן אָפיציר, וועלכן דער פירשט אַליין האָט געהאַלטן פאַר אַ געזעצטן ריטער.

—וואָס הייסט אַלע פיר?—האָט געפרעגט סקשעטוסקי פאַרחידושטער.—וואָלט איר אויך וועלן?...

—אודאי!—האָט זאַגלאָבאַ געשריגן, שלאָגנדיק זיך מיט די פויסטן אויף דער ברוסט—איך וועל אויך גיין. אויב עמיצער פון אייך וועט גיין, אָדער אַלע אינאיינעם, וועל איך אויך גיין. זאָל מיין בלוט פאַלן אויף אייערע קעפּ. ס'וועט מיך אויף אַ צווייטן מאָל אָנלערנען מיט וועמען זיך צו חברן.

—אַז עס זאָל אייך!—האָט סקשעטוסקי אויסגערופן.

די דריי ריטערס האָבן זיך גענומען פאַלן אין די אָרעמס, אָבער ער איז אויף אַן אמת בייז געווען, און ער האָט געסאַ-פּעט און אָפּגעשטויסן זיי מיט די הענט, זאָגנדיק:

—גייט צום טייוול! איך דאַרף נישט האָבן אייערע פאַלשע קושן!

דאָ האָבן אויף די מויערן זיך אָנגערופן שאָסן פון האַר-

פּאַפּ און פּיקסן, זאַגלאָבאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:
—האָט איר! האָט איר! גייט!
—דאָס איז אַ געוויינלעכע שיסעריי—האָט סקשעטוסקי באַמערקט,
—אַ געוויינלעכע שיסעריי!—האָט דער שלאַכטשיץ זיך געווייצט,—גו, אדרבא! דאָס איז זיי נאָך ווייניק. אַ האַלבע אַרמיי פון דער דאָזיקער געוויינלעכער שיסעריי אומגעקומען, און זיי דרייען שוין אויף איר מיט דער נאָז.
—באַרויקט אייך—האָט הער פּאָדביפּיענטאַ געזאָגט.
—שווייגט בעסער!—האָט זאַגלאָבאַ אַ געשריי געטון—ווייל איר זענט דער גרעסטער חייב. איר האָט דאָס אויסגעטראַכט די דאָזיקע אונטערנעמונג, וואָס אויב זי איז נישט נאַריש, בין איך אַ נאַר!
—און איך וועל גיין, ברודערל!—האָט הער לאָנגינוס געענטפערט.
—איר וועט גיין! איר וועט גיין! און כ׳וויים פאַרוואָס! איר זאָלט נאָר נישט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ גבור, ווייל מ׳קען אייך. איר האָט צניעות אויף צו פאַרשאַכערן און איר ווילט זיך זי אַרויסצוטראָגן פון גראָבן. דער ערגסטער פון אַלע רייטער זענט איר, נישט דער בעסטער; איר זענט פּשוט אַ זונה, וואָס האַנדלט מיט איר צניעות! טפו! אַ קללה פון גאָט! אָט וואָס! נישט צום קיניג ווילט זיך אייך גיין, נאָר אייך ווילט זיך הירזשען איבער די דערפער, ווי אַ פערד אויפן פעלד. אָט איז אַ ריטער-גיט אַ קוק אויף אַ ריטער, וואָס האָט צניעות צו פאַרקויפן. אַ אָנשיקעניש, אַ ריין אָנשיקעניש, ווי גאָט איז מיר ליב!
—מיאוס צו הערן!-האָט הער לאָנגינוס אויסגעשריגן, פאַרשטאָפּנדיק זיך די אויערן.
—הערט אויף זיך צו קריגן!-האָט סקשעטוסקי ערנסט געזאָגט-לאָמיר בעסער וועגן ענין גופא אַ טראַכט טון.
—כ׳שווער ביי גאָט!-האָט זיך אָנגערופן דער קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע, וועלכער האָט ביז איצט אַ פאַרחידושטער זיך

צוגעהערט צו דער זאַגלאָבאַס טענות—דאָס איז אַ גרויסע זאַך, אָבער אָן פירשט קאָנען מיר גאָרנישט באַשטימען. אומזיסט דאָ דאָס אַמפּערן זיך. איר זענט אין דינסט און מוזט האָרכן די באַפעלן. דער פירשט איז איצט אודאי ביי זיך. לאָמיר גיין צו אים און הערן, וואָס ער וועט זאָגן צו אייער פּלאַן.

—דאָס אייגענע וואָס איך!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט און אַ האָפענונג האָט אויסגעלייטערט זיין פּנים. – לאָמיר גיין וואָס גיכער.

זיי זענען צרויס און געגאַנגען דורכן פּלאַץ, אויף וועלכן עס זענען שוין געפאַלן קוילן פון די קאָזאַקישע שאַנצן. דאָס חייל איז געווען ביי די מויערן, וועלכע האָבן פון דערווייטנס אויסגעזען ווי יאַריד-בוידן, אַזוי פיל אַלטע, קאָלירִיקע בגדים און פעלצן זענען אויף זיי געווען אָנגעהאָנגען, אַזוי פיל זענען אויף זיי געווען אָנגעשטעלט וועגנס, טיילן פון געצעלטן און כל המינים חפצים, וואָס האָבן געקאָנט שיצן פון דער שיסערייַ, וועלכע האָט אָפּט אָנגעהאַלטן גאַנצע וואָכן, בייטאָג און ביינאַכט. און אויך איצט האָט זיך איבער די דאָזיקע פאַנאַנדערגעצויגענע שמאַטעס געצויגן אַ לאַנגע, בלוילעכע רויך-שנור, און פאַר זיי האָט מען געזען ליגן רייען פון געלע און רויטע זעלנער, וועלכע האָבן שווער געאַרבעט אַקעגן די נאָענטסטע פיינטלעכע שאַנצן. דער פּלאַץ גופא האָט אויסגעזען ווי איין חורבה: אויף דער ערד, וואָס איז געווען צעגראָבן מיט גראַבלעס אָדער צע-טרעטן דורך די פערד, האָט נישט געגרינט קיין איין גרעזל.

דאָ און דאָרט האָבן אַרויסגעשטאַרט בערגלעך פון פרישׂ אָנגעהויפנטער ערד ביים גראָבן ברונעמס און קברים, דאָ און דאָרט זענען געלעגן שטיקלעך פון צעהאַקטע וועגנס, האַרמאַטן, פעסער, אָדער שטויסן פון אַרומגעגריזשעטע ביינער, וואָס זע-נען ווייס געוואָרן אויף דער זון. קיין פערדישע פּגרים האָט מען אין ערגעץ נישט געזען, ווייל יעדעס געהרגעטע פערד האָט מען באַלד צוגענומען אויף שפּייז פאַר די זעלנער, דער-פאַר אָבער האָט מען אומעטום געזען קופּקעלעך פון אייזערנעט צום גרעסטן טייל שוין פאַרזשאַווערטע האַרמאַטן-קוילן, מי

וועלכע מ׳האָט טאָג-טעגלעך פאַרשאָטן דעם דאָזיקן שטח ערד, די שווערע מלחמה און דעם הונגער האָט מען אָנגעזען אויף יעדן שריט. גייענדיק האָבן אונזערע זעלנער באַגעגנט גרעסערע און קלענערע קופּעס פון זעלנער, וועלכע האָבן אָדער געטראָגן פאַרוווּנדעטע אָדער געהרגעטע, אָדער געאיילט צו הילף די פאַרמאַטערטע חברים אויף די מויערן—און אַלעמענס פּנימער זענען געווען פאַרחושכט, איינגעפאַלן, באַוואַקסן—און די שטרענגע אויגן דערהיצט, די הלבשה אָפּגעשאָסן, צעפליקט, די קעפּ אָפּט באַדעקט מיט שמוציקע שמאַטעס, אָנשטאָט מיט היטלען און העלמס, דאָס כלי-זיין צעבראָכן. און נישט ווילנדיק איז אויפן געדאַנק געקומען די פראַגע, וואָס עס וועט ווערן פון דעם דאָזיקן הייפל גבורים, וואָס האָבן ביז איצט אָפּגעהאַלטן נצחונות, אַז עס וועט אַריבער נאָך אַ וואָך, צוויי...

—קוקט, מיינע הערן—האָט דער סטאַראָסטע געזאָגט—שוין צייט, שוין צייט צו וויסן צו געבן דעם קיניג.

—די נויט שטשירעט שוין די ציין, ווי אַ הונט—האָט דער קליינער ריטער געענטפערט.

—און וואָס וועט זיין, אַז מיר וועלן האָבן די פערד אויפגעגעסן?—האָט סקשעטוסקי געפרעגט.

אַזוי שמועסנדיק זענען זיי צוגעקומען צום פירשטס געצעלטן, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער רעכטער זייט פון דער מויער, פאַר וועלכע מ׳האָט געזען אַ פּאָר דינסט-רייטער, וואָס זייער עובדא איז געווען פאַנאַנדערצעטראָגן די באַפעלן איבערן לאַגער. זייערע פערד, וואָס זענען געקאָרמעט געוואָרן מיט גערויכערטן פערד-פליישׂ, וואָס האָט זיי אינעווייניק געברענט ווי מיט אַ פייער, האָבן זיך געוואָרפן און ווילד אונטערגעהיפּט, נישט ווילנדיק בשום אופן איינשטיין אויף אַן אָרט. אַזוי איז שוין געווען מיט די פערד פון אַלע רייטער, וואָס אַז זיי זענען אַרויס אַקעגן שונא האָט זיך געדוכטן, אַז אַ סטאַדע פון גריפן אָדער היפּאָצענטורן טראָגט זיך דורך די פעלדער, שוועבנדיק מער אין דער לופט, איידער אויף דער ערד.

—איז דער פירשט אין געצעלט?—האָט דער סטאַראָסטע געפרעגט איינעם פון די רייטער.

—ער איז דאָרט מיטן הער פשיעמסקי—האָט דער רייטער געענטפערט.

דער סטאַראָסטע איז אַריין דער ערשטער, נישט אָנמעלדנ-דיק זיך—און די פיר ריטער האָבן זיך פאַרהאַלטן פאַרן גע-צעלט.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט דאָס לייוונט זיך אַוועקגע-שאַרט און הער פשיעמסקי האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ:

—דער פירשט וויל אייך זען—האָט ער געזאָגט.

הער זאַגלאָבאַ איז אַריין אין געצעלט פול מיט בטחון, ווייל ער האָט געהאָפט, אַז דער פירשט וועט נישט וועלן זיי-נע בעסטע ריטער אויסשטעלן אויף אַ זיכערן טויט. ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט, ווייל זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך פאַר אים צו פאַרנייגן, ווי ער האָט געזאָגט:

—דער הער סטאַראָסטע האָט מיר געזאָגט וועגן אייער גרייטקייט אַרויסצוגיין פון לאַגער און נעם-אָן אייער גוטן רצון. קיין גרעסערן קרבן פאַרן פאָטערלאַנד קאָן מען נישט ברענגען.

—מיר זענען נאָר געקומען בעטן אַ דערלויבעניש—האָט סקשעטוסקי זיך אָנגערופן—ווייל נאָר דער גנעדיקער פירשט קאָן בעלי-הבתעווען מיט אונזער בלוט.

—ווילט איר, הייסט עס, גיין זאַלבעפירט?

—גנעדיקער הער פירשט!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—זיי ווילן גיין און איך נישט; גאָט איז מיין עדות, כ'בין נישט געקומען דאָ זיך לויבן און אויך נישט דערמאָנען מיינע פאַרדינסטן און אויב איך וועל זיי דערמאָנען, איז עס נאָר דערפאַר, אַז מען זאָל מיך נישט חושד זיין אין פחדנות. גרויסע ריטער זענען הער סקשעטוסקי, וואָלאָדיאָווסקי און הער פּאָדביפּיענטאַ פון מישיקישקי, אָבער בורלאַי, וועלכער איז געפאַלן פון מיין האַנט (שוין נישט רעדנדיק וועגן מיינע איבעריקע נצחונות) איז אויך געווען אַ גרויסער זעלנער, נישט קלענער פאַר באָרדאָבוטן, באַ-

הונען און די דריי יאַנטשאַרן-קעפּ—דעריבער מיין איך, אַז אין ריטערלעכע גבורות בין איך נישט ערגער פון אַנדערע. אָבער עפּעס אַנדערש איז גבורה, און עפּעס אַנדערש משוגעת. קיין פליגל האָבן מיר נישט, און אויף דער ערד וועלן מיר נישט דורכקריכן—דאָס איז זיכער.

—הייסט עס, אַז איר גייט נישט?

—כ'האָב געזאָגט, אַז איך וויל נישט גיין. אָבער כ'האָב נישט געזאָגט, אַז איך גיי נישט. אויב גאָט האָט מיך שוין איינמאָל געשטראָפט מיט זייער חברותא, מוז איך שוין בלייבן טויט אין איר בלייבן. אויב מיר וועלן זיין אין אַ צרה, וועט זאַגלאָבאַס שווערד נאָך צונוץ קומען, כ'ווייס נאָר נישט, וואָס פאַר אַ נוצן עס וועט אַרויסקומען דערפון, וואָס מיר פיר וועלן אומקומען, און איך בין בטוח, אַז דער גנעדיקער הער פירשט וועט באַוויליקן דעם טויט פון אונז אָפּצווועגדן, נישט דערלאָזנ-דיק צו אַזאַ אומזיניקער אונטערנעמונג.

—אַ גוטער חבר זענט איר—האָט דער פירשט געענט-פערט—און זייער פיין איז עס פון אייער זייט, וואָס איר ווילט אייערע פריינט נישט פאַרלאָזן, אָבער אין אייער בטחון אין מיר האָט איר אַ טעות געהאַט, ווייל אייער קרבן נעם איך אָן.

—געפּגרט דער הונט!—האָט זאַגלאָבאַ אַ ברום געטון און געוואָרן אָפּהענטיק.

אין דער רגע איז דער בעלזער קאַשטעלאַן, פירלעי, אַריינגעקומען אין געצעלט.

—גנעדיקער פירשט—האָט ער געזאָגט—מיינע מענטשן האָבן געכאַפּט אַ קאָזאַק, וועלכער דערציילט, אַז אויף די היינטיקע נאַכט גרייט זיך אַ שטורם.

—איך האָב אויך שוין געהאַט אַ ידיעה—האָט דער פירשט געענטפערט.—אַלץ איז גרייט—זאָל מען זיך נאָר צוויילן מיטן אָנשיטן די נייע מויערן.

—זיי זענען שוין כמעט פאַרענדיקט.

—איז גוט!—האָט דער פירשט געזאָגט,—ביזן אָוונט וועלן מיר זיך אַריבערטראָגן

דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו די פיר ריטער:

—נאָכן שטורם, אַז די נאַכט וועט זיין אַ פינסטערע, וועט זיין די בעסטע צייט אַרויסצוגיין.

—סטייטש?—האָט דער בעלזער קאַשטעלאַן געזאָגט—גנעדיקער פירשט, איר גרייט צו אַן אַרויספאַל?

—אַן אַרויספאַל וועט זיין באַזונדער—האָט דער פירשט געענטפערט—איך אַליין וועל מיט אים אָנפירן, אָבער איצט רעדן מיר וועגן עפעס אַנדערש. די דאָזיקע הערן נעמען זיך אונטער דורכצוגנבענען זיך דורכן שונא און צו וויסן צו געבן דעם קיניג וועגן אונזער מצב.

דער קאַשטעלאַן איז פאַרבליפט געוואָרן, ער האָט געעפנט די אויגן און געקוקט אויף די ריטער.

דער פירשט האָט אַ שמייכל געטון מיט צופרידנקייט. אַזא טבע האָט ער שוין געהאַט, אַז ער האָט געקליבן נחת, ווען מ׳האָט באַוווּנדערט זיינע זעלנער.

—גאָט מיינער!—האָט דער קאַשטעלאַן געזאָגט—זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע הערצער אויף דער וועלט? גאָט מיינער! איך וועל אייך פון דעם דאָזיקן וואַגעניש נישט אָפּרעדן...

הער זאַגלאָבאַ איז רויט געוואָרן פון כעס—אָבער ער האָט שוין גאָרנישט געזאָגט, ער האָט נאָר געסאָפּעט ווי אַ בער, און דער פירשט האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און זיך אָנגערופן בזה הלשון:

—איך וויל אָבער נישט אומזיסט פאַרשווענדן אייער בלוט און איך בין נישט מסכים דערויף, אַז איר זאָלט אַלע פיר אַרויסגיין מיט אַמאָל. צוערשט וועט גיין איינער; אויב זיי וועלן אים אומברענגען, וועלן זיי נישט פאַרזוימען זיך דערמיט צו באַרימען, ווי זיי האָבן זיך שוין אַמאָל באַרימט מיטן טויט פון יענעם דינער מיינעם, וועלכן זיי האָבן אַזש ביי לוווו געכאַפּט. אויב, הייסט עס, זיי וועלן דעם ערשטן אומברענגען, וועט גיין דער צווייטער, דערנאָך, אויב ס׳וועט נויטיק זיין, דער דריטער און פערטער. אָבער ס׳קאָן זיין, אַז דער ערשטער וועט אַדורך

בשלום—אין אַזאַ פֿאַל וויל איך נישט אַנדערע אויסשטעלן אויף אַן אומזיסטן טויט.

—גנעדיקער הער פירשט...—האָט סקשעטוסקי איבערגעהאַקט.

—אַזוי איז מיין ווילן און באַפעל—האָט יערעמי שאַרף געזאָגט.—און כדי צווישן אייך שלום צו מאַכן, דערקלער איך, אַז דער ערשטער וועט אַרויס דער, וואָס האָט דער ערשטער זיך אָנגעבאָטן.

—דאָס בין איך!—האָט הער לאָנגינוס געזאָגט מיט אַ שטראַלנדיקן פּנים.

—היינט אין אָוונט, נאָכן שטורם, אויב די נאַכט וועט זיין אַ פינסטערע—האָט דער פירשט צוגעזעבן.—קיין שום בריוו צום קיניג וועל איך נישט מיטגעבן, דאָס, וואָס איר זעט, וועט איר דערציילן—איר וועט נאָר נעמען אַ סיגנעט צום צייכן.

פּאָדביפּיענטאַ האָט גענומען דעם סיגנעט און זיך גענייגט פאַרן פירשט, וועלכער האָט אים מיט ביידע הענט אָנגענומען פאַר די שלייפן און געהאַלטן אַ געוויסע צייט, און דערנאָך האָט ער אים אַ פּאָר מאָל געקושט אין קאָפּ און געזאָגט מיט אַ גערירטער שטים:

—איר זענט מיר אַזוי נאָענט צום האַרצן, ווי אַ ברודער... זאָל אייך פירן און דורכפירן גאָט און אונזער הימלישע קיניגין, געטלעכער זעלנער. אמן!

—אמן!—האָבן נאָכגעזאָגט דער קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע, הער פשיעמסקי און דער בעלזער קאַשטעלאַן.

דער פירשט האָט געהאַט טרערן אין די אויגן—ווייל דאָס איז געווען אַן אמתער פאָטער צו די ריטער—אַנדערע האָבן געוויינט, און הער פּאָדביפּיענטאַס גוף האָט אויפגעטרייסלט אַ ציטער פון פרייד—און אַ פלאַם איז אים דורך איבער די ביינער, און די האָפנונג בקרוב צו ווערן אַ קרבן האָט דורכגענומען מיט אַ טיפער שמחה די דאָזיקע ריינע, אונטערטעניקע און העלדישע נשמה.

—די געשיכטע וועט וועגן אייך שרייבן!—האָט דער בעל־זער קאַשטעלאַן אויסגעשריגן.

—נישט פאַר אונזער כבוד וועגן, נישט פאַר אונזער כבוד וועגן, נאָר פאַר דיין כבוד וועגן, גאָט—האָט דער פירשט זיך אָנגערופן אויף לאַטיין.

די ריטער זענען צרויס פון געצעלט.

—טפו, עפּעס האָט מיך פאַרן גאָרגל אָנגעכאַפּט און האַלט מיך, און אין מויל איז מיר אַזוי ביטער, ווי נאָך ביטערע קרייטעכצער.—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.—און יענע שיסן כסדר—אַז די טייוולאָנים זאָלן אייך דערשיסן!—האָט ער געזאָגט, אָנווייזנ־דיק אויף די רויכערנדיקע קאָזאַקישע שאַנצן.—אוי, שווער צו לעבן אויף דער וועלט. הער לאָנגין, וועט איר טאַקע אויף זיכער אַרויסגיין?... זאָלן־זשע אייך די מלאכים באַשיצן... אַז אַ מגפה זאָל די דאָזיקע כאַמעס פאַרטיליקן!

—כ׳מוז מיך פון אייך שיידן—האָט הער לאָנגינוס געזאָגט.

—סטייטש? ווו גייט איר?—האָט זאַגלאָבאַ געפרעגט.

—צום קסיאָנדז מוכאָוויעצקי, זיך מתודה זיין, ברודערל. מען דאַרף אויסלייטערן די זינדיקע נשמה.

ביי די דאָזיקע ווערטער איז הער לאָנגינוס גיך אַוועק צום שלאָס, און זיי ווידער האָבן זיך אַ קער־געטון צו די מויערן. סקשעטוסקי און וואָלאָדיאָווסקי זענען געווען ווי פאַר־סמטע און זיי האָבן געשוויגן, און הער זאַגלאָבאַ האָט גע־זאָגט:

—עפּעס האַלט מיך כסדר פאַרן גאָרגל. כ׳האָב זיך נישט געריכט, אַז עס וועט מיר אַזוי וויי־טון, אָבער דאָס איז דער גרעסטער צדיק אויף דער וועלט!—זאָל מיר דאָס עמיצער אָפּ־לייקענען, וועל איך אים דערלאַנגען אין פּיסק. אָ, גאָט! גאָט! כ׳האָב געמיינט, אַז דער בעלזער קאַשטעלאַן וועט צוריקהאַלטן, דערווייל האָט ער צוגעפּויקט מיטן פּייקל. דער טייוול האָט ער גאָר צוגעפּויקט מיטן פּייקל. דער טייוול האָט אָנגעטראָגן דעם דאָזיקן אפּיקורס! די געשיכטע (זאָגט ער) וועט וועגן אייך שרייבן. זאָל זי וועגן אים אַליין שרייבן, אָבער נישט אויף הער לאָנגינס הויט. און פאַרוואָס גייט ער אַליין

נישט אַרויס? צו זעקס פינגער האָט ער אויף די פיס, ווי אַ קאַלווינער, וועט אים דאָס גיין גרינגער אָנקומען. כ'זאָג אייך, אַז עס ווערט וואָס אַמאָל ערגער אויף דער וועלט און ס'איז מסתמא אמת, וואָס קסיאָנדז זשאַבקאָווסקי זאָגט נביאות, אַז עק וועלט רוקט אָן. לאָמיר אַ ביסל זיצן ביי די מויערן, און דערנאָך וועלן מיר גיין אין שלאָס, כדי אונזער פרייַנט על-כל-פנים ביזן אָוונט משמח צו זיין מיט אונזער קאָמפּאַניע.

אָבער הער פּאָדביפּיענטאַ האָט נאָך דער ווזוי די גאַנצע צייט פאַבראַכט אין תפלות; ער האָט זיך באַוויזן ערשט אין אָוונט צום שטורם, וועלכער איז געווען איינער פון די שרעקלעכסטע, ווייל די קאָזאַקן האָבן אָנגעגריפן גראָד דעמאָלט, ווען די חיילות, די האַרמאַטן פון די וועגנס האָבן זיך אַריבערגעטראָגן צו די ניי-אָנגעשאָטענע מויערן. אַ ווײַלע האָט זיך געדוכטן, אַז די קנאַפּע פּוילישע כוחות וועלן זיך בייגן אונטער דער משא פון די צוויי הונדערט טויזנט שונאים. די פּוילישע פּאָלקן האָבן זיך אַזוי ווייט צונויפגעמישט מיט די פייַנטלעכע פּאָלקן, אַז אייגענע האָבן אייגענע נישט דערקענט—און דריי מאָל האָבן זיי זיך אַזוי צונויפגעקנוילט. כמעלניצקי האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות, ווייל דער כאַן און די אייגענע פּאָלקאָווניקעס האָבן אים אָנגעזאָגט, אַז דאָס וועט זיין דער לעצטער שטורם און אַז פון איצט אָן וועט מען די באַלאַגערטע נאָר פייניקן מיט הונגער. אָבער מיט דריי שעה שפּעטער זענען אַלע אַטאַקעס אָפּגעשטויסן געוואָרן מיט אַזעלכע שרעקלעכע אבדות, אַז שפּעטער זענען געווען ידיעות, דאָס ביז פערציק טויזנט שונאים זאָלן זיין געפאַלן אין דער דזיקער שלאַכט. איינס איז זיכער, אַז נאָך דער שלאַכט האָט מען געוואָרפן אַ גאַנצן שטויס פאָנען צו די פיס פון פירשט—און אַז דאָס איז באמת געווען דער לעצטער גרויסער שטורם, נאָך וועלכן עס זענען אָנגעקומען נאָך שווערערע צייטן פון איינגראָבן זיך אין די מויערן, פון פאַרכאַפּן וועגנס, פון אומאויפהערלעכן שיסן, נויט און הונגער.

דער אומפאַרמאַטערטער יערעמי האָט תיכף נאָכן שטורם

געפירט די פון מידקייט פאַלנדיקע זעלנער אויף אַן אַרויספאַל, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ נייער מפּלה פאַר די שונאים—דערנאָך ערשט האָט אַ שטילקייט איינגעהילט די לאַגערס פון די פּאָליאַקן און קאָזאַקן.

די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע, אָבער אַ פאַרוואָלקנטע. פיר שוואַרצע געשטאַלטן האָבן שטיל און פאָרזיכטיק געשפּרייזט צום מזרחדיקן עק פון די מויערן. דאָס זיינען געווען: הער לאָנגינוס, זאַגלאָבאַ, סקשעטוסקי און וואָלאָדיאָווסקי.

—די פּיסטאָלעטן זאָלסטו גוט פאַרשטעלן—האָט סקשעטוסקי געשעפּטשעט—כדי דער פּולווער זאָל ניט פייכט ווערן. צוויי פאָלקן וועלן שטיין גרייט די גאַנצע נאַכט. אויב דו וועסט אויסשיסן, וועלן מיר דיר איילן צו הילף.

—ס'איז פינסטער, כאָטש נעם דיר אַן אויג אַרויס!—האָט זאַגלאָבאַ אַ שעפּטשע־געטאָן.

—איז בעסער—האָט הער לאָנגינוס זיך אָנגערופן.

—שטיל!—האָט וואָלאָדיאָווסקי איבערגעהאַקט—כ'הער עפּיס.

—דאָס כאָרכלט עפּיס אַ גוסס—ס'איז גאָרנישט!...

—אַבי דו זאָלסט נאָר צוקומען צום וואַלד...

—אָ גאָט! גאָט!—האָט זאַגלאָבאַ געזיפצט, טרייסלענדיק זיך ווי אין אַ קדחת.

—אין דריי שעה אַרום וועט טאָגן.

—אויב אַזוי איז שוין צייט!—האָט לאָנגינוס געזאָגט.

—צייט! צייט!—האָט סקשעטוסקי נאָכגעזאָגט מיט אַ גע־שטיקטער שטים.—גיי מיט גאָט!

—מיט גאָט! מיט גאָט!

—זייט, ברידער, געזונט, און זייט מוחל אויב איך האָב זיך פאַר עמיצן פון אייך פאַרשולדיקט.

—דו האָסט זיך פאַרשולדיקט? אָ גאָט!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגערופן, וואַרפנדיק זיך אים אין די אָרעמס.

איינער נאָכן אַנדערן האָבן אים אַרומגענומען סקשעטוסקי און וואָלאָדיאָווסקי. ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען אַ דערשטיקט שלוכצן האָט אויפגעטרייסלט די דאָזיקע ריטערלעכע ברוסטן.

נאָר איין הער לאָנגינוס איז געווען רואיק, הגם געריִרט.

—זייט געזונט!—האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעחזרט.

און צוגייענדיק צום ברעג פון דער מויער האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אין גראָבן, אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען דערזען זיין געשטאַלט אויף זיין צווייטן ברעג—ער האָט נאָכאַמאָל דורך אַ צייכן זיך געזעגנט מיט זיינע חברים—און איז נעלם געוואָרן אין דער פינסטערניש.

צווישן וועג קיין זאַלאָשטשיצע און דעם שליאַך פון וויש־ניאָוויעץ האָט געוואַקסן אַ וועלדל, וואָס איז דורכגעהאַקט גע־וואָרן דורך שמאָלע, אין דער ברייט גייענדיקע לאָנקעס, און זיך פאַרייניקט מיט אַן אַלטן געדיכטן און גרויסן וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן אַזש העט ביז הינטער זאַלאָשטשיצע—דאָרט אַהין האָט הער פּאָדביפּיענטאַ באַשלאָסן זיך דורכצוקריגן.

דער וועג איז געווען פול מיט סכנות, ווײַל כּדי זיך דורכצוקריגן ביז צום וואַלד האָט מען געמוזט דורכגיין די גאַנצע לענג פון דער זייט פון קאָזאַקישן לאַגער, אָבער הער לאָנגינוס האָט אים אויסגעקליבן בכיון, ווײַל גראָד נעבן לאַגער האָבן אַ גאַנצע נאַכט זיך געדרייט אַ סך מענטשן און די וואַכן האָבן נישט אַזוי פיל אַכטונג געגעבן אויף די דורכגייענדיקע. איבעריקנס, זיינען אַלע אַנדערע וועגן, היילן, געוויקסן־פלאַנ־טערס און שטעגן געווען באַזעצט מיט שמירות, וועלכע זיינען כסדר קאָנטראָלירט געוואָרן דורך עסאַולן, פּאָלקאָווניקעס, און אפילו דורך כמיעלניצקין גופא. וועגן דורך די לאָנקעס און אין דער לענג פון דער גניעזנאַ האָט מען אפילו נישט געקאָנט טראַכטן, ווײַל דאָרט האָבן די טאָטערישע פערד־טריי־בער געוואַכט פון זון-אונטערגאַנג ביז פאַרטאָגס ביי די פערד.

די נאַכט איז געווען אַ ווערעמע, אַ פאַרכמאַרעטע און אַזאַ פינסטערע, אַז אויף צען טריט ווייטער האָט מען נישט דערזען נישט בלויז אַ מענטש, נאָר אַפילו אַ בוים. פאַרן הער לאָנגין איז דאָס זייער גוט געווען, הגם פון דער צווייטער זייט האָט ער אַליין אויך געמוזט גיין זייער פּאַמעלעך, פאָר־זיכטיק, כּדי נישט אַריינצופאַלן אין איינעם פון די לעכער אָדער

גריבער, וועלכע זיינען אויסגעגראָבן געוואָרן מיט די פוילישע און קאָזאַקישע הענט אויפן גאַנצן שטח פון שלאַכט־פעלד.

אויף אַזאַ אופן האָט ער אָנגעשפּאַרט ביז צו די צווייטע פוילישע מויערן, וועלכע מ׳האָט גראָד פאַרנאַכט פאַרלאָזט—און אַריבערגייענדיק דורכן גראָבן האָט ער זיך איינגעבויגענערהייט געלאָזט גיין צו די קאָזאַקישע שאַנצן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און איינגעהערט: די שאַנצן זענען געווען פּוסט. יערעמיס אַרויספאַל, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן נאָכן שטורם, האָט פון זיי אַרויסגעשטויסן די קאָזאַקן, וועלכע זיינען אָדער געפאַלן, אָדער זיי זיינען אַנטלאָפן אין לאַגער. אַ סך קערפּערס זיינען געלעגן אויף די אַראָפּהאַנגען און שפּיצן פון די דאָזיקע בערגלעך. הער לאָנגינוס האָט זיך יעדע ווײַלע אָנגעשטויסן אויף הרוגים, ער האָט אַריבערגעשפּרייזט איבער זיי און איז ווייטער געגאַנגען. פון צייט צו צייט האָט עפּיס אַ שוואַכער זיפץ אָדער אַ קרעכץ עדות געזאָגט, אַז מאַנכע פון די געפאַלענע לעבן נאָך.

הינטער די מויערן איז דער גרויסער שטח, וועלכער ציט זיך אַזש ביז צום צווייטן גראָבן, וואָס איז אָנגעשאָטן געוואָרן נאָך דורך די קאָמענדאַנטן, אויך געווען באַדעקט מיט הרוגים. לעטער און גריבער איז דאָ געווען נאָך מער, און אויף יעדע פּאָר צענדליק שריט זיינען געשטאַנען ערד־קופּקעלעך, וואָס האָבן אין דער פינסטער געהאט אַ פּנים פון תבואה־בינטלעך. אָבער אויך די ערד־קופּקעלעך זיינען געווען פּוסט. אומעטום האָט געהערשט די טיפסטע שטילקייט, אין ערגיץ האָט מען נישט געזען נישט קיין פייער, נישט קיין מענטש—קיינעם נישט אויף דעם גאַנצן אַמאָליקן פּלאַץ, אַ חוץ געפאַלענע.

הער לאָנגינוס האָט געגומען מתפּלל זיין פאַר די נשמות פון די אומגעקומענע און איז ווייטער געגאַנגען. דאָס געמורמל פון פוילישן לאַגער, וועלכער האָט אים באַגלייט אַזש ביז צו די צווייטע מויערן, איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטילער, איז צורונען געוואָרן אין דער ווייטקייט, ביז עס איז אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן. הער לאָנגינוס האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך

אומגעקוקט צום לעצטן מאָל.

ער האָט שוין כמעט גאָרנישט געקאָנט דערזען, ווייל אין לאַגער איז געווען פינסטער, נאָר איין פענסטערל אין שלאָס האָט שוואַך געבלענדט, ווי אַ שטערנדל, וואָס דאָ אַנטפּלעקן עס די כמאַרעס און דאָ פאַרשטעלן זיי עס, אָדער ווי אַ יאָהאַניס־ווערעמל, וואָס אי עס לייכט און אי עס לעשט זיך.

—ברידער מיינע, צי וועל איך אייך נאָך אַמאָל זען אין מיין לעבן?—האָט הער לאָנגינוס אַ טראַכט געטאָן.

און אַ בענקעניש האָט אים צוגעדריקט, ווי אַ געוואַלדיקער שטיין. ער האָט קוים געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן. דאָרט, ווו עס פלאַטערט יענס ווייטע פייערל, דאָרט זיינען זיינע אייגענע, דאָרט זיינען די ברידערליכע הערצער, פירשט יערעמי, סקשע־טוסקי, וואָלאָדיאָווסקי, זאַגלאָבאַ, קסיאָנדז מוכאָוויעצקי—דאָרט ליבט מען אים און מען וואָלט אים באַשיצט—און דאָ איז נאַכט, פוסטקייט, פינסטערניש, מתים אונטער די פיס, שוועבנדיקע נשמות—און אין דער ווייטקייט דער לאַגער פון בלוטדורשטיקע, אומדערבאַרמדיקע שונאים.

דער שטיין פון בענקעניש איז געוואָרן אַזוי שווער, אַז ער איז אַפילו געווען צו שווער פאַר די פּלייצעס פון דאָזיקן ריז. די נשמה האָט זיך אין אים גענומען קוויינקלען.

אין דער פינסטערניש איז אים באַפאַלן עפּיס אַן אומקלאָרע אומרואיקייט און זי האָט אים גענומען רוימען אין אויער אַריין: „וועסט נישט דערגיין, דאָס קאָן נישט געמאָלט זיין!—קער זיך נאָך אום, ס'איז נאָך צייט! שיס אויס פון פּיסטאָלעט, און אַ גאַנצער פאָלק וועט זיך אַ לאָז טאָן דיך מציל זיין.—דורך די דאָזיקע לאַגערס, דורך די דאָזיקע פראַים וועט קיינער נישט דורכגיין!"

יענער אויסגעהונגערטער לאַגער, וואָס ווערט טאָג־טעגלעך באַשאָטן מיט קוילן, איז פול מיט טויט און ריח פון פּגרים, איז אין הער לאָנגינס אויגן איצט געווען אַ שטילער, זיכערער האַפן.

דאָרט וואָלטן די פריינט אים נישט געהאַלטן פאַר אומ־

גוט, ווען ער וואָלט צוריקגעקערט. ער וועט זיי זאָגן, אַז די זאַך שטייגט אַריבער די מענטשלעכע כוחות—און זיי אַליין וועלן שוין נישט גיין און אויך קיינעם נישט אַרויסשיקן—און זיי וועלן ווייטער וואַרטן אויף גאָטס און דעם קיניגס גנאָד.

און אויב סקשעטוסקי וועט גיין און אומקומען?

—אין נאָמען פון פאָטער און זון און הייליקן גייסט! דאָס איז דעם שטנס אַ נסיון—האָט הער לאָנגינוס געטראַכט.—צום טויט בין איך גרייט, און עפּעס ערגערס וועט מיך נישט טרעפן. דאָס שרעקט דער שטן די שוואַכע נשמה מיט ווייסטעניש, הרוגים, פינסטערניש, ווייל ער נוצט אַלץ אויס.

שוין-זשע זאָל דער ריטער זיך באַדעקן מיט חרפּה, דעם רום אָנווערן, דעם נאָמען שענדן—דאָס חייל נישט אַ יסלייזן, פון דער הימלישער קרוין זיך אָפּזאָגן? קיינמאָל נישט!

און ער האָט זיך געלאָזט ווייטער גיין, אויסשטרעקנדיק די הענט פאַר זיך.

מיטאַמאָל האָט אַ געמורמל זיך ווידער צו אים דער-טראָגן, אָבער שוין נישט פון פוילישן לאַגער, נאָר פון דער אַקעגנאיבערדיקער זייט, דאָס געמורמל איז געווען נאָך אומ-דייטלעך, אָבער טיף און אימהדיק, ווי דאָס געברום פון אַ בער, וואָס רופט זיך פלוצלינג אָפּ אין פינסטערן וואַלד. אָבער די אומרואיקייט האָט שוין פאַרלאָזט דעם הער לאָנגינס נשמה, דאָס בענקעניש האָט אויפגעהערט צו דריקן און איז פאַרוואַנדלט גע-וואָרן נאָר אין אַ זיסע ערינערונג וועגן די נאָענטע; צום סוף האָט ער זיך נאָכאַמאָל איבערגעחזרט אין האַרצן, גלייך ווי ער וואָלט אָפּגעענטפערט אויף די אימה, וואָס איז אַנגעפלויגן פון קאָזאַקישן לאַגער:

—איך וועל גיין.

אין אַ געוויסע צייט אַרום האָט ער זיך געפונען אויף יענעם שלאַכטפעלד, אויף וועלכן דעם פירשטס רייטער האָבן אין טאָג פון ערשטן שטורם צעקלאַפּט די קאָזאַקן און יאַנ-טשאַרן. דער וועג איז דאָ שוין געווען אַ מער גלייכער, ווייני-קער גריבער, לעכער, בערגלעך און כמעט גאָרנישט קיין הרוגים,

ווייל די, וואָס זענען אין די פריערדיקע קאַמפן אומגעקומען, זענען שוין אויפגערוימט געוואָרן דורך די קאָזאַקן. דאָ איז אויך געווען אַ ביסל ליכטיקער, ווייל די פאַרשידענע שטערונגען האָבן נישט פאַרשטעלט דעם שטח. דער באָדן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט שיף צו דרום-צו—אָבער הער לאָנגינוס האָט זיך גלייך אַריינגעדרייט אין אַ זייט, ווילנדיק דורכקריכן צווישן מערבדיקן סטאַוו און דעם קאָזאַקן-לאַגער.

ער איז געגאַנגען גיך, אָן מניעות, און ס'האָט זיך אים שוין געדוכטן, אַז ער קומט שוין צו צו דער ליניע פון לאַגער, ווייל עפּעס נייע אָפּקלאַנגען האָבן אים אויפגעוועקט.

ער האָט זיך באַלד אָפּגעשטעלט און נאָך אַ פערטל שעה וואַרטן האָט ער דערהערט אָנקומענדיקע שריט און אַ כראָפּען פון פערד.

—קאָזאַקישע וואַך!—האָט ער אַ טראַכט געטון.

מיטאַמאָל האָבן זיך אויך מענטשלעכע שטימען דערטראָגן צו זיינע אויערן—ער האָט זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אַ וואָרף געטון אין אַ זייט און אָנטאַפּנדיק מיט די פיס די ערשטע שיפּקייט פון באָדן, איז ער געפאַלן אויף דער ערד אָן באַוועגונג, האַלטנדיק אין איין האַנט דעם פּיסטאָלעט, און אין דער צווייטער די שווערד.

דערווייל זענען די רייטער צוגעקומען נאָך נענטער און צום סוף זיך אינגאַנצן מיט אים אויסגעגליכן. ס'איז געווען אַזוי פינסטער, אַז ער האָט זיי נישט געקאָנט איבערציילן, אָבער ער האָט געהערט יעדעס וואָרט, וואָס זיי האָבן צווישן זיך גערעדט.

—זיי איז שווער, אָבער אונז איז אויך שווער—האָט געזאָגט עפּעס אַ פאַרשלאָפענע שטים—און וויפיל ווילע קאָזאַקן גריזשען די ערד!

—גאָט!—האָט אַ צווייטע שטים זיך אָנגערופן—מ'זאָגט, אַז דער קיניג איז נישט ווייט—וואָס וועט מיט אונז זיין?

—דער כאַן איז אין כעס אויף אונזער באַט'קאָ, און די

טאָטערס סטראַשען, אַז זיי וועלן אונז אָנטון קייטן, אויב עס וועלן נישט זיין אַנדערע.

—און אויף די פּאַשע־ערטער שלאָגן זיי זיך מיט אונזע־רע. דער באַט׳קאַ האָט פּאַרווערט צו גיין אין לאַגער פון די טאָטערס, ווייל ווער עס גייט דאָרט איז אַ פּאַרפאַלענער.

—מ׳זאָגט, אַז צווישן די באַזאַר־קרעמער זענען פּאַראַן פאַרשטעלטע ליאַכן. הלואי וואָלטן מיר די דאָזיקע מלחמה נישט געקענט!

—ס׳איז אונז איצט ערגער, ווי פריער.

—דער קיניג איז נישט ווייט מיטן ליאַכישן חייל—דאָס איז דאָס ערגסטע!

—העי, אין סיטש וואָלסטו איצט געשלאָפן און דאָ שלעפּ זיך אין דער פינסטער, ווי אַ רוח.

—דאָ מוזן זיך אויך רוחות אַרומשלעפן, ווייל די פערד כראָפּען.

די שטימען האָבן זיך ביסלעכווייז דערווייטערט—און צום סוף אַנטשוויגן געוואָרן. הער לאָנגינוס האָט זיך אויפגעהויבן און געגאַנגען ווייטער.

אַ רעגן, דין ווי אַ נעפּל, האָט גענומען ריזלען. ס׳איז געוואָרן נאָך פינסטערער.

אויף דער לינקער זייט פון הער לאָנגין האָט אויף אַ נישט ווייטן מרחק אַ בליץ געטון אַ קליין ליכטל, דערנאָך אַ צווייטס, אַ דריטס, אַ צענטס. איצט איז ער שוין זיכער געווען, אַז ער געפינט זיך אויף דער ליניע פון קאָזאַקישן לאַגער.

די ליכטלעך זענען געווען שיטערע און שוואַכע—אַפנים אַז אַלע זענען שוין דאָרט געשלאָפן און נאָר דאָ און דאָרט האָט מען אפשר געטרונקען, אָדער צוגעגרייט געקעכטס אויף מאָרגן.

—אַ דאַנק גאָט, וואָס איך גיי נאָכן שטורם און אַרויס־פאַל—האָט הער לאָנגינוס צו זיך געזאָגט—זיי מוזן זיין צום טויט פאַרמאַטערט.

קוים האָט ער דאָס אַ טראַכט געטון, ווי ער האָט פון

ן ,רווייטנס ווידער דערהערט פערדישע טריט—ס׳איז געריטן אַ צווייטע וואַך.

אָבער דער באָדן אויף דעם אָרט איז געווען מער צע־שפּאָלטן און צעלעכערט, דערפאַר איז אויך לייכטער געווען זיך צו באַהאַלטן. די וואַך איז דורכגעגאַנגען אַזוי נאָנט, אַז זי האָט שיר נישט אַרויפגעריטן אויפן הער לאָנגין. צום גליק האָבן די פערד, וואָס זענען געווויינט דורכצוגיין נעבן ליגנדיקע קער־פּערס, זיך נישט איבערגעשראָקן. הער לאָנגינוס איז ווייטער געגאַנגען.

אויף אַ מהלך פון טויזנט שריט האָט ער אָנגעטראָפן אויף נאָך צוויי פּאַטרולן ס׳איז קענטיק געווען, אַז דער גאַנצער שטח אַרום לאַגער איז געהיטן געוואָרן, ווי דאָס שוואַרץ־אַפּל פון אויג. הער לאָנגינוס האָט זיך נאָר אין האַרצן געפרייט דעריבער, וואָס ער שטויסט זיך נישט אָן אויף די פּוסגייער־וואַכן, וועלכע מ׳האָט געוויינלעך געשטעלט פאַר די לאַגערס, כּדי זיי זאָלן געבן ידיעות די רייטער־וואַכן.

אָבער זיין שמחה האָט לאַנג נישט געדויערט. קוים איז ער נישט ווידער אָפּגעגאַנגען אַ נישט גרויסן מהלך, ווי עפּעס אַ שוואַרצע געשטאַלט האָט ווידער אַ בלענד געטון פאַר זיינע אויגן נישט ווייטער, ווי אויף צען שריט. דעם הער לאָנגינוס, הגם ער איז געווען אַן אומדערשראָקענער, איז אַ לייכטער ציטער דורכגעלאָפן איבערן קערפּער. צוריקציִען זיך און אויס־מיידן איז נישט מעגלעך געווען. די געשטאַלט האָט זיך גע־רירט, זי האָט אים אָפּנים באַמערקט.

אַ ווײַלע, אַ קורצע ווי אַן אויגנבליק, האָט ער זיך גע־וואַקלט. מיט אַמאָל האָט זיך אַ שטילע שטים אָנגערופן:

—וואַסיל, דו ביזט עס?

—איך—האָט הער לאָנגינוס שטיל געענטפערט.

—און בראָנפן האָסטו?

—כ׳האָב.

—גיב אַהער.

הער לאָנגינוס איז צוגעגאַנגען.

—און וואָס ביזטו עפּעס אַזוי הויך?—האָט דיזעלבע שטים זיך ווידער אָנגערופן מיט אַ טאָן פון שרעק.

עפּעס האָט זיך אַ רודער-געטון אין דער פינסטערניש. אַ קורצער, צוגלייך דערשטיקטער אויסגעשריי „האָספּ!...״ האָט זיך אַרויסגעריסן פון וועכטערס מויל—דערנאָך האָט זיך געלאָזט הערן אַ קנאַקן פון צעבראָכענע ביינער, אַ שווער כראָפּען און איין געשטאַלט איז שווער אומגעפאַלן אויף דער ערד.

הער לאָנגינוס איז ווייטער געגאַנגען.

אָבער ער איז שוין נישט געגאַנגען איבער דערזעלבער ליניע, ווייל דאָס איז אַפּנים נעווען די ליניע פון די וואַכן—ער האָט זיך דעריבער אַ קער-געטון נאָך נענטער צום לאַגער-צו, שטרעבנדיק דורכצוגיין צווישן די רייען פון די וועכטער און די רייען פון די וועגנס. אויב עס איז נישט געווען קיין צווייטע קייט פון וואַכן, וואָלט הער לאָנגינוס געקאָנט באַגעגנען אויפן דאָזיקן שטח נאָר די, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון לאַגער צו פאַרבייטן זייערע חברים. רייטער-אָפּטיילונגען פון וועכטער האָבן דאָ נישט געהאַט וואָס צו טון.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין צווייטע קייט פון וואַכן איז נישט געווען. דערפאַר איז דער לאַגער נישט געווען ווייטער, ווי צוויי שאָסן פון אַ בויגן—און אַ מאָדנע זאַך, ער האָט זיך אויסגעוויזן צו זיין וואָס אַמאָל נענטער, הגם הער לאָנגינוס האָט זיך באַמיט צו גיין פאַראַלעל מיט די רייען פון די וועגנס.

ס'האָט זיך אויך אַרויסגעשטעלט, אַז נישט אַלע זענען געשלאָפן אין לאַגער. ביי די דאָ און דאָרט טליִענדיקע פייער-לעך האָט מען געזען זיצנדיקע געשטאַלטן. אין איין אָרט איז דאָס פייער געווען גרעסער, אפילו אַזוי גרויס, אַז זיין שיין האָט כמעט געגרייכט ביז צום הער לאָנגין, אַזוי, אַז דער רי-טער האָט זיך ווידער געמוזט צוריקציִען צו די וואַך-פּאָסטנס, כדי נישט דורכצוגיין דורכן ליכט-פּאַס. פון דערווייטנס האָט הער לאָנגין דערקענט די אָקסן, וואָס זענען געהאָנגען נעבן דעם פייער אויף סלופּעס, ענלעכע אויף צלמים, און פון וועלכע די

קיילער האָבן אַראָפּגעשינדן די הויט. שפּאָרע מענטשן־קופּקעלעך האָבן זיך צוגעקוקט דערצו. מאַנכע האָבן שטיל צוגעשפּילט די שינדער אויף פּייפעלעך. דאָס איז געווען יענער טייל פון לאַ־גער, וועלכן עס האָבן פאַרנומען די פערד־שמייסער. די ווײַ־טערדיקע רייען פון די וועגנס זענען געווען פאַרהילט אין פינ־סטערניש.

אָבער די וואַנט פון לאַגער, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט דער שוואַכער שיין פון די פייער־הויפנס, האָט זיך ווידער ווי בענטער צוגערוקט צום הער לאָנגין. תּחילת האָט ער זי געהאַט נאָר אויף דער רעכטער זייט. מיט אַמאָל האָט ער באַ־מערקט, אַז ער האָט זי אויך פאַר זיך.

דעמאָלט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מיישב געווען וואָס ער זאָל טון. ער איז געווען אַרומגערינגלט. די לאַגערס פון די קאָזאַקן, פון די טאָטערס און פון המון האָבן, ווי מיט אַ רינג, אַרומגענומען גאַנץ זבאַראַזש. אין דער מיט פון דאָזיקן רינג זענען געשטאַנען וואַך־פּאָסטנס און עס האָבן זיך געדרייט שומרים, כּדי קיינער זאָל זיך נישט קאָנען דורכקריגן.

הער לאָנגינס מצב איז געווען אַ שרעקלעכער. ער האָט איצט געהאַט די ברירה אָדער זיך דורכצוגנבענען צווישן די וועגנס, אָדער צו זוכן אַן אַנדערן אויסוועג, צווישן די קאָזאַקן און המון. אַנישט וואָלט ער ביז פאַרטאָגס געמוזט אַרומבלאָנ־דזשען איבער דעם דאָזיקן ראָד—סיידן ער זאָל זיך ווידער וועלן צוריקציען קיין זבאַראַזש, אָבער אפילו דעמאָלט האָט ער געקאָנט אַרייַנפאַלן אין די הענט פון דער וואַך. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז שוין די נאַטור אַליין פון באָדן דערלויבט נישט, אַז אַ וואָגן זאָל שטיין נעבן אַ וואָגן. עס האָבן אין זײַ־ערע רייען געמוזט זיין גרעסערע צווישנשיידן, ווייל אַזעלכע צווישנשיידן זענען איבעריקנס נויטיק געווען פאַר דער קאָמוני־קאַציע, כּדי די רייטער צו מאַכן אַ פרייען וועג. הער אָנגינוס האָט באַשלאָסן צו זוכן אַזאַ דורכגאַנג און צו דעם צוועק איז ער נאָך נענטער צוגעגאַנגען צו די וועגנס. דער שיין פון די דאָ און דאָרט פלאַקערנדיקע פייערס האָט אים געקאָנט אויסגעבן,

אָבֿער פֿון דער צווייטער זייט האָט ער אויך געהאַט אַ נוצן פֿון זיי, ווייל אָן זיי וואָלט ער נישט געזען נישט די וועגנס און נישט דעם וועג צווישן זיי.

נאָך אַ פֿערטל שעה זוכן האָט ער געפֿונען דעם וועג און אים לייכט דערקענט, ווייל ער האָט אויסגעזען ווי אַ שוואַרצער פּאַס צווישן די וועגנס. עס האָט דאָרט נישט געבֿרענט קיין פֿייער, עס האָבן אויך נישט געקאָנט זיין קיין קאָזאַקן, ווייל דאָרט-אַרום האָבֿן געמוזט דורכֿגיין די רייטער. הער לאָנגינוס האָט זיך געלייגט אויפֿן בויך און גענומען קריכֿן צו יענעם שוואַרצן פּאַס, ווי אַ שלאַנג אין אַ גרוב אַריין.

ס׳איז אַריבֿער אַ פֿערטל שעה, אַ האַלבע שעה, ער איז אַלץ געקראָכֿן און צו דערזעלבער צייט מתפּלל געווען, איבֿער-געבֿנדיק זיך מיטן גוף און מיט דער נשמה אויפֿן בעראָט פֿון די הימלישע כּוחות. ער האָט זיך געטראַכֿט, אַז דער גורל פֿון גאַנץ זבאַראַזש איז אפֿשר אָפּהענגיק דערפֿון, צי ער וועט איצט זיך דורכֿקריגן דורך דעם וועג, און ער האָט דעריבֿער מתפּלל געווען נישט בלויז פֿאַר זיך—נאָר אויך פֿאַר די, וועלכֿע האָבֿן אין גראָבֿן אין דער רגע מתפּלל געווען פֿאַר אים.

אויף ביידע זייטן איז אַלץ געווען רואיק. אַ מענטש האָט זיך נישט גערירט, קיין פֿערד האָט נישט אַ כֿראָפּע געטון, קיין הונט האָט נישט אַ בילֿ געטון.—און הער לאָנגינוס איז דורכֿגע-גאַנגען. ער האָט פֿאַר זיך געזען שוואַרצע פֿלעקן פֿון געדיכֿטע דערנער, הינטער וועלכֿע עס האָט געוואַקסן דאָס דעמבענע וועלדל, הינטערן וועלדל דער גרויסער וואַלד, אַזש העט ביז טאָפּאָראָוו, הינטערן וואַלד דער קיניג, די ישועה און רום און פֿאַרדינסט פֿאַר גאָט און פֿאַר לייטן. וואָס-זשע איז דאָס אַראָפּ-האַקן די דריי קעפּ געווען לגבי דעם דאָזיקן שריט, צו וועלכֿן מ׳האָט, אַ חוץ אַן אייזערנער האַנט, געדאַרפֿט נאָך עפּעס מער פֿאַרמאָגן?

הער לאָנגינוס האָט אַליין געשפּירט דעם חילוק—אָבֿער עס האָט זיך מיט קיין גדלות נישט איבערגענומען דאָס דאָזיקע כּשרע האַרץ—נאָר ווי דאָס האַרץ פֿון אַ קינד האָט עס זיך

צעפלאָסן אין טרערן פון דאַנקבאַרקייט.

דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז ווייטער גע-גאַנגען. קיין וואָך-פּאָסטנס איז אויף יענער זייט פון די וועגנס נישט געווען, אָדער זיי זענען געווען אַזוי זעלטן, אַז מ'האָט זיי לייכט געקאָנט אויסמיידן. דערווייל האָט גענומען פאַלן אַ גרעסערער רעגן, און ער האָט גערוישט איבער די געוויקסן און פאַרהילכט זיינע שריט. הער לאָנגינוס האָט איצט צעלאָזט זיינע לאַנגע פיס און האָט געשפרייזט ווי אַ ריז, צעטרעטנדיק די געוויקסן—אין איין שפּרייז איז ער דורכגעגאַנגען דאָס, וואָס אַן אַנדערער אין פינף. די וועגנס זענען געוואָרן וואָס אַמאָל ווייטער, דאָס וועלדל וואָס אַמאָל נענטער—און די ישועה וואָס אַמאָל נענטער.

אָט זענען שוין די דעמבעס! די נאַכט אונטער זיי איז אַזוי שוואַרץ, ווי אונטער דער ערד. אָבער אַזוי איז טאַקע בעסער. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ לייכטער ווינט, די דעמ-בעס האָבן לייכט גערוישט, וואָלסט געמיינט—זיי ברומען אַ תפלה: „גרויסער גאָט, גוטער גאָט, באַשיץ דעם דאָזיקן ריטער, ווייל דאָס איז דיין דינער און געטרייער זון פון דער דאָזיקער ערד, אויף וועלכער מיר זענען אויפגעוואַקסן צו דיין לויב!"

פון פוילישן לאַגער טיילן שוין אָפּ דעם הער לאָנגינן בערך אָנדערטהאַלבן מייל. אַ שווייס באַגיסט אים דעם שטערן, ווייל די לופט איז געוואָרן אַ שטיקנדיקע, עפּעס האָט זיך ווי געקליבן אויף אַ שטורם, אָבער ער גייט, טראַכט נישט אפילו וועגן שטורם, ווייל אין האַרץ האָבן אים מלאכים געזונגען. דאָס וועלדל ווערט שיטערער. דאָס וועט זיין די ערשטע לאָנקע. די דעמבעס האָבן שטאַרקער גענומען רוישן, גלייך ווי זיי וואָלטן וועלן זאָגן: „וואַרט-צו, צווישן אונז ביזטו זיכער געווען"—אָבער דער ריטער האָט נישט קיין צייט און גייט אַרויף אויף די אָפענע לאָנקע. נאָר איין דעמב שטייט אויף איר אין מיטן, דער מעכטיקסטער פון אַלע. הער לאָנגינוס גייט אין דער ריכ-טונג פון דאָזיקן דעמב.

מיטאַמאָל, ווען ער איז שוין געווען נאָענט צוגעקומען,

האָבן זיך פֿון אונטערן ברייטן צווייגן-געפֿלעכט פֿון ריזיקן בוים אַרויסגערוקט בערך צוואַנציק ריזיקע געשטאַלטן, וועלכע זענען מיט וועלפֿישע שריט צוגעגאַנגען צום ריטער.

—ווער ביזטו? ווער ביזטו?

זייער לשון איז געווען אומפֿאַרשטענדלעך; די קאָפּ-באַדעקונגען עפּעס שפּיציקע—דאָס זענען טאָטערס, דאָס זענען פֿערד-שמייסער, וועלכע האָבן זיך דאָ פֿאַרן רעגן באַהאַלטן.

אין דער רגע האָט אַ רויטער בליץ באַלויכטן די לאָנקע, דעם דעמב, די ווילדע געשטאַלטן פֿון די טאָטערס און פֿון ריזיקן שלאַכטשיץ. אַ מוראדיק געשריי האָט אויפֿגעטרייסלט די לופֿט און אַ קאַמף האָט זיך צעפֿלאַקערט אין איין רגע.

די טאָטערס האָבן זיך געוואָרפֿן אויפֿן הער לאָנגין, ווי וועלף אויף אַ הערש און אים אָנגעכאַפּט מיט די אָדערדיקע הענט; אָבער ער האָט זיך נאָר אָפּגעטרייסלט און אַלע אָנפֿאַלער זענען אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אים, ווי אַ צייטיקע פֿרי פֿאַלט אַראָפּ פֿון בוים. דערנאָך האָט הער לאָנגינס שרעקלעכע שווערד אַ קריץ-געטון אין דער שייד—און באַלד האָבן זיך דערהערט קרעכצן, יללות, הילף-געשרייען, אַ געפֿייף פֿון שווערדן, אַ כאָרכלען פֿון געהרגעטע, אַ הירזשעריי פֿון איבערגעשראָקענע פֿערד, אַ געקלאַנג פֿון צעבראָכענע טאָטערישע שווערדן. די שטילע לאָנקע האָט זיך צעהילכט מיט אַלע ווילדע קולות, וואָס די מענטשלעכע גאָרגלען קאָנען נאָר אַרויסברענגען.

די טאָטערס האָבן זיך אין אַ קופּע געוואָרפֿן איין מאָל און אַ צווייט מאָל אויפֿן ריטער, אָבער ער האָט זיך שוין אָנגעשפּאַרט מיט די פּלייצעס אין דעמב, און פֿון פֿאָרנט האָט ער זיך באַשיצט מיט דער פֿאָכנדיקער שווערד—און שרעקלעך געשניטן. די הרוגים האָבן זיך צעלייגט פֿאַר זיינע פֿיס—אַנדערע האָבן זיך צוריקגעצויגן, אַרומגענומען פֿון אַ פּאַנישער שרעק.

—אַ פּלאַ! אַ פּלאַ!—האָט זיך דערהערט אַ ווילד געהייל.

אָבער די האָזיקע קולות זענען נישט געבליבן אָן פּעולה. עס איז נישט אַריבער קיין האַלבע שעה, און די גאַנצע לאָנקע

האָט אַ ווימל-געטון מיט פוסגייער און רייטער. עס זענען אָנ־געלאָפן קאָזאַקן און טאָטערס, מיט קאָסעס, מיט דרענגער, מיט בויגנס—מיט ברענענדיקע קין-שפענער. פיבערהאַפטע פראַגן האָבן זיך גענומען קרייצן און פליען פון מויל צו מויל: וואָס איז? וואָס איז געשען?—אַ פּלאָ!—האָבן די טאָטערס איבערגעחזרט.—אַ פּלאָ! האָט דער המון איבערגעחזרט.—אַ ליאַך! אַ פּלאַ! טויטן! לעבעדיקערהייט אים נעמען! לעבעדיקערהייט!

הער לאָנגינוס האָט צוויי מאָל אויסגעשאָסן פון די פיס־טאָלעטן, אָבער די דאָזיקע שאָסן האָבן די חברים אין פּוילישן גראָבן שוין נישט געקאָנט דערהערן.

דערווייל איז די מאַסע צו אים צוגעגאַנגען אין אַ האַלב־עיגול, און ער איז געשטאַנען אין שאָטן—אַ ריזיקער, אַ אָנגע־שפּאַרטער אין בוים, און געוואַרט מיט דער שווערד אין דער האַנט.

די מאַסע איז צוגעקומען וואָס אַמאָל נענטער. צום סוף האָט אָפּגעהילכט די שטים פון אַ קאָמאַנדע:

—נעמט אים!

אַלע האָבן זיך צו אים אַ וואָרף-געטון. די קולות זענען אַנטשוויגן געוואָרן. די, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט צושטופּן, האָבן צוגעלויכטן די אַטאַקירנדיקע. אַ מענטשלעכער קנויל האָט זיך צונויפגעפלאָנטערט און איבערגעקערט אונטערן בוים—נאָר קרעכצן זענען אַרויסגעגאַנגען פון דעם דאָזיקן קנויל און אַ לאַנגע צייט האָט מען גאָרנישט געקאָנט פאַנאַנדערשיידן. צום סוף האָט אַ געשריי פון שרעק זיך אַרויסגעריסן פון די ברוסטן פון די אַטאַקירנדיקע. די מאַסע איז זיך צעלאָפן אין איין רגע.

אונטערן בוים איז געבליבן הער לאָנגינוס, און אונטער זיינע פיס אַ קופּע פון קערפּערס, וועלכע האָבן נאָך געצאַפּלט אין גסיסה.

—שטריק! שטריק!—האָט עפּעס אַ שטים אַ הילך-געטון.

באַלד האָבן רייטער זיך געלאָזט לויפן נאָך שטריק און זיי כּהרף-עין געבראַכט. דעמאָלט האָבן אַ פּאָר געזונטע יונגען

אָנגעכאַפּט די שטריק פאַר ביידע עקן, באַמיענדיק זיך צוצובינדן דעם הער לאָנגין צום בוים.

אָבער הער לאָנגין האָט געשניטן מיט דער שווערד—און די יינגען פון ביידע זייטן זענען געפאַלן אויף דער ערד. מיט דעריזעלבער פּעולה האָבן דערנאָך דאָסזעלבע געפּרוווט טון די טאָטערס.

זעענדיק, אַז ביי אַ צו־גרויסער מאַסע איז נאָר שווערער דעם קעגנער בייצוקומען, האָבן אַ פּאָר פון די דרייסטערע נאָ־האַיער קאָזאַקן זיך נאָכאַמאָל אַ וואָרף געטון צום ריז, ווילנדיק אים דוקא כאַפּן לעבעדיקערהייט, אָבער ער האָט זיי צעפּליקט, ווי אַ ווילדער חזיר צעפּליקט פאַרביסענע הינט. דער דעמב, וואָס איז געווען צונויפגעוואַקסן פון צוויי מעכטיקעביימער, האָט מיט דער מיטלסטער הוילקייט באַשיצט דעם ריטער—פאָרנט ווידער, ווער עס האָט זיך דערנענטערט אויף אַ שווערד די לענג, איז אומגעקומען, בישט אַרויסלאָזנדיק אפילו קיין געשריי. הער פּאָדביפּיענטאַס איבערמענטשלעכער כּוח איז נאָך ווי גע־וואַקסן מיט יעדער רגע.

זעענדיק דאָס האָבן די צעריייצטע טאָטערס אָוועקגעטריבן די קאָזאַקן—און אַרום און אַרום האָבן זיך דערהערט ווילדע קולות:

—אום! אום!...

דעמאָלט ערשט, זעענדיק די בויגנס און די פיילן, וואָס האָבן זיך געשאָטן צו זיינע פיס, האָט אויך הער פּאָדביפּיענטאַ איינגעזען, אַז עס דערנענטערט זיך די שעה פון זיין טויט, און ער האָט גענומען מתפּלל זיין צום „הייליקסטן פריילײַן".

ס'איז געוואָרן שטיל. די מאַסע האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און געוואַרט, וואָס דער סוף וועט זיין.

די ערשטע פייל האָט אַ פּייף־געטון, ווען הער לאָנגינוס האָט געזאָגט: „מוטער פון אויסלייזער!"—און אים אָפּגעריבן די שלייף.

די צווייטע פייל האָט אַ פּייף־געטון, ווען הער לאָנגינוס האָט געזאָגט: „גערימט פריילײַן!"—און זי איז אים געבליבן שטעקן אין אָרעם.

די ווערטער פון דער תּפלה האָבן זיך צונויפגעמישט מיטן געפּייף פון די פּיילן.

און ווען הער לאָנגינוס האָט געזאָגט: „מאָרגנשטערן!" האָבן אים די פּיילן שוין געשטעקט אין די אָרעמס, אין דער זייט, אין די פיס... דאָס בלוט פון די שלייפן האָט אים פאַרגאָסן די אויגן און ער האָט שוין ווי דורך אַ נעפּל געזען די לאָנקע, די טאָטערס, האָט שוין נישט געהערט דאָס געפּייף פון די פּיילן. ער האָט געשפּירט, אַז ער ווערט פאַרחלשט, אַז די פיס וואַקלען זיך אונטער אים, דער קאָפּ פאַלט אים אַראָפּ אויף דער ברוסט... צום סוף האָט ער אַנידערגעקניט.

דערנאָך, שוין האַלב-קרעכצנדיק, האָט הער לאָנגינוס געזאָגט: „הימלישע מלכּה!"—און דאָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער אויף דער ערד.

די הימלישע מלאָכים האָבן גענומען זיין נשמה און זי אַוועקגעלייגט ווי אַ לויטערע פּערל ביי די פיס פון דער „הימלישער מלכּה".

# 6 קאַפּיטל.

הער זאַגלאָבאַ און וואָלאָדיאָווסקי זענען צומאָרגנס באַגינען געשטאַנען אויף די מויערן, צווישן חייל, און אַראָפּגעקוקט צום קאָזאַקן-לאַגער, וואָס פון זיין זייט האָבן אָנגערוקט מאַסן פון פויערן. סקשעטוסקי איז געווען אויף אַ באַראַטונג ביים פירשט, און זיי האָבן אויסגענוצט די רואיקייט און געשמועסט וועגן נעכטיקן טאָג און וועגן דער דאָזיקער באַוועגונג אין פיינטלעכן לאַגער.

—דאָס איז גאָרנישט קיין גוטער סימן—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף די שוואַרצע מאַסן, וואָס האָבן זיך גערוקט ווי אַ ריזיקע כמאַרע.—זיי לאָזן זיך אודאי ווידער צום שטורם, און דאָ ווילן שוין די הינט זיך נישט רירן פון מידקייט.

—ווי איז איצט מעגלעך אַ שטורם, אין מיטן העלן טאָג, אין אַזאַ צייט—האָט דער קליינער ריטער געזאָגט—זיי וועלן גאָרנישט מער טון, נאָר פאַרנעמען אונזער נעכטיקע מויער און זיי וועלן זיך ווידער אונטערגראָבן צו דער נייער מויער און דערביי שיסן פון באַגינען ביזן אָוונט.

—מ'וואָלט זיי פון האַרמאַטן לייכט געקאָנט איבערשרעקן.

וואָלאָדיאָווסקי האָט אַראָפּגעלאָזט די שטים.

—פּולווער איז פאַראַן קנאַפּ—האָט ער געזאָגט—ביי אַזאַ פאַרברויך וועט מסתמא שוין אויף זעקס טעג אויך נישט קלעקן. אָבער דעמאָלט וועט דער קיניג אודאי שוין זיין אָנגעקומען.

—זאָל שוין זיין וואָס עס וויל, אַבי אונזער הער לאָנגין, דער אָרעמער, זאָל בשלום דורכקומען. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקאָנט שלאָפן, נאָר וועגן אים געטראַכט, און יעדעס מאָל ווען כ'האָב אַ דרעמל געטון, האָב איך אים געזען אין

אַ צ״ה און אַזאַ רחמנות האָט מיך אָנגעגומען, אַז אַ שווייס האָט אויף מיר אַזש ארויסגעשלאָגן. דאָס איז דער בעסטער מענטש, וואָס דו קאָנסט געפינען אין דער רעפובליק, אַז דו ווענסט אים זוכן מיט ליכט דריי יאָר מיט אַ מיטוואָך.

—און פאַרוואָס האָט איר שטענדיק פון אים חוזק געמאַכט?

—ווייל אַ צונג האָב איך איז זי מיאוסער פון מיין האַרץ. אָבער טוט מיר נישט אָן קיין עגמת-נפש, הער מיכאַל, און דערמאַנט נישט אַזעלכע זאַכן, ווייל איך האָב שוין אַזוי אויך חרטה, און אויב חלילה עס וועט מיטן הער לאָנגין געשען עפּעס אַ סבה, וואָלט איך אודאי ביזן טויט קיין מנוחה נישט געהאַט.

—אַזוי פיל דאַרפט איר זיך צום האַרצן נישט נעמען. ער האָט קיינמאָל אויף אייך קיין שנאה נישט געטראָגן און כ׳האָב געהערט, ווי ער האָט אַליין געזאָגט: „אַ מיאוסע צונג, אָבער אַ גאָלדן האַרץ!״

—זאָל אים גאָט געבן געזונט, דעם כשרן פּריינט! ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט רעדן מיט לייטן צוגלייך, דערפאַר אָבער האָט ער פאַר דעם דאָזיקן חסרון באַצאָלט מיט אַ סך גוטע מדות. ווי מיינט איר, הער מיכאַל? איז ער בשלום דורכגעגאַנגען?

—די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע, און די פויערן זענען נאָך אַ מפּלה שרעקלעך פאַרמאַטערט. ביי אונז זענען קיין גוטע וואַך-פּאָסטנס נישט געווען, אַ פשיטא שוין ביי זיי.

—געלויבט איז גאָט! איך האָב אויך געהייסן דעם הער לאָנגין, אַז ער זאָל זיך נאָכפרעגן וועגן אונזער אָרעמער פירשטין, צי מ׳האָט זי ערגעץ נישט געזען, ווייל איך רעכן, אַז זשענדזשאַן האָט זיך געמוזט אַריבערקריגן צו די קיניגלעכע חיילות. הער לאָנגינוס וועט מסתמא נישט רוען אפילו, נאָר דאָ אָנקומען מיטן קיניג. און אַזאַ פאַל וואָלטן מיר אינגיכן וועגן איר געהאַט אַ ידיעה.

—איך האָב בטחון אינם שכל פון דאָזיקן יינגל, אַז ער האָט זי דאָרט ווי עס איז מציל געווען. איך וואָלט מיך שוין

קיינמאָל נישט באַרואיקט, ווען זי וואָלט געווען אומגעקומען. אַ קורצע צייט האָב איך זי געקענט, אָבער איך גלויב, אַז ווען איך וואָלט געהאַט אַ שוועסטער, וואָלט זי מיר נישט ליבער געווען.

—פאַר דיר אַ שוועסטער, און פאַר מיר אַ טעכטערל. פון די דאָזיקע דאגות וועט מיר אודאי די באָרד ווייס ווערן, און דאָס האַרץ וועט פון צער פּלאַצן. ווי נאָר דו ווערסט צו איינעם צוגעבונדן—איינס, צוויי, דריי—און ער איז שוין נישטאָ, און דו זיצט אין צרות, אין דאגות, אין עגמת-נפש, און קלער, האָבנדיק דערצו אַ ליידיקן בויך און לעכער אין היטל, דורך וועלכע דאָס וואַסער רינט אויפן פּליך, ווי דורך אַ געלעכערטן דאַך. די הינט איז איצט אין דער רעפּובליק מער מקנא צו זיין, איידער די שלאַכטע, און אונז פיר איז פון אַלעמען אַמ־ערגסטן. נישט אַנדערש, נאָר ס׳איז שוין צייט זיך אַריבערצוקלייבן אין די בעסערע וועלט, הער מיכאַל, וואָס?

—נישט איינמאָל האָב איך געטראַכט, צי ס׳וואָלט נישט בעסער געווען סקשעטוסקין אַלץ צו דערציילן, אָבער עס האַלט מיך צוריק דאָס, וואָס ער אַליין האָט וועגן איר מיט קיין וואָרט נישט דערמאַנט, און ווען ס׳פלעגט טרעפן, אַז עמיצער האָט זיך מיט אַ וואָרט אַרויסגעכאַפּט, פלעגט ער אַ פאַרציטערטער ווערן, ווי ער וואָלט דערשפּירט אַ שטאָך אין האַרצן.

—גיי דערצייל אים, צעקראַץ די ווונדן, וואָס זענען אין פייער פון דער דאָזיקער מלחמה פאַרטרוקנט געוואָרן, בעת דאָרט פירט זי אפשר עפּעס אַ טאָטער פאַרן צאָפּ דורך פּערעקאָפּ. ברענענדיקע ליכט שטעלן זיך מיר אין די אויגן, ווען איך טראַכט וועגן דעם. שוין צייט צו שטאַרבן, אַנדערש קאָן נישט זיין, ווייל נאָר צרות האָט מען אויף דער וועלט און גאָרנישט מער. הלואי זאָל כאָטש הער לאָנגינוס זיך דורכקריגן בשלום!

—ער מוז האָבן אין הימל נאָך גרעסערע זכותן, ווי אַנדערע, ווייל ער איז אַ צדיק. אָבער קוקט נאָר מיין הער, וואָס די רשעים טוען דאָרט!

—אַזאַ שיין שלאָגט היינט פון דער זון, אַז איך זע גאָר־נישט.

—אונזער נעלכטיקע מויער צעגראָבן זיי.

—איך האָב געזאָגט, אַז ס'וועט זיין אַ שטורם. לאָמיר גיין פון דאַנען, הער מיכאַל, שוין גענוג דאָ געשטאַנען.

—נישט דוקא דערפאַר גראָבן זיי, ווייל זיי גרייטן זיך צו אַ שטורם, נאָר זיי מוזן האָבן אַן אָפענעם וועג צום צוריק־ציען זיך, אַ חוץ דעם וועלן זיי אודאי דאָרט־אַרום דורכפירן די מאַשינען, אין וועלכע עס זיצן שיסער. קוקט נאָר, אַזש אַ רויך גייט! זיי האָבן שוין אויף אַ פערציק שריט אויסגעגליכן.

—איצט זע איך, אָבער די זון ברענט היינט שרעקלעך.

הער זאַגלאָבאַ האָט מיט דער האַנט פאַרשטעלט די אויגן און געקוקט. אין דער רגע האָט זיך דורך דער עפענונג, וואָס איז אויסגעגראָבן געוואָרן אין דער מויער, אַ וואָרף געטון אַ כוואַליע פון מענטשן, וועלכע האָט זיך כהרף־עין צעפלייצט אי־בער דעם פוסטן שטח צווישן די מויערן. אַ טייל האָט באַלד גענומען שיסן; אַנדערע האָבן געגראָבן די ערד מיט לאָפּאַטעס און גענומען אויפשיטן אַ נייע מויער און שאַנצן, וועלכע האָבן געזאָלט שוין מיט אַ דריטן רינג אַרומנעמען דעם פוילישן לאַגער.

—אָהאָ!—האָט וואָלאָדיאָוועסקי אויסגערופן—האָב איך נישט געזאָגט, אָט קאָלערן זיי שוין אַריין די מאַשינען.

—נו, עס וועט שוין זיכער זיין אַ שטורם. לאָמיר אַוועק־גיין פון דאַנען—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—ניין, דאָס זענען אַנדערע טורמס!—האָט דער קליינער ריטער זיך אָנגערופן.

און באמת, די מאַשינען, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין דער עפענונג, זענען אַנדערש געווען געבויט פון די געוויינלעכע מאַשינען; די ווענט זייערע זענען באַשטאַנען פון לייטערס, וואָס זענען געווען באַהעפט מיט ריגלען און באַדעקט מיט מלבושים און פעלן, הינטער וועלכע די בעסטע שיסער זענען געזעסן, אָנהייבנדיק פון די מיטלסטע שטאַפּלען ביז צום שפּיץ

פון דער מאַשין, און געשאָסן זיבן שונא.

—לאָמיר גיין, זאָלן זיי דאָרט די הינט צעבייסן!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

—וואַרט-צו—האָט וואָלאָדיאָווסקי געענטפערט.

און ער האָט גענומען ציילן די מאַשינען, וועלכע האָבן זיך איינע נאָך דער אַנדערער באַוויזן אין דער עפענונג.

—איינס, צוויי, דריי... זיי האָבן אפנים נישט קיין קליי-נעם זאַפּאַס... פיר, פינף, זעקס—עס גייען וואָס אַמאָל העכערע... זיבן, אַכט... אַלע הינט וועלן זיי אויסהרגענען מיט די דאָזיקע מאַשינען אויף אונזער פּלאַץ, ווייל דאָרט מוזן זיין די בעסטע שיסער—ניין, צען—מ'זעט יעדע ווי אויף דער האַנט, ווייל די שייז פון דער זון פאַלט אויף איר—עלף...

מיטאַמאָל האָט הער מיכאַל איבערגעריסן דעם חשבון.

—וואָס איז דאָס?—האָט ער געפרעגט מיט אַ משונהדיקער שטים.

—וווּ?

—דאָרט, אויף יענער העכסטער... אַ מענטש הענגט!

זאַגלאָבאַ האָט אָנגעשטרענגט די ראיה: אויף דער העכ-סטער מאַשין האָט די זון טאַקע באַלויכטן אַ נאַקעטן טויטן גוף פון אַ מענטש, וואָס האָט זיך געוויגט אויף דעם שטריק, אין הסכּם מיט דער באַוועגונג פון טורם, ווי אַ ריזיקע אומרו.

—אמת—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.

דאָ איז וואָלאָדיאָווסקי בלאַס געוואָרן ווי קאַלך און ער האָט אַ געשריי געטון מיט אַ מוראדיקער שטים:

—אַלמעכטיקער גאָט—דאָס איז פּאָדביפּיענטאַ!

אַ גערודער איז אַנטשטאַנען אויף דער מויער, גלייך ווי אַ ווינט וואָלט זיך דורכגעטראָגן איבער די בלעטער פון ביי-מער. זאַגלאָבאַ האָט אַריבערגעבויגן דעם קאָפּ, האָט מיט די הענט פאַרשטאָפּט די אויגן און געשעפּטשעט מיט בלאַע ליפּן, קרעכצנדיק:

—יעזוס מאַריאַ! יעזוס מאַריאַ!...

מיטאַמאָל איז דאָס גערודער פאַרוואַנדלט געוואַרן אין

אַ רעש פון צונויפגעמישטע ווערטער, און דערנאָך אין אַ געפילדער ווי פון אַן אויפגעבּרויזנטער כוואַליע. דאָס חייל, וואָס איז געשטאַנען אויף די מויערן, האָט דערקענט, אַז אויף דעם דאָזיקן שענדלעכן שטריק הענגט זייער אח-לצרה, דער ריכער אָן דער מינדסטער פּגימה — אַלע האָבן דערקענט, אַז דאָס איז הער לאָנגינוס פּאָדבּיפּיענטאַ, און אַ שרעקלעכער כּעס האָט גענומען אויפשטעלן די האָר אויף די קעפּ פון די זעלנער.

זאַגלאָבּאַ האָט צום סוף צעוועקגעריסן די הענט פון די בּרעמען; אַן אימה איז געווען אויף אים אַ קוק צו טון; אויף די ליפּן האָט ער געהאַט אַ שוים, דאָס פּנים איז בּיי אים געווען בּלאָ, די אויגן זענען אים אַרויסגעקראָכן פון די לעכער.

— בּלוט! בּלוט! — האָט ער גערעוועט מיט אַזאַ שרעקלעך קול, אַז אַ שוידער איז אַזש אַדורכגעלאָפן די דערנעבּן-שטייענדיקע.

און ער האָט אַ שפּרונג געטון אין גראָבּן אַריין. נאָך אים האָט זיך אַ וואָרף געטון אַלץ, וואָס איז געווען אויף די מויערן. קיין שום כּוח, אפילו די בּאַפעלן פון פירשט, וואָלטן נישט געקאָנט איינהאַלטן דעם דאָזיקן אויסבּרוך פון ווילדער רציחה. פון גראָבּן האָבּן זיי זיך אַרויסגעקריגן איינע איבּער די אָרעמס פון די צווייטע, זיי האָבּן זיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט און מיט די ציין פאַרן בּרעג פון גראָבּן — און ווער ס'איז אַרויסגעשפּרונגען, איז געלאָפן בּלינדערהייט, נישט אומקוקנדיק זיך, צי אַנדערע לויפן הינטער אים. פון די טורמס האָט גענומען זעצן אַ רויך, ווי פון אַ סמאָלע-זידעריי, און זיי האָבּן זיך צעטרייסלט פון דעם קנאַל פון די שאָסן, אָבּער ס'האָט גאָר נישט געהאָלפן. זאַגלאָבּאַ איז געפלויגן דער ערשטער מיט אַ שווערד איבּערן קאָפּ, אַ שרעקלעכער, אַ צעווילדעוועטער, ווי אַ צעבּריקעוועט ווילד פערד. דאָ ערשט זענען די קאָזאַקן אַקעגנגעשפּרונגען די אָנפאַלער מיט דרעש-אייזנס, מיט קאָסעס, און וואָלסט געמיינט: צוויי ווענט האָבּן זיך צונויפגעשלאָגן מיט אַ קראַך. אָבּער זאַטע הינט קאָנען זיך לאַנג נישט פאַרטיידיקן אַקעגן הונגעריקע און צערייצטע וועלף. פון אָרט אַרויסגעשטוי-

סענע, פון שווערדן געשניטענע, פון ציין צעפליקטע, געשלאָ-
גענע און צעקוועטשטע האָבן די קאָזאַקן נישט געקאָנט ביי-
שטיין דעםווילדן אַנלויף—און באַלד זענען זיי צעטומלט גע-
וואָרן און דערנאָך גענומען לויפן צו דער עפענונג. הער זאַ-
גלאָבאַ האָט געבושעוועט; ער האָט זיך געוואָרפן אין גרעסטן
המון אַריין, ווי אַ לייבין, ביי וועלכער מ׳האָט צוגענומען די
לייבעלעך; ער האָט געסאַפּעט, געכראָפּעט, געשניטן, געקוילעט—
געטרעטן! פּוסט איז געוואָרן פאַר אים, און נעבן אים איז גע-
גאַנגען, ווי אַ צווייטער פאַרצערנדיקער פלאַם, וואָלאָדיאָווסקי,
וואָס איז ענלעך געווען אויף אַ פאַרוווּנדעטע ווילדע חיה.

די שיסער, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין די טורמס,
האָט מען פאַרטיליקט ביז איינעם, די איבעריקע האָט מען גע-
טריבן אַזש ביז יענער זייט עפענונג אין דער מויער. דערנאָך
זענען די זעלנער אַרויף אויפן טורם און אָפּטשעפּנדיק דעם
הער לאָנגין, האָבן זיי אים פאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט אויף דער
ערד.

זאַגלאָבאַ האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף זיין קערפּער...

וואָלאָדיאָווסקיס האַרץ איז אויך געווען צעריסן און ער
האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן אויפן אָנבליק פון טויטן חבר.
ס׳איז לייכט געווען צו דערקענען מיט וואָס פאַר אַ טויט הער
לאָנגינוס איז אומגעקומען, ווייל דער גאַנצער גוף איז געווען
באַדעקט מיט וווּנדן פון די פיילן. נאָר דאָס פּנים האָבן די
פיילן נישט פאַרדאָרבן, אַ חוץ איין לאַנגן ראַץ אויף דעם
שלייף, וואָס אַ פייל האָט אָנגעצייכנט. אַ פּאָר טראָפּנס בלוט זע-
נען אים פאַרגליווערט געוואָרן אויף דער באַק, די אויגן זענען
ביי אים געווען פאַרמאַכט, און אויפן בלייכן פּנים האָט זיך
געשפּילט אַ לויטערער שמייכל, און ווען נישט די בלאָע בלייכ-
קייט פון פּנים, ווען נישט די קאַלטקייט פון טויט אין די
שטריכן—וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז הער לאָנגינוס שלאָפט
זיך רואיק. די חברים האָבן אים צו סוף גענומען און אויף די
אַקסלען אַוועקגעטראָגן אין גראָבן, און פון דאָרט איז געבעט-
הויז פון שלאָס.

ביז אָוונט האָט מען צונויפגעקלאַפּט אַן אָרון און די קבורה איז פאָרגעקומען ביינאַכט אויפן זבאַראַזשער בית-הקברות. עס זענען געקומען אַלע גלחים פון זבאַראַזש, אַ חוץ דעם קסיאָנדז זשאַבקאָווסקי, וועלכער איז אין לעצטן שטורם פאַר-וווּנדעט געוואָרן אין רוקן און איז געווען קרוב-למיתה; עס איז געקומען דער פירשט, וועלכער האָט איבערגעגעבן די קאָמאַנדע דעם קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע, און די קאָמענדאַנטן, און דער הער קרוין-כאָראָנזשי, און דער נאָוואָגראָדער כאָראָנזשי, און הער פשיעמסקי, און סקשעטוסקי, און וואָלאָדיאָווסקי, און זאַ-גלאָבאַ און די חברים פון פאָלק, אין וועלכן דער אומגעקומע-נער האָט געדינט. מ'האָט אַוועקגעשטעלט דעם אָרון איבער דעם פריש! אויסגעגראָבענעם קבר-- און די צערעמאָניע האָט זיך אָנגעהויבן.

די נאַכט איז געווען אַ שטילע, אַן אויסגעשטערנטע, די פאַקלס האָבן געברענט מיט אַ גלייכן פלאַם, וואַרפנדיק אַ שיין אויף די געלע ברעטער פון דעם נאָר-וואָס צונויפגעקלאַפּטן אָרון, אויף דער געשטאַלט פון קסיאָנדז און די פאַראומערטע פּנימער פון די ריטער, וואָס זענען אַרומגעשטאַנען.

דער ווייַרויך פון דער רויך-פאַן האָט זיך אויפגעהויבן רואיק, פאַרשפּרייטנדיק שמעקעדיקע ריחות; די שטילקייט איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן דורך הער זאַגלאָבאַס געשטיקטן כלי-פען, דורך די טיפע קרעכצן פון די מעכטיקע ריטערלעכע ברוסטן און דורכן ווייטן דונער פון דער שיסעריי אויף די מויערן.

אָבער קסיאָנדז מוכאָוויעצקי האָט אויפגעהויבן די האַנט צום צייכן, אַז ער הייבט אָן רעדן, די ריטערס האָבן דעם אָטעם איינגעהאַלטן, און ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער אַריינגעשטעקט דעם בליק אין די אויסגעשטערנטע הויכקייטן און צום סוף גענומען רעדן בזה הלשון:

—וואָס פאַר אַ קלאַפּן הער איך ביינאַכט אין די הימלישע טויערן? פרעגט קריסטוסעס גרייז-גראָער טיר-שומר, אויפכאַפּנ-

דיק זיך פון געשמאַקן שלאָף.—עפן הייליקער פעטער, עפן! איך בין פּאָדביפּיענטאַ.

„אָבער צוליב וועלכע מעשים טובים, צוליב וועלכן הויכן ראַנג, צוליב וועלכע פאַרדינסטן דערוועגסטו זיך, גנעדיקער הער פּאָדביפּיענטאַ, מטריח צו זיין אַזאַ חשובן טיר-שומר? אָבער מיט וואָס פאַר אַ רעכט ווילסטו אַריינגיין דאָרט, וווהין נישט קיין יחוס, ווען אפילו ער איז אַזוי שיין ווי דיינער, נישט קיין סענאַטאָרן-טיטול, נישט קיין קרוין-אַמטן, נישט קיין מאַיעסטעט, און אפילו פורפור-קליידער גיבן נאָך נישט צוליב זיך אַליין קיין פרייען אַריינטריט—וווהין מ'פאָרט נישט מיטן ברייטן שליאַך אין אַ קאָטש מיט אַ זעקס-געשפאַן, און מיט היידוקס, נאָר מען מוז דורכן וועג פון מעשים טובים, וואָס איז פול מיט שטרויכלונגען און מניעות, זיך אָהין דערשלאָגן?

„אַך, עפן הייליקער פעטער, עפן וואָס גיכער, ווייל סאַקע דורך אַזאַ דאָזיקן שטעגל איז געגאַנגען אונזער טייערער פריינט און חבר, הער פּאָדביפּיענטאַ—ביז ער איז צום סוף געקומען צו דיר, ווי אַ פאַרמאַטערטע טויב נאָך אַ לאַנגן פליען: ער איז געקומען אַ נאַקעטער ווי אַ לאַזאַר, ער איז געקומען ווי דער הייליקער סעבאַסטיאַן, צעריסן פון געצנדינערישע פיילן, ווי דער אומגליקלעכער איוב, ווי אַ בתולה, וואָס האָט קיין מאַן נישט געקענט, כשר, ווי אַן אונטערטעניק, געדולדיק און שטיל לעמעלע—אָן אַ פגימה פון זינד, מיט אַ קרבן פון בלוט, וואָס איז מיט שמחה פאַרגאָסן געוואָרן פאַרן ערדישן פאָטערלאַנד.

„לאָז אים אַריין, הייליקער פעטער, ווייל אַז דו וועסט אים נישט לאָזן—וועמען-זשע דען וועסטו אַריינלאָזן אין די דאָזיקע צייטן פון פאַרדאָרבנקייט און אומגלויביקייט?

„לאָז-זשע אים, הייליקער שומר! לאָז אַריין דאָס דאָזיקע לעמעלע; זאָל עס זיך פיטערן אויף דער הימלישער לאָנקע, זאָל עס ציפּן דאָס גראָז, ווייל עס איז הונגעריק געקומען פון זבאַראַזש...”

אַזוי האָט אָנגעהויבן דעם הספד קסיאָנדז מוכאָוויעצקי, און דערנאָך האָט ער אַזוי שיין געשילדערט דאָס גאַנצע לעבן

כוח הער לאָנגין, אַז יעדער איז בײַ זיך אויסגעקומען נעבעכ-
דיק פאַר דעם דאָזיקן שטילן אָרון פון ריטער אָן פּגימה, וועל-
כער האָט מיט זײַן עניוות די גרעסטע ענוים און מיט זײַן
צדיקות די גרעסטע צדיקים איבערגעשטיגן. עס האָבן זיך דע-
ריבער אַלע געשלאָגן אין האַרץ אַרײַן און דער צער, וואָס האָט
זיי באַהערשט, איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער, און זיי האָבן
בחוש וואָס אַמאָל מער אײַנגעזען, ווי גרויס עס איז דאָס אומ-
גליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס פּאָטערלאַנד, ווי גרויס ס'איז די
אבדה, וואָס זבאַראַזש האָט געליטן. און דער קסיאָנדז איז אַרײַן
אין התלהבות און ווען ער האָט צום סוף גענומען דערציילן
וועגן הער לאָנגינס קדושים-טויט, האָט ער שוין דעמאָלט אײַנ-
גאַנצן פאַרגעסן אין אַלע מליצות און ציטאַטן, און ווען ער
האָט גענומען געזעגענען זיך מיטן מת אין נאָמען פון דער
גייסטלעכקייט, פירער און חייל, האָט ער זיך אַליין צעוויינט
און געזאָגט, כליפּענדיק ווי זאַגלאָבאַ: „מיר געזעגענען זיך מיט
דיר, ברודער, מיר געזעגענען זיך מיט דיר, חבר! נישט צום
ערדישן קיניג, נאָר צום הימלישן קיניג, צו אַ מער זיכערער
אינסטאַנץ האָסטו אַוועקגעטראָגן אונזערע זיפצן, אונזער הונגער,
אונזער נויט און פּײַן—דאָרט וועסטו נאָך זיכערער פאַר אונז
אויספועלן אַ ישועה, אָבער אַליין וועסטו מער נישט צוריקקומען,
דערפאַר וויינען מיר, דערפאַר באַגיסן מיר דײַן אָרון מיט
טרערן, ווײַל מיר האָבן דיך ליב געהאַט, ליבסטער ברודער!"

צוזאַמען מיטן חשובן קסיאָנדז האָבן אַלע געוויינט, אי
דער פירשט, אי די קאָמענדאַנטן, אי דאָס חייל, און מער פון
אַלע די פריינט פון פאַרשטאָרבענעם. אָבער ווען דער קסיאָנדז
האָט צום ערשטן מאָל געזונגען: „אַ זיסע רו גיב אים, גאָט!"—
האָבן אַלע גענומען קלאָגן אויף אַ קול, הגם זיי אַלע זענען
געווען מענטשן פאַרהאַרטעוועטע אויפן טויט און אין טאָג-טעג-
לעכן לעבן האָבן זיי זיך צו אים צוגעוווינט.

ווען מ'האָט דעם אָרון אויף די שטריק אַוועקגעלייגט,
איז דעם הער זאַגלאָבאַ שווער געווען פון אים אַוועקצורייסן,
גלײַך ווי אַ ברודער אָדער אַ פאָטער וואָלט אים געשטאָרבן.

סקשעטוסקי און וואָלאָדיאָווסקי האָבן אים צום סוף קוים אַוועק־געשלעפּט. דער פּירשט איז צוגעגאַנגען און גענומען אַ הייפל ערד; דער קסיאָנדז האָט אָנגעהויבן זאָגן די לעצטע תּפלה, מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט דעם אָרון אין קבר אַריין—די ערד האָט זיך גענומען שיטן, מ׳האָט זי געשאָטן מיט די הענט, מיט די העלמס—און באַלד איז איבערן טויטן קערפּער פון הער לאָנגין פּאָדביפּיענטאַ אויסגעוואַקסן אַ הויך בערגל, אויף וועלכן ס׳איז געפאַלן דער ווייסער, טריבער שיין פון דער לבנה.

---

די דריי פריינט האָבן צוריקגעקערט פון דער שטאָט אויפן פּלאַץ, פון וועלכן ס׳האָט זיך כסדר צעטראָגן אַן אָפּ־קלאַנג פון שאָסן. זיי זענען געגאַנגען שטילשווייגנדיק, ווייל קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט דאָס ערשטע וואָרט אַרויס־רעדן—אָבער אַנדערע גרופּעס פון ריטער האָבן געפּלוידערט צווישן זיך וועגן בר-מינן, לויבנדיק אים אין איין קול.

—אַ לויה האָט ער געהאַט אַזאַ בכבודע—האָט געזאָגט עפּעס אַן אָפיציר, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען נעבן סקשעטוסקין—אַז אפילו דעם הער שרייבער שעראַקאָווסקי וואָלט מען קיין שענערע נישט איינגעאָרדנט.

—ער האָט עס אויך כשר פאַרדינט—האָט געענטפערט אַ צווייטער אָפיציר—וואָרום ווער וואָלט זיך דאָס אונטערגענומען זיך דורכצורייסן צום קיניג?

—און איך האָב געהערט—האָט אַ דריטער צוגעגעבן—אַז צווישן ווישניאָוויעצקיס לייט זענען געווען אַ פּאָר בעלנים, אָבער נאָך אַזאַ שרעקלעכן ביישפּיל איז זיי שוין אודאי אַלע דער חשק פאַרגאַנגען.

—און עס איז דאָך אויך נישט מעגלעך. אַ שלאַנג וועט זיך נישט דורכגליטשן.

—דאָס וואָלט דאָך געווען אַ ריין משוגעת!

די אָפיצירן זענען פאַרבייגעגאַנגען. ווידער האָט אַ ווײַלע

אָנגעהאַרטן אַ שטילשווייגן. מיטאַמאָל האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן:

—האָסטו געהערט, יאַן?

—כ'האָב געהערט—האָט סקשעטוסקי געענטפערט.—מיין ריי איז היינט.

—יאַן!—האָט וואָלאָדיאָווסקי ערנסט געזאָגט—דו קענסט מיך פון לאַנג אָן און ווייסט, אַז איך צי מיך נישט גערן צוריק פון געוואַגטע אונטערנעמונגען, אָבער עפּעס אַנדערש איז אַ געוואַגטע אונטערנעמונג און עפּעס אַנדערש איז אַ פּשוטער זעלבסטמאָרד.

—און דו זאָגסט עס, מיכאַל?

—איך, ווייל איך בין דיר אַ פריינט.

—אויך איך בין דיר אַ פריינט—גיב-זשע מיר דיין ריטערלעך וואָרט, אַז דו וועסט נישט גיין דער דריטער, אויב איך וועל אומקומען.

—אָ! דאָס איז נישט מעגלעך!—האָט וואָלאָדיאָווסקי אויסגעשריגן.

—זעסטו, מיכאַל! ווי אַזוי קאָנסטו פון מיר פאַרלאַנגען דאָס, וואָס דו וואָלסט אַליין נישט געטון? זאָל געשען גאָטס ווילן!

—אויב אַזוי דערלויב מיר מיט דיר מיטצוגיין.

—דער פירשט פאַרווערט, נישט איך—און דו ביזט אַ זעלנער און מוזט פאָלגן.

הער מיכאַל איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל ער איז טאַקע קודם-כל געווען אַ זעלנער, ער האָט דעריבער נאָר גענומען שטאַרק דרייען די וואָנסעלעך ביי דעם שיין פון דער לבנה און צום סוף געזאָגט:

—די נאַכט איז זייער אַ ליכטיקע—גיי נישט היינט.

—כ'וואָלט אודאי וועלן, אַז זי זאָל זיין טונקעלער—האָט סקשעטוסקי געענטפערט—אָבער אָפּלייגן איז נישט מעגלעך. דאָס וועטער, ווי דו זעסט, האָט זיך געשטעלט אויף לאַנג, און דאָ לאָזט זיך אויס דער פולווער, עס לאָזט זיך אויס דאָס עסנ-

וואַרי. די זעלנער גראָבן שוין אויפֿן פּלאַץ און זוכֿן וואָרצע־לעך — בײַ אַנדערע פֿילט דאָס צאָן־פֿלייש פֿון די עקלדיקע מאכֿלים, וואָס זיי עסן. הײַנט וועל איך גיין, באַלד; כ'האָב מיך שוין געזעגנט מיטן פֿירשט.

— כֿ'זע, אַז דו גייסט דיך פּשוט אַליין אומבֿרענגען.

סקשעטוסקי האָט אומעטיק אַ שמייכֿל געטון.

— וואָס רעדסטו, מיכֿאַל! אודאי שווים איך נישט אַרום אין תּענוגים, אָבער געוויינלעך דעם טויט וועל איך נישט זוכֿן, ווײַל דאָס וואָלט דאָך אויך געווען אַ חטא, איבעריקנס גייט עס דאָך נישט וועגן דעם, אַז איך זאָל אומקומען, נאָר וועגן דעם, אַז איך זאָל אַרויסגיין און דערגיין צום קיניג און אויסלייזן דעם לאַגער.

וואָלאָדיאָווסקין האָט מיטאַמאָל אָנגעכֿאַפּט אַזאַ חשק צו דערציילן סקשעטוסקין אַלץ וועגן דער פֿירשטין, אַז ער האָט כּמעט שוין געהאַט דאָס מויל אויפֿגעמאַכֿט; אָבער ער האָט זיך געטראַכֿט: פֿון דער בשורה וועט ער צעדולט ווערן און ס'וועט נאָך לײַכֿטער זײַן אים צו כֿאַפּן" — ער האָט דערײַבער זיך אַ ביס געטון אין דער צונג און עס פֿאַרשוויגן — ער האָט נאָר געפֿרעגט:

— וווּ־אַרום וועסטו גיין?

— כֿ'האָב געזאָגט דעם פֿירשט, אַז כֿ'וועל גיין דורכֿן סטאַוו, און שפּעטער מיטן טײַך, ביז איך וועל זיך נישט דורכֿ־קריגן ווײַט אויף יענער זײַט פֿון קאָזאַקישן לאַגער. דער פֿירשט האָט געזאָגט, אַז דער דאָזיקער וועג איז בעסער פֿון אַנדערע.

— נישטאָ, ווי כֿ'זע, קיין עצה — האָט וואָלאָדיאָווסקי גע־ענטפֿערט — קוים איז אַ מענטשן באַשערט דער טויט, איז שוין בעסער אויפֿן פֿעלד פֿון רום, איידער אויפֿן בעט. זאָל דיך גאָט פֿירן, זאָל דיך גאָט פֿירן, יאַן! אויב מיר וועלן זיך נישט זען אויף דער וועלט, וועלן מיר זיך זען אויף יענער וועלט, און איך וועל דיר זיכֿער בלײַבן געטרײַ ביזן טויט.

— ווי איך דיר — זאָל דיר גאָט באַצאָלן פֿאַר דײַן גוטס־

קייט. הער אָבער, מיכאַל, אויב כ׳וועל אומקומען, וועלן זיי מיך אפשר נישט פּרעזענטירן, ווי דעם הער לאָנגין, ווייל זיי האָבן באַקומען אַ צו שווערן פּסק, אָבער זיי וועלן זיך מסתמא אויף וועלכן עס איז אַנדערן אופן באַרימען: זאָל-זשע אין אַזאַ פאַל דער אַלטער זאַטשווילי־כאָווסקי אוועקפאָרן צו כמעלניצקין נאָך מיין גוף, ווייל כ׳וואָלט נישט וועלן, אַז די הינט זאָלן מיך איי־בער זייער לאַגער אַרומשלעפּן.

—קאָנסט זיכער זיין—האָט וואָלאָדיאָווסקי געזאָגט.

הער זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט פון אָנהויב אָן כמעט אָן באַוועגן זיך צוגעהערט צום שמועס, האָט צום סוף תופס געווען, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, אָבער ער האָט אין זיך נישט געפונען גענוג קראַפט צוריקצוהאַלטן אָדער אָפּצורעדן, נאָר ער האָט גענומען קרעכצן:

—נעכטן יענער, היינט דער—גאָט! גאָט! גאָט!...

—פאַרלירט נישט דעם בטחון!—האָט וואָלאָדיאָווסקי זיך אָנגערופן.

—הער יאַן!...—האָט זאַגלאָבאַ אָנגעהויבן.

און ער האָט מער גאָרנישט געקאָנט זאָגן, ער האָט נאָר דעם גראָען, פאַראומערטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די ברוסט פון ריטער און אַזוי זיך געטוליעט צו אים, ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד.

מיט אַ שעה שפּעטער האָט סקשעטוסקי זיך פאַרזונקען אין די וואַסערן פון מערבדיקן סטאַוו.

די נאַכט איז געווען זייער אַ קלאָרע און דער מיט פון סטאַוו האָט אויסגעזען ווי אַ זילבערנער פּאַנצער, אָבער סקשע־טוסקי איז באַלד נעלם געוואָרן פון די אויגן, ווייל דער ברעג איז געווען געדיכט באַוואַקסן מיט וואַסער-געוויקסן, ווייטער צווישן די שיטערע ים-שטעקעלעך זענען בשפע געוואַקסן פאַר־שידענע זומפּ-בלומען. דאָס דאָזיקע גאַנצע געמיש פון ברייטע און שמאָלע בלעטער, גליטשיקע שטענגעלעך, געשלענגלטע פלאַנצן האָבן פאַרטשעפּנדיק זיך פאַר די פיס און פאַרן קער־פּער, שטאַרק געשטערט דאָס גיין, אָבער עס האָט ווייניקסטנס

פארשטעלט דעם ריטער פאר די אויגן פון די וואך-פאסטנס. וועגן אריבערשווימען דורך די קלארע מיטלסטע שויב איז אפילו נישט געווען וואס צו טראכטן, ווייל יעדע טונקעלע זאך וואלט אויף איר לייכט באמערקט געווארן.—סקשעטוסקי האט דעריבער באשלאסן ארומצורינגלען מיטן ברעג דעם גאנצן סטאוו, ביז צום זומפ, וואס איז געלעגן אויף דער צווייטער זייט, דורך וועלכן דער טייך איז אריינגעפלאסן אין סטאוו. מסתמא זענען דארט געשטאנען קאזאקישע וואך-פאסטנס, אדער טאטערישע, דערפאר איז אבער געוואקסן א גאנצער וואלד פון וואסער-שטעקעלעך, וואס זיינען ברעגעס זענען נאר אויסגעהאקט געווארן אויף גע-צעלטן פארן המון. צוקומענדיק איין מאל צום זומפ, וואלט מען געקאנט לייכט גיין פארויס צווישן די וואסער-שטעקעלעך אפילו בייטאג, סיידן דער זומפ וואלט זיך ארויסגעוויזן פאר צו טיף. אבער אויך דער דאזיקער וועג איז געווען א שרעקלעכער. אונ־טער דעם דאזיקן שלאפנדיקן וואסער, וואס איז ביים ברעג גע-ווען נישט העכער פון א פוס, האט זיך פארבארגן א בלאטע, אויף אן אייל און נאך מער די טיף. נאך יעדן טריט סקשע-טוסקיס זענען אויף די וואסערן אויבן-אויף ארויסגעשווומען א סך בלעזלעך, וואס זייער פליעסקען האט מען לייכט געקאנט הערן אין דער שטילקייט. א חוץ דעם, נישט קוקנדיק אויף די לאנגזאמקייט פון זיינע באוועגונגען, האבן זיך געבילדעט כוואַ-ליעדיקע רעדער, וואס זענען וואס אמאל ווייטער אפגעלאפן פון מיטן אזש ביז צום נישט באוואקסענעם שטח, אויף וועלכן עס האט זיך אין זיי געבראכן דאס ליכט פון דער לבנה. בעת א רעגן וואלט סקשעטוסקי פשוט אריבערגעשווומען דעם סטאוו און אין משך פון העכסטנס א האלבער שעה וואלט ער אנגע-שפארט ביז צום זומפ, אבער אויפן הימל איז נישט געווען קיין איין כמארעלע. גאנצע שטראמען פון גרינלעכן ליכט האבן זיך בעגאסן אויפן סטאוו, פארוואנדלענדיק די בלעטער פון די זומפ-בלומען אין זילבערנע פאנצערס, און די פעדערן פון די וואַ-סער-שטעקעלעך אין זילבערנע פעדעם. קיין ווינט האט נישט געבלאזן—צום גליק האט דער ליארם פון דער שיסעריי פאר-

הילכט דאָס פליעסקען פון די וואַסער-בלעזלעך. באַמערקנדיק
דאָס האָט סקשעטוסקי געשפּרייזט פאָרויס נאָך דעמאָלט, ווען
די זאַלפּן אין די גראָבנס און שאַנצן זענען געוואָרן הילכיקער.
אָבער די שטילע, לויטערע נאַכט האָט פאַרשאַפט נאָך אַ שווע-
ריקייט. חמרים פון ביגען האָבן זיך אויפגעהויבן פון די וואַ-
סער-שטעקעלעך און בילדנדיק אַ וואָלקן איבער דעם ריטערס
קאָפּ, האָבן זיי זיך אים געזעצט אויפן פנים, אויף די אויגן,
שטעכנדיק, זשומענדיק און זינגנדיק איבער זיינע אויערן זייערע
יאָמערלעכע ניגונים. אויסקלייבנדיק דעם דאָזיקן וועג, האָט
סקשעטוסקי זיך אַליין נישט געגאַרט און זיך געריכט אויף
שוועריקייטן, אָבער ער האָט נישט אַלץ פאָרויסגעזען. ער האָט
נישט פאָרויסגעזען זיינע שרעקן, יעדע טיפעניש פון די וואַ-
סערן, אפילו פון די אַמבעסטן באַקאַנטע, האָט אין זיך ביינאַכט
עפּעס סודותדיקס און אימהדיקס אינאיינעם—און נישט ווילנדיק
שווימט אַרויף די פראַגע: וואָס טוט זיך דאָרט אויפן דנאָ? און
דער דאָזיקער זבאַראַזשער סטאַוו איז פשוט געווען מוראדיק.
דאָס וואַסער אין אים האָט אויסגעזען צו זיין געדיכטער, ווי
אַ געוויינלעך וואַסער—און האָט אַרויסגעגעבן אַ ריח פון פגרים.
עס האָבן אין אים טאַקע געפוילט הונדערטער קאָזאַקן און טאָ-
טערס. ביידע צדדים האָבן אמת אַרויסגעצויגן די מתים, אָבער
וויפיל פון זיי האָבן געקאָנט זיין באַהאַלטן צווישן די שטעקע-
לעך, בלומען און געדיכטע זומפּ-פלאַנצן? סקשעטוסקין האָט
אַרומגענומען די קעלט פון די כוואַליעס—און אַ שווייס האָט
אים באַגאָסן דעם שטערן. וואָס וועט זיין, ווען עפּעס קלעפּיקע
אָרעמס וועלן אים מיטאַמאָל אָנכאַפּן, אָדער ווען עפּעס גרינ-
לעכע אויגן וועלן אַ קוק טון אויף אים פון אונטער די פלאַנצן?
די לאַנגע שטענגעלעך פון די וואַסער-רויזן האָבן אים אַרומגע-
נומען פאַר די קני, און אים האָבן זיך די האָר געשטעלט אויפן
קאָפּ פאַר שרעק, אַז עפּ״ס אַ דערטרונקענער נעמט אים אפשר
אַרום און וועט אים מער נישט אָפּלאָזן. „יעזוס, מאַריאַ! יעזוס,
מאַריאַ!״—האָט ער געשעפּטשעט אָן אויפהער, שפּרייזנדיק פאָ-
רויס. ווײַלעוויַיז האָט ער אויפגעהויבן די אויגן אין דער הויך

און אויפן אָנבליק פון דער לבנה, שטערן און הימלישער רואי־קייט, האָט ער דערשפירט אַ געוויסע דערלייכטערונג. „פאַראַן אַ גאָט!״—האָט ער פאַר זיך איבערגעחזרט אין דער שטיל אַזוי, אַז ער זאָל זיך אַליין קאָנען דערהערן.

פון צייט צו צייט האָט ער אַ קוק געטון אויפן ברעג און עס האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז ער קוקט אויף גאָטס ערד פון עפּעס אַ פאַרשאָלטענער וועלט פון קויט, שוואַרצע טיפענישן, בלייכער לבנה-שיין, רוחות, מתים און נאַכט-פינ־סטערניש—און עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַזאַ בענקעניש, אַז ער האָט באַלד געוואָלט אַרויס פון דער דאָזיקער נעץ פון וואַסער־שטעקעלעך.

אָבער ער האָט כסדר ווייטער געשפּרייזט מיטן ברעג—און זיך שוין אויף אַזוי פיל דערוווייטערט פון לאַגער, אַז ער האָט אויף גאָטס ערד, אויף אַ פּאָר צענדליק שריט פון ברעג, דער־זען אַ טאָטער שטיין אויף אַ פערד—ער האָט זיך דעריבער אָפּ־געשטעלט און געקוקט אויף די דאָזיקע געשטאַלט, וועלכע האָט אויסגעזען צו שלאָפן, אויף וואָס עס האָט עדות געזאָגט איר בלייכמעסיק שאָקלען זיך צום האַלז פון פערד.

דאָס איז געווען אַ משונהדיק בילד. דער טאָטער האָט זיך אַלץ געשאָקלט, גלייך ווי ער וואָלט זיך שטילשווייגנדיק געניינגט פאַר סקשעטוסקין, וועלכער האָט פון אים די אויגן נישט אַראָפּגענומען. געווען דערין עפּעס מוראדיקס, אָבער סקשעטוסקי האָט לייכטער אָפּגעזיפצט, ווייל לגבי דער דאָזיקער ווירקלעכער שרעק זענען פאַרשוווּנדן די איינגעבילדעטע שרעקן, וועלכע ס׳איז אַ סך שווערער געווען אַריבערצוטראָגן. די וועלט פון רוחות איז ערגעץ אַוועקגעפלויגן און דער רייטער איז באַלד ווידער געקומען צו זיך; אין קאָפּ האָבן זיך גענומען שטופּן נאָר אַזעלכע פראַגן ווי: ער שלאָפט, אָדער ער שלאָפט נישט? זאָל איך גיין ווייטער, אָדער וואַרטן?

צום סוף איז ער געגאַנגען ווייטער, באַוועגנדיק זיך נאָך שטילער, נאָך פאָרזיכטיקער, ווי אין אָנהויב פון וועג. ער איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ העלפט וועג צום זומפּ און טייך,

ווי ער האָט דערשפּירט דעם ערשטן בלאָז פון אַ לייכטן ווינט. עס האָבן זיך באַלד צעוויגט די שטעקעלעך און אָנקלאַפּנדיק איינס אין צווייטן האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ שטאַרק געררויש, און סקשעטוסקי האָט זיך דערפרייט, ווייל נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער פאָרזיכטיקייט, נישט קוקנדיק דערויף וואָס ער האָט צייטנווייז געפּטרט צו אַ פּאָר מינוט אויף אָוועקצושטעלן דעם פוס, האָט אַ אומגערנדיקע באַוועגונג, אַ שטרויכלען-זיך, אַ פּלעסק געקאָנט אים אויסגעבן. איצט איז ער געגאַנגען דרייסטער צווישן דעם הויכן געמורמל פון די שטעקעלעך, מיט וועלכן ס׳האָט זיך צעררוישט דער גאַנצער סטאַוו—און אַלץ אַרום האָט זיך צערעדט, אפילו דאָס וואַסער אויף די ברעגעס האָט זיך צעכוואַליעט אויף אַ קול.

אָבער די דאָזיקע באַוועגונג האָט משמעות אויפגעוועקט נישט בלויז די ברעג-געוויקסן, ווייל מיטאַמאָל האָט זיך פּאָר סקשעטוסקין באַוויזן עפּעס אַ טונקעלע זאַך און גענומען זיך שאָקלען צו אים, גלייך ווי זי וואָלט זיך געגרייט צו אַ שפּרונג. סקשעטוסקי האָט אין דער ערשטער רגע שיער נישט אַ געשריי געגעבן; דער פּחד און עקל האָבן אים אָבער פאַרהאַלטן דאָס קול אין דער ברוסט, און צו דערזעלבער צייט האָט אַ שרעקלעכער געשטאַנק אים אָנגעכאַפּט פאַרן גאָרגל.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום, ווען ס׳איז אַריבער דער ערשטער געדאַנק, אַז דאָס קאָן זיין אַ בר-מינן, וועלכער האָט אים בכיון פאַרשטעלט דעם וועג, איז פאַרבליבן נאָר דער עקל—און דער ריטער האָט זיך געלאָזט ווייטער גיין. דאָס געמורמל פון די שטעקעלעך האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן און וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואָרן. דורך זייערע שפּיצן האָט סקשעטוסקי דערזען אַ צווייטן און דריטן טאָטערישן וואַך-פּאָסטן. ער האָט זיי געמיטן. ער האָט אויך געמיטן אַ פּערטן. „איך האָב שוין גע-מוזט האָבן אַרומגעגאַנגען אַ האַלבן סטאַוו״—האָט ער געטראַכט—און זיך אויפגעהויבן אַ ביסל פון די שטעקעלעך אַ קוק טון אויף וועלכן אָרט ער געפינט זיך—דאָ האָט זיך עפּעס פאַר-

טשעפּעט פאַר זיינע פיס, ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען האַרט נעבן זיינע קני אַ מענטשלעך פּנים.

—דאָס איז שוין דער צווייטער—האָט ער געטראַכט.

דאָס מאָל האָט ער זיך נישט דערשראָקן, ווייל דער דאָזיקער צווייטער בר-מינן איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף און האָט אין זיין מאַכטלאָזיקייט נישט געהאַט קיין שיין פון לעבן און באַוועגונג.—סקשעטוסקי האָט זיך נאָר גענומען גיין גיכער, כּדי דער קאָפּ זאָל זיך אים נישט פאַרדרייען. די שטעקעלעך זענען געוואָרן וואָס אַמאָל געדיכטער—וואָס עס האָט פון איין זייט געגעבן אַ זיכער באַהעלטעניש, פון דער צווייטער זייט אָבער האָט עס אומגעהויער שווערער געמאַכט דעם גאַנג. ס'איז אַריבער נאָך אַ האַלבע שעה, דערנאָך אַ שעה, ער איז אַלץ געגאַנגען, אָבער ער איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער פאַרמאַטערט. דאָס וואַסער אין מאַנכע ערטער איז געווען אַזוי פלאַך, אַז עס האָט אים נישט געגרייכט ביז צו די קני, דערפאַר אָבער איז ער דאָ און דאָרט געזונקען כּמעט ביז צום גאַרטל. ס'האָט אים אויך אומגעהויער געמאַטערט דאָס לאַנגזאַמע אַרויסציען די פיס פון דער בלאָטע. אַ שווייס האָט אים באַגאָסן דעם שטערן, און צו דער זעלבער צייט איז אים פון צייט צו צייט אַ שוידער דורכגעלאָפן פון די פיס ביז צום קאָפּ.

—וואָס איז דאָס?—האָט ער געטראַכט מיט אַ שרעק אין האַרצן—בין איך נישט אַראָפּ פון זינען? עפּעס זעט מען נישט דעם זומפּ; וואָס וועט זיין, אַז איך וועל נישט דערקענען דאָס אָרט צווישן די שטעקעלעך און וועל עס אויסמיידן?

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע סכּנה, ווייל אויף אַזאַ אופן וואָלט ער אַ גאַנצע נאַכט געקאָנט זיך דרייען אַרום דעם סטאַוו און אין דער פרי זיך געפינען אויף דעם זעלבן אָרט, פון וועלכן ער איז אַרויסגעגאַנגען, אָדער אויף אַן אַנדערן אָרט אַריינפאַלן אין די קאָזאַקישע הענט.

—אַ שלעכטן וועג האָב איך אויסגעקליבן—האָט ער געטראַכט, פאַרלירנדיק דעם מוט—דורכן סטאַוו אַריבערגיין קאָן מען נישט, איך וועל זיך מאָרגן אומקערן און גיין, ווי הער

לאָנגינוס—ביז מאָרגן וואָלט איך געקאָנט אָפּרוען.

אָבער ער איז ווייטער געגאַנגען, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז ער נאַרט זיך אַליין, ווען ער רעדט זיך איין, אַז ער וועט זיך אומקערן און לאָזן זיך אין וועג אַריין נאָכן אָפּרו; ס'איז אים אויך איינגעפאַלן, אַז גייענדיק אַזוי זאַכט און אָפּשטעלנ-דיק זיך יעדע ווײַלע, האָט ער נאָך נישט געקאָנט צוקומען צום זומפּ. אָבער דער געדאַנק וועגן אָפּרו האָט אים וואָס אַמאָל שטאַרקער באַהערשט. ווײַלעווייז האָט אים אָנגעכאַפּט אַ חשק זיך אַוועקצולייגן ערגעץ אויף דער בלאָטע, כדי כאָטש אַ ביסל זיך אויסצורוען. ער האָט זיך אַזוי געשלאָגן מיט די אייגענע גע-דאַנקען און צו דערזעלבער צייט מתפּלל געווען. אַ שוידער האָט אים אָנגעכאַפּט וואָס אַמאָל אָפטער, וואָס אַמאָל שוואַכער האָט ער אַרויסגעשלעפּט די פיס פון דער בלאָטע. דער אָנבליק פון טאָטערישע וואַך-פּאָסטנס האָט אים אויסגעניכטערט, אָבער ער האָט געשפּירט, אַז אויך דער קאָפּ זיינער מאַטערט זיך ווי דער גוף—און אַז ער פאַלט אַריין אין אַ היץ.

ס'איז ווידער אַריבער אַ האַלבע שעה—דער זומפּ האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַוויזן.

דערפאַר האָט ער זיך וואָס אַמאָל אָפטער אָנגעשטויסן אויף קערפּערס פון דערטרונקענע. די נאַכט, אימה, בר-מיננס, דאָס געדויש פון די שטעקעלעך, די פאַרמאַטערטקייט און שלאָפ-לאָזיקייט האָבן אים צעטומלט די געדאַנקען. דער דמיון האָט זיך אים גענומען צעשפּילן. אָט איז העלענאַ אין קודאַק, און ער שווימט מיט זשענדזשאַנען אויף אַ שיפל מיטן דניעפּר-לויף. די שטעקעלעך רוישן—ער הערט אַ געזאַנג. קסיאָנדז מוכאָוויעצ-קי וואַרט אין די גלחים-קליידער, און הער קשישטאָף גראָ-דזשיצקי וועט דעם פאָטער פאַרטרעטן... דאָס מיידל קוקט דאָרט יעדן טאָג אויפן טייך פון די מויערן—באַלד וועט זי נעמען פּאַטשן אין די הענט אַריין און שרייען: „ער פאָרט! ער פאָרט!"

—האַר!—האָט זשענדזשאַן זיך אָנגערופן, ציענדיק אים פאַרן אָרעם—דאָס פריילײַן שטייט...

סקשעטוסקי וועקט זיך. דאָס האָבן אים די פּאַרפּאַנטערטע שטעקעלעך פּאַרהאַלטן אויפן וועג. די וויזיע ווערט צערונען. ער קומט ווידער צו זיך. איצט שפּירט ער שוין נישט אַזאַ מידקייט, ווייל די היץ גיט אים צו כּח.

העי, איז דאָס נאָך אַלץ נישט דער זומפּ?

אָבער אַרום און אַרום זעט ער אַלץ דיזעלבע שטעקעלעך, גלייך ווי ער וואָלט זיך פון אָרט נישט גערירט. ביים טייך מוז זיין אַן אָפן וואַסער, הייסט עס, אַז דאָס איז נאָך נישט דער זומפּ.

דער ריטער גייט ווייטער, אָבער די וויזיע קערט צוריק מיט אַן אומבּרחמנותדיקער האַרטנעקיקייט. אומזיסט וויל סקשע-טוסקי זי פאַרטרייבן, אומזיסט הייבט ער אָן צו שעפּטשען אַ תּפילה, אומזיסט שטאַרקט ער זיך נישט צו פאַרלירן דאָס באַ-וווסטזיין—ווידער שווימט אָן דער דניעפּר, די שיפלעך—קודאַק, סיטש—נאָר דאָסמאָל זעט ער אין דער וויזיע אַ סך פּערזאָנען: אַ חוץ העלענאַן אויך דעם פירשט, און כמעלניצקין, און דעם קאָזאַקן-אַטאַמאַן, און דעם הער לאָנגינוס, און זאַגלאָבאַן, און באָהוגען און וואָלאָדיאָווסקין—אַלע זענען אָנגעטון יום-טובדיק אויף זיין חתונה, אָבער ווו זאָל זיין די דאָזיקע חתונה? זיי זענען עפּעס אין אַן אומבּאַקאַנטן אָרט, ס'איז נישט לובני, נישט ראָזלאָגי, נישט סיטש, נישט קודאַק... עפּעס אַ וואַסער און אויף אים שווימען קערפּערס...

סקשעטוסקי וועקט זיך צום צווייטן מאָל, אָדער, בעסער געזאָגט, עס וועקט אים אַ שטאַרק גערויש, וועלכעס איז געקו-מען פון דער זייט, אין וועלכע ער גייט—ער האָט זיך דערי-בער אָפּגעשטעלט און געהאָרכט.

דאָס גערויש דערנענטערט זיך, עס הערט זיך עפּעס אַ סקריפּעריי און אַ פּלעסק—דאָס איז אַ שיפל.

מ'זעט עס שוין דורך די שטעקעלעך. עס זיצן אין אים צוויי קאָזאַקן—איינער אַרבעט מיטן רודער, דער צווייטער האַלט אין דער האַנט אַ לאַנגן שטעקן, וועלכער האָט פון דערווייטנס

געבלאַנקט ווי זילבער, און שאַרט מיט אים פאַנאַנדער די וואַ-סער-געוויקסן.

סקשעטוסקי האָט זיך אַזש ביז איבערן האַלז אַראָפּגע-לאָזט אין וואַסער, אַזוי אַז נאָר דער קאָפּ האָט אַרויסגעשטעקט איבער די פּלאַנצן, און האָט געקוקט.

—איז דאָס אַ געוויינלעכער וואַך-פּאָסטן, אָדער זיי זענען שוין געפאַלן אויף מיינע שפּורן און יאָגן מיך נאָך?—האָט ער זיך געטראַכט.

באַלד אָבער האָט ער פון די רואיקע און פוילע באַוועגונגען פון די קאָזאַקן זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס מוז זיין אַ געוויינלעכע וואַך. שיפלעך אויפן סטאַוו האָט געמוזט זיין מער ווי איינס—און ווען די קאָזאַקן וואָלטן אים נאָכגעיאָגט, וואָלטן זיך בסתמא אָנגעקליבן אַ פּאָר שיפלעך און אַ סך מענטשן.

דערווייל זענען זיי נעבן אים פאַרבייגעפאָרן—דאָס גערויש פון די שטעקעלעך האָט פאַרטויבט דעם שמועס; סקשעטוסקי האָט מיטן אויער אויפגעכאַפּט נאָר פּאָלגנדיקע אָפּגעריסענע ווערטער:

—דער טייוול זאָל זיי נעמען, אויך דאָס דאָזיקע פאַרפּושטע וואַסער האָבן זיי געהייסן היטן!

און דאָס שיפל האָט זיך פאַררוקט הינטער די בינטלעך פון די געוויקסן. נאָר דער קאָזאַק, וואָס איז געשטאַנען פון פאָרנט, האָט כסדר ריטמיש געקלאַפּט מיטן שטעקן אין די וואַסער-פּלאַנצן, גלייך ווי ער וואָלט וועלן די פיש איבערשרעקן.

סקשעטוסקי האָט זיך געלאָזט ווייטער גיין.

אין אַ געוויסע צייט אַרום האָט ער ווידער דערזען אַ טאָטערישן וואַך-פּאָסטן, וואָס איז געשטאַנען האַרט איבערן ברעג. דער שיין פון דער לבנה איז געפאַלן גלייך אויפן פּנים פון טאַטער, וואָס איז ענלעך געווען אויף אַ הינטישע מאָרדע. אָבער סקשעטוסקי האָט שוין נישט אַזוי פיל מורא געהאַט פאַר דער דאָזיקער וואַך, ווי דערפאַר, אַז ער זאָל נישט פאַרלירן דאָס באַוווסטזיין. ער האָט דעריבער אָנגעשטרענגט אַלע כוחות, כדי

זיך אָפּפּצוגעבן אַ קלאָרן דין-וחשבון דערפון, ווו ער איז און וווהין ער גייט. אָבער דער דאָזיקער קאַמף האָט נאָר נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין מידקייט און באַלד האָט ער באַמערקט, אַז אַלץ ווערט פאַרטאָפּלט און פאַרדרייפאַכט אין זיינע אויגן, אַז ווייַלנוויייז ווייזט אים אויס דער סטאַוו צו זיין דער לאַגער-פּלאַץ, און די בינטלעך פון די שטעקעלעך—געצעלטן. דעמאָלט האָט ער געוואָלט רופן וואָלאָדיאָווסקין, אַז ער זאָל גיין מיט אים צוזאַמען, אָבער אויף אַזוי פיל האָט ער נאָך געוווסט, וואָס מיט אים טוט זיך, אַז ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן.

— שריי נישט! שריי נישט! — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט — דאָס וועט דיך אומברענגען.

אָבער דער דאָזיקער געראַנגל מיט זיך אַליין איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. ער איז אַרויס פון זבאַראַזש אַ געפּייניקטער פון הונגער און פון שרעקלעכער שלאָפלאָזיקייט, פון וועלכער די זעלנער זענען שוין דאָרט אויסגעגאַנגען. דער דאָזיקער וועג אין מיטן דער נאַכט, די קאַלטע באָד, דער ריח פון פּגרים, וואָס האָט געשלאָגן פון וואַסער, דאָס בלאָנדזשען איבער די בלאָטעס, דאָס פּלאָנטערן זיך צווישן די וואָרצלען פון די געוויקסן, האָבן אים אָפּגעשוואַכט ביז גאָר. דערצו נאָך איז צוגעקומען די צערייצטקייט צוליב דער כסדרדיקער שרעק און דער וויטאָק פון צעריסענעם פּנים, וועלכעס די בינען האָבן אים אַזוי צעשטאָכן, אַז עס איז אינגאַנצן געווען באַגאָסן מיט בלוט — ער האָט דעריבער געשפּירט, אַז אויב ער וועט נישט גיך צוקומען צום זומפּ, איז אָדער ער וועט אַרויס אויפן ברעג, כּדי עס זאָל אים גיכער טרעפן, וואָס עס דאַרף אים טרעפן, אָדער ער וועט פאַלן צווישן די דאָזיקע שטעקעלעך און דערטרונקען ווערן.

יענער זומפּ און טייך זענען פאַר אים געווען אַ האַפן פון אויסלייזונג, הגם דאָרט האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן נייע שוועריקייטן און סכּנות.

ער האָט זיך געשטאַרקט און איז געגאַנגען ווייטער, רעכענענדיק זיך וואָס אַמאָל ווייניקער מיט סכּנות. אין דער היץ

האָט סקשעטוסקי געהערט מענטשלעכע קולות, שמועסן; עס האָט זיך אים געדוכטן, אַז דאָס רעדט וועגן אים אַזוי דער סטאַוו. וועט ער צוקומען צום זומפּ, אָדער נישט? וועט ער אַרויסקריכן, אָדער נישט? די בינען האָבן געזונגען איבער אים מיט זייערע דינע שטימעלעך וואָס אַמאָל יאָמערלעכער. דאָס וואַסער איז געוואָרן טיפער — באַלד האָט עס אים געגרייכט ביזן גאַרטל, און דערנאָך ביז צו דער ברוסט. ער האָט דעריבער געטראַכט, אַז אויב ס'וועט אויסקומען צו שווימען, וועט ער זיך פאַרפּלאָנ-טערן אין דעם דאָזיקן געדיכטן געוועב און דערטרונקען ווערן.

און ווידער האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקער חשק צו רופן וואָלאָדיאָווסקין; ער האָט שוין געהאַט צונויפגעלייגט די הענט ביים מויל, כדי אויסצושרייען:

— מיכאַל! מיכאַל!

צום גליק, האָט עפּעס אַ דערבאַרמדיק שטעקעלע אים אַ פּאַטש געטון מיטן באַטויטן, פּייכטן שפּיץ אין פּנים אַריין. ער איז געקומען צו זיך — און דערזען פאַר זיך, אָבער אַ ביסל נענ-טער צו דער רעכטער זייט, אַ שוואַך פלעמל.

איצט האָט ער שוין כסדר געקוקט אין דאָזיקן ליכט און אַ געוויסע צייט האַרטנעקיק געגאַנגען צו אים.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווייל ער האָט באַ-מערקט אַ פּאַס פון ריינעם וואַסער, וואָס איז געפלאָסן אין דער ברייט. ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. דאָס איז געווען דער טייך, און אויף ביידע זייטן — דער זומפּ.

— וועל איך שוין, הייסט עס, אויפהערן אַרומצוגיין מיטן ברעג, און איך וועל זיך אַריינלאָזן אין דאָזיקן קלין — האָט ער זיך געטראַכט.

פון ביידע זייטן פון פּאַס האָבן זיך געצויגן צוויי שורות פון שטעקעלעך — דער ריטער האָט זיך געלאָזט גיין אויף דער זייט, צו וועלכער ער איז צוגעקומען. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער דערקענט, אַז ער גייט אויפן ריכטיקן וועג. ער האָט זיך אומגעקוקט: דער סטאַוו איז שוין געווען הינטער אים, און ער איז איצט געגאַנגען ווייטער אין דער לענג פון שמאָלן פּאַס,

װעלכער האָט נישט געקאָנט זײן עפּעס אַנדערש, װי דער טײך.

דאָס װאַסער איז דאָ אױך געװען קעלטער.

אָבער אין אַ געװיסע צײט אַרום איז אים באַפאַלן אַ שרעקלעכע מידקײט. די פיס האָבן זיך אים געטרײסלט, און פאַר די אױגן האָט זיך װי אױפגעהױבן אַ שװאַרצער נעפּל. „אַנדערש קאָן נישט זײן, גאָר איך װעל צוגײן צום ברעג און זיך אָװעקלײגן—האָט ער געטראַכט—כ'װעל װײטער נישט גײן, כ'װעל אָפּרוען".

מיט אַמאָל איז ער אומגעפאַלן אױף די קני און מיט די הענט אָנגעטאַפּט אַ טרוקן בינטל, װאָס איז געװען באַװאַקסן מיט מעך. דאָס איז געװען װי אַן אינזעלע צװישן די גע-װיקסן.

ער האָט זיך אַװעקגעזעצט אױף אים און גענומען מיט די הענט אָפּװישן דאָס פאַרבלוטיקטע פּנים און דערבײ שטאַרק עטעמען.

אין אַ װײלע אַרום האָט זיך צו זײנע נאָזלעכער דער-טראָגן אַ ריח פון רױך. אומדרײענדיק זיך צום ברעג, האָט ער אױף הונדערט שריט פון ברעג דערזען אַ פײער און אַרום אים אַ הײפל מענטשן.

ער איז געשטאַנען אַקעגנאיבער דעם דאָזיקן פײער און אין די מאָמענטן, װען דער װינט האָט צעשאַרט די שטעקעלעך, האָט ער אַלץ געקאָנט אױסגעצײכנט זען. באַלד בײם ערשטן בליק האָט ער דערקענט די טאָטערישע פערד־שמײסער, װאָס זענען געזעסן בײם פײער און געגעסן.

דעמאָלט האָט ער דערפילט אַ שרעקלעכן הונגער. דעם לעצטן באַגינען האָט ער אױפגעגעסן אַ שטיקל פערד-פלײש, מיט װעלכן עס װאָלט זיך נישט אָנגעזעטיקט אפילו אַ צװײ-חדשימדיק װעלפל—און פון דעמאָלט אָן האָט ער גאָרנישט גע-האַט אין מויל.

ער האָט דעריבער גענומען אָפּפליקן די דערנעבן-װאַקסנ-דיקע שטענגעלעך פון די זומפּ־בלומען און זײ גיריק אױסגע-זױגן. ער האָט מיט זײ געשטילט סײ דעם הונגער, און סײ

דעם דורשט, ווייל אויך אַ דורשט האָט אים געפּייניקט.

דערבײַ האָט ער כּסדר זיך אײַנגעקוקט אין פֿײַער, וועלכעס איז געוואָרן וואָס אַמאָל בלאַסער און שוואַכער. די מענטשן, וואָס נעבן אים, האָבן זיך פֿאַרהילט ווי מיט אַ נעפּל און עס האָט זיך געדוכטן, אַז זיי דערווײַטערן זיך.

—אַהאַ! דער שלאָף מאַטערט מיך! כ׳וועל דאָ אײַנשלאָפֿן אויף דעם דאָזיקן בינטל—האָט זיך דער ריטער געטראַכט.

אָבער בײַם פֿײַער האָט זיך גענומען רודערן. די טאָטערס זענען אויפֿגעשטאַנען. באַלד האָבן זיך צו סקשעטוסקיס אויערן דערטראָגן קולות: „פֿערד! פֿערד!” עס האָט זיי אָפּגעענטפֿערט אַ קורץ הירזשען. דאָס פֿײַער האָט זיך פֿאַרלאָשן און אַרום אים איז פּוסט געוואָרן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער ריטער דערהערט אַ געפּייף און טויבע טריט פֿון קאָפּיטעס איבער דער פֿײַכטער לאָנקע.

סקשעטוסקי האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס עפּעס די טאָטערס פֿאָרן אַוועק. דאָ האָט ער באַמערקט, אַז די שפּיצן פֿון די שטעקעלעך און די וואַסער-רויזן ווערן עפּעס בלאַס—דאָס וואַסער לײַכט אַנדערש, ווי פֿון דער לבֿנה, און די לופֿט הילט זיך אײַן אין אַ לײַכטן נעפּל.

ער האָט זיך אומגעקוקט—ס׳האָט געטאָגט.

די גאַנצע נאַכט האָט ער געפּטרט אויף אַרומגיין דעם סטאַוו, ביז ער איז צוגעקומען צום טײַך און זומפּ.

ער איז קוים געווען אין אָנהייב וועג. איצט האָט ער געמוזט גיין מיטן טײַך און זיך דורכקריגן דורכן לאַגער בײַטאָג.

די לופֿט האָט זיך וואָס אַמאָל מער אָנגעזאַפּט מיטן שײַן פֿון מאָרגנשטערן. אויפֿן מזרח האָט דער הימל אָנגענומען די קאָליר פֿון אַ בלײַכער בלאָקייט.

סקשעטוסקי האָט זיך אויפֿסנײַ אַראָפּגעלאָזט פֿון בינטל אין זומפּ אַרײַן און צוקומענדיק צום ברעג האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פֿון די שטעקעלעך.

אויף אַ מרחק פֿון בערך פֿופֿציק שריט האָט מען געזען זיין טאָטערישן וואַך-פּאָסטן. אַזוי איז די לאָנקע געווען פּוסט,

נאָר דאָס פֿייער האָט פֿון דער ווייטנס אויפֿן טרוקענעם אָרט געטליִעט מיט אַ צאַנקנדיקן פֿלאַם; דער ריטער האָט באַשלאָסן צו קריכן אַהין צווישן די הויכע גראָזן, וווּ עס האָבן נאָך דאָ און דאָרט געוואַקסן וואַסער־שטעקעלעך.

ווען ער איז צוגעקראָכן צום פֿייער האָט ער גוט געזוכט, צי ער וועט נישט געפֿינען רעשטלעך פֿון עסנוואַרג. ער האָט טאַקע געפֿונען פֿריש־אָפּגעגריזשעטע שעפּסן־ביינער מיט איבער־בלייבענישן פֿון אָדערן, פֿעטס און אויך אַ פּאָר געבראָטענע וואַסער־ריבן, וואָס זענען צוועקגעוואָרפֿן געוואָרן אין וואַרעמען אַש—און ער האָט זיך גענומען עסן מיטן אַפּעטיט פֿון אַ ווילדער חיה. ער האָט אַזוי לאַנג געגעסן, ביז ער האָט נישט באַמערקט, אַז די וואַך־פּאָסנס, וואָס זענען געווען פֿאַנאַנדערגע־שטעלט אויפֿן וועג, דורך וועלכן ער איז געגאַנגען, קערן־צו־ריק דורך דער זעלבער לאָנקע צום לאַגער און דערנענטערן זיך צו אים.

דעמאָלט האָט ער זיך געלאָזט צוריקגיין און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער נעלם געוואָרן אין דער וואַנט פֿון די שטעקעלעך. צוריק געפֿינענדיק זיין בינטל האָט ער זיך אַוועק־געלייגט אויף אים אָן גערויש. די וואַך־פּאָסטנס זענען דערווייל פֿאַרבייגעפֿאָרן. סקשעטוסקי האָט זיך באַלד גענומען צו די ביי־נער, וועלכע ער האָט מיטגענומען מיט זיך—און וועלכע האָבן איצט גענומען קנאַקן צווישן זיינע מעכטיקע ציין, ווי ביי אַ וואָלף. ער האָט אָפּגעגריזשעט דאָס פֿעטס און די אָדערן, האָט אויסגעזויגן דעם מאַרך, האָט צעקייט די ביינער־מאַסע—און גע־שטילט דעם ערשטן הונגער. אַזאַ פֿרימאָרגן־מאָלצייט האָט ער שוין לאַנג נישט געהאַט אין זבאַראַזש.

ער האָט זיך איצט געפֿילט שטאַרקער. ס'האָט אים גע־קרעפֿטיקט סיי דאָס עסנוואַרג און סיי דער אויפֿגייענדיקער טאָג. ס'איז געוואָרן וואָס אַמאָל ליכטיקער; די גרינלעכע מזרח־זייט פֿון הימל איז געוואָרן רויטלעך און געלב. די פֿרימאָרגן־קעלט האָט אמת שטאַרק דאָקוטשעט דעם ריטער, אָבער ס'האָט אים געטרייסט דער געדאַנק, אַז אין גיכן וועט די זון דורכוואַרע־

מען זיין פאַרמאַטערטן גוף. ער האָט זיך גוט אומגעקוקט, ווי ער איז. דאָס בינטל איז געווען גענוג גרויס, אַ ביסל קורץ, ווייל קיילעכדיק, דערפאַר אָבער אַזוי ברייט, אַז צוויי מענטשן האָבן זיך לייכט אויף אים געקאָנט אוועקלייגן.—די שטעקעלעך האָבן עס אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, ווי מיט אַ מויער, פאַרשטעלנדיק עס אינגאַנצן פאַר די מענטשלעכע אויגן.

—זיי וועלן מיך דאָ נישט געפינען—האָט סקשעטוסקי גע-טראַכט—סיידן זיי וועלן זיך לאָזן נאָך פיש דורך די שטעקע-לעך, אָבער קיין פיש איז נישטאָ, ווייל זיי זענען פון עיפּוש אויסגעפּגרט. דאָ וועל איך זיך אויסרוען און באַטראַכטן, וואָס כ'זאָל ווייטער טון.

און ער האָט גענומען טראַכטן, צי ער זאָל ווייטער גיין אין דער לענג פון טייך, אָדער נישט. צום סוף האָט ער באַ-שלאָסן צו גיין, אויב ס'וועט זיך אויפהייבן אַ ווינט און צע-טרייסלען די שטעקעלעך; אַנישט וואָלטן אים דאָס גערויש און באַוועגונג געקאָנט אויסגעבן, בפרט, אַז עס וועט אים מסתמא אויסקומען דורכצוגיין נעבן לאַגער.

—איך דאַנק דיר, גאָט, וואָס איך לעב נאָך ביז איצט!—האָט ער געשעפּטשעט אין דער שטיל.

און ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, דערנאָך האָט אים דער געדאַנק אַוועקגעטראָגן אין די פּוילישע גראָבנס. דעם שלאָס האָט מען פון יענעם בינטל געזען זייער גוט, בפרט, אַז עס האָבן אים באַגילט די ערשטע שטראַלן פון דער אויפ-גייענדיקער זון. אפשר קוקט דאָרט עמיצער אַראָפּ פון טורעם אויף די סטאַוון און שטעקעלעך דורך אַ שפּאַקטיוו, און וואָלאָ-דיאָווסקי און זאַגלאָבאַ וועלן דאָך אודאי אַ גאַנצן טאָג קוקן פון די מויערן, צי זיי וועלן אים נישט דערזען אַ הענגענדיקן אויף עפּעס אַ טורעם?

—אָבער זיי וועלן נישט דערזען!—האָט סקשעטוסקי זיך געטראַכט און זיין האַרץ איז פול געוואָרן מיט פרייד—זיי וועלן נישט דערזען, נישט דערזען!—האָט ער אַ פּאָר מאָל איבערגע-חזרט.—איך בין ביז איצט ווייניק דורכגעגאַנגען, אָבער כ'האָב

עס געמוזט דורכגיין. גאָט וועט מיר אויך ווייטער העלפן.

דאָ האָט ער מיט זיינע גייסטיקע אויגן זיך שוין דער-זען הינטער די קאָזאַקישע לאַגערס—אין די וועלדער, הינטער וועלכע עס שטייען די קיניגלעכע חיילות: המון פון גאַנצן לאַנד, הוזאַרן, פוס-גייער, אויסלענדישע רעגימענטן—די ערד קרעכצט אַזש אונטער דער משא פון מענטשן, פערד און האַרמאַטן, און צווישן דאָזיקן געווימל זעט ער דעם האַר קיניג אַליין...

דערנאָך האָט ער דערזען אַן אומגעווייגלעכע שלאַכט, צעקלאַפּטע פיינטלעכע לאַגערס—דעם פירשט מיט אַלע רייטער, בעת ער פליט איבער די שטויסן פון הרוגים, דאָס באַגריסן זיך פון די חיילות...

די אָנגעשוואָלענע אויגן האָבן פון ווייטאָק זיך אים פאַר-מאַכט אונטער דעם שטאַרקן ליכט און דער קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעבויגן אונטער דער לאַסט פון די געדאַנקען. עס האָט אים גענומען באַוועלטיקן עפּעס אַ זיסע שוואַכקייט, צום סוף האָט ער זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג און איז איינ-געשלאָפן.

די שטעקעלעך האָבן געראַשט. די זון האָט זיך אַראָפּ-גערוקט הויך אויבן הימל און מיט אַ הייסן בליק געוואַרעמט דעם ריטער, אויסגעטרוקנט אויף אים די בגדים—און ער איז געשלאָפן פעסט, אָן באַוועגונג. ווער עס וואָלט אים געזען אַזוי ליגן אויפן בינטל, מיט אַ פאַרבלוטיקט פנים, וואָלט געמיינט, אַז דאָס ליגט אַ בר-מינן, וועלכן דאָס וואַסער האָט אַרויסגע-וואָרפן. עס זענען אַריבער שעהן, ער איז אַלץ געשלאָפן. די זון איז שוין געווען אויפן העכסטן שפּיץ און גענומען זיך אַראָפּרוקן אויף די צווייטע זייט פון הימל,—ער איז נאָך אַלץ געשלאָפן. עס האָט אים ערשט אויפגעוועקט אַ מוראדיק גע-קוויטש פון פערד, וואָס האָבן זיך געביסן אויף דער לאָנקע, און הויכע אויסרופן פון טאָטערס, וואָס האָבן מיט בייטשן גע-שמיסן די לאַגער-אָגערס.

ער האָט זיך אויסגעריבן די אויגן; אַ קוק געטון, דער-

מאַנט זיך ווי ער איז. אַ קוק געטון אין דער הויך: אויפן הימל, וואָס איז רויט געווען פון די לעצטע שטראַלן פון דער אונ-טערגייענדיקער זון, עס האָבן געפינקלט שטערנס—ער איז דורכ-געשלאָפן דעם גאַנצן טאָג.

סקשעטוסקי האָט זיך נישט געשפּירט אויסגערוט און נישט געקרעפטיקט, אדרבא, עס האָבן אים ווי-געטון אַלע ביינער. אָבער ער האָט זיך געטראַכט, אַז דוקא די פרישע מי וועט צוריק אָפּפרישן זיינע כוחות—און אַראָפּלאָזנדיק די פיס אין וואַסער האָט ער אָן שום שהיות זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אַריין.

ער איז שוין איצט געגאַנגען האַרט ביי די שטעקעלעך, דורך אַ ריינעם וואַסער, כדי דורך אַ גערויש נישט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די טאָטערס, וואָס האָבן גע-פּאַשעט די פערד אויף די ברעגעס. די לעצטע שטראַלן האָבן זיך פאַרלאָשן און ס'איז געווען גענוג פינסטער, ווייל די לבנה האָט זיך נאָך נישט געהאַט אַפּערגערוקט פון הינטער די וועל-דער. דאָס וואַסער איז געווען אַזוי טיף, אַז סקשעטוסקי האָט ערטערווייז פאַרלוירן דעם באָדן אונטער די פיס און געמוזט שווימען, וואָס איז אים שווער אָנגעקומען, ווייל ער איז גע-ווען אָנגעטון און איז געשווומען אַקעגן שטראָם, וועלכער איז אפילו נישט געווען האַסטיק, ער האָט אים אָבער דאָך צוריק-געשטויסן צו די סטאָוון. דערפאַר אָבער וואָלט אפילו דאָס שאַרפסטע טאָטערישע אויג נישט געקאָנט באַמערקן דעם קאָפּ, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער לענג פון דער טונקעלער וואַנט פון די וואַסער-שטעקעלעך. ער איז געגאַנגען אָן פחד, ווייל'נווייז איז ער געשווומען, און צום גרעסטן טייל איז ער געגאַנגען אין וואַסער ביז צום גאַרטל און ביז צו די אַקסלען ביז ער איז צום סוף צוגעקומען צו אַן אָרט, פון וועלכן זיינע אויגן האָבן אויףביידע זייטן פון טייך דערזען טויזנטער און טויזנטער ליכטלעך.

—דאָס זענען די לאַגערס—האָט ער זיך געטראַכט—איצט העלף מיר גאָט!

און ער האָט געהאָרכט.

אַ ליאַרם פון געמישטע קולות האָט זיך דערטראָגן צו זיינע אויערן. יאָ, דאָס זענען געווען די לאַגערס. אויפן לינקן ברעג פון טייך, גייענדיק מיט זיין שטראָם, איז געשטאַנען דער קאָזאַקישער לאַגער מיט זיינע טויזנטער וועגנס, געצעלטן—אויף דער רעכטער זייט—דער טאָטערישער לאַגער—ביידע טומלדיקע, רוישנדיקע, פול מיט מענטשלעכע קולות, ווילדע קלאַנגען פון פויקן און פייפלעך, געקוויטש פון בהמות, קעמלען, הירזשעריי פון פערד, געשרייען. דער טייך האָט צווישן זיי געבילדעט אַ מחיצה און צו דערזעלבער צייט אויך אַ מניעה פאַר מחלוקתן און רציחות, ווייל די טאָטערס האָבן נישט געקאָנט רואיק שטיין נעבן די קאָזאַקן. אין דעם דאָזיקן אָרט איז דער טייך אויך געווען ברייטער, און אפשר האָט מען אים בכיון פאַנאַנדערגעגראָבן. אָבער ווי די פייערס האָבן עדות געזאָגט, זענען די וועגנס פ'ן איין זייט און די געפלאָכטענע געצעלטן פון דער צווייטער זייט געשטאַנען אָפּגערוקט פון די ברעגעס אויף אַ פאָר צענדליק שריט—און האַרט איבערן וואַסער זענען מסתמא געשטאַנען שמירה-פּאָסטנס.

ד' שטעקעלעך און די וואַסער-פלאַנצן זענען שיטערער געוואָרן—אפנים, אַז אַקעגן די לאַגערס זענען די ברעגעס געווען א יסגעפליקט. סקשעטוסקי איז געגאַנגען נאָך אַ פאָר צענדליק ש יט—און זיך אָפּגעשטעלט. עפּעס אַ מאַכט און אַן אימה האָט ג ווייט צו אים פון דעם דאָזיקן געווימל.

אין דער רגע האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז די גאַנצע וואַכזאַמקייט און פאַרביסנקייט פון די דאָ‧יקע טויזנטער מענטשלעכע באַשעפענישן איז געווענדט צו אים און ער האָט זיך לגבי זיי געפילט לחלוטין אָן כוחות, לחלוטין אומבאַהאָלפן: ער איז געווען איינער אַליין.

—קיינער וועט דאָרט-אַרום נישט דורכגיין!—האָט ער זיך געטראַכט.

אָבער ער איז געגאַנגען נאָך ווייטער, ווייל עס האָט אים געצויגן עפּעס אַ נישט איינגעהאַלטענע, פיינלעכע נייגעריקייט.

ער האָט געוואָלט נעמען אַ קוק טון אויף די דאָזיקע מורא־דיקע מאַכט.

מיט אַמאָל איז ער שטיין געבליבן. דער וואַלד פון די שטעקעלעך האָט זיך אויסגעלאָזט, ווי מיט אַ מעסער אָפּגעהאַקט. אפשר האָט מען זיי טאַקע אויסגעהאַקט אויף געצעלטן. ווייטער האָט די ריינע כוואַליע זיך בלוטיק געררייטלט פון די פייערס, וואָס האָבן זיך אין איר אָפּגעשפּיגלט.

צוויי גרויסע און העלע פלאַמען האָבן געפלאַקערט האַרט ביי די ברעגעס. ביי איינעם איז געשטאַנען אַ טאַטער אויף אַ פערד, ביים צווייטן אַ קאָזאַק מיט אַ לאַנגער שפּיז אין דער האַנט. ביידע האָבן געקוקט איינער אויפן צווייטן און אויפן וואַסער. פון דער ווייטנס האָט מען געזען אַנדערע, וועלכע זענען אויך געשטאַנען אויף דער וואַך און אויך געקוקט.

דער שיין פון די פלאַמען האָט ווי אַריבערגעוואָרפן אַ פייערדיקע בריק איבערן וואַסער. ביי די ברעגעס האָט מען געזען רייען פון קליינע שיפלעך, וועלכע זענען באַנוצט געוואָרן צו דער וואַך אויפן סטאַוו.

—ס׳קאָן גאָר נישט געמאָלט זיין!—האָט סקשעטוסקי אַ ברום געטון.

און מיט אַמאָל איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ יאוש. נישט גיין ווייטער, און נישט צוריקגיין! אָט איז שוין אַריבער אַ מעת־לעת, ווי ער שלעפּט זיך איבער בלאָטעס און דערנער, אָטעמט אַריין אין זיך אַ לופט, אָנגעזאַפּט מיט פוילעניש, און ווייקט זיך אין וואַסער, און איצט, אַז ער האָט שוין אָנגע־שפּאַרט ביז צו יענע לאַגערס, דורך וועלכע ער האָט זיך גראָד אונטערגענומען דורכצוגיין, זעט ער איין, אַז דאָס קאָן גאָר נישט געמאָלט זיין;

אָבער אויך צוריקצוגיין איז נישט מעגלעך געווען; דער ריטער האָט געוווסט, אַז ער וועט אפשר געפינען גענוג כוחות זיך צו שלעפּן ווייטער, אָבער נישט אויף צוריקצוגיין. צוזאַמען מיטן יאוש האָט אים אויך אָנגעכאַפּט אַ רציחה; אין דער ערש־טער רגע האָט ער געוואָלט אַרויס פון וואַסער, אומברענגען

די וואַך, דערנאָך זיך וואַרפן אויף די פּיינטלעכע מאַסן און אומקומען.

דער ווינט האָט זיך ווידער צערוישט מיט אַ משוגעדיקער שושקעריי איבער די שטעקעלעך, מיטברענגענדיק צו דער זעלבער צייט אויך אַן אָפּהילך פון די גלעקער פון זבאַראַזש. סקשעטוסקי האָט גענומען הייס מתפּלל זיין און קלאַפּן זיך אין דער ברוסט און ער האָט גערופן צו די הימלען נאָך הילף מיט דער קראַפט און מיטן פאַרצווייפלטן בטחון פון אַ טרינקנדיקן; — ער האָט מתפּלל געווען, און די קאָזאַקישע און טאָטערישע לאַגערס האָבן אימהדיק געפּילדערט, גלייך ווי זיי וואָלטן אָפּגעענטפערט אויף די תּפילה — שוואַרצע און פון פייער רויטע געשטאַלטן האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי מחנות פון שדים איבערן גיהנום — די וואַך־פּאָסטנס זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך — דער טייך האָט געפּלאָסן מיט אַ בלוטיקן וואַסער.

— זיי וועלן פאַרלעשן די פייערס ווען ס'וועט אָנקומען די טיפע נאַכט — האָט סקשעטוסקי זיך געטראַכט און געוואַרט.

ס'איז אַריבער איין שעה און אַ צווייטע. דער ליאַרם איז שוואַכער געוואָרן, די פייערס האָבן זיך טאַקע גענומען איינציקווייז לעשן — אַ חוץ די צוויי פייערס ביי דער וואַך, וועלכע האָבן געפּלאַקערט וואָס אַמאָל שטאַרקער.

די וואַך־פּאָסטנס האָבן זיך געביטן — און ס'איז קלאָר געווען, אַז זיי וועלן אַזוי שטיין אַזש ביז אין דער פרי.

סקשעטוסקין איז געקומען אויפן געדאַנק, אַז ער וועט אפשר בייטאָג לייכטער קאָנען דורכקריכן — באַלד אָבער האָט ער דעם דאָזיקן געדאַנק אָפּגעוואָרפן. בייטאָג האָט מען גענומען וואַסער, אָנגעטרונקען די בהמות, געבאָדן זיך — דער טייך האָט געמוזט זיין פול מיט מענטשן.

מיט אַמאָל איז סקשעטוסקיס בליק געפאַלן אויף די שיפּלעך. אויף ביידע ברעגעס זענען זיי געשטאַנען צו אַ פּאָר צענדליק אין אַ ריי, און אויף דער טאָטערישער זייט האָבן די געוויקסן געגרייכט אַזש ביז צו די ערשטע שיפּלעך.

סקשעטוסקי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביז איבערן האַלז אין

וואַסער און גענומען זיך געלאָזן צורוקן צו זיי און בשעת-מעשה זענען זיינע אויגן געווען אָנגעשטעלט אויפן טאָטערישן שומר, ווי אויף אַ רעגן-בויגן.

אין אַ האַלבע שעה אַרום איז ער שוין געווען האַרט נעבן ערשטן שיפל. זיין פּלאַן איז געווען אַ פּשוטער. די פּאַר-ריסענע הינטערשטע טיילן פון די שיפלעך האָבן אַרויסגעשטאַרט פון וואַסער און געבילדעט אַ מין געוועלב, דורך וועלכן אַ מענטשלעכער קאָפּ וואָלט זיך לייכט געקאָנט דורכקוועטשן. אויב אַלע שיפלעך זענען געשטאַנען זייט-ביי-זייט האַרט איינס נעבן צווייטן, וואָלט דער טאָטערישער שומר נישט געקאָנט באַמערקן דעם קאָפּ, וואָס באַוועגט זיך אונטער זיי; געפערלעכער איז געווען דער קאָזאַקישער שומר—אָבער אויך ער האָט געקאָנט אים נישט באַמערקן, ווייל אונטער די שיפלעך האָט נישט קוקנ-דיק אויפן אַקעגנאיבערדיקן פייער געהערשט אַ פינסטערניש. איבעריקנס איז קיין אַנדערער וועג נישט געווען

סקשעטוסקי האָט זיך לענגער נישט געקווענקלט און באַלד איז ער געווען ביי דער הינטערשטער טייל פון די שיפלעך.

ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר, אָדער בעסער געזאָגט, אויפן בויך, ווייל דאָס וואַסער איז געווען פלאַך. ער איז גע-ווען אַזוי נאָענט צום טאָטער, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברעג, אַז ער האָט געהערט דאָס כראָפּען פון זיין פערד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווייל און געהאָרכט. די שיפלעך זע-נען צום גליק געשטאַנען זייט ביי זייט. די אויגן האָט ער איצט אָנגעשטעלט אויפן קאָזאַקישן שומר, וועלכן ער האָט גע-זען ווי אויף דער האַנט. אָבער דער קאָזאַק האָט איצט געקוקט צום טאָטערישן לאַגער. דער ריטער האָט שוין געהאַט געמיטן אַ פּופּצען שיפלעך, ווי ער האָט מיט אַמאָל דערהערט האַרט ביים ברעג מענטשלעכע שריט און קולות. ער האָט זיך באַלד באַהאַלטן און געהאָרכט. בעת די נסיעות קיין קרים האָט ער זיך אויסגעלערנט טאָטעריש—און איצט איז אַ שוידער אים דורכגעלאָפן איבערן גאַנצן קערפּער, ווען ער האט דערהערט אַ באַפעל:

—אַריינזעצן זיך און פאָרן!

סקשעטוסקין איז געוואָרן הייס, הגם ער איז געווען אין וואַסער. אויב די טאָטערס וועלן זיך אַריינזעצן אין דעם שיפל, אונטער וועלכן ער איז גראָד איצט געווען באַהאַלטן, וועט ער אומקומען. אויב זיי וועלן זיך אַריינזעצן אין וועלכן עס איז פון די שיפלעך, וואָס שטייען פאָרנט, וועט ער אויך אומקומען, ווייל עס וועט בלייבן אַ פוסט, באַלויכטן אָרט.

יעדע רגע האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי אַ שעה. מיט אַמאָל האָט ער דערהערט אַ קלאַפּן פון פיס אויף ברעטער—די טאָטערס האָבן זיך אַריינגעזעצט אין פערטן אָדער פינפטן שיפל הארט הינטער אים—זיי האָבן עס אַריינגעשטופּט אין וואַסער און גענומען שווימען אין דער ריכטונג פון סטאָוו.

אָבער די דאָזיקע עובדא האָט צוגעצויגן דעם בליק פון קאָזאַקישן שומר אויף די שיפלעך. סקשעטוסקי האָט אין משך פון אַ האַלבער שעה קיין ריר זיך נישט געטון. ערשט ווען די וואַך האָט זיך געביטן האָט ער גענומען ווייטער גיין.

אויף אַזאַ אופן האָט ער אָנגעשפּאַרט ביז צום עק פון די שיפלעך. נאָכן לעצטן שיפל האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די פלאַנצן, און נאָך ווייטער די שטעקעלעך. צוקומענדיק צו זיי איז דער ריטער אַ פּאַרסאַפּעטער, אַ פאַרשוויצטער געפאַלן אויף די קני און געדאַנקט גאָט מיטן גאַנצן האַרץ.

ער איז איצט געגאַנגען אַ ביסל דרייסטער, אויסנוצנדיק אַלע ווינטלעך, וועלכע האָבן די ברעגעס פול געמאַכט מיט אַ רעש. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אומגעקוקט. די וואַך-פּייערס האָבן גענומען זיך דערווייטערן, טליען און אויסגיין. די פּאַסן פון די שטעקעלעך און פלאַנצן זענען געוואָרן וואָס אַמאָל טונקעלער, געדיכטער, ווייל די ברעגעס זענען געווען זומפּיקער. די וואַך-פּאָסטנס האָבן נישט געקאָנט שטיין נאָענט—דער ליאַרם פון לאַגער איז געוואָרן שוואַכער. עפּעס אַן אי-בערמענטשלעכער כוח האָט געקרעפּטיקט דעם ריטערס אברים. ער האָט זיך געריסן דורך שטעקעלעך, בינטלעך, איז אַריינ-געפאַלן אין בלאָטעס, האָט זיך געטרונקען, איז געשווומען און

ווידער זיך אויפגעהויבן. ער האָט זיך נאָך נישט דערוועגט אַרויסצוגיין אויפן ברעג — אָבער ער האָט זיך כמעט שוין גע־פילט געראַטעוועט. ער האָט זיך אַליין נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון, ווי לאַנג ער איז אַזוי געגאַנגען, געפּלאָנטערט זיך, אָבער ווען ער האָט זיך ווידער אומגעקוקט — האָבן די וואַך־פייערס אויסגעזען ווי לייכטנדיקע פינטעלעך פון דער ווייטנס. נאָך אַ פּאָר הונדערט שריט זענען זיי אינגאַנצן נעלם געוואָרן. די לבנה איז אויפגעגאַנגען; אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ שטילקייט. דאָ האָט זיך אָפּגעריסן אַ גרעסערער און שטאַרקע־רער רעש, ווי דער רעש פון די שטעקעלעך. סקשעטעוסקי האָט שיער נישט אַ געשריי געטון פון שמחה: אַ וואַלד איז געווען פון ביידע זייטן טייך.

דעמאָלט האָט ער זיך אַ קער געטון צו די ברעגעס און איז אַרויסגעקראָכן פון די שטעקעלעך. דער סאָסנאָווער וואַלד האָט זיך אָנגעהויבן באַלד הינטער די פּלאַנצן און שטעקעלעך. אַ ריח פון זשיוויצע האָט זיך דערטראָגן צו זיינע נאָזלעכער. דאָ און דאָרט האָבן אין די שוואַרצע טיפענישן ווי זילבער גע־לויכטן פאַרשידענע גראָזן.

דער ריטער איז אַ צווייט מאָל געפאַלן אויף די קני און קושנדיק די ערד געשעפּטשעט אַ תּפילה.

ער איז ניצול געוואָרן.

דערנאָך האָט ער זיך אַריינגעלאָזט טיף אין דער וואַלד־פינסטערניש, פרעגנדיק זיך אַליין, וווהין ער זאָל גיין? — ווער וועלן אים אַוועקפירן די דאָזיקע וועלדער, ווו איז דער קיניג און דאָס חייל?

דער וועג האָט זיך נאָך נישט אויסגעלאָזט — ער איז נישט געווען לייכט און אויך נישט זיכער — אָבער ווען ער האָט זיך געטראַכט, אַז ער האָט זיך אַרויסגעקריגן פון זבאַראַזש, אַז ער האָט זיך דורכגעגנבעט דורך די וואַכן, בלאָטעס און לאַ־גערס און כמעט האַלב־מיליאָניקע פיינטלעכע מחנות — דעמאָלט האָט זיך אים געדוכטן, אַז אַלע סכנות זענען אַריבער — אַז דער

דאָזיקער וואַלד איז אַ ליכטיקער שליאַך, וועלכער וועט אים פירן גלייך צום קיניגלעכן מאַיעסטעט.

און ס'איז געגאַנגען דער דאָזיקער אומגליקלעכער ריטער, אַן אויסגעהונגערטער, אַן אויסגעמאַטערטער, אַ נאַסער, אַ באַשמוצטער מיט זיין אייגענעם בלוט, מיט רויטער רודע און שוואַרצן קויט—מיט אַ פרייד אין האַרץ, מיט אַ האָפנונג, אַז אינגיכן וועט ער אַנדערש, מעכטיקער צוריקקערן קיין זבאַראַזש.

—איר וועט שוין נישט בלייבן אין הונגער און אין יאוש— האָט ער געטראַכט וועגן די חברים אין זבאַראַזש—ווייל איך וועל דעם קיניג אָראָפּבריינגען.

און עס האָט זיך געפרייט דאָס דאזיקע ריטערלעכע האַרץ מיט דער נאָענטער הילף פאַרן פירשט, פאַר די קאָמענדאַנטן, פאַרן חייל, פאַר וואָלאָדיאָווסקין און זאַגלאָבאַן און פאַר יענע אַלע גבורים, וואָס זענען פאַרשפאַרט אין זבאַראַזשער גראָבן.

די וואַלד-טיפענישן האָבן זיך פאַר אים געעפנט און איינגעהילט אים אין שאָטן.

# 7 קאַפּיטל

אין טאָפּאָראָווער הויף, אין פֿאַרוויילונגס-צימער, זענען געזעסן אין אָוונט דריי הערן, וועלכע האָבן זיך פֿאַרשפּאַרט אויף אַ געהיימען שמועס. אַ פּאָר ברענענדיקע ליכט זענען געשטאַנען אויפֿן טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט מאַפּעס, וועלכע האָבן פֿאָרגעשטעלט די געגנט, נעבן זיי איז געלעגן אַ הויכער קאַפּעלוש מיט אַ שוואַרצער פֿעדער, אַ שפּאַקטיוו, אַ שפּאַדע מיט אַ הענטל פֿון פּערל, אויף וועלכן ס'איז געווען אַרויפֿגעוואָרפֿן אַ שפּיצן-טיכל, און אַ פּאָר פֿיין-לעדערנע האַנטשן. ביים טיש, אויף אַ הויכן אָנלען-שטול איז געזעסן אַ מאַן פֿון אַ יאָר פֿערציק, געניג קליין און דאַר, אָבער פֿעסט געבויט. זיין פּנים איז געווען טונקל-ברוין, געלבלעך, אויסגעמאַטערט, ער האָט געהאַט שוואַרצע אויגן און אַ שוואַרצן שוועדישן פּאַרוק מיט לאַנגע לאָקן, וואָס זענען אַראָפּגעפֿאַלן אויף די פּלייצעס און אַקסלען. אַ שיטערע, שוואַרצע וואָנס, וואָס איז ביי די עקן געווען פֿאַרקעמט אַרויף, האָט באַצירט זיין אויבערשטע ליפּ, און די אונטערשטע, צוזאַמען מיט דער באָרד, האָט שטאַרק אַרויסגעשטאַרט צוגעבנדיק דער גאַנצער פֿיזיאָנאָמיע דעם כאַראַקטעריסטישן שטריך פֿון אַ לייבן-מוט, גאווה און עקשנות. דאָס איז נישט געווען קיין שיין פּנים, דערפֿאַר איז עס אָבער געווען אומגעוויינלעך. דער אויסדרוק פֿון אַ נטיה צו תענוגים האָט זיך אויף דעם דאָזיקן פּנים פֿאַראייניקט אויף אַ וווּנדערלעכן אופֿן מיט אַ געוויסער שלעפּערדיקער טויטקייט און קאַלטקייט. די אויגן זענען געווען ווי אויסגעלאָשן, אָבער ס'איז קענטיק געווען, אַז אין אַ מאָמענט פֿון התלהבות, אויפֿגערוימטקייט אָדער כּעס וואָלטן זיי געקאָנט וואַרפֿן בליצן, וואָס נישט יעדער בליק וואָלט געווען בכּוח זיי אויסצוהאַלטן. צו דער-

זעלבער צייט האָבן זיי אויסגעדריקט אַ גוטסקייט און אַ מילד־קייט.

די שוואַרצע הלבשה, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַן אַטלאַ־סענעם קאַפּטאַן און שפּיצן־קרויז, פֿון אונטער וועלכער ס'האָט אַפּגעקוקט אַ גאָלדענע קייט, האָט נאָך מער פּראַכט און חשיבות צוגעגעבן דער דאָזיקער אומגעוויינלעכער געשטאַלט. בכלל איז אין דער דאָזיקער געשטאַלט געווען עפּעס מאַיעסטעטישעס, נישט קוקנדיק אויפֿן אומעט און דאגות, וואָס זענען געווען אויסגעגאָסן אויפֿן פּנים און אין דער האַלטונג. געווען איז דאָס טאַקע דער קיניג אַליין, יאַן קאַזשימיערזש וואַזאַ, וועלכער האָט זייט נאָך נישט קיין גאַנץ יאָר געירשנט די קרוין נאָך זיין ברודער וולאַדיסלאַוו.

אַ ביסל הינטער אים, האַלב אין שאָטן, איז געזעסן היעראָנים ראַדזשעיאָווסקי, לאָמזשער סטאַראָסטע, אַ נידריקער, דיקער, רויט־באַקיקער מענטש, מיט אַ פעטן און חוצפּהדיקן פּנים פֿון אַ הויף־מאַן און אַקעגנאיבער, ביים טיש, איז געזעסן אַ דריטער הער, אָנגעשפּאַרט אויפֿן עלנבויגן, און אַריינגעקוקט אין די מאַפּעס, וואָס האָבן פֿאָרגעשטעלט די געגנט, אויפֿהייבנדיק פֿון צייט צו צייט דעם בליק אויפֿן קיניג.

זיין פּנים האָט געהאַט אין זיך ווייניקער מאַיעסטעט, אָבער כמעט נאָך מער אָפּיציעלע ווערדע, איידער דאָס פּנים פֿון קיניג. דאָס איז געווען אַ קאַלט און קלוג פּנים פֿון אַ מלוכה־מאַן, צעאַקערט מיט קנייטשן פֿון דאגהן און קלערן, מיט אַן אויסדרוק פֿון האַרטקייט, וועלכע האָט אָבער נישט פֿאַרדאָרבן זיין אויסערגעוויינלעכע שיינקייט. אויגן האָט ער געהאַט העל־בלאָע, דורכדרינגלעכע, אַ הויט־קאָליר, נישט לויט דער עלטער נאָך אַ דעליקאַטע; די פּוילישע פּרעכטיקע הלבשה, די שוועדישע געשוירענע באָרד און דער הויכער פֿליך איבערן שטערן, האָבן נאָך צוגעגעבן זיינע רעגולערע, ווי פֿון שטיין אויסגעטאָקטע שטריכן, אַ סענאַטאָרישע ווערדע.

דאָ איז געווען יעזשי אָסאָלינסקי, קרוין־קאַנצלער און פֿירשט פֿון דער רוימישער מלוכה, אַ רעדנער און דיפּלאָמאַט,

וואָס איז באַוווּנדערט געוואָרן דורך די אייראָפּעאישע הויפן, יערעמי ווישניאָוויעצקיס באַרימטער געגנער.

זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן האָבן פּריצייטיק גע-צויגן אויף אים די אויפמערקזאַמקייט פון די פריערדיקע מושלים און זיי האָבן אים פּריצייטיק דערהויבן צו די העכסטע אַמטן און אַוועקגעשטעלט ביים רודער פון דער גאַנצער מלוכה-שיף — וועלכע האָט איצט געהאַלטן ביים צעקלאַפּט ווערן.

און פונדעסטוועגן איז דער קאַנצלער ווי געוווען באַשאַפן צו שטיין ביים רודער פון אַזאַ שיף. אַן אַרבייטזאַמער, שטאַנד-האַפטיקער, פאַרשטענדיקער מענטש, וועלכער האָט געקוקט אין די ווייטע צוקונפט, אויסגערעכנט אויף לאַנגע יאָרן, וואָלט ער יעדע אַנדערע מלוכה, א חוץ דער רעפּובליק, צוגעפירט צו אַ זיכערן האַפן מיט אַ פעסטער און רואיקער האַנט; יעדע אַנדע-רע מלוכה וואָלט ער באַוואָרנט מיט אַן אינערלעכער קראַפט און מאַכט אויף לאַנגע יאָרן-אַרויס... ווען ער וואָלט נאָר גע-ווען אַ זעלבסטהערשערישער מיניסטער פון אַזאַ מאָנאַרך, למשל, ווי דער פראַנצויזישער אָדער שפּאַנישער קיניג.

דערצויגן מחוץ די גרעניצן פון לאַנד, אויף פרעמדע מוסטערס, האָט ער נישט קוקנדיק אויף זיין איינגעבוירענער חריפות און שכל, נישט קוקנדיק אויף דער לאַנג-יעריקער פּראַק-טיק, זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען צו דער שוואַכער ממשלה אין דער רעפּובליק און זיך דאָס גאַנצע לעבן נישט אויסגע-לערנט צו רעכענען מיט איר, הגם דאָס איז געווען דער פעלז, אין וועלכן עס האָבן זיך צעקלאַפּט אַלע זיינע פּלענער, כוונות, באַמיאונגען — הגם ער האָט צוליב איר שוין איצט געזען אין דער צוקונפט דעם תהום און דעם חורבן, און שפּעטער איז ער געשטאָרבן מיט אַ יאוש אין הארצן.

דאָס איז געווען אַ געניאַלער טעאָרעטיקער, וועלכער האָט נישט געקאָנט זיין קיין געניאַלער פּראַקטיקער — און ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרכישופט ראָד אָן אַן אויסוועג. אַריינ-שלאָגנדיק זיך אין קאָפּ אַ געדאַנק, וועלכער האָט געזאָלט נושא-פּירות-זיין אין דער צוקונפט, איז ער געגאַנגען צו אים מיט

דער עקשנות פון אַ פֿאַנאַטיקער, און דערבײַ זיך נישט גערעכנט דערמיט, אַז דער דאָזיקער געדאַנק, וועלכער קאָן אין דער טעאָריע ברענגען אַ ישועה, וועט בײַם ווירקלעכן מצב אין דער פּראַקטיק נאָר גורם זײַן שרעקלעכע אומגליקן.

ווילנדיק פֿאַרשטאַרקן די רעגירונג און די מלוכה, האָט ער אָפּגעלאָזט פֿון דער קייט דעם קאָזאַקישן הפקר-המון, נישט פֿאָרויסזעענדיק, אַז דער שטורעם וועט זיך אַ קער-טון נישט בלויז קעגן דער שלאַכטע, ערד-מאַגנאַטן, עולות, פּריצישער הפקרות, נאָר אויך קעגן די לעבעדיקסטע אינטערעסן פֿון דער מלוכה גופא.

עס האָט זיך דערהויבן פֿון די סטעפּעס כמעלניצקי און ער איז אויסגעוואַקסן אין אַ ריז. עס זענען אויף די רעפּובליק געקומען די מפּלות בײַ די געלע וואַסערן, קאָרסון, פּילאַווצע. באַלד אין אָנהייב האָט דער דאָזיקער כמעלניצקי געמאַכט יד-אחת מיט דער פֿײַנטלעכער, קרימער מאַכט. אַ דונער האָט געשלאָגן נאָך אַ דונער—ס'איז געבליבן נאָר מלהמה און מלחמה. דעם שרעקלעכן קאָזאַקישן שטורעם האָט מען קודם-כל געדאַרפֿט דערשטיקן, כּדי צו קאָנען אים אויסנוצן אין דער צוקונפֿט— און דער קאַנצלער, וועלכער איז געווען אײַנגעגלויבט אין זײַן געדאַנק, האָט נאָך געפֿירט אונטערהאַנדלונגען און געצעגערט— און געגלויבט נאָך—אַפֿילו כמעלניצקין!

די ווירקלעכקייט האָט אַ תּל געמאַכט פֿון זײַנע טעאָריעס; מיט יעדן טאָג איז קלאָרער געוואָרן, אַז די באַמיאונגען פֿון קאַנצלער האָבן פּשוט אַ פֿאַרקערטע פּעולה פֿון דער, וואָס מען האָט דערוואַרט—ביז עס איז צום סוף געקומען זבאַראַזש און דאָס באַוויזן מיט די ממשותדיקסטע ראיות.

דער קאַנצלער האָט זיך געבויגן אונטער דער לאַסט פֿון קלעמעניש, פֿאַרביטערטקייט און אַלגעמיינער שנאה.

ער האָט דעריבער זיך נוהג געווען אַזוי, ווי עס זענען זיך נוהג בעת דורכפֿאַלן און מפּלות מענטשן, בײַ וועלכע דאָס גלויבן אין זיך שטייט העכער איבער אַלע מפּלות: ער האָט געזוכט שולדיקע.

שולדיק איז געווען די גאַנצע רעפּובליק און אַלע שטאַנדן, איר פאַרגאַנגענהייט און מלוכה-אָרדנונג, אָבער ווען עמיצער, וואָס האָט מורא, אַז דער פעלז, וואָס ליגט אויפן אַראָפּהאַנג פון באַרג, זאָל נישט אַראָפּפאַלן אין תהום, באַמיט זיך אים אַרויפצושלעפּן אויפן שפּיץ, נישט רעכענענדיק זיך מיט די כּוחות, איילט ער דורכדעם נאָר צו דאָס אַראָפּפאַלן פון שטיין. דער קאַנצלער האָט נאָך מער אַזן ערגער געטון, ווייל צו הילף האָט ער גערופן דעם שטורמישן, אימהדיקן קאָזאַקן-שטראָם, נישט איינזעענדיק, אַז זיין אימפּעט קאָן נאָר אונטערגראָבן און מיטרייסן דעם באָדן, אויף וועלכן דער פעלז ליגט.

און ווען ער האָט געזוכט די שולדיקע—האָבן זיך פון דער צווייטער זייט אַלעמענס אויגן געווענדט אויף אים, ווי אויף דעם חייב אין דער מלחמה, מפּלות און אומגליקן.

אָבער דער קיניג האָט אין אים נאָך געגלויבט, בפרט, אַז אַלע האָבן, נישט שוינענדיק דעם כּבוד פון מאַיעסטעט, באַשולדיקט אויך אים אַליין, צוגלייך מיטן קאַנצלער.

און אַזוי זענען זיי געזעסן אין טאָפּאָראָוו, אין צער און אין עצבות, נישט וויסנדיק אַליין, וואָס זיי זאָלן טון, ווייל דער קיניג האָט ביי זיך געהאַט נאָר פינף און צוואַנציק טויזנט זעלנער. די באַפעלן זענען פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן צו שפּעט און קוים אַ טייל פון די שלאַכטשיצעס מיט זייערע מענטשן האָבן ביז איצט באַוויזן זיך צו שטעלן. ווער איז געווען שולדיק אין דער דאָזיקער פאַרשלעפּונג און צי איז דאָס נישט געווען נאָך אַן איבעריקער פעלער פון קאַנצלערס פאַרעקשנטער פּאָליטיק—דאָס איז אַ סוד, פון וועלכן ס'האָבן געוווּסט נאָר דער קיניג און דער מיניסטער—גענוג, אַז אין דעם מאָמענט האָבן זיי זיך ביידע געפילט שוצלאָז לגבי כמעלניצקיס מאַכט.

נאָך מער: זיי האָבן וועגן אים נישט געהאַט קיין געוויסע ידיעות. אין קיניגלעכן לאַגער האָט מען ביז איצט נישט געוווּסט, צי ביי כמעלניצקין געפינט זיך דער כאַן מיטן גאַנצן חייל, אָדער בלויז טוהאַי-בעי מיט אַ פּאָר טויזנט טאָטערס באַגלייט די קאָזאַקן. די דאָזיקע פראַגע איז געווען אַזוי וויכטיק,

ווי די פֿראַגע פֿון לעבן אָדער טויט. מיט כמעלניצקין אַליין וואָלט דער קיניג סוף כּל סוף געקאָנט פּרוּוון גליק, הגם די כּוחות, וואָס דער העטמאַן פֿון די מורדים האָט געהאַט אין זיין רשות, זענען געווען צען מאָל אַזוי גרויס. פֿאַרן נאָמען פֿון קיניג האָבן די קאָזאַקן געהאַט דרך-ארץ—מער נאָך אפשר, ווי די הפֿקרדיקע און די נישט אויסגעבילדעטע מאַסן פֿון די שלאַכטשיצעס—אָבער אויב דער כאַן איז אויך געווען מיט זיי, וואָלט עס געווען אַן אומזין זיך צו פֿאַרמעסטן מיט אַזאַ איבערמאַכט.

דערווייל זענען וועגן דעם אָנגעקומען די פֿאַרשידנסטע ידיעות, אָבער קיינער האָט קיין שום זאַך גענוי נישט געוווּסט. דער קלוגער כמעלניצקי האָט זיך קאָנצענטרירט, האָט בפֿירוש נישט אַרויסגעלאָזט קיין איין אָפּטיילונג פֿון קאָזאַקן, קיין איין גרופּע פֿון טאָטערס, כּדי דער קיניג זאָל נישט קאָנען באַקומען קיין אויסזאָגער. דער העטמאַן פֿון די מורדים האָט געהאַט אַן אַנדערן פּלאַן—צו פֿאַרשפּאַרן מיט אַ טייל פֿון זיינע כּוחות דאָס שוין גוססדיקע זבאַראַזש, און אַליין זיך צו באַווייזן מיטן גאַנצן קאָזאַקישן און טאָטערישן חיל פֿאַרן קיניג—אים אַרומצורינגלען צוזאַמען מיטן מיליטער און איבערצוגעבן אין די הענט פֿון כאַן.

נישט בחנם האָט דעריבער אַ כמאַרע איצט באַדעקט דאָס פּנים פֿון קיניג, ווייל עס איז נישטאָ קיין גרעסערער צער פֿאַר אַ מאַיעסטעט, ווי דאָס געפֿיל פֿון אומבאַהאָלפֿנקייט. יאַן קאַזשימיערזש האָט זיך מאַכטלאָז אָנגעשפּאַרט אויפֿן אָנלען פֿון שטול, האָט די האַנט אַ וואָרף געטון אויפֿן טיש און געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף די מאַפּעס:

—דאָס אַלץ איז צו גאָרנישט, צו גאָרנישט! געפֿאַנגענע גיט מיר!

—אויך איך ווינטש מיר גאָרנישט מער, ווי דאָס—האָט אָסאָלינסקי געענטפֿערט

—זענען די אויסשפּירער שוין צוריקגעקומען?

—צוריקגעקומען, אָבער גאָרנישט געבראַכט.

—קיין איין געפֿאַנגענעם?

—נאָר פויערים פון די אַרומיקע געגנטן, וועלכע ווייסן גאָרנישט.

—און הער פּעלקאַ איז צוריקגעקומען? ער איז דאָך אַ גוטער אויסשפּירער?

—גנעדיקער קיניג!—האָט זיך הינטערן שטול אָנגערופן דער לאָמזשער סטאַראָסטע—הער פּעלקאַ איז נישט צוריקגעקומען און וועט נישט צוריקקומען, ווייל ער איז געפאַלן.

אַ ווײַלע האָט אָנגעהאַלטן אַ שטילשווייגן. דער קיניג האָט אָנגעשטעלט אַ טריבן בליק אויף די ברענענדיקע ליכט און גענומען פּויקן מיט די פינגער אויפן טיש.

—האָט איר, הייסט עס, קיין שום עצה נישט?—האָט ער צום סוף געפרעגט.

—וואַרטן!—האָט דער קאַנצלער ערנסט געזאָגט.

יאַן קאַזשימיערזשס שטערן האָט זיך באַדעקט מיט קנייטשן.

—וואַרטן?—האָט ער נאָכגעזאָגט—און דאָרט וועלן וויש־ניאָוויעצקי און די קאָמענדאַנטן אומקומען ביי זבאַראַזש?

—נאָך אַ קורצע צייט וועלן זיי אויסהאַלטן—האָט ראַ־דזשעיאָווסקי נאָכלעסיק געזאָגט.

—בעסער וואָלט איר געשוויגן, הער סטאַראָסטע, אויב איר האָט נישט עפּעס בעסערס צו זאָגן.

—איך האָב טאַקע, גנעדיקער האַר, יאָ אַן עצה.

—וואָס פאַר אַן עצה?

—שיקן עמיצן, כלומרשט אויף צו אונטערהאַנדלען מיט כמעלניצקין, קיין זבאַראַזש. דער שליח וועט זיך איבערצייגן, צי דער כאַן אַליין איז דאָרט, און צוריקקערנדיק וועט ער זאָגן.

—עס קאָן נישט זיין—האָט דער קיניג געענטפערט—איצט, אַז מיר האָבן כמעלניצקין פאַר אַ מורד אויסגערופן און אַ פּרייז באַשטימט פאַר זיין קאָפּ און די קאָמאַנדע איבער זאַפּאָראָזשע זאַבוסקין אָפּגעגעבן, וואָלט עס פאַר אונדז געווען אַ פּחיתות־הכּבוד זיך אַריינצולאָזן מיט כמעלניצקין אין אונטערהאַנדלונגען.

—אויב אַזוי, זאָל מען צום כּאַן שיקן.—האָט דער סטאַ־ ראָסטע געענטפערט.

דער קיניג האָט אָנגעשטעלט אַ פרעגנדיקן בליק אויפן קאַנצלער, וועלכער האָט אויף אים אויפגעהויבן זיינע בלאָנדע, שטרענגע שוואַרץ־אַפּלען און נאָך אַ ווײַלע פון ישוב־הדעת האָט ער זיך אָנגערופן:

—די עצה וואָלט גוט געווען, אָבער כמעלניצקי וועט אָן שום ספק דעם שליח פאַרהאַלטן—און דעריבער וועט דאָס אַלץ ברענגען צו גאָרנישט.

יאַן קאַזשימיערזש האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

—מיר זעען—האָט ער געלאָסן געזאָגט—אַז איר האָט נישט קיין שום עצה—איך וועל אײַך דעריבער זאָגן מיין עצה. אָט וועל איך הייסן געבן אַ סיגנאַל זיך צו זעצן אויף די פערד און מיטן גאַנצן חייל זיך לאָזן קיין זבאַראַזש. זאָל־זשע גע־ שען גאָטס רצון! דאָרט וועלן מיר זיך דערוויסן, צי דער כּאַן איז דאָ, אָדער ער איז נישטאָ.

דער קאַנצלער האָט געקענט דעם קיניגס מוט, וואָס האָט נישט געוווּסט פון קיין אָפּהאַלט, און ער האָט נישט גע־ צווייפלט, אַז ער איז דאָס גרייט צו טון. פון דער צווייטער זייט האָט ער געוווּסט פון דער פּראַקטיק, אַז ווען דער קיניג פּלאַנט עפּעס אונטערצונעמען וועט דעמאָלט קיין שום אָפּרעדן נישט העלפן. ער האָט דעריבער מיט אַמאָל זיך נישט אַקעגנ־ געשטעלט, ער האָט אפילו געלויבט דעם געדאַנק, אָבער ער האָט נישט געהייסן זיך צואײַלן: ער האָט אויפגעוויזן דעם קי־ ניג, אַז מ'קאָן דאָס טון מאָרגן אָדער איבערמאָרגן—און דער־ ווייל קאָנען אָנקומען גוטע ידיעות. יעדער טאָג קאָן פאַרגרע־ סערן די בהלה צווישן קאָזאַקן־המון, וואָס איז צעטומלט פון די מפּלות ביי זבאַראַזש און פון די ידיעות וועגן אָנקומען פון קיניג. די מרידה קאָן צעשמאָלצן ווערן אַקעגן די שטראַלן פון מאַיעסטעט, ווי שניי אַקעגן די שטראַלן פון דער זון—אָבער מען דאַרף איר געבן צייט. און דער קיניג טראַגט דאָך אין זיך די ישועה פאַר דער גאַנצער רעפּובליק און צוליב דער

אחריות פאַר גאָט און פאַר די קומענדיקע דורות דאַרף ער זיך נישט שטעלן אין אַ סכּנה, בפרט, אַז אין פאַל פון אַן אומגליק, וואָלט דאָס זבאַראַזשער חייל געוועָן פאַרלוירן אָן אַ תקומה.

—מאַכט וואָס איר ווילט, אַבי איך זאָל האָבן אַ געפּאַנ-גענעם אויף מאָרגן.

און ווידער איז אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן. אין פענס-טער איז געשטאַנען אַ געוואַלדיקע גילדענע לבנה, אָבער אין שטוב איז טונקל געוואָרן, ווײַל אויף די קנויטן פון די ליכט זענען שוואָמען אויסגעוואַקסן.

—ווי שפּעט איז?—האָט דער קיניג געפרעגט.

—שוין באַלד האַלבע נאַכט—האָט ראַדזשעיאָווסקי געענט-פערט.

—איך וועל נישט שלאָפן די נאַכט. איך וועל אַרומפאָרן דעם לאַגער, און איר פאָרט נאָך מיר. ווו איז אובאַלד און אַרצישעווסקי?

—אין לאַגער. כ׳וועל גיין זאָגן, אַז מ׳זאָל די פערד דער-לאַנגען—האָט דער סטאַראָסטע געענטפערט.

און ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר; דאָ אָבער איז אין פאָדער-הויז אַנטשטאַנען עפּעס אַ גערודער, אַ ווײַלע האָט מען געהערט אַ לעבעדיקן שמועס, אַן אָפּהילך פון אײַליקע טריט, צום סוף האָט זיך די טיר אויפגעפּראַלט און טיזענהויז, דעם קיניגס הויף־מאַן, איז אַרײַנגעפאַלן אַ פאַרסאַפּעטער.

—גנעדיקער קיניג!—האָט ער אויסגערופן—עס איז געקו-מען אַן אָפיציר פון זבאַראַזש!!

דער קיניג איז אויפגעשפּרונגען פון שטול, דער קאַנצ-לער איז אויך אויפגעשטאַנען און פון ביידנס מײַלער האָט זיך אַרויסגעריסן אַן אויסגעשריי:

—ס׳קאָן נישט זײַן!!

—אַזוי איז עס! ער שטייט אין פאָדער-הויז.

—רוף אים אַליין אַרײַן!—האָט דער קיניג אויסגערופן, פאַטשנדיק אין די הענט.—זאָל על מיט געוואַלט זיך באַרואיקן. רוף אים אַליין אַרײַן, אָבער גיכער!

טיזענהויז איז נעלם געוואָרן אין דער טיר און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אָנשטאָט אים באַוויזן אין איר עפּעס אַ הויכע אומבאַקאַנטע געשטאַלט.

—נענטער, גנעדיקער הער!—האָט דער קיניג אויסגערופן—נענטער! מ׳ר פרייען זיך מיט דיר!

דער אָפיציר האָט זיך צוגערוקט אַזש ביז צום טיש און אויף זײַן אָנבליק האָבן דער קיניג, קאַנצלער און לאָמזשער סטאַראָסטע זיך פאַרבליפטע צוריקגעצויגן. פאַר זיי איז געשטאַנען עפּעס אַ שרעקלעכער מענטש, און גיכער אַ געשפּענסט; די שמאַטעס, צעפליקטע אויף שטיקלעך, האָבן קוים צוגעדעקט זיין אויסגעדאַרטן גוף; דאָס פנים איז ביי אים געווען בלאָ, אויסגעשמירט מיט קויט און בלוט; די אויגן זיינע האָבן געברענט מיט אַ קדחתדיקן פייערל, אַ שוואַרצע צעשויבערטע באָרד איז אים אַראָפּגעפאַלן אויף דער ברוסט, אַ ריח פון פּגרים האָט זיך געטראָגן פון אים, און די פיס האָבן זיך אַזוי געטרייסלט אונטער אים, אַז ער האָט געמוזט זיך אין טיש אָנשפּאַרן.

דער קיניג און ביידע הערן האָבן געקוקט אויף אים מיט ברייט-אויפגעמאַכטע אויגן. אין דער רגע האָט זיך די טיר געעפנט און עס איז אַריין אַ מחנה פון מיליטערישע און ציווילע הויכע באַאַמטע: די גענעראַלן אובאַלד, אַרצישעווסקי, דער ליטווישער וויצע-קאַנצלער סאַפּיעהאַ, דער זשעזשיצער סטאַראָסטע, דער סאַנדאָמיעזשער האַר. אַלע, וואָס זענען געשטאַנען הינטערן קיניג, האָבן געקוקט אויפן אָנגעקומענעם—און דער קיניג האָט געזאָגט:

—ווער ביזטו?

דער אומגליקלעכער האָט געעפנט דאָס מויל, האָט געוואָלט רעדן, אָבער אַ קאָנווולסיע האָט אָנגעכאַפּט זיין אונטערשטע ליפּ, די באָרד האָט אים גענומען ציטערן און ער האָט נאָר באַוויזן אַרויסצושעפּטשען:

—פון... זבאַראַזש!

—ויין גיט אים!—האָט עפּעס אַ שטים זיך אָנגערופן. כהרף-עין האָט מען אים דערלאַנגט אַן אָנגעפילטן בע-

כער—דער אָנגעקומענער האָט אים אויסגעטרונקען מיט שווע־ריקייטן. אין דער זעלבער צייט האָט דער קאַנצלער אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל און מיט אים באַדעקט זיינע אַקסלען.

—קאָנסט איצט רעדן?—האָט דער קיניג געפרעגט אין אַ געוויסע צייט אַרום.

—כ׳קאָן—האָט געענטפערט דער ריטער מיט אַ זיכערער שטים.

—ווער ביזטו?

—יאַן סקשעטוסקי... פּאָרוטשניק פון הוזאַרן-פּאָלק...

—ביי וועמען דינסטו?

—ביים וואָיעוואָדע פון רוס.

אַ געמורמל האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן איבערן זאַל.

—וואָס הערט זיך ביי אייך? וואָס הערט זיך?—האָט דער קיניג האַסטיק געפרעגט.

—נויט..: הונגער... איין קבר...

דער קיניג האָט זיך פאַרשטעלט די אויגן.

—יעזוס קריסטוס! יעזוס קריסטוס!—האָט ער געזאָגט מיט אַ שטילער שטים.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווידער געפרעגט:

—נאָך לאַנג קאָנט איר זיך האַלטן?

—עס פעלט פולווער. דער שונא איז אין די גראָבנס...

—גרויס איז זיין צאָל?

—כמעלניצקי... דער כאַן מיטן גאַנצן טאָטערישן חייל.

—דער כאַן איז דאָ?

—יאָ...

עס איז געוואָרן שטיל. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט—אַלע־מענס פּנימער האָבן אויסגעדריקט אומזיכערקייט.

—ווי אַזוי האָט איר געקאָנט אויסהאַלטן?—האָט דער קאַנצלער געפרעגט מיט אַ ספק אין דער שטים.

אויף די דאָזיקע ווערטער האָט סקשעטוסקי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, גלייך ווי אַ נייע קראַפט וואָלט אים באַלעבט, אַ

בליץ פון גדלות איז דורכגעלאָפן איבער זיין פּנים און ער האָט מיט אַן אומגעריכטער שטאַרקער שטים געענטפערט:

—צוואַנציק צוריקגעשטויסענע שטורעמס, זעכצען געווונענע שלאַכטן אויפן פעלד, פינף און זיבעציק אַרויספאַלן...

און ווידער איז שטיל געוואָרן.

דאָ האָט זיך דער קיניג אויסגעגלייכט, ער האָט אַ טרייסל געטון מיטן פאַרוק ווי אַ לייב מיט דער גזשיבע, דאָס געלב-לעכע פּנים האָט זיך אים פאַררויטלט און די אויגן האָבן גע-ברענט.

—ביי גאָט!—האָט ער אויסגעשריגן—גענוג שוין די עצות, דאָס וואַרטן, דאָס קווענקלען זיך! דער כאַן איז דאָ, אָדער ער איז נישטאָ, די שלאַכטע איז געקומען, אָדער זי איז נישט גע-קומען, ביי גאָט! גענוג דאָס אַלץ! נאָך היינט מאַרשירן מיר קיין זבאַראַזש!

—קיין זבאַראַזש! קיין זבאַראַזש!—האָבן אַ פּאָר שטאַרקע שטימען איבערגעחזרט.

דאָס פּנים פון ריטער האָט געשטראַלט, ווי דער מאָרגנ-שטערן.

—גנעדיקער קיניג און האַר!—האָט ער געזאָגט—מיט דיר לעבן און שטאַרבן!...

אויף די דאָזיקע ווערטער איז דאָס אידעלע האַרץ פון קיניג צעגאַנגען ווי וואַקס, און נישט קוקנדיק אויף די עקלדי-קע מראה פון ריטער, האָט דער האַר אים געדריקט דעם קאָפּ מיט די הענט און געזאָגט:

—ביזט מיר ליבער, ווי אַנדערע אין זיידנס. ביי גאָט, קלענערע פאַר דיר ווערן מיט סטאַראָסטווע באַלוינט—אָבער דאָס, וואָס דו האָסט געטון, טאָר נישט בלייבן אומבאַלוינט. זאָג דיך נישט אָפּ! איך בין דיינער אַ בעל-חוב.

און אַנדערע האָבן באַלד גענומען אויסשרייען נאָכן קיניג:

—נישט געווען נאָך קיין גרעסערער ריטער!

—ער איז אויך צווישן די זבאַראַזשער דער גרעסטער!

—ער האָט זיך אַן אומשטערבלעכן שם דערוואָרבן!
—ווי אַזוי האָט איר זיך דורכגעריסן דורך די קאָזאַקן און טאָטערס?...

—אין בלאָטעס האָב איך זיך באַהאַלטן, אין געוויקסן, דורך וועלדער בין איך געגאַנגען... געבלאָנדזשעט... נישט געגעסן.

—סן גיט אים!—האָט דער קיניג אַ געשריי געטון.

— סן!—האָבן אַנדערע איבערגעחזרט.

—טן אים!

—רגן וועט מען דיר אַ פערד און מלבושים געבן—האָט דער קיניג ווידער געזאָגט.—קיין שום זאַך וועט דיר נישט פעלן.

אַלע האָבן זיך איבערגעיאָגט, לויטן מוסטער פון קיניג, אין לויבן דעם ריטער. באַלד האָט מען אים ווידער גענומען פאַרוואַרפן מיט פראַגן, אויף וועלכע ער האָט מיט דער גרעסטער שווערקייט געענטפערט, ווייל ער האָט זיך געשפּירט וואָס אַמאָל שוואַכער און ער האָט שוין קוים געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים. אין מיטן דרינען האָט מען געבראַכט עסן, און אינאיינעם דערמיט איז אויך אַריינגעקומען קסיאָנדז טשעטשישאָווסקי, דעם קיניגס פּרעדיקער.

די הויכע באַאַמטע האָבן פאַר אים געמאַכט אַ וועג, ווייל דאָס איז געווען זייער אַ געלערנטער און געשעצטער קסיאָנדז און זיין וואָרט האָט ביים קיניג געהאַט כמעט מער חשיבות, ווי דעם קאַנצלערס, און פון דער קירך-בינע פלעגט ער אָפט רעדן אַזעלכע דיבורים, וואָס אפילו אין סיים פלעגט נישט יעדער זיך דערוועגן עס אַרויסצוזאָגן. מ'האָט אים אַרומגערינגלט און גענומען דערציילן, אַז עס איז געקומען אַן אָפיציר פון זבאַראַזש, אַז דער פירשט, הגם ער ליידט הונגער און דחקות, פאַרשאַפט ער נאָך פאַרט מפּלות דעם כאַן, וועלכער געפינט זיך דאָרט בכבודו ובעצמו, און כמעלניצקי, וועלכער האָט אין גאַנצן פאַרגאַנגענעם יאָר נישט אָנגעווירן אַזוי פיל מענטשן, ווי ביי זבאַראַזש—צום סוף, אַז דער קיניג וויל אַרויסמאַרשירן

צו הילף—ווען אפילו ער זאָל מוזן אומקומען מיטן גאַנצן חייל.

דער קסיאָנדז האָט אויסגעהערט שטילשווייגנדיק, באַוועגנ־דיק מיט די ליפּן און קוקנדיק יעדע ווײַלע אויפן אָפּגעדאַרטן ריטער, וועלכער האָט בשעת־מעשה געגעסן, ווייל דער קיניג האָט אים געהייסן זיך נישט רעכענען דערמיט, וואָס ער איז דאָ און האָט אויף אים נאָך אַליין אַכטונג געגעבן, און פון צייט צו צייט האָט ער געטרונקען צו אים פון אַ קליינעם זיל־בערנעם בעכערל.

—און ווי הייסט יענער ריטער?—האָט דער קסיאנדז צום סוף געפרעגט.

—סקשעטוסקי.

—רופט מען אים נישט אַמאָל יאַן?

—יאָ.

פּאָרוטשניק פון פירשט וואָיעוואָדע פון רוס?

—יאָ.

דער קסיאָנדז האָט אויפגעהויבן דאָס געקנייטשטע פּנים און ווידער גענומען מתפּלל זיין, און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

—לאָמיר אָפּגעבן אַ שבח צו גאָט, ווייל אומדערפאָרשט זענען די וועגן, מיט וועלכע ער פירט אַ מענטשן צו גליק און מנוחה, אמן. איך קען דעם דאָזיקן ריטער.

סקשעטוסקי האָט דערהערט און אומגערנווילּיק געווענדט די אויגן אויפן פּנים פון קסיאָנדז—אָבער דאָס פּנים, די פיגור און דאָס קול זענען אים לחלוטין פרעמד געווען.

—האָט איר איינער פון גאַנצן חייל זיך אונטערגענומען דורכצוגיין דורך די פיינטלעכע לאַגערס?—האָט אים דער קסיאָנדז געפרעגט.

—ס'איז פאַר מיר געגאַנגען אַ פאַרדינסטפולער ריטער, אָבער ער איז אומגעקומען—האָט סקשעטוסקי געענטפערט.

—אויב אַזוי איז דיין פאַרדינסט נאָך גרעסער, וואָס דו האָסט נאָך דעם געוואַגט צו גיין. ס'איז קענטיק פון דיין קלאָ־געדיקן אויסזען, אַז דאָס האָט געמוזט זיין אַ שרעקלעכער וועג.

גאָט האָט געזען דיין קרבן, דיינע גוטע מדות, דיין יוגנט און דיך דורכגעפירט בשלום.

מיט אַמאָל האָט דער קסיאָנדז זיך געווענדט צו יאַן קאַזשימיערזשן:

—גנעדיקער קיניג—האָט ער געזאָגט—איז דאָס אַ פעסטער באַשלוס פון גנעדיקן האַר קיניג צו גיין צו הילף דעם פירשט וואָיעוואָדע פון רוס?

—אויפן באַראָט פון אייערע תפלות, פאָטער—האָט דער קיניג געענטפערט—גיב איך איבער דאָס פאָטערלאַנד, דאָס חייל, און זיך, ווייל כ'ווייס, אַז דאָס איז אַ שרעקלעכע אונטערנע-מונג, אָבער איך קאָן שוין מער נישט צולאָזן, אַז דער פירשט וואָיעוואָדע זאָל אומקומען אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן גראָבן מיט אַזעלכע ריטער, ווי אָט דער פּאָרוטשניק, וועלכער שטייט דאָ פאַר אונז.

—גאָט וועט געבן אַ נצחון!—האָבן אַ פּאָר שטימען אויס-געררופן.

דער קסיאָנדז האָט אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך און אין זאַל איז שטיל געוואָרן.

—געבענטשט זאָלט איר זיין אין נאָמען פון פאָטער און זון און הייליקן גייסט.

—אָמן!—האָט דער קיניג געזאָגט.

—אָמן!—האָבן אַלע שטימען נאָכגעזאָגט.

אַ רואיקייט האָט זיך אויסגעגאָסן איבער יאַן קאַזשי-מיערזשס ביז איצט פאַרדאגהטן פנים און נאָר זיינע אויגן האָבן געוואָרפן אַן אומגעוויינלעכן שיין. צווישן די פאַרזאַמלטע האָט זיך פאַרבונדן אַ שטילער שמועס וועגן דער נאָנטער מלחמה, ווייל אַ סך זענען נאָך געווען אין אַ ספק, צי דער קיניג וועט תיכף קאָנען אַרויסמאַרשירן, ער אָבער האט גענומען פון טיש די שפּאַדע און אַ ווינק געטון צו טיזענהויזן, אַז ער זאָל זי אים צושפּילען.

—ווען וויל דער גנעדיקער האַר קיניג זיך לאָזן אין וועג אַריין?—האָט דער קאַנצלער געפרעגט.

—גאָט האָט געגעבן אַ ליכטיקע נאַכט—האָט דער קיניג געענטפערט—די פערד וועלן זיך נישט פאַרמאַטערן. גנעדיקער הער לאַגער-וועכטער—האָט ער צוגעגעבן, ווענדנדיק זיך צו די הויכע באַאַמטע—הייס געבן אַ סיגנאַל זיך צו גרייטן אין וועג.

דער וועכטער איז באַלד אַרויס פון שטוב. קאַנצלער אָסאָ-לינסקי האָט אין דער שטיל געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז נישט אַלע זענען גרייט און אַז די וועגנס וועלן נישט קאָנען זיך לאָזן אין וועג אַריין אין דער נאַכט, אָבער דער קיניג האָט באַלד געענטפערט:

—ווע‌מען די וועגנס זענען ליבער פון פאָטערלאַנד און מאַיעסטעט, זאָל ער איבערבלייבן.

דער זאַל האָט גענומען זיך אויסליידיקן. יעדער האָט זיך געאיילט צו זיין פאָלק, כדי אים „צו שטעלן אויף די פיס” און צוגרייטן צום מאַרש. אין שטוב זענען געבליבן נאָר דער קיניג, דער קאַנצלער, דער קסיאָנדז און הער סקשעטוסקי מיט טיזענהויזן.

—גנעדיקער הער—האָט דער קסיאָנדז געזאָגט—וואָס איר האָט געהאַט זיך צו דערוויסן פון דעם דאָזיקן ריטער, האָט איר זיך שוין דערוווּסט. מען דאַרף אים שוין לאָזן צורו, ווייל ער האַלט זיך קוים אויף די פיס. דערלויבט מיר, גנעדיקער הער קיניג, אים מיטצונעמען אין מיין קוואַרטיר און אים דאָרט צו האַלטן איבער נאַכט.

—גוט, פאָטער—האָט דער קיניג געענטפערט—אייער פאָ-דערונג איז אַ גערעכטע. זאָל אים טיזענהויז און נאָך עמיצער אָפּפירן, ווייל אַליין וועט ער זיכער נישט בכוח זיין צו גיין. גיי, גיי, ליבער ריטער, קיינער האָט דאָ מער פון דיר אויף אָפּרו נישט פאַרדינט. און געדענק, אַז איך בין דיר אַ בעל-חוב. אין זיך וועל איך גיכער פאַרגעסן, איידער אין דיר!

טיזענהויז האָט געכאַפּט סקשעטוסקין אונטערן אָרעם און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען. אין פאָדער-הויז האָבן זיי באַגעגנט דעם זשיטשיצער סטאַראָסטע, וועלכער האָט פון דער צווייטער זייט אונטערגעשפּאַרט דעם זיך וואַקלדיקן ריטער; פּאָרנט איז

געגאַנגען דער קסיאָנדז, און פאַר אים איז געגאַנגען אַ ייִנגל מיט אַ לאַמטערן. אָבער דאָס לײַכטן איז געווען איבעריק, ווײַל די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע, אַ שטילע, אַ וואַרעמע. אַ גרויסע, גילדענע לבנה האָט געשווומען ווי אַ שיף איבער טאָפּאָראָוו. פון לאַגער-פּלאַץ האָט זיך דערטראָגן אַ ליאַרם פון מענטשלעכע קולות, אַ סקריפּעריי פון וועגנס און אָפּקלאַנג פון טרומייטן, וואָס האָבן געוועקט די שלאָפנדיקע. פון דער ווייטנס, פאַר דער קירך, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט דער שיין פון דער לבנה, האָט מען שוין געזען קופּעס פון זעלנער, רייטער און פוס-גייער. אין דאָרף האָבן די פערד געהירזשעט. מיט דער סקריפּעריי פון די וועגנס האָט זיך פאַראייניקט אַ געקלאַנג פון קייטן און אַ גערודער פון האַרמאַטן—דער ליאַרם איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער.

—זיי מאַרשירן שוין אַרויס!—האָט דער קסיאָנדז געזאָגט.

—קיין זבאַראַזש... צו הילף...—האָט סקשעטוסקי אַרויסגעשעפּטשעט.

און מען ווייסט נישט, פון שמחה, אָדער פון פאַרמאַטערטקייט, אָדער צוליב ביידע אינאיינעם, איז ער אַזוי שוואַך געוואָרן, אַז טיזענהויז און דער זשיטשיצער סטאַראָסטע האָבן אים כמעט געמוזט שלעפּן.

און גייענדיק צו דער קירך זענען זיי דערווײַל אַרײַן צווישן די זעלנער, וואָס זענען געשטאַנען פאַר דער קירך. דאָס זענען געווען סאַפּיעהאַס פּאָלקן און אַרציִשעווסקיס פוס-גייער. נישט צוגעגרייט נאָך צום מאַרש, זענען די זעלנער געשטאַנען אין אומאָרדנונג, שטופּנדיק זיך ערטערווייז און פאַרשטעלנדיק דעם דורכגאַנג.

—פון וועג! פון וועג!—האָט דער קסיאָנדז אויסגערופן.

—און ווער זוכט דאָס דאָרט אַ וועג?

—אַ ריטער פון זבאַראַזש!

—מיר בייגן זיך פאַר אים! מיר בייגן זיך!—האָבן אַ סך שטימען זיך אָנגערופן.

און זיי האָבן באַלד געמאַכט אַ וועג, אָבער אַנדערע האָבן

זיך געשטופּט נאָך מער, ווילנדיק זען דעם העלד. און זיי האָבן געקוקט פאַרחידושטע אויף די דאָזיקע נויט, אויף דעם דאָזיקן שרעקלעכן פּנים, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט דער שיין פון דער לבנה—און געשעפּטשעט צו זיך פאַרחידושטע:

—פון זבאַראַזש, פון זבאַראַזש...

מיט דער גרעסטער מי האָט דער קסיאָנדז צוגעפירט סקשעטוסקין צו דער קירך. דאָרט האָט ער אים, אַן אָפּגעבאָ-דענעם, אַן אָפּגעוואַשענעם פון בלאָטע און בלוט, געהייסן לייגן אויפן בעט פון אָרטיקן גלח, און אַליין איז ער באַלד אַרויס צו די חיילות, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

סקשעטוסקי האָט כּמעט נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים, אָבער די היץ האָט אים נישט דערלויבט באַלד איינ-צושלאָפן. ער האָט שוין אָבער נישט געוווסט ווו ער איז און וואָס עס איז געשען. ער האָט נאָר געהערט אַ טומל, טריט, אַ סקריפּעריי פון וועגנס, דעם הילכיקן מאַרש פון די פוס-גייער, געשרייען פון די זעלנער, אַן אָפּקלאַנג פון די טרו-מייטן—און אַלץ האָט זיך אין זיינע אויערן צונויפגעגאָסן אין איין געוואַלדיקן רעש... „דאָס חייל גייט"—האָט ער אַליין צו זיך געברומט... דערווייל האָט דער רעש זיך גענומען דער-ווייטערן, אָפּלאָזן, פאַרשווינדן, שמעלצן... ביז אַ שטילקייט האָט איינגעהילט טאָפּאָראָוו.

דעמאָלט האָט זיך סקשעטוסקין געדוכט, אַז צוזאַמען מיטן בעט פליט ער אין עפּעס אַ תהום אָן אַ דנאָ...

# 8 קאַפּיטל

ער איז געשלאָפֿן אַ פּאָר טעג און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויפֿגעוועקט האט אים די היץ נאָך נישט אָפּגעלאָזט—און לאַנג האָט ער נאָך געפֿלוידערט אָן אַ טאָלק, גערעדט וועגן זבאַראַזש, וועגן פּירשט, וועגן קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע, האָט געשמועסט מיטן הער מיכאַל און מיט זאַגלאָבאַן, האָט געשריגן: „נישט דאָרט-אַרום!” אויפֿן הער לאָנגין פּאָדבּיפּיענטאַ—נאָר וועגן דער פּירשטין האָט ער קיין איין מאָל נישט דערמאַנט. אפֿנים, אַז די אומגעהייערע קראַפֿט, דורך וועלכער ער האָט איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל געפּועלט בּיי זיך צו דערשטיקן דעם אָנדענק וועגן איר, פֿאַרלאָזט אים אפֿילו נישט אין זיין שוואַכקייט און קרענק. דערפֿאַר האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער זעט איבער זיך זשענדזשאַנס דיקע פּנים, „פּונקט אַזוי ווי ער האָט עס געזען דעמאָלט, ווען דער פּירשט האָט נאָך דער קאָנסטאַנטינאָווער שלאַכט אים אַרויסגעשיקט מיט די פּאָלקן קיין זאַסלאַוו, כּדי דאָרט צו פֿאַרטיליקן די הפקרדיקע מחנות, און זשענדזשאַן האָט זיך אומדערוואַרטערהייט באַוויזן אויפֿן נאַכטלעגער. און דאָס דאָזיקע פּנים האָט צעטומלט זיינע געדאַנקען, ווייל ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז די צייט האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איר לויף און אַז פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך גאָרנישט געענדערט. אָט איז ער ווידער בּיי כמאָר און שלאָפֿט אין דער כאַטע, און אויפֿוועקנדיק זיך לאָזט ער זיך קיין טאַרנאָפּאָל אָפּפֿירן די פּאָלקן... קשיוואָנאָס, וועלכער איז צעקלאַפּט געוואָרן בּיי קאָנסטאַנטינאָוו, איז אַנטלאָפֿן צו כמעלניצקין... זשענדזשאַן איז אָנגעקומען פֿון הושטשאַ און זיצט איבער אים... סקשעטוסקי וואָלט וועלן רעדן, ער וואָלט וועלן געבּן אַ באַפֿעל דעם יונגל, אַז ער זאָל הייסן די פֿערד אָנזאָטלען—אָבער ער קאָן

נישט... און ווידער קומט אים אין קאָפּ אַריין אַ געדאַנק, אַז ער איז נישט ביי כּאָמאָר און אַז זייט דעמאָלט איז דאָך שוין באַר איינגענומען געוואָרן—דאָ האָט הער סקשעטוסקין ווידער אָנגעכאַפּט אַ ווייטאָק און זיין אימגליקלעכער קאָפּ איז ווידער פאַרהילט געוואָרן אין פינסטערניש. ער ווייס שוין גאָרנישט, ער זעט שוין גאָרנישט—אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך פון דער דאָזיקער פינסטערניש, פון דעם דאָזיקן כּאַאָס אַרויסגע-טיילט זבאַראַזש... די באַלאַגערונג... איז ער, הייסט עס, נישט ביי כּאָמאָר? און פונדעסטוועגן זיצט זשענדזשאַן איבער אים, בייגט זיך אַראָפּ צו אים. דורך די אויסגעשניטענע לעכער אין די לאָדנס פאַלט אַריין אין שטוב אַ בינטל העל ליכט און באַלייכט קלאָר דאָס פּנים פון יינגל, וואָס דריקט אויס דאגות און מיטגעפיל...

—זשענדזשאַן!—רופט הער סקשעטוסקי מיט אַמאָל אויס.

—אָ מיין הער! סוף כּל סוף האָט מיך דער האַר דער-קענט!—שרייט אויס דאָס יינגל און פאַלט-צו צו סקשעטוסקיס פיס.—כ'האָב געמיינט, אַז דער האַר וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אויפוועקן...

אַ ווײַלע איז שטיל געווען—ס'האָט זיך נאָר געהערט דאָס כליפּען פון יינגל, וועלכער האָט אַלץ געדריקט די פיס פון זיין האַר.

—ווו בין איך?—פרעגט הער סקשעטוסקי.

—אין טאַרנאָפּאָל... דער האַר איז פון זבאַראַזש צום האַר קיניג געקומען... געלויבט איז גאָט! געלויבט איז גאָט!

—און ווו איז דער קיניג?

—ער איז געגאַנגען מיטן חיל צו הילף דעם פירשט וואָיעוואָדע.

עס איז ווידער שטיל געוואָרן. טרערן פון פרייד זענען כּסדר גערונען איבערן פּנים פון זשענדזשאַנען, וועלכער האָט אין אַ ווײַלע אַרום גענומען איבערחזרן מיט אַ גערירטער שטים:

—ווי גוט איז, וואָס זיך זע נאָך דעם האַרס גוף...

דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען און געעפנט דעם לאָדן און אויך דאָס פענסטער.

די פרישע פרימאָרגן-לופט איז אַריינגעפלאָסן אין שטוב און צוזאַמען מיט איר אויך דאָס העלע טאָג-ליכט. דאָס דאָזיקע ליכט האָט סקשעטוסקין אומגעקערט דאָס פולע באַוווסט-זיין...

זשענדזשאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט צופוסנס פון בעט...

—בין איך, הייסט עס, פון זבאַראַזש אַרויסגעגאַנגען?— פרעגט דער ריטער.

—יאָ, מיין האַר... קיינער וואָלט נישט געקאָנט באַווייזן דאָס, וואָס דער האַר האָט באַוויזן, און אַ דאַנק דעם האַר איז דער קיניג געגאַנגען צו הילף.

—הער פּאָדביפּיענטאַ האָט פאַר מיר געפּרוווט, אָבער ער איז אומגעקומען...

—אָ גאָט מיינער! הער פּאָדביפּיענטאַ איז אומגעקומען? אַזאַ גוטהאַרציקער און פרומער האַר!... ס'האָט מיר אַזש דעם אָטעם פאַרכאַפּט... ווי אַזוי האָבן זיי אַזאַ גבור געקאָנט ביי-קומען...

—זיי האָבן אים מיט פיילן דערשאָסן...

—און הער וואָלאָדיאָווסקי און הער זאַגלאָבאַ?

—זענען געווען געזונט, ווען כ'בין אַרויסגעגאַנגען.

—געלויבט איז גאָט. גרויסע פריינט האָט דער האַר אין זיי... אָבער דער קסיאָנדז האָט מיר געאסרט צו רעדן.

זשענדזשאַן איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ געוויסע צייט האָט ער געאַרבעט מיטן מוח. אַ פאַרטראַכטקייט האָט זיך בולט אָפּגעשלאָגן אויף זיין דיק פּנים. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָנגערופן:

—האַר?

—וואָס איז?

—און וואָס וועט ווערן מיט האַר פּאָדביפּיענטאַס פאַר-מעגן? אַ סברא, אַז ס'איז דאָרט פאַראַן דערפער און אַלדאָס גוטס אָן אַ שיעור. האָט ער זיינע פריינט נישט עפּעס פאַר-

שריבן, ווייל, ווי כ׳האָב געהערט, האָט ער קיין משפּחה נישט געהאַט?

סקשעטוסקי האָט גאָרנישט געענטפערט, זשענדזשאַן האָט דערפון איינגעזען, אַז זיין פראַגע האָט אים נישט געשמעקט און האָט ווידער אַזוי גענומען רעדן:

—אָבער געלויבט איז גאָט, וואָס האַר זאַגלאָבאַ און האַר וואָלאָדיאָווסקי זענען געזונט; כ׳האָב געמיינט, אַז די טאָטערס האָבן זיי געכאַפּט... אַ סך צרות האָבן מיר צוזאַמען איבערגע-לעבט... אָבער דער קסיאָנדז האָט מיר געאסרט צו רעדן... עי, מיין האַר, כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל זיי שוין קיינמאָל נישט זען, ווייל די טאָטערס האָבן אונז געהאַט אַזוי צוגעדריקט, אַז עס איז שוין קיין שום עצה נישט געווען.

—ביזטו הייסט עס געווען מיטן הער וואָלאָדיאָווסקי און הער זאַגלאָבאַ? זיי האָבן מיר גאָרנישט וועגן דעם דערציילט.

—ווייל זיי האָבן אויך נישט געוווסט, צי כ׳בין ניצול גע-וואָרן, אָדער אומגעקומען...

—און ווו האָבן דאָס די טאָטערס אייך אַזוי צוגעדריקט?

—הינטער פּלאָסקירווו, אויפן וועג קיין זבאַראַזש. ווייל מיר, מיין האַר, זענען ווייט, אַזש הינטער יאַמפּאָל געפאָרן... אבער קסיאָנדז טשעטשישאָווסקי האָט געאסרט צו רעדן.

אויף אַ ווײַלע איז שטיל געוואָרן.

—זאָל אייך גאָט באַלוינען פאַר אייערע גוטע כונות און מי—האָט סקשעטוסקי געזאָגט—ווייל איך ווייס שוין, נאָך וואָס איר זענט געפאָרן אַהין. כ׳בין אויך דאָרט געווען פאַר אייך... אומזיסט...

—עי, מיין האַר, ווען נישט דער קסיאָנדז... אָבער ער זאָגט אַזוי: איך מוז מיטן האַר קיניג קיין זבאַראַזש פאָרן, און דו (זאָגט ער צו מיר) גיב אַכטונג אויפן האַר, נאָר זאָג אים גאָרנישט, ווייל די נשמה וועט אים אַרויס.

סקשעטוסקי האָט שוין אַזוי ווייט זיך געהאַט מיאש גע-ווען, אַז אפילו זשענדזשאַנס דאָזיקע ווערטער האָבן נישט אָנ-געצונדן אין אים דעם מינדסטן פינק פון האָפנונג... אַ געוויסע

צייט איז ער געלעגן אומבאַוועגלעך, און צום סוף האָט ער גע-נומען פרעגן:

—פון וואַנען האָסטו זיך גענומען דאָ ביים קסיאָנדז טשע-שישאָווסקי און ביים חייל?

—מיך האָט די פרוי פון סאַנדאָמיעזשער קאַשטעלאַן, די האַרין וויטאָווסקאַ, אַרויסגעשיקט פון זאַמאָשטש מודיע צו זיין דעם האַר קאַשטעלאַן, אַז זי וועט זיך אין טאָפּאָראָוו מיט אים טרעפן... דאָס איז אַן אשת-חייל, מיין האַר, און זי וויל דוקא זיין ביים מיליטער, אַבי זיך נישט צו שיידן מיטן האַר קאַש-טעלאַן... בין איך געקומען קיין טאָפּאָראָוו מיט אַ טאָג פריער פאַרן האַר. די האַרין ליטאָווסקאַ וועט אַ ליאַדע רגע דאָ זיין... זי איז שוין אודאי דאָ... אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז ער איז ווידער מיטן קיניג אַוועקגעפאָרן!...

—כ'פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי האָסטו געקאָנט זיין אין זאַ-מאָשטש, אַז דו ביזט גאָר מיטן הער וואָלאָדיאָווסקי און הער זאַגלאָבאַ הינטער יאַמפּאָל געפאָרן? פאַרוואָס עפּעס ביזטו מיט זיי קיין זבאַראַזש נישט אָנגעקומען?

—וייל, זעט דער האַר, ווען די טאָטערס האָבן אונז צו-געשפּאַרט, איז שוין נישט געווען קיין שום עצה; זענען זיי אין צווייען געבליבן זיך אַקעגנצושטעלן דער גאַנצער טאָטערי-שער מחנה, און איך בין אַנטלאָפן און זיך אין ערגעץ נישט אָפּגעשטעלט, אַזש ביז זאַמאָשטש.

—אַ גליק, וואָס זיי זענען נישט אומגעקומען—האָט סקשע-טוסקי געזאָגט—אָבער כ'האָב געמיינט, אַז דו ביזט אַ בעסער יינגל. וואָרום ווי האָסטו געקאָנט פועלן ביי זיך זיי צו פאַר-לאָזן אין אַזאַ צרה?

—עי, מיין האַר, ווען מיר וואָלטן געווען אַליין, אין דרייען, וואָלט איך זיי אודאי נישט געווען פאַרלאָזן, ווייל דאָס האַרץ איז מיר צעשניטן געוואָרן... אָבער מיר זענען געווען זאַלבעפירט... זיי האָבן זיך דעריבער געוואָרפן אויף די טאָ-טערס, און מיך האָבן זיי אַליין געהייסן... מציל זיין... ווען איך וואָלט זיכער געווען, אַז די שמחה וועט דעם האַר נישט

צום טויט דערשלאָגן... וואָרום מיר האָבן הינטער יאַמפּאָל... געפונען... אָבער דער קסיאָנדז...

סקשעטוסקי האָט גענומען קוקן אויפן יינגל און פינטלען מיט די אויגן, ווי אַ מענטש, וואָס וועקט זיך פון שלאָף—מיט אַמאָל איז ער אַזוי בלאַס געוואָרן, גלייך ווי עפּעס וואָלט זיך אין אים אָפּגעריסן, ער האָט זיך געזעצט אויפן בעט און אויסגעשריגן מיט אַ דונערנדיקער שטים:

—ווער איז מיט דיר געווען?

—האַר! העי, האַר!—האָט דאָס יינגל אויסגערופן, איבערגעשראָקן פון דעם שנוי, וואָס ער האָט באַמערקט אויפן פּנים פון ריטער.

—ווער איז מיט דיר געווען?—האָט סקשעטוסקי געשריגן און אָנכאַפּנדיק זשענדזשאַנען פאַר די הענט, האָט ער גענומען אים טרייסלען און אַליין זיך געטרייסלט ווי אין קדחת און געקוועטשט דאָס יינגל אין די הענט.

—אויב אַזוי וועל איך שוין זאָגן—האָט זשענדזשאַן זיך אָנגערופן—זאָל דער קסיאָנדז טון וואָס ער וויל: דאָס פרייליין איז מיט אונז געווען, און איצט איז זי ביי דער האַרין וויטאָווסקאַ.

סקשעטוסקי איז פאַרשטייפט געוואָרן, ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און דער קאָפּ זיינער איז שווער אַראָפּגעפאַלן אויפן קישן.

—געוואַלט!—האָט זשענדזשאַן אויסגערופן.—דער האַר האָט מסתמא די נשמה אויסגעהויכט. געוואַלט, וואָס האָב איך געטון! בעסער וואָלט איך געשוויגן. אָ גאָט! טייערסטער האַר מיינער, זאָל דער האַר אַ וואָרט אַרויסרעדן... אָ גאָט! מיט רעכט האָט דער קסיאָנדז געאסרט... האַר! העי, האַר!...

—ס׳איז גאָרנישט!—האָט סקשעטוסקי זיך צום סוף אָנגערופן—ווו איז זי?

—געלויבט איז גאָט, וואָס דער האַר האָט אָפּגעלעבט!... כ׳וועל שוין בעסער גאָרנישט זאָגן. זי איז ביי דער האַרין וויטאָווסקאַ... באַלד וועלן זיי דאָ זיין... געלויבט איז גאָט!.. זאָל

שוין דער האַר נישט שטאַרבן... באַלד וועלן זיי דאָ זין... מיר זענען אַנטלאָפן קיין זאַמאָשטש... און דאָרט האָט דער קסיאָנדז איבערגעגעבן דאָס פרייליין אין די הענט פון דער האַרין וויטאָווסקאַ... פון אָנשטענדיקייט-וועגן... וואָרום אין חייל פעלן נישט קיין הפקר-יינגען... באָהון האָט זי פאַרשווינט, אָבער עס קאָן דאָך געמאָלט זיין... גענוג צרות האָב איך געהאַט, אָבער איך האָב די זעלבער געזאָגט: דעם פירשט יערעמיס אַ קרובה... האָבן זיי פאַרשווינט... כ׳האָב אויך נישט ווייניק הוצאות געמאַכט אויפן וועג...

סקשעטוסקי איז ווידער געלעגן אומבאַוועגלעך, אָבער די אויגן זענען ביי אים אָפן געווען, אויפגעהויבן צום סופיט, און דאָס פנים זייער ערנסט—ער האָט קענטיק מתפלל געווען. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, געזעצט אויפן בעט און געזאָגט:

—די מלבושים דערלאַנג מיר—און הייס די פערד אָבזאָטלען!

—און ווו וויל דאָס דער האַר פאָרן?

—די מלבושים גיב גיכער!

—דער האַר זאָל וויסן, אַז עס איז פאַראַן גענוג פון כלערליי שיינע זאַכן, ווייל אי דער קיניג האָט פאַרן אָפּפאָרן געשענקט און אי פאַרשידענע האַרן האָבן געשענקט. און דריי פערדלעך זייער היפשע אין שטאַל... איך זאָל כאָטש אַזאַ איינס האָבן... אָבער ס׳איז גלייכער, אַז דער האַר זאָל נאָך אַ ביסל ליגן און אויסרוען זיך, ווייל דער האַר איז דאָך אינגאַנצן אָן כוחות.

—ס׳איז מיר גאָרנישט. אויפן פערד קאָן איך זיך זעצן. גאָט מיינער, אייל דיך צו!

—כ׳ווייס, אַז דעם האַרס גוף איז פון אייזן—זאָל אַזוי זיין. נאָר מיך וועט דער האַר פאַרטיידיקן פאַרן קסיאָנדז טשעשישאָווסקי... אָט ליגן דאָ די מלבושים... קיין בעסערע וועט מען ביי די אַרמעניש זיידנצייג-הענדלער נישט באַקומען... זאָל זיך דער האַר אָנטון, און איך וועל זאָגן, אַז מען זאָל ברענ-

גען ווײַן-זופּ, ווײַל איך האָב דעם דינער פון קסיאָנדז שוין געהייסן זי אָפּקאָכן.

בײַ די דאָזיקע ווערטער האָט זיך זשענדזשאַן געגומען פאָרען אַרום די מאכלים, און סקשעטוסקי האָט גענומען אײַליק זיך אָנטון די מלבושים, וואָס דער קיניג און די האַרן האָבן אים איבערגעלאָזט במתנה. נאָר פון צײַט צו צײַט האָט ער געכאַפּט דאָס ייִנגל אין די אָרעמס און אים צוגעדריקט צו זײַן איבערפולטער ברוסט, און דאָס ייִנגל האָט אים אַלץ דערציילט, ווי אַזוי ער האָט באָהונען, אַ צעניזוקטן דורכן הער מיכאַל אָבער שוין אַ ביסל פאַרהיילטן, באַגעגנט אין וולאָדאַווע, און ווי אַזוי ער האָט זיך פון אים דערוווּסט וועגן דער פירשטין און די שטאַב-חתימה אַרויסבאַקומען. ווי אַזוי ער איז דערנאָך אַוועק מיטן הער מיכאַל און הער זאַגלאָבאַ צו די וואַלאַדיניעצקער היילן און דערהרגענענדיק די מכשפה און טשערעמיסן, האָבן זיי די פירשטין אַוועקגעפירט, און צום סוף אויף וואָסערע גרויסע סכנות זיי זענען געווען אויסגעשטעלט, ווען זיי זענען אַנטלאָפן פאַר בורלאַיס חיילות.

—בולאַין האָט הער זאַגלאָבאַ געממיתט—האָט סקשעטוסקי זיך היציק אָנגערופן.

—דאָס איז אַ העלדישער מענטש—האָט זשענדזשאַן געזאָגט—כ׳האָב נאָך אַזעלכן נישט געזען, וואָרום אַזוי טרעפט, אַז איינער איז מוטיק, דער צווייטער באַריידעוודיק, דער דריטער כיטרע, און אין הער זאַגלאָבאַן האָבן זיך פאַראייניקט אַלע מעלות אינאיינעם. אָבער אַמערגסטן איז אונז שוין געווען, מײַן האַר, אין די וועלדער הינטער פּלאָסקירווו, ווו די טאָטערס האָבן אונז צוגעשפּאַרט. הער מיכאַל מיטן הער זאַגלאָבאַ זענען געבליבן, כדי זיי צוצוציִען צו זיך און אײַנצוהאַלטן דאָס נאָכיאָגעניש און איך האָב מיך געוואָרפן אין אַ זײַט צו קאָנסטאַנטינווו-צו, אויסמײַידנדיק זבאַראַזש, ווײַל איך האָב זיך געטראַכט, אַז נאָכדעם ווי זיי וועלן אומברענגען דעם קליינעם האַר און דעם הער זאַגלאָבאַ, וועלן זיי זיך נעמען אונז נאָכיאָגן אין דער ריכטונג פון זבאַראַזש. און איך ווייס נישט אויף

וואָס פאַר אַן אופן גאָט האָט מיט זיין חסד מציל געווען דעם קליינעם האַר און הער זאַגלאָבאַן... כ׳האָב געמיינט, אַז מ׳וועט זיי הרגענען. און איך מיטן פריילין זענען ביני־לביני אַנטלאָפן אויפן וועג צווישן כמעלניצקין, וועלכער איז אָנגעקומען פון קאָנסטאַנטינווו, און זבאַראַזש, וווהין די טאָטערס זענען אַוועק.

—זיי זענען נישט באַלד אַוועק אַהין, ווייל הער קושעל האָט זיי צוריקגעשטויסן. אָבער רעד גיכער!

—ווען איך וואָלט דאָס געווען וויסן, אָבער כ׳האָב נישט געוווּסט, מיר האָבן זיך בכן דורכגעשטופט מיטן פריילין צווישן די טאָטערס און קאָזאַקן, ווי דורך אַ הייל. צום גליק איז דאָס לאַנד געווען פוסט אַזוי, אַז מיר האָבן אין ערגעץ קיין לעבע־דיקן נפש נישט באַגעגנט: נישט אין די דערפער, נישט אין די שטעטלעך, ווייל אַלע זענען אַנטלאָפן, וווהין יעדער האָט נאָר געקאָנט, פאַר די טאָטערס. אָבער איך בין שיר נישט פון דער הויט אַרויסגעשפרונגען פאַר שרעק, אַז מען זאָל מיך נישט פאַרכאַפּן, וואָס עס האָט מיך טאַקע סוף כל סוף אויך נישט געמיטן!

סקשעטוסקי האָט אויפגעהערט זיך אָנצוטון און געפרעגט:

—ס׳טייטש?

—יאָ, מיין האַר! כ׳האָב זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קאָזאַ־קישן פאַרפאָסטן פון דאָניעצן, דעם ברודער פון יענער האַר־פינאַ, ביי וועלכער דאָס פריילין איז געזעסן אין דער הייל. צום גליק האָב איך אים גוט געקענט, ווייל ער פלעגט מיך זען ביי באָהונען. כ׳האָב אים אָפּגעגעבן אַ גרוס פון דער שוועסטער, כ׳האָב אים געוויזן באָהונס שטאַב און אים אַלץ דערציילט: אַז באָהון האָט מיך געשיקט נאָכן פריילין און אַז ער וואַרט אויף מיר הינטער וולאָדאַווע. און ער, מחמת ער איז געווען באָהונס אַ פריינט און האָט געוווּסט, אַז די שוועסטער היט דאָס מיידל, האָט ער געגלויבט. כ׳האָב געמיינט, אַז ער וועט מיך אָפּלאָזן און נאָך צוגעבן צידה־לדרך, צום סוף זאָגט ער גאָר אַזוי: „דאָרט (זאָגט ער) קלייבט זיך צונויף די שלאַכ־טע מיט אירע חיילות, דו וועסט נאָך אַריינפאַלן צו די ליאַכן

אין די הענט; בלייב, זאָגט ער, מיט מיר, מיר וועלן פאָרן צו כמעלניצקין; אין לאַגער וועט דאָס מיידל זיין באַוואָרנט, ווייל דאָרט וועט זי כמעלניצקי אַליין היטן פאַר באָהונען". אַז ער האָט מיר דאָס געזאָגט, בין איך אַזש געוואָרן אַ טויטער, וואָרום וואָס האָב איך דערויף געהאַט צו ענטפערן? זאָג איך אים, אַז באָהון וואַרט אויף איר און אַז מיט מיין קאָפּ בין איך ערוב דערפאַר, אַז זי זאָל באַלד אַוועקגעפירט ווערן. און ער ענטפערט דערויף: „וועלן מיר צו וויסן געבן באָהונען—און דו פאָר נישט, ווייל דאָרט זענען די ליאַכן". כ'האָב זיך גענומען אַמפּערן, ער האָט זיך אויך געאַמפּערט מיט מיר, ביז ער האָט זיך צום סוף אָנגערופן: „עס חידושט מיך, וואָס דו האָסט אַזוי מורא צו בלייבן צווישן קאָזאַקן—עי, ביזטו נישט אַמאָל אַ בוגד!" דאָ ערשט האָב איך געזען, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה, ווי צו אַנטלויפן ביינאַכט, ווייל ער האָט מיך שוין אָנגעהויבן חושד צו זיין. אַן אַנגסט האָט מיך באַשלאָגן, מיין האַר. כ'האָב שוין געהאַט אַלץ געגרייט צום וועג, ווי הער פעלקאַ פון קיניגס חיילות איז אָנגעקומען ביינאַכט און אונז מציל געווען.

—הער פעלקאַ?—האָט סקשעטוסקי געפרעגט, פאַרהאַלטנדיק דעם אָטעם.

—אודאי, מיין האַר. אַן אויסגעצייכנטער אויסשפּירער איז דאָס געווען, דער הער פעלקאַ, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג געפאַלן—זאָל אים גאָט געבן אַן אייביקע מנוחה.—כ'ווייס נישט, צי ס'וואָלט עמיצער בעסער פון אים געפירט אַ פאַרפּאָסטן און זיך געדרייט אַרום די פיינטלעכע מחנות—סיידן איין הער וואָלאָדיאַוסקי. איז, הייסט עס, געקומען הער פעלקאַ, דאָניעצס פאַרפּאָסטן פאַרטיליקט, אַז עס איז פון אים קיין שריט-ופליט נישט פאַרבליבן, און דאָניעצן אַליין האָט ער גענומען אין געפאַנגענשאַפט. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט מען אים מיט אָקסן אויף אַ דראָנג אַרויפגעשלעפּט—גוט אויף אים אַזוי! אָבער אויך מיטן הער פעלקאַ האָב איך נישט ווייניק צרות געהאַט, מחמת דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס איז אין צניעות נישט געווען

קיין גרויסער מקפיד... גאָט גיב אים אַן אייביקע מנוחה! כ'האָב שוין מורא געהאַט, אַז דאָס מיידל, נאָכדעם ווי עס האָט אויסגעמיטן אַן עולה מצד די קאָזאַקן, זאָל נישט געפּרווט ווערן מיט נאָך אַ גרעסערער עולה מצד אַן אייגענעם... דאָ האָב איך געזאָגט דעם הער פּעלקאַ, אַז דאָס איז אַ קרובה פון אונזער פּירשט. און ער, דאַרף דער האַר וויסן, אַז ער פלעגט דעם נאָמען פון פּירשט דערמאָנען, פלעגט ער דאָס היטל אַראָפּנעמען, און אַ חוץ דעם האָט ער זיך שטענדיק געקליבן צו אים אויף דינסט... פון דעמאָלט אָן האָט ער דאָס מיידל געשאָנעוועט און אַזש העט ביז זאַמאָשטש, צום קיניג אונז באַגלייט, און דאָרט האָט קסיאָנדז טשעשישאָווסקי (דאָס איז זייער אַ הייליקער קסיאָנדז, מיין האַר) אונז גענומען אונטער זיין אפּוטרופּסות און דאָס פריילין איבערגעגעבן דער האַרין וויטאָווסקאַ.

סקשעטוסקי האָט טיף אָפּגעזיפצט, דערנאָך האָט ער זיך געוואָרפן אויף זשענדזשאַנס האַלז.

—אַ פריינט וועסטו מיר זיין, אַ ברודער, נישט מיין דינער—האָט ער געזאָגט—אָבער איצט לאָמיר שוין פאָרן. ווען האָט די האַרין וויטאָווסקאַ געזאָלט דאָ זיין?

—אַ וואָך נאָך מיר—און עס זענען שוין אַריבער צען טעג... אין צכט טעג איז דער האַר געלעגן אָן באַוווסטזיין.

—לאָמיר פאָרן, לאָמיר פאָרן!—האָט סקשעטוסקי איבערגעחזרט—ווייל איך וועל פון שמחה צעפּלאַצט ווערן.

אָבער ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן, ווי אויפן הויף האָט זיך געלאָזט הערן אַ טופּעריי פון די פענסטער זענען מיט אַמאָל פאַרשאָטנט געוואָרן מיט פערד און מענטשן. דורך די פענסטער האָט סקשעטוסקי דערזען צוערשט דעם אַלטן קסיאָנדז טשעשישאָווסקי, און נעבן אים די אויסגעדאַרטע פּנימער פון הער זאַגלאָבאַ, וואָלאָדיאָווסקי, קושעל און אַנדערע באַקאַנטע צווישן דעם פּירשטס רויטע דראַגונער. עס האָט אָפּגעהילכט אַ פריילעכער אויסגעשריי, און אין אַ ווײַלע אַרום איז אַ מחנה ריטער מיטן קסיאָנדז בראש אַריינגעפאַלן אין שטוב.

—אַ שלום איז געשלאָסן בײַ זבאָראָוו, די באַלאַגערונג איז אַראָפּגענומען!—האָט דער קסיאָנדז אויסגערופֿן.

אָבער סקשעטוסקי האָט זיך דאָס באַלד אַליין אָנגעשטויסן ווען ער האָט דערזען די זבאַראַזשער חברים, און איצט איז ער שוין געווען אײַנגעקלאַמערט אין די אָרעמס פֿון זאַגלאָבאַן און וואָלאָדיאָווסקין, וועלכע האָבן אים כּסדר אײנער נאָכן אַנדערן אַרומגענומען.

—מ׳האָט אונז געזאָגט, אַז דו לעבסט—האָט זאגלאָבאַ געשריגן—אָבער די שמחה איז נאָך גרעסער דערפֿאַר, וואָס מיר זעען דיך אַזוי גיך אַ געזונטן! מיר זענען בכּיון געקומען אַהער נאָך דיר... יאַ! דו ווײסט גאָרנישט ווי דו האָסט דיך קונה-שם געווען—און וואָס פֿאַר אַ שׂכר עס וואַרט אויף דיר!

—דער מלך האָט באַלוינט—האָט דער קסיאָנדז געזאָגט—אָבער דער מלך-המלכים האָט עפּעס בעסערס צוגעטראַכט.

—כ׳ווייס שוין—האָט סקשעטוסקי געענטפֿערט—זאָל אײך גאָט באַלוינען! זשענדזשאַן האָט מיר אַלץ דערציילט.

—און די שמחה האָט דיך נישט דערוואָרגן? בעסער אַזוי! זאָל לעבן סקשעטוסקי, זאָל לעבן די פֿירשטין—האָט זאַגלאָבאַ געשריגן.—און וואָס, יאַ! מיר האָבן וועגן איר מיט קיין פּיפּס נישט דערמאַנט, ווײל מיר האָבן נישט געוווּסט, צי זי לעבט. אָבער דאָס ייִנגל איז מיט איר געשיקט אַנטלאָפֿן. אַ כיטרער פֿוקס! דער פֿירשט וואַרט אויף אײך ביידן.—האַ! אַזש ביזן יאַהאָרליק זענען מיר געפֿאָרן נאָך איר. כ׳האָב דערהרגעט דאָס גיהנום-פּאַרזעניש, וואָס האָט זי געהיטן. עס זענען אַנטלאָפֿן פֿאַר אײך די צוועלף ייִנגלעך, אָבער איצט וועט איר זײ אָנ-יאָגן און איבעריאָגן. כ׳וועל האָבן אײניקלעך, גנעדיקע הערן! זשענדזשאַן, זאָג, האָסטו קיין גרויסע שטערונגען נישט געהאַט? מאָל דיר, אַז די גאַנצע טאָטערישע מחנה האָבן מיר מיטן הער מיכאַל אין צווייען אײנגעהאַלטן. דער ערשטער האָב איך זיך אויף די גאַנצע מחנה געוואָרפֿן! אין לעכער האָבן זײ זיך פֿאַר אונז באַהאַלטן—ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן! הער מיכאַל

האָט זיך אויך גוט געשלאָגן... ווו איז מיין טעכטערל? גיט מיר מיין טעכטערל!

—זאָל דיר גאָט געבן גליק, יאַן! זאָל דיר גאָט געבן גליק!—האָט דער קליינער ריטער געזאָגט, אַרומנעמענדיק אויפסניי סקשעטוסקין.

—זאָל אייך גאָט באַצאָלן פאַר אַלץ, וואָס איר האָט פאַר מיר געטון. עס פעלן מיר אויס ווערטער. מיטן לעבן, מיט מיין בלוט וועל איך אייך נישט באַלוינען!—האָט סקשעטוסקי געענטפערט.

—עס לוינט נישט צו רעדן וועגן דעם!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגערופן.—אַ שלום איז געשלאָסן! אַ שלעכטער שלום, גנעדיקער הער, אָבער פאַרפאַלן. גוט, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט דאָס דאָזיקע פאַרפעסטעטע זבאַראַזש. ס'וועט איצט זיין שלום, גנעדיקע הערן. דאָס איז אונזער אַרבעט און מיין פאַרדינסט, ווייל ווען בורלאַי וואָלט ביז איצט נאָך געלעבט, וואָלטן די אונטערהאַנדלונגען קיין שום פעולה נישט געהאַט. אויף אַ חתונה וועלן מיר פאָרן. גוט, יאַן! האַלט זיך פעסט! דו שטויסט זיך גאָרנישט אָן, וואָס פאַר אַ חתונה-מתנה דער האַר פירשט האָט פאַר דיר! אַן אַנדערש מאָל וועל איך דיר זאָגן, אָבער איצט ווו איז מיין טעכטערל, צום טייוול? גיט מיר אַהער מיין טעכטערל! באַהון וועט זי שוין נישט פאַרכאַפן. גיכער וואָלט אים דער טייוול געכאַפט. ווו איז מיין ליבסט טעכטערל?

—איך האָב זיך גראָד געהאַט געזעצט אויפן פערד אַקעגנצופאָרן דער האַרין פון סאַנדאָמיערזש—האָט סקשעטוסקי געזאָגט—לאָמיר פאָרן, לאָמיר פאָרן, ווייל איך וועל פון זינען אַראָפ.

—היידאַ, גנעדיקע הערן! לאָמיר פאָרן מיט אים צוזאַמען. קיין צייט נישט פאַרלירן! היידאַ!

—די האַרין פון סאַנדאָמיערזש מוז זיין נישט ווייט—האָט דער קסיאָנדז געזאָגט.

—פאָרן מיר!—האָט הער מיכאַל אויסגערופן.

אָבער סקשעטוסקי איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר

און ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן פערד אַזוי לייכט, גאָר־נישט ווי איינער, וואָס איז נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון קראַנקן־בעט. זשענדזשאַן האָט פון אים נישט אָפּגעטרעטן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט בלייבן פּנים־אל־פּנים מיטן קסיאָנדז — און זיי זענען געפאָרן מיטן גאַנצן אימפּעט בראש פון דער גרופּע, און די גאַנצע גרופּע פון שלאַכטשיצעס און רויטע דראַגונער איז געפלויגן אויפן טאָפּאָראָווער וועג, ווי די רויטע מאָן־בלעטער, וואָס ווערן געטראָגן פון אַ ווינט.

— היידאַ! — האָט זאַגלאָבאַ געשריגן, שלאָגנדיק דאָס פערד מיט די פּיאַטעס.

און אַזוי זענען זיי געפלויגן, ביז זיי האָבן אויפן שייד־וועג פון שליאַך דערזען פאַר זיך אַ ריי פון וועגנס און קאָטשן, אַרומגערינגלט פון אַ פּאָר צענדליק פּאַיוקן; אַ פּאָר פון זיי, זעענדיק באַוואָפנטע מענטשן רייטן זיי אַקעגן, האָבן זיך באַלד געלאָזט צו זיי גאַלאָפּ אַ פרעג טון ווער זיי זענען אַזוינס.

— אייגענע, פון קיניגלעכן חייל! — האָט הער זאַגלאָבאַ אַ געשריי געטון. — און ווער פאָרט דאָס דאָרט?

— די האַרין פון סאַנדאָמיערזש! — איז געווען די תשובה.

סקשעטוסקי איז פון פרייד אַזוי גערירט געוואָרן, אַז אַליין נישט וויסנדיק וואָס ער טוט האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט פון פערד און איז געבליבן שטיין, וואַקלענדיק זיך, ביי דער זייט פון שליאַך. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל, און איבער די שלייפן האָבן אים אַראָפּגעטריפט גרויסע שוויס־טראָפּנס, און עס האָט געציטערט דער דאָזיקער ריטער פאַרן גליק מיטן גאַנצן גוף. הער מיכאַל איז אויך אַראָפּגעשפּרונגען פון זאָטל און אַ כאַפּ געטון דעם פאַרחלשטן ריטער אין די אָרעמס.

הינטער זיי זענען אַלע געבליבן שטיין ביי דער זייט פון שליאַך מיט אָפּגעדעקטע קעפּ, און דערווייל האָט זיך די ריי פון די וועגנס און קאָטשן דערנענטערט און גענומען פאַר־ביייפאָרן פאַר זיי. מיט דער האַרין וויטאָווסקאַ זענען געפאָרן נאָך אַ פּאָר דאַמען, וועלכע האָבן פאַרחידושטע געקוקט אויף

די רייטערס, נישט פאַרשטייענדיק וואָס עס באַדייט די דאָזיקע זעלנערישע פּראָצעסיע ביים שליאַך.

צום סוף האָט זיך באַוויזן אַ קאָטש, וואָס איז געווען מער אויסגעפּוצט ווי די אַנדערע; די ריטער האָבן דורך איר עפענע פענסטער דערזען דאָס ערנסטע געזיכט פון דער גרייז-גראָער דאַמע, און נעבן איר דאָס זיסע און שיינע פּנים פון פריילין קורצעוויטש.

—טעכטערל!—האָט זאַגלאָבאַ אַרויסגעפּלאַצט, וואָרפנדיק זיך בלינדערהייט צו דער קאָטש—טעכטערל! סקשעטוסקי איז מיט אונז!... טעכטערל!

עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי: שטיין! שטיין! ס'איז געוואָרן אַ גערודער און אַ צעמישעניש. דערווייל האָבן קושעל און וואָלאָדיאָווסקי געפירט, און בעסער געזאָגט געשלעפּט סקשעטוסקין צו דער קאָטש, און ער איז פאַר־חלשט געוואָרן אינגאַנצן און זיי וואָס אַמאָל מער אַראָפּגעשוווערט. דער קאָפּ האָט אים אַראָפּגעהאנגען אויף די ברוסט און ער האָט שוין נישט געקאָנט גיין, ביז ער איז צום סוף אַנידערגעפאַלן אויף די קני ביי די שטיגן פון דער קאָטש.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָבן די שטאַרקע און זיסע אָרעמס פון פריילין קורצעוויטש אונטערגעהאַלטן דעם פאַר-חלשטן און צעווייטאָקטן קאָפּ פון ריטער.

און זאַגלאָבאַ, זעענדיק די פאַרחידושטקייט פון דער סענ-דאָמיערזשער האַרין, האָט אויסגערופן:

—דאָס איז סקשעטוסקי, דער העלד פון זבאַראַזש. ער האָט זיך דאָס דורכגעריסן דורך די שונאים, ער האָט מציל געווען די חיילות, דעם פירשט, די גאַנצע רעפּובליק! זאָל זיי גאָט בענטשן און זאָלן זיי לעבן!

—זאָלן זיי לעבן! זאָלן זיי לעבן!—האָט די שלאַכטע אויס-גערופן.

—זאָלן זיי לעבן!—האָבן איבערגעחזרט דעם פירשטס דראַ-גונער, אַז אַ דונער האָט אַזש אָפּגעהילכט איבער די טאָפּאָראָ-ווער פעלדער...

—קיין טאַרנאָפּאָל! צום פירשט! אויף אַ חתונה!—האָט זאַגלאָבאַ אויסגעשריגן—און וואָס טעכטערל! ס'איז געקומען אַ סוף צו דיין ביטער מזל!... און באָהונס סוף וועט זיין אַ תליה און אַ שווערד!

קסיאָנדז טשעשישאָווסקיס אויגן זענען געווען געהויבן צום הימל און אַ באַגייסטערטער האָט ער געשעפּטשעט די וואונדערבאַרע ווערטער:

—די, וואָס האָבן פאַרזייט מיט טרערן, וועלן שניידן מיט געזאַנג...

מ'האָט אַוועקגעזעצט סקשעטוסקין אין דער קאָטש נעבן דער פירשטין—און די מחנה האָט זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אריין.—דער טאָג איז געווען אַ וואונדערבאַרער, אַ לויטערער, די וועלדער און פעלדער האָבן זיך געבאָדן אין זון-ליכט. אונטן, אויף די טאָליקע פעלדער און העכער, איבער די טאָליקע פעלדער און נאָך העכער, אין דער בלאָלעכער לופט זענען געשווומען דאָ און דאָרט זילבערנע פעדעמלעך פון שפינוועבעכץ, וועלכע באַדעקן אין שפעט-האַרבסט ווי מיט אַ שניי די דאָרטיקע פעלדער. און אַ גרויסע רואיקייט איז געווען אויסגעגאָסן אין דער גאַנצער סביבה, בלויז די פערד פון דער מחנה האָבן לעבעדיק געכראָפּעט.

—הער מיכאַל—האט זאַגלאָבאַ געזאָגט, אָנקלאַפּנדיק מיט זיינע שפּאָרנס אין וואָלאָדיאָווסקיס שפּאָרנס:—עפּעס האָט מיך ווידער אָנגעכאַפּט פאַרן גאָרגל און האַלט מיך, ווי אַנומעלט, ווען הער פּאָדביפּיענטאַ—אַן אייביקע רו זאָל ער האָבן!—איז אַרויסגעגאַנגען פון זבאַראַזש: אבער ווען איך טראַכט, אַז די דאָזיקע צוויי האָבן זיך סוף כל סוף צונויפגעטראָפן, ווערט מיר אַזוי גרינג אויפן האַרצן, גלייך ווי איך וואלט אין איין אָטעם אַ קוואָרט וויין אויסגעטרונקען. אויב דיר וועט זיך אויך נישט מאַכן עפּעס אַ זווג, וועלן מיר אויף דער עלטער זייערע קינדער האָדעווען. יעדער ווערט צו עפּעס אַנדערש געבוירן, הער מיכאַל, און מירביידע טויגן אפנים בעסער צו מלחמה איידער צו חתונה-האָבן.

דער קלײנער ריטער האָט גאָרנישט געענטפערט, ער האט נאָר גענומען שטאַרקער באַװעגן מיט די װאָנסעלעך, װי געװײנלעך.

זײ זענען געפאָרן קײן טאָפּאָראָװ און פון דאָרט קײן טאַרנאָפּאָל, װו זײ האָבן זיך געזאָלט פאַרײניקן מיטן פירשט און צוזאַמען מיט זײנע פּאָלקן אַװעק קײן זבאַראַזש אויף די חתונה.

אויפן װעג האָט זאַגלאָבאַ דערצײלט דער האַרין פון סאַנדאָמיערזש, װאָס עס האָט זיך אין די לעצטע צײטן פאַרלאָפן. זי האָט זיך דערװוּסט, אַז דער קיניג האָט נאָך אַ מערדערלעכער שלאַכט בײ זבאָראָװ, װעלכע האט לטובת קײן שום צד נישט מכריע געװען, געשלאָסן מיטן כאַן אַן אָפּמאַך, װאָס איז אפילו נישט זײער גינסטיק, ער פאַרזיכערט אָבער, על-כל-פנים אויף אַ געװיסע צײט, רו דער רעפּובליק. אויפן יסוד פון אָפּמאַך איז כמעלניצקי װײטער געבליבן העטמאַן און געהאַט דאָס רעכט פון די אומגעהײערע מחנות פון המון זיך אויסצוקלײבן פערציק טויזנט רעגיסטרירטע, און פאַר דער דאָזיקער הנחה האָט ער צוגעשװוירן טרײקײט און געהאָרכזאַמקײט דעם קיניג און די שטאַנדן.

— ס'איז קלאָר—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—אַז עס װעט װידער קומען צו אַ מלחמה מיט כמעלניצקין, אויב אָבער די קאָמאַנדע װעט אונזער פירשט נישט מײדן, װעט דאָס אַלץ זיך אַנדערש אויסלאָזן...

—דערצײלט-זשע דעם הער סקשעטוסקין דעם עיקר—האָט געזאָגט דער קלײנער ריטער, צורוקנדיק זיך נענטער מיטן פערד.

— אמת—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט—כ'האָב געװאָלט באַלד דערפון אָנהײבן, אָבער מיר האָבן דאָך ביז איצט דעם אָטעם נישט געקאָנט כאַפּן. דו װײסט גאָרנישט, יאַן, װאָס עס איז געשען נאָך דײן אַװעקגײן: אַז באָהון איז אין געפאַנגנשאַפט בײם פירשט.

סקשעטוסקי און פרײלײן קורצעװיטש האָבן זיך איבער דער דאָזיקער אומגעריכטער ידיעה אַזױ װײט פאַרחידושט, אַז

זיי האָבן קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן—נאָר זי האָט צענומען די הענט—און אַ ווײַלע האָט אָנגעהאַלטן אַ שטיל-שווייגן—דערנאָך ערשט האט סקשעטוסקי געפרעגט:

—ס'טייטש? ווי אַזוי?

—אַן אצבע-אלהים איז עס—האט זאַגלאָבאַ געענטפערט--נישט עפּעס אַנדערש, נאָר אַן אצבע-אלהים—דער אָפּמאַך איז שוין גע-ווען געשלאָסן און מיר זענען גראָד אַרויסגעגאַנגען פון דעם פאַרפעסטיקטן זבאַראַזש, און דער פירשט האָט מיט די רייטער זיך אַ לאָז-געטון אויפן לינקן פליגל אַכטונג געבן, אַז די טאָ-טערס זאָלן דאָס חייל נישט באַפאַלן... ווייל ווי געוויינלעך היטן זיי אָפּט נישט אָפּ די אָפּמאַכן... מיט אַמאָל האט אַ מחנה פון אַ דריי הונדערט קאָזאַקישע רייטער זיך אַ וואָרף געטון אויפן פירשטס גאַנצן רייטער-פאָלק.

—איין באָהון האָט אַזאַ זאַך געקאָנט אויספירן!—האָט סקשעטוסקי אויסגערופן.

—ער איז עס טאַקע געווען. אָבער נישט זבאַראַזשער זעלנער וועלן קאָזאַקן קאָנען בייקומען. הער מיכאַל האט זיי תיכף אַרומגערינגלט און אויסגעקוילעט ביז איינעם, און באָהון, וועלכער איז צוויי מאָל דורך אים געשניטן געוואָרן, איז גע-נומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. ער האט נישט קיין הצלחה צום הער מיכאַל און ער האָט זיך שוין אַליין געמוזט אין דעם איבערצייגן, ווייל ער האט גראָד דריי מאָל געפרווט. אָבער ער האט זיך אויך אויף עפּעס אַנדערש, אַ חוץ דעם טויט, נישט געריכט.

—ס'האט זיך אַרויסגעשטעלט—האָט הער וואָלאָדיאָווסקי צוגעגעבן—אַז באָהון האָט דוקא געוואָלט פון וואָלאַדינקאַ קיין זבאַראַזש אָנשפאַרן, מחמת דעם אָבער, וואָס דער וועג איז גע-ווען אַ לאַנגער, האט ער נישט באַוויזן אָנצוקומען צו דער רעכטער צייט, און ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז עס איז שוין געשלאָסן דער שלום, איז ער פון רציחה צעמישט גע-וואָרן און ער האָט שוין אויף קיין זיך שום זיך נישט געקוקט.

—ווער עס האַלט מלחמה מיט דער שווערד, דער מוז פון

דער שווערד אומקומען, אַזוי איז שוין דער מזל פון אַ זעלנער—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.—דאָס איז אַ משוגע-ווילדער קאָזאַק און זיין משוגעת איז נאָך גרעסער דערפאַר, וואָס דאָס לעבן איז אים נמאס געוואָרן. אַ מוראדיקער טומל האָט זיך אויפגעהויבן צוליב אים צווישן אונז און די רשעים. מיר האָבן געמיינט, אַז עס וועט ווידער קומען צו אַ מלחמה, ווייל דער פירשט האָט דער ערשטער געשריגן, אַז זיי האָבן עובר געווען אויפן אָפּמאַך. כמעלניצקי האָט לכתחילה געוואָלט באַהונען מציל זיין, אָבער דער כאַן האָט זיך אויף אים געבייזערט און געזאָגט: „מיין וואָרט און מיין שבועה האָסטו געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט". און כמעלניצקין האָט דער כאַן געסטראַשעט מיט אַ מלחמה און צו אונזער פירשט האָט ער צוגעשיקט אַ שליח מיט דער מיטטיילונג, אַז באַהון איז אַ פּריוואַטער רוצח, און מיט דער בקשה, אַז דער פירשט זאָל די זאַך נישט נעמען ערנסט און אַז ער זאָל זיך מיט באַהונען באַגיין ווי מיט אַ רוצח. אַ סברא, אַז דעם כאַן איז אויך געגאַנגען וועגן דעם, אַז די טאָטערס זאָלן קאָנען אַוועקפירן די געפאַנגענע, וועלכע זיי האָבן אַזוי פיל אָנגעקליבן, אַז אַ פייער וועט מען פאַר אַ שיבוש קענען קויפן אין סטאַמבול.

—וואָס האָט דער פירשט געטון מיט באַהונען?—האָט סקשעטוסקי אומרואיק געפרעגט.

—תחילת האָט דער פירשט געהייסן אָפּשניצן פאַר אים אַ דרענגל, אָבער ער האט זיך שפּעטער מיישב געווען און אַזוי געזאָגט: איך שענק אים אַוועק סקשעטוסקין, זאָל ער מיט אים מאַכן, וואָס ער וויל. איצט זיצט דער קאָזאַק אין טאַרנאָפּאָל אונטער דער ערד; אַ רופא פאַרבינדט אים דעם קאָפּ. גאָט מיינער, וויפיל מאָל האט שוין די נשמה געדאַרפט פון אים אַרויספליען. פון קיין שום וואָלף האָבן נאָך די הינט אַזוי נישט געשינדן די הויט, ווי מיר פון אים. הער מיכאַל אַליין האָט אים דריי מאָל צעביסן. אָבער אַ שווערער בעל-דבר איז דאָס, הגם, דעם אמת געזאָגט, אויך אַ גרויסער שלימזל. זאָל אים דאָרט דער טייוול נעמען! כ'האָב שוין אויף אים נישט קיין

שום תרעומות, הגם ער האָט זיך שרעקלעך פאַרלייגט אויף מיין לעבן, און דאָס אומשולדיק, וואָרום איך האָב געטרונקען מיט אים, זיך געחברט מיט אים ווי מיט מיינס גלייכן, ביז ער האָט אויף דיר, טעלטערל, די האַנט נישט אויפגעהויבן. כ׳האָב אים אויך געקאָנט אין ראָזלאָגי דערשטעכן... אָבער איך ווייס שוין פון לאַנג אָן, אַז עס איז נישטאָ קיין דאַנקבאַרקייט אויף דער וועלט און זעלטן איינער באַצאָלט מיט גוטס פאַר גוטס. זאָל אים דאָרט!...

דאָ האָט הער זאַגלאָבאַ גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ...

—און וואָס וועסטו מיט אים מאַכן, יאַן?—האט ער געפרעגט,—די זעלנער זאָגן, אַז דו וועסט פון אים מאַכן אַ קו-טשער, ווייל ער איז אַ היפּשער יינג, אָבער עס ווילט זיך מיר נישט גלויבן, אַז דו זאָלסט זיך אַזוי באַגיין.

—איך וועל דאָס אודאי נישט טון—האָט סקשעטוסקי גע-ענטפערט.—דאָס איז אַ זייער העלדישער זעלנער, און ווייל ער איז אומגליקלעך וועל איך אים ערשט רעכט מיט קיין שום פויערישע פונקציע נישט מבזה זיין.

—זאָל אים גאָט אַלץ מוחל זיין—האָט די פירשטין גע-זאָגט.

—אמן!—האָט זאַגלאָבאַ געזאָגט.—ער בעט זיך ביים טויט, ווי ביי אַ מאַמע, אַז ער זאָל אים צונעמען... און ער וואָלט אים זיכער געווען געפונען, ווען ער וואָלט ביי זבאַראַזש זיך נישט געווען פאַרשפעטיקן.

אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן, פאַרטראַכטנדיק זיך איבער דעם מזל און זיינע גלגולים, ביז עס האָט זיך פון דערווייטנס באַוויזן גראַבאָווע, אין וועלכער זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די ערשטע פּאַשע. זיי האָבן דאָרט געטראָפן אַ מאַסע זעלנער, וואָס האָבן צוריקגעקערט פון זבאַראָוו. עס איז אויך געקומען דער האַר קאַשטעלאַן פון סאַנדאָמיערזש, וויטאָווסקי, וועלכער איז מיט אַ פּאָלק אָקעגנגעפאָרן זיין פרוי, און דער האַר סטאַ-ראָסטע פון קראַסנאָסטאַוו און דער האַר פשיעמסקי—און אַ סך שלאַכטשיצעס, וואָס האבן דאָרט־אַרום צוריקגעקערט אין זייערע

היימען. דער הויף אין גראַבאָווע איז געווען פאַרברענט, אַזוי ווי אַלע אַנדערע בנינים, אַזוי אָבער ווי דער טאָג איז געווען אַ וווּנדערבאַרער, אַ שטילער און אַ וואַרעמער, האָבן זיך אַלע, נישט זוכנדיק קיין דאַך איבערן קאָפּ, צעלייגט אין וועלדל אונטערן הוילן הימל. מ'האָט אויך געבראַכט גרויסע זאַפּאַסן פון עסנוואַרג און משקאות, און די דינער האָבן זיך דריבער באַלד גענומען לעבעדיק צוגרייטן אָוונט-ברויט. דער סאַנדאָמיערזשער האַר האָט געהייסן אויפשלאָגן אַ פּאָר געצעלטן אין וועלדל פאַר די פרויען און הויכע באַאַמטע און זיך אָפּגעשטעלט ווי אַן אמתער לאַגער. די ריטער האָבן זיך צונויפגעקליבן פאַר די געצעלטן, ווילנדיק קוקן אויף די פירשטין און אויף סקשעטוסקין. אַנדערע האָבן געשמועסט וועגן דער פאַרגאַנגענער מלחמה; די, וואָס זענען נישט געווען ביי זבאַראַזש, נאָר ביי זבאָראָוו, האָבן אויסגעפרעגט דעם פירשטס זעלנער וועגן פרטים פון דער באַלאַגערונג—און טומלדיק איז געווען און פריילעך, בפרט, אַז גאָט האָט געגעבן אַזאַ שיינעם טאָג.

דער ראש-המדברים צווישן דער שלאַכטע איז געווען הער זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט צום טויזנטסטן מאָל דערציילט, ווי אַזוי ער האָט בורלאַין דערהרגעט—און זשענדזשאַן צווישן די דינער, וועלכע האָבן צוגעגרייט דאָס מאָלצייט. אָבער דאָס פיפיקע יינגל האָט אויסגעפאַסט אַ שעת-הכושר און אַוועקרופנדיק סקשעטוסקין אַ ביסל אין אַ זייט, האָט ער זיך פאַר אים אַראָפּגעלאָזט הכנעהדיק צו די פיס.

—מיין האַר—האָט ער געזאָגט—איך וואָלט אויך וועלן בעטן אַ טובה ביים האַר.

—ס'וואָלט מיר שווער געווען דיר עפּעס אָפּצוזאָגן—האָט הער סקשעטוסקי געענטפערט—וייל דורך דיר איז דאָס בעסטע געשען.

—איך האב באַלד פאַרשטאַנען—האָט דאָס יינגל געזאָגט—אַז דער האַר האָט צוגעטראַכט פאַר מיר עפּעס אַ שכר.

—זאָג, וואָס ווילסטו?

זשענדזשאַנס דיקע פּנים איז פאַרכמאַרעט געוואָרן, און

פון די אויגן האָט אַרויסגעשלאָגן אַ שנאה און אַ פאַרביסנקייט.

—נאָר איין טובה בעט איך, מער וויל איך גאָרנישט— האָט ער געזאָגט—זאָל מיר דער האַר שענקען באַהונען.

—באַהונען?—האָט סקשעטוסקי אַ פאַרחידושטער געפרעגט— וואָס ווילסטו דען מיט אים מאַכן?

—איך וועל שוין, מיין האַר, אויסקלערן, אַז מיינס זאָל נישט פאַרפאַלן ווערן און אַז עס זאָל אים מיט אַן עודף באַצאָלט ווערן דערפאַר, וואָס ער האָט מיך אין טשעכרין מבזה געווען. איך וויס, אַז דער האַר וועט אים זיכער הייסן אומברענגען—וויל איך אים פריער מקיים-פסק זיין!

סקשעטוסקיס ברעמען האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן.

—דאָס קאָן נישט זיין!—האָט ער אַנטשלאָסן געזאָגט.

—אָ, גאָט מיינער! כ'וואָלט בעסער וועלן אומקומען—האָט זשענדזשאַן יאָמערלעך אויסגערופן.—זאָל איך האָבן דערלעבט, אַז דער שאַנד-פלעק זאָל אויף מיר אייביק קלעפן!

—פאַרלאַנג, וואָס דו ווילסט—האָט סקשעטוסקי געזאָגט— איך וועל דיר גאָרנישט אָפּזאָגן, אָבער דאָס קאָן נישט זיין. לייג עס דיר גוט איבער, פרעג דיינע אבות, צי עס איז נישט מער חטא מקיים צו זיין אַזאַ נדר, איידער אים מבטל צו מאַכן. צו גאָטס שטראָפנדיקע האַנט זאָלסטו דיינע נישט צולייגן, כּדי דו זאָלסט אויך נישט באַקומען. שעם דיך, זשענדזשאַן! דער דאָזיקער מענטש בעט אַזוי אויף דעם טויט ביי גאָט—און דערצו איז ער נאָך פאַרוווּנדעט און געבונדן. וואָסזשע ווילסטו זיין תלין זיין? שוין-זשע וועסטו אַ געבונדענעם שענדן, אָדער אַ פאַרוווּנדעטן דערהרגענען?—ביזטו דען אַ טאָטער, אָדער אַ קאָזאַקישער מורד? ביי מיין לעבן וועל איך דאָס נישט צולאָזן, און דו זאָלסט מיר מער וועגן דעם נישט דערמאָנען.

אין יאַנס קול איז געווען אַזוי פיל קראַפט און ווילן, אַז דאָס יינגל האָט מיט אַמאָל פאַרלוירן יעדע האָפענונג, ער האָט דעריבער נאָר געזאָגט מיט אַ וויינענדיקער שטים:

—אַז ער איז געזונט, קאָן ער זיך אַן עצה געבן מיט

אַזעלכע צוויי ווי איך, און אַז ער איז קראַנק, טאָר איך זיך אין אים נישט נוקם זיין—ווען-זשע וועל איך אים באַצאָלן פאַר מיינע עוולות?

—נקמה לאָז איבער פאַר גאָט—האָס סקשעטוסקי געזאָגט.

דאָס יינגל האָט אויפגעמאַכט דאָס מויל, ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, וועגן עפּעס זיך פרעגן, אָבער הער יאַן האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק צו די געצעלטן, פאַר וועלכע עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ סך ריטער. אין דער מיט איז געזעסן די האַרין וויטאָווסקאַ, און נעבן איר די פירשטין, און אַרום זיי די ריטערס. פאַר זיי, אַ ביסל אָפּגערוקט, איז מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ געשטאַנען הער זאַגלאָבאַ, וועלכער האָט דערציילט פאַר די, וואָס זענען געווען נאָר ביי זבאַראָוו, וועגן דער באַלאַגערונג פון זבאַראַזש. אַלע האָבן זיך צו אים צוגעהערט, פאַרהאַלטנדיק דעם אָטעם אין דער ברוסט—די פנימער האָבן זיך געביטן פון גערירטקייט און די, וואָס זענען דאָרט נישט געווען, האָבן מיט פאַרדרוס געטראַכט וועגן דעם, וואָס זיי זענען נישט געווען. הער יאַן האָט זיך געזעצט נעבן דער פירשטין און אָננעמענדיק איר האַנט האָט ער זי צוגעדריקט צו די ליפּן, און דערנאָך האָבן זיי זיך צוגערוקט האַרט זיינער צום צווייטן און געזעסן רואיק. די זון האָט שוין אַראָפּגענידערט פון הימל—און ביסלעכווייז האָט צוגערוקט דער אָוונט. סקשעטוסקי האט זיך אויך צוגעהערט, גלייך ווי ער וואָלט געהערט עפּעס נייעס. הער זאַגלאָבאַ האט אָפּגעווישט די טשוכרינע און זיין שטים האָט געקלונגען וואָס אַמאָל שטאַרקער... דער פרישער זכרון, אָדער די פאַנטאַזיע האָט אַוועקגעשטעלט נאָר די אויגן פון די ריטער די בלוטיקע בילדער: זיי האָבן געזען דעם גראָבן ווי מיט אים אַרומגערינגלט און די ווילדע שטורמס; זיי האָבן געהערט די קולות און די יללות און דאָס קנאַלן פון די האַרמאַטן און פון די ביקסן, זיי האָבן געזען דעם פירשט אין זילבערנע בלאַכן אויפן גראָבן—צווישן אַ האָגל פון קוילן... דערנאָך די נויט, דער הונגער, יענע רויטע נעכט, אין וועלכע דער טויט האָט ווי אַן אומהדיקער גרויסער פויגל

זיך געדרייט איבערן גראָבן... הער פּאָדביפּיענטאַס אַרויסגיין, סקשעטוסקיס... און אַלע האָבן זיך איינגעהערט, אויפהייבנדיק אָפּטמאָל די אויגן צום הימל, אָדער אָנכאַפּנדיק די הענטלעך פון די שווערדן, און הער זאַגלאָבאַ האָט אַזוי אויסגעלאָזט:

—איין קבר איז דאָס איצט, איין גרויסער באַרג אַש, און אויב אונטער אים ליגט נישט דער רום פון דער רעפּובליק און דאָס שענסטע און בעסטע פון די ריטער, און דער פירשט וואַיעוואָדע, און איך און מיר אַלע, וועלכע די קאָזאַקן אַליין האָבן גערופן זבאַראַזשער לייבן—איז דאָס אים צו פאַרדאַנקען!

ביי די דאָזיקע ווערטער, האָט הער זאַגלאָבאַ אָנגעוויזן אויף סקשעטוסקין.

—ווי איר זעט אונז לעבעדיקע, אַזוי איז עס!—האָבן אויסגעשריגן מאַרעק סאָביעסקי און הער פּשיעמסקי.

—אַ לויב אים! כבוד און דאַנק!—האָבן שטאַרקע ריטער-לעכע שטימען געגומען רופן.—זאָל לעבן סקשעטוסקי! זאָל לעבן דאָס יונגע פּאָר! זאָל לעבן דער העלד!—האָט מען וואָס אַמאָל שטאַרקער גערופן.

אַ התלהבות האָט אַרומגענומען אַלע פאַרזאַמלטע. אַ טייל זענען געלאָפן נאָך בעכערס, אַנדערע האָבן געוואָרפן די היט-לעך אין דער הויך. די זעלנער האָבן גענומען קלינגען מיט די שווערדן—און באַלד האָט זיך געלאָזט הערן איין אַלגעמיינער הויכער אויסגעשריי:

—אַ לויב! אַ לויב! זאָל לעבן! זאָל לעבן!

סקשעטוסקי, ווי אַן אמתער קריסטלעכער ריטער, האָט הכנעהדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ—אָבער די פירשטין האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט אָפּגעטרייסלט די צעפּ, אַ רויטקייט האָט אַרויסגעשלאָגן אויף איר פּנים און פון די אויגן האָט אַרויסגע-שטראַלט אַ שטאָלץ, ווייל דער דאָזיקער ריטער האָט געזאָלט זיין איר מאַן- און דער רום פון מאַן פאַלט אויפן ווייב, ווי דאָס ליכט פון דער זון אויף דער ערד.

---

שוין שפּעט אין דער נאַכֿט זענען זיך די פֿאַרזאַמלטע פֿאַנאַנדערגעפֿאָרן אין צוויי זייטן. די הערן וויטאָווסקיס, הער פּשיעמסקי און דער קראַסנאָסטאַווער סטאַראָסטע האָבן מיט די פֿאָלקן זיך געלאָזט אין דער ריכֿטונג פֿון טאָפּאָראָוו, און סקשע-טוסקי מיט דער פֿירשטין און וואָלאָדיאָווסקיס פֿאָלק קיין טאַר-נאָפּאָל. די נאַכֿט איז געווען אַזאַ לויטערע, ווי דער טאָג. חמרים פֿון שטערנס האָבן געפֿינקלט אויפֿן הימל. די לבנה איז אויפֿגעגאַנגען און באַלויכֿטן די מיט שפּין-וועבעכֿץ באַדעקטע פֿעלדער. די זעלנער האָבן גענומען זינגען; דערנאָך האָט זיך אַ ווייסער דאַמף אויפֿגעהויבן פֿון די לאָנקעס און די געגנט האָט באַקומען אַ פּנים פֿון איין געוואַלטיקער אָזערע, באַלויכֿטן מיטן שיין פֿון דער לבנה.

אין אַזאַ נאַכֿט איז סקשעטוסקי אַנומעלט אַרויסגעגאַנגען פֿון זבאַראַזש און אין אַזאַ נאַכֿט האָט ער איצט געשפּירט דאָס קלאַפּן פֿון פֿריילין קורצעוויטשעס האַרץ נעבן זיין האַרץ.

# עפּילאָג.

אָבער די געשיכטלעכע טראַגעדיע האט זיך נישט פאַרענדיקט נישט ביי זבעראַזש און נישט ביי זבאָראָוו, און עס האָט זיך אפילו דאָרט נישט פאַרענדיקט איר ערשטער אַקט. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט זיך ווידער דאָס גאַנצע קאָזאַקישע פאָלק אַ ריס געטון צו אַ מלחמה מיט דער רעפּובליק. ס'איז אויפגעשטאַנען כמעלניצקי נאָך אַ שטאַרקערער ווי ווען-עס-איז, און מיט אים איז געגאַנגען דער כאַן פון אַלע טאָטערישע חיילות—און דיזעלבע פירער, וועלכע האבן זיך שוין ביי זבאַראַזש געשלאָגן: דער ווילדער טוהאַי-בעי, און אורום-מורזשאַ, און אַרטימגירעי, און נוראַדין, און גאַלגאַ, און אַמוראט און סובאַגאַזי. פייערדיקע סלופּעס, מענטשלעכע קרעכצן זענען געגאַנגען פאַר זיי—טויזנטער זעלנער האבן באַדעקט די פעלדער, פול-געמאַכט די וועלדער, אַ האַלב מיליאָן מיילער האָבן אַרויסגעגעבן מלחמה-אויסגעשרייען—און עס האט זיך געדוכט די מענטשן, אַז ס'איז געקומען אַן עק צו דער רעפּובליק.

אָבער אויך די רעפּובליק האט זיך אויפגעוועקט פון איר פאַרשלאָפנקייט, האָט איבערגעריסן מיט דער אַלטער פּאָליטיק פון קאַנצלער, מיט די אָפּמאַכן, מיט די אונטערהאַנדלונגען. מ'האָט שוין געוווסט, אַז נאָר די שווערד קאָן גאַראַנטירן אַ לענגערע מנוחה און דעריבער, ווען דער קיניג האָט זיך אַ לאָז-געטון אַקעגן דער פאַרפלייצונג פון די שונאים, זענען מיט אים מיטגעגאַנגען הונדערט טויזנט מאַן פון חייל און שלאַכטע, אַ חוץ די ווימלדיקע מחנות פון דינער און וואָפנטרעגער.

קיינער האט נישט געפעלט פון די פּערזאָנען, וואָס גייען אריין אין די דאָזיקע דערציילונג. ס'איז געווען פירשט יערע-

מי ווישניאָוויעצקי מיט זיין גאַנצער דיוויזיע, אין וועלכער עס האָבן ווי פריער געדינט סקשעטוסקי און וואָלאָדיאָווסקי מיטן פרייווילליקן זאַגלאָבאַ; עס זענען געווען די ביידע העטמאַנס פּאָ-טאָצקי און קאַלינאָווסקי, וועלכע זענען אין דער צייט שוין געווען אויסגעלייזט פון דער טאָטערישער געפאַנגענשאַפט. ס'איז אויך געווען פּאָלקאָווניק סטעפאַן טשאַרנעצקי, דער שפּעטערדי-קער מלאך-המות פון שוועדישן קיניג קאַרל גוסטאַוו, און הער פשיעמסקי, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַלע האַרמאַטן, און גענעראַל אובאַלד, און הער אַרצישעווסקי, און דער הער סטאַ-ראָסטע פון קראַסנאָסטאַוו און זיין ברודער דער יאַוואָראָווער סטאַראָסטע, דער שפּעטערדיקער קיניג יאַן III, און לודוויק ווייכער דער וואָיעוואָדע פון פּאָמערן, און יאַקוב דער וואָיע-וואָדע פון מאַלבאָרג, און כאָראָנזשי קאָניעצפּאָלסקי, און פירשט דאָמיניק זאַסלאַווסקי, און די ביסקופן, און די קרוין-באַאַמטע און די סענאַטאָרן—די גאַנצע רעפּובליק, מיט איר הויפּט-מנהיג דעם קיניג.

אויף די פעלדער פון בערעסטעטשקאָ האָבן זיך ענדלעך באַגעגנט די דאָזיקע אומגעהייערע מחנות און דאָרט האָט זיך אָפּגעשפּילט איינע פון די גרעסטע שלאַכטן אין דער געשיכטע פון דער וועלט, וואָס מיט איר אָפּקלאַנג האָט געהילכט דאָס גאַנצע דעמאָלטיקע אייראָפּע.

זי האָט געדויערט דריי טעג. אין די ערשטע צוויי טעג האָט זיך דער גורל געוויגט אויף דער וואָגשאָל—אין דעם דריטן איז געקומען צו אַ גענעראַל-שלאַכט, וועלכע האָט מכריע געווען דעם נצחון. אָנגעהויבן יענע שלאַכט האָט פירשט יערעמי.

און מ'האָט אים געזען בראש פון גאַנצן לינקן פליגל, ווי ער האָט אָן אַ פּאַנצער, מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, זיך גע-טראָגן איבערן פעלד ווי אַ ווייכער אַקעגן די געוואַלטיקע מחנות, וואָס זענען באַשטאַנען פון אַלע זאַפּאָראָזשער רייטער, פון אַלע קרימער, נאַהאַיער, ביאַלאָגראָדער טאָטערס, פון די סי-ליסטרישע און רומעליער טערקן, פון אורומבאַלן, יאַנטשאַרן, סערבן, וואָלאַכן, פעריערן און אַנדערע ווילדע קעמפער, וואָס

זענען צונויפגעקליבן געוואָרן פון אוראַל, קאַספּישן ים און מע-אָקיער בלאָטעס, אַזש ביז צום דונאַי.

און פּונקט ווי דער טייך ווערט נעלם פון די אויגן אין די שוימיקע ים-כוואַליעס, אַזוי זענען אויך דעם פירשטס פּאָלקן נעלם געוואָרן פון די אויגן אין דעם דאָזיקן ים פון שונאים. אַ כמאַרע פון שטויב איז אויפגעגאַנגען פון די פעלדער, ווי אַ צעבושעוועט געוויטער, און צוגעדעקט די קעמפנדיקע...

עס האָט געקוקט אויף די דאָזיקע איבערמענטשלעכע שלאַכט דאָס גאַנצע חייל—און דער קיניג, און דער וויצע-קאַנצ-לער לעשטשינסקי האט אויפגעהויבן דעם הייליקן צלם און גע-בענטשט מיט אים די אומקומענדיקע.

בינ-לבינ איז פון דער צווייטער זייט אַקעגנגעקומען דעם קיניגלעכן חייל דער גאַנצער קאָזאַקישער לאַגער, וועלכער האָט געציילט צוויי הונדערט טויזנט מאַן, מיט האַרמאַטן, וואָס האָבן געשפּיגן מיט פייער, ווי אַ ריזיקער שלאַנג, וואָס רוקט זיך פּאַ-מעלעך אַרויס פון די וועלדער.

אָבער נאָך איידער זיי האבן זיך אַרויסגערוקט פון דעם שטויב-וואָלקן, אין וועלכן עס זענען נעלם געוואָרן ווישניאָ-וויעצקיס פּאָלקן, האבן געגומען אַרויספּאַלן רייטער, צוערשט אין די צענדליקער, דערנאָך אין די הונדערטער, דערנאָך אין די טויזנטער, דערנאָך אין די צענדליקער טויזנטער—און טראָגן זיך צו די בערגלעך, אויף וועלכע ס'איז געשטאַנען דער כאַן, אַרומגערינגלט דורך זיינע אויסגעצייכנטע גוואַרדיעס.

די ווילדע מאַסן זענען אַנטלאָפן אין אַ שרעקלעכער מהומה און אומאָרדנונג—די פּוילישע פּאָלקן האָבן זיי נאָכגעיאָגט.

טויזנטער קאָזאַקן און טאָטערס האבן באַדעקט דאָס שלאַכט-פעלד, און צווישן זיי איז געלעגן אויסגעצויגן אַ צעשניטענער אויף צווייען מיט אַ שפּיז, דער פאַרשטיינערטער שונא פון די ליאַכן, און דער געטרייער פאַרבונדעטער פון די קאזאַקן, דער ווילדער און מוטיקער טוהאַי-בעי.

דער שרעקלעכער פירשט האָט טריאומפירט.

אָבער דער קיניג האט מיטן אויג פון אַ פירער באַמערקט

דעם פֿירשטס נצחון און באַשלאָסן צו פֿאַרטיליקן די טאָטערישע מחנות, נאָך איידער דער קאָזאַקישער לאַגער וועט אָנקומען.

עס האָבן זיך אַ לאָז-געטון אַלע חיילות, עס האָבן געקנאַלט אַלע האַרמאַטן, פֿאַנאַנדערטראָגנדיק טויט און בהלה; באַלד איז דעם כאַנס ברודער, דער הערלעכער אַמוראַט, געפֿאַלן געטראָפֿן פֿון אַ קויל אין דער ברוסט. די טאָטערס האָבן געמאַכט יאָמערלעכע קולות. אַ דערשראָקענער און פֿאַרווונדעטער פֿון אָנהייב שלאַכט, האָט דער כאַן אַ קוק געטון אויפֿן פֿעלד. פֿון דער ווייטנס, צווישן די האַרמאַטן און פֿייער, איז געגאַנגען הער פשיעמסקי און דער קיניג אַליין מיט די ראַטגעבער, און פֿון די זייטן האָט די ערד געציטערט אונטער דער משא פֿון די רייטער, וואָס זענען געלאָפֿן צו דער שלאַכט.

דעמאָלט איז איסלאַם-גירעי פֿאַרציטערט געוואָרן—און ער האָט נישט אויסגעהאַלטן און איז אַנטלאָפֿן, און נאָך אים זענען אַנטלאָפֿן אין אומאָרדנונג אַלע טאָטערישע חיילות, און די וואָלאַכן, און די אורומפֿאַלן, און די זאַפּאָראָזשער רייטער, און די סיליסטרישע טערקן און אַלע איבעריקע, ווי עס אַנטלויפֿט אַ כמאַרע פֿאַר אַ וויכֿער.

די אַנטלויפֿנדיקע האָט אָנגעיאָגט דער פֿאַרצווייפֿלטער כמעלניצקי, וועלכער האָט געוואָלט בעטן רחמים ביים כאַן, אַז ער זאָל זיך אומקערן צו דער שלאַכט—אָבער דער כאַן האָט דערזעענדיק אים אַ רעווע-געטון פֿון רציחה, צום סוף האָט ער געהייסן די טאָטערס אים כאַפּן, צובינדן צו אַ פֿערד און ער האָט אים מיטגעשלעפּט.

איצט איז נאָר פֿאַרבליבן דער קאָזאַקישער לאַגער.

דער אָנפֿירער פֿון לאַגער, פּאָלקאָווניק דזשעדזשאַלאַ, האָט נישט געוווּסט, וואָס עס איז געשען מיט כמעלניצקין, אָבער זעענדיק די מפּלה און דאָס חרפּהדיקע אַנטלויפֿן פֿון די טאָטערישע חיילות—האָט ער איינגעהאַלטן דעם מאַרש און צוריקציענדיק זיך מיטן לאַגער זיך פֿאַרקליבן אין די פּלעשאָווער זומפּן.

דערווייל האָט אַ געוויטער זיך אָפּגעריסן אויפֿן הימל און

עס האָבן אַ גאַס-געטון אומגעהייערע רעגן-שטראָמען. „גאָט האָט די ערד אָפּגעוואַשן נאָך דער יוסרדיקער שלאַכט".

די רעגנס האָבן אָנגעהאַלטן אַ פּאָר טעג און אַ פּאָר טעג האָבן גערוט דעם קיניגס חיילות, וואָס זענען געווען פאַרמאַטערט פון די פריערדיקע שלאַכטן—פאַר דער דאָזיקער צייט האָט דער לאַגער זיך אַרומגעגאַרטלט מיט מויערן און זיך פאַר-וואַנדלט אין אַ געוועלטיקער באַוועגלעכער פעסטונג.

ווען דאָס שיינע וועטער האָט זיך ווידער איינגעשטעלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַלאַגערונג—די הונדערלעכסטע, ווײַל מען האָט ווען-עס-איז געזען אין לעבן.

הונדערט טויזנט מאַן פון קיניגלעכן חייל האָבן באַלאַגערט דזשעדזשאַלאַס צוויי-הונדערט-טויזנט-קעפּיקע אַרמיי.

דעם קיניג האָבן געפעלט האַרמאַטן, שפּייז, אַמוניציע—דזשעדזשאַלאַ האָט געהאַט אָן אַ שיעורדיקע סכומים פון פּולווער, כלערליי וואָפן, און אַ חוץ דעם זיבעציק שווערע און לייכטערע האַרמאַטן.

אָבער בראש פון די קיניגלעכע חיילות איז געשטאַנען דער קיניג—די קאָזאַקן האָט געפעלט כמעלניצקי.

די קיניגלעכע חיילות זענען געווען באַלעבט פון פרישן נצחון—די קאָזאַקן האָבן פאַרלוירן דעם בטחון אין זייערע אייגענע כוחות.

עס זענען אַריבער אַ פּאָר טעג—די האָפענונג, אַז כמעלניצקי און דער כאַן וועלן צוריקקערן, איז פאַרשוואונדן.

דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען.

עס זענען געקומען צום קיניג די קאָזאַקישע פּאָלקאָווניקעס און זיך געבייגט פאַר אים, בעטנדיק רחמים, זיי זענען אַרומגעגאַנגען די געצעלטן פון די סענאַטאָרן, זיך געטשעפּעט צו די קליידער, צוזאָגנדיק אפילו פון אונטער דער ערד אַרויסצוקריגן כמעלניצקין און אים איבערצוגעבן דעם קיניג.

יאַן קאַזשימירזשס האַרץ איז רחמנות נישט פרעמד געווען—ער האָט געוואָלט אָפּלאָזן אַהיים דעם המון און דאָס חייל, אַבי מען זאָל אים אַרויסגעבן אַלע עלטסטע, וועלכע ער האָט

באַשלאָסן צו פאַרהאַלטן ביז כמעלניצקי וועט אַרויסגעגעבן ווערן.

אָבער אַזאַ אָפּמאַך איז דוקא נישט געווען באַקוועם פאַר די עלטסטע, וועלכע האָבן פאַר זייערע אומגעהייערע פאַרברעכנס אויף קיין פאַרגעבונג נישט געקאָנט זיך ריכטן.

בעת די אונטערהאַנדלונגען האבן דעריבער ווייטער געדויערט די שלאַכטן, די פאַרצווייפלטע אַרויספאַלן און טאָג-טעגלעך האָט זיך פויליש און קאָזאַקיש בלוט געגאָסן בשפע.

די קאָזאַקן האָבן בייטאָג געקעמפט מיט אַ פאַרצווייפלטן מוט און מסירות-נפש, אָבער ביינאַכט האָבן זיי חמרים-ווייז באַלאַגערט דעם קיניגלעכן לאַגער, בעטנדיק רחמים מיט יאָמערלעכע קולות.

דזשעדזשאַלאַ איז געווען נוטה צו אָפּמאַכן און האָט אַליין געוואָלט ברענגען זיין קאָפּ פאַר אַ קרבן דעם קיניג, אַבי אויסצולייזן דאָס חייל און דאָס פאָלק.

אין קאָזאַקישן לאַגער זענען פונדעסטוועגן אויסגעבראָכן מהומות. אַ טייל האָט געוואָלט זיך אונטערגעבן, אַנדערע זיך פאַרטיידיקן ביז צום טויט, אַלע אָבער האָבן געזוכט עצות, ווי אַזוי זיך אַרויסצוקריגן פון לאַגער.

אָבער אפילו די דרייסטסטע פון זיי האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אומעגלעך.

דער לאַגער איז געווען אַרומגערינגלט מיט טייכלעך און געוואַלטיקע זומפּן. פאַרטיידיקן זיך אין אים האָט מען געקאָנט גאַנצע יאָרן, אָבער אויף צוריקצוציען זיך איז נאָר איין וועג געשטאַנען אָפן—דורך די קיניגלעכע חיילות.

וועגן דאָזיקן וועג האָט קיינער נישט געטראַכט אין לאַגער.

די אונטערהאַנדלונגען, וואָס זענען איבערגעהאַקט געוואָרן דורך שלאַכטן, האָבן זיך פויל געשלעפּט; די מהומות צווישן די קאָזאַקישע מאַסן זענען אויסגעבראָכן וואָס אַמאָל אָפטער. בעת איינער פון אַזעלכע מהומות האָט מען דזשעדזשעלאַן געמאַכט פאַר אויס קאָמענדאַנט און מ'האָט אויסגעקליבן אַ נייעם פירער.

זיין נאָמען האָט אַריינגעהויכט אַ נייעם מוט אין די דער-

לאַגענע קאָזאַקישע נשמות—און אָפּהילכנדיק מיט אַ הויכן ווי־ערקול אין קיניגלעכן לאַגער, האָט ער אין אַ פּאָר ריטערלע־כע הערצער אויפגעוועקט פאַרווישטע זכרונות פון איבערגע־לעבטע ווייטאָקן און אומגליקן.

דער נייער פירער האָט געהייסן באָהון.

שוין פריער האָט ער פאַרנומען אַ הויכן פּאָסטן צווישן די קאָזאַקן אין ראַט און אין דער שלאַכט. אַלע האָבן אָנגע־וויזן אויף אים ווי אויף כמעלניצקיס ממלא-מקומו.

באָהון האָט דער ערשטער פון די קאָזאַקישע פּאָלקאָווני־קעס זיך געשטעלט צוזאַמען מיט די טאָטערס ביי בערע־סטעטשקאָ בראש פון פופציק טויזנט מאַן. ער האָט גענומען אַן אָנטייל אין דער דריי-טאָגיקער שלאַכט פון די רייטער—און אַ פּאַגראָמירטער צוזאַמען מיטן כאַן און זיינע חיילות דורך יע־רעמין האָט ער באַוויזן אַרויסצופירן פון פּאָגראָם אַ גרעסערן טייל פון זיינע כוחות און צו געפינען אַ מקום-מקלט אין לאַ־גער. איצט, נאָך דזשעדזשאַלאַן, האָט די פּאַרטיי פון די האַרט־נעקיקע אים איבערגעגעבן די הויפּט-קאָמאַנדע, האָפנדיק, אַז ער איינער וועט בכוח זיין מציל צו זיין דעם לאַגער און דאָס חייל.

און באמת האָט דער יונגער פירער אפילו נישט געוואָלט הערן וועגן אונטערהאַנדלונגען—ער האָט געגאַרט נאָך שלאַכטן און בלוט-פאַרגיסונג, ווען אפילו ער זאָל אין דעם דאָזיקן בלוט אַליין דערטרונקען ווערן.

אָבער אינגיכן האָט ער זיך איבערצייגט, אַז מיט די דאָ־זיקע מחנות האָט מען אפילו נישט געקאָנט טראַכטן וועגן אַרי־בערגיין מיט אַ באַוואָפנטער האַנט איבער די טויטע קערפּערס פון קיניגלעכן חייל—ער האָט זיך דעריבער געכאַפּט צו אַן אַנדערער תחבולה.

אין דער געשיכטע איז געבליבן דער אָנדענק פון די דאָזיקע אומפּאַרגלייכלעכע אָנשטרענגונגען, וואָס לויט די השגות פון די דעמאָלטיקע מענטשן האָט נאָר אַ ריז געקאָנט זיי אונ־טערנעמען און וועלכע וואָלטן געוועזן קאָנען מציל זיין דאָס מיליטער און דעם המון.

באָהון האָט באַשלאָסן אַריבערצוגיין דורך די אָפּגרונטלאָזע זומפּן פון פּלעשאָוואַ, אָדער בעסער געזאָגט אויסבויען איבער די דאָזיקע זומפּן אַזאַ בריק, איבער וועלכע אַלע באַלאַגערטע זאָלן קאָנען אַריבערגיין.

גאַנצע וועלדער האָבן גענומען פאַלן אונטער די העק פון די קאָזאַקן און זינקען אין די בלאָטעס; מ׳האָט אין זיי געוואָרפן וועגנס, געצעלטן, פעלצן, מאַנטלען — און די בריק איז געוואָרן לענגער מיט יעדן טאָג.

ס׳האָט זיך געדוכט, אַז פאַר דעם דאָזיקן פירער איז נישט פאַראַן קיין אומעגלעכע זאַך.

דער קיניג האָט פאַרשלעפּט דעם שטורם, נישט ווילנדיק פאַרגיסן קיין בלוט, אָבער צוקוקנדיק זיך צו די דאָזיקע געוואַלטיקע אַרבעטן, האָט ער איינגעזען, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדער עצה און ער האָט געהייסן טרומייטערן אין חייל, אַז עס זאָל צום אָוונט זיך גרייטן צו דער ענטגילטיקער שלאַכט.

קיינער האָט נישט געוווסט וועגן דאָזיקן פלאַן אין קאָזאַקישן לאַגער — די בריק איז אין דער גאַנצער פריערדיקער נאַכט נאָך לענגער אויסגעצויגן געוואָרן, און באַגינען איז באָהון בראש פון די עלטסטע אַרויסגעפאָרן באַקוקן די אַרבעטן.

דאָס איז געווען מאָנטאָג, דעם זיבעטן יולי פון 1651 יאָר. דער פריימאָרגן פון יענעם טאָג איז אויפגעשטאַנען אַ בלייכער, גלייך ווי ער וואָלט געווען איבערגעשראָקן, די מזרח־זייט פון הימל איז געווען אַ בלוטיקע, די זון איז אויפגעגאַנגען אַ געלע, אַ קרענקלעכע, עפּעס אַ בלוטיקער אָפּגלאַנץ האָט באַלויכטן די וואַסערן און די וועלדער.

פון די פוילישע לאַגערס האט מען אַרויסגעטריבן די פערד אויף פאַשע; דער קאָזאַקישער לאַגער האָט גערוישט מיט שטימען פון אויפגעוועקטע מענטשן. מ׳האָט אָנגעצונדן פייערס און געגרייט דאָס פרימאָרגן־עסן. אַלע האָבן געזען ווי עס פאָרט אָפּ באָהון, זיינע באַגלייטער און די רייטער, וועלכע גייען נאָך אים, און וואָס מיט זייער הילף האָט ער געוואָלט פאַרטרייבן דעם בראַצלאַווער וואָיעוואָדע, וועלכער האָט פאַרנו-

מען די הינטערשטע טיילן פון קאָזאַקישן לאַגער און קאַליע געמאַכט מיטן האַרמאַטן-פייער די קאָזאַקישע אַרבעטן.

דער המון האָט זיך צום אָפּפאָרן צוגעקוקט רואיק, און אפילו מיט אַ מוט אין האַרצן. טויזנטער אויגן האָבן באַגלייט דעם יונגן פירער און טויזנטער מיילער האָבן אים נאָכגעווונטשן:

—זאָל דיך גאָט בענטשן, סאָקאָל!

דער פירער, זיינע באַגלייטער און די רייטער, וועלכע האָבן זיך איינציקווייז דערווייטערט פון לאַגער, זענען צוגעקומען צום ברעג פון וואַלד, האָבן נאָך אַמאָל אַ בלענד-געטון אין דער פרימאָרגן-זון, און גענומען זיך אַראָפּלאָזן צו די זומפּן.

דאָ האָט עפּעס אַ שרעקלעכע, אימהדוקע שטים אַ געשריי געטון, און גיכער אַ הייל-געטון ביים טויער פון לאַגער:

—מענטשן, ראַטעוועט זיך!

—די עלטסטע אַנטלויפן!—האָבן אַ פּאָר שטימען אויסגעשריגן אויף אַמאָל.

—די עלטסטע אַנטלויפן!—האָבן הונדערטער און טויזנטער שטימען איבערגעחזרט.—אַ געמורמל האָט זיך דורכגעטראָגן דורך די מאַסן, ווי בעת אַ וויכער שלאָגט זיך אַריין אין אַ וואַלד— און באַלד האָט אַ מוראדיקער, אוממענטשלעכער געשריי זיך אַרויסגעריסן פון צוויי הונדערט טויזנט גאָרגלען. „ראַטעוועט זיך! ליאַכן! די עלטסטע אַנטלויפן!” מענטשלעכע מאַסן האָבן זיך באַלד צעפּלייצט, ווי אַ צעבושעוועטער שטראָם. מ'האָט צעטרעטן די פייער-הויפנס, איבערגעקערט וועגנס, געצעלטן, צעשטערט פּלויטן; מ'האָט זיך געדריקט, געשטיקט. די שרעקלעכע בהלה האָט דול געמאַכט אַלעמענס מוחות. חמרים פון קערפּערס האָבן באַלד פאַרשטעלט דעם וועג—מ'האָט דעריבער געטרעטן איבער טויטע גופים צווישן אַ ווילד געשריי, געשטופּ, קולות און יללות. די מאַסן האָבן אַרויסגעפּלייצט פון פּלאַץ, אַרויסגעפאַלן אויף די בריק, אַראָפּגעשטופּט זיך אין די זומפּן, די זינקנדיקע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט קאָנוווּלסיווע באַוועגונגען און היילנדיק צום הימל נאָך רחמים, זענען זיי פאַרפאַלן געוואָרן אין די קאַלטע, באַוועגלעכע בלאָטעס. אויף דער בריק האָט מען זיך

געשלאָגן און געקוילעט וועגן ערטער. די וואַסערן פון פּלעשאָ-וואַ זענען פול געוואָרן מיט קערפּערס. די היסטאָרישע נעמע-זיס האָט מיט בערעסטעטשקאָ שרעקלעך אָפּגעצאָלט פאַר פּי-לאַווצע.

די מוראדיקע קולות האָבן זיך דערטראָגן צו די אויערן פון יונגן פירער און ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען. אָבער אומזיסט האָט ער זיך די אותו-הרגע אומגעקערט צום לאַגער, אומזיסט איז ער מיט הענט, געהויבן צום הימל, אַקעגנגעפלויגן די מאַסן. זיין שטים איז פאַרלוירן געגאַנגען אין געהייל פון די טויזנטער—דער שרעקלעכער שטראָם פון די אַנטלויפנדיקע האָט אים מיטגעריסן צוזאַמען מיטן פערד, באַ-גלייטער און אַלע רייטער—און אים געטראָגן צום תהום.

די קרוין-חיילות זענען פאַרבליפט געוואָרן אויפן אָנבליק פון דער דאָזיקער באַוועגונג, וועלכע אַ סך האָבן אין פלוג אָנ-גענומען פאַר עפּעס אַ פאַרצווייפלטע אַטאַקע—אָבער די אויגן איז שווער געווען נישט צו גלויבן.

מיט אַ פּאָר ווײַלעס שפּעטער, ווען די פאַרוווּנדערונג איז אַריבער, האָבן אַלע פּאָלקן, נישט וואַרטנדיק אפילו אויף באַ-פעלן, זיך אַ לאָז געטון אויפן שונא, און פּאָרנט איז געגאַנגען, ווי אַ וויכער, אַ דראַגונער-פּאָלק, וואָס אין זיין שפּיץ איז גע-פלויגן אַ קליינער פּאָלקאָווניק מיט אַ שווערד איבערן קאָפּ.

און עס איז געקומען אַ טאָג פון צאָרן, פון מפּלות און משפּט... ווער עס איז נישט דערשטיקט געוואָרן, איז אומגעקו-מען פון דער שווערד. די טייכן זענען פאַרפּלייצט געוואָרן מיט בלוט אַזוי, אַז דו האָסט נישט מבחין געווען, צי עס פליסט אין זיי בלוט, אָדער וואַסער. די צעדולטע מאַסן האָבן נאָך אין אַ גרעסערער מהומה גענומען זיך שטיקן און אַראָפּשטופּן אין וואַסער און דערטרינקען... די מוראדיקע וועלדער זענען פול געוואָרן מיטן טויט, וועלכער האָט נאָך שרעקלעכער אין זיי געבושעוועט באַזונדערס דערפאַר, וואָס די מעכטיקע באַנ-דעס האָבן זיך גענומען פאַרטיידיקן מיט אַ ווילדער רציחה. עס זענען געפירט געוואָרן שלאַכטן אויף די בלאָטעס, אין די טאָלן,

אויפן פעלד. דער בראַצלאַווער וואָיעוואָדע האָט אָפּגעשניטן די אַנטלויפנדיקע דעם צוריקצוג. אומזיסט האָט דער קיניג באַפוילן איינצוהאַלטן די זעלנער. דאָס רחמנות איז פאַרשוווּנדן—און די שחיטה האָט אָנגעהאַלטן אַזש ביז נאַכט, אַזאַ שחיטה, וואָס אַזעלכע האָבן נישט געדענקט אפילו די עלטסטע זעלנער און וואָס דערמאַנענדיק זיך אין איר האָבן זיך זיי שפּעטער די האָר אויפן קאָפּ געשטעלט קאַפּויר.

ווען די פינסטערניש האָט צום סוף באַדעקט די ערד, האָבן זיך די זיגער גופא דערשראָקן פאַר זייער ווערק. מ'האָט נישט געזונגען קיין דאַנק-תּפילות, און נישט טרערן פון שׂמחה, נאָר טרערן פון צער און טרויער זענען געפלאָסן פון קיניגס אויגן.

אַזוי האָט זיך אָפּגעשפּילט דער ערשטער אַקט פון דער דראַמע, וואָס איר מחבר איז געווען כמעלניצקי.

אָבער באַהון האָט צוזאַמען מיט אַנדערע זיין קאָפּ נישט פאַרלוירן אין יענעם שרעקלעכן טאָג. אַ טייל האָבן געזאָגט, אַז באַמערקנדיק די מפּלה, האָט ער דער ערשטער זיך מציל געווען דורך אַנטלויפן; אַנדערע, אַז עס האָט אים מציל געווען אַ געוויסער באַקאַנטער ריטער. דעם אמת האָט קיינער נישט געקאָנט דערגיין.

דאָס איינע איז נאָר זיכער, אַז אין די שפּעטערדיקע מלחמות איז זיין נאָמען אָפּטמאָל אַרויפגעשווומען צווישן די נעמען פון די באַרימטסטע קאָזאַקישע מנהיגים. אַ שאָס פון עפּעס אַ נוקם-ונוטרדיקער האַנט האָט אים געטראָפן מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אָבער אויך דעמאָלט איז אויף אים נישט געקו-מען קיין סוף. נאָכן טויט פון פירשט ווישניאָוויעצקי, וועלכער איז געשטאָרבן פון די מלחמה-מאַטערנישן, ווען די לובניער מדינה איז אָפּגעפאַלן פון דער רעפּובליק, האָט באַהון פאַרכאַפּט אַ גרעסערן טייל פון אירע שטחים. מ'האָט געזאָגט, אַז צום סוף האָט ער אפילו כמעלניצקין נישט געוואָלט אָנערקענען איבער זיך. כמעלניצקי אַליין, אַ צעבראָכענער, אַ פאַרשאָלטענער דורכן אייגענעם פאָלק, האָט געזוכט זייטיקע מליץ-יושרס, דער שטאָל-

צער באָהון האָט אָבער אָפּגעוואָרפֿן יעדע שוץ און ער אי גרייט געווען מיט דער שווערד צו פֿאַרטיידיקן זיין קאָזאַקישע פֿרייהייט.

מ׳האָט אויך געזאָגט, אַז אַ שמייכל האָט קיינמאָל נישט גערוט אויף די ליפּן פֿון דאָזיקן אויסטערלישן מענטש. ער האָט געלעבט נישט אין לובני, נאָר אין אַ דערפֿל, וועלכעס ער האָט זיך אויסגעבויט אויף חורבות און וועלכעס האָט געהייסן ראָז-לאָגי. דאָרט זאָל ער אויך האָבן געשטאָרבן.

די ברידער-מלחמות האָבן אים איבערגעלעבט און נאָך לאַנג אָנגעהאַלטן. ס׳איז דערנאָך געקומען אַ מגפה און די שוועדן. די טאָטערס זענען כמעט תמיד געווען געסט אין אוקראַינע, ווו זיי האָבן פֿאַרכאַפּט מאַסן פֿון פֿאָלק אין געפֿאַנגג-שאַפֿט. עס איז חרוב-ומוחרב געוואָרן די רעפּובליק, עס איז חרוב-ומוחרב געוואָרן אוקראַינע. וועלף האָבן געהיילט אויף די חורבות פֿון אַמאָליקע שטעט, און לענדער, וועלכע האָבן אַמאָל געבליט, האָבן אויסגעזען ווי אַ גרויסער בית-עלמין. אַ שנאה האָט זיך איינגעוואַקסן אין די הערצער און פֿאַרסמט דאָס ברי-דערלעכע בלוט.

סוף.

## פאַרלאַג ש. יאַטשקאָווסקי, לעשנאָ 27

### איבערזעצונגען:

גאַבריעלע ד'אַנונציא — דזשיאָוואַני עפּיסקאָפּאָ
(ראָמאַן) פון איטאַליעניש: מאַרק ראַקאָווסקי

וו. דאָראָשעוויטש — לעגענדן און מעשהלעך פון
אריענט פון רוסיש מאַרק ראַקאָווסקי

ע. דע אמיטשיס — דאָס האַרץ
יידיש: שלמה שיינבערג

פ. מ. דאָסטאָיעווסקי — זכרונות פון טויטן הויז
יידיש: א. זילבערמאַן

אַנרי באַרביס — דאָס פייער (טאָגבוך פון אַ ראָטע)
פון פראַנצויזיש: בונם וואַרשאַווסקי

אַ. טורגעניעוו — רודין יידיש א. זאַק

פּיער לאָטי — די פישער פון איסלאַנד (ראָמאַן)
פון פראַנצויזיש: מאַרק ראַקאָווסקי

מאַקסים גאָרקי — דריי (ראָמאַן)
פון רוסיש: מרדכי ביידין

ב. קעלערמאַן — אינגעבאָרג
פון דייטש: מנחם פלאַקסער

העגריק שענקעוויטש — מיט פייער און שווערד
I טייל (ראָמאַן) יידיש: משה בליישטיפט
" II " " " "
" III " " " "
" IV " " " "